יוסף ערליך

# טאָל און באַרג

געזאַמלטע שריפטן

באַנד 2



פאַרלאַג המנורה

תל־אביב תשמ״ב

# א

אין יענע טעג האָבן בייכיקע שיפן און עראָפּלאַנען געברענגט צו די ישראל־ברעגן די יידישע שבטים, וואָס זענען געווען זיך פרעמד אין די מנהגים און שטייגער.

הויכע, ברייטבייניקע באַרג־יידן האָבן דערשטוינט באַטראַכט די שטאָט־יידן וואָס איילן זיך, די נערוועזע, געבוקטע, דערשראָקענע געטאָ־יידן. די און די האָבן דערשטוינט באַטראַכט די מדבר־יידן.

אָבער ביי די אַלע יידן אין די אויגן, ביי אַלע, וואָס האָבן זיך צונויפגעקליבן פון דער גאָרער וועלט, איז אַלץ אַרום זיי געווען פרעמד און ניי. אָבער אַ סך צייט צו שטוינען איז זיי נישט געבליבן. דער ווילן צו לעבן, דער דראַנג צו עקזיסטירן האָט אויך זיי געצוווּנגען טאָן, זיך פאַראייניקן מיטן כלל שעפער.

עס זענען געוואַקסן גרויע, נאַקעטע הייזער־ווענט. די הייזער האָבן זיך פאַררוקט אונטער אַ באַרג־רוקן, אָדער שטיין געבליבן אויף אַ וואַדי־אָפּריס. די נאַקעטע ווענט זענען געווען אָן אַ פּיצל שאָטן און אַכזריותדיק פונאַנדערגעריסן די דורות־פּראַכט פון די ערד־שטחים. די נייע, אויסגעשניטענע אין די בערג און טאָלן וועגן האָבן געקירצט די מרחקים.

הענט, נישט געניטע, צעבריטע פון מי, האָבן געריסן די איינגעוואַקסענע אין דער ערד שטיינער און זיי צונויפגעקליבן. די יידן האָבן געטריי באַאַרבעט די ערד, געוואָלט זי זאָל פאַרנעמען זייערע זוימען, וואָס זיי האָבן אין איר געזייט — זי זאָל געבן חיונה.

די ערד האָט זיך געעקשנט, אַנטקעגנגעשטעלט דעם יידס פּראַצע, זיין נישט געניטקייט. כאָטש זיי זענען אַנגעגאַנגען אין מי און שוויס, האָט די אַכזריותדיקע ערד־אורקראַפט אַ סך פון די יידן פון זיך פאַרטריבן. זיי זענען אַוועק אין די שטעט, איבערהויפּט אין די שכונות פון די גרויסע שטעט.

שכונת התקוה אין דרום־מזרח פון תל־אביב איז געוואָרן דער צענטער פון די שטעטישע מזרח־יידן. אָבער נישט דערפאַר, ווייל זיי האָבן נישט געהאַט די מעגלעכקייט זיך אַריינצוציען אין די שטאָקיקע שטאָט־הייזער און דערפאַר זיך אַריינגעצויגן אין דער שכונה. זיי האָבן זיך נישט געוואָלט אויסמישן מיט די פאַרשיידענע, משונהדיקע יידן אין די לאַנגע, ברייטע גאַסן און דערפאַר זענען אַ סך, אַ סך פון זיי, וואָס האָבן זיך נישט געקענט איינלעבן אין די דערפער און מעברות, געקומען וווינען אין דער שכונה.

די שכונה האָט פון טאָג צו טאָג פונאַנדערגערוקט אירע גרענעצן. פון אָנפאַנג האָט די שכונה געצויגן אירע גרענעצן צו דער וואַדי. איצט זענען די גרענעצן שוין אַריבער די וואַדי. אַ שמאָלע בעטאָן־בריק האָט פאַרבונדן ביידע טיילן שכונה. אָבער אויך די נייע געסלעך, וואָס זענען צוגעקומען, זענען געווען שמאָלע. שמאָלע און קרומע. די נידעריקע, פאַרהויקערטע ווענט זענען געווען איבערגעדעקט מיט שיפּע דעכער, ווי איינער זאָל אַרויפקריכן אויפן אַנדערן. דורך די שמאָלע און נידעריקע טירן און פענצטער האָבן זיך געשפּאַרט פאַרשיידענע ריחות: מענטשן־שווייס, קיך, וועש און נאָפט האָבן אויסגעפּילט דעם חלל צווישן די הייזער. די ענגשאַפט האָט די אַלע ריחות צונויפגעמישט אין אַ זויערער פייכטיקייט, וואָס איז געהאָנגען איבער די דעכער פון דער שכונה ווי אַ נעפּל. נאָר די לאַנגע הויפּט־גאַס, וואָס האָט פאַרבונדן די שכונה מיט דער שטאָט פון איין זייט, מיט דעם פּליי־פעלד פון דער צווייטער זייט, האָט כסדר געביטן איר אויסזען. די הייזער־ווענט האָבן כסדר זיך צערוקט. געגאָסענע בעטאָן־פּילאַרן האָבן זיי אַרומגענומען און אַרויפגענומען און אויך זיך שטאָק אויף שטאָק. אין די נייע הייזער זענען די פענצטער און טירן שוין געווען ברייטע. די געשעפטן זענען געווען ברייטע און גערוימע. דער מאַרק — די פּאַראַלעלע גאַס צו דער הויפּט־גאַס, האָט זיך געצויגן איבער דער לענג פון דער שכונה און זיך צעצווייגט. די סטראַגאַנעס און די טישן זענען אַריינגעדרונגען אין די זייטיקע געסלעך. לענגאויס דער הויפּט־גאַס זענען געשטאַנען די סטראַגאַנעס מיט ירקות און פּירות. די געסלעך אַרום דעם מאַרק זענען געווען באַשטימט פאַר עסנוואַרג: אַ יאַטקע־געסל, אַ פיש־געסל, אַן עופות־געסל און אויך אַ שחיטה־געסל. אַלע געסלעך זענען נישט געווען געפּלאַסטערט.

די גאַסן און די געסלעך זענען געווען אָנגעשטאָפּט מיט מענטשן, וואָס האָבן זיך געשטופּט און געליאַרעמט, זיי האָבן געקויפט און פאַרקויפט.

די טירן אין די קאַפּע־הייזער זענען געווען צעפּראַלט. פון זיי האָט זיך געשפּאַרט דער פעט־זויערער בייסיקער סוואָנד פון געפּרעגלטן אייל. דעם אָפּהילך פון די געוואָרפענע שעש־בעש־שטיינער איבער די שעש־בעש־פעלדער האָבן באַגלייט די מאָנאָטאָן־געקרייזלטע מעלאָדיעס פון די ראַדיאָס.

אויך ניסים, דער הויכער, שטאַרקער, גוטהאַרציקער בחור האָט זיך געענדערט.

ניסים איז געווען הויך, ברייטבייניק און שמאָל אין דער טאַליע. ער האָט געהאַט אַ ברוינעם, מוסקולירטן קערפּער און אַ קיילעכיקן קאָפּ מיט אַ גרויסן, גלאַטן שטערן. זיינע פּנים־שטריכן זענען געווען רעגולער, ס׳מויל — קליין, די ליפּן — דיק. זיינע שוואַרצע אויגן זענען געווען גרויס און האָבן געגליט; די האָר זיינע — פעך־שוואַרץ.

רחמים, ניסימס פאָטער, אַ שטאַרקער, מיטלוווקסיקער קצב מיט לאַנגע הענט, גרויען קאָפּ און לאַנגער דינער נאָז מיט אַ פּאָק ביים סוף, וואָס האָט אויסגעזען ווי אָפּגעהאַקט. ער איז מיט דרייסיק יאָר צוריק געקומען אין לאַנד פון חלב אין סיריע. ניסימס יוגנט איז געווען אַ פרייע, נישט געשטערטע. דער פאָטער האָט אים נאָכגעגעבן אַלע זיינע פאַרלאַנגען. נישט איין מאָל איז דער פאָטער שטיין

געבליבן און פון דער זייט באַטראַכט און באַוווּנדערט מיט הנאה דעם זונס מענער־שיינקייט און זיינע ליפּן האָבן געפּליסטערט: „קיין עין הרע דיר נישט".

דער זון איז געווען געראָטן אין דער מוטער. די מוטער, אַ טאָכטער פון אַ פּעדלער, וואָס האָט מיט אַן אייזל צעפירט אייל איבער די דערפער, איז אין דער יוגנט געווען אַ יידישע שיינקייט אין חלב. ניסים איז געווען דאָס איינציקע קינד ביי זיינע עלטערן. ער האָט געלערנט אין חדר אַביסל תנ"ך און אויך חשבון: אַראָפּנעמען, צוגעבן, צעטיילן און כפלען.

ווען ניסים איז אונטערגעוואַקסן, האָט אים ס'לעבן נישט געקימערט. בדרך כלל איז ער אַרומגעגאַנגען פוסט און פּאַסט, אַמאָל האָט ער אַרויסגעהאָלפן דעם פאָטער, אָפּגעשוינדן אַ פעל פון אַ שעפּס און אים צעפּלעט. דערמיט האָט ער דעם פאָטער געטאָן אַ טובה. ער איז געווען גייציק צו אַ לייכט לעבן. ער האָט ליב געהאַט פאַרברענגען און געניסן.

זיין יצר האָט אים אָנגערעגט זיך באַוויזן פאַר מענטשן. די פאַרבן פון זיינע בגדים זענען געווען רוישיקע. ער האָט געטראָגן שמאָלע, געפּאַסטע הויזן און קאָלירטע העמדער מיט קראָטן. זיין קאָלנער איז שטענדיק געווען אויפגעשטעלט. שטענדיק איז ער געווען גלאַט אויסראַזירט, ווי אויך זיין דין, ווי אַ שנירל וואָנסעלע. זיינע האָר זענען געווען אויסגעשמירט מיט ברילאַנטין, זיי האָבן געגלאַנצט און געווען פאַרקעמט פון די זייטן אַרויף.

ניסים האָט זיך נישט געלאַנגווייליקט. עס זענען געווען טעג, ווען ער האָט געזען צוויי פילמען. ער איז פון איין קינאָ אַרויס און אין צווייטן אַריין. זיינע באַליבטע פילמען זענען געווען — דער ווילדער מערב. ער האָט אויך ליב געהאַט גוט אָפּצועסן, אָבער אין אַ געזעלשאַפט. אָפט האָט ער צונויפגענומען עטלעכע באַקאַנטע יינגלעך און מיידלעך (ער האָט נישט געהאַט קיין חברים), זיי פאַרבעטן אויף אַ סעודה אין אַ רעסטאָראַן. זיינע באַליבטסטע מאכלים זענען געווען: חומוס פאַרמישט מיט אייל און רויטן, שאַרפן פעפער, גוט אויסגעבאַקענער „קאַבאַב" און „טשיפּס". פאַרטרונקען האָט ער מיט מאַראַנצן־זאַפט. ער האָט הנאה געהאַט צו באַשטעלן מיט אַ ברייטער האַנט. ער האָט פאַרשווענדעט געלט, וואָס ער האָט נישט פאַרדינט. זיין געלט־מקור איז געווען ס'קאַסע־שופלעדל אין דער יאַטקע. דער טאַטע האָט געזען און געשוויגן. ער איז געווען איבערצייגט, אַז דאָס איז זיין יוגנט־עפּאָכע, אַז ניסים וועט אויסוואַקסן, זיך ענדערן, ווערן אַן אַרבעטס־מענטש.

נישט געשוויגן האָט די מוטער. זי האָט נישט געקענט צוזען, ווי דער זון פאַרשווענדעט דעם פאָטערס פאַרהאַרעוועט געלט. שמחה איז געווען אַ הויכע, פליישיקע פרוי מיט אַ פולן בוזעם, געפאַרעמטע אברים און זאַפטיקע ליפּן. כאָטש זי איז געווען שוין אַ פרוי אין די יאָרן, איז זי געווען טעמפּעראַמענטפול. זי איז איר גאַנץ לעבן געבליבן געטריי איר מאַן...

זי האָט נישט איין מאָל, ווען ניסים איז געקומען אַהיים שפּעט אין דער נאַכט, זיך איבערגעוועקט און אַ פאַרשלאָפענע געשריגן: ווען וועט שוין אַ סוף נעמען צו דיין אַרומשלעפּן זיך מיט די מיידן ביז האַלבער נאַכט?!

דער איבערגעוועקטער פֿאָטער, וואָס איז געשלאָפֿן אין אַ צימער דערנעבן, האָט זי באַרויִקט, „ש—ש—שאַ!".

ניסים האָט נישט געלייגט קיין אַכט אויף דער מוטערס געשרייען. גענוג געוועזן, ער זאָל צו איר צוגיין נאָך עטלעכע טעג שווייגן, פֿול צער און רוגז, און שטיין בלייבן פֿאַר איר מיט צעשטעלטע פֿיס און איר זאָגן: — אַ מאַמע זאָל נישט צוגרייטן פֿאַר אַ זון אַ שאַרפֿן סאַלאַט, וואָס זאָל אַ ביס טאָן זיין מענער־גומען און איר אַ קריץ געטאָן מיט אַן אויג. איר פּנים איז געוואָרן גוטמוטיק און זי האָט אין אַלץ פֿאַרגעסן. זי האָט אים אָפּגעשטופּט און אַ וואָרטשע געטאָן „אויך מיר אַ זון!" אָבער באַלד זיך גענומען פֿאַרען, אים געגרייט דעם סאַלאַט, וואָס ער האָט געבעטן און — אויס ברוגז!

ניסים האָט געלעבט זיין זאָרגלאָזן לעבן. ער האָט קיינמאָל נישט געזאָרגט פֿאַרן מאָרגן וואָס וועט קומען. זיין גרעסט פֿאַרגעניגן איז געווען אַדורכפֿאָרן די גאַס אויף זיין „אינדיאַנאַ"־מאָטאָציקל. אָפֿט האָט ער אויך אַרויפֿגעזעצט אויפֿן הינטערשטן געזעס אַן אויסגעשראָקן מיידל און מיט דער גרעסטער געשווינד־קייט אַדורכגעפֿאָרן די אַלענבי־גאַס. צוקומענדיק צו „מוגראַבי", האָט ער מיט דער זעלבער געשווינדקייט געמאַכט אַ שאַרפֿן רונד, אַריינגעפֿאָרן מיט אימפּעט אין דער בן־יהודה און אַדורכגעפֿאָרן די גאַס ביזן פֿאַרט.

די פּאָליציסטן האָבן שוין געקענט דעם רויטן מאָטאָציקל מיט דעם פֿאָרער. כמעט יעדע וואָך, האָט ער געמוזט דערשיינען אין געריכט פֿאַר פֿאַרקער־עבֿירות און באַקומען די געהעריקע שטראָף פֿאַר שנעל פֿאָרן.

אַזוי האָט זיך געפֿירט זיין לעבן ביז מיט צוויי יאָר צוריק. דעמלט איז ניסים אַלט געוואָרן פֿיר און צוואַנציק יאָר און זיין פֿאָטער איז פּלוצים געשטאָרבן פֿון אַ האַרץ־שלאַק.

פֿון דעמלט אָן איז אַריינגעטראָטן אַן ענדערונג אין ניסימס לעבן. גאַנץ פֿרי, צומאָרגנס נאָך דער „שבֿעה", איז ניסים געגאַנגען דאַוונען. ווען ער איז אַריין אין שול, האָבן אים די דאַוונער געמאַכט אַ וועג. ער איז צוגעגאַנגען און זיך אַוועקגעשטעלט ביים „אָרון־הקודש" ווי אַ מומיע. ער האָט זיך נישט קיין ריר געטאָן און נישט באַוועגט, ווי ער זאָל נישט דאַווענען, אָבער, אַז ער האָט געדאַרפֿט זאָגן „קדיש", האָט ער זיך אַ בוק געגעבן און מיט אַ געבראָכן, ציטערדיק קול געזאָגט: „יתגדל".

נאָכן דאַווענען איז צו אים צוגעגאַנגען דער גבאי, אַ הויכער, דאַרער, געבוקטער ייד, וואָס איז געווען נאָך איינגעהילט אין טלית און מיט אַ הייזעריק קול, מיט זיין לאַנגער, ווייסער באָרד, וואָס האָט זיך געטרייסלט, האָט ער אים געטרייסט:

— „זאָלסט נישט וויסן מער פֿון קיין צער".

— „אָמן! — האָבן געענטפֿערט אַלע מתפּללים.

איצט, דאָס ערשטע מאָל פֿון דער לויה און שבֿעה, זענען זיינע אויגן געוואָרן פֿאַרטרערט. ווען ער איז אַרויס פֿון שול, האָט ער ס׳גאַנצע געלעלט, וואָס ער האָט

געהאַט ביי זיך אין באַנקנאָטן און מטבעות, פונאַנדערגעטיילט אין די „צדקה״־פושקעס, וואָס זענען געהאַנגען ביי דער טיר.

ווען ער איז צוריקגעקומען און אַריין אין שטוב, האָט די מוטער אים אָפּגעוואַרט. זי איז געשטאַנען מיט אַ טעלערל אין האַנט, אויף וועלכן עס האָבן זיך געפונען צוויי האַרטע, געשיילטע אייער און אַ גלעזל אַראַק. דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל, וואָס די מוטער האָט אים דערלאַנגט אַראַק, ווי דעם פאָטער צום „קידוש״. אירע גלאָציקע, דערשראָקענע אויגן האָבן הילפסלאָז אויף אים געקוקט. ניסים האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן. זיינע באַוועגונגען זענען געווען נישט זיכערע און שנעלע. ער האָט געגעסן שנעל, געשלונגען שטיקער נישט צעקייעטע אייער. דאָס גלעזל אַראַק האָט ער אויסגעטרונקען מיט איין שלונג. ער האָט אַוועקגעשטעלט ס׳גלעזל אויפן טעלער, וואָס די מוטער האָט די גאַנצע צייט געהאַלטן אין האַנט. ער האָט אַוועקגעדרייט דעם קאָפּ, ווי ער זאָל מורא האָבן זיך טרעפן מיט איר בליק.

ער האָט אייליק אַרומגעוואָשן זיין נישט ראַזירטע באָרד, גענומען די שליסלען פון דער יאַטקע און געזאָגט: — איך גיי צו דער אַרבעט!

די מוטער, וואָס האָט די גאַנצע „שבעה״ געשוויגן ווי אַ שטיין, האָט פאַרבראָכן די הענט און אים געבענטשט: — גאָט זאָל דיך פירן און אויף אונדז זיך מרחם זיין!

ניסים האָט געעפנט די טיר. אַ קילער ווינט פון די ערשטע ווינטער־ווינטן האָט זיך אַ שפּאַר געטאָן אין שטוב.

גרויסע, פולע טרערן האָבן זיך אַ קאָלער געטאָן איבער דער מוטערס באַקן. די וואַרעמקייט פון די טרערן האָט זי באַרויִקט. זי האָט מיט די ליפּן געלעקט זייער געזאַלצנקייט. ניסים האָט פאַרמאַכט נאָך זיך די טיר.

# ב

די שמאָלע, קרומע געסלעך אין דער שכונה האָבן זיך כסדר געמערט. איין געסל איז געווען ענלעך צום אַנדערן. נאָר די הויפּט־גאַס האָט געביטן איר אויסזען. די הייזער אין דער גאַס האָבן זיך פונאַנדערגערוקט. ערטערווייז איז די ברייט פון דער גאַס געווען גענוי אַזוי ברייט ווי אַ שטאָט־גאַס. די געווירץ־ריחות זענען שוואַכער געוואָרן. אין גאַס האָט זיך שוין געפילט דער ריח פון פאַרברענטן בענזין, וואָס די פאַרבייגעלאָפענע אויטאָס האָבן איבערגעלאָזט.

אויך דאָס אויסזען פון די געשעפטן האָט זיך געענדערט. אַן עלעקטרישער קאַווע־ברענער האָט פאַרביטן די קאַווע־פּויק ביים נידעריקן, דאַרן שאול אין קראָם. שאול האָט יעדן קונה געשפּיזט מיט זיינע קליינע, גליענדיקע אויגן. זיין געדיכט, שוואַרץ בערדל האָט געדעמט זיין קנאָכיק, אויסגעצויגן פּנים. ער האָט

מער נישט געשוויצט ביים ברענען די קאַווע, ווי אַמאָל, ביים צעגליטן פּרימוס. די צעגליטע בעקער־אויוונס, אין וועלכע מען האָט געבאַקן פּיתהס האָט מען פאַררוקט אין דער טיף פון די בעקערייען. דער פראָנט איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ מין קראָם, וואָס האָט פאַרקויפט דאָס ברויט. אליהו מיט די לאַנגע הענט, וואָס האָט פאַראָכטן פּרימוסן אינעם ראָג געסל, לינקס פון דער ברייטער גאַס, האָט איצט פאַרקויפט גאָלדענע פישלעך. די פישלעך שווימען אַרום אין די צעשטעלטע אַרום די ווענט אַקוואַריומס. די שניט־סחורות אין די קראָמען שטייען שוין נישט אויסגעשטעלט ווי לאַמטערן־ליכט, נאָר ליגן איינגעסדרט, יעדער סאָרט אין זיין פאַך. די שיך־פאַרקויפער האַלטן שוין נישט זייער סחורה צעוואָרפן איבערן פאָל. יעדע פאָר שיך ליגט אין אַ נומערירט שאַכטל, וואָס שטייט אין אַ פאַך.

יצחק, דער ברייטבייניקער לעמאָניאַדע־הענדלער, מיט זיינע פיש־אויגן, וואָס זייערע ווייסלען זענען דורכגעוועבט מיט בלוט־פעדים, שטייט אויך איצט אין ראָג פון דער הויפּט־גאַס אין סוף מאַרק, קלאַפּט ווייטער מיט די מעטאַלענע טעלערס און רופט קונים, אָבער ער איז שוין אָנגעטאָן אין אַ ווייסער שערץ. זיין וואָגן־שטאַנד איז בלוי געפאַרבט מיט אַ ווייסן מגן־דוד אין דער מיט. די מעשענע טעלערס און די קראַנען פון די קאָלירטע לעמאָניאַדע־סלאָיעס האָבן געגלימערט.

עס האָט זיך געביטן די אויסערלעכקייט פון דער שכונה און אירע מענטשן. דער מענטשן־געווימל איז געוואָרן נאָך גרעסער. עס האָבן זיך באַוויזן אין דער שכונה: הויכע ברייטבייניקע יידן מיט קנאָכיקע פּנימער, יידן מיט לאַנגע נעז און געדיכטע לאַנגע בערד, די קעפּ אַרומגעבונדן מיט ברייטע בונטע טורבאַנען. יידן מיט לאַנגע, שיטערע בערד, מיט באַשלאָקן איבער די קעפּ. יידן מיט העלער הויט און וואָס זענען געווען ראַזירט און געטראָגן קאַשקעטן. די גאַסן און געסלעך האָבן געווימלט פון מענטשן.

אינעם רעש און געפּילדער איז שווער געווען אונטערשיידן איין ייד פון אַנדערן. אָבער שמואלן, דעם הויך־קנאָכיקן ייד מיט די טיף־איינגעזעצטע אויגן, וואָס זענען געווען מאַט און פאַרלאָשן, מיט זיין הויכן, צעקנייטשטן שטערן און לאַנגער, ווייסער באָרד, האָט יעדער אין שכונה געזען. שמואל מיט זיינע טרוקענע, פאַרפרעסטע ליפּן, וואָס האָט אין גאַנג געשטעלט די פיס פון אויבן אַראָפּ — אויף די קלעצלעך, וווינט שוין עטלעכע חדשים צוזאַמען מיט זיין טאָכטער אין דער שכונה.

געברענגט זיי אין דער שכונה האָט שלמה.ביידע, שלמה און שמואל, האָבן געשטאַמט פון כמעלניק, אַ שטעטל אין דער נאָענט פון קעלץ אין פוילן. דאָרט, אין שטעטל, האָבן זיי צוזאַמען געדאַוונט אין בית־המדרש. זייערע זיך־פּלעצער זענען געווען נאָענט, אויף דער זעלבער באַנק. שלמה, אַ נידעריקער, דיקער, בייכיקער ייד, האָט אין דער שכונה געפירט אַ פּאַשע־שפּייכלער. דאָס איז געווען זייער ביידנס בראַנזשע אין פוילן.

שמואל איז געווען עלטער פון שלמהן. שלמה האָט שמואלן גערופן „שמילע“,

אַזוי ווי מען האָט אים גערופן אין שטעטל. דאָס ביסל פאַרמעגן, וואָס שמואל האָט געבראַכט פון פּוילן: צוויי פּאָרצעלײַ־סערוויזן פאַר צוועלף מענטשן, דריי דיוואַ־נעס, אַ רוסישן קיל־קאַסטן, אַ נײַ־מאַשין, אַ ראַדיאָ־פּאַטעפאָן, אַ דײַטשן מאָטאָציקל און אַ קעסטל קרישטאָלן, האָט ער אויספאַרקויפט. פאַר דעם אײַנגעלייזטן געלט און דער הלוואה פון דער סוכנות האָט שמואל זיך געדונגען אַן איין־צימער־וווינונג פאַר זיך און זײַן טאָכטער. די וווינונג האָבן זיי געדונגען בײַ דער דיקער, פּליישי־קער נעמי — די אַלמנה. איר פאַרטער־הייזל מיטן דאָכצוויקע־דאַך איז געשטאַנען אין דער נאָענט צו דער וואַדי. זיי האָבן גענומען נאָך אַ הלוואה און זיך אײַנגעשאַפט אַ ביסל מעבל און די נויטיקע שטוב־כלים.

שלמה האָט פאַרגעשלאָגן שמואלן, ער זאָל קומען צו אים אַרבעטן. שמואל האָט זיך דערפרייט, אַז עס האָט זיך פאַר אים געפונען אַרבעט. ער האָט געאַרבעט נאָר עטלעכע שעה אין טאָג, באַדינט די קונים. שלמה האָט צוגעגרייט די פּאַשע־מישונגען. שמואל האָט אים אויך פאַרטראָטן, ווען שלמה איז געגאַנגען דערלײַדיקן זײַנע געלט־ענינים, אָדער קויפן סחורה.

שלמהס פּאַשע־שפּײַכלער האָט זיך געפונען אין דער נאָענט פון שמואלס וווינונג. שלמה האָט געוווינט אין צפון תל־אביב. חנה, זײַן ווײַב, האָט נישט געקענט אים צוהעלפן צוליב דעם מרחק. זי האָט געפירט די הויז־ווירטשאַפט און פאַרזאָרגט אירע צוויי קליינע זין, וואָס זענען נאָך נישט געווען בר־מצוה. שלמה האָט אין שמואלן געהאַט די אמתע הילף. ער איז פאַר אים געווען דער מענטש, אויף וועלכן ער האָט זיך געקענט פאַרלאָזן אין אַלע ענינים. שלמה האָט אויך געהאַלטן פאַר אַ כבוד, וואָס שמואל, דער עלטערער פון אים בן־עיר, אַרבעט בײַ אים. שמואל איז אין כמעלניק געווען אַ מער אָנגעזעענער בעל־הבית ווי שלמה. שמואל איז געווען אַ יודע־ספר. שלמה האָט געשטאַמט פון אַ דאָרפס־משפּחה, וואָס איז איבערגעגאַנגען וווינען אין שטאָט.

ווען שמואל האָט אָפּגעזוכט שלמהן, איז שלמה צו אים צוגעפאַלן אַ גליקלעכער. אויך שמואל, נאָך דעם אַלעמען, וואָס ער האָט מיטגעמאַכט אַלס פּליט אין רוסלאַנד — די ווײַב איז אים דאָרט געשטאָרבן פון הונגער — האָט באַקומען טרערן אין די אויגן פון דער באַגעגעניש. שלמה האָט אים געהאַלדזט און געטרייסט: — „שמואל, זאָרג נישט, וועסט נישט פאַרפאַלן ווערן, גאָט וועט העלפן" — און זײַן קול האָט זיך געפילט גערירטקייט.

אויך חנה, שלמהס ווײַב, אַ נידעריקע, פּליישיקע פרוי, מיט אַ פולן בוזעם, דיקע פיס און קײַלעכיק פּנימל, האָט געדענקט סאָניען, שמואלס טאָכטער נאָך אַלס יונג מיידל. בײַ זייער ערשטער באַגעגעניש אין שפּײַכלער האָט סאָניע זי איבערראַשט מיט איר אויסזען. סאָניע איז טראָגט אירע לײַדן און איבערלעבונגען, געבליבן אַ שיינע, באַחנטע פרוי. ווי נאָר חנה איז געקומען צו זיך פון איר התפּעלות, האָט זי געזאָגט איר מיט אַ קול: — „ביסט דאָך אַ שיינהייט אַן אַ נהאָרע". חנה האָט זיך פאַרשעמט פאַרן מאַן און פון בושה אַראָפּגעלאָזט די אויגן.

אויך חנה האָט מקרב געווען די נײַע עולים. זי איז געווען צופרידן, וואָס

שמואל אַרבעט — העלפֿט איר מאַן. זי האָט אויך געוואָלט האָבן די מצוה פֿון איינאָרדענען עולים. זי האָט סאָניען פֿאַרשאַפֿט אַרבעט ביי האַלבערן — דעם גאַרן־שפּולער. זיין פֿאַבריקל, אין וועלכן עס האָבן געאַרבעט אַכט פּרויען, האָט זיך געפֿונען אין שכונת הרכבת. חנה קען האַלבערן שוין לאַנג. אויך זי האָט ביי אים געאַרבעט, ווען זי איז געווען אַ נייע עולה. די הסתדרות זאָל נישט מאַכן קיין שוועריקייטן, האָט האַלבער סאָניען פֿאַרשריבן אַלס אַ נאָענטע קרובה.

שמואל, דער פֿאָטער, וואָס האָט געאַרבעט נאָר עטלעכע שעה, האָט וויניק פֿאַרדינט. די הויפּט־פֿאַרדינערין איז געווען סאָניע. שמואל, וואָס איז זיין גאַנץ לעבן געוווינט געווען פֿירן אַ ברייט הויז, ווי די בעל־הבתים אין שטעטל, האָט זיך מצער געווען, וואָס סאָניע, זיין טאָכטער, וואָס ער האָט געהאָפֿט זי פֿירן צו דער חופּה, אַזוי ווי עס שטייט אָן אַ בעל־הביתישן ייד, מוז אַרבעטן אויף חיונה.

זיין טרייסט האָט ער געפֿונען אין „מקום" — דאָס קליינע תימנער שולעכל. דאָרט האָט ער פֿאַרברענגט זיין פֿרייע צייט. דאָרט האָט ער זיך אָפּגעשיידט פֿון דער טעגלעכקייט. דער וועג פֿון זיין דירה צו דעם שולעכל איז געווען היפּש. כדי צו קומען אַהין, האָט ער געמוזט אַדורכגיין עטלעכע געסלעך. אָבער ווי נאָר ער איז אַריין צווישן די ווענט פֿון דער פּירקאַנטיקער שטוב אין פֿאַרטער מיט די דריי פּילאַרן פֿון פֿאַרנט, נידעריקע דינע פּילאַרן, וואָס האָבן אונטערגעהאַלטן דאָס דעכל איבערן אַריינגאַנג, האָט ער זיך געפֿונען צווישן די צעשטעלטע אַרום די ווענט בענק, אין דעם אין דער מיט שטייענדיקן „בעלעמער" און דעם „אָרון־קודש" אויף דער מזרח־וואַנט האָט ער געזוכט התייחדות מיט זיין גאָט. גאָט פֿון אברהם, יצחק און יעקב. געוויינטלעך איז ער געזעסן אָן אָנגעלענטער אין אַ וואַנט מיט אַ ספֿרל אין האַנט. זיינע אויגן זענען געגאַנגען אַהין און צוריק איבער די אותיות, זיינע דינע ליפּן האָבן געמורמלט אַ קאַפּיטל תהילים אָדער מדרש.

שמואל, דער ייד פֿון פּוילן, האָט זיך געפֿילט גוט צווישן די מתפּללים אין דער שול פֿון די תימנער. ער האָט זיי געזען ווי אַ וויזיע אין דער מדבר. די זקני־העדה, מיט אַרומגעהילטע טליתים ביז איבער די קעפּ, מיט זייערע קנאָכיקע פּנימער, מיט קורצע און שיטערע, גרויע בערד, זענען געזעסן אויף אונטערגעלייגטע אונטער זיך פֿיס, ווי מען זיצט אין מזרח, איינגעהילט אין די טליתים ביז איבער די קעפּ. זייערע גליִענדיקע אויגן האָבן געקוקט דורך די ברילן מיט אָפּגעריבענע גלעזער, וואָס זענען געזעסן אויף זייערע לאַנגע, דינע נעז. מיט אַ קבלה־ אָדער זוהר־ספֿר אין האַנט, מיט צעריבענע, פֿאַרגעלטע, מאַטע, אָפּגענוצטע בלעטער — מיט די יידן איז אים געווען גוט.

אָבער וויפֿל שמואל איז נישט געזעסן מיט די אויסגעדאַרטע זקנים, האָבן זיי אים נישט אויפֿגעהערט אינטערעסירן. ער איז געווען פֿאַרכאַפּט פֿון די יידן מיט די געדרייטע פּאות, וואָס דאַוונען דריי מאָל אַ טאָג, טראָגן „קמיעות" און מעשענע און אייזערנע רינגלעך. אים האָט איבערראַשט יעדער תימנער, וואָס האָט אויסגעריבן די שיך, גלייך געמאַכט אויף זיך זיינע פֿאַרשוויצטע פֿון דער אַרבעט בגדים, איידער ער איז אַריין אין מקום־קדוש. און מיט וואָס פֿאַראַ יראת־

הכבוד ער בוקט זיך פאַרן „אָרון־הקודש״, ווען ער טרעט איבער די שוועל פון שול.

פאַרבייגייענדיק אַ תימנער הויף, וואָס איז בדרך כלל געווען אַרומגעצוימט מיט אַ געמויערטן פון שטיינער פּלויט, האָט זיין אויג זיך נישט געזעטיקט, דערזעענדיק די פאַרצווייגטע משפחות: די זיידעס, די באָבעס און די טאַטעס און מאַמעס מיט די זין און טעכטער, וואָס האָבן זיך געפּאָרעט. יעדעס מאָל, ווען ער איז פאַרבייגעגאַנגען אַזאַ הויף, האָט זיין לענגלעכער קאָפּ זיך אַריינגעלאָזט אין די אַקסלען. זיינע גרויע אויגן זענען געוואָרן אויסגעלאָשן און דורך זיינע דינע ליפּן האָט זיך שטענדיק אַרויסגעריסן די זעלבע פראַגע: וואָס איז געוואָרן פון אונדזערע זין און טעכטער — די פאַרצווייגטע משפחות? ער האָט זיך געפּרעגט און געפילט אַ קלעם ביים האַרצן. אָבער ווער איז ער און וואָס איז ער, ער זאָל קומען מיט טענות צום הקדוש ברוך הוא? ער האָט זיך באַהערשט און זיינע דינע ליפּן האָבן אַ מורמל געטאָן: „ברוך אתה ה׳ אלהינו מלך העולם הטוב והמטיב״.

ווי געזאָגט, האָט שמואל זיינע פרייע שעהן פאַרברענגט אין שול, אַפילו ווען דאָס איז נישט געווען די צייט פון דאַוונען. ווען ער איז געבליבן אַליין מיט זיך, איז ער געזעסן מיט שטאַרע אויגן און געקוקט פאַר זיך. ער האָט ווידער אַמאָל און נאָך אַ מאָל געזען זיין גרויסן שפּייכלער אָנגעפּולט מיט זעק פּאַשע. ער האָט געזען, ווי זיי זאָלן לעבן, די יידישע פורמאַנעס מיט זייערע יוכטענע שטיוול און פוטערנע קיטשמעס אויף די קעפּ ווינטער. ער האָט געזען יידן מיט פאַרשאַרצטע שפּענצער־אַרבל — „פּאַכטשאַזשעס״ — זיינע קונים וואָס האָבן געהאַלטן קי אויף מילך. ער האָט געדענקט די אַלע יאָרן, וואָס האָבן געריזלט און געברויזט מיט לעבן, ביז עס האָבן זיך באַוויזן אויף די הימלען די ערשטע עראָפּלאַנען, וואָס האָבן צעשפּרייט דעם באַמבע־האָגל. ער זעט ווי איצט זאָל דאָס האָבן געשען, ווי די טויט־צעשראָקענע יידן פון די שטעט און שטעטלעך האָבן זיך אַ לאָז געטאָן אין וועג אַריין אָפּראַטעווען זייער לעבן און דאָס לעבן פון זייערע בני־בית. ער זעט און געדענקט, ווי ער שפּאַנט זיין „שימל״ און לאָדנט אויפן וואָגן, וואָס עס קומט אים אונטער דער האַנט: עסן, מלבושים און געלט. ער האָט אַרויפגעזעצט זיין ווייב און טאָכטער און זיך געלאָזט אין וועג אַריין, נישט ווייסנדיק וווּ אַהין. אים איז אויך אומבאַקאַנט דער גורל פון זיין רעשט משפחה: די אויסגעגעבענע צוויי זין און דריי טעכטער מיט זייערע קינדער. ער ווייסט נישט, וווּ זיי זענען אַהינגעקומען. ער לעבט נאָך היינט איבער די עלנטקייט אין די סיבירער סטעפּעס, די שנייען, דעם הונגער און די נאַקעטקייט; דעם טויט, וואָס האָט אים אַוועקגעריסן זיין ווייב, די בידעריקע און צאַרטע גיטל, מיט איר אָוואַל פּנים אינעם העל שאַטינענעם שייטל, וואָס האָט זיך לאַנגזאַם באַוויגן, ווי זי זאָל מורא האָבן צו טרעטן אויף דער ערד. דאָס אַלץ איז אים געשטאַנען לעבעדיק פאַר די אויגן.

יאָרן זענען אַוועק פון דעמלט. אָבער יעדעס מאָל, ווען ער זעצט זיך צום טיש, דערמאָנט ער זיך אין דעם געגרייטן טיש אין יענע גוטע טעג: די כלים, די הילצערנע שיסל מיטן ברויט, וואָס זי האָט אַוועקגעשטעלט פאַר אים, ווען ער איז געקומען פון קראָם עסן זיין מאָלצייט. ער זעט גיטלען, ווי זי שטייט מיט

אירע דינע, איידעלע הענט אויפן פנים און זי שאָקלט זיך און פליסטערט די ברכה איבער די אָנגעצונדענע ליכט. ער געדענקט די פרייטיק־צונאַכטן, ווען ער האָט אַ קוש געטאָן די „מזוזה", געזאָגט „גוט־שבת" גיטלען, זיין ווייב, און געגאַנגען אין בית־המדרש אַריין.

איצט וווינט ער אין שכונת התקוה, אָבער ער לעבט נאָך אין כמעלניק. ער לעבט נאָך אין זיין רחבות — אינעם פאַרטער־הויז, וואָס איז געווען אַרומגענומען מיט אַ באַלקאָן איבער דער לענג פון פראָנט און געשטאַנען אין סאָד. אין די זומער־פרימאָרגנס האָט ער אָן איינגעהילטער אין טלית און תפילין געשפּאַנט אַהין און צוריק איבער דעם באַלקאָן — געדאַוונט. שפּאַנענדיק אַזוי, איז פון דער מזרח־זייט אַנטקעגנגעקומען דער שטאַרנדער קירכע־טורעם פון איין זייט און דער בלע־כענער, גלאַנציקער שול־דאַך פון דער צווייטער זייט.

אָבער דאָס אַלץ זענען געווען זכרונות. איצט באַגנוגנט ער זיך מיט וואָס ער האָט. ער איז איצט געווען גליקלעך, וואָס אויף זיינע אַלטע יאָרן לעבט ער אין ישראל — צווישן יידן.

סאָניע האָט געאַרבעט, אָבער זי האָט נישט שלום געמאַכט מיט איר גורל. איר, דער געפּיעשטשעטער בעל־הבתישער טאָכטער פונעם קליינעם שטעטל, איז אַפילו נישט געקומען אויפן געדאַנק, אַז זי וועט אַמאָל מוזן אַרבעטן אַלס שפּולערין אין אַ פאַבריק. אין איר שטעטל האָט זי נישט געלערנט אין שול. זי האָט געלערנט פּריוואַט ביי דעם שטאָט־לערער. זי האָט געלייענט פּליסיק און געווען באַהאַוונט אין דער יידישער און פוילישער ליטעראַטור. זי האָט נישט געהאַט קיין פאָך. זי איז געווען שלאַנק און שיין, געהאַט רויטע, גאָלדענע האָר און אַן אָוואַל אַלאַבאַסטער־פּנים. זי איז געווען איבערצייגט און זיכער, אַז מיט איר אויסזען און דעם פאָטערס הילף, וועט זי זיך געפינען דעם זיווג, וואָס וועט איר פּאַסן.

אָבער, ווען איר לעבנסלויף האָט זיך אויסגעקרימט, ווי דאָס יידישע לעבן אין דער וועלט, האָט זי אויף זיך גענומען דעם עול פון איר גורל. אירע גרויסע פּייכטע מאַנדל־אויגן האָבן שטרענג נאָכגעפּאָלגט די וויברירנדיקע שפּולעס, געהיט דעם פאָדעם, וואָס האָט זיך געוויקלט אויף דעם שפּולער. ווען ער האָט זיך איבערגעריסן, האָבן אירע לאַנגע, דינע פינגער אים שנעל צונויפגעקניפּט. די פלעכטנדיק זיך אויף די שפּולן פעדעם, זייערע פאַרבן, האָבן געבלענדט איר בליק. דער שוועבנדיקער פאַרבן־געמיש: דער ברוין, גרוי און רויט, האָט זי זייער אָפּט דערפירט ביז איבלקייט. די אַרבעט איז פאַר איר געווען אַן אָפּקומעניש.

ווען זי איז געקומען אין שטוב נאָך דער אַרבעט, האָט זי אויפגעלעבט. זייער דירה איז באַשטאַנען פון איין לאַנגן צימער, אַדורכגעטיילט מיט אַ מחיצה. דאָס שטיקל חדר פון יענער זייט מחיצה איז געווען די קיך. די מאָזאַיִק־שיסל און דער וואַסער־קראַן איבער איר זענען געווען טונקל. דאָס מאַרמאָרנע טישל איז געווען איינגעפּעסטיקט אין דער וואַנט, אויף אים די קנויט־מאַשינקע. די רעשט פון צימער איז געווען דאָס וווינאָרט. אַנטקעגן, ביי די צוויי ווענט, זענען געשטאַנען

די צוויי אײַזערנע, שמאָלע, נידעריקע צוגעבעטע בעטן. צווישן זיי אין מיטן שטוב איז געשטאַנען אַ ווייס, שמאָל, נישט געפאַרבט קיכטישל, וואָס איז געווען באַדעקט מיט אַ ווייסער, בלוי־געטופּטער צעראַטע מיט עטלעכע טאַבאַרעטלעך אַרום. אין ווינקל, ביי דער אַריינגאַנגס־טיר, איז געשטאַנען דאָס ברויך־געפאַרבטע צוויי־טיריקע שענקל מיט אַן אָוואַלן שפּיגל אין איינעם פון די טירלעך. די שאַנק האָבן זיי געקויפט אין אַ געשעפט פון גענוצטע מעבל. דאָס לעמפּל, וואָס איז אַראָפּגעהאַנגען פון דער מיט סטעליע, האָט געהאַט איבער זיך אַ בלוי פאַרביקן אַבאַזשור. ער האָט אויסגעזען ווי אַ פלאַכער שקאָרמיץ. דעם אַבאַזשור האָט סאָניע אַליין געמאַכט.

סאָניע האָט געטאָן די שטוב־אַרבעט מיט חשק. פאַרנאַכט, ווי נאָר זי איז געקומען פון דער אַרבעט, האָט זי זיך געשטעלט רוימען און קאָכן. אין אָוונט אין דער וואָך האָט זי אויך געוואַשן וועש. צומאָרגנס, איידער זי איז אַוועק צו דער אַרבעט, האָט זי די וועש צעהאָנגען אין הויף אויף שטריק. די בעל־הביתטע האָט אויפגעפּאַסט, מען זאָל די וועש נישט גנבענען. סאָניע האָט זיך די מי געגעבן, אַז דעם פאָטער זאָל גאָרנישט פעלן. ער איז טאַקע געווען ריין אָנגעטאָן. איר האָט הנאה געטאָן, ווען זי האָט געזען, ווי דער פאָטער גיט שנעל אַ קוק אין שפּיגל צו זען, ווי ער זעט אויס, די טאָכטער זאָל נישט מערקן. זיינע טעגלעכע בגדים זענען געווען: אַ העמד מיט הויזן פון האַקי, אַ געשטרייפטע מאַרענגאָ־מאַרינאַרקע און אַ גרויער קאַשקעט.

די שטוב־אַרבעט האָט זי געטאָן געשיקט און שנעל. געענדיקט, האָט זי זיך אַרומגעוואַשן און איבערגעטאָן און אַוועק פון שטוב — אין שטאָט.

די ענגשאַפט אין די געסלעך, די מענטשן־פּרעמדקייט אין דער שכונה, אין וועלכער זי האָט געוווינט, האָבן איר געטריבן אין דער גרויסער שטאָט. דאָרט האָט זי זיך געשלייכט אָן אַ ציל. זי האָט נישט געהאַט קיין געזעלשאַפט, אָבער זי האָט געהאָפט, אַז זי וועט זי געפינען אין דער גרויסער שטאָט. אָן אויסגעפּוצטע אין אַ קלייד מיט אַ דעקאָלטע, מיט אַ געפאַרבט און געפּודערט פּנים, האָט זי מאַיעסטעטיש געשפּאַנט איבער די הויפּט־גאַסן אין תל־אביב. אויף אירע הויכע, שמאָלע קלעצלעך האָט זי שפּאַצירט מיט דער האָפענונג, אַז זי וועט טרעפן מענטשן, וואָס וועלן זי דערקענען, אָדער מענטשן, וואָס וועלן זי אָפּשאַצן. אָפט, אַז זי איז מיד געוואָרן פון דעם אַרומשלייכן זיך איבער די גאַסן, איז זי אַריין אין קאַפע „דיאַנאַ" און באַשטעלט אַ גלאָז טיי. איר סטאַביל זיץ־אָרט איז געווען דאָס נידעריקע, ברייטע פענצטער, דורך וועלכן מען האָט געזען דעם פּראָנט פון „מוגראבי"־קינאָ. זי איז געזעסן דאָרט איבער דעם אויסגעקילטן גלאָז טיי מיט אַ פּוילישער צייטונג אין האַנט. זי האָט די צייטונג נישט געלייענט, נאָר אַרויסגעקוקט אין דרויסן, כדי זי זאָל זען די פאַרבייגייער און זיי איר.

דאָס איינציקע הויז, וווּ אַהין זי האָט געקענט אַריינגיין, איז געווען שלמהס שטוב. אָבער דער שטייגער לעבן אין דעם הויז איז נישט געווען לויט אירע באַגריפן. מיט חנהן האָט זי געקענט רעדן וועגן קאָכן, הויז־ווירטשאַפט און דעם

יקרות, וואָס ווערט גרעסער פון טאָג צו טאָג. אַמאָל האָט סאָניע געפּרוּווט פאַרפירן מיט איר אַ שמועס וועגן אַ פּאָליטישער געשעעניש. האָט חנה זי אָנגעקוקט אָן איבעררּאַשטע. סאָניע האָט אויך באַמערקט, אַז זי הערט אויס אַלע אירע מעשׂהס מיט הנאה, נאָר זי ענטפערט איר כסדר מיט איין וואָרט: „טאַקע״, אָן צו פאַרשטיין, אין וואָס עס האַנדלט זיך. אָבער דערווייל איז חנה איר איין־און־איינציקע באַקאַנטע אין שטאָט.

אויך חנה, די נידעריקע, פליישיקע פרוי, מיט איר אומשולדיק פּנים, איז געוועז צוריקגעהאַלטן לגבי סאָניען און זי נישט באַקאַנט מיט אירע שכנות. זי האָט זיך קרעמפּירט מיט דער נייער עולה — די פּליטה. זי האָט אָבער איינגעטענהט מיט איר מאַן, אַז סאָניע שפּילט די „דאַמע״. אויך אירע זין די „סאַברעס״ האָבן נישט סימפּאַטיזירט מיט סאָניען. זיי איז געווען פרעמד איר העפלעך, אָנגעשטרענגט באַנעמען זיך, איר שטענדיק גרייטער שמייכל אויף אירע ליפּן און איר כסדר אַנטשולדיקן זיך. זיי האָבן זיך חושד געווען, אַז זי חנפעט זיי, כאָטש זיי האָבן נישט פאַרשטאַנען איר לשון. זי האָט טאַקע כסדר גערעדט פּויליש, אָבער „בבקשה״, „גברת״, האָט זי געזאָגט אין עברית. דערפאַר האָט דוד און יצחק, חנהס זין, איר צוגעקלעפּט דעם צונאָמען „בבקשה גברת״.

# ג

פון זינט ניסימס פאָטער איז געשטאָרבן, זענען שוין פאַרביי צוויי צענדליק חדשים. ניסים איז דער גבור, וואָס די גבורה שפּאַרט פון אים. ער איז נאָך שטאַרקער, ווי געווען. ער איז זאַט, זיין קערפּער יאָדערדיק. ער איז הויך, זיין פּנים איז ערנסט און גוטמוטיק, ווי ביי אַ קינד. זיין עסק, די יאַטקע אין ראָג פון יאַטקע־געסל, וואָס ער האָט געירשנט פון פאָטער, איז איצט די „יאַטקע״ אין מאַרק. די גרויסע קילשאַנק פון געשליפענעם אַלומיניום גלימערט און וואַרפט זיך די פאַרבייגייער אין די אויגן. די קונים קומען גערן צו אים אין יאַטקע קויפן. ער פאַרקויפט כל מיני פליישן. אין דער יאַטקע איז ריין. ער באַהאַנדלט העפלעך און ראַיעל. דאָס אַלץ האָט משפּיע געווען אויף זיינע קונים. ניסים האָט נאָך איינגעקויפט און צוגעשטעלט פלייש אין די „מזרח״־רעסטאָראַנען אין שטאָט, געפירט דעם משׂא־ומתן מיט די סוחרים. אין יאַטקע האָט ער געהאַלטן אַ געזעל, וואָס האָט געהאַקט ס׳פלייש און באַדינט די קונים. זיינע רווחים זענען כסדר גרעסער געוואָרן. ער האָט זיין געלט נישט געהאַלטן אין באַנק. ער האָט נישט געוואָלט, אַז מענטשן זאָלן וויסן, וויפל ער פאַרדינט. זיין פאַרמעגן האָט ער געהאַלטן אין אַן ערדענעם טאָפּ אין אַ „סליק״ אונטער די באַלאַטן, וואָס אויף זיי איז געשטאַנען די שאַנק. נאָר ער האָט געוווּסט דאָס באַהעלטעניש. ער האָט נישט געוואָלט אינוועסטירן זיין געלט אין נאָך געשעפטן. די איינציקע אינוועסטיציע,

וואָס ער האָט זיך דערלויבט, איז געווען זיין ביי הויז, וואָס ער האָט זיך אויסגעבויט.

זיין קליין, צוויי־צימערדיק הייזל איז איצט געווען די אָפּיצינע אין הויף. פון פאָרנט, אין פראָנט, איז געשטאַנען זייך ביי הויז מיטן געגאָסענעם דאַך און בלויען טינק־שפּריץ אויף די ווענט. די שטאַרן איבערן די פענצטער האָבן זיך געראָלט. דער הויף, וואָס האָט פאַראייניקטביידע הייזער זיינע, איז געווען גע־פלאַסטערט. זיין ביי הויז איז געווען זיין שטאָלץ. ער האָט געוווסט, אַז עס פאַרשאַפט אים אָנזען. טראָץ דעם, וואָס ער איז נאָך יונג, איז ער שוין געווען אַ בעל־הבית אין דער שכונה. אין דעם נייעם הויז האָט ער אַליין געוווינט. אין איינעם פון די צימערן איז געשטאַנען זיין בעט. געגעסן און פאַרברענגט האָט ער ביי דער מוטער, וואָס האָט געוווינט אין דעם אַלטן, קליינעם הויז. זיין הויז איז כמעט געווען ליידיק.

ניסימס מוטער איז שווער געווען זיך צו שיידן מיט די צעקרומטע ווענט פונעם קליינעם, ווי איינגעזונקענעם אין דער ערד, הויז. דאָס הויז, אין וועלכן זי האָט געלעבט מיט רחמים, איר מאַן. עס האָט נישט לאַנג געדויערט פון זינט ער איז נפטר געוואָרן און די זיקנה האָט געלייגט דעם חותם אויף איר. איר אונטערשטע ליפּ איז אַראָפּגעהאָנגען, ווי איר מויל זאָל זיין אָפן. אירע האָר זענען געוואָרן גרוי. אירע אויגן זענען געווען צונויפגעצויגן און טריב. זי איז אַלץ מער און מער געבליבן אין שטוב און זיך דערמאָנט אין די טעג — דעם אַמאָל, ווען רחמים איז געווען דער הערשער אין הויז און זי האָט מיט הנאה אים באַדינט. אַלץ אין הויז האָט זי דערמאָנט דעם אַמאָל: דער קיילעכדיקער, נידעריקער, פּאָלירטער טיש מיט די געבעטע טאַבאַרעטן אַרום; די בונטע, קאָלירטע דיוואַנען אויפן פּאָל, די בילדער אויף די ווענט: עקדת־יצחק, חלום־יעקב, דער בלינדער שמשון הגיבור ברעכט די זיילן פונעם פלישתים־מקדש, די האַלב־נאַקעטע פרוי, וואָס ליגט אויפן בעט און מלאכים קומען איר אָנזאָגן אַ בשורה — דאָס איז געווען איר מלכות.

ניסים דער זון — דער שטאַרקער מאַן, האָט אָפּגעגעבן כבוד דער מוטער. ער האָט איר נישט געקאַרגט און איר האָט גאָרנישט געפעלט. זי האָט שטענדיק געהאַט געלט ביי זיך און געקענט אויסגעבן אויף וואָס זי האָט געוואָלט. איצט האָט ניסים זיך באַצויגן אַנדערש צו איר, ווי פריִער. ער האָט געהיטן איר כבוד, מיט איר נישט איינגעטענהט, נאָר מסכים געווען מיט איר יעדער מיינונג. טאָמער האָט ער יאָ געטאָן קעגן איר ווילן, האָט ער עס געטאָן געהיים, זי זאָל נישט וויסן. אויך זיינע בראַוווּר־רייזעס מיט זיין מאָטאָציקל האָבן אויפגעהערט, ווי אויך זיינע צוזאַמענטרעפן מיט די מיידלעך פון דער שכונה.

די ברוין־הויטיקע, יאָדערדיקע איסליא איז געווען אַן אַלמנה מיט צוויי קליינע קינדער, אַ זון און אַ טאָכטער. זי האָט געאַרבעט ביי אים אין יאַטקע, געריייניקט די שעפּסן־געדערים און זיי פאַרקויפט. איסליה האָט געהאַט פעך־שוואַרצע, געדיכטע האָר, אַ פולן יאָדערנדיקן בוזעם, אַ פליישיק באַחנט פּנים, אַ קורצע נאָז, דיקע ליפּן און אַ גאָלדענעם צאָן פון פאָרנט, וואָס האָט געגלימערט,

ווען זי האָט געערעדט. זי האָט געאַרבעט אַ גאַנצן טאָג אין דער יאַטקע. אָבער אויך אין די אָוונט־שעהן איז זי נישט געווען פריי פון ניסימען. זיי האָבן געהאַט אַ געהיים אָרט, ווו זיי האָבן זיך געטראָפן, אָבער פאַר די מענטשנס אויגן פון דער שכונה איז קיין שום זאַך נישט געווען פאַרבאָרגן.

זיין די טעמע אין די מיילער ביי די מענטשן אין דער שכונה איז געווען זייער גרינג, אַפילו, ווען עס איז נישט געשען עפּעס ספּעציעלעס. די ענגשאַפט האָט אַוועקגענומען יעדע מחיצה. יעדער האָט געוווסט, וואָס עס קומט פאָר ביי זיין שכן. אין דער שכונה זענען נישט געווען קיין סודות. די ווייבער, וואָס האָבן אין די אָוונטן פאַרברענגט זייער צייט אויף די שוועלן פון זייערע הייזער, געזעסן אויף אונטערגעלייגטע אונטער זיך פּיס, האָבן אַלץ געוווסט.

זיי זענען געזעסן לענג־אויס די הייזער, אָנגעלענט אין די ווענט, אָדער געזעסן אַרום אין אַ קרענצל און בנעימותדיק זיך דערציילט די געשעענישן אין דער שכונה. זייערע רייד האָבן זיך געדריוולט ווי אַ וואָלענער פאָדעם, וואָס דריוולט זיך פון אַ געשטריקטן בגד, וואָס טרענט זיך. זיי זענען געזעסן און מיט די הענט אַרומגענומען זייערע קני און זיך נישט גערירט, נאָר זייערע ליפּן האָבן זיך באַוויגן. באַגלייט זייערע שמועסן האָבן די אויגן זייערע. זייערע אויגן האָבן געגליט, אָדער זיך געלאָשן, געווען פול יִיאוש, צער אָדער פרייד, אָנבאַלאַנגט ווענן וואָס זיי האָבן געשמועסט.

אָט זיצן פינף ווייבער אין ראָג פון ניסימס געסל און שמועסן בנעימותדיק, ווי שטענדיק. זיי זיצן און רירן זיך נישט. איינע קוקט אויף דער אַנדערער מיט דורכדרינגלעכע בליקן. נאָר זילפּהס דינע ליפּן באַוועגן זיך און פון איר מויל פליסן מאָנאָטאָנע קולות, ווי ביי אַ הון, ווען זי גרייט זיך לייגן אַן איי. זילפּה האָט נישט אַדורכגעלאָזט קיינעם פון די שכנים אין געסל. זי איז דעם אָוונט געווען די לעבעדיקע צייטונג פאַר דער רעשט ווייבער אין געסל. זי האָט געערעדט לויט אַ סדר און נישט אַדורכגעלאָזט די קלענסטע געשעעניש אין געסל: די דאַרע טונה שוואַנגערט — דאָס איז איר פינפטע שוואַנגערשאַפט און גאָט וועט העלפן, זי איז אַ געזונטע יידענע. יעקב דער מויערער איז שוין צוויי וואָכן נישט אין דער היים — ער אַרבעט אין אַ קיבוץ אין נגב. יפה, זיין ווייב, מוטשעט זיך מיט זייערע פיר פּיצלעך קינדער. יוסף דער גברן — דער באַלאָטן־לייגער, מיט דער געשפּאָל־טענער ליפּ, איז געקומען אַהיים אַ שיכורער און געשלאָגן ס׳ווייב, די קליינע לאה, מיט די דאַרע אויסגעבויגענע פיס. דוד, וואָס האָט אַ דריירעדלדיקן וועלאָסיפּעד, האָט דעם ווייב געברענגט אַ מתנה: אַ געבלומטע זייד אויף אַ קלייד. ער האָט ליב זיין דיקע מרים. מרים האָט צוויי קינדער, דאָס דריטע איז אין וועג. אהרן, דער שניט־סוחר, איז שוין עטלעכע טעג נישט געקומען אין קראָם. ער פילט זיך שלעכט. ער שלוקעכצט און עס איבלט אים. דער רופא האָט אים געהייסן טרינקען מענטע. גוט, וואָס דער זון איז שוין גרויס און קען אים פאַרטרעטן אין קראָם. פאַראַן ביי אים אַ שטוב מיט קינדער. זילפּה האָט געערעדט און געסאָפּעט. זי האָט געליטן פון אַסטמע.

די ווייבער האָבן זיך צוגעהערט צו אירע רייד בנעימות און נייגעריק. וואָס זילפּה האָט זיי דערציילט, האָבן די ווייבער ביחידות דערציילט זייערע מענער מיט כוונה, אַז זייערע מענער זאָלן נאָכטאָן די גוטע מעשׂים און נישט טאָן די שלעכטע זאַכן. יעדע משפּחה האָט געהאַט אינטערעס, אַז די מענטשן אין איר געסל זאָלן וואָס ווייניקער רעדן וועגן זיי, אָבער די ענגשאַפט האָט פּאַראייניקט אַלע אין געסל אין איין „חמולה", וואָס זענען געווען שותּפים צו פרייד און לייד. זיי האָבן זיך געשעצט, אָדער געהאַסט. נאָר די נייע משפּחה, שמואל מיט דער טאָכטער, זענען געבליבן פרעמד צווישן זייערע שכנים, כאָטש זיי וווינען שוין עטלעכע חדשים אין דער שכונה. זיי איז שווער זיך צונויפרעדן מיט שמואלן. זיי איז פרעמד זיין אַשכנזיש עברית, ווי ער זאָל קייען די ווערטער. סאָניע האָט בכלל נישט פאַרשטאַנען דאָס לשון פון די שכונה־איינוווינער. אַז זי האָט געוואָלט זיך אַדורכרעדן מיט דער בעל־הביתטע וועגן אַן ענין, האָט זי מיט איר גערעדט מיט די פינגער ווי אַ שטומע.

אָבער די געשעעניש, אַז דער דאַרער, הויכער ייִד מיט דער פּאַטריאַרכאַלער באָרד און זיין הויכע, בלאָנדע טאָכטער וווינען סטאַביל אין דער שכונה, האָבן אַלע געוווּסט, איבערהויפּט די יוגנט. אַלע בחורים אין דער שכונה האָבן געזען די העל־הויטיקע סאָניע, איר שלאַנקן קערפּער, אירע געפאָרעמטע פיס, וואָס האָבן געשפּאַנט שטאָלץ און נאָכגיביק און זיך אָנגעזען ביי אַלע. איר דערשיינען אין דער שכונה האָט געמאַכט אַן איינדרוק. פאַרבייגייענדיק אין גאַס, האָבן צעגליטע בליקן פון אַלטע און יונגע מענער זי באַגלייט. יעדער בחור האָט געוווּסט, ווו זי וווינט. יעדער פון זיי האָט געזוכט די געלעגנהייט זיך צו דערנעענטערן צו איר.

זי איז טאַקע יעדעס מאָל איבערראַשט געוואָרן, ווען זי האָט זיך אָנגעשטויסן אויף דעם מאַן, וואָס כמעט יעדן טאָג איז ער אַנטקעגנגעקומען און אין דער לעצטער רגע שטיין געבליבן און זיך נישט צוזאַמענגעשטויסן. זיינע גליִענדיקע אויגן און צעשפּרייטע נאָזלעכער האָבן עדות געזאָגט, אַז די תּאווה פרעסט אים און ער גלוסט צו איר. זיינע צונויפגעפּרעסטע ליפּן האָבן אַ פליסטער געטאָן: — „אַנטשולדיקט" — אָבער זי, אַ דערשטוינטע, האָט אַוועקגעדרייט דעם קאָפּ און איילִיק אַוועק אָן אַ פּיפּס צו טאָן.

אָפט האָט אַ כאָפּטע דרייסטע בחורים געפּרוּווט איר שטערן די רו. אין זייערע שמאָלע, אויסגעפּאַסטע הויזן און העמדער אין קראַטן, אויפגעשטעלטע קעלנער און אויסגעשמירטע מיט ברילִיאַנטין, פאַרקעמטע אַרויף טשופּרינעס, האָבן זיי גע־מאַכט אַ רעש אונטער איר פענצטער. זיי האָבן אויסצעניזירט אַ געשלעג צווישן זיך און געשריגן אויף קולי־קולות: — כאַפּט אים: יאָג אים! — ווי זיי וואָלטן זיך נאָך וועמען יאָגן. זיי האָבן געמיינט, אַז סאָניע וועט אַרויס אויפן הויף, אָדער צוגיין צום פענצטער, זען, וואָס עס קומט פאָר אין גאַס.

זיי האָבן געוואָלט זי זען. נישט איין מאָל, ווען זי איז געגאַנגען אין גאַס און גליִענדיקע אויגן האָבן זי באַגלייט, האָט זי פאַרשנעלערט אירע טריט און אַריינ־

געפאַלן אין שטוב אַ פּאַרסאַפּעטע פון אַנשטרעגונג און אויפרעגונג. זעענדיק דעם פאָטער, האָט זי אים געזאָגט: — אַ שרעק דורכצוגיין די גאַס!

דעם פאָטערס גוטמוטיקע אויגן האָבן מיט נחת אַנגעקוקט די טאָכטער, אָבער זיין לענגלעך, קנאָכיק פּנים איז געוואָרן ערנסט. ער האָט פאַרביסן זיינע ליפּן און געשוויגן. אַ וויילע שפּעטער האָט ער זיך צערעדט. ער האָט גערעדט שטיל און פּאַמעלעך, ווי ער זאָל אַריינרעדן אין זיין באָרד: יידן, גוטע יידן, יידן פון דער גאַנצער וועלט.

— יאָ, יאָ, — האָט זי אים געענטפערט אַ גערירטע.

די גלײַענדיקע אויגן, די ברוינע, אויסראַזירטע פּנימער, מערסטנטייל באַצירט מיט אַ דין, אויסראַזירט וואָנסעלע, זענען איר געווען פרעמד. אָבער זייער העזה איז איר געפעלן. ווען קיינער האָט נישט געזען, האָט זי בגניבה, אָן זיך צו טרויען, געכאַפּט אַ קוק אויף אַ הויכן, ברייטביייניקן, שלאַנקן בחור. פּאַמעלעך, פּאַמעלעך האָט זי אָנגעהויבן אונטערשיידן זייערע פּנימער. פון אָנפאַנג זענען אַלע פּנימער ביי איר געווען די זעלבע. זי האָט אין זיי שוין אויסגעשיידט די רויע און די גוטע צווישן זיי.

אין דער שכונה האָבן אַלע זי געקענט. זיי האָבן געוווּסט, ווער זי איז, ווו זי וווינט און ביי וואָס זי אַרבעט.

אָבער ספּעציעל אינטערעסירט מיט איר האָט זיך רפי, דער טאַקסי־שאָפער. רפי, מיט זיין שלאַנקער געשטאַלט און שוואַרצער טשופּרינע, האָט געוווּסט די שעהען, ווען זי גייט אַוועק און ווען זי קומט. פון וויטנס האָט ער איר נאָכשפּיאָנירט און זי באַגלייט מיטן בליק פון וויטנס, מיט דער לינקער האַנט אין דער הויזן־טאַש. נישט איין מאָל, ווען ער האָט זי דערזען גיין, איז ער מיט זיין טאַקסי צוגעפאָרן ביזן ברעג טראָטואַר און האָסטיק פאַרהאַלטן די מאַשין.

זי איז שטיין געבליבן אַ דערציטערטע. ער האָט געוואָרט, זי זאָל צו אים רעדן, אַפילו באַליידיקן. אָבער זי האָט נאָר אַ קוק געטאָן אויף אים און ממשיך געווען איר וועג.

נישט איין מאָל איז ער געשטאַנען ביי אַ ראָג פון אַ הויז און געוואַרט, אַז זי זאָל אַרויסגיין, געוואָלט זען די הויכע, יאָדערדיקע געשטאַלט, ווי זי באַוועגט זיך נחתדיק, גראַציעז.

זי האָט געוווּסט, אַז רפי גייט איר נאָך און אין האַרצן געווען שטאָלץ און צופרידן. נישט איין מאָל האָט זי אויך אַ טראַכט געטאָן: „ווען איך זאָל געפינען לשון מיט אַזאַ טיפּ".

נאָר לרוב האָט זי אים אויסגעמיטן, זיך נישט געוויזן אים. רפי האָט זיך נישט געפונען קיין אָרט און רו. ער האָט געמיינט, אַז זי איז קראַנק, אָדער אַוועקגעפאָרן. אָבער ער האָט שעהען זי אָפּגעוואַרט ביי איר הויז. אין אַן אָוונט האָט ער זי איבערראַשט. ווי נאָר זי איז אַרויס פון הויז איינקויפן, איז ער צו איר צוגעגאַנגען אַ גליקלעכער, אַז סוף כל סוף זעט ער זי. — שלום! — האָט ער דרייסט איר געזאָגט און ווי אַ דזשענטעלמאַן געוואָלט אַרויסנעמען פון איר האַנט

דאָס קיישל מיט די עטלעכע פלאַשן. אַ דערשראָקענע, ווי ער זאָל זי האָבן באַפאַלן, האָט זי מיט אַלע כוחות אַ ריס געטאָן ס׳קיישל פון זיינע פינגער, זיך אויסגעדרייט און צוריקגעלאָפן אין שטוב. זי האָט פאַרשלאָסן די שטוב און אָפּגעאָטעמט אַ דערשיטערטע. אָבער אַ צייט שפּעטער, ווען זי האָט זיך באַרויִקט, איז זי צוגעגאַנגען צום פענצטער זען, צי ער איז נאָך דאָ. זי האָט נאָר געזען אין ראָג געסל זיין רוקן, וואָס האָט זיך דערווייטערט. ער איז געגאַנגען מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ און געשטעלט די פיס, ווי זיי זאָלן זיך אים פּלאָנטערן.

די געשעעניש האָט געווירקט אויף רפין, אָבער נאָר אויף אַ קורצער צייט. באַלד האָט ער ווידער איר נאָכגעקוקט, אָבער פון דער ווייטנס.

אויך ניסים האָט געוווּסט, אַז סאָניע מיטן פאָטער וווינען אין דער שכונה. עטלעכע וואָכן שוין, ווי אויך ער קוקט איר נאָך אין גאַס. איר העלע הויט און אירע בלאָנדע האָר האָבן אויך אים פאַרכאַפּט. אָפט, ווען ער איז געזעסן אין קאַפע אָדער געשטאַנען אין דער יאַטקע, און זי איז פאַרבייגעגאַנגען, האָט ער פאַרזשמורעט די אויגן. זעענדיק איר שלאַנקע, יאָדערדיקע געשטאַלט, דאָס וויגן זיך פון אירע ברוסטן ביים גיין, האָט ער דערפילט, אַז עס פאַרכאַפּט אים דעם אָטעם און ער האָט אַ קריץ געטאָן מיט די ציין.

זיין יצר האָט אים געשטויסן, ער זאָל צו איר צוגיין. אָבער יעדעס מאָל האָט ער אין דער לעצטער רגע זיך אָפּגעהאַלטן דערפון. נישט איין מאָל, ווען ער איז געזעסן אין קאַפע ביי אַ גלאָז ביר, אָדער אַ שעלכל אויסגעקילטע קאַווע, און זי איז פאַרבייגעגאַנגען אין גאַס, איז ער פאַרכאַפּט געוואָרן פון איר מאַיעסטעטישן טריט, געפאָרעמטע פיס און אירע ביאָדרעס, וואָס האָבן זיך באַוויגן רעגלמעסיק, ווי די רודערס ביי אַ שיפל, וואָס שווימט. ער האָט נאָך אַלץ געזען איר בלאָנדן, פאַרקעמטן קאָפּ מיטן קאָקס, איר ברייטן דעקאָלט מיט איר גלאַטיקן בוזעם. מיט זיין אינסטינקט האָט ער געפילט, אַז אויך רפי גייט איר נאָך. אין אַן אָוונט איז סאָניע צוגעגאַנגען צו אַ סטראַגאַן אין מאַרק, זיך אָפּגעקליבן טאָמאַטן. ניסים האָט דערזען, אַז אויך רפי איז צוגעגאַנגען צו דעם סטראַגאַן, ווי אויך ער זאָל וועלן קויפן טאָמאַטן.

ניסים, וואָס איז געזעסן אויף דער שוועל פון יאַטקע מיטן רוקן אָנגעלייגט אין וואַנט, האָט זיך אַ טרייסל געטאָן פון כעס. דאָס בלוט האָט אים אַ שטראָם געטאָן אין קאָפּ. זיינע אויגן־ווייסלען זענען געוואָרן רויט. זיינע נאָזלעכער האָבן זיך צעשפּרייט, אים האָט פאַרפעלט אָטעם. ער האָט פאַרביילט די פויסטן, געוואָלט זיך וואַרפן אויף רפין און קוים זיך איינגעהאַלטן, נישט געטאָן דאָס. ער האָט זיך אויפגעשטעלט, צוריק אַריין אין דער יאַטקע און אַרויסגעקוקט צו זען, וואָס עס קומט פאָר.

סאָניע האָט געקויפט טאָמאַטן, באַצאָלט דעם פאַרקויפער און אַוועק אַהיים. סאָניע האָט געפילט, אַז מען גייט איר נאָך. זי האָט פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז רפי. זי האָט נישט אויסגעדרייט דעם קאָפּ. זי האָט נישט געוואָלט, אַז זייערע בליקן זאָלן זיך טרעפן. זי האָט נאָר פאַרשנעלערט אירע טריט. רפי האָט זיך געוויגט

אין גייז, ווי אַ שכור, און געשטעלט די פיס ווי, ער זאָל קלייבן די שטיינער, אויף וועלכע ער טרעט.

סאָניע איז שטיין געבליבן פאַר דער טיר פון איר הויז. אויך רפי איז שטיין געבליבן. פּלוצים האָט ער אַ וואָרף געטאָן מיט דער האַנט פון אויבן אַראָפּ פון רחמנות צו זיך אַליין, זיך אויסגעדרייט, און צוריק אַוועק מיט דעם זעלבן וועג, וואָס ער איז געקומען.

פון דעם אָוונט אָן האָט ניסים נישט געפילט קיין טעם אין לעבן. די כלים זענען אים געפאַלן פון די הענט. אָפט האָט ער געציטערט פון אויפרעגונג. ער האָט געאָטעמט שווער און שנעל. ער איז אַריין און אַרויס פון דער יאַטקע, אַהין און צוריק. אויך אין דעם קליינעם קאַפע אַנטקעגן דער יאַטקע, ווו ער איז געוווינט געווען צו זיצן, האָט ער זיך נישט געפונען קיין אָרט. ער איז אַריין און אַרויס, נישט געקענט איינזיצן. דריי מאָל האָט ער באַשטעלט קאַווע און מבטל געמאַכט די באַשטעלונג. ער האָט זיך נישט געפונען קיין אָרט און פון אויפרעגונג געציפּט זיך זיין דין וואָנסעלע.

נאָך דעם זעלבן אָוונט איז ניסים געגאַנגען זיך אַדורכרעדן מיט רפין. רפי איז געזעסן אין זיין טאַקסי ביי אַן אָפענער טיר מיט די פיס אין דרויסן. ער איז נאָר וואָס געקומען פון אַ נסיעה. זעענדיק אים, האָט ניסימען געוווּמען ציטערן די אונטערשטע ליפּ און ער האָט זיך צעשריגן: — רפי, וואַרט! ער האָט געמיינט, אַז רפי וויל זיך אָפּטראָגן. רפי איז זיצן געבליבן. זיין קערפּער האָט זיך אַריינגעלאָזט אין געזעס. ניסים איז צו אים צו מיט אימפּעט. ער האָט פאַרזשמורעט די אויגן, אַוועקגעבויגן דעם קאָפּ און געעפנט ס׳מויל מיט אַ געשריי: — לאָז אָפּ די גאָלדענע! דו הערסט?! רפי איז געבליבן אַן איבערראַשטער. זיינע דערשראָקענע אויגן האָבן אַרויפגעקוקט צו ניסימען. ער האָט געשוויגן און זיין האַרץ האָט געטיאָכקעט.

ניסים האָט אָפּגעזאָגט די עטלעכע ווערטער, זיך אויסגעדרייט און פאַרשוווּנדן אין אַ זייטיק געסל. רפי האָט זיך באַהערשט און אים נאָכגעקוקט מיט אַן אויסגעשטרעקטן קאָפּ. ער האָט זיך איבערגעלייגט ניסימס רייד. ער האָט פאַרשטאַנען ווייער באַדייט: „דו הערסט?!" וואָס ער האָט געשריגן צו אים.

מיטוואָך. די זעלבע וואָך, נאָכמיטאָג. דער טאָג, וואָס די ווייבער גייען אַרויס אין מאַרק איינקויפן אויף שבת, איז ניסים געווען באַשעפטיקט ביי זיך אין יאַטקע, ווי שטענדיק. דער אויסגעשפּרייטער איבער דער שכונה הימל איז געווען בלוי. דאָ, דאָרט, האָט זיך אויפן הימל פאַרקליבן אַ געדיכטער וואָלקן, וואָס האָט אָנגעזאָגט דעם ווינטער. פון מאָל צו מאָל האָט אַ שאַרפער ווינט זיך אַריינגעריסן אין די געסלעך, פונאַנדערגעיאָגט די אין וועג געטראָפענע פּאַפּירן, אויסגעקערט די געסלעך, געהאַקט און אונטערגעהויבן די דעכלעך פון די סטראַגאַנעס אין מאַרק, געפויקט מיט די אונטערגעהויבענע בלעכן. אָבער דער רעש איז פאַרשלונגען געוואָרן אינעם המון־געפילדער אין מאַרק. אַלע גאַסן און געסלעך זענען געווען אָנגעשטאָפּט מיט מענטשן. די זענען געקומען און די זענען אַוועקגעגאַנגען, נאָר

אַלע האָבן זיך געדריקט און געשטופּט, געוועזן איין קנויל, אַ קנויל מיט אַ סך קעפּ, וואָס האָבן זיך געוויגט, ווי עס וויגט זיך תבואה אין אַ ווינט.

אַרום די סטראַגאַנעס, טישן אוןביידלעך אין מאַרק האָט זיך געטומלט. עס האָט געזשומעט, ווי אין אַ בינשטאָק. דער געדראַנג אַרום יעדן שטאַנד איז געווען אומגעהויער. די אָנגעסדרטע אויף זיי גרינסן האָבן געבלאַנקט, ווי געראָפן די ווייבער זיי זאָלן קויפן. אָט ליגן די קיילעכיקע הויפּטן קרויט, די טשובאַטע, מיט בלעטער באַוואָקסענע קאַלאַפיאָרן, די גראַנאַט־בייכיקע חצילים, די רויטע, ווי פּאָלירטע טאָמאַטן, די באַבערדטע ציבל און די קעפּלעך קנאָבל. די אַלע גרינסן אויף די טישן זענען געלעגן אָנגעלייגט קאָפּיאַסטע אָדער אין פּיראַמידן. ביי דער זייט, אויף דער ערד, זענען געשטאַנען די קאַסטנס קאַרטאָפל מיט זייערע אויגן, ווי זיי וואָלטן געקוקט אויף די קונים. אויף די פונאַנדערגעשפּרייטע אויף דער ערד דערעס זענען געלעגן הורמעס מאַראַנצן, מאַנדאַרינען און גרעיפּפרוכטן, וואָס האָבן מיט זייער רויט, גרין און אָראַנזשן־קאָליר גאַצויבערט די מענטשנס בליקן.

דערגעגנצט דעם פאַרבן־שלל האָט דער שאַרלאַך, דער שוואַרץ, דער ברוין, דער גרוי און גרין פון די געווירצן אין די גלעזערנע סלאָיען. אָנגעשטאָפּטע זעק און זעקלעך מיט רייז, בעבלעך, לאָקשן און ערד־ניסלעך זענען געשטאַנען אויס־געסדרט אויף דער ערד אַרום די טישן, ווי זיי זאָלן אונטערשפּאַרן די שטייענדיקע אויף זיי סלאָיען. די לופט איז געווען דורכגעזאַפּט מיט דער פּייכטער זיסקייט, געווירצן־האַרבקייט און געווען פאַרמישט מיט דער בלוט־זויערקייט פון די צעלייגטע איבער די טישן שטיקער שעפּסן־פלייש. פון די אָפּגעהאַקטע קעפּ האָט געטריפט בלוט. זייערע פאַרגלייזטע אויגן האָבן געהיטן דעם לעצטן אָטעם־ציטער און געקוקט שטאַר, ווי זיי וואָלטן זיך געקלאָגט פאַר די קונים. אַנטקעגן זענען געהאָנגען אויף האָקנס אַ גלייכע שורה געפּליקטע הינער. נעבן זיי זענען געשטאַנען שטייגן מיט הינער, וואָס האָבן דערוויל אומשולדיק געקוואַקעט. אין קאַסטנס זענען געלעגן פיש מיט גלימערדיקע שופּן און אָפענע מיילער נאָך זייער לעצטן אָטעם דאָ אויף דער יבשה. פון זיי האָט זיך געטראָגן אַ פאַרפוילטע טוכלעקייט.

קלינגענדיקע מענערישע שטימען, וואָס האָבן זיך צונויפגעגאָסן אין געהילך פון קולות, האָבן אָן אויפהער געשריגן און אויסגערופן: „אַ יי! אַ יי! פרישע סחורה, עקסטראַ! לאַלקעס! ווער האָט געזען?! ווער האָט געהערט?!" אַן אָפּהילך פון איינגעקלאַפּטע הענט האָט באַגלייט די געקרייזלטע, קלינגענדיקע מעלאָדישע אויסרופן. אין דעם עם רב האָט זיך אויך געפונען סאָניע. מיט אַ קיישל אין האַנט האָט אויך זי זיך געשטופּט אינעם מענטשן־ווירוואַר, געטאָרעוועט זיך אַ וועג. דער ווינט האָט צעשויבערט אירע האָר. די באַקן אירע זענען געווען פאַררויטלט. זי איז געגאַנגען צום געסל, ווו מען קויפט עסנוואַרג.

ניסים איז געשטאַנען אין יאַטקע אַ פאַרטוענער, געוויגן פלייש פאַר די קונים און גענומען געלט. פלוצים האָט ער אינסטינקטיוו אויפגעהויבן זיין קאָפּ און שטיין געבליבן אַ פאַרגליווערטער מיטן קצבישן מעסער אין האַנט. זיינע שוואַרצע, פייכטע אויגן האָבן אַ גלי געטאָן און זיי האָבן גענומען לויפן אַהין און צוריק, ווי זיי זאָלן

אָט, אָט אַרויסקריכן פון זייערע לעכער. ער האָט אַוועקגעוואָרפן דאָס מעסער, פון זיך אַראָפּגעוואָרפן די ווייסע, פאַרבלוטיקטע שערץ און ווי אַ טיגער אַריבער־געשפּרונגען איבערן טיש, אָן צו לייגן אַכט ווי זיין באַנעמען זיך וועט ווירקן אויף די קונים.

אין געסל איז געשטאַנען סאָניע, ווי זי זאָל זיך איבערלייגן, וווּ אַהין זי זאָל גיין. ניסים איז פאַר איר שטיין געבליבן, ווי ער זאָל האָבן אויסגעוואַקסן פון דער ערד אַרויס.

אַן איבערראַשטע האָט סאָניע זיך צוריקגערוקט, געוואָלט פון אים אַנטלויפן. אָבער דער מענטשן־קנויל האָט פאַרשטעלט איר דעם וועג. זי האָט אָפּגעאָטעמט און אים אָנגעקוקט מיט אַ דורכדרינגענדן בליק. זי האָט געוווּסט, ווער ער איז. זי האָט געוווּסט, אַז ער איז אַ קצב און לעצטנס קוקט ער איר נאָך. זי האָט אים איצט געזען שטיין פאַר זיך מיט צעשפּרייטע נאָזלעכער, גלי̇ענדיקע אויגן און געפּרייכט. זי האָט אים איצט געזען אין זיין גאַנצער פּראַכט און קראַפט. אַ לייכטער שמייכל האָט פאַרזשמורעט אירע אויגן. ניסים האָט מיטן חוש דערפילט, אַז ער געפעלט איר. אַ גוטמוטיקער שמייכל האָט אויסגעקרומט זיין גלאַטיק פּנים און עטוואָס פאַרריסן זיין נאָז. זיינע אויגן־ווייסלען זענען געלאָפן אַהין און צוריק. מיט אַ מאָל האָט ער געשטעלט אַ ברייטן טריט, זיך דערנענטערט צו איר און געזאָגט איר: — „איך בין ניסים דער קצב!“ סאָניע האָט זיך פאַרלוירן. זי האָט דערשטוינט אים אָנגעקוקט, ווי ערשט איצט זאָל איר האָבן קלאָר געוואָרן, ווער ער איז. זי האָט געוואָלט גיין ווייטער, אָבער זי איז שטיין געבליבן און נייגעריק אים אָנגע־קוקט: — „קום, איך וועל דיר פאַרקויפן גוט פלייש“ — האָט ער איר געזאָגט. זיין קול איז געווען ווייך.

סאָניע האָט געעפנט ס׳מויל, געוואָלט אים ענטפערן, אָבער ניסים האָט אויס־געשטרעקט די האַנט, איר אַרויסגענומען פון האַנט ס׳קוישל און זי געבעטן — „קום!“ — „ניין!“ — האָט זי אים געזאָגט, געוואָלט זיך ווערן, אָבער זי איז אים נאָכגעגאַנגען, ווי אַ פאַרבלאָנדזשעט קינד.

# ד

דעם זעלבן אָוונט האָבן זיי זיך געטראָפן. זי האָט געוואַרט אויף אים און איר האַרץ האָט געטיאָכקעט. די צייט האָט זיך געשלעפּט פּאַמעלעך. זי האָט זיך קיין אָרט נישט געפונען. זי האָט געוואָלט זיך פאַרטאָן. זי איז אַריין אין קיך, גענומען גרייטן די שבתדיקע מאַכלים, זי האָט אָבער איבערגעריסן די אַרבעט. זי האָט זיך אַוועקגעזעצט איבערקלייבן אַ טעלער רייז, אָבער אויך דערצו נישט געהאַט קיין געדולד. זי האָט געפּרוּווט רוימען די וווינונג, אָבער די הענט האָבן זיך איר נישט געלייגט צו דער אַרבעט.

אַ צערייצטע און אויפגערעגטע, האָט זי אויף אים געוואַרט און גלייכצייטיק געהאָפט, ער זאָל נישט קומען. די גאַנצע צייט האָט איר געדאַנק געאַרבעט: אַ שגעון. נישט געדאַרפט אים פאַרבעטן אין שטוב. זי האָט פאַרגעסן, אַז פון פּחד האָט זי נישט געוואָלט זיך מיט אים טרעפן ווו אַנדערש. פּלוצים האָט זי זיך דערמאָנט, אַז ווען ניסים האָט זי אַרויסבאַגלייט פון דער יאַטקע, האָבן זי אויך באַגלייט די בליקן פון געזעלן און פון דער פּרוי, וואָס רייניקט די געדערים פון די בהמות. וואָס וועלן זיי טראַכטן וועגן איר? אין דער זעלבער צייט איז זי צוגעגאַנגען צום קיילעכיקן שפּיגל אויף דער טיר פון שאַנק, זיך אָנגעקוקט, אָנגעצויגן אויף זיך דאָס קלייד און צוגעגלעט די האָר. אַ לייכטער קלאַפּ אין טיר האָט איבערגעריסן איר נאָכטראַכטן. זי האָט קוים אָפּגעאָטעמט און אין דער טיר איז געשטאַנען ניסים.

ער האָט פאַרמאַכט נאָך זיך די טיר און שטיין געבליבן אַ צעשמייכלטער. ער איז געשטאַנען נישט דעצידירט. ער האָט נישט געוווסט, ווי אַזוי ער דאַרף זיך אויפפירן און אין פאַרלעגנהייט באַטראַכט דאָס צימער.

סאָניע איז געבליבן אָן אָטעם. אַ ווײַלע שפּעטער האָט זי געעפנט ס'מויל, געוואָלט אים באַגריסן, אָבער די בליקן זייערע האָבן זיך געטראָפן און זי האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן. זי האָט מיט דער האַנט אים אָנגעוויזן די בענקלעך און ווי אַ שטאַמל געטאָן: — „דאָ זעצט!"

דערהערנדיק איר איינלאַדונג, איז ניסים געוואָרן צוריק דרייסט. אַ ברייטער שמייכל האָט זיך פונאַנדערגעשפּרייט איבער זיין פּנים דערהערנדיק איר עברית און איר געענטפערט: — אַ דאַנק. די פענצטער־לעדן זענען געווען פאַרמאַכט. די לאָמפּנשיין איז געווען גרין. זייערע באַוועגונגען האָבן געוויזן שאָטנס אויף דער וואַנט. ניסים איז געזעסן אויפן בענקל. זיין קערפּער האָט עס אויסגעפילט, ווי אַ פּולער זאַק. זיי זענען געזעסן און געשוויגן, געווען צעטומלט. ניסים האָט נישט געוווסט, ווי אַזוי און מיט וואָס אָנהייבן דעם שמועס. ער האָט זיך באַזעצט אין בענקל און געשמייכלט.

יעדע מינוט איז ביי איר געווען אַ שעה. זי האָט זיך געשעמט, וואָס זי ווייסט נישט, ווי אַזוי זיך באַנעמען מיטן גאַסט. זי האָט זיך באַהערשט און עס האָט זיך דערהערט איר קול: — „דו גאַסט ערשטער שכונה" — האָט זי געזאָגט און אַ קוק געטאָן אים אין די אויגן, געוואָלט זען, צי ער האָט פאַרשטאַנען, וואָס זי מיינט.

ניסים האָט זי דערשטוינט אָנגעקוקט, וואָס זי האָט צו אים גערעדט עברית און איר געענטפערט אין יידיש: — יאָ! יאָ! — אַז ער פאַרשטייט און האָט זיך צעלאַכט. אויך סאָניע האָט זיך האַרציק צעלאַכט. זי האָט זיך נישט פאַרגעשטעלט, אַז ער וועט איר ענטפערן אין יידיש. איר געלעכטער האָט אים באַצויבערט. ער האָט פאַרזשמורעט די אויגן און געוואָרן ערנסט. זי האָט באַמערקט די ענדערונג אויף זיין פּנים. אויך זי איז געוואָרן ערנסט און צוויי קנייטשן האָבן זיך באַוויזן אויף איר גלאַטן שטערן.

זי איז אויפגעשטאַנען, געזאָגט: — „אַנטשולדיקט" — און פאַרשוווּנדן הינטער

דער קיך־מחיצה. באַלד האָט זי זיך אומגעקערט מיט אַ טעלער מאַראַנצן אין האַנט. זי האָט דעם טעלער אַוועקגעשטעלט אויפן טיש און געזאָגט: „כיבוד נעם!" — און זיך צעלאַכט.

זי האָט געוווּסט, אַז זי רעדט שלעכט עברית, אָבער זי האָט אים געפרעגט:

— „גוט?"

ניסים האָט נישט פאַרשטאַנען איר פראַגע, וואָס זי מיינט מיט איר „גוט" — איר עברית צי די מאַראַנצן? טראָץ דעם האָט ער איר געענטפערט: — „גוט! גוט!" — און געפרווּוט אַנגעמען איר האַנט. — „ניין!" — האָט זי אים געזאָגט, שעלמיש זיך פון אים אַוועקגערוקט און אים געדראָט מיט אַ פינגער, ווי אַ קינד. באַלד האָט זי זיך צוגעגלעט די האָר און זיך צוריק אַוועקגעזעצט. אַ רגע איז ניסים געזעסן ווי באַליידיקט. ער האָט אַ גלעט געטאָן זיין וואַנסעלע און געעפנט ס׳מויל, געוואָלט איר עפּעס דערקלערן. ער האָט אָבער זיך איבערגעלייגט און אַ קנאַק געטאָן מיט צוויי פינגער פון דער רעכטער האַנט, זיך געכאַפּט, אַז זי וועט אים נישט פאַרשטיין, אָבער אַן איבערראַשטער פון זיין קנאַק מיט די פינגער, אַז אפשר איז ער ווידער איבערגעגאַנגען די גרענעץ פון אַנשטענדיקייט, איז ער ווידער צעטומלט געוואָרן. אָבער זי האָט אים ווידער געענטפערט מיט אַ שמייכל.

זעענדיק איר שמייכל, האָט ניסים אויסגעשטרעקט דעם קאָפּ און איר געזאָגט:

— „נישט גוט, איך רעד מיין שפּראַך, דו דיינע" — ער האָט געוואָלט, אַז זי זאָל פאַרשטיין פאַרוואָס ער קען זיך נישט אויסדריקן. די עטלעכע ווערטער האָט ער באַגלייט מיט אַ ברייטן שמייכל. דערביי האָבן זיינע גרויסע, ווייסע ציין געבלאַנקט ווי אַלאַבאַסטער. פּלוצים איז ער זיצן געבליבן מיט אויפגעריסענע אויגן. איר האָט זיך געדאַכט, אַז ער רייצט זיך מיט איר, אָבער דאָס האָט אים אַמוזירט.

דער צושטאַנד האָט אויך איר אַמוזירט. זי האָט פאַרצויגן די ליפּן, פאַרשטעלט איר שמייכל. זי האָט אים אָנגעוויזן די מאַראַנצן און אים געזאָגט: — „עסן!"

ניסים האָט נאָר אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ אויף „ניין" און זיך צעשמייכלט און געטראַכט, ווי אַזוי זיך מיט איר רייצן ווייטער. אָבער ער האָט נישט געוווּסט, ווי אַזוי, און געשוויגן. אַ צייט לאַנג זענען זיי געזעסן און געשוויגן. אין שטוב איז געווען שטיל. די שטילקייט האָט זיי געקלונגען אין די אויערן. פּלוצים האָט זי זיך צו אים געוואָנדן און געפרעגט: — „דו מאַטאָציקל?"

ניסימס אויגן האָבן אַ בליץ געטאָן. אַ דערמוטיקטער האָט ער זי געפרעגט אין יידיש: — „דו פאָרן?" — און געוויזן מיט אַ פינגער אויף זיך. ער האָט שוין געזען אין געדאַנק, ווי ער מיט איר גאַלאָפּירן אויפן מאָטאָציקל און זי זעט זיין גבורה און דרייסטקייט.

אַ ווײַלע האָט זי געשוויגן, נאָר באַלד האָט זי אים אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ — אים אָפּגעזאָגט.

ניסים האָט פאַרביסן די ליפּן. אים האָט געקרענקט איר אָפּזאָג. ער איז נישט געוווינט געווען, מען זאָל אים אָפּזאָגן. ער האָט האַסטיק אויפגעהויבן דעם קאָפּ, ווי ער זאָל האָבן באַשלאָסן און איר ווידער געזאָגט אין יידיש: — „כ׳קויף אויטאָ

צו פאַרן״. סאָניעס ליפּן האָבן זיך געעפנט ווי פון זיך אַליין. איר שפּיץ צונג איז געבליבן איינגעקלעמט צווישן די ציין. איר פּנים האָט זיך צעשטראַלט. זי איז געווען באַחנט.

איר אויסזען האָט אים פאַרכאַפּט. ער האָט זיך אונטערגעהויבן פון בענקל און אויפגעשטעלט. ער האָט געשטעלט אַ טריט, געוואָלט צו איר צוגיין, אָבער אויך זי האָט זיך אויפגעשטעלט אין פאַמעלעך זיך אָוועקגערוקט פון טיש. זי האָט זיך צוגערוקט צו דער וואַנט און אים געוויזן מיט דער האַנט, ער זאָל זיך צוריק אַוועקזעצן.

ער איז שטיין געבליבן, זי באַטראַכט אַ ווײַלע און געביסן די אויבערשטע ליפּ מיט די ציין. באַלד איז ער צוריק אָוועקגעגאַנגען פאַמעלעך, פאַמעלעך און זיך אַוועקגעזעצט אויף זיין אָרט. ער האָט געסאָפּעט. זי דערפאַר האָט אָפּגעאָטעמט און אים געזאָגט: — „ילד טוב״. זי איז נאָך אַלץ געשטאַנען ביי דער וואַנט.

נאָך אַ צייט שווייגן האָבן זיי צוריק פאַרבונדן אַ שמועס צווישן זיך. פון איין זאַץ ביז דעם צווייטן האָט געדויערט. אין די הפסקות האָט סאָניע געזוכט די נויטיקע אויסדרוקן אין עברית, זי זאָל קענען פאָרזעצן דעם שמועס. זיי האָבן גערעדט ווייניק, נאָר זיך פאַרשטאַנען, כאָטש זיי האָבן זיך געברוגזט. זייערע בליקן האָבן געפאָרשט איינער דעם אַנדערן און זיך געענדיקט מיט אַ פאַרבאָרגענעם שמייכל, ווי זיי וואָלטן אויסבאַהאַלטן אַ סוד.

אין דער שטילקייט פון איין געזאָגטן זאַץ ביז דעם אַנדערן האָט זיך געהערט דער רעגלמעסיקער גאַנג פון וועקזייגער, וואָס איז געשטאַנען אויף דער שאַנק. זיינע ווייזערס האָבן כסדר זיך גערוקט און די צייט מיט זיי. סאָניע, ווי זי זאָל זיך האָבן דערמאָנט, אַז זי האָט נאָך נישט אויסגעפירט איר פליכט, האָט אים געפרעגט: — אַ טרונק?

ער האָט זי אָנגעקוקט מיט אַ דורכדרינגענדן בליק און איר נישט געענטפערט. זי האָט זיך נאָך שטאַרקער צוגערוקט צו דער וואַנט און זיך איינגעקוקט אין ניסימס אָוואַלן, ווי אויסגעטעסעטן פּנים. זי האָט געזען זיינע גרויסע, גליִענדיקע אויגן, זיין קרעפטיקע, לייכט איבערגעבויגענע מענער־געשטאַלט. נישט וויסנדיק, האָט זי זיך אַוועקגערוקט פון דער וואַנט, פאַרזשמורעט די אויגן און געשטעלט אַ טריט פאָרויס. זי איז שטיין געבליבן נעבן אים. נישט וויסנדיק האָט זי אויפגעהויבן די האַנט און לייכט אַ גלעט געטאָן זיין טשופּרינע.

ניסים, ווי נאָר ער האָט דערפילט די ווייכקייט פון איר האַנט, האָבן זיינע נאָזלעכער זיך צעשפּרייט. זיינע אויגן־ווייסלען זענען געוואָרן בלוטיק־רויט. מיט אַמאָל האָט ער זיך אַ הויב געטאָן פון בענקל און אין שפּרונג געמאַכט אַ האַלבן רונד. זיינע הענט האָבן איינגעקלאַמערט איר טאַליע און זי צוגעצויגן צו זיך. זי האָט אַ צאַפּל געטאָן אין זיינע אָרעמס, געפּרוווט זיך באַפרייען, נאָר באַלד האָט זי אַ פליסטער געטאָן: — „ניסים, ניסים״. ער האָט נישט געהערט איר פליסטער. די עלאַסטישקייט פון איר קערפּער האָט אים צעיאַכמעט. ער האָט אָנגעלענט זיין צעגליטן קאָפּ אויף איר פּנים. זי האָט דערפילט אויף איר האַלדז די היץ פון זיין

שווערן אָטעם. איר אייגענער קערפּער איז איר געוואָרן אַ לאַסט. זי האָט דערפילט אַ רויש אין קאָפּ. די קני אירע האָבן זיך אונטערגעבראָכן און זי איז הענגען געבליבן אין זיינע אָרעמס.

ער האָט זי אונטערגעהויבן און וואַקלענדיק זיך, ווי אַ שיכור, האָט ער אַ שפּאַן געטאָן עטלעכע טריט און זי אַוועקגעלייגט אויפן בעט, וואָס איז געשטאַנען דערנעבן.

סאָניע איז אַרומגעגאַנגען אַ צעטומלטע. די באַקן אירע זענען איינגעפאַלן. איר פּנים איז געוואָרן אויסגעצויגן פון כעס און זאָרג. יעדע באַוועגונג איז געווען איר פאַרדעכטיקט. זי האָט כסדר אויפגעהאָרכט. איר האָט זיך געדאַכט: — „אָט קומט מען". זי האָט זיך געשראָקן — אפשר ווייסן מענטשן וואָס איר האָט פּאַסירט. זי האָט געציטערט פון אימה, צי ניסים גייט נישט אַרום און רימט זיך מיט זיין נצחון. אירע אויגן האָבן אָפט זיך פאַרצויגן מיט אַ נעץ פון טרערן.

זי האָט זיך געערגערט, וואָס איר איז געשען און זי האָט געשוויגן. זי האָט אָן אויפהער זיך געפרעגט: — „וואָס האָב איך געטאָן? פאַרוואָס האָב איך אים איינגעלאַדן צו זיך אין שטוב? איך האָב געדאַרפט וויסן, מיט וועמען איך האָב צו טאָן"!

זי איז כמעט נישט אַרויס פון שטוב, נאָר געגאַנגען צו דער אַרבעט און איינקויפן אין קראָם. זי האָט אויסגעמיטן מענטשן, נישט געוואָלט זיך מיט זיי טרעפן.

אָבער אין שטוב ביי זיי האָט זיך גאָרנישט געענדערט. זי האָט ווייטער ממשיך געווען אַלץ, ווי פריִער. זי האָט גערוימט און געקאָכט און די מי זיך געגעבן, אַז דער פאָטער זאָל נישט מערקן, וואָס מיט איר געשעט אין די נעכט. ווען דער פאָטער האָט זיך איבערגעוועקט און זיך אַוועקגעזעצט הינטער דער קיך־מחיצה ביים צאַנקענדיקן קאַגאַניצל מיט אַ ספר אין האַנט, איז זי געלעגן מיט פאַרמאַכטע אויגן און זיך נישט גערירט ביז זי איז איינגעשלאָפן. אָפט האָט זי זיך איבער־געוועקט אַן אומרויִקע און איר האַרץ האָט געטיאַקקעט. זי איז געלעגן מיט אויפ־געריסענע, צעשראָקענע אויגן און געקוקט אין דער פינצטער. זי האָט אין דער טונקל געזען ניסימס אָוואַל פּנים, וואָס האָט צו איר געשמייכלט. אָבער ווי נאָר זי האָט זיך אין דעם אָונטו דערמאָנט, האָט זי באַלד דערזען זיין צעיאָכמעט פּרצוף און זיינע רויטע, מיט בלוט פאַרלאָפענע, אויגן. זי האָט זיך איינגעבאַבלט אינעם בעטגעוואַנט און דאָך ווי געפילט אים נעבן זיך. נישט איין מאָל, ווען זי האָט דערלאַנגט דעם פאָטער עסן, האָבן אירע הענט געציטערט. דער פאָטער האָט געשוויגן. ער האָט מיטן חוש פאַרשטאַנען, אַז עפּעס איז געשען. אָבער ער האָט נישט געוווּסט וואָס. ער האָט נישט איין מאָל אויפגעהויבן זיינע מידע, ווי אויס־געווייינטע אויגן און באַזאָרגט אָנגעקוקט די טאָכטער. סאָניע האָט געפילט אויף זיך

זײַנע דורכדרינגלעכע בליקן. זי, אַ פֿאַרפֿאָרעטע אין דער ווירטשאַפֿט, האָט גוט געהערט דעם פֿאָטערס קרעכץ: „אוי!" פֿון טיפֿן האַרצן.

די לעצטע טעג האָט זי אויסגעמיטן דעם פֿאָטערס בליק. זי האָט אים דערלאַנגט עסן פֿון דער זײַט. נאָר איין מאָל, ווען זי האָט אים דערלאַנגט אַ גלאָז טיי, האָט זי מיט דער האַנט פֿאַרטשעפּעט אין שפּיץ טיש: ס'גלאָז האָט זיך איר אַ וואַקל געטאָן אין האַנט און אַביסל טיי האָט זיך פֿאַרגאָסן אויפֿן פּאָל.

— איך בין אַ שלימזל! — האָט זי אָנגעשריגן — באַלד ברענג איך דיר אַ צווייט גלאָז טיי — האָט זי אים געזאָגט.

אָבער דער פֿאָטער האָט זי אָנגעכאַפּט בײַ דער האַנט, איר אַרויסגענומען ס'גלאָז טיי פֿון האַנט און געזאָגט: „מען דאַרף נישט! גענוג, וואָס עס איז געבליבן". זײַנע אויפֿגעריסענע אויגן האָבן זי אָנגעקוקט, ווי זיי זאָלן זי אַדורכקוקן. — האָסט זיך חלילה נישט אָפּגעבריט? — האָט ער זי געפֿרעגט.

זי האָט דעם פֿאָטער אָנגעקוקט טרויעריק און אים געענטפֿערט: — דער טיוול וועט מיך נישט נעמען — און אירע אויגן זענען פֿײַכט געוואָרן. זי האָט אַוועקגעדרייט דעם קאָפּ און מיט אַ צוגעאײַלטן טריט אַוועק הינטער דער קיך־מחיצה.

דער פֿאָטער איז זיצן געבליבן אָן איבערגעבויגענער איבערן טיש. זײַן שטאַרער בליק איז געווען אײַנגעקוקט אין אַ בלויען פּונקט אויף דער צעראַטע. זײַנע שמאָלע, דאַרע הענט האָבן געהאַלטן אַרומגענומען ס'האַלבע גלאָז טיי.

אויך ניסים גייט אַרום די לעצטע טעג אַ טרויעריקער. זײַנע ליפּן זענען פֿאַרפּרעסט. צווישן די אויגן, איבער דער נאָז, האָט זיך אײַנגעשניטן בײַ אים אַ קלײנער, אָבער טיפֿער קנייטש. לרוב האָט ער געשוויגן און פֿון מאָל צו מאָל געריבן זיך די פֿינגער, ווי ער זאָל זיך קיין אָרט נישט געפֿינען. זײַן אַרבעט אין דער יאַטקע איז אים אַ טרחה, ס'רוב שעהען אין טאָג איז ער נישט געווען אין יאַטקע. זײַן געזעלן האָט אים פֿאַרטרעטן. אויך צו דער מוטער איז ער נאָר אַרײַן זען, וואָס זי מאַכט, דערנאָך זיך אַרומגעשלעפּט איבער די גאַסן, געשלייכט פֿון איין קאַפֿע אין אַנדערן. ער האָט געטרונקען אַ קאַווע נאָך אַ קאַווע און אויך אַראָפּגעזופּט אַ גלעזל אַראַק. ער האָט זיך צוגעקוקט, ווי מען שפּילט שעש־בעש, זיך צוגעהערט, וואָס מענטשן רעדן און אַלײן געשוויגן. ער האָט אַלץ געזען און געהערט, אָבער אָן אינטערעס.

זײַנע חושים זענען געווען געוואָנדן צו איין געשטאַלט. די געשטאַלט פֿון דער בלאָנדער, עלאַסטישער פּרוי. ער איז איר נאָכגעגאַנגען, ווי אַ לונאַטיקער. יעדן טאָג, אין די נאָכמיטאָג־שעהען, בשעת זי האָט זיך אומגעקערט פֿון דער אַרבעט — ניסים האָט געוווּסט, אַז איר פֿאָטער געפֿינט זיך אין דער צײַט אין שול — און זיך ווי אַרײַנגעגנבעט צו איר אין פֿאָדערהויז; ווי אַ בעטלער האָט ער אָנגעקלאַפּט אין דער טיר, געוואַרט אויף דער אויסגעבענקטער תשובה: „ביטע!" נישט איין מאָל האָט זיך אים געדאַכט אַז טריט דערנענטערן זיך צו דער טיר און ער האָט שטיל אַ פֿליסטער געטאָן, די שכנים זאָלן נישט הערן: דאָס בין איך, ניסים!"

דאָס לעצטע מאָל האָט ער נישט געקענט זיך באַהערשן און האָט מיט די פויסטן אַ זעץ געטאָן אין טיר און געשריגן: — עפן!

סאָניע איז געשטאַנען הינטער דער טיר אַ צעטומלטע, מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם. זי האָט נישט געוווּסט, ווי זי זאָל רעאַגירן. זי האָט זיך דערשראָקן פאַר זיין יצרדיקער רציחה און מורא געהאַט, אַז די שכנים זאָלן זיך נישט צונויפלויפן. זי האָט זיך אָנגענומען מיט מוט און אים געעפנט די טיר. ער איז אַריין אין שטוב און מיט כוח פאַרמאַכט הינטער זיך די טיר. זיינע ליפּן זענען געווען פאַרביסן. זיינע אויגן האָבן געגליט פון כעס און דערנידערונג. זעענדיק זיין אויסזען, האָט סאָניע זיך צוריקגעקערט אויף הינטערווייליעכץ. ער איז אָבער צו איר צוגעגאַנגען און שטיין געבליבן איר אַנטקעגן. זיי האָבן זיך באַטראַכט. זייערע אויגן האָבן געגליט און געשפּיזט מיט שנאה און ליבע. ניסימס ליפּן האָבן געציטערט און געפּליסטערט: — „סאָניע"...

סאָניע האָט פאַרצויגן די ליפּן און געזאָגט אים: — „את, אני, כמו רחוב!". ניסים האָט נישט פאַרשטאַנען אירע רייד. זיינע גליִענדיקע אויגן האָבן זי דער־שטוינט אָנגעקוקט. זיינע טרוקענע ליפּן האָבן אַ פּליסטער געטאָן: — פאַרוואָס? ער האָט געוואָלט רעדן ווייטער, איר דערקלערן. אָבער עס האָט אים פאַרפעלט אָטעם. ער האָט נאָר געזען איר, ווי אויסגעשניצטן, גאָלדענעם קאָפּ, איר ווייכן, גלאַטיקן האַלדז און איר געפאַרעמטן בוזעם.

ער האָט פאַרביסן די ציין. זיינע קינבאַקן זענען געוואָרן אָנגעצויגן — בולט. זיינע נאָזלעכער האָבן זיך אים פונאַנדערגעשפּרייט, ווי זיי זאָלן זיך אָט, אָט פונאַנ־דעררייסן. מיט אַמאָל האָט ער פאַרמאַכט די אויגן. זיין פּנים איז געוואָרן פאַר־גליווערט, ווי אַ מאַסקע. דורך זיינע פאַרפּרעסטע ליפּן האָט זיך אַדורכגעריסן אַ הויל־געדעמפּטער שריי: „נאָר דו!".

סאָניע האָט דערפילט אַ רויש אין קאָפּ. זי האָט פאַרמאַכט די אויגן און שווער אָפּגעאָטעמט. זי האָט זיך אַ וואַקל געטאָן, געוואָלט זיך אָפּרוקן און זיך אָנגעלענט אויף דער וואַנט.

ניסים האָט געשטעלט אַ טריט און אויסגעשטרעקט די הענט. ער האָט זי אַרומגעכאַפּט און מיט כוח זי צוגעדריקט צו זיך: — אוי! — האָט זי אַ קרעכץ געטאָן און איז הענגען געבליבן אויף זיינע אָרעמס.

זיינע טרוקן־צעגליטע ליפּן האָבן תאווהדיק זיך איינגעפּרעסט אין איר פלייִשיקן, ווייכן האַלדז.

# ה

פון זינט סאָניע מיט ניסימען האָבן ס׳ערשטע מאָל זיך געטראָפן, זענען שוין פאַרביי עטלעכע חדשים. ביידע זעצן זיי פאָר זייער טאָג־טעגלעכקייט. אויך די אַרומיקייט האָט זיך נישט געענדערט. אָבער אין זיי האָט געפּלאַטערט דער אומ־אויפהעריקער ציטער־צאַפּל פון באַגער.

סאָניען איז איצט אַפילו, שוין נישט שווער זיך אַדורכרעדן מיט ניסימען אין עברית. זי מאַכט כסדר פאָרשריט אין דער שפּראַך. זי, איר גאַנצער וועזן, אַנקערט אין אים.

ניסים האָט האָלט געהאַט זיצן איר אַנטקעגן און אויף איר קוקן און שווייגן, ווי ער זאָל קוקן אויף אַ שיין בילד. איר קנאָספּיקער קערפּער, איר העלע הויט און אירע גאָלדענע האָר האָבן אים געצויבערט.

נישט איין מאָל איז ער געשטאַנען אין גאַס, אויף איר געוואַרט, ווען זי האָט געדאַרפט קומען פון דער אַרבעט. ווען זי האָט אים דערזען, האָט זי זיך פאַר־נומען אין גאַנג, זי זאָל אים פאַרבייגיין וואָס נענטער. — שלום! — האָט ער אַ פליסטער געטאָן, ווי ער זאָל רעדן אין גאַס אַריין, די פאַרבייגייער זאָלן נישט הערן און פרעמדע זאָלן זיך נישט אָנשטויסן אויף זייער באַקאַנטשאַפט.

סאָניע, איר וועזן, האָט געפּלאַטערט, נאָך אים געבענקט. זיין פייכטער, גליִענ־דיקער בליק האָט כסדר זי באַגלייט. ער, דער עלאַסטישער, ברוין־הויטיקער, שטאַרקער מאַן האָט זי געצויבערט. אין אַן אָוונט, וואָס ניסים איז נישט געקומען, איז זי געווען דערשלאָגן און אומרויִק. זי האָט איבערגעקלערט, פאַרוואָס ער איז נישט געקומען.

צומאָרגנס איז זי אויפגעשטאַנען באַגינען און פרי אַוועק צו דער אַרבעט. זי איז פאַרבייגעגאַנגען זיין יאַטקע, געוואָלט אים זען. טאָמער איז ער דעם פרי־מאָרגן נישט געווען אין דער יאַטקע, איז זי מיטן קיישל אין האַנט אַרויס אין גאַס איינקויפן. זי איז געגאַנגען שנעל און זיך באַרויִקט, ווען זי האָט אים דערזען. ניסים האָט פאַרשעמט אַראָפּגעלאָזט די אויגן, ווי ער זאָל האָבן באַגאַנגען אַן עבירה.

געווען טעג, וואָס זי איז געווען הילפלאָז. דעמלט האָט זי אָנגעלענט איר קאָפּ אויף דער וואַנט און פאַרמאַכט די אויגן. ער, דער דרייסטער, קרעפטיקער, ברוינער מאַן האָט זי געצויבערט, אָבער זיין ווילדקייט האָט זי געשראָקן. ער האָט זי געצויבערט, אָבער דאָך געבליבן פרעמד. אָבער ווען זי האָט זיך געדאַרפט מיט אים טרעפן, האָבן אַלע אירע אברים געציטערט פון פרייד.

אויך איר באַציִונג צו דער אַרבעט האָט זיך געענדערט. זי איז געווען איבער־צייגט און זיכער, אַז איר אַרבעט איז אַ צייטווייליקע. זי איז שוין נישט אונטער־געשפּרונגען אויף יעדן רוף פונעם בעל־הבית: — „מען דאַרף איילן די מאַשין! די פעדים האָבן זיך איבערגעריסן!" זי האָט שוין נישט געהאַסט האַלבערן, איר בייכיקן אַרבעטס־געבער מיט זיין פליישיק פּנים אַן אויסדרוק.

זי און ניסים האָבן געהיטן זייער סוד. זיי האָבן נישט געוואָלט, אַז די גאַסלעך, די מענטשן פון דער שכונה, זאָלן זיי באַרעדן — שטערן זייער גליק.

גייענדיק צו סאָניען האָט ניסים זיך באַמיט די מענטשן זאָלן אים נישט באַמערקן.

אין די פריִע אָוונט־שעהען, ווען זיי האָבן פאַרברענגט צוזאַמען ביי איר אין שטוב, איז איר פאָטער נאָך געווען אין שול. זיי האָבן פאַרברענגט גערן אין פינצטערן קאָרידאָר, וואָס האָט נישט געהאַט קיין פענצטער — אַז מענטשן זאָלן זיי נישט זען און נישט הערן. זיי האָבן זיך אויסגעהיטן פון דער שיין און פון דעם שאָטן.

אַ צייט שפּעטער, איז זיי געווען באַקוועם אָפּשמועסן זייערע צוזאַמענטרעפן אין שטאָט. זיי זענען געפאָרן אין שטאָט אַריין אין דער אָפּגערעדטער צייט, אָבער באַזונדער, יעדער אין אַן אַנדערן אויטאָבוס. זיי האָבן צו זיך נישט געוואָלט דערוועקן דעם קלענסטן חשד. זייער טרעף־אָרט איז געווען דער „מוגראַבי"־סקווער. ביי יעדן צונויפטרעף האָט סאָניע אים בודק געווען פונסניי, ווי דאָס זאָל זיין זייער ערשטער צונויפטרעף. זי האָט אָנגעקוקט זיינע מלבושים און שיך, צי זייערע פאַרבן זענען נישט צו בונט. שלייכנדיק זיך, האָבן זיי זיך פאַרהאַלטן ביי די שויפענצטער און פאַמעלעך, פאַמעלעך האָט זי אים געגעבן צו פאַרשטיין:
— „„אַ מאַן פּאַסן אַמבעסטן די סאָלידע פאַרבן".

ניסים האָט געשוויגן, אָבער ער האָט זיך יעדעס מאָל גוט איינגעקוקט, צוגעהערט זיך צו אירע אָנווייזונגען און זיך איינגעחזרט די פאַרבן, וואָס געפעלן איר.

ביידע האָבן ליב געהאַט פילמען. זיי זענען צוויי, דריי מאָל אין דער וואָך געגאַנגען אין קינאָ. זי האָט באַשטימט, וועלכע פילמען מען דאַרף זען. זי האָט געוואָלט בילדער מיט אינהאַלט, אָבער פאַרגעלייגט האָט זי ליבע־פילמען מיט רייכטום און פּראַכט־דעקאָראַציעס. זי האָט אויך ליב געהאַט פילמען מיט שניי־לאַנדשאַפטן. ער האָט נישט רעאַגירט, אָבער אין זיין שווייגן האָט זי געפילט איר ווירקונג אויף אים. זי האָט זיך די מי געגעבן אים דערנענטערן צו דער גרויסער, ברייטער וועלט, אַפילו, ווען נאָר דורך די פילמען. ווען זיי זענען אַרויס פון קינאָ, זענען זיי אַוועק צו פוס מיט זייטיקע גאַסן, מען זאָל זיי נישט שטערן און זיי נישט זען. זיי זענען געגאַנגען געאַרעמט. ער האָט זי געפירט — זי געהאַלטן שטאַרק, ווי ער זאָל זי טראָגן.

ער האָט זי געפירט און געשוויגן, גערעדט האָט זי. זי האָט אים דערציילט, ווי מענטשן לעבן אין דער וועלט און ווי אַזוי די וועלט זעט אויס. ער האָט זיך צוגעהערט צו אירע רייד, געוואָלט וואָס מער וויסן, אָבער נישט איין מאָל, ווען זי האָט אים דערציילט וועגן אַ געוויסער געשעעניש אין אַ געוויסן פּלאַץ אין דער וועלט, האָט ער נישט אויסגעהאַלטן און איר פאַרגעוואָרפן: — אָבער דו האָסט דאָך דאָס נישט געזען! אָדער — דו ביסט דאָך דאָרט נישט געווען!

זי איז שטיל געבליבן און זיך צו אים צוגעטוליעט. ערשט אַ ווײַלע שפּעטער

האָט זי שטיל אים איינגערוימט אין אויער, ווי זי זאָל גלעטן די ווערטער: — נישט אומעטום אויף דער וועלט קען יעדער זיין. נאָר ווייניק מענטשן האָבן אַלץ געזען, אָבער אַז מען לייענט, ווייסט מען.

ווען זיי האָבן זיך געטראָפן, האָבן זיי געגעסן צוזאַמען. ער האָט זי געפירט אין די פּאָרנעמסטע רעסטאָראַנען. די העלע ליכטשיין, די בלענדנדיקע טישטעך־ווייסקייט און די אין שוואַרצן געקליידעטע קעלנערס, וואָס האָבן זיך פאַר זיי גענייגט, האָבן אים און אויך איר אימפּאָנירט.

ער איז געווען שאַרמאַנט און מיט חן און טאַקט זי צוגערעדט: — באַשטעל נאָך עפּעס... ער איז אויך נישט געווען קליינלעך צו דער באַדינונג, נישט געווען קאַרג ביים געבן טרינק־געלט. אָבער פון די מאַכלים האָט ער נישט געהאַט קיין הנאה. ער האָט קוים אַראָפּגעשלונגען אַ ביסן.

גערן האָט ער פאַרברענגט אין די באַרן. דאָ האָט ער נישט געמוזט עסן. דאָ, ביי דער פאַרטונקלטער ליכט, זענען זיי אויך נישט געווען אַזוי זעבאַר. אין דעם האַלבן טונקל, בשעת די מוזיק האָט געשפּילט, האָט ער אַרומגענומען סאָניען. זי האָט געציטערט אין זיינע אָרעמס און געהאַלטן איר קאָפּ אָנגעלענט אויף זיין ברוסט. ער האָט זי געדריקט צו זיך מיט כוח און געפילט איר יעדע עלאַסטישע באַוועגונג. אַ באַרוישטער פון גליק, האָט ער געהאַלטן פאַרמאַכט די אויגן. שוועבנדיק מיט איר צום טאַקט פון די מעלאָדיעס, האָט ער נישט איין מאָל זיך איבערגעבויגן און לייכט איינגעביסן זיינע ציין אין איר פליישיקן האַלדז. — אוי! — האָט זי פויל, צעפּיעשטשעט אַ שריי געטאָן און נאָך שטאַרקער זיך צו אים צוגעדריקט.

זי האָט אים טאַקע געפירט אויף אירע וועגן, אָבער אויך פאַרשטאַנען, אַז זי דאַרף אים נישט אַרויסרייסן פון זיין סביבה. זי האָט פאַרשטאַנען, אַז זי דאַרף היטן און נישט פאַרלעצן זיין שטאָלץ און געטאָן זיין פאַרלאַנג. דערפאַר זענען זיי פון מאָל צו מאָל געגאַנגען אויך זען אַ קרימינאַל־פילם. זיצנדיק מיט אים, האָט זי זיך צו אים געטוליעט און אים געפליסטערט אין אויער: — שיין, יאָ? און געפּרוווט נאָכפאָלגן נאָך דער שפּאַנענדער אַקציע: ווי מען יאָגט, ווי מען אַנטלויפט, ווי מען שיסט און מען הרגעט.

פון מאָל צו מאָל האָבן זיי אויך געגעסן אין אַ מזרח־רעסטאָראַן. דאָ זענען די מאַכלים געווען לויט זיין טעם. דאָ האָט זי אויך אַנטדעקט, אַז ער האָט ליב גוט אָפּעסן. זיינע קינבאַקן האָבן געאַרבעט, ווען ער האָט געגעסן „קאַבאַב״, אָדער „שאַשליק״ מיט „טשיפּס״. אָבער זיין באַליבט מאַכל איז געווען שעפּסן־פלייש פון אויוון אַרויס מיט באַמיע און געדינצטע קאַרטאָפל אַלס צוגאָב. סאָניע האָט מיטגעגעסן, באַוווּנדערט זיין הנאה, וואָס ער האָט פונעם עסן.

אין אָוונט זענען זיי אַריין עסן אין קאַפע „סלע״, וואָס געפינט זיך אין „סמואל״־סקווער. זיי זענען געזעסן נאָענט צום גרויסן אַקוואַריום, וואָס איז געווען באַלויכטן מיט ליכט־שטראַלן און וווּנדערלעך זיך צונויפגעגאָסן מיט די קאָלירן פון די

עקזאָטישע פיש, וואָס זענען געשווומען אינעווייניק. סאָניעס און ניסימס שטימונג איז געווען אַ דערהויבענע.

נאָך דעם, ווי ניסים האָט מיט אַ שטיקל „פּיתה" אויסגעווישט ס'לעצטע ביסל „חומוס" אין טעלער, האָט ער אים אָפּגערוקט פון זיך. ער האָט זיך פונאַנדערגעזעצט אין בענקל און זיך אומגעקוקט. זיין בליק האָט זיך פאַרהאַלטן אויף די אַרומשווי־מענדיקע פישלעך אין אַקוואַריום. מיט אַמאָל האָט ער אַ רוף געטאָן דעם קעלנער:

— האַלאָ! דער קעלנער איז צוגעגאַנגען און זיך פאַרנייגט פאַר אים און אים געזאָגט: — ביטע!

מיט דער האַנט האָט ניסים אים געוויזן דעם אַקוואַריום און געזאָגט: — כאַפּ זיי און פּרעגל זיי אויס. ביידע מענער, ניסים און דער קעלנער האָבן זיך צעלאַכט. דער קעלנער האָט אַ ווונק געטאָן מיט אַן אויג און איז אַוועק.

סאָניע, וואָס האָט נאָך געגעסן, האָט אָנגעקוקט ניסימען מיט אַ שטאַרן בליק, פול פאַרוואורף. ער האָט זיך פאַרלוירן. ער האָט זיך צוגעגלעט די טשופּרינע, געזאָגט דעם קעלנער פון וויטן: שעפּסן־פלייש פון אויוון — און אויסגעשטרעקט צוויי פינגער, געמיינט צוויי פּאָרציעס. דער קעלנער האָט זיך פאַרנייגט פון וויטן.

ניסים האָט נישט באַגריפן, וואָס פאַרא חטא ער איז באַגאַנגען. ער האָט געשוויגן און ווייטער באַטראַכט די פישלעך, וואָס שווימען.

סאָניע איז נאָך אַלץ געווען פאַרטאָן אין איר טעלער. ביים סוף האָט זי אָוועקגעלייגט דעם גאָפּל און מיט אַ שטיקל „פּיתה" אויסגעווישט דעם געבליבענעם אין טעלער „חומוס". זי האָט געוואָלט אים מפייס זיין און אים געזאָגט: — דו זעסט? אויך איך עס ווי דו! אָבער איר אַרט רעדן איז געווען, ווי זי זאָל זיך מיט אים רייצן.

אין צווישן איז צוגעקומען דער קעלנער און אַוועקגעשטעלט פאַר זיי צוויי טעלער מיט פלייש.

איצט האָט ניסים פאַרשטאַנען אירע רייד. ער האָט זי אָנגעקוקט. זיין בליק האָט זי געשפּיזט. אָבער ער האָט זיך באַזינען און אַ שמייכל האָט זיך פונאַנדער־געשפּרייט איבער זיין פּנים. סאָניע האָט אים געענטפערט מיט אַ חנעווודיקן שמייכל.

איינער האָט זיך אונטערשיידט פון אַנדערן, אָבער דווקא דער אונטערשייד האָט זיי געצויבערט און אין זיי האָט געווירן די ליבע. איינער האָט געליבט דעם אַנדערן. זיי האָבן זיך געליבט און געשראָקן פאַר דעם פרעמדן שטייגער אין דעם צווייטנס סביבה. זיי זענען געווען גליקלעך מיט זיך, אָבער אויסבאַהאַלטן זייער גליק צווישן זייערע פיר ווענט און אין די ווייטע גאַסן. זיי האָבן זיך געשראָקן פאַר מענטשנס מיילער.

אָבער די געסלעך און די מענטשן האָבן גוט געוווסט, וואָס עס קומט פאָר צווישן ניסימען מיט סאָניען. זייערע שכנים, די איינוווינער פון די הויקערדיקע הייזער מיט די קרומע דעכער איבער זיי, וואָס האָבן געהאַט פרייע צייט, האָבן גוט געקוקט. זיי האָבן געזען, ווי ניסים מיט סאָניען פאָרן אין שטאָט אַריין און שטענדיק

אין דער זעלבער צייט. ניסימס שכנים האָבן געוווּסט, ווען ער וואַרט אָפּ, אַפילו, ווען ער האָט אָנגעשטעלט, אַז ער באַטראַכט, וואָס עס הענגט אויף דער טיר פון קראָם. די בייכיקע ווייבער מיט אַראָפּהענגענדיקע ברוסטן און אַרומגעבונדענע קעפּ מיט טיכלעך, וואָס האָבן געשאַרט מיט די פיס, האָבן ניסימען באַטראַכט פון דער זייט. ווען זיי האָבן אים געזען גיין אין גאַס, האָבן זיי זיך סודותפול איבערגעקוקט און פאַרצויגן די ליפּן, ניסים זאָל חלילה נישט מערקן. זיי האָבן פון פּחד געשוויגן.

דער לעצטער זונטיק פאַרמיטאָג איז געווען מילד און וואַרעם. די זונענשטראַלן האָבן געוואַרעמט אַלץ, וואָס אויף דער ערד. אַפילו די ערד איז געווען צעבריט. די קליינע, דאַרע מזל מיטן אַרומגעבונדענעם טיכל איבערן קאָפּ, איז געזעסן פאַר דער טיר אויף די אונטערגעלייגטע אונטער זיך פיס, מיט אַ פאַרשאַרצט קלייד ביז די קני און געוואַשן וועש.

נעמי, מזלס שכנה, אַ ברייטביינערקע פרוי מיט שוואַרצע, געדיכטע האָר, האָט זיך געפּאָרעט אין גאַס. זי איז געווען באָרוועס, אירע פּיאַטעס אויסגעטרעטן. זי האָט מיט אַ קלאַנקע פונאַנדערגעקלאַפּט אירע אָפּגעלעגענע וואַטע־קאָלדרעס.

ניסים איז זיי פאַרבייגעגאַנגען.

ביידע פרויען האָבן זיך איבערגעקוקט, אָבער ממשיך געווען זייער אַרבעט. זיי האָבן געשוויגן ביז ניסים איז אַריין צו זיך אין שטוב. אַ ווײַלע שפּעטער האָט מזל זיך אומגעקוקט, זיך געוואָנדן צו נעמין און געזאָגט איר: — וועסט זען, ער וועט זי נאָך דאָ אַהערברענגען. נעמי האָט זי דערשטוינט אָנגעקוקט. מזל האָט צוגעגעבן: — זי וועט זיין אָנגעזען צווישן אונדז. נעמי האָט נאָך אַלץ נישט פאַרשטאַנען אירע רייד. מזל האָט ממשיך געווען: — זי וועט זיין זיין מאַדאַם.

ערשט איצט האָט נעמי פאַרשטאַנען מזלס רייד. זי האָט זיך אַרומגעקוקט און אייליק אַ זאָג געטאָן: — אַ שיינע פרוי. מזל האָט איבערגעריסן רייבן ס׳שטיקל וועש, וואָס זי האָט געהאַלטן אין האַנט, און געזאָגט איר: — אין אונדזערע צייטן וואָלט דאָס נישט געשען! נעמי האָט זיך צוגערוקט צו מזלען און געזאָגט שטיל, ווי זי זאָל איר איינרוימען אַ סוד — און ווער ווייסט ווער זי איז?

איצט האָט מזל זי אָנגעקוקט דערשטוינט און אַ קריי געטאָן מיט איר דין קולכל פול פאַרדראָס: — מען טאָר נישט באַרעדן אַ ייִדישע טאָכטער. נעמי האָט אָנגעשטרענגט אירע בויך־מוסקולן, איר פּנים איז געוואָרן רויט, ס׳בלוט איז איר געקומען אין קאָפּ אַריין און זי האָט זיך צעשריגן: — ער קען נעמען מיין טאָכטער! — און ווי זי זאָל זיך האָבן דערשראָקן פאַר אירע רייד, איז זי שנעל אַריין צו זיך אין שטוב.

מזל איז זיצן געבליבן אויף אירע קני אַ פאַרטראַכטע. אַ ווײַלע שפּעטער האָט זי זיך ווי איבערגעוועקט און געוואַשן ווייטער די וועש.

יעדעס מאָל, ווען ניסים איז פאַרבייגעגאַנגען ס׳געסל, האָט ער געפילט, אַז די ווייבער קוקן אים נאָך יעדן טריט און שריט. ער האָט זיך באַמיט וואָס ווייניקער זיין אויפפאַלנד. ער האָט געוואָלט אויסבאַהאַלטן די געשעעניש צווישן אים מיט סאָניען, ביז עס וועט קומען דער טאָג. ער האָט יעדן שכן געזאָגט „שלום״ דער

ערשטער און נישט געוואָרט, ווי פריִער, דער שכן זאָל אים זאָגן „שלום". ער האָט אויסגעמיטן, זיך נישט געטראָפן מיט זיינע באַקאַנטע מיידלעך פון דער שכונה. ער האָט אָנגעשטעלט, נישט געזען זייערע אויגן קריצן. ער איז איילִיק, זיי פאַרבייגעגאַנגען, ער זאָל זיך נישט דאַרפן מיט זיי אָפּשטעלן, מוזן מיט זיי זיך פונאַנדעררעדן. אַפילו ווען ער איז געזעסן אין איינעם פון די אַ סך קאַפעען אין דער שכונה, האָט ער זיך נישט אַוועקגעזעצט נאָענט צו זיינע באַקאַנטע. ער איז געזעסן אַליין, אַן אָנגעלענטער אויף די עלנבויגנס, אַן איבערגעבויגענער איבערן טיש, פאַרקוקט אין איין פונקט. ער האָט ווי אַריבערגעקוקט, אָבער אַריינגעקוקט אין זיך. ער האָט געזען זיך — זיין היים, די מוטער און איר — סאָניען. ער האָט געזופּט די קאַווע און נישט געפילט איר טעם.

די שטאַם־געסט אין די קאַפעען, זיינע באַקאַנטע, האָבן אים באַטראַכט פון דער זייט און געזען זיין יעדע באַוועגונג. ווען ער האָט זיך אויפגעשטעלט, געגרייט גיין, האָבן זיי אויפגעהויבן די קעפּ, אים נאָכגעקוקט מיט דורכדרינגלעכע בליקן פון קנאה און פאַרערונג, חוזק און שנאה.

ניסים האָט געפילט זייערע בליקן איבער זיך, אָבער ער איז געווען פאַר־נומען מיט זיך. ער האָט נישט געוווסט, ווי אַזוי זיין לעבן וועט זיך איינשטעלן. ער האָט פאַרנאַכלעסיקט די אַרבעט. ער האָט געקויפט שעפּסן און זיי געשאָכטן. די יאַטקע האָט געפירט זיין געהילף יקיר.

יקיר, דער מיטלוווקסיקער, ברייטביייניקער, שטאַרקער מאַן, איז געווען אַ ייד אין די פערציקער יאָרן. ער איז טריי געווען ניסימען, אַזוי ווי ער איז געווען טריי ניסימס פאָטער, רחמים, ביי וועלכן ער האָט אָנגעהויבן אַרבעטן אַלס יִנגל. ער האָט אָפּגעהיטן, אַז די בעל־הבתימס גראָשן זאָל נישט גיין לאיבוד. דאָס מינדסטע שטיקל אָפּפאַל האָט ער פאַרקויפט פאַר געלט.

פון יקירס אויגן איז גאָרנישט אַנטקומען, וואָס עס געשעט צווישן ניסימען און סאָניען, אָבער ער האָט זיך באַנומען, ווי ער זאָל גאָרנישט וויסן. אין האַרצן איז ער געווען צופרידן, וואָס אַ קצבס זון פון חלב האָט זיך צונויפגעפּאָרט מיט אַ בלאָנדער אַשכנזער. אים איז אָנגעשטאַנען, וואָס זיין יונגער בעל־הבית וועט האָבן אַן אַנדער ווייב, ווי די קצבים אין דער שכונה.

די לעצטע צייט האָט ניסים כמעט יעדן טאָג אים געזאָגט: „היינט וועסטו פאַרשליסן די יאַטקע, איך מוז אַוועקגיין! יקיר האָט כסדר נאָכגעטראַכט, ווי אַזוי די „גאָלדענע נקבה" (אַזוי האָט זי ביי אים געהייסן) האָט באַוויזן ניסימען פאַר־דרייען דעם קאָפּ, אָבער אויך געפסקנט: — „אַפילו, ווען די באַציִונגען צווישן ניסימען און סאָניען זענען נישט ערנסט, איז מיט אַזאַ איינער אויך כדאי דער ענין".

אין אַן אָוונט. איסליה איז שוין אַוועק און ניסים איז צוגעגאַנגען צום שופ־לעדל, צונויפגענומען ס'גאַנצע געלט, דעם טאָג־פּדיון, און אָן צו ציילן אַריינ־געשטופּט די געלט־באַנקנאָטן אין דער הויזן־טאַש...

יקיר איז געשטאַנען אין דער זייט און זיך צוגעקוקט, וואָס ער טוט. נישט

פילנדיק, פון זיך אַליין, האָט ער געזאָגט ניסימען: — לאָזסט גאָרנישט איבער? — און אַ פאַרשעמטער אַראָפּגעלאָזט די אויגן.

ניסים האָט פאַרקריצט די ציין און מיט אַ ווילדן בליק דערשטויגט אָנגעקוקט יקירן. יקיר, אַ דערציטערטער, האָט הילפסלאָז אַראָפּגעלאָזט די הענט, נאָר באַלד האָט ער דערהערט ניסימס פראַגע, וואָס האָט געדאַרפט אים מפייס זיין: — ווער איז דאָ דער בעל־הבית? — און ווי געוואַרט אויף יקירס הסכמה.

יקיר האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ. זיינע גרויע וואַסער־אויגן האָבן געגלאַנצט און ער האָט פּאָטערלעך אים געענטפערט: — דו דאַרפסט נישט פרעגן — און באַלד צוגעגעבן — דו ווייסט, ווי טריי איך בין דיר. ער האָט ווידער אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און נאָך צוגעגעבן: — אָבער גיב אַכטונג! זיין קול איז געווען הייזעריק פון אויפרעגונג.

ניסים האָט אים ווידער אָפּגעמאָסטן מיט אַ גליִענדן בליק און ווי אַדורכגעזייט דורך די ציין די ווערטער: — פאַרלאָז זיך אויף מיר!

אַן אָנגעשטרענגטע שטילקייט האָט באַהערשט די צוויי מענער, וואָס זענען געשטאַנען זיך אַנטקעגן. אַ ווילדע שפּעטער האָט ניסים גענומען קראַצן דעם יאַטקע־קלאָץ מיט איינעם פון זיינע נעגל, ווי ער זאָל אויסקראַצן דאָס אָנגעזעצטע אין די שפּאַלטן פעטס. ער האָט געקראַצט און זיך אַרומגעקוקט. זיין פּנים איז געווען אָנגעצויגן פון אָנשטרענגונג. מיט אַמאָל האָט ער אַ זאָג געטאָן, ווי ער זאָל רעדן צו זיך: — יקיר, מען דאַרף בייטן איסליהן. נאָר ווי ער זאָל זיך שעמען, וואָס ער האָט געזאָגט, האָט ער שנעל צוגעגעבן: — שלום יקיר! — און ער איז אייליק אַרויס פון דער יאַטקע. יקירס גרויע און טרויעריקע אויגן האָבן אים באַגלייט.

דער מאָרגנדיקער טאָג האָט זיך געשטעלט אַ הייסער, כאָטש די קילע נאַכט האָט נאָך געקילט דעם פרימאָרגן. די סוחרים און די הענדלער האָבן זיך געגרייט צו אַ טאָג לייזונג, האָבן אויסגעסדרט זייערע סחורות אויף די טישן, פּאָליצעס און וועגעלעך. אַ סך פון זיי האָבן פונאַנדערגעגאָסן וואַסער אַרום זייערע שטעלן — עס זאָל זיך נישט שטויבן און זיין קיל. דערווייל זענען די מאַרק־געסלעך געווען נאָך ליידיק, אָן מענטשן. יקיר האָט איבערגעטראָגן אַ זייט פון אַ צעפּלעטן נאָר וואָס שעפּס. איסליה איז געזעסן אויף אונטערגעלייגטע אונטער זיך פיס אויף דער יאַטקע־שוועל און גערייניקט שעפּסן־קישקעס.

מיט אַמאָל האָט יקיר זיך געוואָנדן צו איר און געזאָגט: — אונדזער בעל־הבית מאַכט אַ לעבן. איסליה האָט נישט רעאַגירט, ווי זי זאָל נישט האָבן געהערט, וואָס ער האָט געזאָגט.

— זי לאָזט אים נישט אָפּ און ער זי נישט — האָט ער צוגעגעבן און מיטן לאַנגן האַקמעסער ווייטער געפּלעט דעם חוט־השדרה פונעם הענגענדיקן שעפּס.

איסליה האָט האַסטיק אויסגעדרייט איר קאָפּ און אָנגעקוקט יקירן. ווייזט אויס, אַז סוף כל סוף האָט זי פאַרשטאַנען זיינע רייד און איז זיצן געבליבן מיט אַן אויפגעשאַרצטער ליפּ און אין איר מויל האָט געגלימערט אַ גאָלדענער צאָן.

איר בוזעם האָט געפּאַליעט אַראָפּ, אַרויף, ווי אַ בלאָזזאַק. איר פּנים איז געווען שטאַר. נאָר אין מאָמענט האָט זי ווי איבערגעוועקט זיך און גערייניקט ווייטער די קישקעס, נאָר מיט אימפּעט.

מיט אַמאָל האָט זי זיך צעשריגן: — וויפל ווייבער דאַרף ער?! זי האָט אָנגעקוקט יקירן און מיט כעס אַריינגעוואָרפן ס׳מעסער אין שעפל, אין וועלכן עס האָבן זיך געוויקט די קישקעס. פון אירע אויגן האָט געשפּיזט שנאה.

יקיר האָט ממשיך געווען זיין אַרבעט, ווי ער זאָל נישט האָבן געהערט אירע רייד און נישט געזען איר באַנעמען זיך. אָבער אַ ווײַלע שפּעטער איז ער געבליבן געפּלעפט. זי האָט זיך אויפגעשטעלט און אָן צו זאָגן אַ וואָרט, האָט זי אַ שפּרונג געטאָן, ווי אַ קאַץ און פאַרשווונדן יקירן פון די אויגן.

איסליה איז געגאַנגען שנעל איבער די שמאָלע געסלעך, אין וועלכע עס איז געווען דושנע פון „חמסין״, וואָס איז כסדר שטאַרקער געוואָרן. זי האָט געאָטעמט שווער פון מידקייט און אויפרעגונג. זי איז געגאַנגען שנעל און אירע גרויסע ברוסטן האָבן זיך געטרייסלט און באַשווערט אין גאַנג. זי איז געגאַנגען און יעדע ווײַלע זיך אומגעקוקט, צי עס גייט איר ווער נישט נאָך. ווען זי איז שטיין געבליבן הינטער ניסימס מוטערס טיר, איז איר באַפאַלן אַ פּחד און זי האָט נישט געקענט כאַפּן דעם אָטעם.

זי איז געשטאַנען אַן אָנגעשטרענגטע און אויפגעהאָרכט, וואָס עס טוט זיך אינעווייניק. אין שטוב איז געווען שטיל.

אַן אָנגעשטרענגטע האָט זי אָנגעדריקט די קליאַמקע פון טיר מיט אַ תּפילה אין האַרץ, ניסים זאָל נישט זיין ביי דער מוטער אין שטוב.

— ווער איז?! — האָט געפרעגט אַ הייזעריק קול ווי פון ווייטנס.

— איסליהס האַרץ האָט אַ צאַפּל געטאָן, ווי עס וואָלט שטיין געבליבן. זי האָט נישט געקענט אונטערשיידן, צי דאָס קול איז פון אַ מאַן, אָדער פון אַ פרוי.

זי האָט גובר געווען איר פּחד און געענטפערט: — דאָס בין איך, איסליה די אלמנה!

פון הינטער דער טיר האָבן זיך דערהערט שווערע טריט, וואָס האָבן זיך געשאַרט. דער ריגל איז אַוועקגערוקט געוואָרן און די טיר האָט זיך אָפּגעלענט. טריבע אויגן פון אַן אַלטער, גרויער פרוי האָבן דערשטוינט אָנגעקוקט איסליהן ווי זיי וואָלטן געפרעגט. שמחה, ניסימס מוטער, האָט באַטראַכט איסליהן פון אויבן אַראָפּ. זי איז געווען העכער פון איסליהן. איסליה איז געשטאַנען, ווי זי זאָל האָבן צוגעוואַקסן צום אָרט, נאָר אירע אויפגעריסענע אויגן האָבן דערשראָקן זיך אַרומגעקוקט, צי ניסים קומט פון ערגעצווו נישט אָן. זי האָט זיך אָנגעשטרענגט, באַהערשט איר פּחד און שטיל געזאָגט „שלום״.

— שלום — האָט פלעגמאַטיש איר געענטפערט שמחה און נאָך פאַרשטעלט איסליהן דעם אַריינגאַנג אין שטוב. איסליה האָט זיך צעהעשעט און אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ פון בושה. זי האָט געוואָלט איר דערציילן, אָבער נישט געפונען די פּאַסיקע ווערטער.

שמחהס אָנגעשטרענגט, פאַרגליווערט פּנים איז געוואָרן געגרינצלט און איר קאָפּ האָט גענומען זיך שאָקלען. באַלד האָט זי געפרעגט איסליהן, וואָס איז געשען?

איסליה האָט עטלעכע מאָל נאָך אָפּגעזיפּצט און זיך באַרויִקט. זי האָט אויסגעשטרעקט אַ פוס, ווי זי זאָל וועלן אַריינגיין אין שטוב. שמחה האָט זיך נישט גערירט פון אָרט. איסליה האָט צוריקגעצויגן איר פוס און מיט כעס זיך צעשריגן:

— דיין זון צעטרענצלט זיין פאַרמעגן! ער שלעפּט זיך אַרום מיט נקבות! — זי האָט זיך ווידער צעהעשעט, ווי זי זאָל זיך שטיקן.

ביידע פרויען זענען געשטאַנען זיך אַנטקעגן — איינע דערשטוינט פון דער צווייטערס אָנוועזנהייט. די צווייטע האָט געוויינט. מיט אַמאָל האָט איסליה אויפגעהערט וויינען. איר פּנים איז געוואָרן שטאַר, אירע אויגן פול כעס. — איר וועט מיך געדענקען! — האָט זי אַ רעווע געטאָן, ווי זי זאָל דראָען. עס איז שווער געווען צו וויסן, וועמען זי מיינט: דעם זון, וואָס איז נישטאָ, צי די מוטער וואָס שטייט פאַר איר. זי האָט געזאָגט, וואָס זי האָט געזאָגט, זיך אויסגעדרייט און מיט אימפּעט צוריק אַוועק.

שמחהס פּנים האָט זיך אויסגעצויגן. איר אונטערשטע ליפּ איז אַראָפּגעפאַלן. איר קאָפּ האָט זיך גענומען באַוועגן אַראָפּ, אַרויף ווי פון זיך אַליין. אַ צייט לאַנג איז זי געשטאַנען און געהערט דעם אָפּהילך פון איסליהס טריט, וואָס האָבן זיך כסדר דערווייטערט.

ו

דער צוזאַמענטרעף מיט איסליהן האָט אויפגעטרייסלט שמחהס געמיט. אירע טריבע אויגן זענען געווען אַרומגענומען ווי מיט אַ שוואַרץ האַלב רעמל. זיי זענען געווען שטאַר, זייער בליק גלאָזיק. זי האָט געוואָלט באַנעמען איסליהס רייד, געוואָלט פאַרשטיין איר געוויין און פאַרוואָס זי איז געקומען צו איר זיך קלאָגן. זי איז געווען איבערראַשט און דערשטוינט. דערפאַר האָט זי איר נישט געעפנט די טיר. זי האָט נישט געהאַט קיין נאָענטן מענטש, פאַר וועמען זי זאָל זיך קענען אַראָפּרעדן. זי האָט עס אויך נישט געוואָלט.

זי האָט זיך נישט געפונען קיין אָרט אין שטוב, געווען אומרויִק. זי האָט געשפּאַנט פאַמעלעך איבער דעם חדר און געטראַכט אויפן קול.

— דער גראָשן אין שטוב פעלט נישט. אַ ניי הויז האָט ער זיך אויסגעבויט — און ווייל זי האָט נישט געפונען קיין ענטפער, וואָס זאָל באַפרידיקן אירע פראַגן, האָט זי יעדע פראַגע פאַרענדיקט מיט אַ זיפץ: — אוי, דער וויסטער אַלמנה!

נאָך אַ צייט אַרומשפּאַנען איבערן חדר פון אַ ווינקל צו אַ ווינקל, האָט זי זיך פאַרהאַלטן און אין אירע קורצזיכטיקע אויגן האָט אַ גלי געטאָן ווי אַ פונק

און שטיל, ווי זי זאָל מורא האָבן, אַז מענטשן וועלן הערן, האָט זי אַ פּליסטער געטאָן: — זיך צוגעטשעפּעט צו אים! — און געווען זיכער, אַז זי האָט געפונען דעם באַשייד. אָבער דער אמת איז פאַר איר געווען אַ רעטעניש.

פון דעם טאָג איז זי אַרומגעגאַנגען אין שטוב אַ פאַרטראַכטע און געשוויגן. זי האָט אויסגעמיטן מענטשן און זיך געהיטן פון שכנים, זיי זאָלן זי נישט פרעגן וואָס איסליה האָט געטאָן ביי איר אין הויז. זי איז נישט אַרויס פון שטוב. זי איז געלעגן אויפן מאַטראַץ, וואָס אויפן פאָל און אָן אויפהער נאָר געטראַכט.

אויך צו סעדיהן דעם שפּייז־קרעמער אין געסל איז זי נישט אַריין. זי איז שטיין געבליבן אונטערן פענצטער פון קראָם און געהייסן זיך דערלאַנגען דעם פּראָדוקט. ווען סעדיה האָט דערלאַנגט איר אין האַנט, וואָס זי האָט געבעטן, האָט זי אָפּגעזיפצט און געזאָגט אים: — סעדיה, פאַרשרייב! — און איז שנעל אַוועק. זי האָט נישט געוואָלט געבן קיינעם די געלעגנהייט צו פאַרפירן מיט איר אַ שמועס.

זי האָט נישט געוווּסט, אַז די גאַנצע שכונה, די ווייבער און מענער, ווייסן שוין, אַז איר ניסים גייט אַרום מיט סאָניען. זי האָט נישט געוווּסט, אַז מאַמעס פון טעכטער, וואָס זענען ראוי לחופה, זענען אין כעס אויף איר און איר זון, ווייל זיי וואַרטן, אַז זי זאָל שיקן שדכנים שדכנען איר זון.

זי קוקט אויס שוין די מינוט, אַז ניסים איר איינציקער זון, זאָל חתונה האָבן, ברענגען אויף דער וועלט דעם נייעם דור, דעם נאָכוווּקס פון דער קצבים־משפּחה פון חלב. זי האָט זיך געווונטשן צו דערלעבן די שעה, ווען ניסים וועט ברענגען אין שטוב זיין באַשערטע, אַ צניעותדיקע טאָכטער, וואָס וועט אים געבוירן קינדער און איר, אייניקלעך. אָבער זי האָט מיט אים קיינמאָל דעריבער נישט גערעדט. זי איז געווען שטאָלץ מיט איר זון, ווי אַזוי ער באַהאַנדלט זי און וואָס פאַראַ פאַרדינער ער איז. זי האָט ליב געהאַט איר זון און אים געשעצט, ווי דעם מאַן אין שטוב. זי האָט אים קיינמאָל נישט איבערגעפרעגט און קיינמאָל זיך אים נישט אַנטקעגנגעשטעלט. ווען ער איז געזעסן איר אַנטקעגן און איר דערציילט ווי אַזוי עס זענען אים אַוועק די געשעפטן, האָט זי זיך צוגעהערט צו זיינע רייד מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן. — די געשעפטן גייען גוט, ווייל די אשכנזער עסן שעפּסן־„קאַבאַב" און „שאַשליק" — האָט ער איר געזאָגט, ווען ער איז געווען ביי איר איידער איסליה איז געקומען צו איר.

זי האָט זיך צוגעהאָרכט צו זיינע רייד און יעדע ווײַלע אַ גלעט געטאָן דעם שטערן מיט די שפּיץ פינגער און זיי צוגעלייגט צו די ליפּן, געקושט און פאַרגלייזט די אויגן אַרויף — געדאַנקט גאָט פאַר דעם זונס הצלחה.

אָבער ווען ער איז זי געקומען באַזוכן נאָך איסליהס זיין, האָט זי פון ניסימען נישט אַראָפּגענומען איר בליק. אַ דערשטוינטע און באַליידיקטע, מיט אויגן וואָס האָבן באַגלייט יעדע זיינע באַוועגונג. זי האָט אים באַטראַכט, ווי זי זאָל וועלן גוט זען איר זון. זי האָט פאַר זיך דערזען דעם מאַן און נישט איר זון. אירע פרעגנדיקע בליקן האָבן איר נישט אַרויסגעהאָלפן. זי האָט דעם אמת נישט געוווּסט, אָבער אויך

נישט געוואָגט אים פרעגן. פונקט ווי זי האָט נישט געוואָגט אים פאָרשן, וואָס עס איז געשען.

ניסים האָט געפילט אויף זיך אירע פאָרשנדיקע בליקן און זיי אויסגעמיטן, געמאַכט זיך נישט זעען. ער האָט געמיינט, אַז די מוטער האָט זיך דערוווּסט, אַז ער גייט אַרויס מיט סאָניען.

שמחה האָט זיך געערגערט, וואָס אירע משפחה־ענינים האָבן זיך אַזוי פאַר־פלאָנטערט. נישט איין מאָל האָט זי זיך אַ פרעג געטאָן אויפן קול: — דאָס איז מעגלעך, מיין איינציקער זון האָט סודות פאַר מיר? קומט נישט פרעגן קיין עצה?! צו לינדערן איר כעס האָט זי זיך פאַרטאָן אין דער אַרבעט. זי האָט אָן אויפהער געקנעטן און געציפּט „קוסקוס" און זיי געטריקנט אויף דער זון. זי האָט געאַרבעט און געזיפצט. אַליין זיך געטרייסט: — רחמימס ווייב וועט אַלץ איבערטראָגן".

זי איז געווען איבערצייגט און זיכער, אַז נאָך אַ וואָך, נאָך אַ חודש, וועט ניסים איבערלאָזן די „מויד" — אַזוי האָט זי גערופן סאָניען ביי זיך אין געדאַנק — פונקט ווי ער האָט איבערגעלאָזט די רעשט מיידלעך אין דער שכונה, מיט וועלכע ער איז אַרומגעגאַנגען.

אין איינעם פון די אָוונטן איז געזעסן שמחה אויף דער ערד אין אַ ווינקל פון צימער, אויף אַ שפּיץ פון אַ דיוואַן, אויף אונטערגעלייגטע אונטער זיך פיס און שטאַר געקוקט פאַר זיך. זי איז געווען דערשלאָגן און מיד. עס האָט זיך געעפנט די טיר און יקיר האָט זיך אַריינגעשלייכט.

זעענדיק אים, זענען שמחהס אויגן געוואָרן גרויס פון איבעררעאַשונג. — שלום — האָט יקיר איר געזאָגט שטיל און אַפּירגענומען אַ פּעקל, וואָס ער האָט געהאַלטן אונטערן אָרעם. ער האָט אָנגעוויזן אויף דעם פּעקל און געזאָגט: — געברענגט אַ ביסל פלייש, אַ מילך מיט אַ פאָר ריפלעך. ער האָט זיך אַראָפּגעבויגן און אַוועק־געלייגט ס'פּעקל פלייש פאַר איר אויף דער ערד.

ער האָט זיך אויסגעגליכן, שטיין געבליבן פאַר איר און אונטערטעניק זי געפרעגט: — וואָס מאַכט איר, בעל־הביתטע? — אָבער ער האָט נישט געוואָרט אויף אַ תשובה און אַליין געענטפערט — „ברוך השם". זיין טיפע מענער־שטימע איז געווען ווייך.

שמחה האָט נאָך אַלץ געשוויגן, נאָר אירע אויגן האָבן אים געמאָסטן פון אויבן אַראָפּ מיט אַ בייזן בליק. זי האָט פאַרביסן די ליפּן און אַ כעס האָט אויסגעקרימט איר פּנים. זי האָט אַוועקגעדרייט דעם קאָפּ און אים געזאָגט מיט אַ פאַרוווּרף:

— אַזוי דינסטו מיר אָפּ, יקיר?

— האַ!? — האָט יקיר אַ רעווע געטאָן און אַ דערשראָקענער זי אָנגעקוקט.

— אַזוי ביסטו משבח רחמימס נאָמען, וואָס שיצט דיך ס'גאַנצע לעבן? — האָט זי אים געפרעגט און איר שטימע איז געווען טרוקן און הייזעריק.

יקיר האָט אויפגעציטערט, ווי אַ ראָי בינען זאָל אים האָבן באַפאַלן און בייסן זיין קערפּער. ער האָט אויסגעשטרעקט דעם קאָפּ, ווי אַ חיה, וואָס גרייט זיך ווערן. אָבער שמחה האָט אים נישט אָפּגעלאָזט. פינטלענדיק מיט די אויגן און

שאָקלענדיק מיטן קאָפּ פון אויפרעגונג, האָט זי ווידער אַ מאָל אים געפרעגט:
— זי קומט צו אים אָפט אין דער יאַטקע אַריין?

זי האָט אים געפרעגט, ווי די גאַנצע געשעעניש זאָל זיין איר קלאָר. יקיר איז געווען רויט און בלייך גלייכצייטיק. זיינע גרויע וואַסער־אויגן האָבן אָנגעקוקט שמחהן מיט געבעט. אָבער זי האָט אים אַלץ נישט אָפּגעלאָזט.

— יקיר, דו דאַרפסט מיר אַלץ דערציילן. איך בין די מאַמע! — אירע רייד זענען געווען קאַטעגאָריש, ווי אַ באַפעל.

די גרוי אין יקירס אויגן איז ווי פאַרגליווערט געוואָרן. ער איז געשטאַנען אַנמעכטיק, נאָר זיין שפּיץ צונג האָט זיך באַוויגן — געגעצט זיינע ליפּן. מיט אַמאָל, ווי ער זאָל האָבן באַשלאָסן, זי דרייסט אָנגעקוקט און געענטפערט:

— גלייבט נישט, וואָס מענטשן רעדן. זי קומט נאָר קויפן פלייש.

שמחה — די הויכע, געזונטע, פליישיקע פרוי, האָט זיך פאַרלוירן. זי האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ פון אויפרעגונג און אים געפרעגט:

— ווער קומט? — זי האָט געוואָלט שפּילן די ראָל, אַז זי ווייסט אַלץ וועגן סאָניען.

— יקיר האָט ווידער אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ, ווי אַ שולדיקער.

— „די בלאָנדע פּאָלאַניאַ" — האָט ער פאַרשעמט אַ פליסטער געטאָן און אַן אויפגערעגטער גענומען זיך קראַצן דעם קאָפּ מיטביידע הענט.

די מוסקולן אין שמחהס פּנים האָבן אַ ציטער געטאָן. אירע אויגן זענען געוואָרן טרויעריק. זי האָט זיך ערשט איצט דערוווסט וועגן דער „פּאָלאַניה". זי האָט ערשט איצט געהערט איר נאָמען, כאָטש אַלע ווייבער וויסן די זאַך שוין לאַנג.

יקיר איז געשטאַנען מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ, ווי ער זאָל וואַרטן אויף אַ גזר־דין, אָבער שמחה האָט ווידער געשוויגן. נאָר אירע אויגן האָבן זיך באַוויגן — געזוכט איר בויך, אירע ברייטע, אויסגעאַרבעטע הענט, וועלכע זענען געלעגן ווי געליימט אויף אירע קני.

יקיר איז אַלץ נאָך געשטאַנען און געוואַרט. מיט אַמאָל האָט ער געזאָגט „שלום", ווי ער זאָל וויינען און זיך געלאָזט צו דער טיר, ווי ער זאָל אַנטלויפן.

פון דעם אָוונט וואָס יקיר האָט איר באַזוכט, האָט שמחה מער נישט נאָכגעקוקט איר זון. זי איז שוין נישט געווען נייגעריק. זי האָט שוין אַלץ געוווסט. זי האָט איצט געשוויגן און אויסגעמיטן מענטשן. זי האָט מורא געהאָט, זי זאָל זיך פאַר וועמען נישט אויסרעדן. רוב שעהן אין טאָג איז זי געזעסן אויף דעם פונאַנדער־געשפּרייטן אויפן פאָל דיוואַן, אַ פאַרזונקענע אין אירע מחשבות און אין די נעכט געלעגן וואַך.

שמחה, די הויכע, פליישיקע, געזונטע פרוי, וואָס איר פּנים איז לעצטנס געווען בלייך, האָט זיך געפילט ביי די כוחות און דאָך האָט זי געוווסט, אַז זי איז אַן עלנטע פרוי, וואָס איז אָפּהענגיק פון איר זון.

די געדאַנקען האָבן איר געמאַטערט. זי האָט זיך פון זיי נישט געקענט באַפרייען און געליטן.

אָבער עס זענען אויך געווען שעהען, וואָס זי האָט געדענקט, אַז ניסים איז איר איינציקער זון, וואָס איז נאָך נישט אַרויס פון איר רשות און איר חוב איז אים פאַרזאָרגן און באַשיצן פון די, וואָס ווילן אים שלעכטס טאָן. דערפאַר איז געווען איר קלאָר, אַז זי דאַרף אים אָפּראַטעווען פון דער „פרעמדער, גאָלדענער נקבה״.

אין די שעהן האָט זי ווי אויפגעלעבט, געווען גרייט פאַרווירקלעכן אירע געדאַנקען. זי האָט אָנגעשטרענגט איר מוח מיט פאַרשיידענע געדאַנקען, ווי אַזוי זי דאַרף האַנדלען, אָבער דער עלנט האָט געווירקט אויף אירע געדאַנקען. איר האָט זיך נישט איין מאָל געדאַכט, אַז זי רעדט מיט ווענט און געזאָגט אויפן קול:
— רחמימס, דעם קצבס שנור, עפּעס אַן אומבאַקאַנטע נקבה... אַמאָל האָט זי אויך געפּרוווט באַרעכטיקן איר זון — אַ יונגער מאַן ציט נקבות, — נאָר באַלד האָט זי פאַרגעסן אירע געדאַנקען און צוגעגעבן מיט כעס: אַ בלאָנדע מכשפה!...

אָבער אין אירע שלאָפלאָזע נעכט און אין עלנטע טעג, האָט זי נישט געפונען קיין ענטפער אויף אירע פראַגן. האָט זי זיך איבערצייגט, אַז זי מוז ווענדן נעמען זיך צו הילף. אָבער זי האָט נישט געוווּסט, וועמען. זי האָט נישט געהאַט קיין נאָענטע פריינד צווישן די איינוווינער אין דער שכונה, דערפאַר האָט זי עטלעכע מאָל אַ טראַכט געטאָן וועגן יקירן, אָבער יעדעס מאָל אָפּגעשטופּט דעם געדאַנק: „ער איז ניסימס רעכטע האַנט״.

וואָס צו טאָן, האָט זי שוין געהאַט באַשלאָסן. זי האָט נאָר געטראַכט, וועמען זיך נעמען צו הילף? זי האָט געטראַכט וועגן עטלעכע מענטשן, וואָס זענען דערצו פּעיִק, אָבער זיך אָפּגעהאַלטן, נישט באַשלאָסן.

אין אַ גרויען, פייכטן, דעמפּיקן פרימאָרגן, ווי דעם היי־יאָריקן זומער, איז שמחה גאַנץ פרי אַוועק צו סעדיהן אין קראָם. שוין אין מיטן וועג איז איר אַנטקעגנגעקומען בכור און זי איז שטיין געבליבן.

בכור, דערזעענדיק, אַז שמחה וואַרט אויף אים, האָט ער פאַרשנעלערט זיינע טריט און צוגעגאַנגען צו איר.

— שלום, „מאַדאַם״ שמחה! — האָט ער זי באַגריסט שוין פון וויטנס. אין זיין אַרט רעדן האָט זיך געפילט חשיבות און איראָניע. ביז איצט האָט ער איר קיינמאָל נישט געזאָגט „מאַדאַם״. שמחה האָט אים געענטפערט מיט אַ קאָפּ־שאָקל. ווען ער איז שטיין געבליבן פאַר איר, האָט זי זיך אַרומגעקוקט און ווי זי זאָל אים פאַרטרויען אַ סוד, אים געזאָגט אייליק: — קום אַריין צו מיר אין אָוונט — און אַוועק ווייטער.

בכור, אַן איבערראַשטער פון דעם אופן, ווי אַזוי שמחה האָט זיך געוואַנדן צו אים, האָט אָבער אַ ווינק געטאָן מיט אַן אויג. ער האָט פון איר אַרט רעדן פאַרשטאַנען, אַז ער דאַרף זיין פאָרזיכטיק און איז אויך אַוועק זיין וועג.

ווען בכור איז געגאַנגען, זיך דערווייטערט, האָט שמחה זיך אָפּגעשטעלט און אַרומגעקוקט זיך, צי קיינער האָט זיי נישט באַמערקט.

זי איז געווען זיכער, אַז ער וועט אויספירן איר שליחות פאַר אַ באַלוינונג, ווייל בכור האָט אַ קליינע וועשעריי אין אַ זייטיק געסל און איז אַ גרויסער נצרך. צו קענען מפרנס זיין זיין גרויסע משפחה, איז ער געגאַנגען איבער די הייזער אין דער שכונה מיטן צימבל (אַ הילצערנער אָרעם מיט אַ סטרונע און אַ שטריק) און אויפגעפרישט די אָפּגעלעגענע וואַטע אין די קאָלדרעס.

די נאַכט האָט נישט געברענגט קיין דערלייכטערונג. די היץ איז געווען נאָך דעמפּיקער, ווי ביי טאָג. די לופט איז געווען פייכט, ווי נאָך אַן אָפּגעלאָשענעם גליִ. בכור האָט נאָר אָנגעדריקט די קלאַמקע און שמחה האָט אים געעפנט די טיר. כאָטש זי האָט אים געקענט און געוואַרט אויף אים, האָט זי אינסטינקטיוו זיך אַוועקגערוקט, זעענדיק אים. ער איז געווען מיטלוווקסיק מיט אַ רויטן פלעק אויף דער לינקער באַק, נישט ראַזירט און אָנגעטאָן אין גראַנאַטענע, צעקנייטשטע הויזן און אין אַן אָפּבלאַקירט העמד פון דעם נוצן און וואַשן. ווען ער איז אַריבער די שוועל, איז ער שטיין געבליבן און זיך נייגעריק אַרומגעקוקט.

שמחה האָט פאַרריגלט די טיר און אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט, אים געוויזן, ער זאָל איר נאָכגיין. ווען זי איז צוגעקומען צום ווינקל, ווו זי איז געווינט צו זיצן, האָט זי זיך אַוועקגעזעצט אויף דער ערד מיט אונטערגעלייגטע אונטער זיך פיס. איר אָנגעצויגן קלייד איבער אירע פונאַנדערגעלייגטע קני, האָט אויסגעזען, ווי אַ ליידיקער מולטער, וואָס וואַרט, מען זאָל אים אָנפילן.

בכור האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ טאַבאַרעט, וואָס איז געשטאַנען אין דער נאָענט, זיך צוגעבויגן צו שמחהן און זי אָנגעקוקט. פון דעם קוק פון זיין אויג, וואָס האָט אַרויסגעקוקט פון זיין רויטער באַק, איז איר געוואָרן איבלדיק. שמחה האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן. אַ ווייל צייט איז זי געווען שטיל. אירע אויגן האָבן באַטראַכט אירע פליישיקע קני. איר מוח איז געווען פאַרנומען מיט איין געדאַנק,— ווי אַזוי זאָל זי פאַרברענגען פאַר בכורן איר בקשה.

בכור, וואָס האָט באַטראַכט שמחהן מיט נייגער, האָט מער זיך נישט געקענט איינהאַלטן און זי געפרעגט:

— נו, שמחה! וואָס דריקט דיך? שמחהן האָט זיך געדאַכט, אַז אין זיין אַרט רעדן איז פאַראַן ווי אַ באַפעל און נישט דער טאָן פון אַ וועשער, וואָס רעדט צו אַ רייכער קצבטע.

זיין אַרט רעדן איז איר נישט געווען צום האַרצן. זי האָט פאַרזשמורעט די אויגן און פאַרצויגן די ליפּן. מיט אַמאָל האָט זי מיט דער האַנט זיך אויסגעווישט די מויל־ווינקלען און אָנשפּאַרנדיק זיך מיט דער צווייטער האַנט, האָט זי זיך אויפגעשטעלט. בכור האָט כסדר זי באַטראַכט מיט נייגער פון אויבן אַראָפּ.

שמחה, די פּרימיטיווע פרוי, האָט דערפילט, אַז זי דאַרף צו בכורן רעדן שטייענדיק און אים נישט בעטן, נאָר באַפעלן. — איך וויל דיר פאַרטרויען אַ סוד — האָט זי אים געזאָגט. זי האָט אָפּגעוואַרט אַ ווײַלע און צוגעגעבן: אויב דו וועסט מיר זיין טריי, וועל איך דיר גוט באַצאָלן. זי האָט גערעדט פּאַמעלעך, ווי געקליבן די ווערטער. זי האָט געענדיקט און געוואַרט אויף זיין ענטפער.

בכורס אויגן, יעדעס באַזונדער, האָבן אַ גלאַנץ געטאָן. עס איז אויף אים געווען קאָנטיק, אַז ער וויל הערן דעם סוד.

שמחה האָט ממשיך געווען: „ניסים גייט אַרום מיט דער פּרעמדער, דער פּוילישער".

בכור איז געבליבן מיט אַן אָפן מויל פון תענוג. שמחה האָט זיך אומגעקוקט, ווי זי זאָל זיך שרעקן, און שנעל אים געזאָגט: — „טו אַלץ, ער זאָל פון איר אַוועק".

די לייביקע פּרוי האָט אים אָנגעקוקט פון אויבן אַראָפּ, ווי אַ סטאַטוע. בכור האָט זיך אויפגעהויבן פון טאַבאַרעט. ער האָט געוואָלט וויסן פּרטים.

זי האָט אָבער נישט געלייגט קיין אַכט אויף אים און ווי געפּסקנט:

— „וועסט קריגן דיין לוין, נאָר דריי זיך וואָס ווייניקער נעבן שטוב, זאָלן מענטשן דיך נישט זען".

בכור האָט אויפגעהויבן די הענט, ווי ער זאָל זיך אונטערגעבן און זיך צעשמייכלט, ווי נאָר אַ העלפט פון זיין פּנים זאָל שמייכלען. ער האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, אַז ער איז מסכים און אַ צופרידענער געדעדט צו זיך: — „יאָ, יאָ, יאָ!"

אַ צופרידענער האָט ער זיך צוריק אַוועקגעזעצט אויפן טאַבאַרעט. ער האָט אויסגעצויגן פון אַ לאַטש אַ באַרוועסן פוס, אים אַרויפגעשטעלט אויפן לאַטש און געווען גרייט ממשיך צו זיין דעם שמועס, אָבער שמחה, וואָס איז געשטאַנען, ווי אַ סטאַטוע, האָט געזאָגט אים מיט תקיפות: — „איצט גיי! ניסים קען נאָך אָנקומען".

ער האָט זיך אָנגעבויגן, איילק אָנגעטאָן דעם לאַטש, אויפגעשפּרונגען פון טאַבאַרעט און געמאַכט אַ באַוועגונג, ווי ער זאָל וועלן קושן אירע הענט. שמחה האָט זיך אָפּגערוקט און באַהאַלטן די הענט אויף הינטן.

— שלום, שלום — האָט בכור איר געזאָגט בוקנדיק זיך פאַר איר, און אַוועק פון שטוב.

שמחה האָט געהערט דעם קלאַפּ פון דער צוגעמאַכטער טיר. זי איז צוגעגאַנגען און פאַרריגלט. זי איז אַוועק און זיך אַוועקגעזעצט אין ווינקל אויפן דיוואַן, אָן זיך צו רירן.

פונעם באַזוך ביי שמחהן האָט בכור נישט גערוט. ער האָט זיך נישט געפונען קיין אָרט אין קראָם. אָט זענען די גרויע הויזן, מיט וועלכע ער פאַרעט זיך פון נעכטן אָן און זענען נאָך נישט פאַרטיק. דער פאַרביקער פלעק אויף זיי איז נאָך קאָנטיק. די הויזן זענען געהאָנגען צעצויגענע, איין נאָגאַוויצע אויפן פּרעסברעט, די צווייטע איז אַראָפּגעהאָנגען, ווי זיי זאָלן וואַרטן אויף אַ פּאָר פיס, וואָס זאָלן זיי אָנטאָן. דער טאַלק־פּודער, מיט וועלכן ער האָט באַשיט דעם פלעק, האָט געבלאַנקט אין דער גרויקייט, וואָס האָט געהערשט אין קראָם, איז געווען בולט, ווי אַ געשווילעכץ אויף אַ קערפּער. בכור האָט זיך נישט געקענט קאָנצענטרירן ביי

דער אַרבעט. פון מאָל צו מאָל איז ער צוגעגאַנגען צו די הויזן און געפּרוּווט אַראָפּקראַצן דעם פלעק מיטן פינגער.

די מחשבות זיינע האָבן אים געמאַטערט, איין געדאַנק האָט פאַרטריבן דעם אַנדערן. ער האָט געדאַרפט געפינען אַ וועג, ווי אַזוי דערליידיקן ניסימס ענין. ער איז געווווינט געווען צופן וואַטע און אַרויסנעמען פלעקן. ער האָט נישט געוווסט, ווי אַזוי ער דאַרף האַנדלען, און דערביי באַקומען גוט באַצאָלט פאַר זיין טרחה.

אַן אומרויִקער האָט ער פון זיך געיאָגט די קינדער, וואָס זענען יעדעס מאָל אַריין אין קראָם און זיך אים געוואָלגערט אונטער די פיס. אָבער דעם ווייב איז ער געגאַנגען פון וועג, נישט געוואָלט מיט איר אַריין אין אַ שמועס. עטלעכע מאָל אין טאָג איז ער אַוועק אין קאַפע צו אַבו־יצחק. ער איז נישט אַריין אינעווייניק, נאָר זיך אַוועקגעזעצט ביי אַ טישל אין דרויסן, די דורכגייער זאָלן אים זען. ער האָט אַוועקגעשטעלט זיין באַרוועסן פוס אויפן טאַבאָרעט, אָנגעלעגט זיין באַק אויף זיין אויפגעהויבענער קני און פאַמעלעך געזופט פון זיין טיי. פון איין זופ ביזן אַנדערן האָט ער אַ צי געטאָן פון דעם ציגאַר.

ער איז געזעסן אַ פאַרטראַכטער, געטראַכט, ווי אַזוי ער זאָל אויספירן זיין שליחות און זיך געקוויקט, אַז ער וועט פאַרדינען אַ לייכט פאַרדינסטל ביי שמחהן. ער איז געווען נייגעריק, וויפל זי וועט אים געבן. ער האָט אויך געטראַכט, אויף וואָס ער וועט אויסגעבן זיין פאַרדינסט. זיין פרנסה איז דאָך אַ באַגרענעצטע, קוים, קוים אויסצוקומען. ער האָט דאָך אַ ווייב מיט אַכט קינדער. די עלטסטע איז אַלט פופצן און די ייִנגסטע אַ יאָר. איצט איז ער גרייט צו אַלעם, אַבי זיך פאַרבעסערן זיין מצב. אָבער ער האָט מורא געהאַט פאַר ניסימען.

מיט אַ מאָל האָט ער זיך צעשמייכלט. אים איז איינגעפאַלן אַ גאוניש געדאַנק. ער וועט זיך ווענדן צו דער בלאָנדערס פאָטער און פשוט אים זאָגן: — „ניסים וויל נישט נעמען דיין טאָכטער פאַר אַ ווייב”. אפשר וועט אים צוהעלפן דערצו די בעל־הביתטע, וואָס ביי איר וווינט סאָניע מיט איר פאָטער. אָבער דעם געדאַנק האָט ער געפּסלט, נישט געוואָלט זיך מיט אים טיילן מיטן ריווח.

ער האָט אַ גאַנצן טאָג נישט גענומען קיין ביסן אין מויל, נאָר געררויכערט אָן אויפהער, אָנגעצונדן דעם ציגאַר אין דעם אויסגערויכערטן, אָבער קיין עצה האָט ער נישט געפונען.

דעם זעלבן נאָכמיטאָג איז בכור אַריין אין קראָם. אַ מידער און פאַרמאַטערטער האָט ער זיך אויסגעצויגן אויף דער קופּע צעקנייטשטע מלבושים און צווישן איין דרימל און דעם אַנדערן זיך פאַרטראַכט, ביז אים איז געקומען אויפן געדאַנק: — אפשר גאָר רעדן מיט ניסימען אַליין? אים דערציילן דער מוטערס אינטריגע און פאַרדינען ביי ניסימען דאָס, וואָס ער דאַרף פאַרדינען ביי דער מאַמען.

אין צווישן איז אין דער טיר, וואָס פירט פון קראָם אין שטוב אַריין, שטיין געבליבן לאָה, זיין ווייב — אַ קליינע, דאַרע פרוי, מיט שיפּע אָקסלען, איינער העכער פון אַנדערן, מיט אַן אויסגעצויגן פּנים און טעמפּן בליק. בכור האָט ביז

אויסגעגלאָצט די אויגן אויף איר. ער האָט אויסגעשפּיגן און זיינע דינע, פאַר־צויגענע ליפּן האָבן אַ מורמל געטאָן: — „אַ ממזר, אָנגעזוכט זיך אַ נקבה!״

אָבער איבערגעריסן אים די געדאַנקען האָבן די קינדער־קולות, וואָס זענען אַריינגעדרונגען דורך דער אָפענער טיר פון זיין וווינונג.

בכור איז אויפגעשפּרונגען פון אָרט. מיט אַמאָל איז אים קלאָר געוואָרן, וואָס ער דאַרף טאָן. ער האָט פאַרזשמורעט די אויגן, אויסגעשטשערעט זיינע געלע, לאַנגע ציין און אַ ריטשע געטאָן, ווי ער זאָל כאָרכלען: — איך וויל אים ווייזן דעם ממזר! — און איילִיק אַרויס פון קראָם.

די לופט האָט געשטיקט. דער הימל איז געווען ווי אַ בליי. בכור איז געגאַנגען אַ קעצישן גאַנג ווי ער זאָל זיך אויסקלייבן דאָס אָרט ווו אַוועקצושטעלן די פּיס. פון מאָל צו מאָל האָט ער זיך אומגעקוקט אויף הינטן, געוואָלט זיך איבערצייגן, צי ניסים זעט אים נישט, ווו אַהין ער גייט. — וואָס מיינען זיך די פּוילישע? — האָט ער צו זיך גערעדט. ער האָט מורא פאַר ניסימען, אָבער נישט פאַר סאָניען מיט איר פּוילישן פּאָטער. ער איז צוגעקומען און אַריינגעשפּרונגען אין קאָרידאָר פון סאָניעס דירה. שנעל, אָן אָנצוקלאַפּן, האָט ער געעפנט די טיר און שטיין געבליבן אויף דער שוועל. אַ שריי „אָה!״ איז אים פאַרגליווערט געוואָרן אין קעל. ביים טיש איז געזעסן סאָניע, ניסים און דער פּאָטער און זיי האָבן געטרונקען לעמאָניאַדע.

מיט אַן אָפן מויל און אויפגעריסענע אויגן פון איבערראַשונג און מורא איז בכור שטיין געבליבן ווי צוגענעגלט צום אָרט. סאָניע און דער פּאָטער זענען געבליבן איבערראַשטע זעענדיק אים און דערשטוינטע געקוקט אויף ניסימען.

— אש בידאַק? — (וואָס ווילסטו?) — האָט ניסים געפרעגט בכורן, זיך אויפגעשטעלט פון טיש און צו אים צוגעגאַנגען.

ער האָט מיט כוונה אים געפרעגט אין אַראַביש, נישט געוואָלט, אַז סאָניע און דער פּאָטער זאָלן פאַרשטיין, וואָס זיי רעדן.

בכור האָט אים נישט געענטפערט. ער איז געבליבן מיט אַן אָפן מויל, ווי געליימט. ניסים האָט אים אָנגעקוקט מיט אַ שאַרפן בליק און אים געפרעגט אין עברית: — נאָך וואָס ביסטו אַהער געקומען?

בכור איז איינגעשרומפּן אונטער ניסימס בליק. אַ דערשראָקענער האָט ער אַ קריי געטאָן: — לאָז מיך אָפּ! ניסים האָט פאַרשטאַנען, אַז בכורס קומען איז פאַרבונדן מיט אים און אים נישט אָפּגעלאָזט. ער האָט מיט זיין געשטאַלט פאַר־שטעלט די טיר, אַז בכור זאָל נישט אַוועק, איידער ער וועט אים ענטפערן.

בכור, אַן איינגעשרומפּענער, האָט געציטערט פון מורא. אַ שווייס האָט באַדעקט זיין צעקנייטשן האַלדז און שטערן. פרייכנדיק, ווי אַ געכאַפּטער פיש אין דער נעץ, האָט ער געעפנט ס׳מויל, גערעדט: — איך האָב נאָר געוואָלט פאַרדינען אַ פּאָר גראָשן. איך בין געקומען מיט אַ שליחות. איך וויל דיין גוטס. פון שרעק האָט ער גערעדט הויך אויפן קול. סאָניע און איר פּאָטער האָבן אַלץ געהערט.

ניסימס נאָזלעכער האָבן זיך פונאַנדערגעשפּרייט. ער האָט פאַרזשמורעט די

אויגן און זיך איינגעקוקט אין בכורן. זיינע אונטערשטע ציין האָבן מיט כעס געביסן זיין אויבערשטע ליפּ. סאָניע, דערהערנדיק בכורס רייד, האָט אַ קרעכץ געטאָן:
— אוי! — און פאַרבראָכן די פינגער און שטיל זיך צעהעשעט. זי איז אויפגעשטאַנען און וואַקלענדיק זיך, איז זי צוגעגאַנגען און זיך אַרויפגעוואָרפן אויפן בעט.

דער פאָטער איז זיצן געבליבן ביים טיש מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ און מיט די פינגער געקלאַפּט אינעם ליידיקן גלאָז, וואָס איז געשטאַנען פאַר אים.

ניסים, דערהערנדיק דעם הוילן קלאַנג, האָט זיך אַרומגעקוקט. זעענדיק סאָניען אַן אויסגעצויגענע אויפן בעט, אַ צעהעשעטע, איז ער געוואָרן ווילד. ער האָט מיט ראַזמאַך אויפגעפּראַלט די טיר מיט דער לינקער האַנט און מיט דער רעכטער אָנגעכאַפּט בכורן ביים קאַרק. ער האָט אים אַרויסגעוואָרפן און פאַרקלאַפּט נאָך אים די טיר.

ניסים האָט ווילד געסאָפּעט און געקוקט אַראָפּ. ווען ער איז צו זיך געקומען, האָט ער פאַרשעמט זיך אַרומגעקוקט.

דער פאָטער איז געזעסן, ווי פריִער, און זיך געשאָקלט אַהין און צוריק. אויך סאָניע איז געלעגן אַן אויסגעצויגענע אויפן בעט און יאָמערלעך געוויינט. דער צושטאַנד האָט אים אויפגעטרייסלט. די שטוב, די מענטשן, צו וועלכע ער איז געווען געוווינט שוין, זענען איצט אים ווידער פרעמד געווען.

מיט אַמאָל האָט ער זיך אַ טרייסל געטאָן, ווי אָפּגעשאָקלט, און מיט אימפּעט אַ שפּאַן געטאָן, צוגעגאַנגען צו סאָניען. — שטיי אויף! — האָט ער געשריגן. זיין גוואַלד האָט אויפגעשטעלט אויף די פיס דעם פאָטער. זיינע מידע אויגן האָבן געקוקט אויף ניסימען מיט שנאה.

ניסים איז געשטאַנען אַ ווײַלע און מיטן בליק געמאָסטן סאָניעס קערפּער, וואָס האָט זיך געטרייסלט. פּלוצים האָט ער אויסגעשטרעקט די הענט און זי אָנגענומען ביי די אַקסלען.

— אָה! — האָט זי געשריגן פון ווייטיק.

— שטיי אויף! — האָט ער ווידער אַמאָל געשריגן. זיין קול האָט געהילכט און מיט כוח זי אויפגעשטעלט. סאָניעס רויטע אויגן האָבן אים אָנגעקוקט. איר בליק איז געווען אַכזריותדיק. אַ בייזער סאַרקאַזם איז געלעגן אויף איר פּנים און אין די מויל־ווינקלען. ניסים האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ. ער האָט נישט איבערגעטראָגן סאָניעס און דעם פאָטערס בליקן. ער האָט פאַרלוירן די זיכערקייט און אַראָפּגעלאָזט די אויגן און מיט אַמאָל איר געזאָגט, ווי זיך געבעטן: — מיר וועלן חתונה האָבן!

סאָניע האָט פאַרדעקט איר פּנים מיט די הענט און געציטערט פון אויפרעגונג.

די געבוקטע געשטאַלט פון דעם הויכן, דאַרן יידן איז גרעסער געוואָרן. זיינע מידע אויגן האָבן אַ גלאַנץ געטאָן. זיין פּנים איז געוואָרן ערנסט. זיין אונטערשטע ליפּ האָט געציטערט פון אויפרעגונג. זיין קול איז געווען ווייך, פאָטערלעך, ווען ער האָט זיך געוואָנדן צו ניסימען, אים געפרעגט: — האָסט זיך גוט באַרעכנט?

ניסימס קאָפּ איז ליגן געבליבן אין די אַקסלען. מיט אַמאָל האָט ער אויפגעהויבן

דעם קאָפּ. צוערשט האָט ער אָנגעקוקט דעם אַלטן, דערנאָך סאָניען. זיין בליק איז געווען דרייסט און שטאָלץ און ער האָט אָנטשלאָסן געזאָגט: — סאָניע איז מיין לעבן!

סאָניע האָט פאַרוואָרפן אירע הענט איבער ניסימס האַלדז, אַוועקגעלייגט איר מידן קאָפּ אויף זיין ברייטער ברוסט און זיך צעוויינט ווי אַ קינד.

ניסים האָט פאַרמאַכט די אויגן און זי געקושט מיט תאווה.

שמואל דער פאָטער האָט זיך אָנגעלענט אינעם בענקל־אָנלען. זיינע מידע אויגן האָבן צאַרט געקוקט, ווי דאָס פּאָרל האַלדזט זיך.

# ז

סאָניע מיט ניסימען זעטיקן זיך מיט זייער גליק. סאָניע האָט זיך מער נישט צוגעהאָרכט, וואָס די מענטשן רעדן. אירע באַוועגונגען זענען גרינג און עלאַסטיש. די פרייד זינגט אין איר. אירע באַקן זענען רויט, איר פּנים העל און דורכזיכטיק. אירע מאַנדל־אויגן גלאַנצן. איר איז גוט. זי פילט זיך מער נישט פרעמד. זי איז שוין נישט עלנט. זי איז צוזאַמען מיט דעם מענטשן, וואָס זי ליבט מיט לייב און לעבן.

די זאַפטיק יאַדערדיקע פרוי סאָניע איז אונטערטעניק ניסימען. דער ריח פון זיין יונגן קערפּער שיכורט אירע חושים. זי גאַרט צו אים. זי איז מיט די געדאַנקען געווען ביי אים, מיט איר וועזן ביי אים. זי האָט ווי געפּלאָנטערט אַרום אים, אים אויסגעקוקט. ווי נאָר זי האָט אים דערזען, האָט זי זיך צו אים געטוליעט, אים געקושט און געהאַלדזט, אַפילו אין אָנוועזנהייט פון איר פאָטער.

דער פאָטער איז געקומען אין שטוב נאָר עסן און שלאָפן. ס'רוב שעהן האָט ער פאַרבראַכט אין שול. זיין וויגן זיך איבערן אָפענעם ספר איז געווען פול רצון, זיין ניגון האָט געקלונגען.

אויך ניסים האָט געשלונגען זיין גליק מיט באַגער. זיין ברוינע הויט איז ווי אָפּבלאַקירט געוואָרן. זיינע אויגן זענען געווען פייכט און האָבן געגליט פון פרייד. די שוואַרצע רעדער אַרום זיינע אויגן זענען געוואָרן גרעסער. צו זיין פרייד און שטאָלץ איז נישט געווען קיין גרענעץ.

ער האָט געוואָלט, אַז מענטשן זאָלן וויסן און זען זיין פרייד. ער איז אַריינ־געגאַנגען צו סאָניען פראַנק און פריי און מיט גאַווה. יעדעס מאָל האָט ער זיך אומגעקוקט, צי מענטשן זעען, אַז ער גייט צו סאָניען — „די בלאָנדע פּאַלאַניאַ" פונקט, ווי ער האָט פריִער אויסבאַהאַלטן פאַר מענטשן זיין סוד, אַזוי האָט ער איצט געוואָלט, אַז אַלע זאָלן וויסן וועגן זיין גליק. אָפט האָט ער יקירן אַ ווונק געטאָן מיטן אויג און געזאָגט:

— איך גיב אַ שפּרונג צו.

יקיר האָט געוווּסט, ווו אַהין ער גייט.

אויך איסליה האָט געוווּסט. איר פּנים איז געווען גרוי, אירע באַקן איינגעפאַלן, די אויגן אירע — רויט פון שלאָפלאָזיקייט. זי האָט געשוויגן און שנעל געאַרבעט. זי האָט געוואָלט זיך פאַרגעסן אין דער אַרבעט. עטלעכע וואָכן שוין, ווי ניסימס פוס האָט נישט איבערגעטרעטן איר שוועל.

טראָץ דעם, וואָס ניסים האָט געוואָלט, אַז וואָס מער מענטשן זאָלן וויסן וועגן זיין גליק, האָט ער אויפגעהערט קומען צווישן מענטשן, אַפילו נישט געגאַנגען אין קאַפע אַריין. זיין וועג איז געווען צווישן שעכטהויז, דער יאַטקע און צו סאָביען אין שטוב.

ער האָט זי אויסגעלערנט קאָכן אַ טערקישע קאַווע, ווי ער האָט ליב. ער איז קיינמאָל נישט געקומען צו איר אין שטוב מיט ליידיקע הענט. יעדעס מאָל האָט ער איר געבראַנגט אַ פּעקל. ווען ער איז געקומען, האָט ער אָנגעקלאַפּט אין טיר צוויי מאָל. דאָס איז געווען זייער פּאַראָל. ער האָט זי אַרומגענומען מיט איין האַנט, ווי עס זאָל אים אַ שאָד זיין די צייט און זיינע דיקע ליפּן זענען צוגעפאַלן צו איר ווייכן האַלדז. ערשט איצט איז ער אַרונטער אונטער דער מחיצה און אַוועקגעלייגט ס׳פּעקל, וואָס ער האָט איר געבראַנגט.

פון צייט צו צייט האָט זי נאָך זיין אַוועקגיין געפונען אויפן בעט אַ פליק באַנקנאָטן. פאַר דעם געלט האָט זי געקויפט בגדים.

צומאָרגנס, ווען ניסים איז געקומען, זענען אויפן בעט געלעגן אויסגעלייגט די פאַרשיידענע קליידער, וואָס זי האָט זיך איינגעקויפט. ער האָט באַטראַכט די שפּיצן, באַקוקט די מוסטערן אין די קליידער, וואָס זי האָט געקויפט פאַר זיין געלט און זיין האַרץ איז ברייט געוואָרן פון פרייד.

נאָר שמחה, זיין מאַמע, האָט גאָרנישט געוווּסט. ניסים, איר זון, דער „גברן", האָט זיך נישט געטרויט איר דערציילן. ער האָט נישט געוואָלט זי דערצערנען. ער האָט מורא געהאַט, אַז זי וועט אים שטערן זיין גליק.

אַלס פאַרגיטיקונג האָט ער איר געגעבן מער געלט אויף אויסהאַלט. אָפט האָט ער זי געפרעגט: — נויטיקסט זיך אין עפּעס? דאַרפסט, אַז איך זאָל דיר עפּעס מסדר זיין? יעדע פראַגע זיינע איז געבליבן אָן ענטפער. אירע טריבע אויגן פון אונטער אירע צעקנייטשטע אויגן־לעפּלעך האָבן דערשטוינט אים אָנגעקוקט, געוואַרט, אַז ער זאָל איר פאַרטרויען זיינע סודות.

ווען דאָס איז געשען, האָט ניסים נישט געקוקט איר אין די אויגן. ער האָט נישט געוואָלט פאַרפירן מיט איר אַ שמועס — איר דערציילן. ער האָט געוואָלט, אַז די ווייבער אין געסל זאָלן איר דערציילן די געשעעניש.

אויך איסליה איז געשטאַנען אים ווי אַ ביין אין האַלדז. ער האָט אָפט געטראַכט, ווי אַזוי וואָס שנעלער מיט איר פאַרענדיקן. ער האָט באַשלאָסן — אין פיר אויגן וועט די זאַך זיין גרינגער. דעם פרימאָרגן איז די לופט געווען פריש און דורכ־

זיכטיק און נישט ווי אין די לעצטע טעג. ניסים איז געשטאַנען און באַשפּריצט דעם פֿאַל אין דער יאַטקע. אין דער סביבה איז געווען שטיל. דער מאַרק־טאָג האָט זיך ערשט געשטעלט.

דאָס מאָל איז ניסים נישט געגאַנגען אין שעכטהויז אַריין, ווי יעדן אין דער פֿרי. ער האָט אַהין געשיקט יקירן. נאָכן אויסוואַשן דעם פֿאַל אין דער יאַטקע האָט ער אונטערן קראַן אָפּגעוואַשן די הענט, זיי עטלעכע מאָל אָפּגעשאָקלט אין דער לופֿט, פֿון זיי אַראָפּגעטרייסלט די טראָפּנס וואַסער און זיי אויסגעווישט אין די הויזן. ער האָט זיך אַרומגעקוקט איבער דער יאַטקע און דער סביבה, אָבער זיינע געדאַנקען זענען געווען ווו אַנדערש. זיין אויבערשטע ליפּ איז געווען פֿאַרשאַרצט. צווישן זיינע אויגן איז געווען איינגעשניטן אַ טיף פֿעלדל.

מיט אַ מאָל האָט ער פֿאַרבויגן און אָנגעשטרענגט די הענט, זיך צוגעגעבן קוראַזש. ער האָט געשטעלט אַ טריט פֿאָרויס און שטיין געבליבן אין דער טיר. ער האָט פֿון ווייטנס דערזען איסליהן. — שלום! — האָט זי אים געזאָגט אַ דער־שטוינטע, וואָס זי האָט אים געטראָפֿן איצט, אין דער פֿרי, אין דער יאַטקע. אירע גרויסע, שוואַרצע אויגן האָבן אים אָנגעקוקט. איר בליק איז געווען פֿול תחנונים.

ניסים האָט זיך נישט גערירט פֿון אָרט. ער איז געשטאַנען אין דער טיר, ווי ער זאָל זי נישט אַדורכלאָזן. קוקנדיק אין מאַרק אַריין, האָט ער איר געזאָגט: — „דו מוזסט איבעררייסן די אַרבעט דאָ". ערשט איצט האָט ער אויף איר אַ קוק געטאָן. איסליהע איז געשטאַנען מיט פֿאַרלייגטע הענט, ווי זי זאָל זיך אונטערהאַלטן די בריסטן, איר קאָפּ איז ווי געווען אַריינגעלאָזט צווישן די אַקסלען. זי האָט איצט אויסגעזען ווי אַן אַריינגעוואַקסענער אין דער ערד פּניאָק.

עס איז אים געוואָרן אַ רחמנות אויף איר. זיינע גרויסע, ווייסע ציין האָבן איינגעביסן זיין אויבערשטע ליפּ מיטן וואָנסעלע. ער האָט אויסגעשטרעקט אַ האַנט, ווי ער זאָל וועלן זי אָננעמען ביים אָרעם, אָבער אין מאָמענט האָט ער צוריק אַראָפּגעלאָזט די האַנט און שטיין געבליבן אַ פֿאַרטראַכטער.

אַ ווײַלע צייט שפּעטער האָט ער געזאָגט, ווי ער זאָל רעדן צו זיך: — וואָס עס איז געווען, איז געווען, און געענדיקט! — און ווייטער געשוויגן. מיט אַמאָל האָט ער זיך אַ ווענד געטאָן צו איסליהן און זי געפֿרעגט: — ווילסט מיר שטערן?" אין זיין קול איז געווען געבעט.

איסליהע איז איינגעשרומפּן, אים נישט געענטפֿערט. זי איז געשטאַנען אַן איינגעקאָרטשעטע און פֿון אירע אויגן האָבן געקאַפּעט טרערן.

ניסים, מיט פֿאַרביסענע ליפּן און פֿאַרזשמורעטע אויגן, האָט געוואָלט עפּעס איר זאָגן, נאָר נישט געוווסט וואָס. זי האָט אים לייד געטאָן. מיט אַמאָל האָט ער אַריינגעשטופּט די האַנט אונטערן העמד, פֿון דאָרט אַרויסגעצויגן אַ פּליק באַנקנאָטן און זיי אַריינגעשטופּט אין איר בוזעם. — גיי אַהיים — האָט ער איר געזאָגט. זיין פּנים איז געווען רויט, אָנגעשוואָלן און ער האָט שווער געסאַפּעט.

איסליה, דערפֿילנדיק זיין האַנט צווישן די ברוסטן און, דערנאָך די לאַסט פֿון

די באַנקנאָטן, האָט זיך יאָמערלעך צעוויינט. זי האָט געוויינט שטיל, ווי געשלונגען די טרערן.

ווי עס זאָל זי בלענדן, האָט זי אַוועקגעדרייט דעם קאָפּ פון דער טיר און גענומען גיין. זי איז געגאַנגען מיטן געסל אַרויף, געוויינט און זיך געוואַקלט.

נייגעריקע אויגן פון די קראָמען און די שטאַנדן, וואָס האָבן אויסגעסדרט זייערע סחורות, האָבן זי באַגלייט.

ניסים האָט איר נישט נאָכגעקוקט. ער האָט נאָר געשאָקלט מיט זיין קאָפּ און די טשופּרינע זיינע האָט זיך צעשויבערט. ער האָט איינגעקלאַפּט זיך די הענט און אַ פּליסטער געטאָן: — גערענדיקט! ער האָט גענומען אין האַנט דאָס קראַץ־אייזן און זיך געשטעלט קראַצן דעם יאַטקע־קלאָץ.

— שלום! — ניסים האָט געהערט יקירס קול שוין פון אינעווייניק אין דער יאַטקע. ניסים האָט דערשטוינט אַ ווענד געטאָן צו אים זיין קאָפּ. ווי אַזוי האָט ער נישט באַמערקט, אַז יקיר איז אַריין אין דער יאַטקע?

יקיר, אַ פאַרמאַטערטער, איז צוגעגאַנגען צו דער טיר און מיט די פאַרבלוי־טיקטע הענט פונאַנדערגעקנעפּלט זיין העמד, אָנגעקוקט זיין פאַרשוויצטן קערפּער און געזאָגט: — אַלץ איז כשר! אַלע פינף שטיקלעך, איינס און איינס!

— שוין ביים קויפן געווען זיכער, אַז זיי זענען כשר — האָט ניסים אים געענטפערט און ווייטער געטאָן זיין אַרבעט. יקיר איז צוגעגאַנגען צום קראַן און אַרומגעוואַשן די הענט. ניסים, וואָס האָט געקראַצט דעם יאַטקע־קלאָץ, האָט אים געזאָגט: — איסליה איז געקומען זאָגן, אַז זי וועט מער נישט קומען צו דער אַרבעט.

יקיר, מיט נאַסע הענט, פון וועלכע עס האָט געטריפט ס׳וואַסער, האָט אָנגעקוקט ניסימען מיט אַ דורכדרינגלעכן בליק. זייערע בליקן האָבן זיך געקרייצט. ניסים האָט נישט אויסגעהאַלטן יקירס בליק. ניסים האָט אַרויסגעלאָזט פון האַנט ס׳קראַץ־אייזן און געזאָגט: — יקיר, ברענג עפּעס אַ יידענע צו דער אַרבעט — נאָר גייענדיק שוין, צוגעגעבן: — אָבער נישט קיין יונגע.

יקיר האָט אים נאָכגעקוקט, ביז ער איז אים פאַרשוווּנדן פון די אויגן און דערנאָך, ווי ער זאָל זיך אויף אים מרחם זיין, געזאָגט: — אַזוי איז עס.

ניסים, מיט די הענט אין די טאַשן, איז געגאַנגען מיט שווערע טריט ווי ער זאָל אויף זיך טראָגן אַ שווערע משא. ער האָט זיך געשלייכט איבער די געסלעך אָן אַ ציל, נאָר באַטראַכט די שטאַנדן מיט די פאַרשיידענע סחורות. פאַרבייגייענדיק די איינגעזאַצטע גרינסן אין די סלאָיען, האָט ער אַריינגעשטופּט אַ האַנט אין אַ סלאָי און אַרויסגענומען אַן אָליוו. ווען ער האָט אים אַראָפּגעשלונגען, האָט ער אַוועקגעשלעפּט פון אַ שטאַנד אַ זאַפטיקע טאָמאַטע, זי אָפּגעווישט אין די הויזן און זי איינגעביסן מיט זיינע גרויסע ציין. פון אַ צווייטן שטאַנד האָט ער אַ ציפּ געטאָן אַ שטיקל געזאַלצענעם קעז פון אַן „אָסעלקע“, וואָס איז געלעגן פונאַנדער־געלייגט אויף די שטאַנדן. קיינער פון די בעלי־בתים האָט נישט געהאַט צו אים

קיין טענה, אַדרבא, זיי האָבן אים געווּנטשן: — צום געזונט! — אַלע אין גאַס האָבן אים געקענט.

ניסים האָט נישט געענטפערט אויף זייערע ברכות. ער האָט זיי נאָר אָנגעקוקט מיט פאַרזשמורעטע, צעשמייכלטע אויגן און ווייטער זיך געשלייכט איבער די געסלעך. ער, זיין וועזן, האָט געשטראַלט. ער איז געגאַנגען זיך טרעפן מיט סאַניען. אַלע זיינע חושים זענען געווען פאַרנומען מיט איר. ער איז געגאַנגען איבער די געסלעך און געזען פאַר זיך סאַניען, איר שלאַנקע, קרעפּטיקע געשטאַלט, אירע אויגן און אויערן, איר נאָז און אָרעמס, אירע אברים, וואָס ער קושט אַזוי אָפט. אָבער ווען ער האָט זיך דערמאָנט, ווי ווייך סאַניעס האַלדז איז, האָט ער זיך אויך דערמאָנט, ווי ווייך איסליהס ברוסטן זענען. אין מאָמענט האָט ער דערזען אירע פאַרוויינטע אויגן און ער איז געוואָרן טרויעריק.

שמחה, די מוטער זיינע, איז געזעסן אינעם צימער, אין וועלכן זי האָט געקאָכט, געגעסן און געשלאָפן. ווען ער האָט געעפנט די טיר און זי געזען זיצן אין בעט, דעם פענצטער אַנטקעגן, ווי זי זאָל אַרויסקוקן, און מיט די פיס אויפן פוס־בענקל. זי איז געזעסן מיט אַ מעטאַלענער שיסל אין דער שויס און געציפּט „קוסקוס״. זעענדיק ניסימען, האָט זי אייליק אַוועקגעשטעלט די שיסל און זיך אָנגעלענט אויפן שטויס בעטצייג, וואָס איז געלעגן אויפן בעט. איר אויבערשטער טייל קערפּער איז געלעגן אויף די קישנס הויך און זי האָט געקרעכצט ריטמיש און מיט אַ ניגון: פיר נידעריקע קורצע קרעכצן, דער פינפטער אַ הויכער, אויסגעצויגענער.

ניסים, הערנדיק אירע קרעכצן, איז אייליק איבערגעטרעטן די שוועל און געפרעגט זי: — וואָס איז געשען? זי האָט פאַרגלאָצט די אויגן און מיט אַ שוואַך קול געענטפערט: — עס האָט מיך פאַרנומען ביים האַרצן...

— האָסט געגעסן עפּעס נישט גוטס? זיין קול איז געווען פול זאָרג און נייגער.

די מוטער האָט אים נישט געענטפערט. זי האָט נאָר אומבאַהאָלפן פאַרבראָכן די הענט, וואָס זענען געלעגן ביי איר אין דער שויס.

— זאָל איך רופן אַ דאָקטאָר?

זי האָט אַ ווײַלע געשוויגן און ערשט איצט אים אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, אַז ניין. ווי זי זאָל זיך קיין אָרט נישט געפינען, האָט זי זיך אַ רוק געטאָן מיט אָנשטרענגונג, אַרויפגערוקט איר קערפּער נאָך העכער.

איר קאָפּ האָט זיך גענומען באַוועגן, ווי אַ זייגער־אומרו און זי האָט פונסניי געקרעכצט: — אוי, אוי, עס איז מיר נישט גוט. עס איז מיר שלעכט!

— וואָס איז דיר? — האָט ניסים מיט אומגעדולד זי געפרעגט.

זי האָט אים אָנגעקוקט מיט אַ טעמפּן בליק, זי האָט אַ צמאָקע געטאָן מיט דער צונג, ווי זי זאָל האָבן דערפילט אַ שלעכטן טעם אין מויל, און ווי זי זאָל רעדן צו זיך שטיל, אַ מורמל געטאָן: — בין אַלט, איך וויל נאָך דערלעבן ביי דיר נחת, איך וויל ביי מיר אויף דער שויס שפּילן מיינע אייניקלעך.

ניסימס אויגן האָבן אַ שימער געטאָן. ער איז געוואָרן גערירט. אַ לעק געטאָן די ליפּן, ווי ער זאָל זוכן ווערטער, וואָס זאָלן אים פאַרענטפערן. פאַמעלעך האָט

ער אַ שטאַמל געטאָן: — גוט, גוט, נאָך אַביסל. זיינע ווערטער זענען געווען האַרציקע, ווי פון אַ זון, וואָס וויל טרייסטן זיין מאַמען.

דערהערנדיק זיינע ווערטער, האָט שמחהן פאַרפעלט אָטעם. זי האָט זיך איינ־געקוקט אין זונס פנים. איר מויל איז געבליבן האַלב אָפן. זי האָט געוואַרט, אַז ער זאָל רעדן ווייטער.

אָבער ניסים איז רויט געוואָרן און געשוויגן.

זי האָט געגעבן אים אַ צייכן, אַז ער זאָל זיך צו איר צובייגן.

זי האָט איבערגעלייגט איר רעכטע האַנט איבער דער ברוסט, ווי זי זאָל זיך ס'האַרץ אונטערהאַלטן, אויף אים אַנגעשטעלט די אויגן און צעציִענדיק די ווערטער, פאַמעלעך אים געזאָגט: — איך האָב באַפוילן קיין ירושלים שרינה זאָל קומען.

— ווער? — האָט ניסים ווילד אַ שריי געטאָן און זיינע אויגן האָבן זיך פאַר־צויגן מיט כעס.

דעם טאַטנס ברודערס אַ טאַכטער, אין גן־עדן איז ער!

— ניין! — האָט ער מיט דער פויסט אַ קלאַפּ געטאָן אין טיש. די שיסל מיטן „קוסקוס" אויפן טיש איז אונטערגעשפּרונגען. ער האָט געקריצט מיט די ציין און שווער געאָטעמט. שמחה, זעענדיקט די רציחה אין זונס אויגן, האָט זי פאַרגעסן אין אירע אָנגעשטעלטע ווייען און אַ דערשראָקענע געמורמלט אַן אויפהער: — באַרויִק זיך.

זי האָט זיך דערשראָקן, זעענדיק, ווי ער לויפט איבערן צימער מיט פאַרביילטע פויסטן און רעוועט ווי אַן אָקס. מיט אַמאָל האָט ער מיט דער האַנט זיך אַ כאַפּ געטאָןביים גאָרגל, ווי ער זאָל זיך אַליין וועלן דערשטיקן. צווייפלדיק האָט ער זיך אַ ווענד געטאָן צו דער מוטער און זי אַדורכגעשפּיזט מיט זיינע ברענענדיקע פון רציחה אויגן.

שמחה האָט געציטערט פון שרעק. זי האָט זיך צוריקגערוקט, ווי זי זאָל זיך וועלן פאַרטיידיקן.

ניסים האָט אַ פאַרפּרעס געטאָן די ליפּן און פאַמעלעך אַ ריטשע געטאָן, ווי אַדורכגעשטופּט דורך זיינע פאַרקריצטע ציין די ווערטער: — איך האָב חתונה מיט סאָניען — די בלאָנדע „פּאַלאַניאַ".

ער האָט געענדיקט רעדן און אָנגעקוקט די מוטער. ער האָט געוואַגט איר אַנטקעגן רעדן. אָבער ער האָט באַלד אַוועקגעדרייט זיין פנים און אַוועק צו דער טיר. ער האָט זי געעפנט מיט אַ פוס־קאָפּע. אויף דער שוועל האָט ער ווידער אויס־געדרייט דאָס פנים צו דער מאַמען און געזאָגט: — ווען כ'וועל מיט איר קומען, זאָלסטו זי אויפנעמען ווי מיין כלה. ער האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און איז אַרויס פון שטוב.

שמחה, אַן אָנגעלענטע אויפן בעטגעוואַנט, איז געלעגן אָן זיך אַ ריר צו טאָן, ווי אַ געליימטע, מיט פאַרמאַכטע אויגן.

די שכנים אין דער שכונה האָבן געוווּסט, אַז ניסים גרייט זיך חתונה האָבן מיט דער „בלאָנדער פּאַלאַניאַ". אַלע ווייבער אין הויף, ביי דער אַרבעט, אין דער שפּייז־

קראָם, אין די אָוונטן פאַר די הייזער, זענען געווען באַשעפטיקט מיט איין ענין — די קצבטע און דער זון.

אין אַ נאָכמיטאָג. די מענער זענען געווען אין גאַס און ביי דער אַרבעט. אַלעגראַ, אַ געזונטע, פליישיקע פרוי, איז געשטאַנען אַ באַרוועסע, ס׳קלייד פאַר־שאַרצט איבער די קני, און געמאַכט אַ גוואַלד: — יוסף! יוסף! — זי האָט געזוכט איר זעקס־יעריקן זון.

— שלום, אַלעגראַ! שושנה, די נידעריקע פרוי מיט דער לאַנגער צונג, וואָס האָט געשטערט איר אין רעדן, איז שטיין געבליבן נעבן איר. אַלעגראַ האָט מיט די הענט זיך אונטערגעשפּאַרט די לענדן און געוואַרט. שושנה האָט זי אָנגעקוקט פון אונטן אַרויף מיט באַוווּנדערונג. זי האָט זיך אַרומגעקוקט, צי עס הערט זי נישט ווער און שטיל געזאָגט: — דיין זון וואָלט דיר אַזוי נישט אָפּגעענטפערט, ווי ניסים זיין מוטער דער אַלמנה.

אַלעגראַ האָט נישט רעאַגירט.

אָבער שושנה האָט זי נישט אָפּגעלאָזט. — מען זאָגט, אַז ער האָט געשלאָגן די מוטער. זי וויל, אַז ער זאָל נעמען אַ קרובה. וויל ער די „פּאַלאַניאַ״! שושנה האָט מיט דער צונג אָפּגעלעקט די ליפּן און צוגעגעבן: — שמחה האָט שוין געצונדן ליכט אין שול.

ערשט איצט האָט אַלעגראַ דערשטוינט אָנגעקוקט שושנהן. זי האָט אויסגע־רענגט די פינגער און געזאָגט: — ווו איז דער ממזר? זי האָט געמיינט איר יוספן.

זי האָט פאַרוואָרפן דעם קאָפּ און געזאָגט: — מענער זוכן נקבות! און זי איז אַוועק אין שטוב.

שולמית, דעם קרעמערס ווייב, איז געווען די איינציקע אין דער שכונה, פאַר וועמען שמחה האָט אויסגעגאָסן איר ביטער האַרץ. אָבער זי האָט אַלץ, וואָס זי האָט געהערט, דערציילט צווישן די שכנים, אירע קליענטן.

אויך בכור האָט גערעדט בקול רם. ער האָט נישט איבערגעטראָגן זיין פאַר־לוסט, דאָס גרינגע פאַרדינסטל, וואָס שמחה האָט אים צוגעזאָגט. פאַר יעדן קונה, וואָס איז אַריין צו אים אין קראָם, האָט ער געטענהט: — שיינע צייטן! אַ מענטש דערקענט נישט זיין חבר! אָט האָסטו ס׳הייליקע לאַנד! עס קומען זיך צונויף נקבות פון דער גאַנצער וועלט! די קליענטן זענען מיט אים נישט אַריין אין קיין שמועס. אַ טייל האָבן געוווּסט, פאַרוואָס ער בורטשעט. אַ טייל האָבן בכלל נישט פאַרשטאַ־נען, וואָס ער וויל. אָבער ער פון זיין זייט האָט זיך די מי געגעבן, אַז זיינע רייד זאָלן ווערן פאַרשטאַנען. ער האָט זיך איינגעקוקט אין דערשטוינטן קונה און געשריגן: — זיך אַרומגעשלעפּט איבער דער גאַנצער וועלט! האָט אַוודאי ערגעצוווּ איבערגעלאָזט אַ מאַן מיט קינדער! — און נישט קענענדיק איינהאַלטן זיין כעס, צוגעגעבן: — ווען נישט, וואָלט זי געגומען ניסימען?! די קונים האָבן געשוויגן, אים נישט געענטפערט. אַפילו געווען אַזעלכע, וואָס האָבן אים געזאָגט: טו דיין אַרבעט — און געוויזן אים מיטן פינגער דעם מלבוש, וואָס זיי האָבן אים געבראַנגט.

אָפּט, ווען ער איז געווען אַליין, איינגעהילט אין דער נאַסער פאַרע און

געפרעסט, האָט ער אַ בורטשע געטאָן: — מיינע און סאָניע! — פאַרגלייכט זיין ווייב מיט סאָניען. ער האָט זיך געאײַלט צו ענדיקן דאָס פרעסן און גיין אין קאַפע־הויז. אָבער אויך דאָרט האָבן שוין אַלע געקענט זיין פּזמון און זיך צוריק־געהאַלטן און מיט דעם פאַרשוין נישט אַריין אין קיין שמועס. זיין שינאה און קינאה צו ניסימען איז געווען אַזוי גרויס, אַז ווען ער האָט צופעליק געטראָפן שלמהן, האָט ער אים געזאָגט — שלום! שלמה האָט זיך געוווּנדערט: וואָס פאַראַ ענינים האָב איך מיט אַזאַ איינעם?

בכור האָט אים נישט געלאָזט וואַרטן און אים געפרעגט: — און דו דערלאָזט דערצו? דער קצב־יונג איז אַ מאָן פאַר אַזאַ גאָלדענער באַשעפעניש? ער אַליין ווייסט דאָך שוין נישט, וויפל ווייבער ער האָט געהאַט? זי וועט דאָך ביי אים האָבן אַ פאַרפינצטערט לעבן!

שלמה, כאָטש ער האָט זיך צוגעהערט מיט אינטערעס צו בכורס רייד, האָט ער אים נישט געענטפערט. ער האָט אים נאָר אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און אַוועק זיין וועג.

— אַרס! (אַלפאַנס) — האָט בכור אַ וואָרטשע געטאָן און אַוועק אַהיים.

די זון האָט געענומען זיך שוין זעצן, ווען שלמה איז אַריין אין שפּייכלער. קיין קונים זענען נישט געווען. שמואל איז געשטאַנען אָן אָנגעלענטער אויף אַ קאַסטן, וואָס איז געשטאַנען אין דער זייט. עטלעכע טריט פון שמואלן האָט שלמה זיך פאַרהאַלטן. ער האָט זיין קערפּער אָנגעלענט אין אַ קופּע זעק, ווי ער זאָל וועלן זיין זיכער. שלמה האָט מיט דער האַנט זיך אָפּגעווישט דאָס מויל און זיך געוואָנדן צו שמואלן: — דו ווייסט כאָטש, וואָס מען רעדט אין דער שכונה?

— וואָס? — האָט שמואל אַן איבערגעראַשטער געפרעגט און אים אָנגעקוקט. ער האָט געוואָלט, אַז ער זאָל אים אויפקלערן דעם ענין. שלמה האָט זיך צעטומלט, נאָר באַלד אים געפרעגט: — וואָס? דו ווייסט פון גאָרנישט? שמואל איז פאַר־שטומט געוואָרן.

שלמה האָט אים אָנגעקוקט, ווי ער זאָל אים פאַרשן און געפּסקנט מיט פאַר־דראָס: — דיין טאָכטער האָט נישט געקענט געפינען קיין פּאַסיקערן זיווג!

נאָר שלמהן האָט זיך געדאַכט, אַז שמואלס מידע אויגן האָבן אים אָנגעקוקט מיט חוזק און ער האָט זיך דערפילט נישט באַקוועם. ער האָט דערפאַר געוואָלט פאַרטושן זיינע רייד און געזאָגט: — נו, מילא, אָבער פאַרוואָס האָט זי אויפגעהערט קומען צו אונדז אין שטוב? נישט איך, נישט חנה, און נישט די קינדער האָבן איר שלעכטס געטאָן. אַ ווײַלע שפּעטער האָט ער צוגעגעבן: — מיין ווייב פאַר־דריסט און מיט רעכט! סוף, סוף זענען מיר שטעטישע און אין איין שטיבל געדאַוונט און צוזאַמען צום רבין געפאָרן...

שמואל האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, אַז ער איז מסכים. — יאָ, יאָ, דאָרט זענען מיר ביידע געפאָרן צום אַלעקסאַנדער רבין, אָבער דאָ קומען זיך צונויף יידן פון דער גאַנצער וועלט — האָט ער אים געענטפערט.

שלמה האָט תופס געווען דעם אָנדייט אין שמואלס ווערטער. ער האָט פאַרגעסן,

אַז ער האָט באַשלאָסן זיך נישט צו מישן אין יענעמס ענינים און געזאָגט: —
זי וועט ביי אים נישט האָבן קיין לעבן! דאָס האָט ער איבערגעחזרט בכורס רייד
און באַלד חרטה געהאַט.

— מיר ביידע וועלן שוין נישט אויסגלייכן די וועלט — האָט שמואל אים
געענטפערט אויפן אָרט און זיינע מידע אויגן האָבן אַ בליץ געטאָן.

שלמה האָט אויף אים אויסגעגלאָצט אַ פּאָר קעלבערנע אויגן. ער האָט אומ־
באַהאָלפן זיך אַ קראַץ געטאָן אונטער זיין פאַרקאַלטנט בערדל און אַ זאָג געטאָן:
— איי, שמואל — און גענומען אָנלייגן די זעק אין ווינקל.

שמואל, עס וועט גוט זיין — האָט ער אים געזאָגט און געוואָלט אים מפייס
זיין אָן איינגעבויגענער, בשעת ער האָט איינגעסדרט די זעק.

שמואל איז נאָך געשטאַנען אַ פּאָר מינוט, אַריינגעקוקט אין אָפענעם קאַסטן
מיט שעצקע און געזיפּט אין אים די פינגער. עטוואָס שפּעטער האָט ער געזאָגט:
— שלום! — און אַוועק אַהיים.

— שלום! — האָט שלמה אים נאָכגעשריגן און געשלעפּט אַ זאַק ביי די אויערן
און זיך נישט אומגעקוקט.

ניסים האָט געוווּסט, וואָס די מענטשן רעדן וועגן אים. ער האָט אויך געפילט
אויף זיך די בייזע, דערשטויגנטע בליקן פון די ווייבער, אָבער דאָס אַלץ האָט אים
נישט געאַרט — להיפך, ער איז געווען שטאָלץ. די גאָלדענע סאָניע איז זיינע,
איז וואָס אַרט אים, וואָס מענטשן רעדן? לעצטנס איז ער אויך מיט איר צוזאַמען
איינגעשטיגן אין אויטאָ, ווען זיי זענען געפאָרן אין שטאָט. זיי האָבן אויך צוזאַמען
שפּאַצירט איבער דער שכונה. שפּאַצירנדיק, האָט ניסים אַרומגענומען איר
טאַליע. זי איז געלעגן אָנגעלענט אויף אים. זי האָט אים אַריינגעשטופּט אין מויל
אַ זיסוואַרג, וואָס ער האָט איר געקויפט אויפן שפּאַציר. זי האָט אים געגלעט,
מענטשן זאָלן זען.

די מענטשן אין גאַס האָבן זיי נאָכגעקוקט.

נאָר רפי, דער שאָפער, זעענדיק זיי פון וויטנס, איז אייליק אַריין אין אַ
טויער פון אַ הויז, אָדער פון אַ הויף.

אין איינעם אַן אָוונט. ניסים האָט שפּאַצירט מיט סאָניען אין די געסלעך פון
דער שכונה און ער האָט זי געפירט ביי אַ פינגער. זיי האָבן געשפּרייזט פון אַ געסל
אין אַ געסל, אָן אַ ציל און געקנאַקט באַניעקערן. זיי איז געווען גוט צוזאַמען,
ביז זיי זענען אַריינגעקומען אין דעם אויסגעבויגענעם, ווי אַ פיילבויגן, געסל. ווי
נאָר זיי זענען אָפּגעגאַנגען עטלעכע טריט, איז ניסים פּלוצים שטיין געבליבן.

סאָניע, אַ פאַרזונקענע אין אירע געדאַנקען, האָט געשטעלט נאָך אַ טריט
פאָרויס, אָבער נישט געקענט ממשיך זיין, ווייל ניסים האָט זי געהאַלטן ביים פינ־
גער. זי האָט אָנגעקוקט ניסימען און געוואָרן איבערראַשט. זיינע דיקע ליפּן זענען
געווען צונויפגעפּרעסט, זיינע אויגן פאַרזשמורעט. זיין פּנים איז געווען שוואַרץ

פון צאָרן. זי האָט נישט געוווּסט, וואָס אים איז געשען. זי האָט נישט געהערט, וואָס ניסים האָט געהערט. אַ הייזעריקער מענער־קול האָט געשריגן פון אַ פענצטער אין קאָפּע־הויז: — אַ ממזר! שלעפּט זיך אַרום מיט דער זונה!...

ניסים האָט דערקענט בכורס קול. ניסים האָט איבערגעבויגן זיין קערפּער פאָרויס, געוואָלט אַריינשפּרינגען אין קאָפּע־הויז, אָבער אין מאָמענט האָט ער זיך איבערגעלייגט. ער האָט אַ טריט געטאָן פאָרויס און מיטגעשלעפּט מיט זיך סאָניען. ער האָט געהאַלטן אין האַנט איר פינגער און זי האָט ווי געשוועבט אין דער לופטן. ער איז געגאַנגען שנעל. דער אימפּעט האָט אים געטריבן. זיי זענען געגאַנגען און געשוויגן. איר האָט געוווּנדערט זיין פּלוצימע, געענדערטע שטימונג און נישט באַמערקט, ווו אַהין ער פירט זי. מיט אַמאָל האָט זי דערזען, אַז זיי שטייען פאַר ניסימס הויז.

ניסים האָט אויפגעפּראַלט די טיר און מיט כוח זי אַ צי געטאָן נאָך זיך, אַריין מיט איר אין שטוב.

אין הענגלייכטער האָט געברענט נאָר איין לעמפּל. שמחה איז געזעסן אויף אַן עק דיוואַן מיט אויסגעצויגענע פיס. זי האָט אויסגערוט אירע אברים פונעם גאַנצן טאָג. דער בין־השמשות, וואָס האָט זיך געשפּאַרט אין צימער אַריין, האָט זיך געמישט מיטן לעמפּל־ליכט און אַלץ אין שטוב איז געווען גרוי. די גרויקייט האָט געפירט אַ שאָטן נאָך יעדער באַוועגונג.

די שאָטנס זענען געווען פון ניסימס באַוועגונגען. ער איז געגאַנגען אַהין און צוריק איבערן צימער מיט קליינע טריט, ווי ער זאָל טרעטן אויפן אָרט. סאָניע איז געשטאַנען, ווי צוגעוואַקסן צום אָרט.

די מוטער איז זיצן געבליבן און געקוקט אויפן זון מיט טרויער. דער צוזאַמענ־טרעף האָט אַלעמען צערודערט. יעדער באַזונדער האָט פאַרגעסן זאָגן „שלום". ניסים, ווי ער זאָל זיך פּלוצים האָבן דערמאָנט, האָט אַ טריט געטאָן און אָנגע־קוועטשט דעם לאָמפּן־שאַלטער. די שיין פון די פינף אָנגעצונדענע לעמפּלעך האָט אַ בלענד געטאָן אין די אויגן. די העלקייט האָט באַוויזן די אומבאַהאָלפנקייט פון די דריי מענטשן אין צימער.

ניסים איז שטיין געבליבן אויף צעשטעלטע פיס. זיינע ציין האָבן געביסן דעם ראַנד פון זיין אויבערשטער ליפּ. ער האָט זיך פאַרטראַכט אַ רגע און זיך געוואָנדן צו דער מוטער: — שטיי אויף!

שמחה האָט געהאָרכזאַם זיך אונטערגעהויבן. זי האָט זיך אָנגעשפּאַרט אויף אַן עלנבויגן און זיך אויפגעשטעלט. סאָניע איז צו איר צוגעשפּרונגען, געוואָלט איר העלפן.

אָבער די מוטער האָט איר אַ ווייז געטאָן מיט אַ פינגער, אַז זי זאָל בלייבן שטיין.

סאָניעס גרויסע אויגן זענען טרויעריק געוואָרן. זי האָט אַוועקגעדרייט דעם קאָפּ אין אַ זייט.

שמחה איז געשטאַנען און געפרייכט. אירע אויגן האָבן געקוקט, ווי אין דער

ווייט אַרייַן, ווי זי וואָלט געווען אַ פרעמדע. ניסים האָט פאַרפרעסט די ליפּן. אַ ווײַלע שפּעטער האָט ער געזאָגט: — מיר זענען געקומען דיר אָנזאָגן אַז זעקס וואָכן נאָך סוכות האָבן מיר חתונה. ער האָט גערעדט פּאַמעלעך, באַטאָנט יעדעס וואָרט.

סאָניע האָט מיט דער פויסט זיך אונטערגעשפּאַרט דעם שטערן. זי האָט מיט אַלע כוחות געוואָלט באַרויִקן אירע נערוון.

די מוטער, אַזוי ווי זי איז געשטאַנען מיט די פּלייצעס צו דער וואַנט, האָט אָנגעקוקט איר זון. אירע אויגן זענען געווען טרויעריק און פאַרצויגן מיט אַ פייכט טרערן־הײַטל.

זי האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און געזאָגט ניסימען, ווי סאָניע זאָל נישט זיין אָנוועזנד: — זאָל דיר גאָט בענטשן. איר קול האָט געציטערט פון אויפרעגונג.

ער האָט געעפנט דאָס מויל, ווי ער זאָל וועלן עפּעס צוגעבן, אָבער ער האָט אַ קוק געטאָן אויף סאָניען. ער האָט פאַרמאַכט צוריק דאָס מויל, זיין האַנט אַרויפ־געלייגט אויף איר אַקסל, זי לייכט אַ שטופּ געטאָן פאָרויס און געזאָגט: — קום!

די מוטער איז שטיין געבליבן מיט אויסגעגלאָצטע אויגן און מיט פאַרלייגטע אויף הינטן הענט, אָן אָנגעלענטע אויף דער וואַנט.

ניסים האָט זיך די מי געגעבן, געוואָלט פאַרמאַכן נאָך זיך די טיר שטיל, אָבער ווי אויף צו להכעיס האָט די טיר זיך צוגעקלאַפּט. ניסים איז געוואָרן אין כעס דערפון.

אין פּאָדערהויז אין דער פינצטער האָט ניסים מיט סאָניען זיך ווידער דערפילט אַליין — און צוזאַמען. פּלוצים, ווי דער זעלבער פונק זאָל האָבן זייביידע אָנגעגליט, זענען זיי געפאַלן זיך אין די אָרעמס.

סאָניע האָט דערפילט אַ רויש אין קאָפּ. אירע שלייפן האָבן געהאַקט, ווי מיט האַמערס. זי האָט זיך צעוויינט, ווען זי האָט דערפילט ניסימס פּנים נעבן איר פּנים.

ניסים האָט זי אַרומגענומען. זיינע דיקע ליפּן האָבן מיט תאווה און ליבע געקושט אירע פאַרטרערטע אויגן.

# ח

דאָס דינע, געדיכטע רעגנדל וואָס איז געפאַלן די גאַנצע נאַכט פון מאָנטיק אויף דינסטיק האָט אין דער פרי אויפגעהערט, די ווילגאָטש איז אַריינגעדרונגען אין יעדן שפּאַלט. די ווענט זענען געווען אָנגעצויגן מיט פייכטקייט. די שטיינער און די דעכער זענען געווען אויסגעצוואָגן. די לופט אַ נאַסע, כאָטש דיקע טונקעלע וואָלקנס האָבן באַדעקט דעם הימל און די זון האָט זיך נאָך נישט באַוויזן איז דער טאָג געווען אַ רויִקער, די לופט אָן באַוועגונג ווי זי זאָל זיך טריקענען פון דער נאַכטנעץ.

אינעם געסל איז אַ רעש און אַ טומל. ס׳געסל האָט געפירט צו חופה איינעם פון זיינע זין — ניסימען. קיינער פון די שכנים, אַפילו שמחהס נאָענטסטע זענען נישט געווען באַשעפטיקט ביי דער חתונה. אַלע זענען געווען פאַרנומען מיט זייערע טאָג־טעגלעכע ענינים. פאַרבייגייענדיק זענען זיי נישט בייגעשטאַנען דעם נסיון און אַ קוק געטאָן דורך די טירן און פענצטער צו שמחהן אין שטוב.

אויסגעשטרעקטע קעפּ פון הינטער אַ טיר אָדער אַ פענצטער אפיר, מען זאָל זיי נישט זען, האָבן דערשטוינט געקוקט. דאָס געסל, זיינע מענטשן וואָס זענען געווינט געווען צו זייערע טאָג־טעגלעכקייטן האָבן איצט געהאָט וואָס צו זען.

שוין פון גאַנץ פרי האָבן מענער מיט פאַרשאַרצטע נאָגאַוויצעס און אַרבל געקלאַפּט מיט זייערע הילצערנע סאַנדאַלן, פאַרהילכט ס׳געסל. דער אָפּהילך־קלאַפּ האָט ווי צונויפגערופן די שכנים זיי זאָלן זען וואָס עס טוט זיך. די מענטשן זענען געקומען און געגאַנגען ווי אין אַ קאַלאָווראָד און מיט געאייל געברענגט צו ניסימען אין הויף כלים און פאַרשידענע מאַכלים און געבעקסן.

אין צווייען, אויף אויסגעבויגענע פּלייצעס האָבן זיי געברענגט טישן און בענק. אויף אויסגעשטרעקטע קעפּ האָבן זיי געברענגט דזשיזשיס און טאַצן מיט פאַר־שידענע טייגעכצער, אין בייכיקע קעסלען האָבן זיי געברענגט די פאַרשידענע מאַכלים, אין ריזיקע קאַסטראָלן — שאַרפע סאַלאַטן. דער ריח פון יעדן טאָפּ איז זיך צעגאַנגען איבערן געסל. אַ נידעריקער, בייכיקער ווי אַ פעסל ייד מיט אַ שיטער בערדל און אַ מויל אָן ציין האָט געברענגט מיט אַן אייזעלע וואָס איז געווען געשפּאַנט אין אַ וועגעלע אויף צוויי רעדלעך, די קאַסטנס געטראַנקען. דאָס וועגעלע האָט זיך געהוידעט פון אַ זייט אויף אַ זייט, די פלאַשן האָבן געקלונגען ווי זיי זאָלן צוווּיסן טאָן די מענטשן אין געסל אַז זיי דאַרפן זיך גרייטן.

שוין אַכט טעג ווי מענטשן באַקן און קאָכן. אַכט טעג שוין, ווי ביי שמשן אין רעסטאָראַן באַדינט מען נישט קיין געסט. די רעסטאָראַן־זשאַלוזיעס זענען האַלב פאַררוקט, די טירן זענען פאַרשלאָסן. שמש, דער דאַרער ייד, מיט זיינע אויסגעבייגלטע פיס און פאַרגעלטע פון טאַבאַק ציין, פאַרעט זיך פון דער פרי ביז שפּעט אין דער נאַכט, גרייט די חתונה. ווי אַ קאָמאַנדיר, וואָס באַפעלט, איילט ער אונטער די אַרבעטער — שנייד דין, דין, האַק שטאַרקער, גרייט ס׳פלייש צום בראָטן! זיין קול איז געווען דיק און טיף ווי ביי אַ קרעפּטיקן מאַן און נישט ווי ביי אַ דאַרן יידן, ווי ער.

אַ פעט־זויערער גערוך, וואָס איז איבערגענומען מיט געדיכטער קיך־פאַרע און נאַפט־טשאַד פילן אויס די קיך און רעסטאָראַן־חלל ביז דער סטעלע. די אָפּגע־שטאַנענע פאַרע טריפט פון די ווענט.

די געבעקסן האָט געגרייט די הינעראויגן־שניידערין, אַ הויכע, דאַרע פרוי מיט אַ קליין פנימל, וואָס האָט קיינמאָל נישט געשמייכלט.

בת־שבע, די הייב־אַם, אַ ברייטביייניקע פרוי מיט אַ שיטערער וואָנסע, האָט געגרייט די סאַלאַטן. די נידעריקע רינה, שמשס אַ שכנה, וואָס האָט כסדר געשריגן — נו, דאָס ענדיק איך שוין! וואָס וועל איך טאָן ווייטער? זי האָט געשיילט

גרינסן, צוגעהאָלפן. די ווייבער האָבן פינף קיך־געזעלן. זיי האָבן פאַרמישט די מעלן, געקנעטן געבעקס און געפליקט עופות. אָנגעפירט מיט דער אַרבעט האָט אַברהם, אַ נידעריקער, געזונטער, פליישיקער פאַרשויך. ער איז אַרומגעגאַנגען אין די גאַטקעס און לייבל, זיין קאָפּ איז געווען אַרומגעבונדן מיט אַ טיכל. ער האָט אויסגעזען, ווי אַ גלאַדיאַטאָר. ער האָט זיך געשאָפן מיט די מענטשן און כסדר אונטערגעפּאָמפּעט די פּרימוסן און מיט אַ טיפער שטימע געשריגן: יאַללאַ! יאַללאַ! (שנעלער).

אויך שמש האָט נישט גערוט. ער האָט זיך געפּאָרעט און געשלייכט זיך פון איין ווינקל צום אַנדערן. ער איז געגאַנגען פון איין מענטש צום אַנדערן און יעדן פון זיי געזאָגט: — יאָג זיך נישט! מאַך גוט! ער האָט זיך נישט פאַרלאָזט אויף אַברהמען.

אַלע האָבן זיך געפּאָרעט, געווען פאַרנומען און אויסגעפילט שמשס פאַר־לאַנגען. אָפּט, האָט ווער פון די אַרבעטער אָנגעקוקט שמשן און אַ וואָרטשע געטאָן: — ס׳איז נאָך בעסער, ווי גוט! שמש, וואָס האָט אונטערגעהערט און אויפגעכאַפּט אַלע באַרימערייען, האָט אויסגעשטשערעט זיינע געלע ציין און אַליין זיך אַ ברום געטאָן: — וואָס דען? שמש איז אַ פירמע אין דער שכונה!

די לופט אין קיך איז כסדר געוואָרן געדיכטער. די ריחות פונעם געפּרעגלטן אייל, די צוקער־ און האָניק־זיסקייט, די ציבל־ און קנאָבל־שאַרפקייט און די גע־שמאַקן פון די פאַרשיידענע געווירצן, זענען כסדר שטאַרקער געוואָרן.

פון מאָל צו מאָל האָט זיך באַוויזן אין קיך שמחה, ניסימס מוטער. אירע טריבע אויגן האָבן זיך איינגעקוקט אין דער געדיכטער און דורכזאַפּטער מיט ריחות לופט, געזוכט שמשן. ווי נאָר זי האָט אים דערזען, האָט זי אים געזאָגט: — שמש! ס׳עסן זאָל זיין געשמאַק! די מאַכלים דאַרפן זיין, ווי צו דער חתונה פון רחמימס זון! שמש האָט איר געענטפערט: — בעל־הביתטע, ברוך השם! שמשן קען מען אין לאַנד!

ווען ניסים האָט איר געזאָגט, אַז ער האָט באַשטעלט די חתונה־סעודה ביי שמשן, איז זי געווען צופרידן, וואָס זי וועט נישט דאַרפן זיך פאַרען און זאָרגן. זי איז אויך געווען שטאָלץ, וואָס ער האָט באַשטעלט די סעודה אין אַ רעסטאָראַן. רייכע מענטשן פירן זיך אַזוי! אָבער אין דער אמתן — זי האָט נישט געוואָלט גרייטן און פאָרען זיך פאַר סאָניען. זי האָט געהאָפּט, אַז ווען זי וועט חתונה מאַכן איר איינציקן זון, וועט זיין כלה זיך פאָרען צוזאַמען מיט איר און די מחותנים וועלן איר צוהעלפן.

ניסים האָט נישט געוואָלט, אַז זיין מאַמע זאָל זיך אָנאַרבעטן. ער האָט געוווסט, אַז אין איר עלטער וועט זי דאָס נישטביישטיין, אָבער ער האָט אַזוי אַ נאָך געוואָלט זיך אין איר נוקם זיין. ער האָט דער מאַמען נישט מוחל געווען, מיט וואָס פאַראַ כעס זי האָט אויפגענומען סאָניען ס׳ערשטע מאָל, ווען זיי זענען געקומען אַפּרעדן די חתונה.

די מענטשן אין דער שכונה האָבן זיך געגרייט צו דער חתונה. זיי זענען געוווינט געווען צו שמחות. אָבער ניסימס חתונה איז געווען אַ געשעעניש. זיי זענען

נישט געווען געווינט צו אַ חתונה מיט אַזאַ רחבות, מיט אַזעלכע צוגרייטונגען. שוין אַ לאַנגע צייט, ווי ביי זיי איז נישט פאָרגעקומען אַזאַ אויסטערלישע חתונה.

אין דעם חתונה־טאָג, וואָס איז אויסגעפאַלן אין אַ דינסטיק, וואָס איז פאַר די מענטשן אין די שכונה־געסלעך געווען אַ געוויינלעכער טאָג, האָבן אַ סך נאָר געאַרבעט דעם ערשטן האַלבן טאָג. די אונטערגעוואַקסענע זין און טעכטער, די חתנים און די כלות פון די געסלעך זענען געווען פאַרשמייעט.

די טעכטער האָבן זיך געגרייט און געפוצט, געוואָלט זיך באַווייזן מיט זייערע שטאָטן. יעדע איינע האָט געשטרעבט צו זיין ענלעך צו דער פרעמדער כלה. די בחורים זענען געווען אָפּגעשוירן און אָפּראַזירט און געווען אָנגעטאָן אין קראָכ־מאַלעטע העמדער און געפרעסטע הויזן. זיי האָבן געוואָלט זיך באַווייזן פאַר די מיידלעך, אַז זיי שטייען נישט אָפּ פון ניסימען — דעם רייכן קצב. אויך די ווייבער האָבן נישט גערוט, זיך געגרייט. פון מאָל צו מאָל האָבן זיי זיך אָוועקגעשטעלט ביי אַ טיר, אָדער פענצטער, און געקוקט נייגעריק אין גאַס אַריין, געוואָלט זען, וואָס עס קומט פאָר אין גאַס. יעדע באַזונדער האָט נישט געוואָלט עפּעס פאַר־שפּעטיקן. זיי האָבן געהאַט צייט, האָבן נישט געקאָכט. אַלע האָבן אויסגעקוקט דעם אָוונט, די חתונה.

צו מיטאָג זענען די קינדער געקומען פון די „חדרים" און שולן. דערווייל האָבן זיי זיך געיאָגט איבער די הייף און געסלעך. זיי האָבן געשפּילט אין קנעפּ און „דזשולן". זיי האָבן געקאָלערט רייפן און זיך באַוואָרפן מיט שטיינער. פון מאָל צו מאָל האָבן זיי זיך צעשלאָגן, זענען געווען הונגעריק.

דער אָוונט, ווי אין ווינטער, איז מיט אַמאָל צוגעפאַלן. עס איז געווען טרוקן און קאַלט, אָבער די קעלט איז געווען אַ מילדע. די נעץ פון דער פאַרגאַנגענער נאַכט איז שוין געווען אָפּגעטרוקנט.

ווי נאָר עס איז געוואָרן גרוי — דער אָוונט האָט זיך געשטעלט, האָבן פון אַלע טירן זיך געלאָזט די משפחות. מענטשן־הורמעס האָבן געשטראָמט אין די געסלעך. גייענדיק, האָבן זיי זיך פאַראייניקט אין איין מאַסע וואָס האָט געשטראָמט פאָרויס אויף ניסימס חתונה.

פריילעכע מאַרשן און „האָראַ"־מעלאָדיעס האָבן באַגלייט די מענטשן, וואָס האָבן זיך געאיילט. די מוזיק האָט געשפּילט און גערופן. די מענטשן זענען געגאַנגען לויטן ריטם פון דער מוזיק.

די חתונה איז פאָרגעקומען אין ניסימס הויז. זיין הויף איז איצט געווען דער המשך פונעם געסל. לענגאויס די װענט זענען געשטאַנען צוגעגרייטע טישן, באַ־דעקטע מיט טישטעכער און אַרום זיי — די בענק. אין הויף זענען געשטאַנען דרייפיס מיט אונטערגעהיצטע פרימוסן אויף זיי. די קעסלען און טעפּ האָבן זיך געוואַרעמט מיט די מאַכלים.

שמש און זיינע מענטשן האָבן זיך געפּאָרעט ביי די טעפּ. זיי האָבן אויפגעדעקט און צוגעדעקט די שטאַרצן, האָבן אויפגעפּאַסט, אַז די מאַכלים זאָלן זיך נישט צוברענען. ביים אַריינגאַנג, ביים געמויערטן פלויט, זענען געשטאַנען די קאַסטנס

מיט געטראַנקען. נעבן זיי די טישן, מיט אָנגעשטעלטע אויף זיי שטויסן טעלערס און גלעזער און ביי דער אַנדערער זייט פלויט זענען געשטאַנען טישן מיט בענק צו זיצן.

אַלע צימערן זענען געווען אויסגערוימט. אַ לאַנגער, געדעקטער טיש מיט אָנגע־שטעלטע פלעשער, גלעזער און שטייסלעך טעלער, האָט פאַרנומען דעם אויבנאָן. אינעם גרויסן צימער, אין מזרח־ווינקל איז געשטאַנען די רויטע, סאַמעטענע חופה. די פיר חופה־שטאַנגען זענען געווען אַריינגעלאָזט אין אייזערנע פאָסטומענטן.

אין ווינקל, אַנטקעגן דער חופה, אויף אַ פּאָר אונטערגעלייגטע קעסטלעך, זענען געשטאַנען די פיר קלעזמער. זיי האָבן געשפּילט רוישיק און יעדער פאַר זיך. דער ברייטבייניקער ייִד מיט זיינע שוואַרצע, אויסגעגלאָצטע אויגן, האָט געצויגן דעם גרויסן בויגן איבער די דיקע באַס־סטרונעס. דער צווייטער, הויכער, ברייטבייניקער ייִד, איז געשטאַנען מיט פאַרמאַכטע אויגן און האָט מיט אָנגע־בלאָזענע באַקן, וואָס האָבן זיך באַוויגן אַראָפּ און אַרויף, ווען ער האָט געשפּילט אין קלאַרנעט. דער דריטער איז געשטאַנען אויף צעשטעלטע פיס און מיט פאַר־צויגענע ליפּן געפּלייט אויף אַ פּלייט. אַ דאַרער פּאַרשויך, וואָס האָט זיך געהאָצקעט און געוואָרפן מיט די אַקסלען צום ריטם, ווי ער זאָל שווימען, האָט מיט זיינע דינע פינגער געפירט זיין קליינעם בויגן איבער די דינע פידל־סטרונעס. אַלע פיר האָבן מיטן פוס זיך צוגעקלאַפּט צום טאַקט פון ניגון.

טשאַד פון טריפנדיקע זיך ליכט, וואָס האָבן געברענט אויף די טישן, האָבן אויסגעפילט דעם חלל פון דער דירה. בלענדנדער לאָמפּנשיין האָט פאַרגאָסן די צימערן.

פון פאָרנט איז געזעסן די כלה אין אַ ווייס חופּה־קלייד. אויף די פיס האָט זי געטראָגן ווייסע שיך אויף נידעריקע קלעצלעך. איר קאָפּ איז געווען באַדעקט מיט אַ ווייסן, זשאָרזשעטענעם שלייער, וואָס איז געווען באַפּוצט מיט אַ סאַמעטענעם שטרייף. אויף די הענט האָט זי געטראָגן הענטשקעס ביז די עלנבויגנס. ביי איר אויף דער שויס איז געלעגן אַ בוקעט ווייסע קאַליעס. איר פּנים איז געווען אַ ביסל מיד, נאָר געשטראַלט פון פרייד און גליק און געווען אויך ערנסט.

אין צווייטן צימער איז געזעסן ניסים אין אַ שוואַרצן אַנצוג, ווייס, זיידן העמד און אַ ווייס שלייפל. ער איז געווען אויסראַזירט. זיינע פעך־שוואַרצע האָר זענען געווען פאַרקעמט אַרויף. זיינע אויגן האָבן געגליט, אָבער זיין בליק איז געווען מילד. פון אים האָט געשטראַלט זיין מענער־פּראַכט. נעבן אים איז געזעסן זיין מאַמע. זי האָט געטראָגן אַ בלוי, געבלומט, בראָקאַטן קלייד. דאָס קלייד איז געווען לאַנג און ברייט מיט אַ נידעריק, אויפגעשטעלט קעלנערל און באַפּוצט מיט שפּיל־קעס, וואָס האָבן געגלימערט. אויף יעדן פינגער האָט זי געטראָגן אַ רינג. איר קאָפּ איז געווען אַרומגעבונדן מיט אַ טורבאַן פון זעלבן שטאָף, וואָס ס׳קלייד. זי איז געווען צוריקגעהאַלטן.

אָפּגערוקט פון סאָניען איז געזעסן איר פאָטער. זיין סאַטינענע קאַפּאָטע איז געווען שוין גרין פון עלטקייט. זיינע צוויי גראָבע פינגער האָט ער געהאַלטן פאַר־

רוקט אין דעם גאַרטל. דער ווייכער קאָלנער פון זיין ווייס העמד איז געווען פונאַנדערגעקנעפּלט. אויפן קאָפּ האָט ער געטראָגן אַ שוואַרצן קאַפּעלוש, וואָס ער האָט געקויפט צו דער חתונה.

די בעלי־שמחה האָבן באַטראַכט דעם מענטשן־שטראָם, וואָס איז זיי פאַרביי־געגאַנגען. אַלע פּנימער האָבן געשמייכלט, אַלע מיילער האָבן געווונטשן „מזל־טוב".

לונה, יקירס ווייב, איז געשטאַנען אין אַריינגאַנג אין צווייטן צימער אַריין, און צוגענומען די מתנות, וואָס די געסט האָבן געבראַכט, זיי איינגעסדרט אין אַ ווינקל, וואָס איז געווען אַרומגעשטעלט מיט בענקלעך. אָבער די הויפּט־געסט זענען געווען די קצבים. נאָכדעם, ווי זיי האָבן ניסימען געווונטשן „מזל־טוב", האָבן זיי אים אַריינגעשטופּט אין די טאַשן אַ פּליק באַנקנאָטן.

סאָניע האָט פון מאָל צו מאָל געכאַפּט אַ בליק, ווער עס קומט. אפשר וועט זי אין דעם קהל געפינען אַ באַקאַנטן, אַ נאָענטן. אָט האָט זי דערזען אין אַריינגאַנג נחמהן, איר בעל־הביתטע. נחמה האָט מיט איר פליישיקער געשטאַלט אויסגעפילט דעם טיר־חלל. זייערע בליקן האָבן זיך געטראָפן. סאָניע האָט זיך צעשמייכלט. זי האָט זיך געפרייט, וואָס נחמה איז געקומען. סוף, סוף איז אויך אירס אַ נאָענטער מענטש געקומען. נישט קיין קרוב, נאָר אַ שכנה, מייט ווען זי וווינט צוזאַמען.

נחמה האָט אָפּגעוואַרט אַ ווײַלע, אָבער באַלד איז זי אַוועק צו דער כלה. גייענדיק, האָבן אירע פליישן זיך געטרייסלט. זי האָט געפּאָכעט. איר שוואַרצע, לאַנגע קרינאָלינע האָט איר געשטערט. זי האָט אויסגעשטרעקט די האַנט צו סאָניען. סאָניע האָט געדריקט איר אויסגעשטרעקטע האַנט מיט ביידע הענט. — מזל־טוב!"
— האָט זי אַדורכגעזיפּט דורך די ציין — איר זאָלט זוכה זיין צו אַ סך נחת! אָמן!"
— האָט זי געווונטשן הויך אויפן קול, אַז אויך ניסים זאָל הערן און פון ווייטנס אים אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ.

דער המון איז פון מינוט צו מינוט געוואַקסן, ווי ער זאָל באַלאַגערן ניסימס הויז.

דער דאַרער „חכם", וואָס אייז די גאַנצע צייט געזעסן אַ געבוקטער איבערן טיש, האָט אַרויסגעלייגט פון האַנט די גענדזענע פעדער און אַ מידער זיך צעגענעצט. ער האָט זיך אַרומגעקוקט. זיין בליק איז געווען פאַרנעפּלט. ער האָט אויסגעריבן זיך די אויגן, ווי ער זאָל וועלן בעסער זען, און ער האָט זיך אויפגעשטעלט.

ער איז געווען אָנגעטאָן אין אַ רויטן, סאַטינענעם כאַלאַט. זיין לאַנגע, ווייסע באָרד האָט געגרייכט אים ביז די לענדן. זיין „פעסקע" אויפן קאָפּ איז געווען פון שוואַרצן סאַטין מיט אַ בלוי לענטעלע אין דער זייט. ער האָט אָפּגעצויגן זיין באָרד פון אויבן אַראָפּ און געזאָגט — „צו חופּה!" די ברייטבייניקע קצבים מיט זייערע הויכע, פליישיקע, ברייטבייניקע און פליישיקע פרויען האָבן זיך אַ דרענג געטאָן צו דער חופּה. די ליכט־פלאַמען האָבן געצאַנקט אין זייערע הענט. עס האָט זיך דערפילט אַ חלב־קאָפּעטש.

אויך דער רעשט המון האָט זיך אַ וויג געטאָן, אָבער געבליבן אויפן אָרט. זיי האָבן נייגעריק זיך צוגעקוקט, וואָס עס קומט פאָר.

ניסים און סאָניע האָבן זיך אויפגעשטעלט. זיי האָבן זיך איבערגעקוקט פון וווייטנס, ווי זיי זאָלן זיך שעמען. שמחה, ניסימס מאַמע, מיט פאַררוקטע הענט אין אירע ברייטע אַרבל, האָט אַוועקגעבויגן איר קאָפּ, ווי זי זאָל זיך אַרומקוקן — וועמען זוכן. אין דעם מאָמענט האָט ניסים אויסגעשטרעקט זיינע הענט און אַ רוף געטאָן: — עובדיה! אַביגדור! —ביידע זענען צו אים צוגעלאָפן.

— פירט אונדז צו דער חופה — האָט ניסים זיי געזאָגט, זיין קול האָט געציטערט.

עובדיה און אביגדור, ביידע פון ניסימס פאַך, האָבן גערופן זייערע ווייבער. עובדיה און ראָזע, זיין ווייב, האָבן גענומען ניסימען אונטער די אָרעמס. אַביגדור מיט זיין ווייב ריבה האָבן אונטערגעפירט סאָניען. אַלע האָבן זיי געמאַכט אַ וועג.

שמואל, סאָניעס פאָטער, האָט אויסגעשטרעקט די הענט, איר אַראָפּגעלאָזט דעם שלייער, פאַרדעקט דער טאָכטערס פנים. זיינע ליפּן האָבן געציטערט, זיין שפּיץ־נאָז איז געווען רויט פון אויפרעגונג.

צדוק דער שמש, אַ הויכער ייִד מיט אַ גוידער, מיט אַ צוגעשווירענער באָרד, האָט אָנגעגאָסן דעם בעכער מיט וויין. דער „חכם" האָט פאַרזשמורעט די אויגן און גענומען לייענען די „כתובה". זיין קול איז געווען דין און הייזעריק. ער האָט געשלונגען די ווערטער. ער האָט ערשט אויפגעהויבן ס׳קול, ווען ער האָט געלייענט די נעמען און מען האָט געהערט אים זאָגן: — ניסים בן רחמים יצחקי און סאָניע־שרה בת שמואל ראַבינאָוויטש. דער „חכם" האָט אויך געזאָגט דייטלעך דעם „הרי את מקודשת לי". ניסים האָט נאָכגעזאָגט וואָרט נאָך וואָרט, פּאַמעלעך און הילכיק.

אין דער שטילקייט, וואָס האָט געהערשט, האָט מיט אַמאָל זיך דערהערט דער קנאַק פון אַ צעטרעטן גלאָז. דער „חכם" האָט אויסגעגליכן זיינע אַראָפּגעלאָזטע אַקסלען און געזאָגט הויך אויפן קול: „מזל־טוב"! ניסים האָט זיך אויסגעדרייט און מיט שווונג אַרומגענומען סאָניען, זי געקושט. זי האָט זיך צו אים צוגעטוליעט מיט באַגער.

— מזל־־טוב! מזל־טוב! — האָבן אויסגערופן אַלע.

דער המון, וואָס האָט זיך געדרענגט אויפן הויף, אין דער גאַס אַרום דעם הויז, האָט אונטערגעכאַפּט די אויסרופן און אַ שאַל געטאָן: „מזל־טוב"! דער רעש האָט פון מינוט צו מינוט זיך געשטאַרקט. דער „חכם" האָט ממשיך געווען, געלייענט ווייטער די ברכות. דער המון האָט זיך נישט צוגעהערט צו אים. נאָר ווען דער „חכם" האָט גענומען זאָגן „גילה, רינה, חדוה ודיצה" — האָט ער אויפגעהויבן ס׳קול און דערביי געציקלט דעם ניגון, ווי ער וואָלט וועלן איבערשטייגן דעם רעש. נאָר שמואל, דער כלהס פאָטער, איז געשטאַנען מיט פאַרמאַכטע אויגן, זיך געשאָקלט און נאָכגעזאָגט די ברכות. ווען דער „חכם" האָט געענדיקט און מיט זיין דין קול געציקלט: „לשמח את החתן ואת הכלה" — זענען ניסים מיט סאָניען געשטאַנען אַרומגענומען.

זיי אַנטקעגן זענען געשטאַנען שמואל און שמחה. שמחהס פּנים איז געווען רויט, צעפּלאָמט, איר בליק — שטאַר, ווי פאַרגליווערט. פון שמואלס אויגן האָבן זיך געקייקלט טרערן.

סאָניע האָט זיך פאַמעלעך, ווי זי זאָל זיך פוילן, באַפרייט פון ניסימס אָרעמס. זי האָט זיך אַרומגעקוקט, ווי זי זאָל זיך האָבן אויפגעוועקט. מיט אַמאָל האָט זי אָנגענומען ניסימען ביי דער האַנט און מיט אים צוגעגאַנגען צו דער מוטער. סאָניע האָט אַראָפּגעבויגן דעם קאָפּ, אַ קוש געטאָן שמחהן אין האַנט און איןביידע צעפּלאָמטע באַקן. די מוטער האָט אַרויפגעלייגט איר האַנט אויף סאָניעס קאָפּ און איר אַ קוש געטאָן אין שטערן. דער מוטערס ליפּן זענען געווען קאַלט. דער בליק פון אירע אויגן איז געווען שאַרף און אַדורכגענומען איר שנור. ניסים האָט באַטראַכט פון דער זייט די צוויי פרויען, זיין מאַמע און זיין פרוי. איצט האָט שמחה אויסגעשטרעקט אירע אָרעמס און אַרומגענומען איר זון.

ווען די פּאָר איז צוגעגאַנגען צו סאָניעס פּאָטער, האָט ער אויסגעשטרעקט זיינע דאַרע אָרעמס, אַרומגענומען ביידע און אָנגעלענט זיין קאָפּ אויף זייערע ברוסטן. זיינע אויסגעשפּיצטע אַקסלען האָבן זיך געטרייסלט. ער האָט שטיל געוויינט.

דער געפּילדער ווערט כסדר שטאַרקער. דער אָרקעסטער שפּילט איין פריילעכן מאַרש נאָך דעם אַנדערן. די אַרומשטייענדיקע האָבן זיך פונאַנדערגעזעצט, נאָר אַלע בייטן זייערע פּלעצער, דערנענטערן זיך צום הויף — צו די טעפּ.

דער „חכם" רוקט זיך כסדר צו דער טיר. די פּאָלעס פון זיין בגד האַלט ער אין האַנט, זיי זאָלן אים נישט שטערן אין גיין. יקיר שטופּט אַוועק אין דער זייט די מענטשן, מאַכט אַ וועג דעם „חכם".

ווי נאָר דער „חכם" איז אַריבער די שוועל פון דער טיר, האָט יקיר זיך אַ לאָז געטאָן מיט אימפּעט צו דער חופּה. ער האָט אונטער דער חופּה אַרונטער־געשטעלט אַ טישל מיט צוויי בענקלעך, וואָס ער האָט צוגעגרייט פריִער, זיך פאַרנייגט פאַרן יונגן פּאָרל און זיי פאַרבעטן, זיי זאָלן זיך אַוועקזעצן. לונה, יקירס ווייב, האָט זיי צוגעטראָגן אַ טאַץ מיט פּירות.

דער עולם האָט זיך געשטופּט, פאַרנומען די זיץ־פּלעצער. זיי האָבן זיך פאַר־וואַנדלט אין אַ מענטשן־קנויל, וואָס לאַרעמט און טומלט. אַלע האָבן זיך געשטופּט און דער רוב איז געבליבן אויפן אָרט צונויפגעפּרעסט.

מיט אַמאָל האָבן די קצבים־געזעלן אַראָפּגעוואָרפן פון זיך די מאַרינאַרקעס, פאַרשאַרצט די אַרבל פון די העמדער און אין מאָמענט זיך אָרגאַניזירט אין אַן ערן־וואַך מיט ירוחמען בראש. זיין פּנים האָט געפּלאָמט, ווי עס זאָל זיין אָפּגעבריט.

ירוחם איז אַרויפגעשפּרונגען אויף אַ באַנק און מיט אַ פאַרביילטער פויסט פון זיין קורצער, דיקער האַנט אַ קלאַפּ געטאָן זיך אין ברוסט און געשריגן: — פּלעצער פאַרטיילן מיר!

די קצבים־געזעלן האָבן אויסגעשטרעקט זייערע אָרעמס, אָנגעכאַפּט מענטשן

ביי די הענט, זיי אַרויסגעשלעפּט פון דעם מענטשן־קנויל און זיי אַוועקגעזעצט אויף די פּלעצער, וואָס ירוחם האָט אָנגעוויזן.

קהל האָט זיך אונטערגעגעבן דער מאַכט פון די קצבים־געזעלן. עס האָט נישט לאַנג געדויערט און זיי האָבן איינגעשטעלט אַ סדר. אַלע זענען געזעסן אַרום די טישן. די קבצנים אין זייערע וואָכעדיקע, אָפּגעטראָגענע בגדים האָבן זיי אַוועק־געזעצט ביים טיש אין הויף.

איצט, ווען אַלע זענען שוין געזעסן, האָט יקיר איבערגענומען די קאָמאַנדע איבער די קצבים־געזעלן. — חברה! דערלאַנגט משקה און פאַרבייסעכץ! — האָט ער אַ באַפעל געטאָן.

באַלאָדענע מיט שיסלען געזויערטע ירקות, טעלער מיט טחינה, שטויסן „פּיתהס", מיט קעסטלעך אַראַק און וויין האָבן שמש מיט זיינע מענטשן און די געזעלן אַרומגעטראָגן צווישן די טישן און געטיילט ברייטהאַרציק דעם כיבוד.

אַ צייט שפּעטער איז ווידער געוואָרן אַ געפּילדער ביי די טישן, אָבער דאָס איז געווען אַ גערודער פון געצויגענע פלעשער־קאָרקעס, אַ גלאָז־קלאַנג פון אָנגעשלאָגענע גלעזער און גלעזעלעך, אַ גאָרגלעריי פון פאַרברענטע מיט י"ש קעלן, אַ שלונג־כאַכל, ווי פון אָנגעצויגענע בלאָזזעק און אַ מליאַסק פון נאַסע ליפּן.

פון מאָל צו מאָל האָט זיך דערהערט אַ „לחיים", וואָס איז געזאָגט געוואָרן ווי צו זיך אַליין און איז מיטגעשלונגען געוואָרן מיטן טרינקען. אַלע האָבן גע־טרונקען שנעל, כדי נישט צו בלייבן הינטערשטעליק.

אויף דער גאַס, ביי אַ טיש אין דער זייט, איז געזעסן בכור. ער איז געזעסן אַליין. זיין משפּחה — ס'ווייב מיט די קינדער, זענען געזעסן ביי אַ צווייטן טיש. ער איז געזעסן פאַרטאָן אין זיך און געשוויגן, מיט אַ פלאַש וויין אין האַנט. פון מאָל צו מאָל האָט ער אַ זופּ געטאָן פון דער פלאַש און פאַרביסן מיט אַ פּענעץ „חציל". זיין רויטער פלאַם אויף דער באַק האָט איצט געגלאַנצט, ווי ער זאָל זיין אָנגעפּעטסט.

די ווייבער האָבן געטונקען שטיקלעך „פּיתה" אין וויין און געשטופּט זיי די קינדער אין מויל, געוואָלט אַז, די קינדער זאָלן פילן דעם טעם פון וויין.

באַרוישטע און אונטערגעטרונקענע, האָבן זיי פאַרגעסן אין אַלע זייערע דאַגות און זיך צעזונגען.

יעדעס קלייזל האָט געזונגען פאַר זיך הויך אויפן קול. אַ ניגון האָט זיך צונויפגעמישט מיט אַ ניגון. די צונויפגעמישטע קולות האָבן אָפּגעהילכט, ווי אַ קריגעריי.

ווו נישט ווו האָט זיך געהערט אַ פאַלשער, אָפּגעזונדערטער ניגון. איינער האָט געזונגען, עטלעכע האָבן אים צוגעהאָלפן. עס האָבן אויך געזונגען כאָרן, וועלכע מען האָט צוגעהאָלפן מיט אַ „בים־באָם, באָם־באָם!". זיי האָבן געזונגען אַלע ניגונים, וואָס זיי האָבן נאָר געדענקט. אין ווינקל, ביים טיש, האָט מען געזונגען זמירות, די יינגערע האָבן געזונגען „האָראַס". אַלע ניגונים האָט מען אָנגעהויבן

און נישט פֿאַרענדיקט. די ווייבער האָבן געפּאַטשט מיט די הענט. די קינדער האָבן צוגעטופּעט מיט די פֿיס. אַמאָל צום טאַקט, אַמאָל סתם אַזוי.

אין צווישן האָבן די קצבים־געזעלן אַראָפּגענומען פֿון די טישן די אויסגעלײדיקטע כלים און געבראַנגט שטויסן טעלערס. יעדער האָט גענומען זיך אַ טעלער און אַוועקגעשטעלט אים אויפֿן טיש ביי זיך. איצט האָבן די געזעלן געבראַנגט פֿאַנען מיט געפּרעגלטע פֿיש, פֿאַנען מיט געקאָכטע רייז, דורכגעמישט מיט מייערן און ציבל, און שטיקלעך פֿלייש אין טאָמאַטן־סאָוס. ווי נאָר מען האָט אַוועקגעשטעלט אַ פֿאַן אויפֿן טיש, האָבן באַלד זיך צו איר אויסגעשטרעקט הענט, וואָס האָבן אָנגעפּילט זייערע טעלער. יעדע פּאָרציע איז געווען שפּיציק, ווי אַ פּיראַמידע.

אַ צייט לאַנג האָט מען נאָר געהערט אַ שאָרך פֿון דער „פּיתה״, וואָס האָט אַרומגעווישט דעם ראַנד פֿון טעלער, דעם מליאַסק פֿון אויסגעפּעטסטע ליפּן און די כאָכלען פֿון די שנעלע שלונגען, ווי ביי מענטשן, וואָס שטיקן זיך מיטן עסן.

פֿאַמעלעך, פֿאַמעלעך האָבן די מענטשן אָפּגעאָטעמט. די זעט האָט זיי מיד געמאַכט און באַרויִקט. ערשט איצט האָבן די משפּחות זיך אַרומגעקוקט; געזען, ווער עס זיצט נעבן זיי און זאַטע געשמייכלט איינער צום אַנדערן. אָבער די עיקר־סעודה האָט ערשט איצט זיך אָנגעהויבן. די געזעלן האָבן אָנגעהויבן ברענגען פֿאַנען מיט פֿלייש. פֿון די פֿלייש־ריחות זענען די געסט געבליבן מיט אַ פֿאַרכאַפּטן אָטעם.

דאָס שעפּסן־פֿלייש האָט געזידט, גלייך פֿון אויוון אַרויס. עס איז געווען געשניטן אין פֿאַסן. איבערראַשטע, האָבן די געסט געקוקט אויף די פֿאַנען מיט פֿלייש, וואָס זענען געשטאַנען אויף די טישן. זיי האָט געשראָקן — אפשר וועלן זיי נישט באַקומען די פּרעסערייַ. די מענער האָבן אויפֿגעלאָזט די רימענס פֿון זייערע הויזן. די ווייבער האָבן מיט זייערע אויסגעפּעטסטע הענט זיך געווישט דעם שוויס פֿון פּנים און האַלדז.

אַלע זענען געזעסן און זיך נישט גערירט פֿון אָרט, ווי עס זאָלן פֿאַר זיי נישט שטיין די פֿאַנען מיט פֿלייש. אָבער ווען די געזעלן האָבן אַוועקגעשטעלט אויף די טישן די שיסלען מיט מאַרינאַטן „מאַנגאָ״, איז דער עולם וואַך געוואָרן. עס האָבן זיך אויסגעשטרעקט הענט מיט אויסגעפּעטסטע טעלער צו באַקומען אַ פּאָרציע. עס איז ווידער געוואָרן שטיל. אַלע האָבן געשוויגן. מען האָט נאָר געהערט דעם שאָרך פֿון קייען. צווישן זיי זענען געווען אַזעלכע, וואָס האָבן געסאָפּעט, ווי זיי זאָלן קרעכצן. כדי בעסער צו פֿאַרדייען ס׳עסן, האָבן פֿון מאָל צו מאָל די מענער גענומען נאָך אַ גלעזל, אָבער אָן חשק.

יעדעס מאָל האָט אַן אַנדערע פּרוי, אַ רעזיגנירטע, אַראָפּגעלאָזט די הענט, מוותר געווען אויף דעם גוטס, וואָס איז געשטאַנען פֿאַר זיי, נאָר דערלאַנגט די קינדער פֿונעם געבליבענעם פֿלייש, אָבער אויך די קינדער האָבן שוין נישט געהאַט קיין אַפּעטיט.

די קינדער זענען געוואָרן לעבעדיקער, ווען מען האָט אַוועקגעשטעלט אויף

די טישן שיסלען מיט מאַראַנצן, רבי־ניסלעך און באַניע־קערן, טאַצן מיט געטרי־קנטע פּרוכטן און טייטלען. די דערוואַקסענע, מידע פון זעט, האָבן קוים גערירט מיט אַן אבר. אויך די אָרקעסטער־מוזיק איז געוועזן מיד, נאָר דער אָפּהילך האָט געגרילצט, ווי מען זאָל מיט שטיינער קראַצן אויף גלאָז.

די קצבים־געזעלן זענען געווען פאַרמאַטערט און נאַס פון שווייס. זייערע העמדער האָבן געקלעפּט אויף זיי. זיי האָבן נישט געהאַט שוין קיין כוח אַראָפּצונעמען פון די טישן די האַלב־אויסגעליידיקטע פאַנען און טעלער. יקיר איז ווי קלענער געוואָרן. ער איז געווען מיד, פאַרמאַטערט. אָבער ער האָט אויפגעפּאַסט, עס זאָל גאָרנישט פעלן. ער האָט אויך פון מאָל צו מאָל זיך אַ ווענד געטאָן צו די כלי־זמרים: — שפּילט שטאַרקער!

דער אָרקעסטער האָט איצט געשפּילט אַ טאַנגאָ. יונגע פּאָרלעך האָבן זיך אַריינגעשלייכט אין מיטן זאַל און זיך באַוויגן מיטן ריטם פון דער מוזיק.

פּאַמעלעך, פּאַמעלעך איז די מוזיק געוואָרן ווידער רעשיק. די כלי־זמרים האָבן מיט זייערע לעצטע כוחות זיך אָנגעשטרענגט, געוואָלט פריילעך מאַכן דעם עולם. אָבער די טענץ זענען געווען לאַנגזאַמע, ווי אויפגעצוווּנגען. דער ריטם איז געווען אַן אויסגעצויגענער, ווי צאַנקענדיקע פלאַמען פון די ליכט, וואָס האָבן געטריפט.

ניסים מיט סאַניען האָבן כסדר זיך איבערגעקוקט און געשוויגן, ענלעך צו אַ פאַרליבט פּאָרל, וואָס זיצט אין קאַפע ביי אַ טישל. שמחה, די מוטער, איז געזעסן מיט די קצבים ביי זייער טיש. זי האָט זיך נישט געפרייט, ווי עס פּרייט זיך אַ מאַמע, אַן אַלמנה, וואָס מאַכט חתונה איר איינציקן זון. זי איז געזעסן מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן, געשוויגן און געגעסן, ווי אַלע קצבים. אירע שכנות ביים טיש האָבן איר דערלאַנגט.

דאָך האָט זי זיך די מי געגעבן, אַז אַלע זאָלן פילן, אַז זי איז די הויפּט־מחותנתטע. איר האָט נישט אינטערעסירט, וואָס עס קומט פאָר, אָבער פון מאָל צו מאָל האָט זי אויפן קול אַ רוף געטאָן: „יקיר!” ער, דערהערנדיק שמחהס קול, איז צו איר געלאָפן און געהאָרכזאַם, אונטערטעניק געוואַרט אויף אירע באַפעלן. אָבער איר האָט גענוגט, ווען זי האָט אים געפרעגט: — פאַראַן גענוג עסן? און צום סוף געהייסן זיך דערלאַנגען אַ גלאָז קאַלט וואַסער.

אויך שמואל איז געזעסן ביים טיש מיט די קצבים אויבנאָן, אָבער ער האָט פון גאָרנישט טועם געווען. זיינע אויגן זענען געווען פייכט. דער בליק פון זיינע גרויע אויגן איז געווען שאַרף. ער האָט פאַר זיך געזען: זיין אַמאָליקע היים — די משפּחה, ס׳שטעטל, די יאָרן פון פרייד און לייד, זיין גאַנץ לעבן, וואָס איז אַוועק — און אָט איצט די חתונה פון זיין טאָכטער, וואָס איז אים געבליבן, די איינציקע פון דער גאַנצער, צעוואַקסענער משפּחה. ער האָט ווידער זיך אַ פרעג געטאָן אין געדאַנק, וואָס וואָלט געזאָגט גיטל, זיין ווייב, צו דער חתונה פון דער יינגסטער טאָכטער.

ער האָט זיך אָפּגעטרייסלט פון זיינע וויזיעס, זיך דערמאָנט, אַז ער איז דאָך

דער מחותן! אַז ער דאַרף אויספירן זיינע פליכטן. ער האָט גענומען צורוקן די פּולע שיסלען מיט עסן. זיינע שכנים, די קצבים, האָבן אים אָנגעקוקט מיט דערשטוינטע, פאַרגלייזטע אויגן, אים אַ שאָקל געטאָן מיטן באַרווישטן פון שיכּרות קאָפּ, אים געדאַנקט. ווען דער צימער האָט זיך אָנגעפילט מיט קאָפּעטש פון די אויסגייענדיקע ליכט און זיך צונויפגעמישט מיטן שוייס פון די פאַרלעך, וואָס האָבן געטאַנצט, האָט סאָניע ווי פאַרזשמורעט די אויגן און אַ קוק געטאָן אויף ניסימען, ווי געבעטן אים, זיי זאָלן גיין.

ניסים האָט פאַרשטאַנען איר ביטע. ער האָט זיך אויפגעשטעלט, זי גענומען אונטערן אָרעם און מיט איר אַוועק צום אַרויסגאַנג. די מענטשן, מידע, איינגעדרימלטע פון דער זעט, האָבן זיי באַמערקט. זיי זענען וואַך געוואָרן. ווי לויט אַ באַפעל האָבן זיי גענומען קוילערן מיט די צונגען, געיובלט: — לו—לו—לו! אַזוי האָבן זיי באַגלייט דאָס פּאָרל.

דער מוטערס בליק, וואָס האָט זיי באַגלייט, איז געווען שאַרף ווי שטאָל. שמואל איז געשטאַנען מיט איבערגעלייגטע איבער די ברוסטן הענט. פון זיינע אויגן האָט געקאַפּעט.

די מענטשן, מידע און צעגענעצטע, האָבן זיך אויפגעשטעלט, גענומען זיך צעגיין. זאַטע, צופרידענע, האָבן זיי זיך געקאַטשעט. די מענער זענען געגאַנגען מיט די הענט אין די טאַשן, צעקנעפּלט, מיט צעפלאָשעטע פּאָלעס. די ווייבער, פּוילע און מידע, האָבן געשלעפּט מיט זיך זייערע קליינע קינדער. די גרעסערע האָבן אַליין זיך נאָכגעשלעפּט.

נאָר בכור איז אַוועק אַליין. וואַקלענדיק זיך, האָט ער צו זיך גערעדט: — אַזאַ ממזר!

די קאַלטע נאַכט־לופט האָט געפרישט סאָניען און זי האָט זיך געטוליעט צו ניסימען. ער האָט זי געהאַלטן אין די אָרעמס. ער האָט פאַרמאַכט הינטער זיך די טיר. זיי זענען שטיין געבליבן זיך אַנטקעגן אין דער טונקל.

סאָניע האָט זיך איינגעקוקט אין דער ווייט און געזאָגט, ווי זי זאָל רעדן צו זיך: — אויף אייביק! — און אַוועקגעלייגט איר צעגליטן קאָפּ אויף זיין ברוסט. זי האָט געפרעגט: — וועסט מיך שטענדיק ליבן?

ניסים האָט אויסגעשטרעקט זיינע אָרעמס און מיט כוח זי צוגעדריקט צו זיך. ער האָט דערפילט איר יעדן אבר אין איר קערפּער. ער האָט געסאַפּעט, שנעל און נערוועז האָט ער פון איר אַראָפּגענומען די בגדים. זי איז אויף אים געלעגן צונויפגעפּרעסט. איר קערפּער איז פון מינוט צו מינוט איר געוואָרן שווערער. זי האָט געפילט איר בלוט־טיאַך, וואָס איז געווען האַסטיקער ווי שטענדיק.

ער האָט דערפילט די גלאַטע ווייכקייט פון אירע בריסטן. ער האָט אַ פרייד געטאָן, ווי ער זאָל אויסטעמען זיין צעגליטן באַגער. אַ ווילדער, האָט ער איינגעביסן אין איר פליייש זיינע צעגליטע ליפּן און די ציין. אַ ווײ־געשריי פון פרייד איז פאַרשטומט געוואָרן אין זיינע אָרעמס, וואָס האָבן זי געאָרעמט מיט צעגליטן באַגער.

# ט

אַ יאָר איז אַוועק פון זייער חתונה. ניסים מיט סאָניען זענען אַ פּאָרפּאָלק ווי אַ סך משפּחות, וואָס וווינען אין געסל. אָבער פאַר די איינוווינער אין געסל, די שכנים פון אַרום, זענען זיי דאָס „פּאָרפּאָלק". כאָטש ניסים איז אויפגעוואַקסן אין דער שכונה צוזאַמען מיט די זין פון די ערשטע איינוווינער און פירט אַ יאַטקע אין מאַרק, איז ער אָפּגעזונדערט פון דער מחנה. פאַר די איינוווינער פונעם געסל, איינוווינער אין דער שכונה, איז סאָניע, די יאָדערדיקע בלאָנדע פרוי, געבליבן די פרעמדע פרוי, וואָס איז צו זיי געקומען פון דרויסן.

צווישן דעם „פּאָרפּאָלק" און די מענטשן פון דער סביבה האָט זיך נישט געשאַפן קיין שכנות. סאָניעס גראַציעזער גאַנג, איר שלאַנקער וווקס און איר אַרט זיך צו זיי ווענדן „ביטע", אַ „דאַנק" — האָט זיי אָפּגערוקט פון זיי.

סאָניע האָט יעדן געטראָפענעם שכן, אָדער שכנה, געזאָגט „שלום". זיי אַלע האָבן זי באַגריסט מיט רעספּעקט, אָבער צוריקגעהאַלטן.

דאָס פּאָרפּאָלק איז נישט געקומען צו די שכנים. די שכנים זענען נישט געקומען צו זיי. אַפילו שמחה, די מוטער, האָט אויפגעהערט קומען צו די שכנים פונעם טאָג אָן וואָס איר שנור וווינט ביי איר אין הויז. אויך אין קראָם ביי סעדיהן האָט זי ווייניק גערעדט. זי האָט געבעטן דאָס נויטיקע, באַצאָלט און אַוועק איילִיק, ווי זי זאָל נישט האָבן קיין צייט. אויך בכורן האָט זי אויסגעמיטן. זי האָט זיך געהיטן, כדי מיט אים נישט אַריין אין קיין שמועס. ווען זי האָט אים באַמערקט דורכן פענצטער פאַרן הויז, איז זי שנעל אַריין אין קיך. די פענצטער פון קיך זענען אַרויסגעגאַנגען אויפן הויף.

פון זינט עס איז צערונען געוואָרן זיין חלום, אַז ער וועט באַקומען אַ פּאַר־דינסט מיט אַ ברייטער האַנט פאַר העלפן שמחהן, איז בכור געווען אומרויִק און אומגעדולדיק. ווען אַ קונה האָט אים געבערענגט אַ מלבוש צום רייניקן און זיך מיט אים געדונגען, האָט ער פאַרקנייטשט דעם שטערן, ווי אַ מאַלפּע און געשריגן:
— איך וועל אויך פון דיר שוין נישט רייך ווערן, און מאַכן אַ חתונה, ווי ניסים, וועל איך אויך נישט קענען! אָן אויפגערעגטער האָט ער אויפגעהערט שרייען, זיך געכאַפּט, אַז בעסער, ער זאָל שווייגן. ניסים האָט אויף אים אָנגעוואָרפן אימה, אָבער אים איז שווער אָנגעקומען צו דערמאָנען ניסימס נאָמען און נישט צוגעבן „דער ממזר!"

שמחה, די מוטער, האָט טאַקע געוווינט צוזאַמען מיטן „פּאָרפּאָלק", אָבער דאָס נייע הויז און די נייע קיך זענען געבליבן איר פרעמד. די קיך איז פאַר איר געווען צו גרויס אין פאַרנעם. זי האָט גערן געהאַט איר אַלטע, קליינע קיך, אין וועלכער זי האָט געוווּסט, ווו יעדע זאַך ליגט.

ווען זי איז אַריין אין דער אַלטער קיך, האָט זי זיך אַרומגעקוקט, ווי זי זאָל זוכן די פריִערדיקע, שטוביקע אויוטנעקייט. זי האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ,

באַדויערט די פאַרלאָזנקייט צווישן די נאַקעטע איצט ווענט. סיי די קיך, סיי דאָס פריִערדיקע צימער, זענען געווען כמעט ליידיק. אין זיי זענען געשטאַנען נאָר עטלעכע אַלטע שענקלעך.

שמואל, סאָניעס פאָטער, האָט איצט געוווינט אין איר אַלטן סאַלאָן.

שמחה איז נישט געוועזן אַריבערגעגאַנגען וווינען אינעם נייעם הויז. זי איז נאָר איבערגעגאַנגען, בכדי צו ווייזן די שכנים און איר שנור, אַז זי איז די בעל־הביתטע אין איר ניי הויז. אין די נייע דריי צימערן האָט זיך גאָרנישט געענדערט. מען האָט אַהער איבערגעפירט דאָס מעבל פון אַלטן הויז. עס זענען נאָר צוגעקומען צוויי קיך־שענקלעך און די נייע, צווייטירנדיקע קליידער־שאַנק, וואָס ניסים האָט אַריינגעשטעלט צו דער מוטער אין צימער.

סאָניע האָט נישט געוואָלט ענדערן דעם שטייגער פון הויז. להיפך. זי האָט באַלד פון אָנהייב באַשלאָסן זיך אַריינפּאַסן אין ניסימס שטייגער לעבן. נאָר דעם „פּאָרפּאָלקס” שלאָף־צימער האָט ניסים איינגעאָרדנט לויט סאָניעס געשמאַק: די ווענט זענען געווען ראָזא, דאָס מעבל איז געווען נוס־העל. די שאַנק איז געווען אַ פיר־טירנדיקע. דאָס בעט איז געווען ברייט, דער איבערוואָרף פון רויטן זייד. די נאַכט־שענקלעך זענען געווען נידעריק און ברייט, דער בעט־פּאַראַפּעט — שמאָל און לאַנג. דער מאַרמאָרענער זשיראַנדאָל איז געווען איבערגעדעקט מיט אַ גלעזערנעם אַבאַזשור. זיין ליכט איז געווען טונקל. דער גרויסער, פּערסישער דיוואַן איז געווען בונט.

דאָס שלאָף־צימער איז געווען סאָניעס היכל. צווישן די ווענט איז זי געווען אָפּגעזונדערט פון דער סביבה. אין דעם צימער האָט קיינער איר נישט געשטערט. זי האָט זיך געפילט פריי. זי איז אַרומגעגאַנגען אַ האַלב־נאַקעטע. אָפט, ווען ניסים איז צו איר אַרייַן, האָט ער זי געטראָפן אין נאַכט־העמד, וואָס האָט איר געגרייכט ביז די קנעכל, מיט אַ טיפן דעקאָלט און אָפּגעדעקטע ברוסטן. אַזוי איז זי געלעגן אַן אויסגעצויגענע אויף איר ברייט בעט, אָדער אויפן דיוואַן מיט אַ בוך אין האַנט. ווען ניסים האָט געעפנט די טיר און געטראָפן זי ליגן אַן אויסגעצויגענע, איז ער שטיין געבליבן אין דער טיר און באַטראַכט איר קערפּער, וואָס האָט זיך אַדורכגעזען דורך איר דורכזיכטיק העמד. ער איז געוואָרן צערייצט, ווי ער זאָל זי אַזוי האָבן דערזען דאָס ערשטע מאָל.

אָפּגעזונדערט פון מענטשן, האָבן זיי געזונקען אין זייער צוזאַמענזיין. זיי האָבן געזעטיקט זייער שותפותדיקן באַגער, וואָס האָט אין זיי געברויזט אָן אויפהער.

אָפּגעזונדערט פון אַלע, האָבן זיי געלעבט אָן גרענעצן. זיין ווילן איז געווען איר ווילן, איר פאַרלאַנג איז געווען זיין טאַט. וואָס זי האָט געטאָן, האָט זי אים געפרעגט: — גוט אַזוי? זי האָט מיט אַלץ געוואָלט אים געפעלן, זיין אָנוועזנהייט נעבן איר האָט זי אָנגעפילט מיט לעבנס־באַגער.

איר קערפּער איז געוואָרן יאָדערדיקער, אירע באַוועגונגען — אָפּגעלאָזן, נאָר גראַציעזע, איר הויט — פריש און דורכזיכטיק, אירע מאַנדל־אויגן — גרויס. ניסימס אַ גליִענדער בליק האָט זי צערייצט. זי איז כמעט נישט אַרויס אין גאַס.

זי איז אים געווען איבערגעגעבן, ווי אַ קנעכט. אויך ניסים, דער הויכער, ברייטביייניקער, קרעפּטיקער מאַן, האָט געדאַרשט און געטרונקען זיין גליק מיט אַלע זיינע חושים.

ניסים איז דאַרער געוואָרן, אָבער פון אים האָט געשפּראָצט די מענער־קראַפט. זיין הויט איז געוואָרן האַרט, אָבער עלאַסטיש און גלאַטיק. זיין פּנים איז געוואָרן אויסגעצויגן, אָבער זיינע אַקסלען זענען ברייטער געוואָרן. זיינע אויגן האָבן געגלאַנצט. אָפט איז ער ליגן געבליבן נעבן סאָניען מיטן קאָפּ צווישן אירע ברוסטן, אַ מידער און זאַטער פון גליק.

ווו ער איז געווען — אין גאַס, ביי דער אַרבעט, איז ער מיט די געדאַנקען געווען ביי סאָניען. איר געשטאַלט איז אים געשטאַנען פאַר די אויגן. ווי נאָר ער האָט געענדיקט די אַרבעט, איז ער שנעל אַוועק אַהיים.

נאָר אין דער באַציִונג צווישן די צוויי פרויען, דער שנור און שוויגער, איז נישט פאָרגעקומען קיין ענדערונג. סאָניע איז ביי דער שוויגער געבליבן די פרעמדע.

סאָניע האָט נישט איין מאָל געפּרוּווט זיך דערנענטערן צו דער שוויגער. איר צעברויזטער פון באַגער געמיט האָט זיך געגויטיקט אין אַ צאַרטן מוטער־בליק, אָדער מוטער־גלעט, וואָס זאָל זי באַרויִקן. סאָניע האָט נישט איין מאָל זיך געוואָנדן צו שמחהן: — מאַמע! איך בין הונגעריק, וויל עסן! — אָדער זי האָט זי געפרעגט: — זאָל איך וואַשן דעם קאָפּ? ווען די האָר זיך מיר אויסטריקענען, ביז ניסים וועט קומען?" ווען זי האָט געביטן די מלבושים, האָט זי געפרעגט: — מאַמע, דאָס קלייד וועט מיר קליידן? — און אַליין זיך געענטפערט: — „עס געפעלט ניסימען". אַמאָל האָט זי אויך געבעטן: — „מאַמע, מאַך היינט שעפּסן־פליש, ניסים האָט עס ליב". סאָניע האָט געוואָלט הערן אַ גוט וואָרט פון שמחהן, אָבער די מאַמע האָט שטענדיק איר געענטפערט נאָר איין וואָרט: יאָ, אָדער ניין. שמחה האָט נישט געוואָלט זיין סאָניעס מאַמע. סאָניע איז ביי איר געווען נאָר דעם זונס ווייב, די פרעמדע פרוי, וואָס ער האָט געבראַנגט פון דער פרעמד.

שמחה האָט נישט געקענט בעטן ביי איר שנור, זי זאָל איר צעקעמען אירע געדיכטע האָר, כאָטש זיי זענען שוין לאַנג גרוי און אַוודאי, אַוודאי נישט געקענט בעטן די שנור, זי זאָל איר אָפּשניידן די נעגל ביי די פיס. במשך דעם יאָר, וואָס זיי געפינען זיך אונטער איין דאַך, האָט זיך נישט פאַרבונדן צווישן זיי די משפּחהקייט, נאָר עפּעס ווי אַ נאָענטקייט.

שמחה, די הויכע, פליישיקע פרוי, מיט אירע פולע ברוסטן, איז געבליבן אַן אַלמנה אין איר אויסגעשטאַנענער רייפקייט. זי איז אַרומגעגאַנגען מיט פאַררויטלטע באַקן, זעענדיק, ווי איר זון לאַשטשעט זיך צו זיין ווייב, קושט זי און גלעט זי.

די מוטער האָט מיטגעלעבט דעם זונס גליק. איר מאַמע־האַרץ האָט זיך געפרייט, זעענדיק גאַנץ פרי, ווי ניסים רענגט אויס זיינע גלידער און גענעצט אַ מידער. אירע אויגן האָבן געגלעט דעם זונס געשטאַלט. זי האָט נישט איין מאָל געוואָלט צו אים צוגיין, אים אַרומנעמען און צודריקן זיין קאָפּ צו אירע ברוסטן

ווי אַמאָל, ווען ער איז געווען אַ קינד. אָבער זי האָט זיך עס נישט פאַרגונען. ניסים איז איצט געווען דער „גבר״ אין שטוב.

אָבער זי האָט זיך די מי געגעבן, אַז די מאַכלים, וואָס זי האָט דערלאַנגט אים, זאָלן זיין וואָס שאַרפער. זי האָט זיי געווירצט מיט אַ סך פעפער און קנאָבל. נאָך יעדער סעודה האָט ניסים פון זיך געבלאָזן, געוואָלט לעשן די האַרבקייט, געווען דאַנקבאַר דער מוטער, וואָס אין שטוב הערשט שלום־בית.

דאָס הויז אין ראַג געסל איז געווען דאָס איינציקע, וואָס האָט געהאַט גלייכע ווענט און אַ פלאַכן, געגאָסענעם דאַך. דער דאַך האָט אויך באַדעקט דעם באַלקאָן מיט די געוועלבן, נאָר זעלטן ווען האָט אַ שכן געעפנט די טיר אין הויז.

די צוויי זקנים, שמחה די מאַמע און שמואל דער טאַטע, האָבן זיך די מי געגעבן גיין פּאַמעלעך, נאָענט צו די ווענט. זיי האָבן זיך באַמיט נישט שטערן דעם „פּאַרפּאַלקס״ גליק. אויך די פאַרבייגייער האָבן מיט נייגער און רעספּעקט באַטראַכט דאָס רחבותדיקע הויז אין ראַג געסל, וואָס איז פאַרשפּריצט מיט בלויען טינק, און באַוווּנדערט די שלווה, וואָס הערשט אין אים.

אַלע נאָענטע און ווייטע האָבן געמיטן ניסימס הויז, נישט געוואָלט שטערן די איינוווינער. אָבער, ווי דער שטייגער איז ביי מענטשן, האָבן זיי זיך אָנגעהויבן אינטערעסירן מיט יעדער געשעעניש, וואָס איז פאַרגעקומען אין הויז.

די מענטשן, וואָס זענען פריִער שנעל פאַרבייגעגאַנגען דאָס הויז, האָבן איצט פּלוצים פאַרקלענערט די טריט און אויך זיך פאַרהאַלטן אין דער נאָענט. ספּעציִעל די ווייבער האָבן נייגעריק אַריבערגעקוקט איבער דעם געמויערטן פּלויט. זיי האָבן געזוכט סאָניען, געוואָלט זען, ווי זי זעט איצט אויס. אויך שולמית די קרעמערקע איז אַרויס פאַר דער טיר מיט אירע שוואַכע, אויסגעקרימטע קני, ווען זי האָט געזען שמחהן אַריינגיין צו סעדיהן אין קראָם. מיט פאַרלייגטע הענט איבער איר אויסגעשטאַרצטן בויך, האָט זי מיטן בליק שטיל, נישט דרייסט און פאַרזאָרגט באַגלייט שמחהן.

נאָר איין טאָג, ווען שמחה איז פאַרבייגעגאַנגען, האָט זי מער זיך נישט איינגעהאַלטן און שנעל און שטיל זי געפרעגט: — נו, ווי ווייט האַלט איך?״

שמחהס גלייזיקע אויגן האָבן דערשטוינט אָנגעקוקט איר דאַרן האַלדז, וואָס איז געווען באַהאָנגען מיט שווערע, בורשטינענע קרעלן. זי האָט דערמאָנט שמחהן, אַז דאָס גליק ביי איר אין הויז איז נאָך נישט גאַנץ. אָבער נאָר אַ רגע איז זי שטיין געבליבן אַן איבערראַשטע. זי האָט באַלד איר געזאָגט „שלום״ און זי שטיין געלאָזט אין גאַס.

שולמית האָט איר אַפילו נישט באַוויזן ענטפערן. זי האָט נאָר אויסגעדרייט איר קאָפּ און איר נאָכגעקוקט מיט פאַרדראָס. זי האָט נישט פאַרשטאַנען, פאַר וואָס האָט שמחה נישט געוואָלט זיך פאַר איר פאַרטרויען.

פון זינט שולמית האָט פאַרהאַלטן שמחהן אין גאַס, האָט שמחה נישט אַראָפּגענומען אירע אויגן פון סאָניען. זי האָט אָן אויפהער באַטראַכט סאָניעס יעדע באַוועגונג. שמחה האָט אָן אויפהער געקוקט, ווי עס זעט אויס סאָניעס בויך און

איר פּנים. יעדעס מאָל האָט זיך שמחהן אויסגעדאַכט עפּעס אַנדערש. אַמאָל האָט זי געמיינט, אַז סאָניעס אברים זענען אָנגעשוואָלן, אַ צווייט מאָל, אַז ס'פּנים איז פאַרענדערט.

שמחהן האָט גוט געאַרט, וואָס איר משפּחה איז ביי די ווייבער אין מאַרק געוואָרן דער אָביעקט פון רכילותן. זי האָט פאַרשטאַנען, אַז שולמית וואָלט נישט געוואָגט זי צו פרעגן, ווען די ווייבער וואָלטן נישט באַרעדט איר שנור.

אָבער צווישן זיך גערעדט, האָט שמחה זיך געערגערט, פאַר וואָס שווייגט דער זון? בגניבה, פון דער זייט, האָט זי באַטראַכט סאָניען און יעדעס מאָל, ווען ניסים איז געקומען אין שטוב, האָט זי געהאָפט, אַז אפשר איצט וועט ער איר מבשר זיין די בשורה.

אָבער ניסים, וואָס האָט נישט פאַרטראָגן און זיך געשראָקן פאַר דער מוטערס גלייזיקע בליקן, האָט געשוויגן. ער האָט זיך געהיטן, נישט געוואָלט מיט איר אַריין אין אַ שמועס, פאַרמיטן איר כעס־אויסבראָך.

נאָר איין טאָג, ווען ניסים איז געקומען פון דער יאַטקע, איז סאָניע געווען אין שלאָף־צימער. ער האָט אַוועקגעלייגט דאָס פּעקל פלייש, וואָס ער האָט גע־ברענגט, אויפן טיש און האָפערדיק געזאָגט דער מוטער: — מאַמע! איך האָב געברענגט דיר פלייש „דע לוקס".

אָבער דער ענטפער אירער איז געווען אַ שטאַרקער בליק פון אירע פאַר־גלייזטע אויגן און ער האָט דערהערט די אומגעדולדיקע פראַגע: — ווען מאַכסטו אַ ברית שוין?

ניסים איז שטיין געבליבן אַ פאַרגליווערטער, מיט אַן אָפן מויל. זיינע שלייפן האָבן געהאַמערט. ער האָט פאַרמאַכט די אויגן פון ווייטיק. זיין קאָפּ איז ליגן געבליבן צווישן זיינע אַקסלען, זיין געשטאַלט איז ווי קלענער געוואָרן.

ווען ער האָט צוריק געעפנט די אויגן, איז די מוטער נאָך אַלץ געשטאַנען אים אַנטקעגן אַ פאַרגליווערטע, אָנגעשטערענגט, געוואַרט אויף תשובה. זיינע אויס־געשראָקענע אויגן זענען געווען מלא כעס. זיינע אַראָפּהענגענדיקע הענט זענען געווען פאַרביילט. זיינע גרויס ציין האָבן געביסן זיין אויבערשטע ליפּ, ווי ער זאָל וועלן אַריינצייִען אין מויל זיין דין וואָנסעלע, עס צעקייען.

פּלוצים האָט ער אַ שפּאַן געטאָן, איז אַריין צו סאָניען אין צימער. ער איז אַריין ווי אַ שטורעם דורך אַן אָפענער טיר. סאָניע, וואָס איז געלעגן אויסגעצויגן אויפן דיוואַן, האָט האַסטיק זיך אויפגעזעצט מיטן בוך אין האַנט, וואָס זי האָט געליינט. פון זיין אויסזען האָט זי פאַרשטאַנען, אַז עפּעס איז געשען: — די מאַמע! — האָט זי אַ טראַכט געטאָן. איר פּנים איז בלייך געוואָרן. זי איז אויפגעשטאַנען און שטיין געבליבן אים אַנטקעגן.

נאָר אַ ווײַלע איז ער אַזוי געשטאַנען. באַלד האָט אַ לייכט שמייכל זיך פונאַנדערגעשפּרייט אויף זיין גרויען פון כעס פּנים, פאַרגעסן דער מוטערס פראַגע. ער האָט דורך איר נאַכט־העמד געזען סאָניעס נאַקעטן קערפּער. זי האָט געשטעלט

אַ טריט, אויסגעשטרעקט די אָרעמס, אַרומגענומען זיין קאָפּ און מיט כוח אים צוגעטוליעט צו אירע ברוסטן.

פון דעם טאָג האָט ניסים געשוויגן. זיינע אויגן זענען שטענדיק געווען פאַר־זשמורעט, זיינע קינבאַקן — בולט. ווען ער האָט גערעדט מיט מענטשן, האָט ער אַראָפּגעקוקט, אָבער זיין טאָג־טעגלעך באַנעמען זיך האָט זיך נישט געענדערט. ער איז ווייטער יעדן טאָג געגאַנגען אין שעכט־הויז, פאַרקויפט אין דער יאַטקע. זיין פרייע צייט האָט ער פאַרברענגט אין שטוב. אָבער ער איז געווען אומרויִק, נישט זיכער.

ער איז אַרומגעגאַנגען אַ פאַרצווייפלטער. זיינע באַוועגונגען זענען געווען שנעלע און נערוועזע, ווי ער זאָל נישט האָבן קיין צייט. ער איז אויך אין מיטן דער אַרבעט געבליבן שטיין אַ פאַרטראַכטער, מיט די כלים אין די הענט, געקוקט אויף איין פונקט. אַ ווײַלע שפּעטער האָט ער אַ טרייסל געטאָן מיטן קאָפּ, ווי אָפּגעשאָקלט זיך און איילִיק ווידער געטאָן זיין אַרבעט, ווי ער זאָל מורא האָבן, אַז ער וועט פאַרשפּעטיקן.

אויך זיין באַציִונג צו די קונים האָט זיך געענדערט. יעדע קלענסטע בקשה ווי „גיב מיר אַ שטיקל פון דער צווייטער זייט", „האַק מיר צו אַ ריפּל" — האָבן אים דענערווירט. ער האָט יעדן אָפּגעענטפערט בייז און אַראָגאַנט: — „זוך דיר אַ צווייטע יאַטקע", אָדער „גיי און קום אַ צווייט מאָל!" ער האָט איצט געהאַט נאָך אַ באַשעפטיקונג. ער איז יעדע עטלעכע טעג שטיין געבליבן פאַר דעם וואַנט־קאַלענדאַר אין דער יאַטקע און זיינע פאַרזשמורעטע אויגן האָבן נערוועז גערעכנט די טעג, וואָכן און חדשים. נישט קענענדיק זיך פונאַנדערקלייבן אין די דאַטעס, האָט ער די טעג געציילט אויף די פינגער, וואָס ער האָט פאַרמאַכט און געביילט די פויסט.

דער צושטאַנד האָט שלעכט משפּיע געווען אויף סאָניען. נישט איין מאָל, ווען זי איז געלעגן אַן אויסגעצויגענע אויפן בעט, אָדער דיוואַן, האָט זי מיט אַמאָל אַרויסגעלייגט פון האַנט דאָס בוך, וואָס זי האָט געלייענט, און אַ דערשראָקענע זיך אַרומגעקוקט איבערן צימער. איר האָט זיך געדאַכט, אַז עס געפינט זיך ווער אין צימער. זי האָט זיך געשראָקן פאַר ניסימס טרייען, איבערגעגעבענעם בליק און זיין שווייגן. זי האָט אויך נישט פאַרטראָגן דער מוטערס דורכדרינגלעכע בליקן. אָפט איז זי אויך שטיין געבליבן אַ פאַרטראַכטע, מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם און מיט די הענט זיך אונטערגעהאַלטן ס׳האַרץ. זייער אָפט איז זי אויפגעשפּרונגען פון אָרט, ווי אַ קאַץ און שטיין געבליבן ביים שפּיגל. זי האָט נערוועז פון זיך אַראָפּגעריסן דעם שלאָפראָק און מיט די פינגער באַטאַפּט איר נאַקעטן קערפּער: אירע ברוסטן, איר בויך. פון אירע פאַרזשמורעטע אויגן האָט געשפּיזט אימה און שנאה צו זיך אַליין. טאָמער איז ניסים צו איר אַריין בשעת מעשה, איז זי צו אים צוגעפאַלן — זיך צו אים געטוליעט ליידנשאַפטלעך.

פון פּחד און אָנשטרענגונג איז זי געוואָרן בלייך. זי איז געווען ווייס ווי זי זאָל נישט האָבן קיין בלוט. זי איז געווען מיד און געליטן פון קאָפּ־שווינדל. אָפט איז זי

זיצן געבליבן מיט אונטערגעצויגענע אונטערן בויך קני, מיט אַן אויסגעשטרעקטן קאָפּ, פאַרקוקט אין איין פּונקט, און געהערט דאָס געהעמער פון אירע שליפן. זי האָט געשטיקט אין זיך די טרערן, ביז זי האָט זיך צעיאָמערט און זיך אַרויפגעוואָרפן אויפן בעט, געוויינט און געביסן אירע פויסטן.

## ו

נאָך דער חתונה האָט שמואל, סאָניעס פאָטער, געגעסן ביי דער טאָכטערס טיש. איין טאָג, שוין אַ חודש פאַר דער חתונה, איז שמואל געקומען אויף זיין אַרבעטס־פּלאַץ. ער איז צוגעגאַנגען צו שלמהן מיט אַן אויסגעשטרעקטן קאָפּ, מיט די הענט זיך געקראַצט די באָרד און געזאָגט: — שלמה, איך בעט דיך, צאָל מיר אויס, וואָס עס קומט מיר.

שלמה האָט אַ קוק געטאָן אויף שמואלן פון דער זייט און געשוויגן. ער האָט אָבער שנעל אַריינגעשטעקט די האַנט אין טאַש און אויסגעצויגן אַ פּעקל באַנקנאָטן. ער האָט אָפּגעציילט עטלעכע באַנקנאָטן און זיי דערלאַנגט שמואלן: „דאָ האָסטו דיין חודש־געהאַלט". — האָט ער אים געזאָגט.

שמואל האָט ס'געלט אַריינגערוקט אין דער טאַש פון העמד, נישט געציילט. ער האָט געזאָגט „שלום" און שטיל צוגעגעבן: — „איך קום מער נישט צו דער אַרבעט" און ווי ער זאָל זיך האָבן דערשראָקן פאַר זיינע רייד, איז ער שנעל אַרויס פון שפּייכלער.

באַלד צומאָרגנס נאָך דער חתונה, האָט ניסים געהייסן יקירן, ער זאָל איבערפירן דעם פאָטערס ביסל זאַכן צו זיי אין הויז. ער האָט באַקומען צו וווינען שמחהס צימער אין אַלטן הויז. דאָס צימער איז געווען צו גרויס פאַר איין מענטשן. שמואל האָט געשפּאַנט איבערן צימער אַהין און צוריק מיט פאַרלייגטע הענט אויפן הינטן, נישט געהאַט מיט זיך וואָס צו טאָן. געגעסן האָט ער מיט דער משפּחה צוזאַמען.

שמחה האָט איצט גערעדט ווייניק. אין אָנוועזנהייט פון דער שנור און איר פאָטער האָט זי בכלל געשוויגן. זי האָט דערלאַנגט צום טיש און זיך נישט אומגעקוקט אויף די עסערס. איר האָט פאַרדראָסן, וואָס זי מוז באַדינען אַלע. נאָר טאָמער האָט סאָניע געוואָלט איר העלפן, האָט שמחה איר געזאָגט שטרענג: — „זיץ! איך דאַרף נישט דיין הילף!". סאָניע האָט זיך אַוועקגעזעצט און אַראָפּגעלאָזט די הענט.

אינעם אַרט דערלאַנגן דאָס עסן האָט שמחה אָנגעדייט דאָס חשיבות פון יעדן עסער. שמחה האָט די טעלערס מיט עסן דערלאַנגט לויט אַ גראַד פון חשיבות. ניסימען האָט זי דעם טעלער עסן אַוועקגעשטעלט נעבן אים. סאָניע האָט שוין געמוזט אויסשטרעקן די האַנט. שמואלס טעלער האָט זי אַוועקגעשטעלט אין מיט פון

טיש, ניסים האָט שמואלן צוגערוקט דעם טעלער, נישט איבעררייסנדיק זיין עסן. ער האָט נישט געוואָלט, אַז שמחה זאָל מערקן, וואָס ער טוט.

שמחהס מאַכלים זענען געווען שאַרפע און געווירצטע. טראָץ דעם האָט סאָניע זיך געוווינט צו זיי, ווייל וואָס ניסים האָט ליב, האָט זי ליב געהאַט. שמואל האָט געגעסן ווייניק און נישט געווען קיין איבערקלייבער, כאָטש די שאַרפקייט האָט געביסן זיין גומען. אָפט האָט ער פאַרגעסן ענדיקן ס'עסן. ער איז געזעסן אַ פאַר־קוקטער אין ניילאָן־טישטעך אויפן טיש און מיט זיינע לאַנגע פינגער געקנאָטן קייקעלעך פון אַ כזית פיתה. ער האָט שטיל געבענטשט איבערן עסן, נאָך שטילער געזאָגט „שלום״ און אַוועק צו זיך אין צימער. סאָניע און ניסים, צוזעענדיק דאָס אַלץ, האָבן אַראָפּגעלאָזט די קעפּ און געשוויגן.

שמואל, דער שטילער, אָפּגעזונדערטער ייִד, האָט זיך אַלץ מער און מער פאַרמאַכט אין זיך. אָבער געווען וואַך צו אַלץ, וואָס האָט געהאַט אַ שייכות צו זיין איינציקער טאָכטער. יעדעס מאָל, ווען ער האָט זי געטראָפן, האָט זיין פאָטער־בליק געגלעט איר געשטאַלט.

זיין אַלט, אָנגעווייטיקט האַרץ איז געווען באַזאָרגט. ער האָט זיך אָפּגעפונען, ווען ער האָט איבערגעטרעטן די שוועל פון שול. דאָ, צווישן די זקנים, וואָס זענען געווען אַריינגעטאָן אין: „בין אדם לקונו״, האָט זיין געבוקטע געשטאַלט זיך אויסגעגליכן.

אין שול, אין דער טוכלער לופט פון די אַלטע ספרים, איז ער געווען מיט זיך. ער איז געזעסן אָן אָנגעלענטער מיט דער פּלייצע אין וואַנט, מיט די עלנ־בויגנס אויפן טיש. דאָס ספר „תהילים״ איז געלעגן פאַר אים און מיט אַ מיד, אָבער לויטער קול, האָט ער געלייענט פּסוקים פון דוד המלך. פון געוווינהייט האָט ער אַריינגעקוקט אין ספר, כאָטש ער האָט געזאָגט פון אויסווייניק. אויך זיינע אַלטע אויגן האָבן שוין שלעכט געזען די אותיות, אַפילו דורך די ברילן. זיין תפילה איז געווען — ער זאָל אויף זיינע אַלטע יאָרן נישט פאַלן צו לאַסט זיין איינציקער טאָכטער.

די לעצטע צייט איז ער געווען אומרויִק. ער האָט בחוש געפילט, אַז דאָס יונגע פּאָרפאָלק איז אויפגערעגט און דערשלאָגן. ער האָט געזען זייערע פאַרבאַר־גענע בליקן, וואָס באַטראַכטן איינער דעם אַנדערן מיט חשד. זיינע באַקן זענען וואָס אַמאָל מער און מער איינגעפאַלן. ער האָט זיך געערגערט און נאָכגעטראַכט, וואָס געשעט צווישן סאָניען און ניסימען.

אין אַ דאָנערשטיק, שמואל האָט אָפּגעגעסן און, ווי שטענדיק, אַוועק צו זיך אין צימער. סאָניע איז אים נאָכגעקומען. זי איז אַריין שטיל, אָן צו זאָגן אַ וואָרט, האָט זי שטיל געמאַכט אים ס'בעט. שמואל איז געשטאַנען מיט דער האַנט אָנגעלענט אויפן עק טיש. זיינע בליקן האָבן געבלאָנדזשעט איבערן צימער, ביז זיי האָבן זיך פאַרהאַלטן אויף סאָניען. איר איז דאָס קישן אַרויסגעפאַלן פון האַנט און אַ פאַר־שעמטע, טרויעריק אָנגעקוקט אים.

— „טאָכטער! וואָס איז געשען?״ זיין קול איז געווען הויל פון צער.

סאָניע האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן, געענטפערט: — „זיי ווילן אַ קינד". איר קול איז געווען האַרט און טרוקן. זי האָט באַהאַלטן איר פּנים אין די הענט און איז אַרויסגעלאָפן פון צימער.

דער פאָטער, זיין הויך איז אין מאָמענט ווי איינגעשרומפּן. זיין ציטערדיקע האַנט האָט פונאַנדערגעציפּט זיין באָרד. ער האָט געקראַצט זיך דעם קאָפּ. מיט אַמאָל האָט ער זיך אויסגעגליכן, האָט אויפגעהויבן די הענט צום הימל און אַן איבערגענומענער אויסגערופן: — „גאָט, העלף!"

ניסים איז דערשלאָגן און שווייגט, נאָר ווען ער בלייבט אַליין אין דער יאַטקע, קריצט ער מיט די ציין, ביילט די פויסטן און גיט אַ ריטשע, ווי אַ שטומער: — „אַ זון!" ער, דער שטאַרקער, קרעפטיקער ניסים, וואָס אַמאָל האָבן אַלע טעכטער אין שכונה געטרוימט וועגן אים, ליידט. זיין מענער־שטאָלץ איז דערנידעריקט.

יקיר היט זיך, ווענדעט זיך נישט צו אים מיט שאַלות, וואָס זענען נישט וויכטיק און דרינגענד. דערפאַר איז ער איבערראַשט געוואָרן, ווען אין איינעם פון די טעג האָט ניסים פּלוצים זיך צו אים געוואָנדן און געפרעגט: — „ווי גייט עס איסליהן?"

אַ ווײַלע שפּעטער האָט ער צוגעגעבן און געפרעגט: — „זי איז בייז אויף מיר?" זיין קול איז געווען הייזעריק און ווייך.

יקיר האָט געזען זיין צער און פאַרשטאַנען זיין פראַגע און אַ גערירטער אים געענטפערט מיט אַ קאָפּ־שאָקל: — „ניין!"

אַ פאַרצאָרנטער האָט ער זיך נישט געפונען קיין אָרט אין דער יאַטקע און יעדעס מאָל געלאָפן אין שטוב אַריין זען, וואָס סאָניע טוט. ווי נאָר ער האָט זי דערזען, האָבן זיינע אויגן אַ גלי געטאָן און אַ געפיל פון שטאַרקער ליבע האָט אין אים אַ שטראָם געטאָן.

ער איז געשטאַנען אויף צעשטעלטע פיס, מיט פאַרלייגטע אויף הינטן הענט, מיט פאַרזשמורעטע אויגן, און זי באַטראַכט. זיינע גרויסע ציין האָבן געביסן זיינע דיקע תאווה־ליפּן. אָפט האָט ער גענומען אירע קליידער און זי אָנגעטאָן, ווי אַ קינד. אַמאָל האָט ער זי געקניפּט, ווי ער זאָל וועלן פון איר אַרויסרייסן אַ שטיק פלייש. סאָניע האָט געלאַכט, אָבער פון ווייטיק האָט זי געוויינט, אָן טרערן. אַ צערייצטער האָט ער מיט זיינע דיקע, פייכטע ליפּן געקושט אירע אָנגעווייטיקטע ערטער. אַ באַרויִקטער איז ער אַוועק פון שטוב.

אין גאַס איז ער געגאַנגען און נאָכגעקוקט נאָך יעדן קינד, וואָס ער האָט געטראָפן אויפן וועג. אַ סך מאָל איז ער אַוועק צו דער שול. ער איז געשטאַנען אָפּגערוקט פון שול־הויף און געוואַרט, ביז די קינדער זענען אַרויס אויף אַ פּויזע. ער איז געשטאַנען אַ פאַרגאַפטער, די אונטערשטע ליפּ אַראָפּגעלאָזט, און געקוקט ווי די קינדער יאָגן און שלאָגן זיך, ווי זיי פאַלן און לויפן ווייטער, ווי זיי שרייען און לאַרמען. זייער געפילדער האָט אים געקלונגען אין די אויערן, ווי אַן אָנגענומער ניגון. זיינע אויגן האָבן געגליט פון צער און קינאה.

אָבער אויך בכור האָט נאָכגעקוקט ניסימען. ווי נאָר ער האָט אים דערזען פון

וויטנס, האָט ער איבערגעלאָזט זיין אַרבעט און אים נאָכגעגאַנגען. ווען ער האָט געזען, ווי ניסים גאַפּט פון זיין באַהעלטעניש, ווי די קינדער שפּילן זיך, האָט ער זיך געקוויקט פון נקמה. זיין רויטער פלאַם אויף דער באַק האָט געגלאַנצט, ווי אַן אָנגעגליטער קיזלשטיין. ווען ניסים איז אַוועק זיין וועג, האָט בכור פאַרביילט אַ פויסט און זי אים ווי נאָכגעוואָרפן.

ניסים האָט זיך נישט אומגעקוקט. ער האָט אָבער געוווסט, אַז בכור קוקט אים נאָך און לאַכט פון אים. אָבער ער האָט ממשיך געווען זיין וועג, ווי ער זאָל אים נישט זען. נישט איין מאָל האָט זיך אין אים אָנגעצונדן דער כעס און ער איז געווען גרייט צוצוגיין צו בכורן און אים אויספּאַטשן. ער האָט אָבער זיך איינגע־האַלטן, ער האָט נאָר פאַרשנעלערט זיינע טריט.

ניסים, דער בעל־תקיף, וועמען אַלע קצבים זענען געגאַנגען פון וועג, האָט איצט שטיל געליטן. ער איז געווען איבערצייגט, אַז ער איז געשטראָפט פאַר זיינע זינד. ער האָט געבעטן גאָט, ער זאָל אים מוחל זיין זיינע זינד און כדי מכפּר צו זיין אויף זיינע זינד, האָט ער אָנגעפילט די טאַשן מיט מטבעות און אַוועק אין די שכונה־געסלעך און יעדן קבצן, וואָס ער האָט געטראָפן, האָט ער געגעבן אַ נדבה עטלעכע מטבעות. אַ בלינדן קבצן, וואָס איז געזעסן ביי אַ וואַנט, האָט ער געשטופּט אין האַנט אַ באַנקנאָט און דערביי זיך צו אים אַראָפּגעבויגן, אים אַריינגעקוקט אין זיינע אויסגעלאָשענע אויגן און אים געבעטן: — „בעט רחמים פאַר ניסימען בן רחמים!“

פרייטיק האָט ער זיך געשלייכט איבער די שולן אין דער שכונה. ער האָט יעדן שמש, וואָס האָט גערוימט די שול, געגעבן אַ פּדיון און אים געבעטן, ווי עס זאָל אים שווער זיין דער דיבור: — „צינד פאַר מיר אָן אַ ליכט אין שול“.

— „גאָט זאָל דיר העלפן!“ — האָבן אַלע זיי אים געענטפערט. אַלע שמשים האָבן אים שוין געקענט.

ער האָט שלום געמאַכט מיטן געדאַנק, אַז ער האָט געזינדיקט. ער האָט אָבער געוואָלט זיך באַפרייען פון זיינע זינד, האָבן אַ גרינגער געמיט. ער האָט יעדעס מאָל פונסניי אַדורכגעפירט אין געדאַנק אַלע מיידלעך, מיט וועלכע ער האָט געהאַט צו טאָן. ווען ער האָט זיך דערמאָנט אין איסליהן, האָט זיין האַרץ גענומען טיאָכקען און ער האָט געסאָפּעט, ווי עס זאָל אים פעלן אָטעם.

דעם לעצטן פרייטיק אין דער פרי, נאָך דעם, ווי ער האָט באַצאָלט יקירן זיין לוין, איז ער אַרויס און אַ צייט זיך געשלייכט אַרום דער יאַטקע. ער האָט זיך נישט געפונען קיין אָרט. מיט אַמאָל האָט ער זיך אַ ריס געטאָן פון אָרט און גענומען גיין פאָרויס. ער איז געגאַנגען מיט גרויסע טריט. ער איז געגאַנגען שנעל, ווי ער זאָל מורא האָבן, אַז עס וועט אים ווער דעריאָגן. אַזוי איז ער געגאַנגען פון אַ געסל אין אַ געסל.

ווען ער איז צוגעקומען צום סוף פון דער מאַרק־גאַס, האָט ער זיך פאַרהאַלטן אין איינעם פון די ראָגן. אַ דערשראָקענער, האָט ער זיך אַרומגעקוקט, צי מען קוקט אים נישט נאָך. ער איז שנעל צוגעגאַנגען צו אַ „פּאַלאַפעל“־שטאַנד, וואָס

איז געווען בלוי געפּאַרבט. ווען איסליה האָט אים דערזען, איז פון דער האַנט איר אַרויסגעפאַלן די פאָרמע, מיט וועלכער זי האָט געמאַכט די „פּאַלאַפּעל" און זי האָט אַ געשריי געטאָן: — גאָט, מיין גאָט!

אַ ווילע זענען זיי געשטאַנען זיך אַנטקעגן, זיך באַטראַכט און געשוויגן. זי און אויך ער האָבן נישט געקענט עפענען דאָס מויל.

פּאַמעלעך, פּאַמעלעך, האָט ניסימס קאָפּ זיך אַראָפּגעלאָזט. זיינע אויגן האָבן ווי אַפּירגעקוקט פון אונטערן שטערן אפיר. איסליה האָט געזען זיינע טרויעריקע אויגן. זי האָט זיך צוזאַמענגענומען, אָפּגעאָטעמט און אים געפרעגט: — וואָס איז געשען?

ניסים האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ. שטאַמלענדיק, האָט ער אַ פליסטער געטאָן: — זיי מיר מוחל...

איסליה האָט פאַרוווּנדערט אים אָנגעקוקט. זי האָט נישט פאַרשטאַנען, וואָס ער וויל פון איר. ער האָט אַריינגעשטעקט די האַנט אין זיין אונטערשטע טאַש און אַרויסגענומען אַ פּעקל באַנקנאָטן. ער האָט זיי אַריינגעלייגט אינעם קעסטעלע — איסליהס קאַסע, וואָס איז געשטאַנען אויפן שטאַנד. ער האָט זיך אויסגעדרייט און איז צוריק אַוועק.

ווען איסליה איז צו זיך געקומען, האָט זי אַ כאַפּ געטאָן דאָס פּעקל באַנקנאָטן און זיי אַריינגעשטופּט אין בוזעם. אַ צעטומלטע, האָט זי זיך אַרומגעקוקט, צי ווער פון די מענטשן האָט נישט געזען, וואָס עס איז געשען. אַן איבערראַשטע, האָט זי אַראָפּגעלאָזט די הענט און נאָכגעקוקט ניסימען. ער האָט זיך כסדר דערווייטערט, ווי די פיס זאָלן זיך אונטער אים זעצן. זיינע טריט זענען געווען פּאַמעלעכע און שווערע.

שמחה, די מוטער, איז פון טאָג צו טאָג עלטער געוואָרן. אירע גרויע האָר האָבן זיך געמערט. איר שטערן איז געווען פול קנייטשן. אירע פולע אַמאָל באַקן זענען איצט אַראָפּגעהאָנגען, ווי צוויי פליישׂ-זעקלעך. איר בליק איז געווען שטאַר און טעמפּ, אָן אויסדרוק. זי האָט געשלעפּט די פיס. אירע טריט זענען געווען פּאַמעלעך און שווערע. זי האָט גערעדט ווייניק. פון מאָל צו מאָל האָט זי אַ וואָרטשע געטאָן מלא כעס: — אַ מכשפה!

אַ סך מאָל האָט זי אויך צוגעגעבן, ווי זי זאָל רעדן צום זון: — ביי יעדער וועסטו קריגן דאָס זעלבע.

ניסים, אַפילו ווען ער האָט געהערט, האָט ער נישט רעאַגירט אויף אירע רייד. ער האָט געלאָזט, זי זאָל אויסגיסן איר ביטער האַרץ. ער האָט זי געמיטן, אָבער עטלעכע מאָל איז איר געלונגען. זי איז אים פאַרגאַנגען דעם וועג, ווי נאָר ער איז אַריין אין שטוב. זי האָט אים אָנגעקוקט. איר בליק איז געווען שטאַר און מיט אַ הויל קול, ווי עס זאָל פון איר אַרויסרעדן, אים געזאָגט: — איך וויל אַן אייניקל.

דערהערנדיק אירע רייד, האָט ניסימס האַרץ אַ צאַפּל געטאָן. ער האָט צאַרט אַרויפגעלייגט זיין אויסגעאַרבעטע האַנט אויף איר קאָפּ און פאַרמאַכט די אויגן.

אַ ווײַלע שפּעטער איז ער צוריק אַוועק אין גאַס און נישט אַרײַן צו סאָניען זען, וואָס זי טוט.

שמחה האָט אויך געוואָלט זיך נוקם זײַן אין סאָניען, אָנרירן איר כּבֿוד, זי אַרויסברענגען פֿון גלײַכגעוויכט און נישט איין מאָל זי גערופֿן „זאָניה״. אָבער סאָניע האָט געמאַכט דעם אָנשטעל, אַז זי פֿאַרשטייט נישט דעם באַדײַט פֿון צונאָמען און איר געענטפֿערט — יאָ! און צו איר צוגעגאַנגען, ווי אַ שולדיקע, גרייט אויספֿירן איר יעדן באַפֿעל. זי האָט טאַקע איר געהייסן: — מאַך מיר ס׳בעט! אָדער: „לייג איבער די געזאַצטע באַקלאַזשאַנעס! קלײַב איבער די אַרבעס! — און נאָך אַזעלכע אַרבעטן, וואָס זענען בכלל נישט געווען נויטיק.

סאָניע האָט געהאָרכזאַם אויסגעפֿירט יעדן איר באַפֿעל.

איין טאָג נאָך מיטאָג, ווען אַלע זענען נאָך געזעסן בײַם טיש, האָט שמחה אַ שאַר געטאָן מיט דער האַנט איבערן טיש, ווי זי זאָל אַוועקשאַרן די קרישקעס און אַן אײַנגעקוקטע אין איר האַנט, וואָס איז ליגן געבליבן אויפֿן טיש, האָט זי אַ זאָג געטאָן, ווי זי זאָל צו קיינעם נישט רעדן: — קום, איך וועל דיך לערנען ציפֿן „קוסקוס״.

סאָניע איז געוואָרן רויט. ניסימס נאָזלעכער האָבן זיך צעצויגן און ער האָט טיף אָפּגעאָטעמט. שמואל האָט מיט אַ פֿינגער אַ קלאַפּ געטאָן אין טיש און אַראָפּ־געלאָזט די אויגן. אַרום דעם טיש איז געוואָרן שטיל. די שטילקייט איז געווען אַ שווערע און אימהדיקע. פּלוצים האָט סאָניע זיך אויפֿגעשטעלט פֿון טיש, נאָך איר — ניסים. סאָניע איז אַרײַן צו זיך אין צימער, ניסים איז אַרויס אין גאַס. בײַם טיש זענען געבליבן זיצן נאָר שמחה און שמואל. שמואל האָט אויך אַרויפֿגעלייגט אויפֿן טיש זײַן צווייטע האַנט און זיצן געבליבן אָנגעלענט אויף די עלנבויגנס. זײַנע אונטערשטע ציין האָבן געצויגן זײַן אויבערשטע ליפּ, ווי זיי זאָלן וועלן קײַען זײַן וואָנסע. פּאַמעלעך, פּאַמעלעך, האָט ער אויפֿגעהויבן זײַנע מידע און טרויעריקע אויגן און באַטראַכט שמחהן. ער האָט באַטראַכט שמחהן — אויך זי אים. אָבער זי האָט נישט אויסגעהאַלטן זײַן בליק. איר אויבערשטער טייל קערפּער האָט זיך ווי אַ ציי געטאָן אויף צוריק און זי איז אַרײַנגעפֿאַלן אין בענקל אַרײַן. איצט האָט זי ווייטער דערשטוינט באַטראַכט דעם ייִדנס קנאָכיק, אויסגעדאַרט פּנים און זײַן ווײַסע באָרד.

שמואל האָט פֿאַרלייגט איין האַנטפֿלאַך אין דער אַנדערער, זיך געשטאַרקט און אַרײַנגעקוקט איבער זײַנע הענט, געקוקט אויפֿן טיש אַרויף: — וואָס טשעפּעט איר זיך צו מײַן טאָכטער? — האָט ער מיט אַמאָל זי געפֿרעגט. ער האָט גערעדט פּאַמעלעך. ווען ער האָט געענדיקט, האָט ער אַ קרעכץ געטאָן.

שמחהס טעמפּע אויגן זענען מיט אַמאָל לעבעדיק געוואָרן. אַ גרינער פֿונק פֿון כּעס האָט אין זיי אַ בליץ געטאָן. זי האָט ווידער איבערגעפֿירט אירע הענט איבערן טיש, ווי זי זאָל אַ פֿליג אַוועקטרײַבן. זי האָט פֿאַרצויגן איר מויל און אַ שריי געטאָן: — זי איז דאָך אַן עקרה! איר קול איז געווען ווי אַ קול פֿון אַ האָן, וואָס קרייעט.

דערהערנדיק איר שריי, האָט שמואל זיך איבערגעבויגן. ער האָט די הענט פונאַנדערגעלייגט אויפן טיש. אָבער אין מאָמענט האָט ער זיי אַראָפּגענומען. ער האָט זיך אויסגעגליכן און אויפגעשטעלט. זיין קנאָכיקער קערפּער האָט זיך געטרייסלט, ווי ער זאָל אָט, אָט, צוזאַמענפאַלן. ער האָט זיך אָנגעשטרענגט און מיט אַלע כוחות אויפגעהויבן זיינע ציטערנדיקע הענט און באַהאַלטן אין זיי זיין פּנים. ער איז געשטאַנען מיטן קאָפּ אין די הענט. זיין אויבערשטער קערפּער־טייל האָט זיך געשאָקלט אַהין און צוריק און נאָר איין אָנגעוויטיקט, פול פּראָטעסט וואָרט האָט ער איבערגעחזרט: — ניין! ניין! ניין!

אַ געבוקטער און צעבראָכענער, מיטן קאָפּ אין די הענט, האָט ער אַוועקגעריסן די פיס פון אָרט און גענומען זיך באַוועגן, געגאַנגען צו דער טיר ווי אָט, אָט, זאָל ער זיך איבערקערן.

שמחה האָט פּאַמעלעך אויפגעהויבן איר האַנט און אויסגעווישט איר מויל. אירע ליפּן זענען געווען טרוקן. זי האָט אַרויפגעשטעלט די פויסטן אויפן טיש, אָנגעלענט זיך אויף זיי און מיט אָנשטרענגונג זיך אויפגעשטעלט. זי האָט צונויפגענומען די טעלער און זיי אַוועקגעטראָגן אין קיך. זי האָט קוים געשלעפּט די פיס.

# יא

כאָטש דאָס פּאָרפאָלק האָט נישט געהערט דעם ווערטער־אויסטויש צווישן די צוויי אַלטע לייט, האָבןביידע געפילט, אַז עפּעס איז געשען, ווייל איצט, ווען שמואל איז אַריין אין שטוב, האָט ער גערעדט נאָך שטילער, געזאָגט דעם „שלום" האָט ער שטילער, ווי אַמאָל. ער האָט קיינעם פון די שטוביקע נישט געקוקט אין די אויגן. ביים טיש האָט מען נאָר געהערט דאָס קול, ווען ער האָט געשלונגען, ווי דער ביסן זאָל האָבן אים שטיין געבליבן אין קעל.

שמחה האָט געשלעפּט די פיס נאָך שווערער און מיט רעש, אָבער סאָניע האָט נישט געוואָגט צוגיין איר העלפן.

די אַלטע האָט דערלאַנגט צום טיש איבער די אַקסלען פון די זיצנדיקע. איר איז געווען בּאַקוועם נישט צו זען זייערע פּנימער. בשעת דעם עסן האָבן אַלע געזען נאָר די טעלערס, נאָר סאָניע מיט ניסימען האָבן פון מאָל צו מאָל בגניבה אַ קוק געטאָן פון דער זייט.

שמחה איז צופרידן, וואָס אַלע: די שנור מיטן מחותן און אפילו דער זון גייען אַוועק פון שטוב, ווו זיי עסן נאָר אָפּ. גוט אַזוי, במילא זענען אַלע אין שטוב איר איבעריק. ווען אַלע זענען אַוועק, האָט זי זיך אַוועקגעזעצט אויפן ראַנד פון בעט מיט די באָרוועסע פיס אויפן פיס־בענקעלע און דער איבערגעדעקטער מיטן קלייד שויס, וואָס האָט אויסגעזען, ווי אַ געצעלט מיט אָפּגעלאָזטע יריעות. ביים בויך האָט זי געהאַלטן אַ מעשענע פאַן און געציפּט „קוסקוס". ווען זי איז מיד געוואָרן,

האָט זי זיך אַריבערגעבויגן איבערן גרעניקלטן קאָפּ פון בעט, אַוועקגעשטעלט די פּאַן אויפן טישל און זיך אויסגעצויגן אויפן בעט.

איין טאָג איז ניסים אַריין אין שטוב און געפונען די מוטער אַזוי ליגן. ער איז צוגעגאַנגען צום בעט און זי געפרעגט: — וואָס איז דיר?

זי האָט נישט געענטפערט און ער האָט נאָך אַמאָל געפרעגט: — פילסט דיך נישט גוט?

— יאָ!

— וואָס יאָ? — האָט ער זי געפרעגט אַ דערשראָקענער.

זי האָט באַלד אים נישט געענטפערט. ערשט שפּעטער, ווי זי זאָל זיך האָבן איבערגעלייגט, אים געזאָגט: — זי איז מיר שוין איבעריק.

ניסים האָט פאַרקריצט די ציין און אויסגעגלאָצט די אויגן אויף דער מוטער, וואָס איז געלעגן אויסגעצויגן אויפן בעט. ער האָט זיך נישט געגלויבט כאָטש ער האָט באַגריפן די כוונה פון אירע רייד.

אָבער באַלד האָט ער דערהערט איר קול, וואָס איז געווען אַנטשלאָסן און געפאָדערט: — גט זי!

ניסימען האָט אַ שווינדל געטאָן פאַר די אויגן. זיין פּנים האָט זיך אים אויס־געקרימט. זיינע פאַרקראַמפּטע פון ווייטיק הענט האָבן אָנגעכאַפּט די פּאַן, וואָס איז געשטאַנען אויפן טישל, זי אויפגעהויבן און מיט אַ ווילדן כעס זי צוריק אַראָפּ־געלאָזט. די „קוסקוסן" האָבן זיך צעשיט איבער דער ערד. ער האָט זיך אויס־געדרייט און אַוועקגעלאָפן פון שטוב. אַ צעיושעטער האָט ער פאַרהאַקט נאָך זיך די טיר.

עטלעכע טעג איז ניסים נישט געקומען אין דער יאַטקע.

צו סאָניעס פּיין איז נישט געווען קיין גרענעץ. זי האָט נישט געקענט זען, ווי אומרויק און דערשלאָגן ניסים איז. זי האָט זיך באַשולדיקט, וואָס זי קען אים נישט העלפן. נאָר אין איינעם אַן אָוונט האָט זי געוואָגט. זי איז אויפגעשטאַנען פון בעט און איז אַריין אין דערבייִיקן צימער. ניסים איז געזעסן ביים טיש, אָנגעלענט אויף די עלנבויגנס. די אויגן זיינע זענען געווען פול צער.

— ניסים! — האָט זי אַ פּליסטער געטאָן.

ניסים איז אויפגעשפּרונגען. ער האָט אַ וואָרף געטאָן מיטן קאָפּ, ווי זי זאָל אים האָבן איבערגעוועקט. ער איז צו איר צוגעגאַנגען, זיך געוואַקלט, ווי ער זאָל זיין שכור. ער איז שטיין געבליבן און זיך אויסגעגליכן, געשטאַנען פאַר איר אין זיין גאַנצן פאַרנעם.

אירע טרויעריקע מאַנדל־אויגן האָבן אַ צייט־לאַנג באַטראַכט זיין פּנים. זי האָט אויסגעשטרעקט די הענט, זיך צוגעטוליעט צו אים און אים געגעבן אירע ליפּן, ווי אַ פאַרשעמטע בתולה.

זיינע פינגער האָבן מיט דער גאַנצער קראַפט זיך איינגעדראַפּעט אין אירע אַנטבלויזטע אַקסלען.

זי האָט באַפרייט אירס אַ האַנט און פאַרמאַכט די טיר.

# יב

סאָניע האָט אויסבאַהאַלטן איר גליק פֿאַר מענטשן. פֿון בושה. איר האַרץ האָט געטיאַכקעט. זי האָט געציטערט פֿון אימה, אַז איר גליק זאָל איר נישט פֿאַרשטערט ווערן.

זי איז געגאַנגען צום דאָקטאָר סטאַביל. אָבער אין וואַרטע־זאַל צום דאָקטאָר איז זי אַריין בגניבה, מענטשן זאָלן נישט זען. זי האָט זיך געשעמט.

מיט איר גליק האָט זי זיך נישט באַגנוגנט מיט איין דאָקטאָר. זי איז געגאַנגען צו עטלעכע. אַלע דאָקטוירים האָבן זי געטרייסט: — אַלץ וועט אַדורך בשלום, ווען די צייט וועט קומען. זי האָט געגלויבט און נישט געגלויבט די דאָקטוירים. זי האָט זיך געזאָרגט און איר האַרץ האָט געציטערט פֿון פּחד. דערביי האָט זי נישט אַדורכגעלאָזט קיין געלעגנהייט צו זיין צוזאַמען מיט ניסימען. זיי זענען געווען זיך נויטיק איינער דעם אַנדערן. צוזאַמען איז זייער מורא געווען אַ קלענערע.

איין טאָג, אין די שפּעטע נאָכמיטאָג־שעהען, ווען אין די ווינקלען פֿון צימער האָבן זיך שוין צונויפֿגעקליבן שאָטנס, איז ניסים געלעגן אויסגעצויגן אויפֿן בעט. סאָניע איז געזעסן נעבן אים, אים געגלעט, געקושט און מיט די פֿינגער געקעמט זיין טשופּרינע. ניסים איז געלעגן מיט פֿאַרמאַכטע אויגן. זיינע אויערן האָבן געהערט דאָס קלאַפּן פֿון זיין האַרץ און דעם דופק פֿון זיין בלוט.

— דו האָסט מיך באמת ליב?

ניסים האָט געהערט איר פֿראַגע און נישט געענטפֿערט. ער האָט נאָר געעפֿנט איין אויג אין דער העלפֿט, זי אָנגעקוקט און אַ לייכטער שמייכל האָט אויסגעקרימט זיין מויל. זי האָט איר עלנבויגן אָנגעלעגט אין זיין אַקסל, צוגעדריקט איר בוזעם צו אים און געפֿרעגט: — בעצם, צו וואָס דאַרפֿסטו מיך? — און אים אַ שעפּטשע געטאָן — געטאָן — גענוג! גיי, זוך דיר אויס אַ דיקע פֿרוי! ניסים האָט נאָך אַלץ געשוויגן, אַפֿילו זיך נישט גערירט פֿון אָרט, געמאַכט איר אַן אָרט נעבן זיך. זי אַליין האָט זיך דערשראָקן פֿאַר אירע רייד. זי האָט זיך איבערגעבויגן איבער אים און אים ווי איינגערוימט אין אויער: — אָבער נאָך איינע ווי איך וועסטו נישט געפֿינען — און זיך צו אים שטאַרק צוגעטוליעט.

ניסים האָט זיך אַוועקגערוקט, איר געמאַכט אָרט נעבן זיך. זי האָט אויס־געצויגן אירע פֿיס און אַוועקגעלייגט איר קאָפּ אויף זיין ברוסט. אַ צייט לאַנג זענען זיי געלעגן און געשוויגן.

מיט אַמאָל האָט זי זיך אויפֿגעזעצט. אירע אויגן זענען געווען גרויס, אויפֿ־געריסן. אירע פֿאַרקראַמפּטע פֿינגער האָבן זיך איינגעקלאַמערט אין זיין פֿליישיקן האַלדז. זי איז געוואָרן בלייך. עס האָט איר פֿאַרפֿעלט אָטעם. אַן איבל האָט זי אַ טרייסל געטאָן.

ניסים האָט זי אָנגעקוקט אַ דערשראָקענער. ער האָט זיך אונטערגעהויבן און אַראָפּגעלאָזט אַ פֿוס פֿון בעט.

באַלד איז איר בעסער געוואָרן. זי האָט אים אָפּגעלאָזט און זיך צוריק אויס־געצויגן אויפן בעט. זי איז געלעגן מיט פאַרמאַכטע אויגן און אָפן מויל. אירע אויגן־לעפלעך זענען געוואָרן פייכט. אַ שלוקעכץ האָט געטרייסלט איר קערפּער. ניסים האָט זיך אויפגעשטעלט און געשטאַנען אויף צעשטעלטע פיס, מיט אַראָפּ־געלאָזטע הענט און אויסגעשטרעקטן האַלדז.

אין דרויסן זענען געפאַלן געדיכטע רעגן־טראָפּנס. דער „יורה", דער ערשטער ווינטער־רעגן, איז געקומען זעטיקן די אויסגעטריקנטע ערד.

אַ צייט איז ניסים געשטאַנען, זיך נישט אַ ריר געטאָן, מורא געהאַט איבער־רייסן די שטילקייט. ווען סאָניע האָט געעפנט די אויגן, האָט ער אָפּגעאָטעמט. ער האָט דערזען אירע שטייפע ברוסטן, וואָס האָבן זיך געוויגט, ווי וואַסער־כוואַליעס, אירע פאַרמאַכטע אויגן מיט לויטערטע טרערן אויף די וויִעס. איר לייכטן, איידעלן, אַנגעווייטיקטן שמייכל אויף איר פּנים.

זי האָט לייכט אים אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ.

ניסים האָט אַ שפּאַן געטאָן, זיך אַוועקגעזעצט נעבן איר. זי האָט אויס־געשטרעקט איר האַנט, צוגעטוליעט זיין קאָפּ צו אירע ברוסטן און מיט אַלע כוחות געדריקט צו זיך.

ניסים האָט זיך צעוויינט. זיינע פלײשיקע ליפּן האָבן געקושט אירע אויגן. זיין צונג האָט געלעקט איר פּנים. זיינע אויסגעאַרבעטע פינגער האָבן געציטערט און צאַרט געגלעט איר בויך. זי איז געלעגן מיט פאַרמאַכטע אויגן און געשלונגען איר גליק.

# א

דער הימל איבערן ברעג איז געווען גרוי. ער איז געלעגן פונאַנדערגעשפּרייט, ווי אַ נאַסע פּלאַכטע, אָנגעדראָלט מיט נעץ. דער ווינט פון דרום האָט צוריק־געהאַלטן דעם רעגן. אין צפון איז דער הימל געווען שוואַרץ. דעם ים האָט געשטורעמט. אַרויסגעריסענע פון דער טיף צעיאָזשעטע פּאַצענעס וואַסער האָבן ווילד זיך געשלאָגן. די קלעפּ פון די שלאָגנדע זיך וואַסערן זענען געווען אימהדיקע. די צעברויזטע כוואַליעס זענען מיט כעס און אימפּעט געלאָפן צו די ברעגן, ווי זיי זאָלן וועלן פונאַנדעררייסן דעם ערד־בעקן, אין וועלכן זיי זענען געלעגן. אַפּשווי־מענדיק אין ים, האָבן זיי מיטגעשלעפּט שיכטן זאַמד פון ברעג. דער ברעג איז געלעגן אַ צעריסענער, ווי יאַסלעס אָן ציין.

דער מאָרגן האָט געגרויט, ווי דער הימל אין דער הויך. די לופט איז געווען אַ קאַלטע און שאַרפע, ווי אין די רעגן־טעג. דער דרום־ווינט האָט געטריקנט די לופט. דאָס איז געווען דער ערשטער אויסגעלייטערטער טאָג נאָך עטלעכע טעג רעגן. אַ שיפּע פּלאַך האָט בהדרגה אויפגעהויבן דעם רעכטן ברעג ים. די פּלאַך איז געווען פאַרבויט מיט שמאָלע, נידעריקע הייזלעך. די צעשטעלטע אָן סדר הייזלעך האָבן פאַרמירט די געסלעך, וואָס האָבן געפירט אין שטאָט אַריין. די געסלעך זענען געווען ענגע און שמאָלע. דער, וואָס איז געגאַנגען אין זיי, האָט געמוזט קלעטערן ווי אויף שטיגן. די קרומע און אויסגעדעמטע געסלעך זענען זיך צונויפגעקומען. די שיפּע פּלאַך איז געווען אַ נישט־ברוקירטער שטח, אַ סקווער ביים ברעג ים. אויף דעם נישט ברוקירטן שטח איז געשטאַנען ניסימס קאַפע. דאָס איז געווען אַ נידעריק, איינשטאָקיק הויז מיט אַ פּלאַכן דאַך. דער טינק אויף די ווענט איז געווען גרוי, ווי די ערד אַרום, און זיך געשיילט. דער קאַפע — אַ לאַנג, שמאָל הויז אָן אַ שילד, מיט טירן און פענצטער אין אַלע פיר זייטן. דאָס הויז האָט אויסגעזען, ווי אַ שיף אויף דער יבשה. די טירן זענען געווען הויכע און צעעפנטע. די שויבן־פענצטער, ברייטע און פאַרשמירטע מיט רעגן־שטויב.

ניסים איז געווען אַ הויכער, אויסגעצויגענער ייִד, זיין קאָפּ, אַ צעפלאַטשטער, אָן איין האָר. זיינע נאַזלעכער זענען געווען פונאַנדערגעשפּרייט, זיין לאַנגע נאָז האָט אויסגעזען, ווי אַן אַנקער. ער האָט זיך געפּאָרעט אין דרויסן פאַרן הויז. ער איז געשטאַנען אויף אַן אָרט. זיינע הענט האָבן געררוקט אַהין און צוריק די נידעריקע טאַבאָרעטן, צעשטעלטע אָן אַ סדר. פאָרענדיק זיך, האָט ער צונויפגעקליבן די

צעטראָגענע דורכן ווינט שטיקלעך פּאַפּיר. אָנבייגנדיק זיך, האָט ער אָפּגעדעקט זיין נאַקעטן אונטערן העמד רוקן. זיינע הויזן זענען געווען אַרומגעגאַרטלט מיט אַ רימען און אויף אים געהאָנגען. דער שטח אַרום דעם קאָפּע איז געווען ריין, די שטיינער אויף דער ערד האָבן געגלאַנצט, די ערד צווישן זיי איז געווען נאַס. ניסים האָט געוואַרט, אַז די פישערס זאָלן באַשטעלן.

די עטלעכע אין קאָפּע פישער־יינגען זענען געזעסן מיט אויסגעצויגענע פּאַר זיך פיס און אַראָפּגעלאָזטע הענט. זייערע אויסגעפּאַטשטע פון די ווינטן און דער זון פּנימער, זענען געווען פאַרגליווערט, זייערע אויגן שטאַר און האָבן געקוקט אין איין ריכטונג — צום ים. זיי זענען געזעסן, זיך נישט גערירט און געשוויגן. זיי זענען געזעסן איינגעהאָרכטע אינעם געברום פון די ים־כוואַליעס, וואָס האָבן זיך געשלאָגן. זייערע ליפּן זענען געווען פאַרטריקנטע פון ווינט און פון דאָרשט. זיי האָבן נישט געהאַט קיין געלט צו באַשטעלן עפּעס.

דער ווינטער איז אַ שווערער, דער ים שטורעמט כמעט אָן אויפהער, דער פישפאַנג איז איבערגעריסן. די פישער־ראַמפּע ווימלט מיט מענטשן. נידעריקע און ברייטפּלייציקע פישערס, מיט פאַרשאַרצטע ביז די קני נאַגאַוויצעס, מיט איבערגעוואָרפענע איבער די אַקסלען קורטקעס און פאַרלייגטע אויף הינטן הענט, שטייען און קוקן אין ים אַריין. זיי זשמורען די אויגן און ציפּן די וואָנסעס. זיי קוקן, ווי די אָנגעטראָגענע דורכן שטורעם וואַסער־גיגאַנטן שלאָגן די ראַמפּע. די וואַסער־שפּליטערס דערגרייכן זייערע צעוויקעלטע שוין שיף. זיי באַטראַכטן, ווי די אָנגעלאָדנטע שוין פון כעס כוואַליעס שלאָגן און וואַרפן די צוגעבונדענע צו דער ראַמפּע שיפלעך. די געשלאָגענע שיפלעך הוידען זיך און שפּרינגען, ווי זיי זאָלן אָט, אָט זיך אָפּרייסן פון די שטריק און אַוועקשווימען אין ים אַריין. די פישערס שטייען מיט פאַרלייגטע אויף הינטן הענט. זיי האָבן נישט וואָס צו טאָן מיט זיי. אויף דער ראַמפּע שטייען נאָר די פישער־יינגען. די בעל־הבתים פון די שיפלעך שטייען אין די טויערן פון די שפּייכלערס, אָדער אונטער די ווענט און אין די ראָגן. זיי היטן זיך אויס נישט קומען במגע מיט די פישער־יינגען, וואָס פאָדערן פון זיי „אַ־דערויף" אויף דעם קומענדיקן פישפאַנג.

די פישערס שטייען און רירן זיך נישט. עס איז זיי קאַלט. די נעץ האָט זיי אָדורכגענומען. זייערע הענט הענגען אַראָפּ, זיי האָבן מיט זיי נישט וואָס צו טאָן. זיי שטייען מיט אויסגעצויגענע העלדזער און אויסגעשטרעקטע קעפּ. זייערע פאַרזשמורעטע אויגן קוקן אויף איין פונקט. פאַרגאַפטע, קוקן זיי, ווי די ים־וואַסערן צאָרנען, לויפן, שלאָגן זיך צונויף און צעהאַקן זיך. אומרו קוקט אַרויס פון זייערע אויגן. זיי שטייען און קוקן אין די וואַסערן, וואָס שליידערן און וואַרפן זיך און אין וועלכע זיי רודערן, ציִען חיונה, ווען זיי ליגן רויִק.

די קרעמפּע, צעוואַקסענע יידן זענען געשטאַנען פאַרגאַפטע און געקוקט. פון מאָל צו מאָל האָט אַ געשטאַלט זיך אַרויסגערוקט פון דעם צונויפגעדריקטן פישער־קלימפּער אויף דער ראַמפּע. די אָפּגעריסענע פון דעם קלימפּער געשטאַלט איז געגאַנגען פּאַמעלעך און זיך געהוידעט, ווי עס זאָל איר פעלן גלייכגעוויכט

אויף דער יבשה. איינצלנע פישערס זענען איר נאָכגעגאַנגען. זיי זענען געגאַנגען צו שלומען.

שלום איז אַ הויכער, דיקער ייִד מיט אַ גוטמוטיק, אויסגעגעסן פּנים און אַן אַרויסשטייענדיקן בויך. ער שפּייזט די פישער־ייִנגען. שלום איז געשטאַנען אַן איינגעקאָרטשעטער אין זיין דיקן פאַלטן, ביי זיין בלוי־ווייסן וואָגן־רעסטאָראַן. דער מאַנטל איז געווען קורץ אויף אים, אים געגרייכט נאָר ביז די קני. זיינע לאַנגע הענט האָבן אַרויסגעשטאַרט פון די אַרבל. דאָס אַרומגעבונדענע אַרום דעם מאַנטל ווייסע, פאַרפלעקטע פאַרטעכל האָט אויסגעזען, ווי אַ פונאַנדערגעשפּרייט טאַשנטיכל אויף זיין אַרויסשטאַרנדן בויך. ער איז געשטאַנען אין ווינקל, אַן אָנגעלענטער אויף אַ וואַנט און זיך נישט גערירט פון אָרט. זיין גרוי, געשטריקט היטל איז ביי אים געווען אַראָפּגערוקט איבער די אויגן. זיינע קליינע, ווי איינגעראַמטע אין זיין פלייישיקן פּנים, אויגן, זענען געווען פאַרזשמורעט. ער האָט נישט געלייגט קיין אַכט, ווער פון די פישערס נעמט ביי אים עסן. ער איז געווען זיכער, אַז די פישער־ייִנגען וועלן געדענקען, וויפל סענדוויטשן יעדער האָט ביי אים גענומען און ווי נאָר זיי וועלן אַרויסשווימען אויפן ים, וועלן זיי מיטן ערשטן פאַרדינטן געלט אים אָפּצאָלן. ער האָט געזשמורעט די אויגן און זיין פּנים האָט געגלאַנצט ווי די מאַכלים אויף זיין וואָגן־טיש.

יעדער פון די פישער־ייִנגען האָט זיך אַליין געפּאַרעט ביים וואָגן־טיש. זייערע באַוועגונגען זענען געווען קורצע, אומבאַהאָלפענע. זייערע ברייטע האַנטפלאַכן האָבן געהאַלטן זיין לאַנגן מעסער, ווי אַ טייטהעלצל. די ברויטן האָבן זיי אַדורכגעשניטן אין דער העלפט. דאָס ווייסע האַלבע ברויט, וואָס איז געווען דורכגעפּרוירן, האָבן זיי מיט די הענט צעריסן אין דער לענג. זייערע קורצע, דיקע פינגער האָבן אַריינגעדריקט אין דעם דורכגעריסענעם ברויט: דריי אָליוון, עטלעכע ברעקלעך טונע־פיש, אַ שטיקל געזאַצטן „לעפעט״, אַ זשמענקע געהאַקטן גרינעם סאַלאַט, אַ הויפן פּיעטרושקע און דריי כזיתלעך געזאַלצענעם קעז. דאָס אַלץ האָבן זיי פאַרבראָקט מיט אַ רוי איי. זיי האָבן געגעסן איילי‍ק, נישט נאָר זייערע מיילער, אויך זייערע אויגן האָבן געשלונגען די לחמא. אָפּגעגעסן, האָט דער פישער־יונג זיך אויסגעדרייט, אַוועק צום פּאָרט־טויער. גייענדיק, האָט ער פון טאַש אַרויסגעצויגן אַן איינצלנעם פּאַפּיראָס. די וויגנדע זיך פישער־ייִנגען זענען איינציקווייז פאַרפאַלן געוואָרן אין די שמאָלע, אויסגעקרימטע געסלעך.

# ב

איבער דער שטאָט הענגט אַ נעפּל. דער ברעג פון יפו איז האַלב־רונדיק. זיין רעכטע זייט איז אויפגעהויבן, זיין לינקע זייט אַראָפּגעלאָזט. די דעכער און ווענט־קאָנטורן פון די הייזער זעען פון ווייטנס אויס, ווי פאַרשלייערט. די לופט

איז נאָס, ווי אין אַ רעגנטאָג. די לעצטע שטאָט־הייזער, וואָס שטייען אין אַ רונד ביים ברעג, זענען ווי די ים־גרענעץ.

דער ברעג איז ליידיק. די טירן און די לאָדנס אין די הייזער זענען פאַרמאַכט. דורך די שפּאַרעס שיינט אַדורך אַן אַנעמישע ליכטשיין. דער ברעג איז פאַרוואָרפן מיט שטיקער העלצער, קופּעס ים־גראָז און געממיתטע עקדישן, וואָס דער ים האָט אָנגעטראָגן. דער ים־ברעג איז צעריסן, די געסלעך ליידיק.

אויך ניסימס קאַפע איז ליידיק. עס ווימלען נישט די מענטשן, ווי יעדן נאָכמיטאָג, ווען די פישערס גרייטן זיך אַרויסשווימען אין ים. די טאַבאָרעטן זענען ליידיק. נאָר איינצלנע פישער־יינגען זיצן אין זאַל אָן אַ סדר. זיי זיצן אָפּגעזונדערט. פון זייערע פאַרגליווערטע פנימער קוקן אַרויס שטאַרע אויגן, וואָס קוקן אַראָפּ צום ים. פון מאָל צו מאָל גיט ווער פון זיי אַ קוק אין דער זייט, ווו עס ליגן די „שעש־בעש". די פישער־יינגען לאַנגווייליקן זיך, אָבער קיינער וואָגט נישט אויסשטרעקן די האַנט, נעמען אַ „שעש־בעש"־קעסטל. קיינער וויל נישט איינשטעלן, טאָמער פאַרשפּילט ער און וועט מוזן שטעלן אַ קאַווע.

ניסימס קאַפע איז אַ גרויסער, נידעריקער, אויסגעצויגענער זאַל מיט צעשטעלטע טאַבאָרעטן אַן איין טישל. דער פּאָל איז אַ רויער בעטאָן. דער בלוי אויף די ווענט איז שוואַרץ שוין פון אַלטקייט. די ווענט שיילן זיך. די קאָליר פון די טירן און פענצטער איז אַן אָנבלאַקירטער גרין. אויבנאָן אין אַ ווינקל צווישן צוויי ווענט שטייט אַריינגעשפּאַרט אַ דרייעקיקער טיש — ניסימס קאָנטאָרקע, אויף איר שטייען דריי פּרימוסן, וואָס ברענען און רוישן. אויף די פּרימוסן שטייען די בלעכערנע קעסלען מיט זודיק וואַסער, פון וועלכן ניסים גרייט צו טיי און קאַווע. די קאָנטאָרקע איז נאָר אָפּגעהובלט, אָן פאַרב, שוואַרץ שוין פון אַלטקייט. ביים טיש אין דער זייט לינקס איז פאַראַן אַ וואַסערקראַן, אונטער וועלכן עס שטייט אַ טעפּל ווו ניסים שווענקט די אויסגעליידיקטע גלעזלעך. פון דער סטעלע אין מיטן הענגען אַראָפּ צוויי אויסגעפּוצטע „לוקסן". אַן אָפּטריט (קלאָזעט) איז נישט בנמצא אין קאַפעהויז. ווער עס דאַרף זיך דערליידיקן, שטעלט זיך אין אַ ראָג הויז, אָדער ביי אַ פּלויט. ס'אָפּגעלייזטע געלט שטופּט ניסים אין דער הויזנטאַש.

ניסים, דער לאַנגער, אויסגעצויגענער ייִד, אויף וועמען עס הענגען די הויזן, שפּאַצירט איבערן זאַל. ער שווייגט. זיינע באַוועגונגען זענען פוילע. זיינע שמאָלע, בלוייע ליפּן זענען פאַרקלעמט. ס'רוב טירן אין קאַפע זענען אָפן, כאָטש עס יאָגט אַ קאַלטער, שאַרפער ווינט פון ים. דער ווינט שפּאַצירט דורך די טירן און טרייסלט די פענצטער־שויבן. פון מאָל צו מאָל גיט דער ווינט אַ וויג די אַראָפּהענגענדע „לוקסן".

דער ווינט שטערט נישט די פישערס, וואָס זיצן ביי ניסימען. ניסים שפּאַצירט צווישן די טאַבאָרעטן און פון מאָל צו מאָל גיט ער אַ טאַפּ די זידנדיקע קעסלען, צי זיי זענען גענוג הייס און פרוווט מיט אַ פינגער אַ קראַן, צי ער נעצט נישט.

ביי אַ וואַנט, אין מיטן קאַפע, זיצן דריי פישערס. זיי זיצן מיט צענומענע קני אַרום אַ טאַבאָרעט מיט אַ מעשן טעצל און דריי אויסגעליידיקטע קאַפע־שעלעכלעך.

יעדער פון זיי האָט אַן אייגן שיפל. זיי זיצן און שווייגן. זייערע פּנימער זענען אָן אויסדרוק. איינער פון זיי, אבו־יוסיף, אַ הויכער, ברייטביייניקער ייִד, האַלט אין האַנט אַ שנירל בורשטינענע קרעלן און פירט מיט די פינגער איבער אַ קרעל נאָך אַ קרעל.

אינצווישן האָט דער טאָג געזומען גרויען. אין אַן אָפענער טיר פון קאַפע איז שטיין געבליבן דער הויכער, ברייטביייניקער חיים, מיט אַ בייטש אין האַנט. דער רימען אַרומגעוויקלט איבער דער ביטשיסקע. זיינע פליישיקע ליפּן האָבן געגלאַנצט, געווען אויסגעפעטסט, נאָך נישט אָפּגעווישט נאָכן מיטאָג. זיינע נאָגאַוויצעס זענען געווען פאַרשאַרצט ביז די קני. זיינע דיקע, באַהאָרטע פיס זענען געווען נאַקעט. ער האָט געטראָגן פאַרדאַרטע, אָפּגעריסענע, האַלבע, נישט פאַרשנורטע שיך. ער האָט אַראָפּגעלאָזט די ביטשיסקע אויף דעם פּאָל און זיך איבערגעבויגן, ווי ער זאָל זיך וועלן אויף דער ביטשיסקע אָנלענען. ער האָט פּאַמעלעך אויסגעשטרעקט דעם קאָפּ און אַ רוף געטאָן: „בנימין!" זיין פּנים האָט זיך צעשמייכלט.

בנימין, אַ מיטלוווקסיקער, ברייטביייניקער פישער־יונג, איז געזעסן מיט אויסגעצויגענע פיס און מיט די הענט אויף די קני. בנימין האָט פאַרקנייטשט דעם שטערן, אָבער זיך נישט גערירט פון אָרט. זיינע שוואַרצע, געקרייזלטע האָר אויף זיין צעכראַסטעטער ברוסט, האָבן אַ ציטער געטאָן, ווי דער ווינט זאָל זיי האָבן באַרירט. ער האָט פאַרזשמורעט די אויגן, אַראָפּגערוקט איבער זיי זיין געשטריקט היטל און געבליבן זיצן.

חיים האָט אָפּגעוואַרט אַ ווײַלע. זיין פּנים איז געוואָרן ערנסט. ער האָט אויפגעהויבן די ביטשיסקע, מיט איר אַ קראַץ געטאָן זיך אונטערן אויער און אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ אַ פאַרשעמטער. ער האָט זיך אויסגעדרייט, געמיינט, אַז אַלע מענטשן אין קאַפע קוקן אויף אים. ער האָט אַריבערגעשטעלט אַ פוס איבער דער שוועל און אַרויס אויף דער גאַס.

אינצווישן זענען אָנגעקומען נאָך צוויי מענטשן. דורך איינעם פון די פענצטער האָט אַריבערגעשטאַרט אַ קאַשקעט מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן דאַשיק. נעבן אים האָט זיך געפונען אַן אויסגעשטופּט גראַנאַט היטל מיט אַ לאַקירטן דאַשיק. אַ ווײַלע האָבן זיך די היטלעך נישט אַ ריר געטאָן. מיט אַ מאָל האָט זיך דערהערט אַ באַס־שטימע „אַמזעל! וואָס שטייען מיר?" עס האָבן זיך דערהערט שווערע טריט, וואָס טרעטן אויף אויסגעטראָטענער, נישט ברוקירטער ערד.

באַלד האָט זיך דערהערט אַ קללה: „הינטישע זין!" דאָס איז געווען חיימס קול, וואָס האָט זיך אייליק דערווייטערט. אין איינער פון די טירן זענען שטיין געבליבן די צוויי: רפי, אַ הויכער געזונטער בחור, וואָס טראָגט אַ בלויען אָווראָל און דעם קאַשקעט מיטן אַראָפּגעלאָזטן דאַשיק. אויף זיין רעכטער באַק האָט ער געהאַט אַן אייל־פלעק. הינטער אים איז געשטאַנען אַמזעל. ער איז געווען ענלעך צו רפין. ער האָט געטראָגן דאָס גראַנאַטענע היטל מיטן לאַקירטן דאַשיק און אַ האַקי־העמד מיט פאַרשאַרצטע אַרבל. זיינע הענט זענען געווען אויסגעשמירט מיט אייל ביז די עלנבויגנס.

רפי האָט זיך אַרומגעקוקט איבערן זאַל. „קום!״ — האָט ער אַ זאָג געטאָן און אַליין גענומען גיין.

אַמזעל איז אים נאָכגעגאַנגען.

זיי האָבן זיך אַוועקגעזעצט אין דער נאָענט פון די דריי פישער־יִנגען, וואָס זענען געזעסן נאָענט צו אַ טיר. די פישער־יִנגען האָבן אַפילו נישט קיין פינטל געטאָן מיט אַן אויג. זיי זענען געזעסן אַזוי ווי פריִער.

— צוויי טערקישע! — האָט רפי אַ באַפעל געטאָן.

ביידע, רפי און אַמזעל, האָבן אונטערגעצויגן זייערע פיס. זייערע קניִ האָבן געגרייכט ביז זייערע בייכער. זייערע פיס זענען געוועזן צו לאַנג צו די נידעריקע טאַבאַרעטן.

ניסים האָט זיך אויסגעווישט די הענט אין די הויזן און זיי אַ צעפיר געטאָן, ווי ער זאָל מיט זיי רודערן אין וואַסער. ער איז אַוועק צו די קעסלען גרייטן די באַשטעלטע קאַוועס.

אַמזעל האָט אַרויסגענומען פון דער העמדן־טאַש אַ פעקל ציגאַרעטן און אַ צינד־מאַשינקע.

ביידע האָבן פאַררויכערט און זיך פאַרצויגן. אַ דיקער רויך האָט ווי אַ שלייער אַרומגעהילט זייערע קעפּ. עס האָט זיך דערפילט דער רויך פון געברענטן טאַבאַק. די נאָזלעכער ביי די פישער־ייִנגען, וואָס זענען געזעסן נעבן זיי, האָבן זיך צעשפרייט. אַ ווינט, וואָס האָט זיך אַריינגעריסן דורך אַן אָפענער טיר, האָט צעיאָגט דעם רויך.

אַמזעל און רפי האָבן זיך איבערגעקוקט.

— ווי האַלטסטו מיט געלט? — האָט רפי געפרעגט.

— אַז מיר וועלן ענדיקן דעם מאָנטאַזש, דאַרף ער אונדז געבן פינף הונדערט פונט — האָט אַמזעל געזאָגט און זיך פאַרצויגן.

רפי האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ אויף הסכמה.

עס האָט זיך דערפילט דער ריח פון פריש אויפגעבריטער קאַווע.

ניסים האָט פאַר זיי אַוועקגעשטעלט אַ מעשן טעצל מיט צוויי שעלעכלעך קאַווע.

אַמזעל האָט אַוועקגעלייגט אויפן טעצל אַ פונט. ניסים האָט אים אַ רעשט געגעבן אַ האַלבן פונט. דעם פונט האָט ער אַריינגערוקט אין דער הויזנטאַש.

אַמזעל האָט דעם באַנקנאָט צעקנייטשט צווישן די פינגער און אַריינגעשטופּט אים אינעם זייטיקן הויזנטעשל. די פישער־יִנגען, דערפילנדיק דעם קאַווע־ריח, האָבן אַ צעלייג געטאָן זייערע קניִ און מיט די צונגען אָפּגעווישט זיך די ליפּן. דער קאַווע־ריח האָט אַ רייץ געטאָן זייערע גומענס.

רפי האָט באַמערקט זייער חשק. „תפדל!״ (ביטע) — האָט ער זיי געזאָגט און אָנגעוויזן מיט דער האַנט, אַז זיי זאָלן זיך צורוקן. די פישערס, וואָס זענען געזעסן ביי דער וואַנט, האָבן אָנגעקוקט די פישער־יִנגען. זיי האָבן איינגעהאַלטן דעם אָטעם. זייערע אויסגעגלאָצטע אויגן האָבן נייגעריק באַטראַכט די פישער־

ייִנגען. אַבו־יוסיף האָט צונויפגעדריקט אין דער פויסט דאָס שנירל קרעלן און געבליבן זיצן מיט אַן אָפן מויל.

די פישער־ייִנגען האָבן זיך נישט גערירט פון אָרט. זיי זענען געזעסן, ווי פאַרגליווערטע. די ארויסשטאַרנדע ביינער פון סאַמיס קנאָכיקן פנים זענען נאָך בולטער געוואָרן. זיין אונטערשטע, דיקע ליפּ האָט אַ ציטער געטאָן.

אַמזעל האָט אָנגעטרעטן רפין אויפן פוס.

רפי האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ.

ביידע האָבן געגומען זופן זייער קאַווע. זיי האָבן געטרונקען פּאַמעלעך און שטיל, ווי זיי זאָלן זיך די מי געבן, מען זאָל זיי נישט הערן, ווי זיי שלינגען.

איצט איז אַריין אין קאַפּע אַ הויכער ייִד, אָנגעטאָן אין אַ „באַטלדרעס" און האַקי־הויזן. זיינע הויזן זענען געווען אויסגעשמירט מיט טינק. די נאָגאָוויצעס פון הינטן זענען געווען אַרומגענומען מיט וועלאָסיפּעד־קלאַמרעס. ער איז שטיין געבליבן אין מיטן זאַל אויף צעשטעלטע פיס. „העי!" — האָט ער זיך אַ ווענד געטאָן פון ווייטנס צו די פישער־ייִנגען.

זיי האָבן אים אָנגעקוקט.

— חברה! ווער וויל מאַכן אַ שטיקל אַרבעט? — האָט ער זיי געפרעגט.

די פישער־ייִנגען האָבן זיך נישט גערירט פון אָרט.

רפי און אַמזעל האָבן זיך איבערגעקוקט.

דער הויכער פאַרשוין, ווי ער זאָל וועלן זיך צוגעבן קוראַזש, האָט צוגעגעבן:

— „אָבער שנעל! דער טאָג ענדיקט זיך!"

עזראָס גרויסע, קלוגע אויגן האָבן אָפּגעמאָסטן דעם ייִדן. זיין גאָמבע איז געוואָרן נאָך לענגער. זיין פּנים האָט אויסגעזען ווי אַ פּרצוף פון אַ פערד.

אויך די פישערס, וואָס זענען געזעסן ביי דער וואַנט, האָבן זיך איינגעקוקט אין דעם הויכן ייִדן. זייערע בליקן זענען געווען שטאַר און דערשטוינט. זיי האָבן זיך געוווּנדערט, וואָס אַ ייִד איז געקומען רופן די פישער־ייִנגען צו אַן אַרבעט אויף דער יבשה.

דער ייִד איז געשטאַנען און געוואַרט. ער האָט פאַרזשמורעט אַן אויג און אַ זאָג געטאָן זיך: „פימה, טראָג זיך אָפּ!" געמיינט זיך. ער האָט זיך אויסגעדרייט און אַוועק צו דער טיר.

רפי און אַמזעל, ווי זיי זאָלן האָבן געוואַרט אויף דער רגע, האָבן אַוועק־געשטעלט די ליידיקע שעלעכלעך אויפן טעצל. זיי האָבן אייליק זיך אויפגעשטעלט און נאָכגעגאַנגען דעם ייִדן.

בנימין מיט זיין גוטמוטיק, קיילעכיק, אויסגעגעסן פּנים האָט אַ קריץ געטאָן מיט די ציין. זיינע קינבאַקן זענען געוואָרן בולט. ער האָט אַ זאָג געטאָן: „דרעקעס". ער האָט געמיינט אַלע מענטשן, וואָס זענען נישט קיין פישערס.

ניסים, וואָס איז געשטאַנען ביי די זידנדיקע קעסלען, האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן, זיך אונטערגעצויגן די הויזן, און פּאַמעלעך, ווי ער זאָל שלעפּן די פיס, זיך אַריינגעשלייכט אין זאַל אַריין. ער האָט צוגענומען דאָס טעצל מיט די ליידיקע

שעלעכלעך און מיטן פוס איינגעסדרט די צערוקטע בענקלעך. זיינע דינע, שמאָלע ליפּן זענען געווען צונויפגעפּרעסט. דער ווינט אין דרויסן איז שטאַרקער געוואָרן. די קעלט האָט יעדעס מאָל אַ שפּאַציר געטאָן מיט אַ גרעסערן אימפּעט דורך די אָפענע טירן. ניסים האָט אַוועקגעשטעלט דאָס טעצל און גענומען פאַרמאַכן די טירן. ער האָט געלאָזט אָפן נאָר איין טיר אין מיטן זאַל. די פישער־יִנגען זענען געזעסן און זיך נישט גערירט פון אָרט.

ניסים האָט פאַרריסן דעם קאָפּ און זיך אַרומגעקוקט, צי ער האָט גוט פאַרמאַכט די טירן, פענצטער. אין דער אָפענער טיר האָט זיך באַוויזן אַ פלאַכער, גלאַטער קאָפּ אָן איין האָר. דער קאָפּ איז געזעסן אויף אַ הויכן האַלדז און אַרויסגעשטאַרט פון אַ פּאָר ברייטע פּלייצעס. די געשטאַלט איז געווען אַ מיטל־וווּקסיקע, אַרומ־געהילט מיט אַ שוסטער־שאַרץ, וואָס איז אויף עטלעכע שטעלן געווען צעשניטן. פון אונטער דער שאַרץ האָבן אַרויסגעשטאַרט צוויי נאַקעטע הענט.

סאַמי, זעענדיק דעם שוסטער, האָט אַ צמאָקע געטאָן מיט די ליפּן: „טצו!" ווי ער זאָל רופן אַ שטוביקע חיה. אַלע, וואָס זענען געזעסן אין קאַפע, האָבן אָנגע־קוקט דעם שוסטער.

נאָר ניסים האָט זיך געמאַכט נישט זען. ער האָט נאָר פון דער זייט אַוועק, ווי ער איז געשטאַנען, געזאָגט דעם שוסטער: „גיי, גיי, איך וועל צו דיר שוין קומען!"

דעם שוסטערס גרויסע, צוגעשוירענע ברעמען האָבן אַ ציטער געטאָן. ער איז אַריבער די שוועל און אַוועק.

נאָך דעם, ווי ניסים האָט פאַרמאַכט די טירן, איז געוואָרן אָנגענעמער אין זאַל. עס האָט זיך דערפילט די פייכטקייט פון דער פּאַרע, וואָס האָט געזעצט פון די זידיקע קעסלען. אין קאַפע איז געווען שטיל. עס האָט זיך נאָר געהערט דער פלאַמען־רויש פון די ברענענדיקע פּרימוסן.

מיט אַ מאָל האָט זיך דערהערט אַ הילכיקער קוויטש „אַ־ה־ה־ה־ה", וואָס האָט פונאַנדערגעריסן די שטילקייט.

סאַמי איז געזעסן מיט אַ פונאַנדערגעריסן מויל און געגענעצט. ווען ער האָט געענדיקט, האָט ער זיך אויפגעשטעלט. ער איז געשטאַנען אויף צעשטעלטע פיס און גערענגט זיך די גלידער.

ניסים האָט אים אָנגעקוקט און אַרונטערגעשטופּט זיך די הויזן אונטערן רימען.

סאַמי האָט זיך צוריק אַוועקגעזעצט און ווי אַ שפּיי געטאָן פון לאַנגווייליקייט: „טפו, טפו".

אַ ווײַלע שפּעטער האָט עזרא אַ קוק געטאָן אויף סאַמין.

סאַמיס גרויסע אויגן זענען געווען שטאַר, אָבער ער האָט נישט געקענט איינזיצן. ער האָט אויסגעשטרעקט די פיס און צוריק זיי איינגעצויגן, אַוועקגעלייגט די הענט אויף די קני און זיי צוריק אַראָפּגענומען. ער האָט מיט די הענט און די פיס נישט געהאַט וואָס צו טאָן. ער איז ווידער אויפגעשטאַנען. פּאַמעלעך, ווי ער זאָל זיך איבערלייגן, איז ער צוגעגאַנגען און זיך אַוועקגעשטעלט ביים פילאַר פון

צווישן די צוויי פענצטער. די אַרום זיצנדיקע פישערס האָבן אים באַגלייט מיט די אויגן.

סאַמי האָט זיין קרעפּטיקע געשטאַלט אָנגעלענט אין פילאַר, ווי ער זאָל אים אונטערשפּאַרן. פון דער הינטערשטער הויזן־טאַש האָט ער אַרויסגענומען אַ גאַר־מאָשקע. איבערן קאָפּע האָבן זיך פונאַנדערגעטראָגן גרילציקע טענער פון דער „רויטער קאַוואַלעריע״. די פישערס אַרום האָבן אַראָפּגעלאָזט די קעפּ, ווי זיי זאָלן דרימלען.

פּלוצים האָט זיך פון טאַבאָרעט אַ ריס געטאָן אַ געשטאַלט. „סוזי?״ האָט בנימין אַ שריי געטאָן פון איבעראַשונג און זיך איינגעקוקט אין אים מיט אויפ־געריסענע אויגן. בנימין האָט די גאַנצע צייט אים נישט באַמערקט. סוזי, דער־הערנדיק, אַז מען רופט אים, איז אויפגעשפּרונגען פון טאַבאָרעט. זיינע אויפגע־ריסענע אויגן זענען געווען דערשטוינט.

סוזי איז געווען אַ קרעפּטיקער פּאַרשוין מיט אַ פּירקאַנטיקן ברוסטקאַסטן. זיין צעכראַסטעטע העמד איז געווען אָנגעצויגן אויף אים ווי אָט, אָט פּלאַצט עס. סוזי איז די גאַנצע צייט געזעסן אין ווינקל אַן אָנגעלענטער אין דער וואַנט און געדרימלט. אַן איבערגעוועקטער, האָט ער אַ דערשטוינטער זיך אַרומגעקוקט. זיין מויל איז געווען אָפן, זיינע ציין שוואַרץ, זיין גרויסע וואָנסע פּאַרגעלט, ווי זי זאָל זיין צוגעזענקט. אַ ווײַלע האָבן זיינע קינדישע און מידע וואַסעראויגן געקוקט שטאַר. מיט אַ מאָל האָט ער מיט כוח אַ שטופּ געטאָן זיין קערפּער פאָרויס. אַ געבוקטער, ווי ער זאָל קריכן אויף אַלע פיר, איז דורך דער נאָענטסטער טיר אַרויס אין גאַס.

בנימין, וואָס איז געשטאַנען מיט אויסגעשטרעקטע הענט און אויפגעריסענע אויגן, געוואַרט, אַז סוזי זאָל צו אים צוגיין, האָט אַראָפּגעלאָזט די הענט. זיין פּנים איז געוואָרן אויסגעצויגן, זיינע אויגן פאַרמרוזשעט. ער האָט נאָר באַוויזן צו זען דעם שפּיץ פון סוזיס געשטריקט היטל. אַ ווײַלע שפּעטער האָט ער זיך צוריק אַוועקגעזעצט.

אין דער זעלבער צייט האָט אויך סאַמי אַראָפּגעלאָזט די הענט, אויפגעהערט שפּילן. די גאַרמאָשקע איז שטעקן געבליבן צווישן זיינע ליפּן. ער האָט זיין קערפּער אָפּגעצויגן פון פילאַר, געבליבן שטיין גלייך. זיינע אויסגעדעמטע ליפּן האָבן נאָך עטלעכע מאָל אַריינגעבלאָזן אין דער גאַרמאָשקע. עס האָבן זיך דערהערט עטלעכע גרילציקע טענער, ווי אַ הונט זאָל וואָיען.

אויך ניסים, וואָס איז בשעת סאַמי האָט געשפּילט, געזעסן אויף אַ טאַבאָרעט, האָט זיך אויפגעשטעלט.

די דריי פישערס, וואָס זענען געזעסן ביי דער וואַנט, האָבן זיך איבערגעקוקט.

— חברה! — האָט ניסים אַ זאָג געטאָן און שטיל געבליבן. ער איז שנעל צוגע־גאַנגען צו די קעסלעך, זיי אַ טאַפּ געטאָן, צי זיי זענען געווען גענוג הייס.

עזרא האָט געעפנט ס׳מויל. זיין גאָמבע איז געוואָרן נאָך לענגער. זיין דער־שטוינטער בליק האָט באַגלייט ניסימען. ער האָט אָפּגעאָטעמט טיף. זיין קערפּער

האָט זיך צונויפגעקאָרטשעט און איז זיצן געבליבן מאַכטלאָז, ווי ער זאָל זיין אַ שווערער, פולער, אַראָפּגעלאָזטער זאַק.

אַ ווײַלע שפּעטער האָט עזרא פּאַמעלעך זיך אויפגעשטעלט. ער איז שטיין געבליבן אויף צעשטעלטע פיס. זיין ברייטבייניקע געשטאַלט איז ווי אויסגעוואַקסן. מיט אַ מאָל האָט ער אַ צעפיר געטאָן די הענט, האָט אויסגערענגט זיינע מידע אברים. זיינע גלידער האָבן געטרעשטשעט. ער האָט אַראָפּגעלאָזט די הענט און פאַרזשמורעט די אויגן. ער האָט דורכן פענצטער דערזען דעם צעשטורעמטן ים.

— אַ גהינום — האָט ער אַ זאָג געטאָן, סילאַביזירנדיק יעדן אות.

די פישערס האָבן אים אָנגעקוקט מיט אַ בייזן בליק.

עזרא איז געבליבן שטיל. אַ ווײַלע שפּעטער האָט ער אַריינגערוקט אַלע זיינע פינגער אין זיינע צעשויבערטע האָר. זיינע קורצע, דיקע פינגער האָבן ווילד געקראַצט זיין הויט אויפן קאָפּ.

די פישערס זענען געזעסן און געקוקט אויף עזראן.

ניסים האָט געעפנט אַ קראַן פון אַ טיי־קעסל. דער כלופּ פונעם וואַסער־שטראָם האָט אויפגעהייטערט די פישערס געמיטער.

אַלע האָבן באַטראַכט ניסימען.

עזרא האָט אַראָפּגעלאָזט די הענט און אָנגעקוקט די פישערס. ער האָט אויס־געשטרעקט אַ האַנט און אַראָפּגעלאָזט אַן אַקסל, ווי ער זאָל זיך טאָרעווען אַ וועג און איז אַרויס פון קאָפּע.

סאַמי און בנימין זענען פּאַמעלעך אויפגעשטאַנען פון די טאַבאָרעטן. נישט אומקוקנדיק זיך, זענען זיי אים נאָכגעגאַנגען. זייער טריט איז געווען וואַקלדיק און שווער.

ניסים האָט איבערגעפירט זיין האַנטפלאַך איבער זיין פלאַטשיקן קאָפּ. דער קאָפּע איז געוואָרן נאָך ליידיקער. דער עכאָ אין אים האָט אָפּגעהילכט, ווי אין אַ ליידיקן שפּייכלער.

די דריי פישערס, וואָס זענען געזעסן ביי דער וואַנט, האָבן זיך אַ באַוועג געטאָן. די שטילקייט אין זאָל איז זיי געוואָרן לעסטיק. איינער האָט אָנגעקוקט דעם אַנדערן, אָבער ווייטער געשוויגן. זיי זענען געווען מיד און עס איז זיי געווען לאַנגווייליק.

יחזקאל, אַ ברייטבייניקער, בייכיקער פישער, האָט געעפנט ס׳מויל, ווי ער זאָל וועלן אַ גענעץ טאָן, און געזאָגט:

— די יינגעץ זענען שוין צעלאָזט.

יעקבס גרויסע, אויסגעגלאָצטע אויגן, וואָס האָבן אַרויסגעקוקט פון אַ קיילע־כיקן קאָפּ, וואָס איז געזעסן אויף ברייטע אַקסלען פון אַ נידעריקער געשטאַלט, האָט דערשטוינט אָנגעקוקט יחזקאלן.

— אַזוי לעבן פישערס. דער ים אָדער אונטערגאַנג — האָט געזאָגט אבו־יוסף. ער האָט זיך צוגעגלעט די וואָנסע און זיך אויפגעשטעלט.ביידע פישערס האָבן אים אָנגעקוקט, ווי זיי זאָלן באַוווּנדערן זיין געשטאַלט.

— אבו־יוסיף איז געשטאַנען אויף צעשטעלטע פיס און באַטראַכט די פישערס, וואָס זענען געזעסן, פון אויבן אַראָפּ. ער האָט אויסגעדרייט זיין אויבערשטע טייל קערפּער, זיך אַרומגעקוקט. „פאַרשרייב!" — האָט ער געזאָגט ניסימען. צו די פישערס האָט ער זיך אַ ווענד געטאָן: „קומט זען דעם ים און די שיפלעך!"

די פנימער פון די פישערס זענען געוואָרן בייז. זייערע אויסגעגלאָצטע אויגן זענען געווען פול אימה. די צוויי פישערס האָבן שנעל זיך אויפגעשטעלט און אַלע דריי זענען אַוועק צו דער טיר.

ניסים האָט אויסגעלאָשן צוויי פּרימוסן און איז אַוועק אין זאַל. ער האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ טאַבאַרעט, דעם קאָפּ אָנגעלענט אויף דער וואַנט.

אין איינעם פון די פענצטער האָט זיך באַוויזן אַ קיילעכיקער, פליישיקער, געקרייזלטער קאָפּ מיט גרויסע, אַוועקשטייענדיקע אויערן, קליינע פאַרפעטסטע אייגעלעך, וואָס האָבן נייגעריק אָנגעקוקט ניסימען.

ניסים איז געזעסן מיט אַן אָפן מויל, געכראָפּעט.

זשאַקאָ, דער נידעריקער, ברייטבייניקער פישער־יונג, וואָס האָט אַריינגעקוקט דורכן פענצטער, איז צוריק אַוועק. ער האָט מורא געהאַט, טאָמער כאַפּט ניסים זיך אויף און זעט אים. ווינטער, ווען דער ים שטורעמט, זונדערט זיך זשאַקאָ אָפּ פון מענטשן. ער האָט געזוכט חברה, פישער־ייִנגען, מיט וועמען ער זאָל זיך קענען אַדורכרעדן. עס איז געווען קאַלט, פון ים האָט געיאָגט אַ דרום־ווינט, אָבער זשאַקאָן איז געווען הייס. זיין ברוין, פלאַנעלן העמד איז געווען צעקנעפּלט. ער האָט אַ פאַרלייג געטאָן אויף הינטן זיינע לאַנגע הענט און געלאָזט זיך גיין. ער איז געגאַנגען מיט דעם לאַנגן, שמאָלן געסל, באַרג אַרויף און זיך געהוידעט, ווי אַ פישער אויף דער יבשה.

# ג

די שפּעטע נאָכמיטאָג־שעהען זענען געווען גרוי און טריב, די לופט, פייכט און קאַלט. ביים ים איז די לופט געווען געזאַלצן. סאַמי איז געגאַנגען און געקוקט אַראָפּ, ווי ער זאָל עפּעס זוכן. מען האָט נישט געזען קיין מענטשן אין גאַס. די טירן און די פענצטער זענען געווען פאַרמאַכט, ווי די הייזער זאָלן זיין געשלאָסן.

פּלוצים איז סאַמי שטיין געבליבן ביי אַ נידעריק, איינשטאָקיק הייזל. איין וואַנט איז געווען אַן אָפּגעריסענע. דאָס הייזל האָט אויסגעזען, ווי אַ האַלב הויז. אונטער אַ בלויען פאַרמאַכטן פענצטער־לאָדן האָט אַ פרוי געזונגען. איר קול איז געווען הילכיק און האַרציק. סאַמי האָט אויסגעשטרעקט דעם קאָפּ און געהאָרכט. די שפּראַך פון געזאַנג איז אים פרעמד געווען. ער האָט זיך אַרומגעקוקט און געשטוינט. אין דער געגנט האָט אַ מענטש זיך נישט געוויזן. ער האָט דערזען דעם פלאַכן דאַך אויפן הויז. די ווינקל־וואַנט, וואָס איז געווען אָפּגעשמירט מיט סמאָלע,

און דעם ליידיקן פּלאַץ ביי דעם הויז. דער פּלאַץ איז געווען פאַרוואַקסן מיט ווילדע גראָזן. סאַמי האָט נאָך אַ מאָל זיך אַרומגעקוקט און נישט געזען קיין מענטשן. ער האָט ממשיך געווען, געגאַנגען שנעל, ביז ער איז צוגעקומען צום ראָג פון געסל און שטיין געבליבן. „חברה! ווו זענט איר!" האָט ער גערופן אויפן קול. דער ראָג פון הויז האָט אים פאַרשטעלט.

עזרא און בנימין זענען שוין אַריינגעגאַנגען אין דער דערבייִיקער גאַס.

עזרא איז שטיין געבליבן.

בנימין איז אונטערגעקומען.

עזרא האָט אַ צי געטאָן בנימינען ביי דער האַנט, ווי ער זאָל וועלן אים פאַר־האַלטן און אַ שריי געטאָן: „סאַמי!" זיין קול איז געווען מלא פאַרווונדערונג.

סאַמי איז צו זיי צוגעגאַנגען.

די דריי פישער־ייִנגען האָבן אַרומגעשלעפּט זיך איבער די גאַסן, נישט געהאַט וואָס צו טאָן מיט זיך. ביז זיי זענען שטיין געבליבן. עזרא האָט אַריינגעקוקט אין טויער פון אַ הויז.

בנימין און סאַמי האָבן געקוקט אויף עזראַן, נישט געוווּסט, וואָס אים האָט פאַרהאַלטן. פאַרבייגייער האָבן איבערגעקרייצט די גאַס. די שפּייזקראָם מיט דער ביז דער העלפט אַראָפּגעלאָזטער זשאַלוזיע איז געווען נאָך אָפן. אַ פרוי איז אַרויס פון דער קראָם, אין איין האַנט האָט זי געהאַלטן די איינגעקויפטע פּראָדוקטן, מיט דער צווייטער האַנט צוגעהאַלטן זיך דאָס קלייד פון הינטן, כדי דער ווינט זאָל עס נישט אונטערהייבן. אין גאַס האָט זיך געפילט דער פייכטער, פאַרפוילטער ריח פון ים.

עזרא האָט פונאַנדערגעשפּרייט די נאָזלעכער. ער האָט דערפילט טשאַד פון האָלצקוילן. אַן אָנגעקומענער פון ים ווינט האָט אונטערגעהויבן עטלעכע בלעכן אויף די דעכער. די בלעכן האָבן געפּויקט.

— ליאָ! — האָט עזרא אַ שריי געטאָן היסטעריש. ער האָט אויסגעשטרעקט די הענט און גענומען לויפן.

בנימין און סאַמי האָבן נייגעריק אים אָנגעקוקט און נאָכגעלאָפן. עזראס הענט האָבן אָנגעכאַפּט די לאַצן פון ליאָס זעלנערישן באַטלדרעס. ער האָט מיט רציחה אַ טרייסל געטאָן ליאָנען, אָבער אין מאָמענט האָט עזרא אַראָפּגעלאָזט די הענט.

די דריי פישער־ייִנגען האָבן זיך אַרומגעשטעלט אַרום ליאָנען. זיי זענען געשטאַנען מיט אַראָפּגעלאָזטע הענט, ווי אומבאַהאָלפענע קינדער.

אונטער אַ טויבער וואַנט ביי אַן אייזערנעם פאַרמאַכטן טויער איז געשטאַנען דער הויכער ליאָ מיט דער לאַנגער, פליישיקער נאָז. ליאָ האָט פאַרקויפט פּיסטאַש־קעס. דערזעענדיק די פישער־ייִנגען, האָט ליאָ אַוועקגעדרייט פון זיי זיינע גרויסע, געלע אויגן.

עזרא און בנימין זענען געבליבן אָן לשון.

סאַמי האָט געשטעלט אַ טריט פאָרויס און אויסגעשטרעקט די האַנט. זיינע פאַרקרימטע פינגער האָבן קאָנוווּלסיוו זיך איינגעקניפּט אין ליאָנס אַקסל. סאַמי

האָט אים בייז אָנגעקוקט. זיין פּנים איז געווען שטאַר: „שעם זיך! אַ פישער — אַ הענדלער?״ האָט סאַמי אים געפרעגט.

סאַמי האָט באַטאָנט יעדעס וואָרט, ווי ער זאָל די ווערטער אַדורכשטופּן דורך זיינע שיטערע ציין.

ליאָס אויגן האָבן אַ צאַפּל געטאָן, ווי זיי זאָלן וועלן אַרויסלויפן פון די אויגנ־לעכער. זיינע אויגן־ווייסלען זענען נאָך גרעסער און געלער געוואָרן. ער האָט זיך אַ וויג געטאָן, אויסגעשטרעקט זיין הויכן האַלדז, איינגעבויגן די הענט און פאַר־ביילט די פויסטן, געוואָלט זיך וואַרפן אויף סאַמין.

עזרא האָט באַמערקט ליאָס כוונה. ער האָט צעשטעלט די פיס און זיך צעלאַכט אויפן קול „האַ—האַ—האַ״.

ליאָ האָט אויסגעגליכן זיין קאַרק. זיינע ווילד־אַרומלויפנדע אויגן האָבן געשפּיזט די דריי פישער־יינגען. ער האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן און שטיל אַ זאָג געטאָן: „איך בין נישט קיין פישער, איך פאַרקויף פיסטאַשקעס!״

די פישער־יינגען האָבן זיך איבערגעקוקט. זייערע פּנימער זענען געוואָרן שטאַר, הערנדיק ליאָס רייד.

— דו האָסט געאַרבעט ביי בוזאָן אויף דער שיף! — האָט בנימין געזאָגט און אים אָפּגעמאָסטן מיט זיינע פאַרזשמורעטע אויגן.

— בין אַרויסגעשווומען אויפן ים נאָר עטלעכע מאָל — האָט ליאָ אים געענטפערט. ער האָט די ווערטער צעצויגן, ווי די צונג זאָל זיך אים פּלאָנטערן צווישן די ציין און צוגעגעבן: — די אַרבעט איז מיר געווען שווער.

עזרא האָט אויסגעדרייט זיין פּלייצע, ווי ער זאָל נישט קענען רירן מיטן קאַרק. ער האָט בייגעריק אָנגעקוקט ליאָן און זיך אויסגעגלייכט. זיינע אויסגעגלאָצטע אויגן האָבן אָנגעקוקט סאַמין און בנימינען.

סאַמי איז געשטאַנען נאָענט צו ליאָן, אָבער ער האָט אים אָנגעקוקט, ווי ער זאָל אים זען דאָס ערשטע מאָל און געזאָגט: „אַ לאָקש איז נישט קיין פישער״. ער האָט געמיינט ליאָן.

— כאַ־כאַ־כאַ — האָבן ביידע, בנימין און עזרא, זיך צעלאַכט. זייער געלעכטער האָט פאַרהילכט די גאַס.

— קומט! — האָט סאַמי אַ זאָג געטאָן און געלאָזט זיך גיין.

בנימין און עזרא זענען אים נאָכגעגאַנגען. די טריט פון זייערע געקאָוועטע שיך האָבן אָפּגעהילכט אין דער שטילקייט פון דער גאַס.

ליאָ האָט זיי נאָכגעקוקט. אַ ווילע שפּעטער האָט ער זיך אָנגעבויגן און צוגעוואָרפן צום פייער אַ שטיקל האָלצקויל. פון בלעכענעם קיך־קוימענדל האָט זיך אַ דריוול געטאָן אַ דינער, שוואַרצער רויך. דער טשאַד פון די פליענדיקע האָלצקוילן איז זיך פונאַנדערגעגאַנגען איבער דער סביבה.

געבוקטע פאַרויס, ווי זיי זאָלן נישט האָבן קיין גלייכגעוויכט, זענען די דריי פישער־יינגען געגאַנגען באַרג אַרויף. אויך די גאַס איז געוועןליידיק. ווו־נישט־ווו האָט זיך פאַרבייגעשלייכט אַ געשטאַלט, וואָס איז באַלד פאַרשוונדן אין אַ טויער.

די גאַס איז געווען אַ ברייטע, אָבער אַ זייטיקע. זי האָט געפירט צו אַ פאַרבויט בערגל. די הייזער זענען געווען נידעריקע, אַריינגעוואַקסענע אין דער ערד. די שטיינערנע ווענט זענען געווען דיקע, אָבער די טירן שמאָלע, די פענצטער, קליינע. די הייזער זענען געשטאַנען צונויפגעדריקט אַ וואַנט בײַ אַ וואַנט, געווען שוואַרץ פון אַלטקייט און אַרויסגעשטאַרט פון דער ערד, ווי צעקרישלטע ציין פון אַן אַלטער יאַסלע.

דער ווינט האָט זיך אײַנגעשטעלט. די לופט איז געוואָרן נאָך געדיכטער, מען האָט געקענט זי אָנטאַפּן. נישט באַמערקט, האָט זיך אָנגערוקט דער אָוונט און שאָטנס האָבן זיך באַוויגן אויף די ווענט. די דרײַ פּישער־ייִנגען זענען שטיין געבליבן. אַן אַנעמישע ליכטשיין, וואָס האָט קוים זיך אַרויסבאַקומען פון אַ שמאָ־לער, אָפּגעלענטער טיר, האָט זיי פאַרהאַלטן. די טיר איז געווען נישט געפאַרבט, צעפּלאַצט און אָפּגעריבן, די שפאַרעס — שוואַרץ. די צייט איז אויף איר געלעגן.

אַ ווײַלע האָבן די פּישער־ייִנגען זיך איבערגעקוקט, כאָטש עס איז שוין געווען פינצטער.

— קומט אַרײַן! — האָט עזרא געזאָגט.

די פּישער־ייִנגען האָבן זיך אַ וויג געטאָן, אויסגעגליכן די רוקנס און אין איינעם זיך אַ לאָז געטאָן צו דער טיר. יעדער באַזונדער האָט ווי אַדורכגעשטופּט דורך דער שמאָלער טיר זײַן ברייטבייניקע געשטאַלט. די דרײַ שטיגן, וואָס האָבן געפירט אַראָפּ, האָבן זיי איבערגעהיפּערט מיט שווונג און ווי אַרײַנגעפאַלן אין דעם קעלער־רעסטאָראַן. די שיין פונעם נאַפטלאָמפּ, וואָס איז געשטאַנען אין ווינקל אויפן טיש, דאָרט וווּ יושפאַ האָט געהאַט זײַן קיך, האָט אַ בלענד געטאָן זיי אין די אויגן. אונטן זענען זיי שטיין געבליבן. דער קעלער איז געווען אַ לאַנגער, שמאָלער חדר, וואָס האָט געהאַט נאָר דרײַ ווענט. דער פּאָל איז געווען אַ שטיינערנער, די סטעליע — אַ געוועלבטע און פייכטע. דער קאַלך אויפן געוועלב איז געווען גרין פון אַלטקייט. די געוועלב־ריפּן זענען געווען פונאַנדערגעלייגט, ווי צעשפּרייטע פליגלען בײַ אַ שפּאַרבער.

סאַמי האָט אַ שניף געטאָן מיט דער נאָז און זיך אַ טרייסל געטאָן, ווי ער זאָל זיך אָפּשאָקלען. „פו!" — האָט ער אַ וואָרטשע געטאָן, דערפילט די קעלער־טוכלעקייט. די קעלער־שטוב איז געווען אַן פענצטער.

בנימין און עזרא האָבן אים באַטראַכט.

בנימין האָט פאַרקריצט אַן אויג און סאַרקאַסטיש אַ זאָג געטאָן סאַמין: „אינטעליגענט!" סאַמי האָט אים נישט געענטפערט. ער האָט בכלל נישט פאַר־שטאַנען, אַז בנימין האָט געמיינט אים. בנימין איז צוגעגאַנגען צום טיש. סאַמי און עזרא זענען אים נאָכגעגאַנגען.

אַלע האָבן זיך אויסגעזעצט אויף דער באַנק. דאָס מעבל אין דער קעלער־שטוב איז געווען אַ לאַנגער טיש און אַ באַנק נעבן אים.

— מרחבה (שלום) — האָט אַ הייזעריקע האַלדז־שטימע אַ זאָג געטאָן.

די פּישער־ייִנגען האָבן זיך אומגעקוקט.

— עליכום! (עליכם) — האָט בנימין אַ שריי געטאָן. זיין פליישיק, קיילעכיק פּנים איז געוואָרן ערנסט.

ביים צווייטן עק טיש, אין ווינקל, איז געזעסן דער געבוקטער, אָפּגערוקט פון טיש. זיין איינגעבויגענע געשטאַלט האָט אים געשטערט זיצן ביים טיש.

עזרא האָט אָנגעקוקט דעם געבוקטן. זיין אויסגעצויגן פּנים איז נאָך לענגער געוואָרן, זיינע אויגן טרויעריק.

סאַמי האָט געשוויגן, געקוקט פאַר זיך. זיין קנאָכיק פּנים איז געווען שטאַר.

— איך בין הונגעריק! — האָט סאַמי פּלוצים אַ שריי געטאָן. זיין קול האָט אָפּגעהילכט אונטער די געוועלבן.

דער געבוקטער האָט אויסגעשטרעקט דעם קאָפּ. ער האָט ווידער אַמאָל אָנגעקוקט די יינגען, און פאַרזשמורעט די אויגן. זיי האָבן געגלאַנצט פון פרייד. ער האָט זיך אָנגעבויגן. זיין געשטאַלט האָט נאָך מער זיך געבוקט. „יושפּאַ! די יינגען זענען הונגעריק". זיין דיק, הייזעריק קול איז געווען ווייך.

יושפּא, דער קליינער, קיילעכיקער פאַרשוין, האָט זיך אַ ריר געטאָן, ווי אַ פּילקע זאָל זיך האָבן געקוילערט. אייליק איז ער אַוועק אין ווינקל. גייענדיק, האָבן זיינע כפכפים (הילצערנע סאַנדאַלן) געפּליאַסקעט זיינע פּיאַטעס.

די פישער־יינגען האָבן געוואַרט. עס איז געווען שטיל. עס האָט זיך נאָר געפילט דער טוכלער ריח, וואָס האָט אויסגעפילט די קעלערשטוב. ביים טישל אין ווינקל, ווו עס זענען זיך צונויפגעקומען די צוויי ווענט, האָט זיך געפּאָרעט יושפּא. אין דעם ווינקל זענען אויך געשטאַנען די אויסגעלאָשענע פּרימוסן, דער שטויס בלעכערנע טעלערס און די עטלעכע סלאָיען מיט געזאַצטע ירקות. יושפּא איז געשטאַנען, נאָר די הענט ביי אים האָבן געאַרבעט. זיינע באַוועגונגען זענען געווען קורצע און שנעלע, ווי ביי אַ מאַריאָנעטקע.

דער געבוקטער האָט אויסגעדרייט דעם קאָפּ צו די פישער־יינגען.

— ווי זעט אויס דער ים? — האָט ער זיי געפרעגט.

די פישער־יינגען האָבן אַראָפּגעלאָזט די קעפּ, אים נישט געענטפערט. אויך דער געבוקטער האָט געשוויגן. אַ ווײַלע שפּעטער האָט ער מיט אַ פינגער אַ קראַץ געטאָן זיך אונטערן אויער פון כעס. די טוכלעקייט אין קעלערשטוב איז געוואָרן נאָך געדיכטער. דער לאָמפּן־פלאָם האָט אַ צאַנק געטאָן.

יושפּא האָט זיך אַ וואַקל געטאָן און גענומען גיין. זיינע קורצע, פליישיקע הענט זענען געווען פאַרנומען. ער איז צוגעגאַנגען צום טיש און אַוועקגעשטעלט פאַר די יינגען אַ טיפע בלעכערנע שיסל מיט „חומוס" און אַוועקגעלייגט זיי אַ שטייסל „פּיתהס".

— סחתיין (מיט אַפּעטיט) — האָט דער געבוקטער זיי אַ זאָג געטאָן.

— תפדל (ביטע) — האָבן אַלע אינאיינעם אים געענטפערט.

דער געבוקטער האָט אַ שמייכל געטאָן און אַרויפגעלייגט זיך די האַנט אויפן האַרצן.

די יינגען האָבן זיך איבערגעבויגן איבערן טיש. זייערע אויסגעאַרבעטע

פינגער האָבן האַסטיק געריסן שטיקער פֿון די פּיתהס. מיט די שטיקער פּיתהס האָבן זיי אַרומגעווישט דעם חומוס אין דער שיסל. די שטילקייט אין קעלערשטוב איז געוואָרן אַ הייטערע. דער טוכלער ריח איז געוואָרן מילדער. מען האָט געהערט דעם קלאַנג פֿון דער גערוקטער איבערן טיש אַהין און צוריק שיסל און דאָס קלאַפּן פֿון די ציין, וואָס האָבן געביסן.

יושפּא האָט צעשטעלט די פּיס און פֿאַרלייגט די הענט אויף הינטן. זיין בויך האָט זיך אָנגעלענט אויפֿן ראַנד פֿון טיש. ער איז געשטאַנען און געקוקט מיט הנאָה ווי די ייִנגען עסן.

דער געבוקטער האָט זיך צוגערוקט צום טיש און אויף אים אָנגעשפּאַרט די עלנבויגנס. אויך ער האָט געקוקט ווי די ייִנגען עסן מיט אַפּעטיט.

פלוצים האָט אַ הילכיקע פֿרויען־שטימע אויסגעשריגן: „או—הו!"

די ייִנגען האָבן געגעסן ווייטער.

יושפּא און דער געבוקטער האָבן זיך אומגעקוקט.

ביים טיש איז געשטאַנען אַ הויכע, גוט געבויטע, יאָדערדיקע פֿרוי.

קיינער האָט נישט באַמערקט, ווען זי איז אַריין.

— שלום זילפּה! — האָט יושפּא איר געזאָגט און אַ קריץ געטאָן איר מיט אַן אויג. דאָס צווייטע אויג זיינס האָט שעלמיש אַ שמייכל געטאָן.

זילפּה האָט אים אָנגעקוקט און נישט געענטפֿערט. זי האָט פֿאַרקרימט די ליפּן. ער איז געווען איר דערווידער. זי האָט איבערגעשטעלט אַ פֿוס איבער דער באַנק און זיך צוגעזעצט צו די ייִנגען.

ערשט איצט האָבן די ייִנגען אויסגעדרייט די קעפּ, אָנגעקוקט זילפּהן, אָבער ווייטער געגעסן.

— אַה! — האָט זילפּה זיך אַ קוויק געטאָן. אירע אַקסלען האָבן אַ ציטער געטאָן. די טוכלע קעלער־וואַרעמקייט האָט איר אַרומגענומען. זילפּה האָט אויס־געשטרעקט איר האַנט, גענומען אַ שטיקל „פּיתה" און אַ וויש געטאָן דערמיט דעם „חומוס" אין דער שיסל. אויך זי איז געווען הונגעריק.

— כאַ־כאַ־כאַ — האָט זיך דערהערט אַ הייזעריק געלעכטער, ווי עס זאָל זיך ווער גאָרגלען. ביידע, יושפּא און דער געבוקטער, האָבן געלאַכט. יושפּא האָט געלאַכט אויפֿן קול. דער געבוקטער האָט פֿאַרגרינצלט ס'פּנים.

די לופֿט איז געוואָרן אַ געדיכטע. דער לאָמפּן־פֿלאַם האָט געצאַנקט. שאָטנס האָבן שפּאַצירט איבער די ווענט. יושפּא איז געשטאַנען און האָט באַטראַכט אַלע־מען. די אַרבל פֿון זיין האַקי־העמד זענען געווען פֿאַרשאַרצט, די אָדערן אויף זיינע הענט — אָנגעצויגן. ער האָט געשמייכלט, אָבער זיינע אויגן זענען געלאָפֿן נערוועז אַהין און צוריק אין זייערע אויגנלעכער..

דער געבוקטער איז די גאַנצע צייט געזעסן מיט אַן אויסגעשטרעקטן קאָפּ, געקוקט ווי די ייִנגען עסן. ער האָט געטראָגן אַ גרוי פֿלאַנעלן העמד. די אונ־טערשטע קנעפּלעך זענען געווען צעקנעפּלט, זיין בויך איז געווען נאַקעט. די צוגעלענטע טיר האָט זיך פּאַמעלעך געעפֿנט. אויף דער וואַנט, איבער די קעפּ פֿון

די עסערס, האָט זיך אַוועקגעשטעלט אַ פאַרמלאָזער שאָטן. יושפאַ, זעענדיק דעם שאָטן, האָט אויסגעדרייט דעם קאָפּ צו דער טיר. „זשאַקאָ!" — האָט יושפאַ אַ שריי געטאָן. זײַנע קלײנע אײגעלעך האָבן אַ שיקל געטאָן פון פרייד.

אויף דער ערשטער אין דער הויך שוועל איז געשטאַנען אַ נידעריקע, ברייט־ביייניקע, פליישיקע געשטאַלט. זשאַקאָ האָט אַראָפּגעקוקט אין קעלער און געשוויגן. אויך דער געבוקטער האָט אויסגעדרייט דעם קאָפּ צו דער טיר. ער האָט פאַר־זשמורעט אַן אויג. זיין וואָנסע האָט זיך אָנגעיאָזשעט.

די יינגען האָבן געגעסן ווייטער.

— קאַלט אין דרויסן! — האָט זשאַקאָ אַ זאָג געטאָן מיט זיין דיקער, מידער שטימע.

— דיר איז נישט קאַלט, דו דינסט, — האָט עזרא אים געענטפערט און געגעסן ווייטער.

— איך בין אַ פישער ווי דו — האָט זשאַקאָ אים אָפּגעענטפערט מיט זיין דיקער, האַרטער שטימע.

— דער פישער האָט ליב די פרייהייט, דערפאַר ליגט ער אויפן ים — האָט סאַמי אַ זאָג געטאָן זשאַקאָן.

זשאַקאָ איז אַראָפּגעגאַנגען מיט די שטיגן, געגאַנגען און זיך געהוידעט, ווי ער זאָל זיך קאָלערן. ווען ער איז צוגעקומען צו דער לעצטער שטיג, איז ער שטיין געבליבן. זיין קיילעכיקער קאָפּ האָט זיך אַרומגעקוקט. באַלד האָט ער אים אַ פאַרוואָרף געטאָן אויף הינטן און געזאָגט: „איך אַרבעט און נעם ביי קיינעם גאָרנישט!"

— זשאַקאָ! און אַז איך וועל דיר געבן? — האָט זילפּהה אים אַ פרעג געטאָן און אים פאַרקריצט אַן אויג.

זשאַקאָ האָט געעפנט ס׳מויל, ווי אַן אָפּגעשטאַנענער פיש. ער האָט פאַרריסן דעם קאָפּ און אָנגעקוקט זילפּהן. ער האָט נישט געוווסט, וואָס ער זאָל איר ענט־פערן. ער האָט אַוועקגעדרייט דעם קאָפּ, אַ קוק געטאָן אויף די יינגען, ווי געוואַרט, זיי זאָלן זיך פאַר אים איינשטעלן.

די יינגען האָבן געגעסן ווייטער, ווי עס זאָל גאָרנישט געשען.

— אַה! — האָט יושפאַ אָפּגעזיפצט אַ צופרידענער. זיין פליישיקער קאָפּ האָט זיך אַ טרייסל געטאָן.

איצט האָבן די יינגען אַוועקגעדרייט זייערע קעפּ פון דער שיסל, אָנגעקוקט זשאַקאָן. זייערע באַקן זענען געווען אויסגעדעמט, זיי האָבן געהאַט פולע מיילער. זייערע אויגן האָבן געשמייכלט. זיי האָבן זיך איינגעהאַלטן, נישט געלאַכט, זיך געהיטן, אַז דאָס עסן זאָל זיי נישט אַרויספאַלן פון די מיילער.

— נו! נו! לאָזט אים אָפּ — האָט דער געבוקטער געזאָגט, נאָר געמיינט האָט ער זילפּהן. אַ ווייליע שפּעטער האָט ער מיטביידע הענט אַ פאַרדריי געטאָן זיך די שפּיצן פון דער וואָנסע.

זשאַקאָ האָט אַ צעפּיר געטאָן זיינע הענט, ווי ער זאָל וועלן אויף וועמען זיך וואַרפן. אָבער ער האָט נאָר אַ ריטשע געטאָן ווי אַ שטומער: א—א—א!

אַלעמענס אויגן האָבן אויף אים געקוקט.

זשאַקאָ האָט אַ קריץ געטאָן מיט די ציין, ווי ער זאָל קרישלען שטיינער. ער האָט פאַרביילט די פויסטן און אַ שפּרונג געטאָן, ווי אַ מאַלפּע. די עטלעכע שטיגן איז ער איבערגעלאָפן מיט אימפּעט, געהאָלפן זיך מיט די הענט, ווי אויף אַלע פיר.

אָבער די טיר האָט ער געעפנט שטיל. נאָך שטילער האָט ער זי צוגעמאַכט הינטער זיך.

יושפּאס אייגעלעך האָבן געבליצט פון פרייד.

— אויף אַ פּישער! — האָט דער געבוקטער געזאָגט.

קיינער האָט אים נישט געענטפערט. די ייִנגען האָבן ווידער זיך איבערגעבויגן איבער דער שיסל. זייערע הענט האָבן רעגלמעסיק זיך באַוועגן פון דער שיסל צום מויל, פון מויל צו דער שיסל. יעדער האָט אויפגעפּאַסט, ער זאָל איינטינקען זיין שטיקל „פּיתה" אין חומוס, לויטן קאָן.

מיט אַ מאָל איז עזראס האַנט ליגן געבליבן אויפן טיש. ער האָט אַ קוק געטאָן מיט איין אויג פון אונטערן שטערן אַפיר.

— זילפּה, איך גיב דיר מיין קאָן!

די הויט אַרום זילפּהס אויגן איז געגרינצלט געוואָרן. אירע דיקע ליפּן זענען געבליבן אָפן אַ ווײַלע. זי האָט אויסגעשטרעקט די האַנט און מיט דעם שטיקל „פּיתה" נאָך אַ מאָל אַרומגעווישט דעם חומוס פון דער שיסל.

עזרא האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן. „נישט געווען היינט קיין בעלנים?" האָט ער זי געפרעגט. זיין אויסגעצויגן פּנים איז נאָך לענגער געוואָרן.

— כאַ־כאַ־כאַ! — האָט יושפּא זיך צעלאַכט אויפן קול און איינגעקלאַפּט זיך די הענט.

די ייִנגען האָבן אויפגעהערט קייען. זיי זענען זיצן געבליבן מיט אויסגעשטרעקטע קעפּ און אויסגעגלאָצטע אויגן.

זילפּה האָט פאַרוואָרפן דעם קאָפּ. אירע אונטערגעשוירענע קאַשטאַן־האָר האָבן זיך צעשאָטן ווי אַ פונאַנדערגעלייגטער פעכער. אירע גרויסע אויגן זענען געוואָרן גלאָזיק, איר פּנים שטאַר. זי האָט פאַרצויגן די ליפּן און געזאָגט: „אויף דער רויטער זילפּה וועלן נאָך לאַנג זיין בעלנים!" ווען זי האָט געענדיקט רעדן, איז איר אויבערשטע ליפּ געבליבן פאַרשאַרצט.

דער געבוקטער האָט מיט צוויי פינגער אַ ציפּ געטאָן זיינס אַ שפּיץ וואָנסע.

— איי! נקבה! — האָט יושפּא אַ זאָג געטאָן. ער האָט זיך אָנגעלענט אין דער וואַנט און זי אָנגעקוקט פון אויבן אַראָפּ.

זילפּה האָט מיט איין אויג אַ קוק געטאָן פון דער זייט אויף יושפּאן און איר אָרעם אַריבערגעלייגט איבער סאַמיס אַקסל.

סאַמי האָט דערפילט די יאָדערקייט פון איר בוזעם. ער האָט אַריינגעלייגט איר

אין מויל דעם ביסן, וואָס ער האָט געהאַלטן אין האַנט, און מיט דער צווייטער — זי אַרומגענומען.

זילפּה האָט זיך צו אים צוגעטוליעט. אירע פלײשיקע ברוסטן האָבן זיך צונויפּ־געפּרעסט. זיי האָבן אויסגעפּילט איר דעקאָלט, ווי זיי זאָלן אָט־אָט זיך אַרויסגליטשן פון דאָרט.

יושפא האָט נערוועז אַ רייב געטאָן זיך די נאָז, ווי זי זאָל אים סוועגדזשען און געזאָגט: „חברה, ענדיקט עסן!" גערעדט האָט ער שנעל, ווי ער זאָל שלינגען די ווערטער.

— נישטאָ וואָס צו ענדיקן — האָט בנימין אים געענטפערט. אָבער מיט דעם לעצטן ביסן „פּיתה" נאָך אַ וויש געטאָן דעם ראַנד פון דער לײדיקער שוין שיסל, געעפנט ס׳מויל און אַרײנגעוואָרפן זיך דעם לעצטן ביסן.

עזרא האָט אַ קוק געטאָן אין דער שיסל און געזאָגט: „יאָ!" פּאַמעלעך האָט ער אויסגעדרייט דעם קאָפּ און זיינע גרויסע, איצט פאַרגלייזטע אויגן האָבן שטאַר אָנגעקוקט זילפּהן.

זילפּה האָט אים אָנגעקוקט.

אַ ווײלע האָט איינער באַטראַכט דעם אַנדערן.

זילפּה האָט אַראָפּגענומען די האַנט פון סאַמין, זיך אויפגעשטעלט און אַוועק פון טיש.

די אויגן פון די ייִנגען זענען איר נאָכגעגאַנגען.

זילפּה איז שטיין געבליבן פון דער זייט טיש. זי האָט אויפגעהויבן די אָרעמס און אויסגערעגט איר קערפּער. אירע היפּטן זענען געוואָרן בולט.

די אויגן פון די מענער זענען געוואָרן גלײזיק, זייערע פּנימער — לענגער, די ליפּן איינגעצויגן.

דער געבוקטער האָט אַ קוק געטאָן זיך אויפן בויך און פאַרקנעפּלט זיך די קנעפּלעך פון העמד.

סאַמי איז געזעסן מיטן רוקן צו זילפּהן. ער האָט געקוקט אויף עזראן. זיינע אויגן זענען געווען שטאַר. זיינע קינבאַקן — בולט. פּלוצים איז ער אויפגעשפּרונגען, אַ שטעל געטאָן אַ פוס אויף דער באַנק און איז אַריבערגעשפּרונגען.

ער איז שטיין געבליבן זילפּהן אַנטקעגן.

די מענער האָבן איינגעהאַלטן זייער אָטעם.

סאַמי און זילפּה זענען געשטאַנען זיך אַנטקעגן, זיך באַטראַכט. זייערע אויגן האָבן געגליט, זיינע אויגן זענען געווען פאַרזשמורעט, אירע — אויפגעריסן. סאַמיס נאָזלעכער האָבן געפלאַטערט. איר נאָז איז איינגעשרומפּן. פּלוצים האָט סאַמי אויסגעשטרעקט אַ האַנט און אָנגעכאַפּט זילפּהס ציץ.

— אַה! — האָט זילפּה אַ שריי געטאָן פון ווייטיק.

עזראס אויגן זענען געוואָרן פייכט. זיין בליק האָט געגליט. רציחה האָט אַרויס־געקוקט פון זיינע אויגן. ער האָט אָנגעקוקט סאַמין און זיינע אויגן זענען קליין געוואָרן. זיין אונטערשטע ליפּ האָט געציטערט.

זילפּה האָט זיך אָנגעבויגן, אַ דריי געטאָן אויפן קלעצל, זיך באַפרייט פון סאַמיס האַנט.

— פו! — האָט זי אַ קוויטש געטאָן, טיף אָפּגעאָטעמט און שטיין געבליבן אַן אומבאַהאָלפענע. דאָס קלייד אויף איר איז געווען פאַרדרייט. זי האָט זיך אַרומגעקוקט, אָנגעקוקט די מענער. מיט דער צונג אַרומגעווישט זיך די טרוקענע ליפּן און גלייך געמאַכט אויף זיך איר געשטריקט, גרינלעך קלייד.

סאַמי האָט ווידעראַמאָל אויסגעשטרעקט די האַנט. ער האָט זי אַרומגענומען אין דער טאַליע און זי געצויגן צו זיך.

זילפּה האָט זיך אויף אים אָנגעלענט.

סאַמי האָט זי אונטערגעהויבן, געשטעלט אַ טריט און זי אַ צי געטאָן צום אַרויסגאַנג.

זי איז אים נאָכגעגאַנגען.

עזרא האָט זיך אַ וויג געטאָן. זיין אויבערשטע טייל קערפּער האָט זיך איבערגעבויגן, ווי ער זאָל וועלן אַ שפּרונג טאָן איבערן טיש אַריבער.

בנימין פון איין זייט און יושפּא פון דער צווייטער זייט האָבן אים אַ כאַפּ געטאָן פאַר די אַקסלען. עזרא איז זיצן געבליבן. זיינע אויגן זענען געוואָרן מאַט, אויסגעלאָשן.

דער תאווה־געראַנגל איז רוי הענגען געבליבן אונטער די קעלער־געוועלבן. דער טוכלער ריח איז איצט געווען נאָך דעמפּיקער. די שטילקייט איז ווי געלעגן אויף די קעפּ פון די מענטשן.

יושפּאס אויסגעגלאָצטע אויגן האָבן באַטראַכט די ייִנגען.

דער געבוקטער האָט אַראָפּגעקוקט.

בנימין און עזרא האָבן געקוקט פאַר זיך, געשעמט זיך אָנצוקוקן. עזרא האָט אויסגעשטרעקט דעם קאָפּ און אַ קריץ געטאָן מיט די ציין. זיינע קינבאַקן זענען געוואָרן בולט.

— קום! — האָט ער אַ זאָג געטאָן, ווי אַדורכגעשטופּט דאָס וואָרט דורך די ציין. פון אָנשטרענגונג זענען די אָדערן אויף זיין האַלדז געוואָרן אָנגעצויגן. פּאַמעלעך, ווי עס זאָל אים שווער זיין אונטערהויבן זיין קערפּער, האָט ער זיך אויפגעשטעלט און אַוועק צו דער טיר. ער האָט די פיס געשטעלט פון אויבן אַראָפּ.

בנימין האָט זיך אויך אויפגעשטעלט און געקוקט אַראָפּ. ער האָט אַריינגערוקט צוויי פינגער אין הויז־טעשל און באַלד אַריינגעוואָרפן עטלעכע ניקלנע מטבעות אין דער אויסגעליידיקטער שיסל. זיין פּנים איז געווען שטאַר און ווי אַ געליימטער איז ער געגאַנגען צו דער טיר.

דער געבוקטער האָט זיך אַוועקגערוקט פונעם אָרט, ווו ער איז געזעסן. ער האָט פאַרריסן דעם קאָפּ, וויפל ער האָט נאָר געקענט צוליב זיין פּלייצע. זיינע אויסגעשראָקענע אויגן האָבן געבלאָנדזשעט איבערן קעלער. זיינע אויגן זענען געווען גרויס, פול פּחד.

יושפּא האָט גענומען די שיסל אין האַנט. די מטבעות, וואָס זענען געלעגן אין

איר, האָט ער זיך אַריינגעוואָרפן אין דער צווייטער אונטערגעשטעלטער האַנט. די זשמעניע געלט האָט ער אַריינגעלאָזט אין דער הויזן־טאַש. די פּאַלנדיקע מטבעות האָבן געקלונגען. די שיסל האָט ער צוריק אַוועקגעשטעלט אויפן טיש. די געבליבענע אויפן טיש ברעקלעך עסן האָט ער צונויפגעשאַרט מיט דער האַנט.

דער געבוקטער האָט ווידער אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ.

בנימין האָט אונטערגעיאָגט עזראַן. זיי זענען געגאַנגען איינער הינטער דעם אַנדערן און געשוויגן. ווען זיי זענען צוגעקומען צו אַ ראָג פון אַ גאַס, וואָס איז געווען ברייטער, ווי דאָס געסל, אין וועלכן זיי זענען געגאַנגען, זענען זיי שטיין געבליבן. אַ ווײַלע זענען זיי געשטאַנען זיך אַנטקעגן, ווי זיי זאָלן וועלן זיך זען אין דער פינצטער. מיט אַ מאָל, ווי זיי זאָלן זיך האָבן געגעבן אַ צייכן, האָבן זיי זיך אויסגעדרייט און גענומען גיין, יעדער אין זיין ריכטונג. זיי זענען זיך פונאַנדערגעגאַנגען, אָן צו זאָגן זיך אַפילו „אַ גוטע נאַכט״.

די געדיכטע נאַכט־פינצטערניש איז געווען קאַלט און פייכט. די גאַסן אין דער סביבה — ליידיק.

# ד

די נאַכט־פינצטערניש איז כסדר שיטערער געוואָרן. דער הימל איז אויך געווען גרוי. אויפן ווייטן האָריזאָנט אין דרום, וווּ דער ים מיטן הימל האָבן זיך געטראָפן, איז דער הימל געווען שוין העל. דאָרט איז די מאָרגנשיין שוין אויפגעגאַנגען. די שיין איבערן ים איז געווען אַ גרינלעכע, די וואַסערן — דורכזיכטיק. דער אויפגייענדער מאָרגן האָט פּאַמעלעך פונאַנדערגעטריבן דעם נאַכט־נעפּל. די בערג־שפּיצן אין דער ווייטנס האָבן זיך באַוויזן. די קאָנטורן פון די שטאָט־הייזער זענען געוואָרן בולט. אַ מענטשלעך אויג האָט שוין אונטערשיידן סילועטן.

דער ים האָט כסדר געשטורעמט. דער לינקער, פלאַכער ברעג איז געווען רויִקער. די זייט ברעג איז געווען פלאַך. דער זאַמד דאָ האָט זיך געצויגן טיף אין ים אַריין. די אַרויסגעשווומענע פון דער ים־טיף כוואַליעס האָבן זיך אָנגעשלאָגן, צעקלאַפּט. די צעהאַקטע כוואַליעס זענען געלאָפן. איינע האָט געיאָגט די אַנדערע און אין געיעג זיך געשוימט. די שוים איז געווען ווייס. די אָנגעלאָפענע אויף דער ברעג־פלאַך כוואַליעס האָבן זיך געשוימט, געשטאַפּלט ווי אַ שטיגן־גאַנג און זיך צעגאָסן. דער זאַמד אויפן ברעג איז געווען אויסגעוואַשן. דאָ אַהער זענען די פישער־שיפלעך נישט דערשווומען. דער זאַמד האָט זיי נישט צוגעלאָזט.

דער לאַנגפיסיקער אֶלי איז געשטאַנען אַ נאַקעטער. ער האָט געהאַט אויף זיך נאָר שווימהייזלעך. זיינע פינגער פון דער רעכטער, איינגעבויגענער אין עלנבויגן האַנט האָבן געהאַלטן אַ פאָדעם. ער האָט געקוקט אויפן ים. פון מאָל צו מאָל האָט ער לייכט אַ צי געטאָן דעם פאָדעם. פלוצים האָט דער פאָדעם האַסטיק אַ צי געטאָן

זיין האַנט. זיינע צוויי הענט האָבן אייליק זיך באַוועגט, געשיקט געצויגן צו זיך דעם ניילאָן־פּאָדעם פון זיין ווענטקע. זיין לענגלעך, אָוואַל, מאַט פּנים איז געבליבן פּאַרגליווערט. די הערלעך פון זיין אויסראַזירט וואָנסעלע האָבן אַ גלאַנץ געטאָן. אויפן האָקן איז געהאָנגען אַ גרויסע „בורע" מיט אַ צעריסענעם פּיסק. אלי האָט דעם פיש אַראָפּגענומען פון האָקן און אים אַריינגעוואָרפן אין קויש, וואָס איז גע־שטאַנען דערנעבן. אלי האָט זיך איינגעבויגן. געוואָלט אַרויסנעמען אַ וואָרעם. די בלעכערנע פּושקע איז געווען ליידיק. אלי האָט זיך צוריק אויסגעגליכן. ער האָט ווידער אַ מאָל אַ קוק געטאָן אויפן ים. די צעשוימטע, פונאַנדערגעגאָסענע כוואַליעס זענען געלאָפן צום ברעג. זיי האָבן געשווענקט דעם ברעג און אליס פיס. זיינע צעשפּרייטע פון גיין סטאָפּעס זענען געווען אויסגעווייקט. אלי האָט אַראָפּ־געלאָזט די הענט. ער האָט פאַרזשמורעט די אויגן און זיך איינגעקוקט אין דער ווייט, אינעם האָריזאָנט איבערן ים. אַ ווילע שפּעטער האָט זיין רעכטער אַקסל זיך אַ טרייסל געטאָן: ער האָט זיך אַ דריי געטאָן אויף דער לינקער פּיאַטע און איז אַוועק צום קויש.

זיין לענגלעכער, פירקאַנטיקער קויש איז געווען דריי פּערטל פול. זיין אויפגעפרישט פון די ים־ווינטן פּנים איז געווען מילדער. ער האָט אַריינגעשטעקט די האַנט אין קויש. עטלעכע זילבערנע „בורעס" מיט ווייסע בייכער און אַ גלאַט בלוי־פּיאָלעטע „פּאַלאַמידע" מיט אַ פלאַטשיקן, צעשפּרייטן ווידל, האָבן זיך אַראָפּגעגליטשט פון זיין האַנט. אלי האָט פאַרמאַכט דעם קויש. מיט דער זעלבער האַנט, מיט וועלכער ער האָט אָנגעטאַפּט די פיש, האָט ער זיך צוגעגלעט זיינע רויטע, צעשויבערטע האָר. אלי האָט זיך אָנגעבויגן, האָט אויפגעהויבן זיינע בגדים, אָנגעטאָן די האַקי־הויזן און דאָס קורצע, ווייסע העמדל. די מלבושים האָבן זיך צוגעקלעפּט צו זיין נאַסן קערפּער. דאָס העמדל האָט זיך נישט פאַרקנעפּלט. זיין ברוינער, נאַסער ברוסטקאַסטן האָט געגלאַנצט.

אלי האָט די ווענטקע איינגעוויקלט אין אַ טונקל טיכל, פאַרזיכטיק זי אַריינ־געלייגט אין אַ הויזנטאַש, גענומען דעם קויש אויפן אַקסל און גענומען גיין. ער איז געגאַנגען און זיך אונטערגעברומט. אויפן נאַסן זאַמד זענען איבערגעבליבן זיינע פּיס־אָפּדרוקן, וואָס האָבן ווי פונאַנדערגעטיילט דעם זאַמדיקן ברעג.

אלי האָט געשפּאַנט. יעדער טריט האָט אים דערנענטערט צו דער שטאָט. די גרענעץ צווישן דער שטאָט און דעם ים זענען געווען די הייזלעך. די לעצטע פון זיי זענען געשטאַנען אויפן ברעג. אינעם דורכגאַנג פון די צוויי ערשטע הייזלעך האָט אלי זיך פאַרהאַלטן. ער האָט אַ שנופּ געטאָן מיט דער נאָז. די שווערע געסל־לופט האָט אים פאַרכאַפּט דעם אָטעם. אלי האָט אַראָפּגענומען זיך דעם קויש פון אַקסל און אָפּגעאָטעמט. ער האָט זיך איינגעקוקט אינעם געסל, וואָס איז געלעגן אויסגעצויגן פאַר אים. די שיפּע דעכער אויף די קרומע ווענט פון די צונויפגע־דריקטע הייזלעך האָבן פון ווייטנס אויסגעזען ווי קעסטלעך. אלי האָט גענומען דעם קויש אונטערן אָרעם און געגאַנגען ווייטער. דער הימל איבער די הייזלעך איז געווען העל. די זון האָט אויסגעזען ווי אַ שיין, וואָס האָט זיך אַריינבאַקומען אין אַן

אויפגעפּראַלטער קאַמער. די ווענט פון די הייזער זענען געווען געקאַלכט. די קליינע פענצטער און די שמאָלע טירן זענען געווען פאַרמאַכט. דאָס טאָגליכט האָט געטריקנט די נאַכט־פייכטקייט.

אַ פלײשיקע פרוי מיט אַ שוואַרץ צעשויבערטן קאָפּ האָט זיך אַרומגעקוקט איבער דער סביבה און אײליק אויסגעגאָסן אַ פּאָמעשאַף אין רינשטאָק. אַ קינד אין אַ קורץ העמדל מיט אַ נאַקעטן הינטן האָט פון אַ שטיג אַראָפּ געמאַכט אַ בויגן. דער לאָמער זכריה מיט זיין ברייט קנאָכיק פּנים און אַ צעשניטענער גאָמבע האָט אין ראַג גאַס געשטופּט אַ קינדער־וועגעלע. די רעדלעך פונעם וועגעלע האָבן געסקריפּעט פון אַלטקייט. זכריה האָט מיט זיין אַלט, דיק קול אויסגערופן: „חובוז, חובוז". (ברויט). די טירן פון די שפּייז־קרעמלעך זענען געווען האַלב אָפן. די שמאָלע, צונויפגעדריקטע געסלעך האָבן נאָך געדרימלט. די נידעריקע, שמאָלע הייזלעך זענען געשטאַנען צונויפגעדריקט, ווי זיי זאָלן נישט וועלן אַדורכלאָזן דעם טאָג.

אלי האָט געשפּרייזט בנעימותדיק, אַ טריט נאָך אַ טריט. פון מאָל צו מאָל האָט זיין באָרוועסער פוס אַ פלאַסקע געטאָן אַ פלאַכן ברוקשטיין.

— מרחבה! (שלום) — האָט זכריה דער ערשטער געזאָגט אלין, פאַרבייגייענדיק אים און געוואָלט זיך אָפּשטעלן. אלי האָט אים אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און געגאַנגען ווייטער. ער איז געגאַנגען דורך די געסלעך, ווי ער זאָל זיך שטופּן דורך דער ענגקייט. ער איז געגאַנגען פון איין געסל אין אַנדערן, ווי אָן אַ ציל. די לופט אין די געסלעך איז געווען אַ געפּרעסטע. אלי איז געגאַנגען אין מאַרק אַריין פאַר־קויפן די פיש. ער איז געגאַנגען מיט די געסלעך, וואָס האָבן געפירט צום פלעצל, וואָס איז געלעגן נישט ווייט פון מאַרק. אויף דעם פלעצל האָבן זיך צונויפגעטראָפן דריי געסלעך.

אויפן פלעצל איז אלי שטיין געבליבן און זיך אַרומגעקוקט. ער איז געווען אויסגעשראָקן. ער האָט זיך אונטערגעהויבן אויף די שפּיץ פינגער, אָן איבער־געבויגענער, ווי ער זאָל זיך גרייטן אַ שפּרונג צו טאָן. זיינע פאַרגלייזטע וואַסער־אויגן האָבן געקוקט אויף איין פונקט. ער האָט געקוקט אין דעם פענצטער וואָס האָט זיך געפונען אין אַ נידעריק, איינשטאָקיק הילצערן הויז. דאָס משופּעדיקע פירהענגל מיטן גרויען טופּ איז געווען פאַרדוקט איבערן פענצטער. די ברעטער־ווענט זענען געווען נאָך פייכט פון דעם נאַכט־טוי. אין דער געגנט איז געווען שטיל. אלי איז געשטאַנען אָן אָנגעשטרענגטער, גרייט אַ שפּרונג צו טאָן. זיינע ליפּן האָבן געמורמלט: „רחל! זי איז אַוודאי נאָך נישט געקומען" האָט ער נאָך שטילער זיך געזאָגט. ער האָט אַ שפּרונג געטאָן, מיט אימפּעט אַריין אין געסל לינקס, געאײלט אין מאַרק אַריין.

דער מאַרק איז געווען אַ קליין, קײלעכיק, נישט ברוקירט פלעצל. צווײ זיך אַנטקעגן־ליגנדע געסלעך האָבן דעם מאַרק ווי האַלבירט. עטלעכע איבערגעדעקטע מיט זעק סטראַגאַנעס איז געווען דער מאַרק־באַשטאַנד. דאָס איז געווען דער ירקות־מאַרק פאַר די איינוווינער פון די געסלעך. די מאַרקשטייער זענען שוין

געשטאַנען יעדערער ביי זיין סטראַגאַן. אויף די טישן זענען געלעגן: הייפטן קרויט, לאַנגע, דיקע מייערן און גרויסע פליישיקע ציבל. די מאַרקשטייער זענען געשטאַנען מיט פאַרשאַרצטע אַרבל, געוואַרט אויף קונים. אויף פונאַנדער־געשפרייטע אויף דער ערד זעק זענען געלעגן הורמעס מאַראַנצן. ביי עטלעכע טישלעך זענען געשטאַנען קליינע זעקלעך מיט רויטן, טרוקענעם פעפער און עס זענען געלעגן בינטן קנאָבל. ווו נישט ווו איז ביי אַ טיש געשטאַנען אַ האַלב זעקל פיסטאַשקעס.

אלי האָט זיך אָפּגעזוכט אַ ווינקל ביי אַ סטראַגאַן און אַוועקגעשטעלט דעם קויש פיש ביי זיינע פיס. ער האָט אַריינגעטאָן די האַנט אין דער הויזנטאַש און אַרויסגענומען אַ בלעכן פושקעלע. ער האָט פאַררויכערט אַ סיגאַרעט און אין זיך פאַרצויגן. אַ קנויל רויך האָט פאַרדעקט זיין פנים און מיט צוויי פינגער האָט ער אַ שנעל געטאָן דאָס שוועבעלע, אַוועקגעוואָרפן עס. ער האָט אַריינגעלייגט צוריק אין דער טאַש דאָס פושקעלע און אַראָפּגעזעצט זיך אויף די קני. ער האָט אַ קוק געטאָן אויף די פיש, וואָס זענען געווען שוין טויט, אָבער זייערע אָפענע אויגן האָבן אים אָנגעקוקט. ער האָט אַ טרייסל געטאָן דעם קויש, ווי ער זאָל נישט וועלן זען ווי די פיש קוקן אויף אים. די פיש האָבן זיך אַ צאַפּל געטאָן.

אלי האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן, זיי געזשמורעט און פון מאָל צו מאָל אַ ציי געטאָן פון דעם סיגאַרעט, וואָס האָט געשטעקט אין זיין מויל. זיין אונטערשטע ליפּ איז געווען אַראָפּגעלאָזט. ער האָט געזאַפּט אין זיך דעם ריח פון די פיש און דעם פאַרברענטן טאַבאַק. ער איז אויך געבליבן זיצן אויף זיינע קני נאָך דעם, ווען ער האָט געענדיקט רויכערן.

ווען די פליישיקע יידענע האָט זיך צו אים געוואַנדן, אים געפרעגט: „אַדעש?" (וויפל) האָט ער כמעט געדרימלט.

— וואָס? — האָט ער זי איבערגעפרעגט, נישט פאַרשטאַנען, וואָס זי וויל.

— כולו (אַלץ) — האָט די יידענע אים געענטפערט און געוויזן מיט דער האַנט די פיש.

אלי האָט אַ קוק געטאָן אויף דער יידענע, דערנאָך אויף די פיש, אָפּגעשאַצט די סחורה און אַ זאָג געטאָן איר: — עשרה (צען).

— מ׳ג׳נון (משוגענער)! — האָט די פליישיקע יידענע אים געענטפערט און געגאַנגען ווייטער.

אלי האָט ווידער אַ טרייסל געטאָן דעם קויש, ווי ער זאָל וועלן אויפמונטערן די שוין אָפּגעלעגענע פיש.

— איהו!

אלי האָט פאַרריסן דעם קאָפּ.

נעבן אים איז געשטאַנען זשאַקאָ. ער האָט דאָס געשריגן. דאָס איז געווען זיין „שלום". זשאַקאָס טיף איינגעזעצטע אין פנים אייגעלעך זענען געווען כמעט פאַר־מאַכט, זיין פליישיק פנים, שטאַר. זיינע גרויסע אויערן זענען אָפּגעשטאַנען. ער האָט געקוקט אויף די פיש. אלי האָט געשוויגן.

אַ ווײַלע שפּעטער האָט זשאַקאָ זיך אַוועקגערוקט אין אַ זײַט. ער האָט פונאַנ־דערגעקנעפּלט זײַן אָפּגעטראָגענע שוין מאַרינאַרקע און אַרײַנגעשטופּט אין טאַש דאָס שטיק ברויט, וואָס האָט אַרויסגעשטעקט.

אַ נידעריקער, דאַרער ייִד איז שטיין געבליבן אַלײן אַנטקעגן. דער ייִד האָט געטראָגן אַ לאַנגע, שוואַרצע זשיפּיצע מיט אַן אויפגעשטעלטן קאָלנער און אַ שוואַרצע, סאַמעטענע פּעסקע אויפן קאָפּ. זײַנע דיקע ברעמען זענען געווען גרוי. ער האָט זיך אַראָפּגעבויגן, פונאַנדערגעשפּרייט אויף דער ערד אַ טיכל, זיך אָפּגע־קליבן עטלעכע פיש, זיי אַוועקגעלייגט אויפן טיכל, אָן צו זאָגן אַ וואָרט.

זשאַקאָ האָט געקוקט, וואָס דער ייִד טוט.

דער ייִד האָט אָפּגעציילט פינף פיש און אַ קוק געטאָן אויף אַלין.

— פינף פונט — האָט אַלי אים געזאָגט.

— דריי — האָט דער ייִד אים געענטפערט מיט זײַן דיק, שוואַך קול.

אַלי האָט פאַרקריצט אַן אויג. דאָס אויגנלעפּל האָט זיך אים אַראָפּגעלאָזט און איבערגעדעקט ס'אויג. ער האָט אָפּגעוואַרט, אים געזאָגט: „גוט!"

דער ייִד האָט זיך ווידער אַראָפּגעבויגן, צונויפגענומען די פיר טיכל־עקן מיט די פיש אינעווייניק און זיך אויסגעגליכן. ער האָט אַרײַנגעטאָן די האַנט אין דער הויזנטאַש, אַרויסגענומען די דריי פונט, וואָס ער האָט געהאַט זיך צוגעגרייט און זיי דערלאַנגט אַלין.

אַליס אויסגעווייקטע פינגער האָבן צוגענומען דאָס געלט.

דער ייִד איז אַוועק, אָן צו זאָגן „שלום". ער איז געגאַנגען פּאַמעלעך ווי אַ שאָטן, וואָס רוקט זיך אָפּ.

אַלי האָט זיך אויפגעשטעלט, דאָס געלט אַרײַנגעלייגט זיך אין דער העמדנטאַש. זשאַקאָ האָט באַטראַכט אַלין, אים ווי אָפּגעמאָסטן פון אויבן אַראָפּ.

אַלי איז געווען הויך און שלאַנק, נישט אַזוי ווי זשאַקאָ, נידעריק, ברייט־פּלייציק. זשאַקאָ האָט צעשטעלט די פיס און געזאָגט אַלין „ספּאַרטלער!". אַלי האָט אַ קוק געטאָן אויף אים פון אונטערן שטערן — זײַנע אויגן האָבן געשמייכלט.

זשאַקאָ האָט פאַרביילט אַ פויסט, זי צוגעלייגט צום מויל און אַ בלאָז געטאָן אין דער פויסט אַרײַן, ווי ער זאָל בלאָזן שופר. ער האָט אויסגעלאַכט אַלין. אַליס פּנים איז געוואָרן ערנסט, זײַנע גרויסע אויגן, שטאַר. זשאַקאָ האָט אַ שליידער געטאָן זײַנע אַקסלען פאָרויס, זיך אויסגעדרייט און אַוועק ווייטער. אַלי האָט ווידער אַ מאָל אַרויסגענומען דאָס בלעכענע פּושקעלע פון דער טאַש און פאַר־רויכערט.

זשאַקאָ איז געגאַנגען און זיך אומגעקוקט, ווי ער זאָל וועמען זוכן. אַ גאַנצן פרימאָרגן האָט ער זיך געשלייכט איבער די געסלעך, נישט געוואָלט בלייבן אין שטוב מיט דער משפּחה. ווינטער, ווען דער ים שטורעמט, האָט זיך אים אויס־געדאַכט, אַז ער עסט „לחם חסד". ער האָט זיך געשלייכט איבער די געסלעך און געריסן פון טאַש אַרויס שטיקער ברויט, געגעסן גייענדיק.

זשאַקאָ איז אַפּירגעקומען פון צווישן די סטראַגאַנעס. ער איז אָפּגעגאַנגען

עטלעכע טריט און שטיין געבליבן, ווי ער זאָל זיך איבערלייגן, וווּ אַהין ער זאָל גיין. אים אַנטקעגן איז פאַראַן דאָס געסל, וואָס פירט אין דער שכונה אַריין. זשאַקאָ האָט אויסגעשטרעקט אַ פוס, געוואָלט גיין ווייטער. ער האָט אָבער נאָר באַוויזן אונטערציִען דעם צווייטן פוס און ער איז שטיין געבליבן. ער האָט אויסגעשטרעקט דעם קאָפּ, ווי אַ שפּיר־הונט, פאַרזשמורעט די אייגעלעך, וואָס זענען נאָך קלענער געוואָרן. פונעם געסל אַנטקעגן איז אָנגעקומען עזרא.

עזראס העמד איז געווען צעכראַסטעט. די נאָגאַוויצעס זיינע זענען געווען אַריינגעלאָזט אין די סקאָרפּעטן. די סקאָרפּעטן האָבן אַרויסגעשטאָרט פון זיינע זעלבערישע שיך ווי צוויי שקאָרמיצן. ער איז געגאַנגען שנעל, זיך געהוידעט און זיך אומגעקוקט אין אַלע זייטן, ווי ער זאָל וועמען זוכן. זיין פּנים איז געווען נישט ראַזירט. זיין קנאָכיק, לענגלעך פּנים איז געווען האַרב.

ווען עזרא מיט זשאַקאָן האָבן זיך געטראָפן, האָבן זיי זיך אָנגעקוקט און געשוויגן.

עזרא איז געגאַנגען ווייטער. זשאַקאָ איז אים נאָכגעגאַנגען. זיי זענען געגאַנגען אין דער ריכטונג וווּ אלי איז געשטאַנען.

מיט אַ מאָל איז עזרא געבליבן שטיין. ער האָט פאַרביילט די פויסטן און דערלאַנגט זיך אין קאָפּ. ער האָט אויסגעשטרעקט דעם קאָפּ און אַ קריץ געטאָן מיט די ציין. זיין פּרצוף איז געווען רויט. זיינע צעשפּרייטע נאָזלעכער און די צעשויבערטע האָר האָבן געשוויצט.

זילפּה איז אַפּירגעקראָכן פון אונטער אַ סטראַגאַן.

עזרא איז צו איר צוגעשפּרונגען. זיין לינקע האַנט האָט אָנגעכאַפּט אירע האָר. מיט כּוח און רציחה האָט ער זיי אַ צי געטאָן אויף הינטן, איר פאַרריסן דעם קאָפּ אין דער הויך. זיינע גליִענדע מיט רציחה אויגן האָבן זי אָנגעקוקט. אַ רגע שפּעטער האָט זיין רעכטע האַנט איר דערלאַנגט אַ פּליאַסק.

— אַהה! — האָט זילפּה יאָמערלעך זיך צעשריגן.

זשאַקאָס פּנים איז געוואָרן פאַרגליווערט און טעמפּ.

— עה! עה! וואָס טוסטו?! — האָבן עטלעכע מאַרק־הענדלער געשריגן.

אלי האָט דערהערט דאָס גערודער. ער האָט אויסגעשטרעקט דעם קאָפּ, געקוקט נייגעריק, אַריבערגעקוקט איבער די סטראַגאַנעס. אַ ווײַלע שפּעטער האָט ער צוריק אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ, נישט געזען, וואָס עס קומט פאָר.

עזרא איז געשטאַנען מיט אַן אָפן מויל און געסאַפּעט, געזשמורעט די אויגן און באַטראַכט די מענטשן אַרום.

עטלעכע אָנגעקומענע ווייבער — קונים, זענען שטיין געבליבן. זיי האָבן באַטראַכט אים און זילפּהן.

זילפּהס קורצע נאָז איז געווען רויט, האָט אויסגעזען ווי צוגעפּלאַטשט. אירע דיקע ליפּן זענען געווען אָנגעשוואָלן און צעבלוטיקט. איר הויכע, קאָרפּולענטע געשטאַלט איז איצט קליין געווען. זי איז געשטאַנען מיט אַן אויסגעשטרעקטן קאָפּ, אירע אויפגעריסענע אויגן האָבן דערשראָקן געקוקט אויף די ווייבער.

עזראס האַנט, וואָס האָט געצויגן זילפּהס האָר, האָט זיך נאָכגעגעבן.
זילפּה האָט אַ שאַרפע געטאָן איר קאָפּ, אַרויסגעריסן אירע האָר פון עזראס האַנט און אַ לאָז געטאָן זיך לויפן.
זשאַקאָ, וואָס איז געשטאַנען אין דער זייט, האָט אונטערגעשטעלט איר אַ פוס. זילפּה איז אומגעפאַלן, ליגן געבליבן מיט דער פּלייצע אַרויף, דאָס קלייד פאַרשאַרצט. פון אירע פליישיקע קני האָט געטריפט בלוט.
די הענדלער האָבן זיך איבערגעבויגן איבער די טישן. זייערע אויסגעגלאָצטע אויגן האָבן באַטראַכט זילפּהן. אויך די אַרומשטייענדע ווייבער האָבן זיך איינגעקוקט אין איר. זייערע אויגן זענען געווען שטאַר, אָן אויסדרוק.
זילפּה האָט פּאַמעלעך זיך אויפגעזעצט. זי האָט מיט דער האַנט אָנגעטאַפּט זיך ס׳פּנים. עס האָט געפלאַמט און געבלוטיקט. אירע אויגן האָבן געגליט. זי האָט זיך אָנגעשפּאַרט אויף אַן עלנבויגן און זיך אויפגעהויבן. אירע שטאַרע, דערשראָקענע אויגן האָבן געקוקט מיט פּחד. זי האָט אַ צעפּיר געטאָן די הענט און זיך אַ לאָז געטאָן לויפן. זי איז אַריינגעפאַלן צווישן די סטראַגאַנעס.
די ווייבער און די הענדלער זענען שטיין געבליבן מיט אָפענע מיילער און אויסגעגלאָצטע אויגן. אַ ווײַלע שפּעטער האָט איינער דערשטוינט אָנגעקוקט דעם אַנדערן, זיך געוווּנדערט, ווו זילפּה איז אַהינגעקומען.
עזרא האָט זיך איינגעבויגן, דעם קאָפּ אַריינגעלאָזט צווישן די אַקסלען. ער האָט פאַרקריצט די ציין, פאַרזשמורעט די אויגן און געלאָזט זיך גיין. די מענטשן אין מאַרק האָבן אים נאָכגעקוקט.
ער איז געגאַנגען און זיך נישט אומגעקוקט. ער איז פאַרבייגעגאַנגען די סטראַגאַנעס און איז אַריין אין ערשטן געסל רעכטס. זשאַקאָ האָט די גאַנצע צייט אים נאָכגעקוקט. ווען עזרא איז אים פאַרשוווּנדן, האָט ער מיט ביידע הענט זיך אויסגעריבן די באַקן. אַ ווײַלע שפּעטער האָט ער אַ טרייסל געטאָן מיטן קאָפּ און אויך אַוועק.
ווען זילפּה איז אַפּירגעקומען פון די סטראַגאַנעס, איז זי שטיין געבליבן. זי האָט זיך אַרומגעקוקט און געסאַפּעט פון שרעק. דערזעענדיק אליץ, איז זי צוגעלאָפן צו אים. „קום!" האָט זי אים אַ זאָג געטאָן, נישט קוקנדיק אַפילו אויף אים.
אלי האָט דערשטוינט זי אָנגעקוקט. זיי האָבן עטלעכע מאָל זיך שוין געהאַט געטראָפן.
אלי האָט אַריינגעשטופּט די צונג צווישן די ליפּן, געצווייפלט.
זילפּה האָט אים אַ נעם געטאָן אונטערן אָרעם.
אלי האָט זיך אָנגעבויגן, גענומען דעם קויש מיט דער צווייטער האַנט און מיט איר געגאַנגען.
זילפּה האָט אים געפירט, געלעגן אויף אים אָנגעלענט און געשטעלט אירע לאַנגע פיס פון אויבן אַראָפּ. נאָך יעדן אַוועקגעשטעלטן פוס האָט זי נאָכגעשטופּט איר קערפּער. דאָס גיין איז איר אָנגעקומען שווער. אַלע אברים האָבן איר וויי געטאָן. זי איז געגאַנגען און געקוקט אין די זייטן מיט מורא, צי עזרא קומט איר

נישט אונטער. מיט איין האַנט האָט זי געפּירט אלין, מיט דער צווייטער האַנט האָט זי געווישט זיך דאָס בלוט, וואָס האָט געטריפט פון איר ליפּ. איר אויס־געשמירטע מיט בלוט האַנט האָט זי אַריינגעווישט אין קלייד. זי האָט געפּירט אלין, אָבער פון מאָל צו מאָל אים געפרעגט:

— מיר גייען צו דיר?

ווען זי האָט גערעדט, האָט זי פאַרצויגן די ליפּ ווי זי זאָל פייפן. די ליפּ אירע האָט געשמערצט. זי האָט נישט געקענט רעדן. אלי האָט איר נישט געענט־פערט. אונטער איין אָרעם האָט ער געהאַלטן דעם קויש, אויף דעם צווייטן האָט זי זיך אָנגעלענט. אויך ער איז געגאַנגען און געקוקט פאַר זיך, נישט געוואָלט זען די מענטשן. ער האָט געוווסט, אַז די מענטשן קענען זילפּהן. אַ מאָל האָט ער פאַרשנעלערט דעם טריט, אַ וויילע שפּעטער פאַרקלענערט. זילפּה האָט נישט געקענט גיין מיט זיין טעמפּאָ. געטראָפענע אויפן וועג מענטשן האָבן טאַקע זיי נאָכגעקוקט. ווייבער, וואָס זענען געגאַנגען אין מאַרק אַריין, זענען שטיין געבליבן מיט אויסגעגלאָצטע אויגן. זיי האָבן געקענטביידן. זיי זענען געשטאַנען מיט צעשטעלטע פיס, אויסגעשטופּטע בייכער, די הענט אַראָפּגעלאָזט און דערשטוינטע געשאָקלט מיט די קעפּ.

דאָס גרינס אויף די טישן האָט געטריקנט. די ים־פוילקייט האָט זיך געשטאַרקט. די לופט איז געווען פאַרעיפּושט, די מענטשן אין מאַרק — באַרויִקט.

אַ הויכע, פליישיקע יידענע האָט געזאָגט אויפן קול: „זי איז אַ זונה!"

זי האָט געהאַט אויף די פיס לאַטשן מיט איינגעדריקטע אָפּיענטקעס. אירע פּיאַטעס זענען געווען אויסגעטראָטן און געפּלאַצט.

די מענטשן אַרום איר האָבן נייגעריק זי אָנגעקוקט.

די יידענע איז געווען אָנגעטאָן אין אַ לאַנגער, ברייטער, גרינער ספּודניצע. איר בלויע בלוזקע איז געווען אויסגעפּאַסט אויף איר. זי האָט געהאַט אַ פליישיקן בוזעם. זי האָט איבערגעלייגט די הענט איבערן בויך און געענדיקט איר שמועס: „אָבער שלאָגן האָט ער זי נישט געדאַרפט". די יידענע האָט צעשטעלט די פיס, אונטערגעשפּאַרט זיך די באָקעס מיט די הענט, אַ קוק געטאָן אויף די הענדלערס און זיי אַ פרעג געטאָן: „ווו זענט איר, די מענער, געווען?!" און פאַרצויגן די ליפּן. איר פאַרקרימט פּנים איז געווען פול חוזק.

קיינער האָט איר נישט געענטפערט.

אַ נידעריקע, פליישיקע פרוי מיט אַן אַרומגעבונדן טיכל איבערן קאָפּ האָט אַ פאַרשעמטע אָנגעקוקט די יידענע. זי האָט אונטערגעהויבן זיך די ספּודניצע און איז שנעל אַוועק.

אַ דיקע מענער־שטימע פון אַ סטראַגאַן האָט אַ ריטשע געטאָן: „ער וועט זי שוין טרייסטן".

פון אַ צווייטן ווינקל האָט זיך דערהערט אַ הייזעריקער כאָכל: „כאַ—כאַ—כאַ!".

די אַרומשטייענדע ווייבער האָבן זיך איבערגעקוקט. אָבער ווער עס האָט גערעדט און ווער עס האָט געלאַכט, האָט קיינער נישט געוווסט.

דאָס פולע, גוטמוטיקע פּנים פון דער הויכער פלײשיקער ײדענע האָט זיך אויסגעצויגן. אירע שוואַרצע אויגן זענען געווען שטאַר.

אַ ברייטבייניקער און נאָך העכערער פון איר ייד, מיט גרויע שלייפן און אַ דיקער וואָנסע, האָט אַ קלאַפּ געטאָן איר אין דער פּלייצע פון הינטערווײלעכץ. דער קלאַפּ איז געווען אַ לייכטער, אָבער די ײדענע האָט אַ שפּרונג געטאָן און אַ דערשראָקענע זיך אומגעקוקט. „אויך דו?!" האָט זי מיט כעס געפרעגט דעם, וואָס האָט איר אַ קלאַפּ געטאָן. דער מאַן האָט דערשטוינט זי אָנגעקוקט און מיט דער שפּיץ צונג זיך אָפּגעווישט די ליפּן. זיין גראַנאַט היטל מיטן לאַקירטן דאַשיק האָט ער אַראָפּגעצויגן זיך ביז די אויגן.

— אויך מיר מענער! אַמאָל זענען געווען מענער! — האָט זי אים געזאָגט, אויסגעלאָזט איר כעס.

דער ייד האָט אַ ציי געטאָן זיך אַ שפּיץ וואָנסע, זיינע אויגן זענען געוואָרן מאַט. „אוסקוט (שווייג)!" האָט ער איר אַ זאָג געטאָן.

— „מענער" האָט זי ווידער אַ מאָל אים געזאָגט און פאַרביילט די פויסטן.

— קום אַהיים — האָט ער איר שטיל געזאָגט.

— היינט זענען ווייבער הפקר! — האָט זי זיך צעשריגן און שטיין געבליבן אויף צעשטעלטע פיס.

זיין פלײשיק פּנים איז רויט געוואָרן פון רציחה.

— אַהיים! די קינדער וואַרטן! — האָט ער זיך צעשריגן און זי אַ שטופּ געטאָן, זי זאָל גיין.

זי האָט אָנגעקוקט אים מיט דערשראָקענע אויגן. אָן צו זאָגן אַ וואָרט, האָט זי געגומען שפּאַנען. גייענדיק, האָט זי מיטן קעמל, וואָס האָט געשטעקט ביי איר אין די האָר, זיך צוגעקעמט. אירע שוואַרצע האָר זענען געווען אונטערגעשוירן. ער האָט איר נאָכגעקוקט, ווי זי גייט. אַ ווײלע שפּעטער האָט ער זיך אויסגעדרייט און איז אַוועק. ער איז אַריין אין מיטלסטן געסל. די ווייבער, ווי עס זאָל גאָרנישט האָבן פּאַסירט, האָבן זיך אַ לאָז געטאָן צו די סטראַגאַנעס.

דער לאַנגער הענדלער אינעם בלויען אָווערעאָל האָט מיט די הענט צונויפגעשאַרט אויף אַ קופּע די מייערן, די ווייבער זאָלן זען. דער נידעריקער, פלײשיקער הענדלער, וואָס איז געווען אָנגעטאָן אין אַ זעלנערישן באַטלדרעס, האָט זיך צעשריגן אויפן קול:

— זעט נאָר די סחורה! ליאַלקעס! נאָר קויפן! נאָר קויפן!

די נאַכט־קילקייט האָט געטייעט. די לופט איז געווען פריש און מילד. איבער די געסלעך איז געהאַנגען אַ דינער נעפּל. די הייזלעך פון ווייטנס האָבן אויסגעזען, ווי זיי זאָלן זיין אַרומגעשלייערט. די לופט איז געווען אַ פייכטע. די געסלעך און די הייזער האָבן אויסגעזען, ווי אויסגעצוואָגן.

זילפה האָט געפירט אלין אונטערן אָרעם. זי האָט געפירט אים אַהיים, געוווסט, ווו ער וווינט. זיי זענען געגאַנגען און געשוויגן. צוקומענדיק צו דעם פון לינקס,

שמאָלן באַרג אַראָפּ געסל האָט זי אַ צי געטאָן אַלין ביים אָרעם. זי האָט געוואָלט מיט אים אַריינגיין אין דעם געסל.

אין דעם מאָמענט איז אלי שטיין געבליבן.

זילפּה האָט אים אָנגעקוקט.

אלי האָט זיך אַ ריס געטאָן, זיך באַפרייט פון איר. ער איז אַוועקגעשפּרונגען אין אַ זייט און געלאָפן צוריק מיט דער גאַס, פון וואַנען זיי זענען געקומען.

זילפּה האָט זיך אומגעקוקט אַ דערשראָקענע. זי איז געווען זיכער, אַז אלי האָט דערזען עזראן. זי האָט זיך אָבער באַלד באַרויִקט. זי האָט צעשטעלט די פיס, פאַרלייגט די הענט אויף הינטן, אירע ברוסטן זענען געוואָרן שטייף. זי האָט פאַרקריצט די ציין, איר צעהאַקטע ליפּ האָט זיך אויסגעקרימט. זי איז געשטאַנען און געקוקט אין דער גאַס אַריין.

פון דער שמאָלער, לאַנגער גאַס איז איר אַנטקעגנגעגאַנגען אַ שלאַנק, יונג, יאָדערדיק מיידל. מיידנדיק זיך, האָבן זייערע בליקן זיך געקרייצט.

זילפּה האָט אָפּגעמאָסטן רחלען פון אויבן אַראָפּ. אירע אויגן האָבן אויסגעלאָסן געשמייכלט. רחל האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן פון בושה. איר אָוואַל, ברוינלעך פּנים איז רויט געוואָרן. ס׳בלוט איז איר געקומען אין קאָפּ אַריין. זי האָט פאַר־שטאַנען, אַז אלי איז געגאַנגען מיט אָט דער פּרוי. איר האַרץ האָט געטיאָכקעט, זי האָט אָפּגעאָטעמט און געגאַנגען ווייטער, כמעט געלאָפן.

זילפּה האָט אַ וואָרף געטאָן מיט דער האַנט פון יִיאוש. זי האָט אַרומגעקוקט זיך אין אַלע זייטן און געגאַנגען ווייטער. זי האָט די פיס געשטעלט אין דער ברייט. איר איז שווער געווען גיין אַליין. יעדער גליד האָט איר ווי געטאָן. אויך איצט איז זי געגאַנגען און מורא געהאַט זיך אומקוקן.

אלי איז געלאָפן צוריק אין מאַרק אַריין. ער האָט געהאַלטן דעם קויש פיש אונטערן אָרעם. די בלעכערנע פּושקעס ביי אים אין די טאַשן האָבן אונטערגעקלונ־גען. אין מאַרק איז ער שטיין געבליבן, געזוכט אַן אָרט, ווו זיך אַוועקצושטעלן. דערזעענדיק זשאַקאָן, איז ער צו אים צוגעלאָפן.

זיי האָבן זיך אָנגעקוקט.

אלי האָט אַוועקגעדרייט דעם קאָפּ.

— אוּ! — האָט זשאַקאָ אַ וואָרטשע געטאָן, געוואָלט פאַרטשעפּען אלין.

אלי האָט אַוועקגעשטעלט דעם קויש פיש פאַר זיך.

זשאַקאָס אייגלעך האָבן כסדר באַטראַכט אלין. זיין פּנים איז געווען אָנגעצויגן, זיינע אויגנלעכער — צונויפגעצויגן און האָבן אויסגעזען, ווי שפּאַרעס.

אלי האָט זיך אַראָפּגעזעצט אויף די קניִ.

— כלב (הונט)! — האָט זשאַקאָ אים אַ זאָג געטאָן און אַוועקגערוקט זיך אין אַ זייט.

אלי האָט נישט געענטפערט. זיינע גרויע אויגן האָבן שטאַר אים אָנגעקוקט. אַ ווײַלע שפּעטער האָט ער אַריינגעטאָן די האַנט אין דער טאַש און אַרויסגענומען די פּושקע סיגאַרעטן.

דערווייל איז אָנגעקומען אַ נידעריקע, פליישיקע פרוי. זי איז געגאַנגען און זיך געוויגט, ווי אַ קאַטשקע. דער בויך אירער האָט אַרויסגעשטאַרט. זי האָט מיטביידע הענט געהאַלטן די עקן פון איר פאַרטעך. אין פאַרטעך זענען געלעגן דריי הייפּטן קרויט. די פרוי איז שטיין געבליבן און באַטראַכטביידן: אלין און זשאַקאָן. איר גרויער לאָק, וואָס האָט זיך אַפּירגעגליטשט פון אונטערן טיכל, האָט געשטערט איר זען, אָבער זי האָט זיי נישט אַראָפּגעלאָזט פון אויג.

— הפקר אַ וועלט! מען ממיתט נקבות! — האָט זי זיך צעשריגן. איר קול האָט געציטערט.

אלי און זשאַקאָ האָבן זיך איינגעקוקט אין איר.

— טפו! — האָט זי אַ שפּיי געטאָן און געגאַנגען ווייטער.

זשאַקאָס אייגעלעך האָבן איר נאָכגעקוקט.

אלי האָט געקוקט אין קויש אַריין אויף די פיש.

דער הויכער, ברייטבייניקער ייד, וואָס האָט געטראָגן דאָס גראַנאַטענע היטל מיטן לאַקירטן דאַשיק, דער, וואָס האָט אַהיימגעטריבן זיין ווייב, האָט זיך צוגערוקט צו זיי. ער איז שטיין געבליבן הינטער זשאַקאָן מיט פאַרלייגטע אויף הינטן הענט. ער האָט פאַרזשמורעט די אויגן, אָנגעקוקט זשאַקאָן, וואָס איז ענלעך צו אַ גאָרילע. ער איז געווען זיכער, אַז זשאַקאָ האָט געשלאָגן זילפּהן. ער האָט פון וויטנס נישט געזען, אַז דער שלעגער איז געווען עזרא. דער הויכער ברייטבייניקער ייד האָט אַ שנופּ געטאָן מיט דער נאָז. זיינע צעשפּרייטע נאָזלעכער האָבן דערפילט דעם ריח פון זשאַקאָס קערפּער. ער האָט אַ צעפּיר געטאָן זיין האַנט. זיין לינקע, פאַרביילטע פויסט האָט געטראָפן זשאַקאָן אין פּנים.

זשאַקאָ האָט זיך אָפּגעגאָסן מיט בלוט. — „אָה! — האָט זשאַקאָ אַ רעווע געטאָן פון ווייטיק. ער האָט נישט געפּרוווט זיך ווערן, ער האָט נאָר אַ וואָרף געטאָן מיטן קאָפּ. פון זיין צעהאַקטער נאָז האָט געטריפט בלוט. זיינע רויטע, פאַרלאָפענע אייגלעך האָבן דערשטוינט אָנגעקוקט דעם ייִד, וואָס האָט אים דערלאַנגט.

דער ייִד האָט נישט געוואַרט און נאָך אַ מאָל אים דערלאַנגט מיט ביידע הענט. זשאַקאָס פּנים איז געשוואָלן געוואָרן און ער האָט קוים געקענט קוקן מיט די אויגן. ער האָט איבערגעלייגט די עלנבויגנס איבערן קאָפּ און זיך אָנגעבויגן, געזוכט אַ וועג צו אַנטלויפן.

— וואָס ווילט איר פון אים? — האָט זיך דערהערט אַ געשריי. דאָס האָט געשריגן רחל. איר קול איז געווען דין, צעצויגן פון שרעק. איר פּנים האָט געפלאַמט. די אָדערן אויף איר פליישיקן האַלדז זענען געווען אָנגעצויגן.

די מענטשן פון אַרום האָבן זי אָנגעקוקט. אויך דער ייִד, וואָס האָט געשלאָגן זשאַקאָן, האָט אַ קוק געטאָן אויף איר.

זשאַקאָ האָט זי נישט געזען, ער האָט דערקענט נאָר איר קול. אַ געבוקטער, מיט די עלנבויגנס איבערן קאָפּ, האָט ער זיך אַ ריס געטאָן פון אָרט, אַוועקגעלאָפן ווי אַ געיאָגטע חיה.

אלי האָט אַ קוק געטאָן אויף רחלען מיט איין אויג פון דער זייט, צי זי זעט אים.

רחל האָט אים נישט געזען.

אליס פאַרקראַמפּטע פינגער האָבן אָנגעכאַפּט דעם ראַנד פון זיין קויש, ער האָט אַ שפּרונג געטאָן, ווי אַ קאַץ, און אַוועק מיט אימפּעט. ער איז געגאַנגען שנעל מיט אַן אויסגעצויגענעם שריט און זיך אומגעקוקט, צי רחל זעט אים.

רחל איז געשטאַנען מיט אַן אויסגעשטרעקטן האַלדז און אויסגעגלאָצטע אויגן און געציטערט פון אימה. זי איז געשטאַנען מיט אַן אָפן מויל, אַ שטומע. זי האָט פאַרמאַכט די אויגן, אָפּגעזיפצט און פּאַמעלעך געגאַנגען ווייטער. זי איז געווען מיד. אין דעם ערשטן פון אַנטקעגן געסל איז זי שטיין געבליבן מיט אַן אַראָפּ־געלאָזטן קאָפּ און געאָטעמט שווער. אַ ווײַלע שפּעטער איז זי געגאַנגען ווייטער, שוין שנעלער, און מורא געהאַט זיך אומצוקוקן.

די מענטשן פון אַרום האָבן זיך אָנגעקוקט. קיינער פון זיי האָט נישט געוווּסט, פאַרוואָס דער הויכער, ברייטביינער ייד האָט געשלאָגן זשאַקאָן.

דער ייד האָט עטלעכע מאָל אַ שניפּ געטאָן מיט זיין לאַנגער, פליישיקער נאָז, געלאָסן אויסגעווישט די הענט אין די הויזן, אַ צי געטאָן זיין לאַקירטן דאַשיק. אַריבערגעצויגן זיך דאָס היטל איבער די אויגן און געגאַנגען זיין וועג.

אויך די קונים, וואָס האָבן זיך צוגעקוקט צו דער געשעעניש, האָבן פּאַמעלעך, פלעגמאַטיש, גענומען זיך פונאַנדערגיין. אויפן מאַרק־פּלעצל האָט זיך צוריק איינגעשטעלט דער מאָרגן פון אַ נאָרמאַלן פאַרקויפס־טאָג.

# ה

די ווינטער־זון האָט זיך פּאַמעלעך אַפּירגערוקט פון אונטער דעם גרויען הימל. דאָס ווינטל, וואָס האָט פון מאָל צו מאָל אַ ווייע געטאָן, איז געווען מילד. רחל איז געשטאַנען פאַר דער פאַרטקע פון זייער פּלויט. זי האָט אָפּגעאָטעמט שווער, ווי זי זאָל האָבן אַראָפּגעלאָזט פון זיך אַ משא. אירע באַקן האָבן געפלאַמט. זי איז צו דער אַרבעט נישט געגאַנגען. דאָס געשלעג אויפן פּלעצל האָט זי דערשיטערט. זי איז די שמאָלע, אויסגעקרומטע געסלעך, וואָס האָבן אַדורכגעשניטן די שטאָט אין דער ברייט און געפירט צו דער שניידעריין, ביי וועלכער זי האָט געאַרבעט, איבער־געלאָפן מיט אימפּעט.

זי איז געווען צעטומלט.

— וואָס זאָל איך זאָגן דער מאַמען? פאַרוואָס בין איך צוריקגעקומען? — האָט זי געמורמלט, ווי זי זאָל רעדן צו זיך. זי האָט נישט געוווּסט, וואָס זי זאָל טאָן. פּלוצים האָט זי אַ שפּרונג געטאָן אין אַ זייט. זי האָט דערהערט טריט, וואָס האָבן זיך דערנענטערט. זי האָט זיך צוגעדריקט צו דער וואַנט אין ווינקל. די

קעלט פון די שטיינער האָט איר דערמאָנט, אַז זי האָט פאַרלוירן דאָס פעקל עסן, וואָס די מאַמע האָט איר מיטגעגעבן. זי איז געשטאַנען מיט דער פּלייצע צו דער וואַנט און נישט געוווּסט, וואָס זי זאָל טאָן.

די פאַרטקע האָט אַ סקריפּ געטאָן. עס האָבן זיך דערהערט טריט. זי האָט זיך צוריק אַרויסגערוקט פון ווינקל.

— רחל! — האָט יוסף, איר יִינגערער ברודער, זי אַ רוף געטאָן.

רחל האָט אים נישט געענטפערט, נאָר אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ.

דער ברודער האָט זיך נישט פאַרהאַלטן. ער איז זי פאַרבייגעלאָפן און אַוועק אין גאַס. רחל האָט אַ שטופּ געטאָן די פאַרטקע און איז אַריין אין הויף. די פאַרטקע האָט אַליין זיך נאָך איר צוגעמאַכט.

רחל האָט איבערגעשפּאַנט די שוועל און שטיין געבליבן ביי דער טיר.

לונה, די מוטער, אַ מיטלוווּקסיקע, פלײשיקע פרוי, ווי נאָר זי האָט דערזען די טאָכטער, האָט זי אַ וואָרף געטאָן אויפן טיש די האַקי־הויזן, וואָס זי האָט געלאַטעט. „טפו! טפו! טפו! — האָט זי דריי מאָל אויסגעשפּיגן אויפן פּאָל. זי האָט זיך פאַרלייגט די הענט איבערן בויך און באַטראַכט רחלען מיט אויסגעגלאָצטע אויגן.

רחל האָט זיך פונאַנדערגעקנעפּלט. זי האָט פון זיך אַראָפּגעצויגן איר גראַ־נאַטענעם, מיטן פוטערנעם קעלנערל, באַטלדרעס און אים אַ שליידער געטאָן אויף אַ בענקל.

— אוי! — האָט די מוטער אַ קרעכץ געטאָן און זיך פאַרפלאָכטן די הענט אונטערן בוזעם. אירע פלײשיקע ברוסטן האָבן זיך אַ טרייסל געטאָן און אַריבער־געפלאָסן איבער אירע הענט.

אַ ווײלע שפּעטער איז די מוטער צוגעגאַנגען צו רחלען און מיט דער האַנט אָנגעטאַפּט איר שטערן.

די טיר איז געווען אָפן. רחל האָט אָנגעלענט איר קאָפּ אין דער פּוטרינע. אירע דערשראָקענע אויגן האָבן אָנגעקוקט די מוטער.

— עס איז דיר קאַלט? — האָט די מוטער זי אַ פרעג געטאָן מיט אַ ווייך קול. איר ברייט, פלײשיק פּנים איז געווען פאַרזאָרגט.

רחל האָט מיט אַ קאָפּ־שאָקל איר געענטפערט: „ניין".

די מוטערס ברייטע, אויסגעאַרבעטע הענט האָבן אָנגעטאַפּט דער טאָכטערס בויך. אירע אויסגעגלאָצטע אויגן האָבן שטאַר אָנגעקוקט רחלען.

— גיי, לייג זיך אַוועק — האָט די מוטער געזאָגט, גענומען זי אונטערן אָרעם, געוואָלט זי צופירן.

די טאָכטער האָט זיך אַ ריס געטאָן פון דער מוטערס הענט און געזאָגט: „מאַמע, איך בין געזונט!" אַ ווײלע שפּעטער ממשיך געווען: „צביה פילט זיך נישט גוט, בין איך אַהיימגעקומען". רחל האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ, נישט געקענט קוקן דער מוטער אין די אויגן.

די מוטער האָט איר נישט געענטפערט, אירע שטאַרע אויגן האָבן דערשטוינט אָנגעקוקט די טאָכטער.

אויך רחל האָט געשוויגן. אַ דערדריקנדע שטילקייט האָט זיך פונאַנדערגעזעצט אין שטוב. מיט אַ מאָל האָט רחל אַ פריילעכע אַ שפרונג געטאָן אויף איין פוס און געזאָגט דער מוטער: „איך גיי אַריבער צו אסתרן!"

די מוטער האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ. איר פּנים איז געווען האַרב: „טעכטער שלעפן זיך נישט אַרום אין מיטן טאָג".

— וואָס זאָל איך טאָן? — האָט רחל אַ נישט צופרידענע זי געפרעגט.

די מוטער האָט אַ קוק געטאָן בייז אויף דער טאָכטער.

רחל האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן.

— זעץ דיך איבערקלייבן די באָבעס — האָט די מוטער איר געזאָגט און מיט דער האַנט איר אָנגעוויזן די קיך.

רחל האָט דער מוטער נישט געענטפערט, נאָר אַ קוק געטאָן אויף איר מיט איין אויג פון דער זייט.

די מוטער האָט געוואַרט. איר פּנים איז געווען אויסגעצויגן, איר מויל — עטוואָס אָפן.

רחל האָט אַראָפּגעלאָזט די הענט. איר קאָפּ איז ווי אַריינגעפאַלן צווישן די אַקסלען. די מוטער האָט פאַרמאַכט ס'מויל. איר פּנים איז געוואָרן מילד. זי האָט געקענט איר טאָכטערס יעדע באַוועגונג. דאָס אַראָפּלאָזן דעם קאָפּ האָט באַדייט: „איך האָרך דיך". די מוטער האָט פאַרמאַכט די טיר.

— קום! — האָט זי געזאָגט רחלען און גענומען די הויזן, וואָס זי האָט פריִער געלאַטעט. ביידע, די מוטער און די טאָכטער, זענען אינאיינעם אַרונטערגעגאַנגען אונטער דער מחיצה. דאָס ווענטל, ווי אַ מצבה, האָט אָפּגעטיילט די שטוב פון דער קיך. דער דורכגאַנג איז געווען אַן עפענונג אָן אַ טיר, דאָס פענצטער — אַ פיר־קאַנטיקער לאָך.

רחל האָט אַראָפּגענומען פון וואַנט דאָס זיפּל. מיט דעם פוס האָט זי אַ רוק געטאָן דאָס פוס־בענקעלע, וואָס איז געשטאַנען אין דער זייט, זיך אַוועקגעזעצט ביי דעם זעקל באָבעס אין ווינקל. זי איז געזעסן מיט צענומענע קני, מיטן זיפּל אין דער שויס. זי האָט מיט ביידע הענט, אָן חשק אַרויסגענומען פון זעקל עטלעכע הויפנס באָבעס און אַריינגעוואָרפן זיי אין זיפּל. די לופט אין דער קיך איז געווען דעמפיק. די שאַפע, אַ נידעריקע, די געל־געקאַלכטע סטעליע, אַ פאַרגליטשטע, די בלוי געקאַלכטע ווענט — פייכט. די פירעקיקע שייבלעך אין די נידעריקע פענצטער זענען געווען פאַרלאָפן. די העלקייט אין קיך איז געווען אַ גרויע, כאָטש עס איז געווען פאַרמיטאָג. רחל איז געזעסן מיט צעלייגטע פיס, דאָס זיפּל צווישן די קני, ווי אַ פאַרחלומטע. אירע ברוינע אויגן זענען געווען אויפגעריסן, אָבער זי האָט געקוקט און נישט געזען. פון מאָל צו מאָל האָט זי פויל אַ שאַר געטאָן מיט דער האַנט די באָבעס אין זיפּל. די מוטער איז געווען נעבן איר, אָבער רחל האָט

זי נישט געזען. איר איז כסדר געשטאַנען פאַר די אויגן דאָס געשלעג אויפן מאַרק־פּלעצל.

די מוטער איז געזעסן אונטערן פענצטער, איבערגעלייגט אַ פוס איבער אַ פוס. אויף אירע קני זענען געלעגן פונאַנדערגעשפּרייט די בלויע מענער־הויזן, וואָס זי האָט געלאַטעט. זי האָט געזשמורעט די אויגן, אַנגעשטרענגט איר בליק אויף דער נאָדל, מיט וועלכער זי האָט גענייט. אַן ברילן איז איר שוין שווער געווען צו זען. זי האָט גענייט, נאָר פון מאָל צו מאָל געכאַפּט אַ קוק פון דער זייט אויף דער טאָכטער.

רחל האָט עס נישט באַמערקט. זי האָט געקוקט אין זיפּל אַריין און אויפֿ־געהאָרכט. ביידע פּרויען זענען געווען פאַרנומען און געשוויגן. זייער שווייגן איז געווען אומהיימלעך. אין דער קליינער קיך איז געווען ענג. יעדער קעגנשטאַנד האָט זיך אָנגעזען: דאָס טישל אונטערן פענצטער, וווּ די מוטער איז געזעסן, דאָס זעקל באָבעס, ביי וועלכן רחל איז געזעסן, די באַנק, אויף וועלכער ס׳איז געשטאַנען דאָס שעפל און דער עמער וואַסער, דאָס נידעריקע, צווייטיריקע שענקל, די שטיינערנע פּליטע, אויף וועלכער עס זענען געשטאַנען די קאָך־מאַשינקעס. אויף אַ נאָגל אין דער וואַנט איז געהאָנגען אַ בינטל קנאָבל. דאָס שענקל איז געווען גרוי געפאַרבט. פון אונטער דער פאַרב האָבן אַדורכגעהאַקט ברוינע פלעקן, די פריִערדיקע פאַרב. דאָס שענקל האָט אויסגעזען ווי ברודיק.

רחל האָט אַרויסגעלאָזט ס׳זיפּל פון די הענט. זי איז אויפגעשפּרונגען און אויסגעשטרעקט דעם קאָפּ, אויפגעהאָרכט... אירע אויגן זענען געווען אויסגעגלאָצט.

די מוטער האָט אויפגעהויבן די אויגן און זיצן געבליבן מיט דער נאָדל אין האַנט. רחל האָט זיך צוריק אָוועקגעזעצט, ווידער גענומען דאָס זיפּל צו זיך און מיט דער האַנט אַ שאַר געטאָן די באָבעס אין זיפּל. די מוטער האָט צוריק אַראָפּ־געלאָזט די אויגן, גענייט ווייטער.

## ו

די לופט האָט אָנגעהויבן געדיכט ווערן. אַ ווייכער, ווי אַ שוואָם, נעפּל האָט פּאַמעלעך זיך פונאַנדערגעשפּרייט איבער דער סביבה. דער אַרום איז ווידער געווען גרוי. אין די ווינקלען איז שוין געזעסן דער אָוונט. אין איינצלנע פענצטער האָט שוין געברענט אַ בלאַסע ליכט. דורך דעם געסל, באַרג אַרויף, האָט זיך געשאַרט אַ געשטאַלט. דער פּאַרשוין איז געגאַנגען פּאַמעלעך ביי די ווענט און כסדר זיך אומגעקוקט. ער האָט זיך געהיטן, מען זאָל אים נישט זען. ווען די געשטאַלט איז צוגעקומען צו דעם נידעריקן, שטיינערנעם פּלויט, האָט זי זיך אַ וואַקל געטאָן, ווי אַ שיכור און שטיין געבליבן. דער פּלויט איז געווען אַ נידעריקער, אָבער ברייטער. די שטיינער זענען געלעגן איינער אויפן

אַנדערן אַן טינק. זשאַקאָ האָט געוואָלט זיך אָנלענען אויפן פּלויט. אַ שטיין האָט זיך אַראָפּגעקאָלערט ביז זיינע פיס. דער שטיין האָט זיך געקאָלערט שטיל, אָבער זשאַקאָ האָט זיך אומגעקוקט, צי קיינער זעט אים נישט.

אין דער סביבה איז געווען שטיל. מען האָט נישט געזען קיין מענטש. אין די אָפענע, אָן טויערן הייזער־אַריינגעגנג, האָט געווייעט אַ ווינטיקע קעלט.

זשאַקאָ האָט זיך אָנגעבויגן, אַ קרעכץ געטאָן פון ווייטיק. פּאַמעלעך האָט ער דורכגעשטופּט זיין קערפּער דורך דעם לאָך אין פּלויט. ער איז שטיין געבליבן אַ געבוקטער. זיינע פאַרזשמורעטע פון ווייטיק אויגן האָבן זיך איינ־געקוקט און דערזען די טיר און דאָס פענצטער אין הויז. אין הויז איז געווען טונקל. דעם הויף צווישן אים און דעם הויז האָט ער בכלל נישט געזען. ער האָט געשטעלט עטלעכע אומגעלומפּערטע טריט, אַדורכגעגאַנגען דעם הויף אין דער ברייט און שטיין געבליבן ביי דער קאַמער. ער האָט אַרויסגעצויגן דעם סקאָבעל. די טיר האָט אַ סקריפּ געטאָן און זיך געעפנט. ער איז אַריין אין דער קאַמער און צוגעמאַכט נאָך זיך די טיר.

זשאַקאָ איז שטיין געבליבן, ווי אַ בלינדער, אין דער טוכלער פינצטער־קייט. „אַה", האָט ער אַ זיפץ געטאָן און די אַקסלען האָבן זיך אים אַראָפּגעלאָזט. ערשט איצט האָט ער דערפילט, אַז ער איז מיד. ער האָט אַ וואָרף געטאָן מיטן קאָפּ, זיך אָפּגעטרייסלט. ער האָט געשטעלט אַ פוס, דעם צווייטן אונטער־געצויגן. ער איז געקראָכן, אָנהאַלטנדיק זיך אין דער וואַנט.

אַ שטראָם פון פרישער, פייכטער לופט האָט זיך אַ שפּאַר געטאָן אין קאַמער אַריין פון דרויסן. זשאַקאָ האָט געעפנט דעם לאָדן. דאָס אַלץ האָט געדויערט נאָר אַ ווײַלע. ער איז ווידער געבליבן אין דער פינצטער. דער לאָדן האָט זיך פאַרמאַכט צוריק. ער האָט נישט געהאַט קיין כוח אונטערצושפּאַרן דעם לאָדן און אָנצינדן די לאַמטער. זיינע פינגער זענען געווען שטייף. זשאַקאָ איז געשטאַ־נען אין דער פינצטער, אָבער געזען זיין ווינאָרט. זיינע פאַרזשמורעטע פון ווייטיק און מידקייט אויגן האָבן געזען: די צעוואָרפענע איבערן חדר שטיקער דעמבענע העלצער, די קופּע אַלטע נעצן און צונויפגעלייגטע נייע נעצן. ער האָט דערזען זיין בעטל אין ווינקל, מיט דעם האָרטן, איבערגעצויגענעם איבערן שטרויזאַק קאָץ און דערפילט די מידקייט פון זיין קערפּער. ער האָט געשטעלט אַ טריט אָבער געבליבן שטיין, דערפילט הונגער. ער האָט אויסגעשטרעקט די האַנט, אַראָפּגענומען פון פּאָליצע איבערן בעט אַ שטיק ברויט און די מענאַזשקע מיט וואַסער.

זשאַקאָ האָט געגעסן שטייענדיק. ביי יעדן ביס האָט ער דערפילט די ציין און די יאַסלעס. זיין לינקע קינבאַק איז געווען געליימט.

רחל האָט געוואַרט אַ גאַנצן טאָג אויף זשאַקאָן. דערהערנדיק דעם סקריפּ פון דער טיר אין דרויסן, איז זי שטיין געבליבן מיטן מעשענעם פענדל אין האַנט, וואָס זי האָט געפּוצט, ווי צוגעוואַקסן צום אָרט. זי האָט נישט געוווּסט, וואָס זי זאָל טאָן, געוואָלט אַרויסלויפן צו אים, אָבער מורא געהאַט פאַר דער

מוטער, אַדורכגיין זייער קליין קיכל האָט ביי איר אין די אויגן אויסגעזען איבערגיין אַ גרויסן סאַלאָן.

די מוטער, וואָס האָט אַ גאַנצן טאָג איר נאָכגעקוקט, האָט זי געפרעגט: „דו האָסט געענדיקט?"

רחל האָט זיך איבערגעבויגן איבערן פענדל, גערייניקט ווייטער, אָבער אירע פינגער זענען געווען שטייף. די ליפּע האָט זיך איר געגליטשט צווישן די פינגער.

אַ ווײַלע שפּעטער האָט רחל אַרויפגעשטעלט דאָס פענדל אויף דער באַנק נעבן שעפל און אַ קוק געטאָן אויף דער מוטער פון דער זייט.

— איך גיי מיך דערליידיקן — האָט זי געזאָגט און אַרויסגעלאָפן פון שטוב.

— פאַרגעס נישט צוריקקומען! — האָט די מוטער איר נאָכגעשריגן. זי האָט זיך צוגערוקט צום שענקל און מיט נאָך מער אייפער געריבן מיטן היל־צערנעם שטייסל דעם „חומוס" אין דער ערדענער שיסל.

אין דרויסן, פאַר דער טיר, איז רחל שטיין געבליבן אַן איינגעקוקטע אינעם אויבערשטן ראַנד פונעם קאַסטן. די טראַפּנס טוי אויף דער פּאַפּע, מיט וועלכער דער קאַסטן איז געווען אַרומגעקלאַפּט, ווי אַ דאַך, האָבן שימערירט. רחל האָט גענומען לויפן, זי איז אַריבערגעלאָפן דעם הויף און מיט אימפּעט אויפגעריסן די טיר. די טיר האָט אַ סקריפּ געטאָן. די שיין האָט אַ פלייץ געטאָן אין דער קאַמער אַריין. זי האָט דערזען אַ שאָטן פון אַ נידעריקער געשטאַלט. זי האָט זיך אָנגעבויגן, אַריינגעקוקט אין דער קאַמער. אירע אויפגעריסענע, צעשראָ־קענע אויגן האָבן געבלאָנדזשעט איבער דער פינצטער.

— מן־דאַנק (ווער איז)? — האָט זשאַקאָ געפרעגט און פאַרזשמורעט זיינע אָנגעווייטיקטע אויגן — אַה, — האָט ער אַ קרעכץ געטאָן און געבליבן מיט אַן אָפן מויל. זיינע הענט זענען געווען פאַרנומען. איינע האָט געהאַלטן דאָס רעפטל ברויט, די צווייטע — די מענאַזשקע מיט וואַסער.

רחל האָט זיך איינגעבוקט, דערהערנדיק זיין קול. איצט האָט זי אים דערזען. זי האָט זיך אויסגעגליכן און געפרעגט: „ווו ביסטו געווען? דער אַפּהילך פון איר פראַגע איז איר אַנטקעגנגעקומען.

זשאַקאָ האָט זיך איינגעקאַרטשעט, דערהערנדיק רחלס קול. ער איז נאָך קלענער געוואָרן, ווי ער איז געווען. זי האָט אים באַטראַכט און געשוויגן.

— ווו ביסטו געווען? — האָט ער אַ שטאַמל געטאָן און דער גאַווער איז אים געררונען פון מויל. דאָס מויל האָט אים וויי געטאָן. ער האָט נישט געוווּסט, וואָס ער זאָל זאָגן דער בעל־הביתטעס טאָכטער. ער האָט נישט געוווּסט, אַז רחל איז געווען אין מאַרק, ווען דער ייד האָט אים געשלאָגן.

אַ ווײַלע זענען זיי געשטאַנען זיך אַנטקעגן און געשוויגן. ער אין דער קאַמער, זי — אין דרויסן. די פינצטער אין קאַמער האָט זיי צעשיידט.

— עס טוט דיר וויי? — האָט רחל אים געפרעגט.

די מענאַזשקע איז זשאַקאָן אַרויסגעפאַלן פון דער האַנט. דאָס שטיק ברויט האָט ער אַרויפגעוואָרפן אויפן בעט און ער איז שטיין געבליבן מיט אַראָפּ־געלאָזטע הענט. ער האָט אָנגעשטרענגט אַלע זיינע כוחות, זיך אַוועקגעזעצט, און אַ וואָיע געטאָן ווי אַ פאַרוואונדעטע חיה: „זשאַקאָ איז שטאַרק!"

רחל האָט פאַרמאַכט די אויגן, אַריינגעלאָזט דעם קאָפּ צווישן די אַקסלען. זי האָט דערהערט טריט און געעפנט צוריק די אויגן. זי האָט געוואָלט אַוועק־לויפן, אָבער שוין נישט באַוויזן.

איר פאָטער, וואָס איז אָנגעקומען פון גאַס, איז געשטאַנען איר אַנטקעגן.

— וואָס טוסטו דאָ? — האָט ער זי געפרעגט, ווי געדראָט.

רחל איז געשטאַנען מיט אַראָפּגעלאָזטע הענט און געסאָפּעט. די שרעק האָט זי פאַרנומען ביים האַרצן, זי האָט געוואָלט וויינען. דער פאָטער האָט דאָס אַלץ נישט געזען. ער האָט געעפנט די טיר ברייטער. זיך אָנגעבויגן און אַריינגע־שטעקט דעם קאָפּ אין דער קאַמער. יוסיף, דער פאָטער, האָט שנעל אויסגעגליכן זיין גרויסע, שטאַרקע געשטאַלט, צעשטעלט די פיס, און איינגעצויגן דעם בויך. זיינע שוואַרצע אויגן זענען ווילד געלאָפן אין זייערע אויגנלעכער פון רחלען צו זשאַקאָן און צוריק. אַ ווײַלע שפּעטער האָט דער פאָטער זיך איינגעקוקט אין רחלען. זיינע אויגן האָבן געגליט, זיין בליק האָט געשפּיזט די טאָכטער.

רחל האָט זיך איינגעקאָרטשעט, ווי עס זאָל זי האָבן ווער אָפּגעגאָסן מיט אַ פאַמעשאַף, זי האָט אַראָפּגעלאָזט די הענט און געהעשעט. דער פאָטער האָט אויסגעשטרעקט אַ האַנט און מיט צוויי פינגער אונטערגעהויבן דער טאָכטערס גאָמבע און זי אָנגעקוקט.

אירע אויגן זענען נאָס געוואָרן פון מורא און טרערן זענען גערונען איבער אירע צעפלאַמטע באַקן.

דער פאָטער האָט זי נישט אָפּגעלאָזט.

ער האָט געקוקט אויף איר מיט כעס, זי אויף אים — מיט פּחד.

— זשאַקאָ איז קראַנק — האָט זי געזאָגט מיט צער — ערשט איצט געענטפערט דעם פאָטער אויף זיין פראַגע. דער פאָטער האָט אָפּגעלאָזט איר גאָמבע. „הישטאָ! אין שטוב אַריין!" האָט ער געזאָגט איר און אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט, ווי ער זאָל פאַרטרייבן אַ הון.

רחל האָט אָפּגעזיפצט און ווי אַ מיידעלע אַוועק אין שטוב.

יוסיף האָט אַריינגעטאָן די האַנט אין קאַמער און פון דער פינצטער אַרויס־געשלעפּט זשאַקאָן אויפן הויף.

— עה! — האָט יוסיף אַ זאָג געטאָן דערזעענדיק אים.

— מוש־מיהם (עס מאַכט נישט) — האָט זשאַקאָ אים געענטפערט אונטער דער נאָז. זיין נאָז איז געווען פאַרשטאָפּט מיט פאַרטריקנט בלוט.

— זיי האָבן דיך צעממיתט! — האָט יוסיף אים געזאָגט — און אין דעם הולך האָסטו זיך אַרומגעשלעפּט איבער די גאַסן? — האָט ער ווייטער געפרעגט.

זשאַקאָס פּנים האָט זיך אויסגעקרימט. ער האָט פאַרביילט די פויסטן, אָנגעשטרענגט די כּוחות און זיך אַ ווענד געטאָן צו יוסיפן:

— קיינער פון די פּישערס האָט מיך נישט געזען. איך בין געלעגן אויפן ברעג אין אַן איבערגעקערט שיפל. — זיינע ווערטער זענען געווען אָפּגעהאַקטע, ווי זיי זאָלן זיך נישט בינדן. אַלע ביינער אין פּנים האָבן אים ווי געטאָן. ווען ער האָט גערעדט, האָט ער אַוועקגעקוקט.

יוסיפס פּנים איז געוואָרן שטאַר. ער האָט אויסגעדעמט די ליפּן, ווי ער זאָל וועלן אַ פייף טאָן און געפרעגט זשאַקאָן: „מיט וועמען האָסטו זיך געשלאָגן?"

זשאַקאָ האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ. „מען איז מיך באַפאַלן!"

— האָסט דערלאַנגט צוריק? — האָט יוסיף אים געפרעגט און פאַרקריצט אַן אויג. זשאַקאָ האָט אים נישט געענטפערט.

יוסיף האָט פאַרשטאַנען זיין שווייגן און באַקומען מיטלייד מיט זשאַקאָן.

— נו, שוין, גיי לייג זיך אַוועק! — האָט יוסיף גוטמוטיק אים געזאָגט.

זשאַקאָ האָט אויסגעשטרעקט די הענט, ווי אַ קינד, וואָס האָט מורא, ווען עס שטעלט די ערשטע טריט. זיינע פיס האָבן אים נישט געטראָגן.

ער האָט זיך אויסגעדרייט און אַריינגעקראָכן אין דער קאַמער.

יוסיף האָט געקוקט, ווי ער קריכט. אַ ווײַלע שפּעטער האָט ער זיך אויס־געדרייט און אַוועק אין שטוב אַריין.

אין דער קאַמער איז זשאַקאָ שטיין געבליבן און אַ ריטשע געטאָן: „אַה־ה־ה־ה!". אַזוי האָט ער אויסגעאָטעמט די היץ פון זיין גליִענדיקן קערפּער. ער האָט אויסגעשטרעקט די הענט, ווי ער זאָל וועלן עפּעס אָנטאַפּן. ער האָט אַ טריט געטאָן, זיך אַ וואַקל געטאָן און שטיין געבליבן. די פינצטערניש פון דרויסן און אין דער קאַמער האָבן זיך צונויפגעגאָסן.

עס איז געוואָרן נאַכט. זשאַקאָ האָט אויסגעשטרעקט דעם קאָפּ, ווי אַ חיה, וואָס הערט די נאַכט. שטיל איז געווען. אומבאַהאָלפן, ווי אַ גולם, האָט ער ווידער אַ מאָל געשטעלט אַ פוס און אויסגעשטרעקט אַ האַנט, צוגעשפּאַרט די טיר. ער האָט זיך אַ וואַקל געטאָן און פון הינטערווײַלעכץ אַרויפגעפאַלן אויפן בעט. ער איז ליגן געבליבן אַ צונויפגעקנוילטער מיט אונטערגעצויגענע ביז דעם בויך קני און פאַרשטופּטע אין דער שויס הענט און אָפענע אויגן. ער האָט געקוקט אויף דער קופּע אַלטע נעצן און ער האָט געזען אַ באַרג וואָס באַוועגט זיך. „אַ־אַ־אַ־אַ־אַ!" — האָט ער אַ פאָנפע געטאָן דורך דער נאָז, דערפילט דעם ווייטיק אין אַלע זיינע ביינער. „אַההה" — האָט ער אַ קרעכץ געטאָן. ער האָט פאַרמאַכט די אויגן, איז איינגעשלאָפן.

# ז

אויפן ווייטן האָריזאָנט האָט שוין געגרויט. אין די מרחקים האָט די פינצ־טערניש אָנגעהויבן זיך לייטערן. עס האָט געטאָגט. דער מאָרגן איז געווען קאַלט און נאַס, די לופט — אָנגעדראָלט מיט נעץ. פון צפון האָט געיאָגט אַ שאַר־פער ווינט. די ווינטיקע קעלט האָט געטריקנט די לופט. צווישן דעם הימל און דער ערד איז געהאַנגען אַ נעפּל.

די הייזער אויפן באַרג האָבן זיך אַנטפּלעקט פון נעפּל אַרויס. די נידעריקע הייזער זענען געשטאַנען צונויפגעדריקט, ווי איין הויז זאָל װעלן אַרויפקריכן אויפן אַנדערן. די קרומע דעכער איבער די פאַרהויקערטע ווענט האָבן מיט זייער לאַסט ווי געשפּאַרט די הייזער אין דער ערד. די נאַסע גרויקייט, וואָס האָט אויסגעפּילט די שמאָלע, קרומע, אויסגעצויגענע געסלעך, איז כסדר שיטערער געוואָרן.

די אויפגייענדע טאָג־העלקייט האָט געטריבן פון די ווינקלען די לעצטע הויפנס נאַכט־פינצטערניש. די שטיינער אין די ווענט האָבן געגלאַנצט. דער נאַכט־טוי האָט געטריפט פון זיי. די בונטע, שמאָלע לאָדנס און טירן זענען געווען נאָך פאַרמאַכט. די אייזערנע, פאַרזשאַווערטע קראַטן איבער די פענצטער האָבן פאַרשטעלט די חדרים. די געסלעך זענען געווען ליידיק. פון מאָל צו מאָל האָט אַ פאַרגאַלאָפּירטער ווינט אין אַ געסל בייז געוואָיעט און געפּויקט אין אַ בלעך, אָדער אַ טאָוול, וואָס האָט פאַרשפּאַרט אַ פענצטער.

אין די ליידיקע געסלעך איז געווען שטיל. אין דעם שמאָלן, לאַנגן, ווי אַ לאַבירינט געסל, באַרג אַרויף, איז געגאַנגען זילפּה. איר טריט איז געווען אַ שווערער, איר גאַנג — ווי ביי אַ קאַטשקע. אירע פליישיקע ליפּן זענען געווען אָנגעשמירט בלוט־רויט. אירע קאַשטאַן־האָר זענען געווען אָנגעלייגט מיט דער האַנט און נישט געקעמט. איר אָוואַל פּנים איז געווען מיד, די הויט אַרום אירע אויגן — געגרינצלט. זי איז געווען שלעפעריק. זי איז געגאַנגען מיט פאַרלייגטע הענט איבערן בויך. אירע אַקסלען זענען געווען שפּיציק, איר פּלייצע געבוקט. זי האָט זיך געטוליעט צו זיך אַליין. איר איז געווען קאַלט. פון מורא און מידקייט איז זי שטיין געבליבן אויפן באַרג. זי האָט פונאַנדערגענומען די הענט און טיף אָפּגעאָטעמט. זי האָט אויסגעשטרעקט דעם קאָפּ, ווי אַ הון, וואָס קוקט אַריבער איבער אַ פּלויט. זי האָט באַטראַכט די הייזער פון באַרג אַראָפּ. דאָס געסל איז פון דער זייט באַרג כסדר שמעלער געוואָרן. מיט אַ מאָל האָט זי אַ צעשפּרייט געטאָן די הענט, ווי אַן עוף די פליגל, ווען עס פּרוּווט פליִען, און געלאָפן באַרג אַראָפּ מיט אימפּעט. אונטן, ווו די ווענט פוןביידע הייזער זענען כמעט זיך צונויפגעקומען, איז זי שטיין געבליבן. זי האָט געסאָפּעט און אַרומגעקוקט זיך. דער סוף פון געסל איז געווען שמאָל און נישט ברוקירט; נאָר אַ ליקל, דורך וועלכן נאָר אַ מענטש אָדער אַן אייזל האָט געקענט זיך

אַדורכקריגן. די וועגט־שטיינער זענען געווען שוואַרץ. די קליינע פענצטערלעך אין די ווענט האָבן אויסגעזען, ווי אויסגעהאַקטע לעכער. זילפּה האָט אַ וואָרף געטאָן מיטן קאָפּ: „ווּ בין איך?" — האָט זי זיך געפרעגט. אַ ווײַלע שפּעטער האָט זי אויסגעקרענגט זיך די פינגער און געגאַנגען ווײַטער. זי איז אָפּגעגאַנגען עטלעכע טריט און שטיין געבליבן. זי איז געשטאַנען ביי אַ נידעריק איינשטאָ־קיק הייזל. די שטיינער אין די ווענט זענען געווען גרין און צעקרישלט פון אַלטקייט. אין די מער ברייטערע פוגעס זענען געוואַקסן קעמפּקעס ברוינע מאָך. אין אַ וואַנט פון הויז איז געווען אַ קליינע, שמאָלע טיר, בלוי געפאַרבט, איר אַריינגאַנגס־שוועל אַ טיפע, צוגעפּאַסט צו דער שיפקייט פון גאַס.

— דאָ! — האָט זילפּה אַ זאָג געטאָן, האָט פאַרמאַכט די אויגן און פאַר־לייגט די הענט. אַ ווײַלע שפּעטער האָט זי האַסטיק אויסגעשטרעקט די האַנט און נערוועז אַנגעקלאַפּט אין דער טיר. זי האָט איינגעהאַלטן דעם אָטעם און געעפנט די אויגן. אירע הענט האָבן אונטערגעהאַלטן די ברוסטן.

עס האָט זיך דערהערט אַ רוק פון אַ ריגל. די טיר האָט פּאַמעלעך זיך געעפנט. אין דער אָפענער טיר איז ווי הענגען געבליבן עזראס צעשויבערטער קאָפּ. די טאָגליכט האָט אים אַ בלענד געטאָן פאַר די אויגן. ער האָט זיי פאַר־מאַכט און באַלד צוריק געעפנט. עזראס גאָמבע איז נאָך לענגער געוואָרן, זיין פּנים — פירקאַנטיק.

זיי זענען געשטאַנען זיך אַנטקעגן, זייערע אויגן זענען געווען שטאַר. אירע — פון מורא, זיינע — פון כעס.ביידע האָבן געסאָפּעט. זיי האָבן זיך געהאַסט. אירע רויטע, פלייִשיקע ליפּן זענען געווען אָפן, זיינע — פאַרביסן.

האַסטיק, ווי אַן אַרויסגעלאָזטע פייל פון בויגן, האָט עזרא אויסגעשטרעקט זיין האַנט, זי אָנגעכאַפּט ביים גאָרגל און זי אַ שלעפּ געטאָן אין שטוב אַריין.

— כ־אַ־אַ־אַ — האָט זי אַ כאָרכל געטאָן. איר פּנים איז געוואָרן רויט. איר בלוט האָט זיך אַ שפּאַר געטאָן אין קאָפּ אַריין. זי האָט זיך געשטיקט. עזרא האָט מיטן פוס פאַרמאַכט די טיר און זי אַריינגעשטופּט אין צימער. איצט האָט ער צענומען זיינע ליפּן און אַ וואָרטשע געטאָן, ווי אַ צערייצטער הונט:

— זונה!

זי האָט זיך געשטיקט.

ער האָט זי געהאַלטן ביים גאָרגל און מיט כוח געשטופּט ווײַטער. אין צימער איז געווען פינצטערלעך און שטיל. מען האָט נאָר געהערט דעם קלאַפּ פון איר אַוועקגעשטעלטן קלעצל און דעם פּליאַסק פון זיינע אַוועקגעשטעלטע באָר־וועסע פיס. ער האָט זי צוגעשטופּט ביז דעם בעט, וואָס איז געשטאַנען אויבן אין ווינקל.

דעם ראַנד פון בעט האָט אונטערגעבראָכן אירע קני. זי האָט פאַרלוירן איר גלייכגעוויכט און אַרויפגעפאַלן אויפן בעט.

— הااא! — האָט ער אַ ריטשע געטאָן, ווי אַ ווילדער אָקס, און אַרויפ־געוואָרפן זיך אויף איר.

# ח

זשאַקאָ האָט געעפנט די אויגן. ער איז געלעגן אויפן בעט אַן אויסגעצויגענער. אין קאַמער איז געווען פינצטער. די פינצטערניש איז געווען אַ שיטערע. די טאָג־ליכט האָט אַדורכגעשיינט דורך די ווענט־שפּאַרעס.

זשאַקאָ האָט אויסגעדרייט דעם קאָפּ צו דער וואַנט און געהאָרכט. די זעץ פון די צונויפגעשלאָגענע ים־כוואַליעס זענען געווען טויבע, ווי קלעפּ פון אַ שטעקן, וואָס קלאַפּט בעטגעוואַנט.

— חרא! (דרעק) — האָט ער אַ זאָג געטאָן און איבערגעדרייט זיך אויף דער צווייטער זייט. ער איז געלעגן און זיך נישט גערירט. מיט אַ מאָל האָט ער זיך געזאָגט: „אויך היינט שווימען די פישערס נישט אָפּ אין ים". זיין קול איז געווען הייזעריק, זיינע ווערטער — אָפּגעהאַקטע, ווי ער זאָל ברילן. איצט האָט זשאַקאָ אונטערגעהויבן דעם קאָפּ און געהאָרכט. ער האָט געהערט טריט, וואָס האָבן זיך דערנענטערט.

— ווּ איז ער? עטלעכע טעג אין שטוב נישט געווען — האָט אַ דיקע, ווייכע פרויען־שטימע געזאָגט.

זשאַקאָ האָט זיך אויפגעזעצט, אַראָפּגעלאָזט די פיס, זיי אַריינגערוקט אין די אָפּענע, אַן שנורבענדלעך, שיך. ער האָט דערקענט לונהס, דער בעל־הביתטעס קול.

זשאַקאָ איז געזעסן און געהאָרכט. ער האָט געוואָלט הערן, צו וועמען זי רעדט.

— זשאַקאָ! — האָט לונה אַ שריי געטאָן.

זשאַקאָ איז אַראָפּגעשפּרונגען פון בעט.

לונה האָט אָנגעקלאַפּט אין דער טיר.

זשאַקאָ האָט אַ שפּרונג געטאָן, ווי אַ קאַץ, צוגעלאָפן צום לאָדן, מיט כוח אים אויפגעפּראַלט. ער האָט מיט די הענט זיך אָנגעכאַפּט אין דעם ראַנד פון פענצטער, זיך אָנגעשפּאַרט אויף די עלנבויגנס, איז אונטערגעשפּרונגען, און זיך אַדורכגעשטופּט דורך דעם אָפענעם פענצטער. ער האָט מיט די הענט זיך אָנגעכאַפּט אין דעם שטיינערנעם פּלויט, וואָס איז געשטאַנען אונטערן פענצטער, און אים איבער־געשפּרונגען.

לונה האָט געהערט, אַז ער איז אַרויסגעשפּרונגען. זי האָט אַ דריי געטאָן מיטן קאָפּ פון פאַרוווּנדערונג און אַוועק צוריק אין שטוב.

אַ געבוקטער, ווי ער זאָל זיך היטן, עס זאָל אויף אים עפּעס נישט אַרויפפאַלן, האָט זשאַקאָ געלאָזט זיך לויפן. ער איז אַריינגעלאָפן אינעם דורכגאַנג פון די ערשטע צוויי הייזער. ער איז געלאָפן און זיך נישט אומגעקוקט. ערשט ווען ער איז אַריינגעלאָפן אין געסל, האָט ער זיך אומגעקוקט. דאָס שמאָלע געסל איז געווען אויף דער הויף פון די עטלעכע הייזלעך פון ביידע זייטן. דאָס געסל איז געווען ליידיק. זשאַקאָ איז געלאָפן מיט אימפּעט, ווי מען זאָל אים יאָגן, געלאָפן פון איין געסל אין אַנדערן, נישט געוווּסט, ווּ אַהין.

אין דער שמאָלער, אין גאַס אַריין, טיר איז געשטאַנען די הויכע, מגושמדיקע געשטאַלט, יצחקי דער קרעמער. „זשאַקאָ! — האָט יצחקי אים אַ רוף געטאָן פון וויטנס און זיך אַרונטערגערוקט הינטער דער טיר, געוואַרט אויף זשאַקאָן.

זשאַקאָ האָט אַפילו נישט אויסגעדרייט דעם קאָפּ צו זען, ווער עס רופט אים. ער האָט דערקענט יצחקיס קול.

זשאַקאָ איז אַריינגעפאַלן צו יצחקין אין קראָם.

ביידע זענען שטיין געבליבן זיך אַנטקעגן.

יצחקי האָט געהאַט אַ בעלמע אויפן לינקן אויג. זיין פליישיקע נאָז האָט ווי צעטיילט אויף צוויי טיילן זיין לאַנג פּנים. יצחקי האָט פאַרווונדערט באַטראַכט זשאַקאָן.

זשאַקאָ, דער נידעריקער, קיילעכיקער, ווי אַ פּעסל, פאַרשוין, האָט זיך אויסגע־שטראַמט, אַריינגעצויגן דעם בויך און אַרויסגעשטופּט זיין ברוסטקאַסטן. ער האָט געוואָלט זיין העכער, ווי ער איז געווען.

דער אונטערשייד צווישן די צוויי מענער איז געווען בולט. יצחקי וואָלט אַפילו אין דער פינצטער דערקענט זשאַקאָן. איצט אָבער האָט ער באַטראַכט זשאַ־קאָס הולך.

זשאַקאָס נאָז איז געווען אָנגעשוואָלן, זיינע אויגן אונטערגעהאַקט, ס׳פּנים זיינס — בלוֹ און בלוי. ער האָט געביילט די פויסטן, זיך צוגעגעבן קוראַזש.

יצחקי איז אים אַרומגעגאַנגען, זיך אַוועקגעשטעלט ביים קאַסע־טיש און אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ. ער האָט אים באַדויערט.

זשאַקאָ איז געשטאַנען און זיך נישט גערירט פון אָרט. ער האָט נאָר אויפ־געהויבן דעם קאָפּ און געזען די פולע פּאָליצעס מיט די אויסגעסדרטע פּושקעס און שקאָרמיצן שפּייז. די קראָם איז געווען אַ נידעריקע שטוב מיט בלוי געקאַלכ־טע ווענט. די לופט אין דער קראָם — שאַרף און טוכלע. דער ריח אין דער קראָם איז געווען אַ געמיש פון: אייל, הערינג, נאַפט און בשׂמים. אין קראָם איז געווען אַ קליין פענצטערל און צוויי אַנטקעגן זיך, טירן: — איינע אין גאַס אַריין, די צווייטע האָט געפירט אין שטוב אַריין.

יצחקי האָט זיך אַרומגעקוקט, ווי ער זאָל וועמען זוכן. ער האָט אַ קוק געטאָן אויף דער טיר, וואָס האָט געפירט אין שטוב אַריין, געוואָלט זען, צי די מוטער שטייט דאָרט.

— ווער האָט דיך פאַרטיק געמאַכט? — האָט ער געפרעגט זשאַקאָן. די בעלמע אויף זיין אויג איז ווייס געוואָרן. דאָס אויג האָט אויסגעזען ווי אַ צעבראָ־כענער שאַרבן. זיינע נאָזלעכער האָבן אַ פלאַטער געטאָן.

זשאַקאָ האָט אים אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, ווי באַשטעטיקט יצחקיס פראַגע, אָבער ער האָט אים נישט געענטפערט. אַ ווײַלע שפּעטער האָט זשאַקאָ געזאָגט, ווי ער זאָל רעדן צו זיך: „אויף אַזאַ ים זענען פישערס איינגעשטעלט״.

יצחקי האָט אים אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און אָנגעקוקט מיט זיין געזונט אויג. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז זשאַקאָ היט זיך פאַר אים.

— ווילסט איבערשלעפּן עטלעכע זעק? אין זיין פרייער צייט איז זשאַקאָ געווען יצחקיס טרעגער.

— יאָ! — האָט זשאַקאָ אים געענטפערט און אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ אויף הסכמה.

אין דעם מאָמענט איז אין דער טיר שטיין געבליבן רחל. אויף דער שוועל שוין האָט זי געזאָגט: „שלום! איך וויל אַ שייבע לאַקערדע". איר קול האָט געהילכט. אַן איבערראַשטע האָט זי דערזען זשאַקאָן. זי האָט אים עטלעכע טעג שוין נישט געזען. ביידע מענער האָבן זי אָנגעקוקט. ביידנס פּנימער האָבן זיך אויסגעצויגן. באַלד האָבן זיי זיך איבערגעקוקט. זייער בליק איז געווען אומהיימלעך און אומבאַהאָלפן.

רחל איז איבערגעטרעטן די שוועל, פאַרקנייטשט איר נעזל און פאַרצויגן אירע פּליישיקע ליפּן. אַ קינדיש שמייכל האָט זיך פונאַנדערגעשפּרייט איבער איר פּנים. זייער אומבאַהאָלפנקייט האָט איר הנאה געטאָן.

אין דער טיר, דעם דורכגאַנג פון שטוב אין קראָם אַריין, איז שטיין געבליבן יצחקיס מוטער. זי האָט דערהערט רחלס קול. שושנה, די נידעריקע, דאַרע פרוי, האָט געהאַט גלאַטע, פאַרקעמטע מיט אַ שרונט אין דער מיט, האָר. אירע קליינע הענט האָט זי אַריינגערוקט אין די ברייטע אַרבל פון קליד און איינגעקלעמערט איר שפּיץ צונג צווישן די ליפּן. אירע קליינע, שיפּע אויגן האָבן מיט פרייד באַטראַכט רחלען. זי האָט זיך געקוויקט מיט רחלס יאָדעדיקער פרישקייט.

רחל האָט נישט געזען שושנהן. זי איז געשטאַנען מיט דער פּלייצע צו איר, געקוקט אויף יצחקין: באַטראַכט זיין לאַנגע, פליישיקע נאָז, זיין אויג־בעלמע, זיין קליינעם שטערן און זיין גלאַטן, פלאַטשיקן, אָן איין האָר קאָפּ, וואָס האָט אויסגעזען ווי אַן איינגעדריקטע פושקע.

יצחקי האָט אַוועקגעקוקט און געשוויגן, נישט געוווּסט, וואָס ער זאָל טאָן. אַן אויפגערעגטער האָט ער געקלאַפּט מיט אַ פינגער אין קאָסע־טיש.

רחל האָט אַ טרייסל געטאָן מיטן קאָפּ, אַראָפּגעלאָזט די אויגן, זיך פאַרשעמט. באַלד האָט זי אַ קוק געטאָן אויף זשאַקאָן. זיינע אייגעלעך, וואָס מ'האָט כמעט נישט אַרויסגעזען פון זיין צעשעדיקט, געשוואָלן פּנים. זיינע גרויסע אויערן זענען נאָך מער אַוועקגעשטאַנען. זיין שוואַרצער, געקרייזלטער קאָפּ איז געווען געשוואָלן, נאָך גרעסער. רחל איז געוואָרן ערנסט. אירע גרויסע אויגן זענען געוואָרן מאַט, זייער בליק — שטאַר. זי האָט זיך דערמאָנט אינעם געשלעג. זי האָט פאַרצויגן די ליפּן, ווי זי זאָל וועלן קושן. אירע גרויסע, ברוינע אויגן האָבן געגלאַנצט. „כאַ כאַ כאַ!" — האָט זי זיך צעלאַכט אויפן קול, הילכיק, ווי עטלעכע פרויען זאָלן לאַכן.

זשאַקאָ האָט עטלעכע מאָל אַ טרייסל געטאָן מיטן קאָפּ, ווי ער זאָל פרעגן רחלען, וואָס זי וויל. ער האָט אויסגעשטרעקט די הענט, ווי ער זאָל זיך אין עפּעס וועלן אָנכאַפּן. באַלד האָט ער אַ וואָרף געטאָן מיט אַן אַקסל, ווי ער זאָל זיך וועלן אַדורכשטופּן דורך מענטשן, איז צוגעפאַלן צו דער טיר, אַרויסגעלאָפן אויף דער גאַס.

יצחקיס בעלמע איז רויט געוואָרן ווי אַ רוי שטיק פליייש. ער איז שטיין געבליבן מיט אַראָפּגעלאָזטע הענט, אַן אומבאַהאָלפענער.

שושנהס פּנים איז געוואָרן בלייך. אירע קליינע, שיפּע אויגן האָבן געפינטלט. רחלס געלעכטער האָט געקלונגען איר אין די אויערן. זי האָט אַרויסגענומען די הענט פון די אַרבל, טיף אָפּגעזיפצט און צוגעגאַנגען צו רחלען.

רחל האָט זיך באַהערשט, אויפגעהערט לאַכן און אַראָפּגעלאָזט די אויגן, זיך געשעמט.

שושנה האָט אָנגענומען רחלען ביי דער האַנט.

רחל, דערפילנדיק די קעלט פון שושנהס פינגער, האָט אַ ציטער געטאָן. זי האָט אַ צי געטאָן איר אָרעם, געוואָלט באַפרייען איר האַנט.

שושנה האָט זי נישט אָפּגעלאָזט. זי האָט געשטעלט אַ טריט און מיטגעשלעפּט רחלען נאָך זיך.

רחל איז איר נאָכגעגאַנגען.

יצחקי איז געשטאַנען און געקוקט, וואָס עס קומט פאָר. נאָר ווען שושנה האָט געפירט רחלען, האָט זיין געזונט אויג אַ שיקל געטאָן פון איבעראַשונג.

שושנה האָט רחלען אַריינגעפירט אין ווינצימער, וואָס איז געווען צוזאַמען מיט דער קראָם. אין דעם האַלב־טונקעלן צימער זענען זיי שטיין געבליבן. רחל האָט געקענט שושנהן, אָבער איצט האָט זי באַטראַכט די קליינע פרוי, וואָס האָלט זי ביי דער האַנט. זי האָט ווידער אַ צי געטאָן איר האַנט, געוואָלט זי באַפרייען.

שושנה האָט זי אָפּגעלאָזט. די קליינע פרוי איז שטיין געבליבן און אַראָפּגע־לאָזט אירע קורצע הענט. זי האָט פון דער זייט אַ קוק געטאָן אויף רחלען. אירע דינע ליפּן האָבן עטוואָס זיך געעפנט. אירע שיפּע אויגן זענען געוואָרן שפּיציק און באַטראַכט רחלען: איר פליישיקן האַלדז, אירע שטייפע, געפּאָרעמטע ברוסטן און היפטן. זי האָט זיך געקוויקט מיט רחלס יונגער, שפּראָצנדער פרויען־רייפקייט.

יוסיף, רחלס פאָטער, האָט זיך אַדורכגעשטופּט דורך דער שמאָלער טיר פון גאַס. זיינע האַקי־הויזן זענען געווען אַריינגעלאָזט אין די שקאַרפּעטן. זיין גרויע, שוואַרץ־קראַטירטע בורקע איז געווען אַרומגענומען מיט אַ שטריק. זיין שוואַרץ געשטריקט היטל איז געווען אַראָפּגערוקט ביז די אויגן. פון זיינע בגדים האָט זיך געפילט אַ ריח פון אָנגעשטאַנענע פיש.

דערזעענדיק אים, איז יצחקיס בעלמע ווידער געוואָרן רויט, ווי אַ שטיק בלוטיק פליייש. זיין געזונט אויג איז געוואָרן שטאַר.

יוסיף האָט אים אָנגעקוקט.

יצחקי איז געשטאַנען אַן אומבאַהאָלפענער.

— האַלט צו דעם טיש, ער קען נאָך אַוועקשווימען! — האָט יוסיף אים געזאָגט און אַ פינטל געטאָן מיט אַן אויג.

יצחקי האָט אַ שאַר געטאָן מיט דער האַנט איבערן טיש, ווי ער זאָל עפּעס זוכן. באַלד האָט ער אַראָפּגעלאָזט די האַנט און אַ קוק געטאָן אויף יוסיפן. זיין בליק האָט אים געפרעגט.

— אַ פּעקל „לאַטיף" — האָט יוסיף געזאָגט.

— זעץ זיך! — האָט שושנה געבעטן רחלען.

— איך מוז גיין צו דער אַרבעט!

— רחל? — האָט יוסיף פאַרווּנדערט זיך אַ פרעג געטאָן און שוין אַ שפּאַן געטאָן צו דער טיר פון צימער.

יצחקי איז געשטאַנען מיטן פּעקל סיגאַרעטן אין האַנט. דער בליק פון זיין געזונט אויג איז געווען שטאַר, פאַרגלייזט, די אויג־בעלמע איז געוואָרן ווייס. ס׳בלוט איז אים אַראָפּ אין די פּיס.

יוסיף איז שטיין געבליבן ביי דער טיר, נאָר איבערגעשפּרייזט די שוועל. דער שיין־אונטערשיד צווישן דער קראָם און דער שטוב האָט אים פאַרהאַלטן. יוסיף האָט אויסגעשטרעקט זיין דיקן קאָרק. זיינע אויגן האָבן זיך איינגעקוקט אין דער טיף פון שמאָלן חדר, געוואָלט זען, ווער געפינט זיך דאָרט.

דער מעש־גלימער פון די שבת־לייכטער, וואָס זענען געשטאַנען אויף דער שאַנק, אויך דער בליאַסק פון „נר תמיד", וואָס איז געהאַנגען אויף דער וואַנט, האָט אַ גלאַנץ געטאָן אים אין די אויגן. ער האָט אַוועקגעדרייט דעם קאָפּ און דער־זען די טאָכטער און שושנהן, וואָס זענען געשטאַנען ביים טיש.

שושנה, די קליינע פרוי, האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן. פון צערודערונג האָט זי אַרויפגעלייגט די הענט אויפן טיש.

רחלס פּנים האָט געפלאַמט. אירע גרויסע, ברוינע אויגן האָבן געגלאַנצט. זי האָט מיט חשד געקוקט אויף דעם פאָטער, געוואַרט, וואָס ער וועט זאָגן.

יוסיף האָט געשוויגן; עטלעכע מאָל נאָר אַ דריי געטאָן מיטן קאָפּ, וואָס האָט געקענט זיין פאַרוווּנדערונג, ווי אויך פּראָטעסט. ער האָט אַרומגעקוקט זיך איבער יצחקיס וווינונג, באַטראַכט די צוויי־טיריקע שאַנק מיטן קיילעכיקן שפּיגל פון דרויסן, די צוויי בעטן, פאַרבעט הויך מיט אַ סך בעטציייג, דעם קיילעכיקן טיש מיט די געבעטע בענקלעך. באַלד האָט ער זיך אויסגעגליכן, אָנגעקוקט די טאָכטער. זיין פּנים האָט זיך פאַרקרימט, זיין אונטערשטע ליפּ איז געבליבן הענגען. די שפּיצן פון זיין וואָנסע האָבן אַ ציטער געטאָן, זיין רעכט אויג איז געבליבן האַלב פאַרמאַכט.

— צו דער אַרבעט! — האָט ער אַ בריל געטאָן און אַ ווייז געטאָן רחלען מיט אַ פינגער, אַז זי זאָל גיין.

רחל האָט אַראָפּגעבויגן דעם קאָפּ פון שרעק, געמיינט, אַז דער פאָטער וועט איר געבן קלעפּ. זי האָט אויסגעשטרעקט די הענט, גרייט זיך צו ווערן. די אַרבל פון איר קלייד זענען געווען אויף איר קורץ, אויסגעוואַקסן, זייערע ראַנדן — אויס־געריבן. זי האָט האַסטיק אַוועקגעשטעלט אַ פוס, מיט דעם צווייטן איבערגעשפּאַנט די שוועל, זייטיק זיך אַדורכגערוקט דורך דער טיר, זי זאָל זיך נישט אָנשטויסן אין פאָטער. זי איז פאַרבייגעלאָפן יצחקין, אַרויסגעלאָפן אויף דער גאַס.

יוסיף, דער פאָטער, איז איר נאָכגעגאַנגען. ער איז געגאַנגען מיט אַ שווערן, פאַמעלעכן טריט. שושנה, די קליינע, דאַרע פרוי, איז שטיין געבליבן אַ געפּלעפּטע.

— אָה! — האָט זי אַ זיפץ געטאָן אַ באַליידיקטע. זי, אין איר לאַנגן גראַנאַטענעם קלאָשן־קלייד, האָט אויסגעזען ווי אַ מומיע.

יצחקי איז נאָך אַלץ געשטאַנען ביים קאַסע־טיש מיטן פּעקל סיגאַרעטן און געוואַרט.

יוסיף איז פאַרבייגעגאַנגען, זיך אַפילו אויף אים נישט אומגעקוקט.

יצחקיס אויג האָט אַ שיקל געטאָן. ער האָט אַ קוק געטאָן אויף שושנהן. זיין אויג־בעלמע האָט איצט אויסגעזען ווי אַ פליי־אָדער.

# ט

אין געסל, אַ מרחק פון יצחקיס קראָם, איז זשאַקאָ שטיין געבליבן אַ צעטומלטער. זיינע ברייטע אַקסלען זענען געווען אויפגעהויבן. דער קאָפּ איז געלעגן אין זיי. זיין ברייטע, נידעריקע, פליישיקע געשטאַלט האָט אויסגעזען, ווי אַ פולער זאַק. ער האָט געביילט די פויסטן, אָבער זיינע הענט זענען אַראָפּגעהאָנגען. ביילנדיק די פויסטן, האָט ער געפילט זיין קראַפט, אָבער ער האָט נישט געהאַט וואָס צו טאָן מיט איר. ער האָט פאַרשאַרצט זיין אויבערשטע ליפּ און באַוויזן זיינע ברייטע, געלע ציין.

— נקבות! — האָט ער געזאָגט און אַ קריץ געטאָן מיט די ציין.

זיין פליישיקער קאַרק איז שטייף געוואָרן. זיינע קליינע אויגן האָבן נייגעריק געקוקט. דאָס געסל איז געווען ליידיק. די ווענט פון די קרומע הייזער זענען געשטאַנען, ווי מצבות אויף אַן אַלטן בית־הקברות. זשאַקאָ האָט געקוקט אין דער וווייט פון געסל.

— זי איז שוין נישט דאָ — האָט ער טרויעריק זיך געזאָגט און אַריינגעקוקט אין יצחקיס קראָם.

— רחל! — האָט ער הויך אויפן קול אַ שריי געטאָן. דער אָפּהילך פון זיין קול האָט זיך פונאַנדערגעטראָגן איבער דעם ליידיקן געסל. זשאַקאָ איז געשטאַנען מיט אַן אָפן מויל, ווי אַ געליימטער. ער האָט פאַרמאַכט ס׳מויל. עס האָבן זיך דערהערט טריט. ער האָט זיך אומגעקוקט. מיטן געסל איז געגאַנגען יוסיף. ער האָט אַריינגעצויגן דעם קאָפּ און אויסגעשפּיצט די אַקסלען, געזוכט זיך אַ וועג. ער האָט אָנגעלענט זיך אין דער וואַנט מיט די הענט און פּלייצע, זיך אַרומגעקוקט. אַן אָנגעלענטער אין דער וואַנט, האָט ער זיך געשלעפּט ווייטער. ווען ער איז צוגעקומען צו ענדע וואַנט, האָט ער גענומען לויפן. באַלד האָט ער זיך צוריק באַהאַלטן. די הייזער האָבן אים געשטערט לויפן. ער האָט זיך פאַרהאַלטן, אַ קוק געטאָן אויף די הייזער און געגאַנגען ווייטער. ער האָט זיך געשלייכט צווישן די הייזער פון איין הויף אין אַנדערן, פון איין געסל אין צווייטן. די דורכגענג און די אַריינגענג האָבן אים געפירט. וווהין, האָט ער נישט געוווּסט.

אין דעם שמאָלן און לאַנגן, ווי אַ קישקע, געסל, איז ער שטיין געבליבן. אַ ווינט פון ים איז אים אַנטקעגנגעקומען.

— אַה! — האָט ער אָפּגעאָטעמט און געבליבן מיט אַן אָפן מויל און צעשפּריי־טע נאָזלעכער. ער האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ, געזען דעם ים.

פאַרכישופטע מכשפה — האָט ער גוטמוטיק געזאָגט. גיגאַנטישע, שטורמיש־צעשוימטע כוואַליעס האָבן זיך געשלאָגן.

— וואָס האָב איך געזאָגט? — האָט ער מיט מורא געפרעגט. ער האָט מיט די הענט אָנגעכאַפּט זיינע גרויסע אויערן, ווי ער זאָל וועלן זיי אַרויסרייסן פון קאָפּ. ער האָט אַ טרייסל געטאָן מיטן קאָפּ און זיך געלאָזט לויפן. ביים סוף פון געסל, ביי אַ שטח, וואָס איז געווען אַרומגעצוימט מיט אַן אייזערנעם פּלויט, איז ער שטיין געבליבן. אין דער סביבה איז געווען שטיל. דער פּלויט האָט זיך געצויגן העט ווייט ביז דעם פּאַרט. זשאַקאָ האָט מיטביידע הענט זיך אָנגעכאַפּט אין פּלויט. ער האָט אַריבערגעשטעלט אַ פוס און אַריבערגעשפּרונגען איבערן פּלויט. ער האָט אַ טרייסל געטאָן מיטן קאָפּ, געגאַנגען ווייטער. דורך דאַנען האָבן די פישערס זיך פאַרקירצט דעם וועג אין פּאַרט אַריין. די דראָטענע פּלויטן־נעץ איז דאָ געווען דורכגעריסן. זשאַקאָ איז געגאַנגען און זיך געהוידעט, ווי אַ פישער. דאָ, אין פּאַרט, האָט ער זיך געפילט זיכער.

די ראַמפּע האָט געווימלט פון מענטשן. די לופט איז געווען אַ געפּרעסטע. געמישטע ריחות פון אייל, בענזין און ים־פוילקייט, האָבן געביסן די נאָז. שווערע קראַנען האָבן געגרילצט. שייבעס מיט איבערגעוואָרפענע פּאַסן האָבן געסווישטשעט. געלאָדענע אויטאָס האָבן געוואָרטשעט און געלאָזט נאָך זיך שוואַרצע, געדיכטע קנוילן רויך.

די ברייטע, הויכע שפּייכלער־טירן זענען געווען צעפּראַלט. יידן מיט ברייטע פּלייצעס זענען געגאַנגען אין אַ קאַראַהאַד, אָפּגעלאָדנט קעסטלעך מאַראַנצן פון אַן אויטאָ. באַלאָדנטע זענען זיי אַריין אין שפּייכלערס און זיך אומגעקערט צום אויטאָ. די פּיראַמידעס פון די געשטאַפּלטע קאַסטנס זענען געוואַקסן און אָנגעפּילט די שפּייכלערס. די לעצטע טעג האָט מען נישט געלאָדנט קיין שיפן. זיי זענען אַרויסגעשווומען אין אָפענעם ים איבערוואַרטן. די ברויזנדע ברעג־כוואַליעס זענען געווען אַ סכנה פאַר די שיפן.

זשאַקאָ איז געבליבן מיט די הענט אין די טאַשן און זיך געהוידעט, ווי די שיפלעך, וואָס זענען געווען צוגעבונדן צו דער ראַמפּע. זיין קאָפּ איז געווען פאַר־ריסן, געקוקט אַרויף. ער האָט נישט געקוקט, ווי מען לאָדנט אָפּ. אים, דעם פישער, איז די אַרבעט געווען פרעמד. ווען ער האָט זיך דערנענטערט צו דער פישער־ראַמפּע, האָט ער פאַרשנעלערט זיינע טריט. די נאָזלעכער פון זיין קורצער, פּליישיקער נאָז האָבן געפּלאַטערט. ער האָט געפילט די פוילקייט פון צעווייקטן האָלץ און אָנגעלעגענע פיש. זיינע אייגעלעך זענען געווען פאַרזשמורעט, כמעט פאַרמאַכט. אָבער די שיפלעך אויפן וואַסער, וואָס האָבן זיך געהוידעט, ווי קינדער־

וויגן, האָט ער געזען. ער האָט נישט געזען, אַז אין אַ ווינקל, אָנגעלענט אין אַ וואַנט, שטייט יעקב.

יעקב איז געווען אַ ברייטבייניקער פישער מיט גרויסע שטאַרע אויגן אָן אויסדרוק. ער האָט נישט געזען די דריי פישער־יינגען, וואָס זענען געזעסן אויף דער ערד מיט אויסגעצויגענע פיס ביי אַ שיפל מיט אַן אויסגעבראָכענער ריפּ. אויך זייערע אויגן זענען געווען שטאַר און געקוקט אין ים אַריין. זיי האָבן געקוקט, ווי די גיגאַנטישע, צעברויזטע כוואַליעס שלאָגן זיך און פאַרניכטן זיך.

זשאַקאָ איז צוגעגאַנגען ביז דעם סוף ראַמפּע. ער האָט צעפּירט די הענט ווי אַן עוף די פליגל, ווען ער פּרוווט פליִען און אַריינגעשפּרונגען אין אַ פּאַראַנקערט שיפל. ער האָט עס אַרומגעקרייזט עטלעכע מאָל, ווי אַ צערייצטע קאַץ, וואָס וויל כאַפּן איר אייגענעם וויידל. זיינע קליינע און אויסגעגלאָצטע אייגעלעך האָבן באַטראַכט דאָס שיפל. ס׳שיפל איז געווען נאַס, אָבער גאַנץ. „ברוך השם!״ האָט זשאַקאָ אַ שריי געטאָן. ער האָט איינגעקלאַפּט זיך אַ האַנט אין אַ האַנט און אַ טופּע געטאָן מיט די פיס, ווי אַ קינד, ווען עס איז גליקלעך. זשאַקאָ האָט אויסגעשטרעקט די הענט און מיט פאַרקראַמפּטע פינגער אָנגעכאַפּט זיך אין דעם ראַנד פון שיפל. ער האָט זיך אָנגעלענט אויף די עלנבויגנס און זיך אונטערגעבויגן. ער האָט אַרויפגעשטעלט אַ פוס אויף דעם ראַנד פונעם שיפל און צוריק אַרויפגעשפּרונגען אויף דער ראַמפּע.

ערשט איצט האָט ער זיך אומגעקוקט איבער דער סביבה: „מעלם״ (בעל־הבית) האָט ער אַ זאָג געטאָן און שטיל געבליבן. יוסיף, זיין בעל־הבית, איז געווען אין שטוב, אָבער ער האָט אים געדאַרפט, געוואָלט זיך מיט אים טיילן מיט זיין פרייד. אָבער ער איז געווען אַליין. ער האָט אויסגעשטרעקט זיין געקרייזלטן קאָפּ, זיינע אייגעלעך האָבן אַ גלאַנץ געטאָן פון פרייד. „אַהההה! די חברה איז ביי שלומען!״ האָט ער אַ שריי געטאָן. „אויך איך בין הונגעריק!״ האָט ער צוגעגעבן שטיל. ער האָט פאַרלייגט די הענט אויף הינטן און געגאַנגען אַהין.

— ווּ ביסטו?! — האָט שלום זיך צעשריגן, דערזעענדיק אים. אָבער צו דער חברה, וואָס זענען געשטאַנען אַרום אים, האָט ער אַ פינטל געטאָן מיט אַן אויג. שלומס באַקן האָבן אַ גלאַנץ געטאָן. איבער זיין פליישיק, גוטמוטיק פּנים, האָט זיך פונאַנדערגעשפּרייט אַ שמייכל. שלום איז געשטאַנען אין דער זייט אויף זיין שטענדיקן אָרט.

דאָס קרענצל יינגען, וואָס זענען געשטאַנען אַרום זיי, האָבן אויפגעהויבן די אויגן, אָנגעקוקט זשאַקאָן און געשוויגן. זייער שווייגן האָט געשראָקן און זיי בולט געמאַכט. זיי האָבן געטראָגן בלויע, אָדער גרינע הויזן, אַריינגעלאָזט אין די סקאַר־פּעטן. זייערע קאָלירטע העמדער זענען געווען צעכראַשטשעט. די געשטריקטע, פאַרביקע היטלען זייערע זענען ביי אַלע געווען אַראָפּגערוקט ביז די אויגן.

— איך בין דאָ, ווּ די פישערס זענען! — האָט זשאַקאָ אָפּגעענטפערט שלומען.

— כ׳יאַ! כ׳יאַ! כ׳יאַ! — האָט ווער פון די יינגען זיך צעשנויפּלט, נאָכגע־קרימט אַן אייזל.

— כאַ, כאַ, כאַ, — האָבן די פישער־ייִנגען זיך צעלאַכט אויפן קול.

זשאַקאָ האָט פאַרביילט די פויסט, צעשטעלט די פיס, און פאַרזשמורעט די אייגלעך. ער איז געשטאַנען דער חברה אַנטקעגן.

די פישער־ייִנגען האָבן אים באַטראַכט און געוואַרט.

זשאַקאָ האָט געקריצט מיט די ציין און געביילט די פויסטן. זיינע אייגלעך זענען כמעט געווען צו. אָבער אַ ווײַלע שפּעטער, ווי עס זאָל גאָרנישט האָבן פּאַסירט, האָט ער אַריינגעשטעקט צוויי פינגער אין דעם הויזנטעשל און אַרויסגענומען אַ ניקלנע מטבע.

— אַ סענדוויטש ? — האָט שלום אים געפרעגט.

— נאָר אַזעלכע האָבן געלט ! — האָט אַ הייזעריקע, טרוקענע שטימע געזאָגט. דאָס קרענצל ייִנגען האָט זיך צונויפגעדריקט.

— עבד ! — האָט אַ דיקע, פּייכטע שטימע געשריגן. די ייִנגען האָבן זיך איבערגעקוקט.

זשאַקאָ האָט פאַרריסן דעם קאָפּ, געוואָלט זען, ווער עס זענען די שרייערס.

די ייִנגען האָבן אַריבערגעשטערעקט די קעפּ איבער די קעפּ פון די חברים, געוואָלט זען, וואָס עס קומט פאָר.

זשאַקאָ האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ. ער האָט די מטבע צוריק אַריינגעוואָרפן אין טאַש, אַראָפּגעלאָזט די הענט, שטיין געבליבן. דער בלוי־ווייסער וואָגן מיט די אַנגעוואָרפענע רעפטן ברויט און די צעשטעלטע עמייל־שיסלען מיט עסן האָבן זשאַקאָן אָפּגעטיילט פון דער כאָפּטע ייִנגען.

זשאַקאָ האָט זיך נישט גערירט פון אָרט. עס איז געווען שטיל. אַהער איז נאָר דערגאַנגען דער אָפּהילך פון די מאַשינען, וואָס האָבן געאַרבעט אין פּאָרט.

ביים וואָגן, פון דער זייט, נענטער צו זשאַקאָן, האָט זיך אַוועקגעשטעלט דער געבוקטער. קיינער האָט נישט געזען, פון וואַנען ער איז געקומען.

ער האָט אַ ציי געטאָן אויף צוריק זיין אויבערשטע טייל קערפּער, ווי ער זאָל ווען זיך אויסגלייכן. ער האָט אָנגעקוקט די ייִנגען, כמעט אַלע זיי געקענט.

— אוסקוט יאַ שאַבאַב (שווייגט שקצים) — האָט ער זיי געזאָגט מיט אַ הייזעריקער שטימע און ערנסט פּנים. מיט צוויי פינגער האָט ער זיך פאַרדרייט אַ שפּיץ וואָנסע.

די ייִנגען האָבן דערשטוינט אים אָנגעקוקט און אַראָפּגעלאָזט די הענט. די, וואָס האָבן געהאַט אויף זיך מאַרינאַרקעס, זענען הענגען געבליבן אויף זיי ווי כאָמאָנטן אויף אויסגעשפּאַנטע פערד.

דער געבוקטער האָט זיך אַ וואַקל געטאָן, ווי ער זאָל זיך ווען אין עפּעס אָנכאַפּן. ער האָט זיך צוגערוקט צו זשאַקאָן. אָן צו זאָגן אַ וואָרט, האָט ער גענומען זשאַקאָן ביי דער האַנט און, ווי אַ קינד, אים אַוועקגעפירט אין אַ זייט. ער האָט אים אונטערגעפירט עטלעכע טריט און אים געזאָגט : „גיי !״.

זשאַקאָ איז אַוועק צום טויער, נישט אומקוקנדיק זיך.

די ייִנגען האָבן פאַרריסן די קעפּ, אים נאָכגעקוקט.

אויך דער געבוקטער איז אַוועק, נישט אומקוקנדיק זיך. ער איז געגאַנגען אין דער ריכטונג צו די שפּייכלערס.

פון דער צווייטער זייט טויער אין גאַס איז זשאַקאָ שטיין געבליבן. ער האָט פאַרהאַקט ס׳מויל און אַ קריץ געטאָן מיט די ציין.

— ממזרים — האָט ער אַ זאָג געטאָן, צעצויגן דאָס וואָרט, ווי ער זאָל עס קייען.

אַ ווײַלע שפּעטער האָט ער פאַרביילט די פויסטן, פאַרמאַכט די אויגן און מיט אַ פויסט אַ זעץ געטאָן זיך אין האַרץ און אַ טרייסל געטאָן מיטן קאָפּ.

— ניין! — האָט ער זיך אַ זאָג געטאָן און געגאַנגען ווייטער.

זשאַקאָ איז געגאַנגען מיט דער גאַס באַרג־אַרויף אַ געבוקטער. די גאַס איז געווען ברייטער, ווי די געסלעך אין דער סביבה. די גאַס האָט אויך געהאַט אַן אַספאַלט. די הייזער זענען געווען העכער, ברייטער און גלייכער. צוליב דער ברייט פון דער גאַס איז דער דורכגאַנג אין איר געווען פרייער, די לופט — פרישער. זשאַקאָ איז געגאַנגען לענגאויס דער גאַס אַ בייזער, אָבער, ווען ער האָט דערפילט דעם ריח פון פרישן מיסט, האָט ער אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און שטיין געבליבן. זיינע קליינע אייגעלעך זענען גרעסער געוואָרן, זיינע פאַרפרעסטע ליפּן זענען געוואָרן לויזער. פּאַמעלעך האָט ער אויפגעהויבן דעם קאָפּ. ער איז געשטאַנען הינטער אַ שטיינערנעם פּלויט. אים אַנטקעגן איז געלעגן אַ ליידיקער פּלאַץ.

דער פּלאַץ איז געווען פול מיט וועגענער. זשאַקאָ האָט נאָר געזען די ערשטע דריי פון פאַרנט. אין ערשטן וואָגן איז געווען געשפּאַנט אַ שימל. דער שימל איז געשטאַנען מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ און געדרימלט. אין צווייטן וואָגן איז געווען געשפּאַנט אַ קאַרער אָגער. דאָס פערד האָט געהאַקט מיט די פיס און געוואָרפן מיטן קאָפּ, נישט געקענט איינשטיין. ביים דריטן וואָגן איז געשטאַנען אַן אויסגעשפּאַנטער פון די פּאָסטראָנקעס אַ גביאַדער פערד, וואָס האָט אַרויסגעגעסן פון אַ זאַק, וואָס איז געווען צוגעבונדן צו זיין האַלדז.

ביי דעם מיטלסטן וואָגן, אָנגעלענט מיטן עלנבויגן אין וואָגן, איז געשטאַנען דער הויכער, ברייטבייניקער ייד, וואָס האָט מיט עטלעכע טעג צוריק געשלאָגן זשאַקאָן אין מאַרק.

— עה! — האָט זשאַקאָ אויסגעשריגן אַ צופרידענער און מיט אַ פינגער אים אָנגעוויזן זיך.

אויך איצט האָט דער ייד געטראָגן זיין גראַנאַטן היטל מיטן לאַקירטן דאַשיק. דער אָנגעלענטער אינעם וואָגן בעל־עגלה האָט נישט באַמערקט זשאַקאָן.

זשאַקאָ האָט געוואָלט אויסשטרעקן דעם קאָפּ. זיין שטייפער קאַרק האָט אים געשטערט. ער האָט פאַרקריצט די ציין. זיין האַנט האָט אָנגעטאַפּט די הויזנטאַש. אַ שטיק אייזן האָט אַ גלימער געטאָן אין זיין לינקער האַנט. זיינע פלײשיקע באַקן זענען געוואָרן אָנגעדראָלט, זיינע אייגעלעך — פאַרזשמורעט. ער האָט אויסגעבלאָזן זיין פאַרמאַכט מויל. ער האָט אויסגעזען, ווי אַ חיה, וואָס טשאַטעוועט. פּלוצים איז

ער שטיין געבליבן מיט אָן אָפן מויל, ווי דאָס מויל־געשליס זאָל זיך האָבן פֿאַר־האַקט. ער האָט געעפנט די אויגן: „הרגענען?״ האָט ער שטיל געפרעגט.

— ניין! — האָט ער אויסגעשריגן און אַ טרייסל געטאָן מיטן קאָפּ. ער האָט אַראָפּגעלאָזט די האַנט און דאָס שטיק אײַזן אַרײַנגעלאָזט אין דער טאַש.

אַ ווײַלע שפּעטער האָט זשאַקאָ אויסגעשטרעקט זײַן האַלדז. ער האָט אַ פֿאַר־וואָרף געטאָן דעם קאָפּ אין אַ זײַט און געגומען לויפֿן. ער איז געלאָפֿן מיט אימפּעט און ריטם, ווי אַ פֿערד אויף אַ צירק־אַרענע. ער איז אים אונטערגעלאָפֿן פֿון דער זײַט, אויף אים אַרויפֿגעשפּרונגען און מיטן קאָפּ אַ זעץ געטאָן דעם בעל־עגלה אין בויך אַרײַן. „אַה!״ האָט דער בעל־עגלה אַ קרעכץ געטאָן און געפֿאַלן, געבליבן ליגן, ווי אַ געקרייצטער. זײַן פֿערד האָט אַ וואָרף געטאָן מיטן קאָפּ און זיך צעהירזשעט.

זשאַקאָ איז צוריקגעשפּרונגען אויף הינטן, אַראָפּגעבויגן דעם קאָפּ, אונטער־געהויבן די אַקסלען און אַ געבוקטער נעלם געוואָרן צווישן די וועגענער.

דער בעל־עגלה האָט מיט דער האַנט זיך אָנגעשפּאַרט אין וואָגן און נאָך אַ מאָל אַ קרעכץ געטאָן: „אַה!״ — און זיך אויפֿגעשטעלט. ער האָט אַ טאַפּ געטאָן זיך די קשיזשעס און זיך אַרומגעקוקט. ער האָט קיינעם נישט געזען. ער איז געווען געפּלעפּט, זײַנע אויגן זענען געווען אויפֿגעריסן, גלאָזיק און זיי האָבן געגלאַנצט.

דער בעל־עגלה האָט צוריק צונויפֿגעשטעלט די וואָגן־ברעטער, וואָס ער האָט אײַנגעוואָרפֿן, ווען ער איז אומגעפֿאַלן און אַ גלעט געטאָן דאָס פֿערד איבערן פֿאַשלאַדעק. דאָס פֿערד האָט אַ וואָרף געטאָן מיטן קאָפּ, זײַן גריווע אויפֿן קאַרק האָט אַ ציטער געטאָן. „אויס, אויס״ האָט דער בעל־עגלה גוטמוטיק גערעדט צום פֿערד און געגלעט עס.

ו

עזראס צימער איז געווען נאָך אַ חלק פֿון אַ בנין. די סטעלע איז געווען נאָר אַ שפּיץ פֿון די געוועלבן. די ריפּ פֿון דעם געוועלב איז אין ווינקל דערגאַנגען ביז דעם פּאָל. דערפֿאַר האָט דאָס צימער אויסגעזען נאָך נידעריקער, ווי עס איז געווען. די ווענט זענען געווען פֿייכט. דער אָנגעלייגטער אויף די ווענט קאַלך, אַ־יין שיכט אויף דעם אַנדערן, האָט זיך געקנייטשט, ווי בלעטלעך אין אַן אַלט ספֿרל. די טיר פֿון צימער איז געווען אָפֿן. עזרא איז געשטאַנען אין דער טיר. זײַן ברייטבייניקע געשטאַלט האָט אויסגעפֿילט דעם חלל פֿון דער טיר. אין צימער איז געווען האַלב פֿינצטער. דורך דעם קליינעם אין דער דיקער וואַנט פֿענצטער האָט אַרײַנגעדרענגט אין שטוב די שײַן פֿון דער גאַס און אַלץ איז געווען גרוי. די קעגנשטאַנדן אין שטוב זענען געווען אָנזעעוודיק. איין טאַבאָרעט איז געווען ליידיק. אויף דעם צווייטן איז געלעגן אַ רעפֿטל ברויט און אַן אָפּגעריסענע רינד

פון אַ שטיק קעז. אויפן בעט איז געלעגן זילפּה מיט פאַרמאַכטע אויגן, די הענט אונטערן קאָפּ. זי איז געלעגן מיט פונאַנדערגעלייגטע פיס. איר איבערגעדעקטע מיטן קלייד שויס האָט אויסגעזען ווי אַ ליידיקער מולטער.

— נו! ריר זיך! — האָט עזרא איר געזאָגט מיט אַ מיד, הייזעריק קול. ער אַליין האָט זיך נישט גערירט פון אָרט. זיין שטימע איז געווען הייזעריק און מיד.

זילפּה האָט אים נישט געענטפערט.

עזרא האָט געעפנט דאָס מויל. ער האָט באַוויזן אַ טיפע קעל און ברייטע, געלע ציין. זיין לאַנגע גאָמבע איז נאָך לענגער געוואָרן. ער האָט זיך פּאַמעלעך אויסגעדרייט און אַריין אין שטוב. פּאַמעלעך, ווי אַ קאַץ, ווען זי לויערט, איז ער צוגעגאַנגען צום בעט. ער האָט זי שנעל אָנגעכאַפּט ביי דער האַנט און זי אַ צי געטאָן צו זיך.

זילפּה איז אַראָפּגעשפּרונגען פון בעט.

עזרא האָט זי נישט אָפּגעלאָזט, ווייטער געהאַלטן איר האַנט.

זי האָט געשוויגן. זי האָט נאָר איינגעבויגן דעם עלנבויגן, אַ רענג געטאָן דעם אַקסל און פאַרמאַכט די אויגן. אירע אויגן־לעפלעך זענען געווען פייכט און רויט פון מידקייט. „אַהההה!" האָט זי הויך געגענעצט. עזרא האָט נישט געלייגט קיין אַכט אויף איר. ער האָט זי אַ צי געטאָן צו זיך און זי צוריק אָפּגעשטופּט פון זיך, זי געשטופּט פאָרויס.

זי האָט געשוויגן און איז געגאַנגען אויף הינטערוויל.

עזרא האָט זי צוגעשטופּט צו דער טיר און זי אַדורכגעשטופּט דורך איר. ער האָט איין פוס אַריבערגעשטעלט איבער דער שוועל, מיט דעם צווייטן צוגעמאַכט די טיר.

די קילקייט אויף דער גאַס האָט זיי אָפּגעפרישט. „אה" האָבן ביידע טיף אָפּגעאָטעמט. דער הימל איז געווען פאַרוואָלקנט, די לופט — טריב. אַ געדיכטער נעפּל איז געלעגן איבער די דעכער. די שמאָלע געסלעך האָבן אויסגעזען נאָך שמעלער. אין גאַס איז געווען שוין האַלב פינצטער, טראָץ דעם, וואָס דער טאָג איז ערשט אַריין אין די פאַרמיטאָג־שעהען. פון יעדן שטיין האָט געטריפט טוי. דער ים האָט געשטורעמט. דער אָפּהילך פון די שלאָגנדע זיך כוואַליעס האָט געהילכט אין די געסלעך, ווי קולות פון אָוועקגייענדיקע דונערס.

עזרא און זילפּה זענען געגאַנגען פּאַמעלעך. ער — דער ערשטער און זי געצויגן נאָך זיך.

זי האָט זיך געלאָזט פירן.

פון עזראַס שטוב ביז דעם שטיינערנעם פּלויט, וואָס האָט געצוימט דעם באַרג, ער זאָל זיך נישט קרישלען, און כמעט פאַרשטעלט דעם דורכגאַנג אין געסל אַריין, איז געווען נאָר עטלעכע מעטער. במשך דער צייט האָבן די מענטשן פון דער סביבה אויסגעבראָכן אַ לאָך אין דעם מויער און אויסגעטראָטן אַ שטעג אויף דעם באַרג. דער שטעג האָט פאַרקירצט דעם וועג צו דער צווייטער טייל שטאָט. דער

שטעג איז געווען אויסגעטראָטן, אָבער געקאַרבט, ווי ער זאָל זיין אויסגעלייגט מיט שטיגן.

ביידע האָבן זיך אָנגעבויגן. עזרא האָט אַדורכגעשלעפּט זילפּהן דורך דעם פלויט־דורכבראָך. אויף דער צווייטער זייט פלויט האָט עזרא זי אָפּגעלאָזט. איצט איז זי געגאַנגען די ערשטע. זי האָט געקלעטערט איבער די קאַרבן פון באַרג און געוואַקלט זיך. זי איז געווען מיד און אַדורכגעפרוירן. פון מאָל צו מאָל האָבן אירע אַקסלען אַ ציטער געטאָן פון קעלט.

עזרא איז איר נאָכגעגאַנגען.

אין דער הויך, אויפן באַרג, זענען ביידע שטיין געבליבן.

זילפּה האָט אָפּגעאָטעמט טיף און אַ קוק געטאָן אויף עזראן. איר קוק האָט געפרעגט.

עזרא האָט דאָס נישט געזען. ער האָט געקוקט אין דער זייט. צום ים.

זי האָט געוואַרט.

עזרא האָט אַ שניפּ געטאָן מיט דער נאָז און זיך אַרומגעקוקט איבער דער סביבה. ער האָט דערפילט דעם סמאָל פון געברענטע האָלץ־קוילן. לינקס, עטלעכע מעטער פון זיי, האָבן זיך שוין געזען די ערשטע הייזער פון אַ געסל.

— וואָס שטייסטו ? — האָט ער זי אַ פרעג געטאָן.

זילפּה האָט געשוויגן און ווייטער געקוקט אויף אים.

— קום ! צו דער ג׳מעה (חברה), — האָט ער איר געזאָגט און גענומען גיין.

זילפּה האָט אַ ציטער געטאָן פון קעלט. זי האָט אַריינגעלאָזט דעם קאָפּ צווישן די אַקסלען, אַרונטערגעלייגט די הענט אונטער דער ברוסט און אים נאָכגעגאַנגען.

ביים אַריינגאַנג אין געסל איז עזרא שטיין געבליבן.

זי, הינטער אים.

עזרא האָט פאַרמאַכט איין אויג. מיט דעם אַנדערן איבערגעגאַנגען די לענג פון געסל. די הייזער פון ביידע זייטן געסל זענען געווען הויכע און שמאָלע. די ענגגענדיקע איבערן געסל געוועלבן האָבן פאַרבונדן די הייזער פון ביידע זייטן. גרינער שימל פון דורות איז געווען איינגעגעסן אין יעדן זייער שפּאַלט און ווינקל. דאָס געסל האָט אויסגעזען ווי אַ קעלער. „צום הענטל״ האָט עזרא איר אַ זאָג געטאָן און געגאַנגען ווייטער.

זילפּה איז אים נאָכגעגאַנגען.

זיי זענען אַדורכגעגאַנגען דאָס געסל ביז אַרויף. ביי דער לעצטער טיר פון דער לינקער זייט, אַ טיר פון אַ קראָם, האָבן זיי זיך פאַרהאַלטן. די קראָם איז געווען אַ טיפע און אַ פינצטערע, ווי אַ הייל. עס האָט זיך געפילט פון איר דער טשאַד פון געברענטן אייל.

— אַ גאַנצע ? — האָט אַ הייזעריקע שטימע זיי אַ פרעג געטאָן. דעם מענטשן, וואָס האָט געפרעגט, האָט מען נישט געזען. פאַר דער טיר איז געשטאַנען אַ באַקלאַפּטער מיט בלעך קאַסטן, מיט אַ לאָך אין מיטן, און אין אים אַ האַלב־

קיילעכיקע שיסל מיט קאַנדיקן אייל. אינעם אייל האָבן זיך געפּרעגלט „פּאַלאַפּעלן". אויפן קאַסטן אין דער זייט איז געלעגן אַ שטויס אָנגעוואָרפענע „פּיתהס".

עזרא האָט אַ קוק געטאָן אויף זילפּהן און געפרעגט: — ווילסט?

פון אַן אָפענער קראָם־טיר האָט זיך דערהערט אַן אויסגעצויגענער, דריי־גאָרנדיקער פייף.

עזרא האָט אַ קוק געטאָן אויף זילפּהן פון אונטערן שטערן.

זילפּהס ברוין פאַלדנקלייד איז געווען צעקנייטשט. די הויט אויף איר פנים — טרוקן, נישט געוואַשן. אירע אויגן זענען געווען רויט, נישט אויסגעשלאָפן.

עזראס לאַנג פנים איז געוואָרן רויט פון כעס. זיינע אויגן, אַרומגענומענע מיט אַ שוואַרץ רעמל, האָבן געגלאַנצט. ער איז געווען נישט ראַזירט. זיין אויס־געצויגן פנים האָט אויסגעזען ווי אַן אָפּגענוצטע באַרשט.

זילפּה איז געשטאַנען הינטער עזראן. זי האָט געזען זיין כעס. זי האָט זיך אַרומגעקוקט. אויך זי איז געווען בייז און דערשראָקן. זי האָט געקוקט, ווער עס האָט געפייפט, צי עס שטייט נישט ווער אין דער נאָענט, אויף וועמען עזרא זאָל זיך קענען וואַרפן.

דאָס געסל איז געווען ליידיק. — „קום" האָט זי אים געזאָגט און גענומען גיין. זי איז געגאַנגען צוריק. אין איר „קום" איז געווען אַ געמיש פון באַפעל און מורא.

עזרא האָט זיך נישט גערירט פון אָרט. אַ ווײַלע שפּעטער איז ער איר נאָכגע־גאַנגען און זיך געהוידעט, ווי אַ פישער, און געוואַקלט זיך ווי אַ שיכור. די רציחה האָט אים געטרייסלט. איצט ערשט האָט דער הויכער, דאַרער פאַרשוין מיט דער לאַנגער, פליישיקער נאָז, דער „פּאַלאַפּעל"־פאַרקויפער, אַרויפגעוואָרפן אויפן קאַסטן די „פּיתה".

אין די דיקע ווענט פון די שמאָלע הייזער זענען געווען ברייטע, צעפּראַלטע טויערן. יעדע טיר — די ברייט פון דער קראָם. די טיר איז אויך געווען דאָס פענצטער. געבוקטע מענער אין צעכראַסטעטע העמדער, אַריבערגעלאָזטע איבער זייערע פאַרשמירטע, געלאַטעטע הויזן, האָבן געאַרבעט. האַמער־קלעפּ פון אויס־געקלאַפּטע זוילן, געהעמערטע בלעך און פאַרנאָגלט האָלץ, האָבן פאַרהילכט דאָס געסל. פאַרזאַצטע ריחות פון פּאַפּ, קליִסטער, ברילאַנטין, געסמאַלעטער אייל און מענטשן־שוויס האָבן אויסגעפּילט דאָס געסל. די ברוק־שטיינער זענען געווען נאַס, די לופט — פאַרדומפּן. ס'געסל האָט אויסגעזען ווי ליידיק. זילפּה איז געגאַנגען און עזרא איז איר נאָכגעגאַנגען פון ווייטנס. זיי זענען געגאַנגען, ווי פרעמדע מענטשן. ביים סוף געסל איז זי שטיין געבליבן.

עזרא איז צו איר צוגעגאַנגען.

— וואָס גייסטו מיר נאָך, ווי אַ שאָטן? — האָט זי אים געפרעגט און אַוועק־געדרייט דעם קאָפּ.

עזרא האָט זי אָנגעקוקט. איר פראַגע האָט אים נישט געוווּנדערט. ער האָט נאָר נישט געוווּסט, צי זי שפּאַסט אָדער רעדט ערנסט.

זילפּה האָט אַוועקגעקוקט, אָבער אויף זיך געפילט עזראס בליק. זי האָט אויס־געדרייט צוריק דעם קאָפּ, אים אָנגעקוקט.

— איך בין אַ נקבה — האָט זי אים געלאָסן געזאָגט.

— אַההה! — האָט עזרא זיך צעגענעצט און אַ שאָקל געטאָן איר מיטן קאָפּ, אַז ער איז מסכּים מיט איר.

— גיי! גיי! — האָט זילפּה אים בייז אָפּגעענטפערט און אַ מאַך געטאָן מיטביידע הענט, אים געיאָגט פון זיך. אָבער זי האָט נישט געוואַרט, ביז ער וועט גיין. זי האָט זיך אַ דריי געטאָן אויפן קלעצל און איז אַוועק. זי איז אַוועק מיט דעם זעלבן וועג, מיט וועלכן זיי זענען געקומען.

עזרא האָט פאַרזשמורעט זיינע ביידע אונטערגעהאַקטע אויגן, איר נאָכ־געקוקט. זי האָט פאַרשנעלערט אירע טריט, אויסגעשטראַמט איר קערפּער, כאָטש זי איז געווען מיד. זי איז ווידער געווען אַליין און פריי.

— קילבה (הינטיכע) — האָט עזרא געזאָגט און זיך צעשמייכלט. אַ רגע שפּעטער איז זיין פּנים ווידער געוואָרן ערנסט, זיין לאַנגע גאָמבע — קאַנטיק, זיינע מידע אויגן — גלאַזיק. ער איז געשטאַנען און געקוקט, ווי ער זאָל וואַרטן. „טפו!" האָט ער אַ כראַקע געטאָן. ער האָט מיט ביידע הענט אַראָפּגעצויגן ביז די אויגן זיין געשטריקט שטרומפּן־היטל און גענומען גיין. אויך ער איז געגאַנגען באַרג אַראָפּ, אַהיים. ער איז געגאַנגען פּאַמעלעך און זיך געהוידעט, ווי אַ שיפל אויפן וואַסער.

# יא

דער הימל איז געווען ברודיק, זיין גרוי — געדיכט און בלייִק. דער נאָכמיטאָג איז געווען אַ טריבער, אָבער אַ טרוקענער. די לופט איז געווען אָנגעדראָלט. דער רעגן איז געהאָנגען אין דער לופטן. אויף דעם ווייטן האָריזאָנט האָט זיך די נאַכט שוין פונאַנדערגעזעצט. אינעם לאַנגן, שמאָלן, ווי אַ לענטע, אויסגעצויגענעם געסל האָט געשפּאַנט זשאַקאָ. ער איז געגאַנגען אין מיט פון געסל מיט פאַרלייגטע פון הינטן הענט. זיין באַטלדרעס איז געווען צעקנעפּלט. ער איז געגאַנגען פּאַמעלעך, כמעט געשלעפּט די פיס, ווי עס זאָל אים גאָרנישט אינטערעסירן, אָבער זיינע אייגעלעך, וואָס האָבן אַרויסגעקוקט פון זיין פלאַטשיק פּנים, האָבן נייגעריק באַטראַכט דאָס געסל. די שמאָלע, נידעריקע, צונויפגעדריקטע הייזלעך און דער מעטשעט מיטן טורעם אין דער זייט האָבן געצוימט דאָס געסל. זשאַקאָ איז געגאַנ־גען, געקוקט און אויפגעהאָרכט, צי עס גייט אים ווער נישט נאָך. ער האָט זיך געשראָקן און געזוכט באַקאַנטע. ער האָט געוואָלט טרעפן אַ פישער־יונג. אים דערציילן, ווי אַזוי ער האָט נקמה גענומען אין דעם בעל־עגלה.

ער איז געגאַנגען פּאַמעלעך און געפילט יעדן אבר זיינעם. יעדער גליד

האָט אים ווי געטאָן. ער איז ערשט איצט אַרויס אין גאַס. נאָך דעם געשלעג מיט דעם בעל־עגלה האָט ער מורא געהאַט זיך ווייזן אין גאַס. ער האָט זיך אויסבאַהאַלטן עטלעכע טעג. אין דעם אַלטן שיפל אויף דעם ברעג איז ער אָפּגעלעגן ביז אין דער נאַכט אַריין. די רעשט טעג איז ער געלעגן ביי זיך אין קאַמער; זיי איבער־געשלאָפן.

— זשאַקאָ! — האָט אַ הוילע, הייזעריקע שטימע אים אַ רוף געטאָן.

ער איז שטיין געבליבן מיט אַן אויסגעשטרעקטן פוס, גרייט אָוועקצולויפן. זיין מויל האָט זיך אויסגעקרימט און ער האָט פאַרזשמורעט אַן אויג, געקוקט, ווער עס רופט אים.

אונטערן מעטשעט איז געשטאַנען עזרא. ער האָט געוואַרט, אַז זשאַקאָ זאָל צו אים צוגיין. זשאַקאָ איז געווען דער „עבד" וואָס דינט ביי אַבו־יוסיפן. אַזוי האָבן די פישערס גערופן זשאַקאָס בעל־הבית, טראָץ דעם, וואָס דער זון זיינער איז נישט געווען דער „בכור".

— ממזר! — האָט זשאַקאָ אַ וואָרטשע געטאָן, אָנגעטאַפּט ס'שטיק אייזן אין טאַש און זיך אומגעקוקט, צי עס באַפאַלט אים נישט ווער. ער איז געווען זיכער, אַז עזרא האָט אונטערגעשטעלט „חברה", אַז זיי זאָלן אָנברעכן אים די ביינער.

— אש־בידק (וואָס ווילסטו)? — האָט ער שטאָלץ אַ פרעג געטאָן אים, זעענדיק, אַז ער איז אַליין.

— תעל־הון (קום אַהער) — האָט עזרא אים געענטפערט.

זשאַקאָ איז צו אים געגאַנגען נישט גערן און נישט זיכער.

— כיף חאַלק? (וואָס מאַכסטו) — האָט עזרא אים געפרעגט אויפן קול.

זשאַקאָ איז שטיין געבליבן אַ פאַרוווּנדערטער און אָנגעקוקט עזראן, צי ער שפּאַסט נישט פון אים.

עזראס לענגלעך פנים איז געוואָרן ערנסט. זיינע גרויסע, שוואַרצע אויגן האָבן באַטראַכט זשאַקאָן.

— צעממיתט דיך! — האָט ער אַ זאָג געטאָן זשאַקאָן.

זשאַקאָ האָט פאַרריסן דעם קאָפּ, פונאַנדערגעצויגן די אַקסלען. זיין ברייטער ברוסטקאַסטן איז געוואָרן פּירקאַנטיק.

— געלאָזט זיך שלאָגן. נישט געוואָלט זיך פאַרנעצן (בלוט פאַרגיסן). איך בין אַ פישער! — האָט זשאַקאָ שטאָלץ אים געענטפערט. ווען ער האָט געענדיקט רעדן, האָט ער אַ מליאַסקע געטאָן מיט די ליפּן. זיין מויל איז געווען פול שפּייעכץ.

עזראס אויגן האָבן אַ גלאַנץ געטאָן. זיין בליק האָט געגלעט זשאַקאָן.

אַ ווײַלע זענען זיי געשטאַנען זיך אַנטקעגן און געשוויגן. ביידנס בגדים זענען געווען גרוי, אַזוי, ווי דאָס געסל.

— פאַ! — האָט עזרא אַ קלאַפּ געטאָן מיט די ליפּן און צוגעגעבן: — עס איז קאַלט.

זשאַקאָ האָט אַראָפּגעלאָזט די הענט. זיינע אייגעלעך האָבן געגלאַנצט און געקוקט אויף עזראן. ער איז געשטאַנען ווי אַ גולם און געשוויגן.

— קום זיך דערוואַרעמען! — האָט עזרא אים געזאָגט און גענומען גיין.

זשאַקאָ האָט געצעגערט. אַ ווײַלע שפּעטער האָט ער אַ שפּרונג געטאָן, אים דעריגרייכט, זיך אויסגעגליכן מיט עזראַן.

זיי זענען געגאַנגען און געשוויגן. אַ שטיקל וועג ווײַטער האָט עזרא אַרויסגענומען פון טאַש אַ צעקנייטשט סיגאַרעטל. ער האָט עס איבערגעבראָכן און אַ העלפט אָנגעבאָטן זשאַקאָן.

— טפו! — האָט זשאַקאָ אַ צמאָקע געטאָן מיט דער צונג, אים אָפּגעזאָגט.

עזרא האָט פאַררויכערט און זיך פאַרצויגן. — אַה! — האָט ער אָפּגעאָטעמט. מיט אַ פינגער אַ שנעל געטאָן דאָס אויסגעברענטע שוועבעלע, דאָס צווייטע שטיקל סיגאַרעטל צוריק אַרײַנגעלייגט אינעם העמדן־טעשל.

זשאַקאָ האָט מיט צוויי פינגער אַרויסגעצויגן פון דער הינטערשטער הויזן־טאַש אַ גייפל טאַבאַק. ער האָט אויסגעשפּיגן און אַרונטערגערוקט זיך אונטער דער ליפּ דעם טאַבאַק.

אין דער ברייטער טיר זענען זיי שטיין געבליבן. אין דעם נידעריקן, פיר־קאַנטיקן קאַפע איז פאַראַן אַ געדיכטע, פאַררויכערטע פינצטערניש, אַ וואָלקן פון רויך איז געהאַנגען אונטער דער סטעליע. די גרוי געקאַלכטע ווענט האָבן געשוויצט. די מענטשן אין דעם קאַפע האָבן גערוישט און געליאַרמעט. קײַלעכיקע קעפּ אויף געבוקטע פּלייצעס האָבן פאַמעלעך זיך באַוועגן. פאַר דער טיר זענען געשטאַנען עטלעכע ליידיקע טאַבאַרעטקעס.

עזרא האָט אַ צי געטאָן מיטן פוס אַ טאַבאַרעט, געמאַכט פּלאַץ פאַר ביידע. זיי האָבן זיך אַנידערגעזעצט.

— טיי! — האָט עזרא אַ שריי געטאָן און געוויזן דעם בעל־הבית מיט די פינגער — צוויי!

דער בעל־הבית איז געווען אַ דאַרער, מיטלוועקסיקער פאַרשוין מיט אַ קליין, ברייט, גרוי וואָנסעלע, ווי אַ זומער־פייגעלע. אַ טונקל שערצל מיט אַ ברייטער טאַש איז געווען אַרומגעבונדן אַרום זײַנע לענדן. איבער דער ברייט פון זײַן וועסט איז געהאָנגען אַ דיקע, געניקלטע קייט.

עזרא און זשאַקאָ זענען געזעסן מיט צעלייגטע קני, מיטן רוקן צו דער טיר, און האָבן געשוויגן. זשאַקאָ האָט אַרײַנגעקוקט אין קאַפע אַרײַן, געוואָלט זען, ווער פון די פישערס זיצט דאָרט? צי זיי זעען, אַז ער זיצט מיט עזראַן?

עזרא האָט געאַרבעט אין פּאָרט אויף דער גרעסטער „לאַנטש". זיי זענען געזעסן אין דורכגאַנג, געפילט אויף זיך די קעלט פון דער גאַס און די דעמפּיקייט, וואָס האָט געשלאָגן פון קאַפע.

דער בעל־הבית, מיט אַ מעשן־טעצל אין האַנט, האָט זיי צוגעברענגט די באַשטעלונג. אויף דעם טאַבאַרעט דערנעבן האָט ער אַוועקגעשטעלט צוויי גלעזער טיי. די גלעזער זענען געווען פון דיק, געפינגערט גלאָז. די טיי איז געווען געדיכט און שוואַרץ. אין יעדן גלאָז איז אַרומגעשווומען אַ קליין בלעטעלע ציטרין.

זשאַקאָ האָט האַסטיק אויסגעצויגן דעם לינקן פוס און שנעל אַרײַנגערוקט די

האַנט אין דער הויזן־טאַש. אַ ניקלנע מטבע האָט אַ גלימער געטאָן אין דער פאַרטונקלונג. זשאַקאָ האָט אַרויפגעוואָרפן אויפן טעצל אַ צענער פּיאַסטער.

דער בעל־הבית איז אַוועק און פאַרשווונדן געוואָרן אינעם מענטשן־קלימפּער.

— ע׳? — האָט עזרא זיך אַ ווענד געטאָן צו זשאַקאָן און דערשטוינט אים אָנגעקוקט.

זשאַקאָ האָט זיך צעשמייכלט און געשוויגן. דער ענין האָט אים הנאה געטאָן. עזרא האָט זיך אַ שוידער געטאָן, ווי די בגדים זאָלן אים בייסן, אַ קוק געטאָן מיט איין אויג פון דער זייט אויף זשאַקאָן און אים געזאָגט: — זשאַקאָ! דו ביסט פון דער ג׳מעה (חברה).

זשאַקאָ האָט פאַרריסן דעם קאָפּ, און זיצן געבליבן מיט אַן אָפן מויל. זיינע אייגעלעך זענען געווען פאַרזשמורעט, זיין פּנים אויסגעקרימט. ער האָט געקוקט אויף עזראַן און געשמייכלט.

עזרא האָט פאַרזשמורעט איין אויג, דאָס צווייטע איז געבליבן פאַרגליווערט, ער האָט אויסגעקרימט די ליפּן, זיין לאַנגע גאָמבע איז געוואָרן קאַנטיק. ער האָט אַ קנאַק געטאָן מיט צוויי פינגער, זיך צוגעבויגן צו זשאַקאָן, ווי ער זאָל וועלן אים פאַרטרויען אַ סוד.

— זשאַקאָ! — האָט ער אים געזאָגט אויפן קול — פישערס זענען אַ שטאַם, ים און נקבות! די צוויי ווערטער האָט ער ווי אַדורכגעזייט דורך די ציין. זיינע אויגן האָבן אַ גלאַנץ געטאָן פון גאווה.

זשאַקאָ איז זיצן געבליבן מיט אַן אָפן מויל, ווי אַ גולם.

דער קאַפע, וווּ עזרא מיט זשאַקאָן זענען געזעסן, האָט זיך געפונען אין אַ קליין געסל. דער באַשטאַנד — זעקס הייזער, דריי־דריי אין יעדער זייט. דאָס ברעקל געסל איז אויך געווען דער הויף פון די הייזער. טעלעכע טאַבאַרעטן פון קאַפע זענען געשטאַנען צעשטעלט איבערן געסל. אַ פאַרזשאַווערטע באַליע איז געלעגן אין וועג. אין מיטן געסל האָבן געקניט צוויי צעשויבערטע יינגלעך, געשפּילט „דזשולן״. עזרא האָט געקוקט, ווי זיי שפּילן. מיט אַ מאָל האָט עזרא אַ זאָג געטאָן, ווי ער זאָל רעדן אין גאַס אַריין: — פישערס ווערן געבוירן...

זשאַקאָ האָט אים אָנגעקוקט. זיינע אייגעלעך זענען געווען שטאַר, אָן אויסדרוק.

— טרינק! — האָט עזרא געזאָגט און מיט דער האַנט אָנגעטאַפּט זיין גלאָז טיי.

— יאָ, יאָ! — האָט זשאַקאָ אים געענטפערט און צוגעשאָקלט אים מיטן קאָפּ.

— שוין קאַלט! — האָט עזרא געזאָגט.

ביידע האָבן גענומען די גלעזער צום מויל און מיט איין שלוק אויסגעטרונקען די טיי, ווי זיי זאָלן טרינקען וואַסער.

עזרא האָט אַוועקגעשטעלט דאָס גלאָז, ווי ער זאָל האָבן אויסגעטרונקען אַ גלאָז אַראַק.

זשאַקאָ האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און געבליבן מיטן גלאָז אין האַנט. זיינע קורצע פינגער האָבן פעסט געהאַלטן דאָס גלאָז. פּלוצים האָט זשאַקאָ אויסגעצויגן דעם האַלדז, ווי אַ האָן, וואָס גרייט זיך קרייען. זיינע אייגעלעך האָבן שטאַר געקוקט

אין געסל אַריין. קוקנדיק, האָט ער לאַנגזאַם זיך אונטערגעהויבן און ווי אַ לונאַ־טיקער אַוועקגעשטעלט דאָס גלאָז אויפן טאַבאַרעט, וואָס איז געשטאַנען נעבן אים, געשיקט, ווי אַ קאַץ, האָט ער אַ שפּאַן געטאָן אין גאַס אַריין.

עזרא איז זיצן געבליבן מיט אויסגעגלאָצטע אויגן. ער האָט נישט פאַרשטאַנען, פאַרוואָס זשאַקאָ איז פון אים אַוועקגעלאָפן. אַ ווײַלע צײַט האָט ער אים נאָכגעקוקט. זשאַקאָ איז געגאַנגען אַ געבוקטער. זײַן קאָפּ איז אים געלעגן אין די אַקסלען. זײַנע אײַגעלעך זענען געווען אויסגעשטשערעט, ווי בײַ אַ מײַדל. ער האָט זיך געשלײַכט בײַ די ווענט, מ׳זאָל אים נישט זען. ער איז געגאַנגען מיט איין אַקסל פאָרויס. די פיס האָט ער געשטעלט פון אויבן אַראָפּ, ווי ער זאָל טרעטן אויף די שפּיץ פינגער.

עזראס גאָמבע איז נאָך בולטער געוואָרן. זײַן צײַן־געביס איז געבליבן אָפן ווי אַן אויפגעשניטענע בלעכערנע פּושקע. זײַנע אויסגעגלאָצטע אויגן זענען שטאַר געוואָרן. „אַרס״ (אַלפאָנס)! — האָט ער אַ וואָרטשע געטאָן. די אָדערן אויף זײַן האַלדז זענען געוואָרן אָנגעצויגן.

אין געסל, מיט דער פאַרקערטער ריכטונג ווו אַהין זשאַקאָ איז געלאָפן, איז אָנגעקומען יוסיף, זשאַקאָס בעל־הבית. יוסיף איז געגאַנגען און זיך געהוידעט. אין דעם שמאָלן געסל איז זײַן הויכע, קרעפּטיקע געשטאַלט געווען אָנזעעוודיק.

ווען עזרא האָט געמיינט מיט זײַן „אַרס״ האָט נאָר ער געוווּסט. עזרא האָט אַ קריץ געטאָן מיט די צײַן און פּאַמעלעך זיך אויפגעשטעלט. ער האָט אַ טרייסל געטאָן מיטן קאָפּ, ווי ער זאָל זיך פון עפּעס אָפּטרייסלען. זײַן געשטריקט היטל האָט ער אַרויפגערוקט זיך אויפן שײַדל און מיטן פוס אַ צי געטאָן דעם טאַבאָרעט, וואָס איז געשטאַנען אים אין וועג. פּאַמעלעך, מיט אַ געמאָסטענעם שריט, איז ער אַוועק אין גאַס.

# יב

דער שטח פון דער שכונה איז געווען אַ פלאַך, שיף בערגל. די ווענט פון די הײַזער האָבן קוים זיך אַרויסגעזען פון דער ערד. די דעכער האָבן ווי איבערגעדעקט דעם שטח. יעדעס הײַזל האָט געהאַט אַ הויף. די שכונה איז באַשטאַנען פון דרײַ פּאַראַלעלע געסלעך. די שמאָלע, קורצע געסלעך האָבן זיך געצויגן פון אויבן דעם בערגל אַראָפּ צום ים. אויף די הייף אַרום די הײַזלעך זענען געווען שיפּע. פלויטן כל־מיני האָבן געצוימט די הייף. די פענצטערלעך אין די הײַזלעך זענען ווי געלעגן אויף דער ערד. אויף יעדן הויף איז געווען אַ סוכה. ווינטער זענען די ריטלעך געווען נאַקעט און אויסגעזען ווי אַלטע, פאַרטריקנטע בלוט־אָדערן. אויף יעדן הויף האָבן אַרומגעדרייט זיך עטלעכע הינער מיט געלע פיס און רויטע קראַמען. אייני־צלנע הינער האָבן שפּאַצירט און געפּיקט קערנדלעך פון דער ערד. עטלעכע זענען

געשטאַנען אויף איין פוס — דעם צווייטן האָבן זיי געהאַלטן אונטערן פליגל. אויך הינט זענען אַרומגעלאָפן איבער די הייף און געשטאַנען ביי די טירן, געוואַרט, מ׳זאָל זיי אַריינלאָזן אין שטוב. אין יעדן הויף האָט זיך געפונען אַן איינגעגראָבענע אין דער ערד וואַסער־„דזשאַרע״ מיט קיל וואַסער. איצט זענען זיי געווען אָן די צודעקן, ליידיק.

דאָס וועטער איז געווען ווינטיק, די לופט — דורכזיכטיק. די ערד אַדורכגענעצט. יעדעס זאַמדל איז געווען בולט. דער מאָרגן איז אויפגעגאַנגען. די זון האָט פּאַמעלעך זיך אַפּירגערוקט. דער מאָרגנגרוי איז כסדר העלער געוואָרן, די לופט — וואַרעמער. אין דער סביבה איז געווען שטיל. אַהער איז נאָר דערגאַנגען דער רויש פון די שלאָגנדיקע זיך, אין ים, כוואַליעס.

אין דעם ערשטן פון דער רעכטער זייט געסל האָט זיך באַוויזן אַ געשטאַלט. דער מענטש איז געגאַנגען אַרויף אַ באָרוועסער. זיינע נאָגאַוויצעס זענען געווען פאַרשאַרט ביז די קני. זיין העמד — צעכראַסטעט. אויף זיינעם אַן אַקסל איז געלעגן איבערגעוואָרפן אַ גרוי, לייוונטן זעקעלע. דאָס זעקעלע איז געווען נאַס. אויך די פּלייצע פון העמד איז געווען נאַס. דער מענטש איז געגאַנגען ביי די פּלויטן און זיך אומגעקוקט. זיין שריט איז געווען אַן אויסגעצויגענער און שנעלער. דאָס געסל איז געווען ליידיק.

אַן אויפגעריגלטער ריגל האָט אַ סקריפּע געטאָן. אויפן הילצערנעם גאַניקל אין גאַס אַריין איז שטיין געבליבן אַ דיקע, באָרוועסע פרוי. זי האָט געהאַט אויף זיך אַ רויטן בלוי־געבלומטן שלאַפראָק. איר פעטער בויך איז געווען אַרומגעבונדן מיט אַ שלאַפראָק־גאַרטל. פון איר טיפן דעקאָלט האָבן אַרויסגעשטאַרט אירע פליישיקע ברוסטן. זי האָט געהאַט ראָזע באַקן, געווען אויסגעשלאָפן. פון איר האָט נאָך געווייעט די וואַרעמקייט פון בעט, פון וועלכן זי איז אויפגעשטאַנען. — אַההה! — האָט די פרוי הילכיק זיך צעגענעצט, אָבער באַלד צוריק פאַרמאַכט איר מויל. זי האָט דערזען אלין, דעם מענטש, וואָס איז געגאַנגען אין גאַס. אלי איז דערשינען איר אַנטקעגן.

— יאַ טורקאַ! (טערק) ווו שטעקסטו? — האָט זי פריינדלעך געפרעגט. זי האָט צעשטעלט אירע באָרוועסע פיס און אונטערגעשפּאַרט זיך מיט די הענט די באָקעס, געוואַרט אַז אלי זאָל זיך אָפּשטעלן מיט איר.

אלי האָט איר נאָר אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און געגאַנגען ווייטער. — פו! — האָט זי אַ היקע געטאָן און אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט, ווי זי זאָל אים פאַרטרייבן. זי האָט צונויפגעפּרעסט אירע פליישיקע ליפּן און איבערגעלאָזט אין זיי דעם שפּיץ צונג. איר קיילעכיק, פליישיק פנים איז געווען רויט פון כעס. אַ וויילע שפּעטער האָט זי זיך אומגעקוקט, צי ווער פון די שכנים האָט געזען זייער באַגעגעניש. דאָס געסל איז נאָך אַלץ געווען ליידיק. זי האָט אייליק איינגעלייגט אירע לאַנגע, צעלאָזטע האָר, זיי איינגעקניפּט, ווי אַ פערד־וויידל און צוריק אַריין אין שטוב. איר טריט איז געווען אַ פוילער און שווערער.

אלי האָט פאַרשנעלערט זיין טריט. אין געסל איז געווען שטיל. ער האָט נאָר

געהערט דעם פּלאַסק פון זיינע באָרוועסע פּיאַטעס, וואָס האָבן געפּלאַסקעט די נאַסע ערד. ער איז געגאַנגען און זיך נישט אומגעקוקט. ביים סוף פון געסל איז ער שטיין געבליבן. אים אַנטקעגן איז געלעגן אַ ברייטער ערדפּאַס, וואָס האָט אויסגעזען ווי אַ וועג. דער פּאַס ערד איז געווען צעגראָבן און פאַרוואָרפן מיט שטיינער. דער ערדפּאַס איז געווען די גרענעץ פון דער שכונה. דער ראַנד פון דעם פּאַס איז געווען שיף. אונטן, ביים ראַנד, איז געשטאַנען אַ שורה הייזער. פון דער הויך, ווו אלי איז געשטאַנען, האָט מען געזען נאָר זייערע דעכער. ער האָט אַריבער־געקוקט איבער זיי.

אַ ווײַלע שפּעטער האָט אלי גענומען קריכן. ער איז געקראָכן אַראָפּ דורך דער שיפקייט און מיט דער האַנט זיך אָנגעהאַלטן אין די גרודעס ערד. די אָנגע־טראָטענע ערד־גרודעס האָבן זיך אים נאָכגעקאָלערט. אונטן איז ער שטיין געבליבן. ער האָט געקוקט. „דאָרט!" — האָט ער זיך געזאָגט, דערזעענדיק די גאַס, און געגאַנגען ווייטער. דאָס דערנערדיקע שטיקל פעלד האָט ער איבערגעשפּאַנט משופּעדיק. ער איז געגאַנגען, זיך געטאָרעוועט אַ וועג צווישן די דערנער. ער איז אַריין אין גאַס און ממשיך געווען זיין וועג. די גאַס איז געווען אַ סך ברייטער, ווי די געסלעך אין דער סביבה. די גאַס איז געווען דער צענטער פון דער שכונה. די הייזער דאָ זענען געווען אויך שמאָלע, אָבער גאָרנדיקע, געהאַט הילצערנע אַלטאַנ־קעס און גאַניקלעך. דאָס האָלץ איז שוין געווען שוואַרץ פון אַלטקייט. די שינעס, וואָס האָבן געטראָגן די גאַניקלעך, זענען געווען דורכגעזשאַווערט. די גאַס איז אויך געווען ליידיק.

עטלעכע הייזער ווייטער אין ראַג פון ערשטן געסל, וואָס האָט געקרייצט די גאַס, איז אלי שטיין געבליבן ביי אַן איינשטאָקיק הויז מיט אַ פיש־קראָם. דאָס הויז איז געווען געבויט פון זאַמד־שטיינער, וואָס האָבן זיך שוין געקרישלט. די טיר פון דער קראָם איז געווען גרין געפאַרבט. די פאַרב האָט זיך שוין געשיילט.

אלי איז אריין אין קראָם.

אַ געשטעל פון אייזן מיט אַן איבערגעלייגט ברעט איז געווען דער טיש. דער טיש האָט פונאַנדערגעטיילט די קראָם. פון דער זייט טיש איז געשטאַנען יקיר דער פיש־סוחר, פון דער צווייטער זייט טיש — די קונים. אויפן טיש איז געלעגן אַ שטיק האָלץ, אַ לאַנג מעסער און אַ העקל. די אַרבעטס־כלים זענען געווען אויס־געוואַשן, אָבער פאַרטריקנטע שופּן פון די נעכטן געמאַכטע פיש האָבן געקלעפּט אויף זיי. אַן אַלטער קרעם־געפאַרבטער אייזקאַסטן איז געשטאַנען אין דער זייט. די טיר פון אייזקאַסטן איז געווען אָפן, דער אייזקאַסטן — ליידיק. יקיר, אָנגעלענט מיט די עלנבויגנס אויפן טיש, האָט געקוקט אין גאַס אַריין. יקיר איז געווען אַ הויכער, דאַרער ייד מיט אַ לאַנג, אויסגעצויגן פּנים. די עטלעכע שוין גרויע האָר, וואָס ער האָט נאָך געהאַט אויפן קאָפּ פון פאָרנט, זענען געווען צוגעגלעט.

— מרחבה! (שלום) יאַ טורקאַ, — האָט ער געזאָגט אלין. אָבער ער האָט זיך נישט גערירט פון אָרט. נאָר זיין גאָרגל־קנאָפּ האָט אַ שפּרונג געטאָן אַראָפּ און אַרויף. ער האָט באַגריסט אלין.

אלי האָט אים אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ. זיינע גרויסע, גרויע, וואַסערדיקע אויגן האָבן אָנגעקוקט יקירן. ער האָט אַראָפּגעלאָזט דעם אַקסל און אַראָפּגענומען דאָס זעקעלע. „בוריס״ מיט ווייסע בייכער און גילדענע, אָבער שוין טויטע אייגעלעך האָבן זיך צעשאָטן איבערן טיש. אלי האָט אַ קוק געטאָן פון אונטערן שטערן אויף יקירן.

יקיר האָט באַקוקט די פיש. זיינע ברוינע אויגן האָבן געגלאַנצט.

— וועג אָפּ! צאָלן וועסטו דאָס צווייטע מאָל — האָט אלי געזאָגט יקירן און געוואָלט גיין.

— שטיי! — האָט יקיר אים אַ זאָג געטאָן, און גלייכגילטיק צוגעגעבן: „זי וועט וואַרטן״.

אלי איז שטיין געבליבן מיט אויפגעריסענע אויגן. זיינע אויסגעגלאָצטע אויגן האָבן דערשטוינט אָנגעקוקט יקירן. ערשט איצט האָט יקיר אויפגעהויבן די עלנבויגנס פון טיש. זיינע לאַנגע הענט האָבן צונויפגעשאַרט אויף אַ קופּע די צעוואָרפענע פיש.

מיש זיך נישט אין פרעמדע ענינים, — האָט אלי אים געזאָגט. ער האָט פאַרזשמורעט די אויגן, זיין אונטערשטע ליפּ איז געבליבן אָפן. זיין ברוינע פּנים־הויט איז איצט געווען גרוי. די הערלעך פון זיין געל, אויסראַזירט וואָנסעלע זענען געווען האַרט ווי אַ צייץ־בערשטל.

יקיר האָט אים אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ. זיינע הענט זענען ליגן געבליבן אויף דער קופּע פיש. ער האָט נישט פאַרשטאַנען, וואָס אלי מיינט. ער האָט געוואַרט, אַז אלי זאָל ממשיך זיין, אים אויפקלערן.

אלי האָט געשוויגן. ער האָט נאָר אַ שאַר געטאָן מיט די הענט, ווי ער זאָל וועלן עפּעס טאָן, אָבער נישט געוווּסט, וואָס. ער האָט אַראָפּגעלאָזט די הענט און אָנגעקוקט יקירן.

אַ ווײַלע האָט איינער באַטראַכט דעם אַנדערן.

אליס אויגן זענען געווען פייכט. — ווו זענען מיינע ברידער, די קצבים? — האָט ער געפרעגט.

אליס רייד האָבן דערשטוינט יקירן.

— אַלע יידן אין „סמירנע״ האָבן זיי געקענט. מאַמע! מאַמע! — האָט אלי געזאָגט און אַ פאַרצווייפלטער אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ.

יקיר האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, באַדויערט אלין.

— טאַטע אין גן־עדן, מי זיך פאַר מיר! — האָט אלי געזאָגט. זיין קאָפּ איז געבליבן הענגען איבער זיין ברוסטקאַסטן, ווי אונטערגעבראָכן. אלי האָט גערעדט לאַנגזאַם, געצויגן די ווערטער, אַליין זיך באַדויערט.

יקיר האָט אַריבערגעשטרעקט איבערן טיש זיין האַלדז, ווי ער זאָל ווען דערנענטערן זיך צו אלין. אלי האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ, זיך אויסגעגליכן. ער אַליין איז געווען דערשטוינט פון זיינע רייד.

— אויך די טויטע אין די קברים לאָז איך נישט צו רו! — האָט ער געשריגן

מיט כעס. ער האָט אויפגעהויבן די הענט אין דער הויך, זיי צונויפגעקלאַפּט און אַרויסגעלאָפן פון קראָם.

יקיר האָט אים נאָכגעקוקט. ווי נאָר אלי איז פאַרשוווּנדן, האָט ער גענומען זיך צו דער אַרבעט, געוויגן די פיש אויף דער וואָג, וואָס איז געשטאַנען אויפן טיש אין דער זייט.

אלי איז געגאַנגען שנעל און געוואָרפן מיט די הענט. ער איז געגאַנגען צוריק מיט דעם וועג, מיט וועלכן ער איז געקומען. אָנקומענדיק אין דער שכונה, די דריי געסלעך, וואָס האָבן געפירט צום ים, האָט ער זיך פאַרנומען אויף לינקס און גענומען לויפן. אַ געבוקטער איז ער אַדורכגעלאָפן דאָס לעצטע געסל. ער האָט נישט געוואָלט, אַז די שכנים זאָלן אים זען. זיין צימער־הויז, געבויט פון בלאָקן מיט אַ גרויען קאַרמיטענעם דאַך איז געווען דאָס לעצטע הויז ביים ים. דער צוגאַנג צו זיין הויז איז געווען אַ פרייער, אָן אַ פּלויט. די נאַקעטע, אָן טינק, בלאָקן זענען געווען אויסגעגעסן פונעם ים־זאַלץ. אין די שפּאַלטן און ראַנצן האָבן גענעסטעט שנעקן. אַ פענצטער פון פיר שייבלעך האָט געקוקט אויפן ים אַרויף. אין דער וואַנט, דעם פענצטער אַנטקעגן, איז פאַראַן אַ טיר. די טיר און דאָס פענצטער זענען בלוי געפאַרבט.

אלי האָט זיך אָנגעבויגן. ער האָט אויפגעשלאָסן דאָס שלעסל אויף דער טיר. דאָס שליסעלע איז געהאָנגען אויף אַ שטריקל ביי אים אויפן האַלדז. ער איז שטיין געבליבן אויף דער שוועל. די ליכט איבער זיין פּלייצע האָט זיך אַ שפּאַר געטאָן אין שטוב אַריין. זיינע רויטע, מידע אויגן האָבן דערשטוינט באַטראַכט זיין צימער. אַלץ אין שטוב: דאָס טישל מיט די צוויי צונויפפלייג־בענקלעך, דאָס אייזערנע בעטל מיט די גרויע, איבערגעצויגענע קאָלדרעס און די ברוינע צווייטיריקע שאַנק — זענען געווען אים פרעמד. אַפילו די צוויי קליינע פּאַפּוגייען אין שטייג, וואָס איז אַראָפּגעהאָנגען פון דער סטעליע אין ווינקל שטוב — זענען איצט געווען אים איבעריק.

זיינע אויגן האָבן געבלאָנדזשעט איבערן צימער. פּלוצים האָבן זיינע ליפּן אַ פליסטער געטאָן: „רחל״!. דערהערנדיק דעם נאָמען, וואָס זיינע ליפּן האָבן געזאָגט, האָט ער אויסגעשטרעקט דעם האַלדז, ווי אַ געליימטער. די אויגן זיינע זענען געווען שטאַר.

ער האָט געקוקט אין דעם ליידיקן חלל און געמורמלט: — ניין! ניין! — און אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ עטלעכע מאָל. אַ וויילע שפּעטער האָט ער זיך געפרעגט: — אלי? — און אַ שאָקל געטאָן באַלד מיטן קאָפּ, געזאָגט „עה!״ זיינע אויגן האָבן זיך אַ באַוועג געטאָן. — יאָ, יאָ, — האָט ער זיך שטיל געזאָגט אַ צופרידענער. ער האָט אַ שפּאַן געטאָן, צוגעגאַנגען צום טיש, אַ כאַפּ געטאָן אין האַנט די פלאַש אַראַק און פאַרוואָרפן דעם קאָפּ אויף הינטן. ער האָט צוגעלייגט די פלאַש צו די ליפּן און אַ זשלאָקע געטאָן, ווי ער זאָל זייגן. — אַההה, — האָט ער אָפּגעאָטעמט אַ צופרידענער, מיט דער פלאַש אין האַנט. די פלאַש האָט ער אַוועקגעשטעלט אויפן טיש, מיט כוח. — ברררר! — האָט ער אַ וואָרטשע געטאָן און אַ טרייסל

געטאָן מיטן קאָפּ, זיך אָפּגעשווידערט. זיין פּנים איז געווען רויט, זיינע אויגן — פאַרגלאָצט, ער האָט געאָטעמט שווער. ער האָט אויסגעשטרעקט די הענט, ווי ער זאָל זיך וועלן אין עפּעס אָנכאַפּן און געגומען גיין. זיינע קני זענען געווען שטייף. ער איז צוגעקראָכן צום בעט, זיך אַרויפגעוואָרפן און ליגן געבליבן מיט צעלייגטע הענט, ווי אַ געקרייצטער. די פּיס זיינע זענען אַראָפּגעהאָנגען אים.

די שפּאַרנדע זיך דורך דער אָפענער טיר שיין, איז דערגאַנגען ביזן טיש. זי האָט באַשיינט די כמעט ליידיקע שוין פלאַש אַראַק, דאָס רעפּטל ברויט, דעם האַלבן רעטעך, דאָס שטיקל ווורשט און די טעלעכע ווענטקעס, וואָס האָבן זיך דאָרט געוואַלגערט.

אלי האָט שוין געשנאָרכט.

# יג

די זון איז נישט אויפגעגאַנגען. דער מאָרגן איז געווען אַ קילער. אַ מילד ווינטל האָט געווייעט פון ים. די לופט איז געווען דורכזיכטיק, דער הימל — גרויס.

רחל איז אַרויס פון געסל. זי איז אַרויס אויף דעם ווייס־זאַמדיקן, נישט ברוקירטן פּלעצל. איר באַטלדרעס איז געווען צעקנעפּלט. איר פּנים האָט געפלאַמט. אירע קיילעכיקע באַקן האָבן געגלאַנצט. זי איז געגאַנגען שנעל; געאיילט צו דער אַרבעט. פון דער רגע, וואָס זי איז אַרויס פון שטוב, האָט זיך איר אויסגעדאַכט, אַז מען גייט איר נאָך. זי איז געגאַנגען מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן זיך געשעמט פאַר מענטשן און קיינעם נישט געזען. נישט די פאַרבייגייער און אויך נישט די בחורים וואָס האָבן זיך אָפּגעשטעלט, איר נאָכגעקוקט.

ווען זי איז איבערגעגאַנגען דאָס פּלעצל, איז זי אינסטינקטיוו שטיין געבליבן און אויפגעהויבן דעם קאָפּ.

ביי אַ טישל, נאָענט צו דער טיר, איז אלי געזעסן ביי אַ פלאַש ביר.

רחלען האָט באַשיט די היץ. זי האָט געקריגן „וויפּיעקעס" אויפן פּנים. זי האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און אַוועקגעלאָפן אַ פאַרשעמטע.

דער רעסטאָראַן, אין וועלכן אלי איז געזעסן, האָט זיך געפונען אַנטקעגן דעם פענצטער, ווו רחל איז געזעסן און געניית. דער רעסטאָראַן האָט זיך געפונען אין ראָג פון לינקן געסל. איבער דער טיר איז געהאָנגען אַ געלע שילד מיט גרויסע, רויטע אותיות „פינדזשאַן".

רחל איז צוגעלאָפן צו דעם הילצערנעם הויז אָן אָטעם. זי איז מיט אימפּעט אַרויף אויף דעם גאַניק און האַסטיק אויפגעפּראַלט די טיר.

די וואַרעמקייט אין שטוב איז איר אַנטקעגנגעקומען. זי איז שטיין געבליבן הילפלאָז, געקוקט אַראָפּ, מורא געהאַט אַ קוק צו טאָן אויף צביהן. איר האָט זיך געדאַכט, אַז צביה האָט דורכן פענצטער אַלץ געזען.

צביה האָט זיך נישט אומגעקוקט. זי האָט געהערט, אַז רחל איז געקומען צו דער אַרבעט, האָט געקענט רחלס טריט. זי איז געשטאַנען אַ געבוקטע איבערן טיש, געשניטן אַ גרוי שטיק פונאַנדערגעלייגטע סחורה.

רחל האָט שטיל צוגעמאַכט די טיר. די דעמפּיקע אין דער שטוב וואַרעמקייט האָט זי אַרומגענומען. איר איז הייס געוואָרן. זי האָט שטיל אָפּגעאָטעמט. זי האָט נישט געוואָלט קומען במגע מיט צביהן, אָבער זי האָט עס געמוזט טאָן.

— וואָס טו איך היינט? — האָט זי געפרעגט צביהן.

— זיי ממשיך די אַרבעט — האָט צביה איר געענטפערט נישט איבער־רייסנדיק איר אַרבעט. זי האָט נאָר מיט די פינגער אויסגעגליכן די פונאַנדער־געלייגטע סחורה אויפן טיש.

רחל האָט אַראָפּגעצויגן פון זיך דעם באַטלדרעס, אים אַרויפגעוואָרפן אויפן טאַבאָרעט, וואָס איז געשטאַנען אין דער נאָענט, און זיך געשטעלט אַרבעטן.

רחל איז געזעסן אין ווינקל אונטער דער גרינער שאַנקביים פענצטער און גענייט. זי האָט פאַרלייגט אַ פוס אויף אַ פוס. אַ פלאַנעלן פרעז קלייד איז געלעגן אויף איר שויס. זי האָט דאָס קלייד באַזוימט. איר קורץ נעזל האָט געגלאַנצט, אירע דיקלעכע, אָבער לאַנגע פינגער האָבן ריטמיש זיך באַוויגן, דאָס איינגעפע־דעמטע נאָדעלע האָט ביי יעדן שטאָך אַ בלאַנק געטאָן צווישן אירע פינגער. אירע שטעך זענען געווען קליינע און גלייכע. זי האָט געקוקט אויף דעם זוים, וואָס זי האָט צוגעהאַלטן מיט דער לינקער האַנט. זי האָט גענייט און יעדעס מאָל אַ קוק געטאָן אין פענצטער.

אָבער לאַנג האָט זי נישט אויסגעהאַלטן. אין אַ געוויסן מאָמענט האָט זי זיך אונטערגעהויבן פון בענקל און אַ קוק געטאָן אין פענצטער. זי האָט זיך נאָר געהיטן, אַז צביה זאָל נישט מערקן.

נאָר איינצלנע פרעמדע מענטשן זענען פאַרבייגעגאַנגען אין דרויסן.

אין שטוב איז געווען שטיל. די דעמפּיקע וואַרעמקייט האָט געעווירן צווישן די הילצערנע ווענט און דער נידעריקער סטעליע. די צוגעזענגטע היץ, וואָס האָט געשלאָגן פון דעם מיט האָלצקוילן געהייצטן פרעס־אייזן האָט געביסן אין דער נאָז. די ווייזערס פונעם ועקזייגער, וואָס איז געשטאַנען אויף דער ברוינער, פאַר־נירטער קאָמאָדע, האָבן געפירט די צייט.

צביה, די הויכע, נאָך געגנוג שלאַנקע לויט אירע יאָרן פרוי, (זי איז געווען איבער די פערציק שוין), האָט פאַרגעזעצט איר אַרבעט. זי איז געשטאַנען אַ געבוקטע איבער דעם רויען, נישט געפּאַרבטן טיש, וואָס איז געשטאַנען אין מיטן שטוב. איר לענגלעך פּנים און לאַנגע, דינע נאָז זענען געווען אָנגעצויגן. אירע גרויע, שיפּע אויגן, זענען געווען אָנגעשטרענגט. זי האָט מיט אַ שטיק קרייד געצייכנט און צונויפגעהאָפטן די שטיקלעך צעשניטענע סחורה. פון מאָל צו מאָל האָט זי אויפגעהויבן דעם קאָפּ. אירע שוואַרצע האָר זענען געווען שוין אַדורכ־געפלאָכטן מיט אַ גרויער האָר און פאַרוויקלט אין אַ קאָקס. ווען צביה האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ, האָט זי געזען, אַז רחל קוקט אין פענצטער. זי האָט געוווסט,

ווענען רחל וויל זען. זי האָט עטלעכע מאָל באַמערקט דעם „דזשינדזשי״, וואָס האָט זיך געדרייט אונטערן פענצטער.

רחל האָט ווייטער באַזוימט דאָס קלייד.

פּאַמעלעך, ווי פון זיך, האָט זיך געעפנט די טיר. אין דער האַלב־אָפענער טיר איז געשטאַנען אלי.

ביידע פרויען, צביה און רחל, האָבן פלעגמאַטיש אויפגעהויבן די קעפּ.

רחל איז זיצן געבליבן מיט דער נאָדל אין דער האַנט אַ געפּלעפטע. אירע גרויסע, ברוינע מאַנדל־אויגן זענען געווען שטאַר. דער פּחד האָט אַרויסגעקוקט פון זיי.

צביה האָט מיט די הענט זיך אָנגעלענט אין טיש און אָנגעקוקט דעם פרעמדן, וואָס זי האָט שוין געקענט.

די ברילאַנטין אויף אליס רויטע, פּאַרקעמטע אַרויף האָר האָט געגלאַנצט. זיין וואַנסעלע איז געווען דין אויסראַזירט, ווי אַ שנירל. זיינע גרויע וואַסער־אויגן זענען געווען דורכזיכטיק. ער האָט געקוקט, ווי אַ סגי־נהור. ער איז געשטאַנען ביי דער טיר און געהאַלטן אין האַנט אַ קיישל פון פּלאַסטיק. ער איז געשטאַנען די צוויי פרויען אַנטקעגן און נישט געוווסט, וואָס ער זאָל טאָן. די שטילקייט אין שטוב איז געווען פּיינלעך.

— קויפט, איצט געכאַפּטע פיש — האָט ער זיך געוואָנדן צו צביהן.

צביה האָט אים נישט געענטפערט. זי האָט אים נייגעריק און דערשטוינט באַטראַכט. ער האָט נישט אויסגעזען ווי אַ פישער־יונג פון דער סביבה.

אלי האָט געטראָגן שוואַרצע, שמאָלע הויזן, אַ בלוי־רויט העמד און געלע, שפּיציקע שיך אויף הויכע קלעצלעך.

צביה האָט געזען, אַז בשעת ער האָט גערעדט צו איר, האָט ער געקוקט אויף רחלען. זי האָט געזען, אַז זיינע גרויע, דורכזיכטיקע אויגן גליִען, אַז זיינע נאָז־לעכער פלאַטערן און זיינע ליפּן־ווינקלען — ציטערן. רחל, וואָס איז געזעסן ווי אַ געליימטע, האָט געציטערט. די נאָדל איז איר אַרויסגעפאַלן פון די פינגער. — אַה! — האָט זי אַ קרעכץ געטאָן און פאַרבראָכן די הענט.

צביהס שיפע אויגן האָבן אַ שיקל געטאָן. זי האָט אָנגעקוקטביידן: אים און זי. זי האָט אַרויפגעלייגט אויפן טיש די קרייד, די איינגעפעדעמטע נאָדל זיך אַריינ־געשטאָכן אין קלייד. זי איז געווען אָנגעטאָן אין אַ גראַנאַט, שעוויאָט קלייד. זי איז פּאַמעלעך אַפּירגעגאַנגען פון טיש, ווי זי זאָל מעסטן יעדן טריט, און צוגע־גאַנגען צו דער טיר. מיט איין האַנט האָט זי אָנגענומען די קליאַמקע, מיט דער צווייטער האָט זי אים געוויזן ער זאָל גיין. זיינע אונטערשטע ציין האָבן אַריינ־געצויגן אין מויל זיין אויבערשטע ליפּ. די הויט אויף זיין אָוואַלן פּנים איז געוואָרן אָנגעצויגן. ער האָט פאַרזשמורעט אַן אויג און אָנגעקוקט צביהן, ווי ער זאָל אין איר צילן.

צביה האָט געשטעלט אַ טריט אויף צוריק פון מורא, אָבער די קליאַמקע האָט זי נישט אָפּגעלאָזט.

אלי האָט אַריבערגעשטעלט אַ פוס איבער דער שוועל און איז אַוועק.

רחל האָט זיך צעהעשעט. זי האָט געוויינט אָן טרערן. איר פּנים איז געווען רויט, ווי אַ צוויקל.

צביה האָט צוגעהאַקט די טיר און אָנגעקוקט רחלען. זי איז געווען אין כעס. איר בליק האָט אַדורכגעדרינגען. אַ פּחד איז באַפאַלן רחלען. זי האָט אַ כאַפּ געטאָן דאָס קלייד, וואָס זי האָט באַזוימט און איבערגעדעקט זיך דעם קאָפּ דערמיט. זי איז געבליבן זיצן ווי אונטער אַ שלייער. אירע אַקסלען האָבן זיך געטרייסלט.

צביה האָט זיך פון אָרט נישט גערירט. איר פּנים איז געווען פאַרגליווערט, נאָר אירע ליפּן האָבן זיך באַוועגן, ווי זי זאָל נוטשן. ערשט שפּעטער איז זי צוגעגאַנגען צו רחלען מיט אַן ענערגישן טריט. זי האָט אויסגעשטרעקט אַ האַנט, אַראָפּגעריסן פון איר קאָפּ דאָס איבערגעוואָרפענע קלייד און אַוועקגעוואָרפן עס. דאָס קלייד איז ליגן געבליבן אויף דער ערד. זי האָט אָנגעקוקט רחלען. אירע ברעמען זענען געווען צונויפגעצויגן. — איך וועל דערציילן דעם טאַטן! — האָט זי געזאָגט רחלען. איר שטימע איז געווען האַרב און טרוקן.

— אוי! — האָט רחל פאַרצווייפלט אויסגעשריגן און מיט די הענט פאַרשטעלט זיך ס׳פּנים. זי האָט געוויינט אויפן קול, ווי אַ קינד.

צביה האָט געוואַרט. זי, די פרוי, האָט געוואַרט, אַז דאָס מיידל זאָל זיך אויס־וויינען. רחל האָט געוויינט און צביה האָט זי באַטראַכט. קוקנדיק אויף רחלען, איז צביהס פּנים מילדער געוואָרן.

צביה האָט איר פליישיקן, קיילעכיקן אָרעם אַרויפגעלייגט אויף רחלס אַקסל.

— גענוג! גענוג! באַרויִק זיך — האָט זי גוטמוטיק איר געזאָגט. רחלס פאַרוויינטע אויגן האָבן טרויעריק אָנגעקוקט צביהן. זי האָט אויפגעהערט וויינען, נאָר געהעשעט.

צביה האָט אַ קוק געטאָן אין פענצטער. אירע ליפּן האָבן זיך צענומען. די הויט אַרום אירע אויגן איז געגרינצלט געוואָרן. „אויך איך בין געווען יונג" האָט זי געזאָגט רחלען און געבליבן שטיל.

רחל האָט געהעשעט אָן אויפהער.

— און בין פאַרזעסן — האָט צביה פאַרענדיקט. איר קול האָט געציטערט פון אויפרעגונג.

רחל האָט זיך באַרויִקט. אירע פאַרוויינטע אויגן האָבן אָנגעקוקט צביהן. צביהס פּנים האָט געפלאַמט. זי האָט זיך געשעמט פאַר רחלען. אַ טראָפּן שווייס האָט אַוועקגעזעצט זיך אויף איר ליפּן־לעפּעלע. זי האָט מיט דער צונג געווישט זיך די ליפּן, אָבער באַלד זיך באַהערשט. זי האָט אַ קוק געטאָן אויף רחלען און איר געזאָגט: „נישט איין מיידל איז פאַרקויפט געוואָרן". איר שטימע איז געווען אַ זיכערע, איר פּנים — ערנסט.

רחלס אויגן זענען געוואָרן גרויס, פול אימה. אַן איבערגעשראָקענע האָט זי אַ קוק געטאָן אויף צביהן. צביה האָט מיט דער האַנט לייכט אַ גלעט געטאָן איר באַק.

— ניי ווייטער — האָט זי איר געזאָגט. איר שטימע איז איצט געווען ווייך.

רחל האָט אַ שנוף געטאָן מיט דער נאָז. זי האָט זיך אָנגעבויגן און אויפגעהויבן דאָס קלייד פון פּאָל.

צביה איז צוגעגאַנגען צום אַרבעטס־טיש. זי האָט אַרויסגענומען די איינגעשטאָכענע אין קלייד נאָדל, זיך אָנגעבויגן און ווייטער צונויפגעהאָפטן די שטיקלעך סחורה.

דאָס קלייד איז ווידער געלעגן פונאַנדערגעלייגט איבער רחלס שויס. די נאָדל האָט ווידער געבלאַנקט אין אירע פינגער. זי האָט געניית, אָבער די אַרבעט איז איר נישט געגאַנגען. זי האָט געזוימט דאָס קלייד, אויפגעפּאַסט אויף די שטעך, אָבער אירע אויגן האָבן געגלאַנצט פון אימה. זי האָט געניית און שטיל געזיפצט.

צביה איז געשטאַנען אַ געבוקטע איבערן טיש און געאַרבעט, אָבער פון מאָל צו מאָל האָט זי געכאַפּט אַ בליק אויף רחלען.

ביידע פרויען זענען געווען אַריינגעטאָן אין דער אַרבעט, אָבער אין שטוב האָט געהערשט אַן אימהדיקע שטילקייט.

— מייסטערין — האָט רחל אַ זאָג געטאָן און שטיל געבליבן. זי האָט אַראָפּגעבויגן נאָך מער דעם קאָפּ און געניית שנעלער נאָך.

צביה האָט פאַרריסן דעם קאָפּ און אָנגעקוקט רחלען.

רחל האָט געשוויגן.

— וואָס איז געשען? — האָט צביה זי געפרעגט.

— דער טאַטע וועט מיך ממיתן — האָט רחל איר געענטפערט. אין איר אַרט רעדן איז געווען געבעט און אימה.

צביה האָט נאָך שטאַרקער זיך איינגעבויגן און נישט געענטפערט איר.

רחל איז זיצן געבליבן מיט דער נאָדל אין דער האַנט. אפילו העשען נישט געקענט איצט.

— ניין! ניין! — האָט צביה איר קאַטעגאָריש געזאָגט. איר קול איז געווען האַרב, אָבער איר כעס איז געווען אַ געמאַכטער.

רחל האָט אַ זיפץ געטאָן.

די ברעמען איבער צביהס אויגן זענען געוואָרן געמאַרשטשעט. רחל האָט איר לייד געטאָן. באַרויִק זיך! — האָט זי איר געזאָגט. איר קול איז געווען אינטים און ווייך.

רחל האָט אויסגעגליכן דעם זוים פון קלייד און געניית ווייטער. איר אָטעם איז געווען אַ קורצער.

צביה האָט נערוועז אָפּגעהוסט. זי האָט נאָך שטאַרקער זיך איבערגעבויגן איבערן טיש. איר בוזעם איז כמעט געלעגן אויף אים. זי האָט צונויפפאַסטריגעוועט צוויי שטיקלעך סחורה.

אין שטוב איז געווען שטאָק שטיל.

# יד

די נאָכמיטאָג־לופט איז געווען גרוי און געדיכט. די שמאָלע געסלעך זענען געווען לער, האָבן אויסגעזען, ווי אויסגעליידיקטע קאַסטנס. דער הימל איז געווען שוואַרץ, ווי אַ געדיכטער רויך פון פאַרברענטע קוילן זאָל האָבן אים באַדעקט. די לופט איז געווען פייכט. די ווענט פון די הייזער זענען געווען פאַרגליטשט פון דער נעץ. די שייבלעך אין די פענצטער זענען געווען פאַרלאָפן מיט פאַרע.

אין געסל אַראָפּ איז געגאַנגען זשאַקאָ. ער איז געגאַנגען מיט די הענט אין די טאַשן און זיך געהוידעט פון איין זייט אויף דער אַנדערער, ווי ער זאָל זיך קוילערן. ער האָט געקוקט אַראָפּ, אָבער ער האָט אויפגעהאָרכט. ער האָט געהערט דעם קלאַנג פון זיינע געקאָוועטע שיך און די טויבע קלעפּ פון די אין ים שלאָגנדיקע זיך כוואַליעס.

זיין זעלנערישער באַטלדרעס איז געווען פאַרקנעפּלט און אויסגעפּאַסט אויף אים. די נאַגאַוויצעס פון זיינע בלויע, לייוונטענע הויזן זענען געווען אַריינגעלאָזט אין די סקאַרפּעטן. זיינע רויטע סקאַרפּעטן האָבן אַרויסגעשטאַרט פון זיינע זעלנערישע שיך, ווי צוויי אָנגעפּילטע שקאַרמיצן.

זשאַקאָ איז געגאַנגען און זיך אונטערגעזונגען. די מעלאָדיע איז געווען איינטאָניק, מאָנאָטאָן. ער האָט איבערגעחזרט זיך די זעלבע טאַקטן. ער האָט געזונגען אָן ווערטער, נאָר מיט ציפערן: „איינס, צוויי" ביז אַכט, דערנאָך „ניין און זיבעציק, אַכציק" און ווידער אַ מאָל פונסניי. ער האָט געקוקט אַראָפּ. מיט אַ מאָל האָט ער אויפגעהערט זינגען. לויט די ברוק־שטיינער און די הייזער־פּאַסאַדן האָט ער דערקענט די סביבה. ער האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ.

פון ווייטנס איבער די פּלויטן האָט זשאַקאָ דערזען די צוויי דאַך־קאָפּולן — זיין בעל־הביתס הויז. די שפּיצן פון זיינע גרויסע אויערן זענען שטייף געוואָרן. ער איז געשטאַנען און באַטראַכט דעם אָנגעוואַקסענעם אויפן דאַך מאָך. די מילדע ווינטלעך האָבן פון מאָל צו מאָל אַ וויג געטאָן די דאַרע גרעזלעך אויפן דאַך. „אין שטוב?" האָט ער זיך געפרעגט. „שלאָפן!" האָט ער זיך געענטפערט. „האָ!" האָט ער אַ כראַקע געטאָן און מיט דער לינקער האַנט געקראַצט זיינע שוואַרצע, געקרייזלטע האָר.

— זשאַקאָ! — האָט אַ דיקע, מאַטע שטימע אים אַ רוף געטאָן.

זשאַקאָ האָט זיך אומגעקוקט אין געסל. אויבן אַרויף איז געשטאַנען אין דער טיר פון זיין קראָם דער קרעמער.

— קום! קום! — האָט דער הויכער, ברייטביינ̇יקער יצחקי אים גערופן.

זשאַקאָ האָט זיך נישט גערירט פון אָרט, נאָר עטלעכע מאָל אַ טרייסל געטאָן מיט זיין גרויסן קאָפּ.

— אש־בידק? (וואָס ווילסטו) — האָט ער פון ווייטנס געפרעגט יצחקין.

— איך האָב פאַר דיר אַרבעט — האָט יצחקי געענטפערט.

אויך איצט האָט ער זיך נישט גערירט פון אָרט.

אַ ווײַלע זענען בײדע מענער געשטאַנען: דער הויכער, ברייטביייניקער יצחקי און דער נידעריקער, פעט־לײַביקער זשאַקאָ. זײ האָבן זיך איבערגעקוקט.

— גיי ברענג רחלען — האָט יצחקי אים געזאָגט. די בעלמע אויף זײַן אויג האָט אַ צאַפּל געטאָן, ווי זי זאָל וועלן איבערקערן זיך.

— אוסקוט יאַ קלב! (שווייג, הונט) — האָט זשאַקאָ אים געענטפערט און אַ קריץ געטאָן מיט די ציין. זײַן פּנים איז רויט געוואָרן פון כּעס. דאָס בלוט איז געקומען אים אין קאָפּ אַרײַן.

— פאַראַן שוין זייף! — האָט יצחקי שנעל אים געזאָגט. ער האָט זיך געכאַפּט, וואָס ער האָט געזאָגט פריער. זעענדיק זשאַקאָס כּעס, האָט ער זיך דערשראָקן.

יצחקיס לעצטע ווערטער האָט זשאַקאָ שוין נישט געהערט. פּאַמעלעך, ווי ס'זאָל אים שווער זײַן רירן דעם גוף, איז ער אַוועק אין דער פאַרקערטער ריכטונג.

— זשאַקאָ! זשאַקאָ! — האָבן צוויי יונגע קולות אים גערופן.

זשאַקאָ איז ווידער שטיין געבליבן.

אין דער צייט, וואָס זשאַקאָ האָט זיך איבערגעווערטלט מיט יצחקין, זענען אָנגעקומען די צוויי ייִנגלעך: חיים און משה.

— תעל־הון! (קום אַ הער) — האָט משה גערופן זשאַקאָן.

— טייב! (גוט) — האָט זשאַקאָ אים געענטפערט און געגאַנגען צו אים.

משה און חיים, די צוויי שוואַרצע, באַחנטע, פּופּצן־יאַריקע ייִנגלעך, האָבן געוווינט אַ געסל ביי אַ געסל. בײדע האָבן געאַרבעט ביי איטשע סטאָלער. איטשע איז געווען אַ דיקער ייד, מיט אַ לאַנגער, פליישיקער נאָז און רויטן וואָרצל צווישן די אויגן. חיימס פאָטער איז געווען אַ טרעגער אין פּאָרט, משהס פאָטער איז געווען אַ טרעגער אין גאָס. זייערע עלטערן זענען זיך נישט צונויפגעקומען. די ייִנגלעך האָבן זיך נאָך געטראָפן אין דער שול, צונויפגעלעבט האָבן זײ זיך ערשט ביי דער אַרבעט. איצט האָבן זײ זיך אומגעקערט פון דער אַרבעט. זייערע האַקי־מלבושים זענען געווען פול מיט זעגעכץ. דער נאָט פון חיימס רעכטע נאָגאַוויצע איז געווען אויפגעריסן און צונויפגעטשעפּעט מיט צוויי דרעטלעך.

— קיף־הלקום?! (וואָס מאַכט איר) — האָט זשאַקאָ געפרעגט די ייִנגלעך. ער איז שטיין געבליבן אָפּגערוקט פון זײ.

— קוויִס! (גוט) — האָט חיים אים געענטפערט. משה האָט געשמייכלט.

זשאַקאָ האָט אָנגעקוקט משהן. זײַן פּנים איז געווען טעמפּ, זײַנע אויגן־לעכער, האָבן אויסגעזען ווי זײ זאָלן זײַן ליידיק.

די ייִנגלעך האָבן זיך איבערגעקוקט. זייערע יונגע, קײַלעכיקע פּנימער האָבן זיך אויסגעצויגן, זײ זענען געווען מיד.

— יאָ! — האָט משה געזאָגט חיימען.

די ייִנגלעך האָבן זיך אָפּגערוקט, זיך צוגערוקט צום ווינקל פון שטיינערנעם פּלויט, וואָס האָט געצוימט אַן אָנגעוואָרפענעם מיט שטיינער פּלאַץ.

חיים האָט זיך אַראָפּגעזעצט אויף די קני. משה האָט אים נאָכגעטאָן.

אַ ווײלע זענען זײ געזעסן און געשוויגן.

— זעץ דיך! — האָט חיים געזאָגט זשאַקאָן. זשאַקאָס פלײשיקע געשטאַלט האָט זיך אומבאַהאָלפן אַ וויג געטאָן.

אויך ער האָט אַראָפּגעזעצט זיך אויף די קני.

זײ זענען געזעסן אין דרײען, ווי אַ סגל און געקוקט אַראָפּ. אין דער סביבה איז געווען שטיל.

— משה! — האָט חיים זיך געוואָנדן צו אים.

זשאַקאָ האָט אָנגעקוקט נײגעריק בײדן.

משה האָט אַרונטערגערוקט די האַנט אונטער דער מאַרינאַרקע, אַפּירגענומען אַ פּעקעלע און עס געעפנט. אויף דעם ברוינעם פונאַנדערגעפּאַקטן שטיק פּאַפּיר איז געלעגן אַ שטיק „באַקלאַוואַ" (אַ קוכן פון בלעטערטײג, געפילט מיט זיסקײטן).

— כי־כי־כי! — האָט זשאַקאָ זיך צעלאַכט. זײנע פלײשיקע ליפּן האָבן זיך געטרײסלט, ווי שטיקלעך אויפגעוירענע טײג. זשאַקאָ האָט נישט אויסגעהאַלטן. ער האָט דער ערשטער אָפּגעבראָכן זיך אַ שטיק „באַקלאַוואַ".

חיים האָט די רעשט קוכן צעטײלט פאַר צווײען.

יעדער האָט גענומען זײן חלק.

זשאַקאָ האָט געמליאַסקעט מיט די ליפּן און זיך באַלעקט.

די ײנגלעך האָבן געקײט פּאַמעלעך און געמליאַסקעט מיט די ליפּן. אַלע האָבן הנאה געהאַט פון עסן און פון דער לופט־פײכטקײט, וואָס האָט געקיצלט די נאָז. דאָס ברוינע, לײדיקע שטיק פּאַפּיר איז געלעגן פאַר זײערע פיס, ווי אַ פונאַנדער־געשפּרײט טישטעך.

— שוין! — האָט זשאַקאָ געזאָגט און מיט דער צונג זיך אָפּגעווישט די ליפּן, געענדיקט עסן.

בײדע ײנגלעך האָבן אַ שמײכל געטאָן.

— גוט געווען! — האָט זשאַקאָ זײ געזאָגט.

די ײנגלעך האָבן אים אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און זיך איבערגעקוקט, געווען צופרידן. בײדע.

אַלע דרײ זענען געזעסן, געשוויגן. אײנער האָט באַטראַכט דעם אַנדערן.

— גיב פאַררויכערן! — האָט משה זיך אַ ווענד געטאָן צו זשאַקאָן.

ער האָט אַ קוק געטאָן אויף חײמען און געשמײכלט. קײנער פון די ײנגלעך האָט נישט גערויכערט. משה האָט געוואָלט ווײזן זײן רײפקײט.

— איך רויכער נישט, איך שמעק דעם טאַבאַק — האָט זשאַקאָ געענטפערט.

זשאַקאָ האָט אָנגעקוקט די ײנגלעך, געוואַרט אויף אַן ענטפער. זײן פּנים איז געווען אָן אויסדרוק.

— דאָס איז גוט? — האָט חיים אים געפרעגט און מיט די הענט אַרומגענומען זיך די קני.

זשאַקאָ האָט אים נישט געענטפערט, נאָר זײנע ליפּן האָבן זיך אויסגעקרימט. זײן פּנים האָט געהאַט אַ נאַרישן אויסדרוק. ער האָט אַ קוק געטאָן אויף חײמען,

ווי ער זאָל אים פרעגן, וואָס ער זאָל ענטפערן משהן. אַ ווײַלע שפּעטער האָט ער אַ הייב געטאָן די אַקסלען, ווי ער זאָל זאָגן: „כ׳ווייס נישט״, אָבער באַלד צוגעגעבן: „דאָס איז גוט פאַרן קאָפּ״ און מיט די פינגער אַ טאַפּ געטאָן זיך די שלייפן, ווי זיי געוויזן, וואָס ער מיינט.

— ווער האָט דיך געלערנט?! — האָט משה אים געפרעגט.

— דאָרט! — האָט זשאַקאָ אים געענטפערט און געוויזן אים מיט דער האַנט אויפן ים.

— ווו? — האָט משה אים נישט אָפּגעלאָזט.

— אין טריפּאָלי! — האָט זשאַקאָ אים געענטפערט. זיין פּנים איז געוואָרן שטאַר און ער האָט אַ קוק געטאָן אין דער ווייטן, ווי ער זאָל עפּעס זוכן אין ים.

— ווו האָסטו געוווינט? — האָט חיים אים געפרעגט און אַ קוק געטאָן איבער די קני אַריבער, וואָס ער האָט געהאַלטן אַרומגענומען מיט די הענט.

— ביים ברעג אין אַ באַראַק — האָט זשאַקאָ אים געענטפערט. ער האָט געמיינט, אַז חיים פרעגט אים, ווו ער האָט געוווינט אין טריפּאָלי.

— די גאַנצע משפחה? — האָט חיים ווידער געפרעגט און אַוועקגענומען די הענט פון די קני. ער איז געזעסן מיט אַראָפּגעלאָזטע הענט און באַטראַכט זשאַקאָן.

— פיר אירע זענען מיר געווען, פיר פישערס, וואָס האָבן געאַרבעט אויף אַ שיף — האָט זשאַקאָ שנעל געזאָגט.

זשאַקאָ האָט געקוקט אויף די יינגלעך, ווי געוואַרט אַז זיי זאָלן אים פרעגן ווייטער. די יינגלעך האָבן געשוויגן.

זשאַקאָ איז געוואָרן טרויעריק. ער האָט פאַרקרימט דאָס פּנים, ווי ער זאָל וועלן וויינען. — „מיינע עלטערן האָב איך נישט געקענט, ווען זיי זענען געשטאָרבן, בין איך געווען נאָך אַ קינד״. און מיט דער האַנט זיי געוויזן ווי גרויס ער איז געווען אַלס קינד. ער האָט גערעדט פּאַמעלעך, ווי ער זאָל צונויפשטעלן די ווערטער.

חיים האָט מיט ביידע הענט אַ צי געטאָן די לאַצן פון זיין מאַרינאַרקע. זיין אויפגעשטעלטער קאָלנער האָט זיך אַוועקגעלייגט.

זשאַקאָ האָט אויפגעהויבן די הענט אין דער הויך. זיין זיצנדיקע געשטאַלט האָט זיך אַ וואַקל געטאָן, אָבער ער איז זיצן געבליבן.

— יידן־פישערס האָבן מיך מיטגענומען — האָט ער געזאָגט שנעל, אַ צופרידענער.

די יינגלעך האָבן זיך איבערגעקוקט. אַלע דריי זענען געזעסן און געשוויגן.

אַ צייט שפּעטער האָט משה זיך אָנגעבויגן, ער האָט אַראָפּגעלאָזט די הענט און זיצן געבליבן אָן אָנגעלענטער אויף די שפּיץ פינגער. ער האָט אַוועקגעדרייט דעם קאָפּ אין אַ זייט און איילִיק געפרעגט זשאַקאָן, ווי ער זאָל רעדן אין גאַס אַריין: „צו מיידלעך ביסטו דאָרט געגאַנגען?״

די פּנימער פון די יינגלעך זענען רויט געוואָרן פון בושה. די נישט לאַנג אויסגעשפּראָצטע אויף זייערע קינבאַקן ווי מאָך הערעלעך, האָבן אַ שימער געטאָן.

חיים האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ, געקוקט אַראָפּ, ווי ער זאָל זיך באַטראַכטן דעם בויך.

— אַהההַ! — האָט זשאַקאָ אַ רעווע געטאָן, ווי עס זאָל אים עפּעס ווײי טאָן און באַלד שטיל געבליבן. זײן פלײשיק פּנים איז געווען אָפּגעצויגן. זײנע אײגעלעך האָבן דערשטוינט אַרויסגעקוקט פון זײנע פלײשיקע, ווי אָנגעשוואָלענע אויגנ־לעכער. ער איז געזעסן ווי אַ געליימטער, זיך נישט גערירט פון אָרט. מיט אַ מאָל האָבן זײנע ליפּן זיך גענומען באַוועגן: צוויי־דריי מאָל אין יאָר זענען מיר אין פירן געגאַנגען צו דער נעגערין. זי האָט געהאַט אַ „לייה" (אַ שעפּסן־אָחור). ער האָט גערעדט פּאַמעלעך, ווי ער זאָל ציילן די ווערטער.

ביידע יינגלעך האָבן זיך צוגעהערט צו זשאַקאָס רייד, אים אָנגעקוקט פון דער זייט, וואָס ער טוט, און זיך געשעמט.

זשאַקאָ איז געזעסן אָן איבערגעבויגענער איבער זײנע קני. זײן געשטאַלט האָט אויסגעזען, ווי אַ ברילע פלײש. מיט אַ מאָל האָט זײן פלײשיקער האַלדז גענומען זיך באַוועגן. ער האָט דעם קאָפּ פאַרריסן אין דער הויך. זײן אויסגע־שטרעקטער קאָפּ איז געבליבן שטײף. ער, די ברילע פלײש, האָט זיך געטרייסלט, געלאַכט מיט אַ דין קול, ווי אַ ציג זאָל מעקען. „הע־הע־הע!" ער האָט געטרייסלט זיך פון געלעכטער און גערעדט צו זיך. די ווערטער זענען ביי אים אַרויסגעקומען ווי ער זאָל קרעכצן: „איי! איי! איי!".

די צוויי יינגלעך האָבן זיך אָנגעשטעקט. אויך זיי האָבן געלאַכט: „האַ־האַ־האַ!". זייער געלעכטער איז געווען טרוקן און נערוועז, ווי דאָס הוסטן פון זקנים. ווען זיי האָבן זיך באַרויִקט, האָט איינער אָנגעקוקט דעם אַנדערן און פאַרשעמט געשמייכלט. פּאַמעלעך און פויל, ווי יעדער פון זיי זאָל אויף זיך האָבן אַ משׂא, זענען זיי אויפגעשטאַנען. ביידע האָבן געשוויגן.

זשאַקאָ האָט צענומען די קני. די פיס האָבן אים ווי געטאָן פון זיצן אויף זיי. ער האָט אַראָפּגעלאָזט אַ האַנט און אָנגעלענט אויף איר זײן אויבערשטן טייל קערפּער.

ביידע יינגלעך זענען אַוועק, יעדער אין אַן אַנדערער ריכטונג, יעדער אין זײן געסל. זיי זענען זיך צעגאַנגען אָן צו זאָגן זיך „שלום". זיי זענען געגאַנגען מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ, פּאַמעלעך, אָן חשק.

אויך זשאַקאָ האָט געשוויגן. זײן בליק איז געווען טעמפּ. ער האָט נישט פאַר־שטאַנען, פאַרוואָס די יינגלעך האָבן אים איבערגעלאָזט. ער האָט זיך אונטער־געהויבן, זיך אַ וואַקל געטאָן און שטיין געבליבן אויף די פיס. ער האָט זיך אַרומ־געקוקט. אין דער סביבה איז געווען שטיל. אויך ער האָט גענומען גיין און זיך געהוידעט, ווי ער זאָל זיך קאָלערן. ער האָט זײנע קורצע פיס געשטעלט איינעם איבער דעם אַנדערן, ווי זיי זאָלן זיך אים פּלאָנטערן.

# טו

שוין שפּעטער נאָכמיטאָג. נאָך אַ ביסל און דער אָוונט וועט זיך איינשטעלן. די ראיה איז געווען אַ טריבע, די לופט אַ געדיכטע, דורכגעזאַפּט מיט ווינטער־פייכטקייט און אָנגעזאָגט דעם קומענדיקן רעגן.

זשאַקאָ איז געקומען פון גאַס. ביי דער הילצערנער, פון שטאַכעטן צונויפגע־קלאַפּטער פּאָרטקע איז ער שטיין געבליבן. ער האָט אויפגעריסן דאָס מויל, ווי ער זאָל וועלן רעדן. אָבער באַלד עס פאַרמאַכט. ער האָט זיך אַרומגעקוקט. דער נידע־ריקער, זיגזאַגיקער, פון אָנגעלייגטע אַ שטיין אויף אַ שטיין פּלויט, האָט געצוימט דאָס הויז. דאָס נידעריקע, לאַנגע הויז האָט אויסגעזען, ווי אַ קאַסטן. די שטיינער אין די ווענט זענען געווען גריך, פאַרגליטשט. פון מאָל צו מאָל האָט די פּאָרטקע זיך אַ וויג געטאָן. זי האָט זיך געעפנט און זיך צוגעמאַכט אַליין. אין איינעם פון די דריי קליינע פענצטער האָט געברענט אַ פלעמל. זשאַקאָ האָט אַריינגעקוקט אין פענצטער. דאָס פלעמל האָט געצאַנקט, זיך ווי גערייצט מיט אים.

זשאַקאָ האָט אויסגעביילט אַ פויסט און זי אָנגעטאָן ווי אַ שקאָרמיץ אויף אַ שפּיץ פון אַ שטאַכעט.

— ווידער אין שטוב! — האָט ער זיך געזאָגט און אַראָפּגעלאָזט די האַנט. ער האָט אָנגעבויגן דעם קאָפּ אין דער זייט, ווי ער זאָל האָרכן.

— דער ים! — האָט ער אַ זאָג געטאָן, באַטאָנט די ווערטער. די ים־כוואַליעס האָבן זיך געשלאָגן. פון ווייטנס האָט זיך געהערט דער אָפּהילך, ווי מען זאָל אויסטרייסלען אַ פלאַכטע. זשאַקאָ האָט זיך נישט גערירט פון אָרט, ווי אַ פאַר־כישופטער. ער האָט דעם ים נישט געזען, נאָר געהערט די קלעפּ פון די כוואַליעס. ער האָט זיך געוואָנדן צום ים, ווי צו אַ באַשעפעניש.

— הײַנט און אויך מאָרגן וועסטו זיך בייזערן. אָבער איבערמאָרגן וועסטו זיך באַרויִקן. ער האָט גערעדט פּאַמעלעך און זיך צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ, באַשטעט־טיקט זיך די רייד.

אינצווישן איז צוגעפאַלן די נאַכט. „יאָ! שוין פינצטער״ — האָט זשאַקאָ געזאָגט און מיטן פוס אַ שטופּ געטאָן די פּאָרטקע. ער איז אַריין אין הויז. די פּאָרטקע האָט זיך צוגעמאַכט פון זיך אַליין. ער איז דורכגעגאַנגען דעם הויף מיטן קאָפּ אַראָפּ, ווי ער זאָל אויפפּאַסן, ער זאָל אין דער פינצטער אין עפּעס זיך נישט פאַרטשעפּען. ער האָט גוט געקענט דעם הויף, דאָס פּירקאַנטיקע, אויסגעטראָטענע האַרט ווי אַ פּאָל, שטיקל ערד, מיט דער פּאַלמע אין דער מיט. ער האָט אַפילו געוווּסט, וויפל טריט ער דאַרף מאַכן: פון פּלויט צום הויז, פון הויז צו דער קאַמער און פון דער קאַמער צום פּלויט. ער האָט אויך געדענקט, וווּ עס געפינט זיך דער וואַסערקראַן מיט דעם איבערגעשניטענעם פעסל, וואָס שטייט אונטערן קראַן, אַלס אַ שעפל. ער האָט געקענט די קעץ, וואָס קומען טרינקען צום קראַן. אַ פאַרשלאָפענער האָט ער געטראָפן צום סקאָבעל פון אָפּטריט, וואָס שטייט הינטן

אין הויף,ביים פּלויט אין ווינקל. ער האָט געקענט יעדעס שטיק האָלץ און אייזן, וואָס איז געלעגן אין וועג. טראָץ דעם איז ער געגאַנגען פּאָרזיכטיק, נישט געוואָלט מאַכן קיין רעש.

זשאַקאָ איז שטיין געבליבן הינטער דעם טיר. ער האָט זיך אונטערגעהויבן אויף די שפּיץ פינגער און צוגעלייגט אַן אויער צו דער טיר. ער האָט אונטערגע־הערכט, עס איז געווען שטיל. ער האָט דערפילט דעם זשאַוועל פון די זאַוויאַסעס אויף דער טיר. ער האָט אָנגעדריקט דעם סקאָבעל פון דער קליאַמקע, די טיר געעפנט האַסטיק, אָבער אין שטוב איז ער אַריין פּאַמעלעך.

דאָס ביסל ליכט פון דעם נאַקעטן עלעקטרישן לעמפּל, וואָס איז אַראָפּגעהאָנגען פון דער סטעליע, האָט אים אַ בלענד געטאָן אין די אויגן. ער האָט אַ פּינטל געטאָן מיט די אויגן. פּאַמעלעך, ווי ער זאָל נישט ווען שטערן, האָט ער פּאַרמאַכט די טיר. אין דער גרויסער, פירקאַנטיקער, נידעריקער שטוב איז געווען האַלב טונקל, די לופט — טוכלע. די ווייס געקאַלכטע סטעליע און די בלויע ווענט זענען געווען פּיכט, דער טינק אויף די ווענט כראָפּאַטע. די זעקס קליינע שייבעלעך אין די פענצטער זענען געווען פּאַרלאָפן. זשאַקאָ איז שטיין געבליבן ביי דער טיר, ווי אַ פרעמדער.

— ווו שלעפּסטו זיך אַרום? — האָט לונה, די פּליישיקע, מיטלוווקסיקע פרוי, רחלס מוטער, אים געפרעגט שטרענג אָבער מיט אַ ווייך קול. זי איז געזעסן אינעם דורכגאַנג פון שטוב אין קיך אַריין.

— ווו קען זיך שוין אַ פישער געפינען, ווען דער ים שטורעמט? — האָט זשאַקאָ איר געענטפערט ערנסט.

— יאָ! יאָ! — האָט לונה אים געענטפערט מיט אַ קאָפּ־שאָקל און געמאַכטן אָנשטעל, אַז זי רעדט ערנסט. אירע פיס זענען געווען אויסגעצויגן, זי האָט זיי געהאַלטן אויף אַ פוס־בענקעלע. אין איר שויס איז געשטאַנען אַ מעשענע שיסל מיט שוואַרצע בעבלעך. זי איז געזעסן אַ געבוקטע, אירע אויסגעצויגענע ברוסטן זענען אַריבערגעהאָנגען איבער איר בויך.

זשאַקאָ איז געווען איבערצייגט, אַז די בעל־הביתטע גלייבט אים נישט. מען זאָל נישט זען, האָט ער מיט דער לינקער האַנט זיך געקראַצט אין שיידל, געזוכט אַ וועג צוריק אַוועקצוגיין פון שטוב.

— קום עסן! — האָט לונה אים געזאָגט מיט אַ ווייכער שטימע, אים מפייס געווען. ווען זי האָט אים גערופן, האָט זי זיך אַ וויג געטאָן אויפן בענקל, אים געמאַכט אַ וועג, אַז ער זאָל קענען אַדורכגיין.

— איך האָב שוין געגעסן — האָט ער איר געענטפערט, געשטעלט אַ פוס, געוואָלט גיין.

לונה האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ, אים אָנגעקוקט. ער האָט דערפילט אויף זיך איר בליק. ער האָט אַוועקגעדרייט דעם קאָפּ און איר געזאָגט, ווי ער זאָל זיך פאַרענטפערן: — חברה האָבן מיך פאַרבעטן אויף זייער חשבון.

בשעת ער האָט גערעדט, האָט ער מיט די קורצע הענט זיינע זיך געקלאַפּט אין בויך אַריין, געוואָלט זי איבערצייגן, אַז זיין בויך איז פול.

רחל איז געזעסן ביי דער וואַנט, דער מוטער אַנטקעגן. זי איז געזעסן הינטער דער שמאָלער, גרין געפאַרבטער טיר. זי האָט געלאַטעט אַ יילעך. דאָס יילעך איז געלעגן פונאַנדערגעשפּרייט איבער איר שויס. זי האָט אַ שנופּ געטאָן מיט איר נעזל און אַ קוק געטאָן אויף זשאַקאָן פון דער זייט מיט שפּאָט: — אַהההה! — האָט זי פויל אַ גענעץ געטאָן און געגנייט ווייטער.

זשאַקאָ האָט אַ קוק געטאָן אויף רחלען. זיינע אייגעלעך זענען געווען קליין ווי קאָרקלעך. ער האָט געקוקט אויף איר און מיט דער צונג געווישט זיך די ליפּן.

אין שטוב איז געווען שטיל. ביידע פרויען האָבן געטאָן זייער אַרבעט. די שטילקייט איז געווען אַן אָנגעדראָלטע, ווי ווינטער אין אַ פישער־שטוב, ווען די פישערס שווימען נישט אַרויס אויפן ים. פון הינטער דער טיר, פונעם אַלקערל אַרויס, האָט זיך געהערט דער טיק־טאַק פון זייגער. פון מאָל צו מאָל האָט מען אויך געהערט דעם שאָרך פון די בעבלעך, וואָס די מוטער האָט געשאַרט מיט דער האַנט.

זשאַקאָ האָט געהערט די שטילקייט. ער האָט אַוועקגעדרייט דעם קאָפּ פון רחלען און זיך אַרומגעקוקט איבער דער שטוב. זיין בליק האָט געבלאָנדזשעט איבער די מענטשן. ער האָט געקוקט און זיך געשאָקלט, ווי ער זאָל דאַוונען. זשאַקאָ האָט דערזען די פאַרבעטע בעטן און פאַרמרוזשעט די אייגעלעך.

— איך וועל אויך האָבן בעטן — האָט ער געזאָגט און אַ קוק געטאָן אויף לונהן. דער אויסדרוק פון זיין פּנים איז געווען אַ נאַרישער.

לונה האָט פאַרשטאַנען, וואָס ער מיינט. אָבער זי האָט נישט רעאַגירט. זי האָט ממשיך געווען איר אַרבעט, נאָר די הויט אַרום אירע אויגן איז געוואָרן געמאָרשטשעט.

רחל האָט בכלל נישט פאַרשטאַנען זשאַקאָס רייד.

די בעטן זענען געשטאַנען ביי די ווענט, זיך אַנטקעגן. די בעטן זענען געווען פאַרבעט גאָרנדיק, ווי שטיגן אַרויף. יעדעס בעט איז געווען פאַרדעקט מיט אַ פּליושענער קאָלדרע. אויף דער רויטער קאָלדרע איז געווען אויסגעוועבט אַ הירש מיט הערנער, וואָס טרינקט ביי אַ קוואַל. אויף דער געלבלעכער קאָלדרע איז געווען אויסגעוועבט אַ טיגער, צו וועלכן עס צילט אַ יעגער. צווישן די בעטן איז געשטאַנען די צוויי־טיריקע, ברוין געפאַרבטע, מיט סלאָיען שאַנק און אויף איר אַ גלעזערנע, געשליפענע וואַזע מיט פּאַפּירענע בלומען. אין מיטן שטוב איז געשטאַנען אַ לענגלעכער, קאַנטיקער, נישט געפאַרבטער טיש, וואָס במשך דער צייט האָט ער באַקומען אַ ברוינע פּאַטינע און אויסגעזען, ווי ער זאָל זיין געבייצט. די בענקלעך זענען געווען פון דעם זעלבן קאָליר. זיי האָבן געהאַט דיקע פיס און שטאַרקע אָנלענען. אויף דער וואַנט איז געהאַנגען אַן אָוואַלער שפּיגל, געראַמט אין אַ ברוינער, גאָלדענער ראַם. אונטער דעם שפּיגל איז געהאַנגען אַ

גרינע צדקה־פושקע. אויף דער פושקע איז געווען אָנגעמאָלן אַ לאַנג הויז מיט אַ סך פענצטער און אַן אויפשריפט: „בית יתומים". ביים שפּיגל אין דער לינקער זייט איז געהאַנגען אַ קאָלירטע פאָטאָגראַפיע פון „כותל המערבי". די פאָטאָ איז געווען געדעמט אין אַ שמאָל, שוואַרץ רעמל.

זשאַקאָ איז געשטאַנען, ווי צוגעוואַקסן צום פּאָל. דער פּאָל איז געווען אויס־געלייגט מיט גרויסע פלאַכע שטיינער. זשאַקאָ האָט פונאַנדערגעקנעפּלט זיך דעם זעלנערישן באַטלדרעס. זיין האַקי־העמד איז געווען צעקנעפּלט. ער האָט אַריינגערוקט די האַנט אונטערן בוזעם און אַרויסגענומען אַ פאַרשמאָלצן פּעשל קאָרטן. ער האָט אַ קוק געטאָן אויף דער מוטער, ווי ער זאָל זי פרעגן, אָבער גלייכצייטיק מיט דער האַנט אין וועלכער ער האָט געהאַלטן די קאָרטן, זיך אָנגעלענט אין דער וואַנט, זיך אַוועקגעזעצט אויף דעם פּאָל און אויסגעלייגט די קאָרטן. ער האָט די קאָרטן געלייגט, ווי ער זאָל ציילן געלט.

די מוטער האָט געטאָן איר אַרבעט, אָבער פון מאָל צו מאָל האָט זי אַ קוק געטאָן בגניבה פון דער זייט, וואָס ער טוט. זשאַקאָ האָט אין צווישן אויסגעלייגט זיך די קאָרטן. אַ געבוקטער האָט ער געקוקט אויף די קאָרטן, אַ טייטל געטאָן מיט די פינגער און געזאָגט: — צען און נאָך אַ מאָל צען, צוויי און נאָך צוויי. אַ ווײַלע שפּעטער האָט ער געעפנט די האַנט, צונויפגעשאַרט די קאָרטן און זיי איבערגעפאַרשט פונסניי.

לונה, דערהערנדיק דעם שאָרך פון די געפּאַרשטע קאָרטן, האָט זיך אויפ־געשטעלט מיט דער פּלייצע צו זשאַקאָן.

— איך גיי שאַטקעווען קרויט — האָט זי געזאָגט און אַ קוק געטאָן אויף רחלען. זי איז אַריין אין קיך, מיטגענומען מיט זיך די שיסל בעבלעך.

דאָס בענקל מיטן פוסבענקל אין דורכגאַנג איז געבליבן ליידיק.

רחל האָט געגנייט, פאַרריכט דאָס ליילעך; דער שטאָך אירער איז איצט געווען אַ שיטערער און פון מאָל צו מאָל האָט זי געכאַפּט אַ קוק, וואָס זשאַקאָ טוט.

זשאַקאָ איז געווען פאַרטאָן, געפּאַרשט און געלייגט זיך קאָרטן. אין צווישן האָט לונה אין קיך גענענדיקט זיך פאָרען. זי האָט אָפּגעווישט ס׳מעסער אין ראַנד פון אייזערנעם טאָפּ, וואָס איז געשטאַנען אויפן טישל, אַדורכגעשניטן דעם הייפּטל קרויט און אים געשאַטקעוועט. די צויטנס קרויט האָבן זיך פונאַנדערגעשפּרייט איבערן טישל.

רחל האָט זיך אומגעקוקט. זי האָט געזען, ווי די מוטער פאָרעט זיך ביים קרויט. זשאַקאָ האָט זיך מתעסק געווען מיט די קאָרטן. זי האָט אַראָפּגעלאָזט די הענט, זיי אַוועקגעלייגט אויפן ליילעך. זי האָט אויסגעגליכן איר רוקן, אירע יונגע ברוסטן זענען שטייף געוואָרן, זי האָט זיי דערפילט. זי האָט פאַרמאַכט די אויגן און געזאָגט:

— מ׳מוז לייגן נאָך אַ לאַטע.

— האַ? — האָט די מוטער זי אַ פרעג געטאָן, אָבער באַלד געענטפערט דער טאָכטער — נעם אַרויס פון קופער נאָך אַ שטיקל לאַטע.

רחל האָט זיך אויפגעשטעלט. זי האָט דעם ליילעך אַרויפגעלייגט אויפן בענקעלע, אויף וועלכן זי איז געזעסן און צוגעגאַנגען צום קופער. איר שריט איז געווען אַ מידער, אָבער אַ זיכערער. דער קופער איז געשטאַנען ביי דער טיר אין ווינקל, נישט ווייט ווו זשאַקאָ איז געזעסן. זי האָט געמוזט אים פאַרבייגיין.

זשאַקאָ איז געבליבן זיצן מיט די קאָרטן אין האַנט. רחל האָט געעפנט די דעק פון קופער און זיך איבערגעבויגן איבער אים.

זשאַקאָ איז געבליבן מיט אַן אָפן מויל. זיינע ליפן זענען געוואָרן אָנגעשוואָלן ווי אַ טייג, וואָס קאָכט זיך אין אייל. זיינע שפּאַרבער־אייגעלעך האָבן געגליט. ער האָט דערזען רחלס נאַקעטע פון הינטן קני־געלענקען. די קאָרטן זענען אַרויס־געפאַלן אים פון דער האַנט. ער האָט זיך אָנגעבויגן און אַ גלעט געטאָן אירס אַ קני.

רחלס קני האָט אַ ציטער געטאָן, ווי אַ פערד, ווען אַ זלידנע פליג שטעלט זיך אויף אים. זי האָט דערפילט די כראַפּאַטע האַרטקייט פון זיין אויסגעאַרבעטער האַנט. זי איז אָפּגעשפּרונגען אין אַ זייט. אירע ברוסטן האָבן זיך אַ צאַפּל געטאָן.

— וואָס טוסטו? — האָט זי בייז און דערשטוינט אים געפרעגט.

זשאַקאָ האָט איר נישט געענטפערט. זיינע קליינע אייגעלעך האָבן אַרויפגע־קוקט צו איר מיט געבעט, ווי אַ בעטלער. זיינע אייגעלעך זענען געווען שטאַר און פאַרגלאָצט.

רחל האָט צונויפגעדרייט אַ קנויל פון די שמאַטעס, וואָס זי האָט געהאַלטן אין האַנט און אים געוואָרפן.

זשאַקאָ האָט אָנגעלענט זיך מיט דער פּלייצע אין דער וואַנט. די הויט אַרום זיינע אייגעלעך איז געמאַרשטשעט געוואָרן, דאָס מויל האָט זיך אים געעפנט, ער האָט געשמייכלט.

— אַרויס פון שטוב! — האָט רחל זיך צעשריגן און אים אַ צי געטאָן ביי דער האַנט.

— נו, נו, וואָס איז דאָרט? — האָט די מוטער זיך געפרעגט פון קיך אַרויס.

זשאַקאָ, הערנדיק דער מוטערס קול, האָט מיט איין האַנט שנעל צונויפגע־נומען די קאָרטן פון דעם פאָל, מיט דער צווייטער אויפגעריסן די טיר. אַ געבוקטער, מען זאָל אים נישט זען, איז ער אַרויסגעלאָפן פון שטוב. די טיר איז געבליבן אָפן.

— אַה! — האָט רחל אָפּגעאָטעמט. זי האָט אויף זיך גלייך געמאַכט דאָס גרויע לייוונטענע קלייד מיט אַן אויסגעלייגט קעלנערל. אירע באַקן האָבן געפלאַמט. זי האָט געקוקט, צי דער פאָטער איז נישט אַרויס פון אַלקערל און צי די מוטער איז אין קיך. זי האָט צונויפגענומען די לאַטעס, זיי אַריינגעוואָרפן אין קופער. זי האָט אים פאַרמאַכט און צוגעקלאַפּט די טיר. זי איז געשטאַנען מיט אויסגע־גלאָצטע אויגן און געהאָרכט. שרעק האָט אַרויסגעקוקט פון אירע אויגן. זי האָט דערהערט דעם קנאַק פון דער צוגעהאַקטער אין דער קאַמער טיר. „ער וועט זיך נוקם זיין! האָט זי שטיל געזאָגט, מער געפילט, ווי געהערט די ווערטער. זי האָט

מיט דער פויסט זיך אָנגעשפּאַרט אין דעם ראַנד פון טיש, געווען צעטומלט, נישט געוווסט, וואָס זי זאָל טאָן. אַ ווײַלע שפּעטער איז זי מיט שווערע טריט צוגעגאַנגען און זיך אַוועקגעזעצט אויף דעם בענקעלע, ווו זי איז געזעסן פריער. זי האָט פונאַנדערגעשפּרייט דעם לײַלעך איבער אירע קני, געגלעטעט ווײַטער, אָבער אָן חשק. אירע פאַרבויגענע פינגער האָבן געצויגן די בלאַנקנדיקע נאָדל דורך דער האַרטער, אויסגעוואַשענער לײַוונט. די שטעך זענען געווען קרומע און יעדער פון אַן אַנדער גרייס.

די פינצטערניש אין די פענצטער איז געווען שוין געדיכט. דאָס קאַגאַניקל אין קיך האָט געצאַנקט. די שטילקייט האָט געשפּאַרט פון יעדן ווינקל. מען האָט געהערט נאָר דעם זשום פון דער פאַרבלאָנדזשעטער אין ווינטער פליג, וואָס איז געקראָכן אויף די שויבן. דאָס זייגער־פּענדל אין אַלקערל האָט געגרילצט ווי אַ זעג, ווען זי שנײַדט. יעדע האַלבע שעה האָט געקלונגען דער זייגער. זעקס מאָל האָט ער געקלונגען. זײַן קלונג איז געווען טרוקן ווי אַ הוסט פון אַ זקן.

לונה, די מוטער, איז געזעסן אין קיך אויף אַ טאַבאָרעט. זי איז געזעסן מיט צעשפּרייטע און אונטערגעצויגענע קני. איר פליישיקער בויך האָט אונטער דער גרינער שאַרץ אויסגעזען ווי אַ פאַרפּאַקט פּעקל. צווישן אירע קני איז געשטאַנען אַ גרויער, ברוין געשטרייפטער דרעליך־זאַק פון אַ מאַטראַץ. אירע ברייטע, אויס־געאַרבעטע הענט האָבן בנעימותדיק פונאַנדערגעציפּט די האַרטע, אָנגעלעגענע שטיקער וואַטע. זי האָט כסדר אַרויסגענומען פון זאַק אַ שטיקל וואַטע און אַרײַנגעציפּט עס צוריק אין זאַק אַרײַן.

רחל האָט ווײַטער פאַרראַכטן דאָס לײַלעך, אָבער די אַרבעט איז איר נישט געגאַנגען. איר אָוואַל פּנים איז געווען אָפּגעצויגן. זי איז געווען מיד און פאַר־זאָרגט. נאָך יעדע עטלעכע שטעך איז זי זיצן געבליבן מיט דער נאָדל אין דער האַנט און אויפגעהאָרכט אַ דערשראָקענע. איר האָט זיך געדאַכט, אַז זי הערט טריט, וואָס גנבענען זיך אונטער.

אָבער ווען די אַרײַנגאַנגס־טיר האָט זיך שטיל געעפנט און צוגעמאַכט האָט רחל נישט געהערט. גראָד דעמאָלט איז רחל געווען אַרײַנגעטאָן אין איר אַרבעט, נאָר די מוטער האָט פון קיך אַרויס געפרעגט: — ווער איז דאָרט?

רחל האָט זיך דערשראָקן און אויפגעהויבן די אויגן. „מרים!״ — האָט רחל אַ גליקלעכע געשריגן. זי האָט אייליק אַרײַנגעשטאָכן די נאָדל אין לײַלעך און אַרויפגעוואָרפן אים אויפן בעט.

— אַ! — האָט רחל אַ קרעכץ געטאָן און אויסגערעכנט זיך די גלידער.

— שלום רחל! — האָט מרים איר געזאָגט און זיך צעשמייכלט. איר קײַלעכיק פול פּנים האָט געשטראַלט. איר ברייטע, קורצע נאָז איז נאָך ברייטער געוואָרן, ווען זי האָט געלאַכט. מרים, רחלס חברטע, איז געווען דיקלעך און נידעריקער פון רחלען. זיי זענען געווען אין דעם זעלבן עלטער. מרימס שוואַרצע האָר זענען געווען געקרייזלט.

— קום! קום! — האָט רחל זי גערופן און צוגערוקט דעם טאַבאָרעט צו

אירן. זיי האָבן זיך אַוועקגעזעצט און זיך איבערגעקוקט. ביידע זענען זיי געווען גליקלעך, וואָס זיי זענען ווידער צוזאַמען.

— שוין מאַנטיק. פון שבת אָן האָבן מיר זיך נישט געזען — האָט רחל געזאָגט.

— יאָ — האָט מרים איר געענטפערט.

— רעד שטיל — האָט רחל זי געוואָרנט. ביידע האָבן זיך איבערגעקוקט און געשמייכלט.

— וואָס האָסטו געטאָן אַלע טעג? — האָט רחל זי געפרעגט.

— ווער געדענקט? — האָט מרים איר געענטפערט און אַ הייב געטאָן די אַקסלען.

רחל האָט זיך אָנגעבויגן צו מרימען.

מרים האָט פאַרשטאַנען, אַז רחל וואַרט אויף אַן ענטפער. זי האָט מיט ביידע הענט אַריבערגעצויגן זיך איר ברוין קלייד איבער די קני און אָנגעלענט דעם קאָפּ אין דער שאַנק.

רחל האָט זי נייגעריק אָנגעקוקט.

— אַ גאַנצן טאָג מיט די קינדער, דער טאַטע איז אַוועק צו דער אַרבעט פריער, ווי שטענדיק, געמוזט עטלעכע פעסער אַרומרייפן. די מאַמע איז גאַנץ פרי געפאָרן אין דאָרף אַריין צו די קרובים.

— קיין רמה? — האָט רחל געפרעגט.

— יאָ — האָט מרים איר געענטפערט און ממשיך געווען — אַ וואָך שוין ווי די מאַמע האָט זיך געגרייט פאָרן, געבאַקן קיכלעך, געקויפט באַניע־קערלעך, פיסטאַשקעס און נאָך גוטע זאַכן. — זי האָט זיך געגרייט, ווי צו אַ שמחה. זי האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ, זיך פאַרטראַכט.

רחל האָט זי אָנגעקוקט מיט חשד.

מרים האָט געפילט אויף זיך רחלס בליק, אָבער געשוויגן. זי האָט צוגעגעבן:

— דאָרט אין דאָרף איז שיין, אַ פלאַכער ערד־פּליין. מען זעט דעם ים פון וויטנס. עס איז נאָענט צו אַשקלון. מרים האָט פאַרמאַכט די אויגן, אירע אויגנ־לעפלעך זענען געווען פייכט פון גערירטקייט, איר אָטעם איז געווען אַ שנעלער.

רחל האָט געזען מרימס גערירטקייט. אַוודאי באַהאַלט זי אַ סוד. זי האָט געשוויגן.

אין שטוב איז געווען שטיל. די פאַרבלאָנדזשעטע אויפן פענצטער פליג האָט ווידער אַ זשום געטאָן.

מרים האָט געעפנט די אויגן. — דוד, מיין ברודער, האָט זיך גערייצט מיט מיר. ער האָט געזאָגט, אַז די מאַמע איז געפאָרן מיך פאַרשדכנען — האָט זי געזאָגט, ווי עס זאָל פון איר אַרויסרעדן.

איר שטימע האָט געציטערט פון אויפרעגונג.

רחל איז געבליבן מיט אַן אָפן מויל. — מיט וועמען? — האָט זי דערשטוינט געפרעגט.

—— מיט דעם פעטערס זון — האָט מרים אַפּאַטיש געענטפערט.

— דו קענסט אים? — האָט רחל נייגעריק זי געפרעגט.

— יאָ, ער איז עלטער פון מיר. אירע רייד זענען געווען פול צער.

רחל האָט אָנגעקוקט מרימען מיט טרויער. אירע אויגן, די נאָז און ליפּן האָבן זיך צונויפגעצויגן.

— מיר זענען „טעכטער״! — האָט מרים געזאָגט איראָניש — מיין טאַטע וויל, אַז איך זאָל האָבן אַ ווירטשאַפט, מיין מאַן זאָל נישט דאַרפן זוכן אַ טאָג אַרבעט, ווי ער. איר שטימע האָט געציטערט.

רחלס גרויסע, ברוינע מאַנדל־אויגן זענען געווען שטאַר און נישט געזען. זי איז געווען פאַרטראַכט. אירע פינגער האָבן נערוועז געצופּט דעם ראַנד פון איר קלייד.

דער זייגער האָט געקלונגען איינס. דער קלונג האָט פונאַנדערגעריסן די שטילע, יוירנדע טוכלעקייט אין שטוב. דער קלונג האָט אויך איבערגעריסן מרימס מחשבות. זי האָט אַ קוק געטאָן אויף רחלען, ווי זי איז פאַרטראַכט און זי איז אַוועק פון אירע מחשבות. זי האָט אַראָפּגעבויגן דעם קאָפּ, אים אָנגעלעגנט אויף רחלס אַקסל.

— וואָס איז דיר? — האָט זי געפרעגט רחלען מיט אַ ווייכער שטימע.

רחל האָט געשוויגן.

מרים האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ און אַראָפּגעלאָזט די אויגן.

רחל האָט זיך אָנגעבויגן, אַ קוק געטאָן אין קיך אַריין, געוואָלט זען, צי די מוטער הערט זיי אונטער.

— ער איז געקומען צו דער מייסטערין אין שטוב — האָט זי אַ דערשראָקענע אַ פליסטער געטאָן, ווי זי זאָל שלינגען די ווערטער.

מרים האָט זיך אַ טרייסל געטאָן. אירע ברוסטן האָבן זיך אַ צאַפּל געטאָן. זי איז זיצן געבליבן מיט אַן אָפן מויל און נייגעריק אָנגעקוקט רחלען. זי האָט נישט געקענט רעדן פון איבערראַשונג.

רחל האָט געפילט אויף זיך מרימס בליקן און די וואַרעמקייט פון איר אָטעם. זי האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ און איר געזאָגט מיט פאַרדראָס:

— צביה האָט אים פאַרטריבן.

— וואָס?! — האָט מרים געפרעגט אַן איבערראַשטע און אויסגעשטרעקט איר קאָפּ.

רחל האָט געשוויגן. זי האָט נאָר אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, באַשטעטיקט אירע רייד.

רחל האָט ווידער אַ מאָל זיך אָנגעבויגן זען, צי די מוטער הערט זיי אונטער.

— ווי אַזוי איז דאָס געשען? — האָט מרים נייגעריק זי געפרעגט.

די מוטער האָט זיך אויפגעשטעלט מיט צוויי זשמעניעס געטריקנטע קירבעס־קערלעך, געוואָלט מכבד זיין די מיידן. דערהערנדיק, ווי זיי שושקען זיך, האָט זי

שטיל זיך אַוועקגעשטעלט ביי דער וואַנט, אַ געבוקטע, און זיך צוגעהערט צו זייערע סודות. אונטערגעהערט.

רחל האָט געהערט דער מוטערס טריט און אויפגעהערט רעדן.

מרים האָט זיך נישט גערירט פון אָרט. געוואָלט, אַז רחל זאָל רעדן ווייטער.

רחל האָט צונויפגעלייגט אירע האַנטפלאכן, זיי אַריינגערוקט צווישן די קני. די איינגעקלעמטע צווישן די קני הענט האָבן זי אַראָפּגעצויגן. זי האָט אַ קוק געטאָן מיט אַן אויג אין דער זייט, צי די מוטער הערט זיי אונטער און אַ פּליסטער געטאָן מיט די ליפּן, ווי זי זאָל רעדן צו אַ שטומען.

— ער איז געקומען אַנביטן פּיש.

— און דו ? — איז מרים אויפגעשפּרונגען פון טאַבאַרעט פון נייגער.

— שאַ, שאַ ! — האָט רחל אַ זאָג געטאָן און אַ ווייז געטאָן איר מיט דער האַנט, זי זאָל זיך אַוועקזעצן.

מרים האָט זיך צוריק אַוועקגעזעצט.

— צביה האָט מיר געדראָט, אַז זי וועט דערציילן דעם טאַטן. אויך איצט האָט זי גערעדט שטיל.

— אַן אַלטע מויד — האָט מרים אַ שריי געטאָן און פאַרביילט די פויסטן, ווי זי זאָל וועלן שלאָגן.

רחל האָט איינגעביסן זיך אַ פינגער און אַ הויב געטאָן די אַקסלען פון שרעק.

די מוטער האָט אַוועקגעוואָרפן די קערלעך אויף דעם פּאָל. זי האָט אַ שטעל געטאָן אַ פּוס, ווי צום טאַנץ, און אַריינגעלאָפן אין שטוב אַריין. פון אימפּעט האָט איר קלייד זיך פונאַנדערגעשפּרייט, ווי אַ פעכער. זי איז שטיין געבליבן מיט צעשטעלטע פיס, גרייט צו וואַרפן זיך אויף די מיידלעך. איר פּנים האָט געפלאַמט. כעס און רציחה האָבן אַרויסגעקוקט פון אירע צעגליטע אויגן. די אָדערן אויף איר אויסגעצויגענעם האַלדז זענען געווען אָנגעצויגן ווי שטריק. זי האָט אויסגעשטשערעט די ציין און מיט גאַל געשריגן : — אַרויס פון שטוב ! — און זיך געטרייסלט פון כעס. אַ ווײַלע שפּעטער ערשט האָט זי זיך באַהערשט און זי האָט מרימען אַ ווייז געטאָן מיט דער האַנט די טיר.

מרים איז אויפגעשפּרונגען. אירע אַקסלען זענען געוואָרן שפּיציק. איר קאָפּ איז ליגן געבליבן אין זיי. זי איז איצט געווען קלענער, ווי זי איז געווען. אַ דערשראָקענע און נעבעכדיקע האָט זי מיט קליינע שריט זיך גערוקט צו דער טיר. אירע אויגן זענען געווען אויסגעגלאָצט, פול פּחד. זי האָט זיך געשראָקן, צי לונה באַפאַלט איר נישט. ווען זי איז צוגעקומען צו דער טיר, האָט זי מיט אימפּעט זי אויפגעפּראַלט און אָן אַן אָטעם אַריבערגעלאָפן די שוועל און צוגע־האַקט נאָך זיך די טיר.

— האַאאַ ! — האָט די מוטער אַ וואָרטשע געטאָן, מיט ביידע הענט אָנגע־כאַפּט די טאָכטער ביי די האָר און עטלעכע מאָל זי אַ טרייסל געטאָן. זי האָט געוואָלט איר קאָפּ אָנקלאַפּן אין דער וואַנט.

— אַה! אַה! — האָט רחל געשריגן און געשלעפּט דעם קאָפּ אויף הינטער־ווײלעכץ, געוואָלט זיך באַפרייען פון דער מוטערס הענט.

דער מוטערס אויגן זענען געווען שטאַר, ווי וואַנזיניק, אירע מויל־ווינקלען פאַרשוימט, איר פּנים נאַס פון שווייס.

די שמאָלע טיר פון אַלקערל האָט פּאַמעלעך זיך געעפנט. אין דעם ענגן דורכגאַנג איז שטיין געבליבן יוסיף, דער פאָטער. אין אַלקערל איז געווען טונקל. די טונקלקייט הינטער אים האָט בולט געמאַכט זיין קרעפּטיקע געשטאַלט. ער איז געווען באָרוועס און געהאַט אויף זיך אַ צעלאָזט, לאַנג ביז די קנעכל, העמד. ער האָט אויסגעזען, ווי אַן אויסגעהאַקטע פון שטיין סטאַטוע. זיין פּנים איז געווען טעמפּ, זיינע פאַרשלאָפענע אויגן האָבן דערשטוינט געקוקט.

די מוטער, דערזעענדיק אים, האָט אָפּגעלאָזט די טאָכטער. זי איז שטיין געבליבן אַ געבוקטע מיט אַראָפּגעלאָזטע הענט, אומבאַהאָלפן. — אַה! — האָט זי אָפּגעזיפצט.

— אי, אי, אי, — האָט רחל געהעשעט, געוויינט אָן טרערן און מיט די הענט אונטערגעהאַלטן זיך ס׳האַרץ.

דער מוטערס פּנים איז געווען גרוי, אירע הענט אַנגעצויגן, איר געגרינ־צלטע הויט אויפן פּנים האָט געגלאַנצט.

דער פאָטער האָט עטלעכע מאָל אַ פּינטל געטאָן מיט די אויגן און וואַך געוואָרן. ער האָט פאַרבויגן אַ פינגער און זיך צוגעגלעט די וואָנסע. די גרויע האָר אין דער וואָנסע האָבן געגלאַנצט. ער האָט אָנגעקוקט די ווייבער און זיי געפרעגט:

— וואָס איז געשען??!

פון אונטער דעם פאָטערס אָרעם האָט זיך אַדורכגעשטופּט יוסף, דער זון, דאָס פערצן־יעריקע יינגל, וואָס איז געווען העכער לויט זיין עלטער. זיינע אויגן זענען געווען האַלב פאַרמאַכט, ער איז נאָך געשלאָפן. זיין שוואַרצע טשופּרינע איז געווען צעשויבערט. אויך ער איז געווען באָרוועס און אָנגעטאָן אין האָקי־הויזן און אין אַ קורץ, לייוונטן העמדל אָן אַרבל. דאָס העמדל האָט אים געגרייכט ביזן נאָפּל. אַ נאַקעטער פליי־פּאַס, ווי אַ גאַרטל האָט זיך אַרויסגעזען פון זיינע בגדים. די ליכט האָט אים אַ בלענד געטאָן. ער האָט מיטן עלנבויגן זיך פאַר־שטעלט די אויגן.

די טאָכטער שלעפּט זיך אַרום מיט יינגען! — האָט די מוטער געזאָגט מיט אַ הויל קול פון ווייטיק. איר שטערן איז געוואָרן צעקנייטשט, די אויגן איינגע־פאַלן. אירע קינבאַקן זענען געווען בולט, די ליפּן — פאַרהאַקט. זי האָט אויסגעזען ווי אַ מת.

רחל האָט מיט די הענט אַ כאַפּ געטאָן זיךביים קאָפּ. — אַה! — האָט זי אַ קרעכץ געטאָן און פאַרמאַכט די אויגן. איר פּנים איז געוואָרן אויסגעקרימט פון יסורים.

יוסיף האָט געשוויגן און באַטראַכט די טאָכטער. דעם ווייבס ווערטער האָבן זיך אים איינגעקריצט אין מוח.

דער זון האָט אַוועקגענומען די האַנט פון די אויגן. דער שלאָף איז אים געלעגן אויפן פּנים. ער האָט אַ טרייסל געטאָן מיטן קאָפּ אַהין און צוריק, ווי ער זאָל עפּעס זוכן.

— רחל! — האָט ער גערופן די שוועסטער.

רחל האָט אים נישט געענטפערט.

דער ברודער האָט פאַרריסן דעם קאָפּ. — כּיק! — האָט ער אַ כאַכל געטאָן און אַ פיר געטאָן אַ פינגער איבער זיין גאָרגל איר געוויזן, אַז ער וועט זי שעכטן.

רחל האָט פאַרבראָכן די הענט און פאַרמאַכט די אויגן; געהערט, ווי ער כאָרכלט.

די מוטער האָט אַ שניף געטאָן מיט דער נאָז, אונטערגעהויבן זיך ס׳קלייד און זיך אויסגעווישט אירע פאַרטרערטע אויגן.

דעם ברודערס אויגן זענען אויך געווען גרויס פון פּחד, אָבער תמימותדיק געקוקט. ער איז געשטאַנען און געוואַרט, אַז רחל זאָל אים אָננעמען ביי דער האַנט און אים אַרויספירן. דער פאָטער האָט פאַרקרימט די ליפּן און פאַרקריצט אַן אויג. — גייט שלאָפן! — האָט ער באַפוילן די ווייבער און מיט דער האַנט זיי אָנגעוויזן די בעטן. מיט דער אויסגעשטרעקטער האַנט האָט ער איינגעקניפּט זיך מיט כּוח אין רחלס אָרעם.

— אַה! — האָט רחל אַ קוויטש געטאָן.

דער פאָטער האָט אַ צי געטאָן צו זיך די טאָכטער, ווי ער זאָל שלעפּן אַ פולן זאַק, זי אַריינגעשטופּט אין אַלקערל און נאָך איר צוגעמאַכט די טיר.

די מוטער האָט פאַרבראָכן די פינגער און אָפּגעזיפצט, ווי זי זאָל שלוקעכצן. אירע אויגן זענען געווען פייכט.

דער זון איז געשטאַנען מיט אַן אָפן מויל און דערשטוינט באַטראַכט דעם פאָטער. ער איז געווען זיכער, אַז דער פאָטער וועט רחלען אָנברעכן די ביינער.

דער פאָטער האָט מיט אַלע פינף פינגער אַ קראַץ געטאָן זיין שטומפּיקע, נישט ראַזירטע באָרד. זיינע דיקע, אויסגעאַרבעטע פינגער האָבן פאַמעלעך געגלעט זיין פּנים. ער האָט געצווייפלט און באַטראַכט זיינע בני־בית. זיין בליק איז געווען טעמפּ, זיין פּנים — פאַרזאָרגט. ער האָט זיך איבערגעלייגט. מיט אַ מאָל האָט ער אַ זאָג געטאָן:

— יוסיף, גיי שלאָפן! — אים גערופן יוסיף און נישט יוסף, אַזוי ווי די פּישערס רופן אים. ער איז פאַמעלעך צוגעגאַנגען צום בעט, און אויפגעבעט עס. אָן צו זאָגן אַ וואָרט, האָט דער זון זיך אויסגעטאָן און אַריינגעלייגט אין בעט.

— אַבו־אולדי (טאַטע פון מיינע קינדער) — האָט די מוטער געזאָגט פאַמעלעך יוסיפן.

יוסיף האָט אויפגעהויבן זיין פליישיקן קאָפּ, אָנגעקוקט לונהן, זיין ווייב. זיינע אויגן זענען געווען פאַרזשמורעט, זיינע פליישיקע ליפּן זענען געווען אָפן.

— מאַך זי חתונה — האָט לונה אים געזאָגט, ווי זי זאָל זיך ביי אים בעטן.

„די יינגען וועלן זי צערייסן" — האָט זי שטיל צוגעגעבן. אירע רייד זענען געווען פול פחד און דאגה.

יוסיפס אויגן־לעפּלעך האָבן אַ ציטער געטאָן. — קום שלאָפן! — האָט ער איר געזאָגט. זיין קול איז געווען הייזעריק און מיד. ער האָט אויפגעהויבן אַן עק פון דער קאָלדרע און זיך צוגעלייגט צום זון.

לונה איז געשטאַנען מיט אַראָפּגעלאָזטע הענט און נאָכגעפאָלגט נאָך יוסיפס, איר מאַנס, באַוועגונגען.

יוסיף איז געלעגן אויף אַ זייט, מיטן פּנים צו דער וואַנט, און שוין געשנאָרכט.

לונה איז צוגעגאַנגען צום שאַלטער און אויסגעלאָשן די ליכט. דאָס קאַגאַניקל וואָס האָט געברענט אין קיך, האָט געשפּרייט שאָטנס. אין צימער איז געווען כמעט פינצטער. מען האָט נאָר געזען אויף דער וואַנט דעם שאָטן פון לונהס באַוועגונגען.

לונה האָט אַרויסגענומען פונעם טאָרבעלע, וואָס איז געהאָנגען צווישן אירע ברוסטן, אַ מטבע און אַריינגעוואָרפן זי אין דער צדקה־פּושקע, וואָס איז געהאָנגען אויף דער וואַנט. זי האָט דריי מאָל אויסגעשפּיגן. נאָך יעדן שפּיי האָט זי מיט די גראָבע פינגער אויסגעווישט זיך אירע פאַרמאַכטע אויגן־לעפּלעך, דערנאָך האָט זי עטלעכע מאָל אויסגעפּאַטשט זיך די באַקן. זי האָט זיך אונטערגעהויבן אויף די שפּיץ פינגער, פאַרמאַכט די אויגן און אַ פליסטער געטאָן: — שמע ישראל! — זי איז צוגעגאַנגען צום צווייטן בעט, און געבעט זיך ס'בעט. זי האָט זיך אויסגעטאָן, זיך געגרייט צום שלאָף.

# טז

דער גרויער הימל איז געווען שוין העל, די לופט — דורכזיכטיק. מען האָט געזען שוין די בערג פון ווייטנס, אָבער דער פרילינג איז נאָך נישט אַריינגע־דרונגען אין די געסלעך. אין די ענגע געסלעך איז די לופט ווייטער געווען דעמפּיק. דער ים האָט געברויזט אין דער טיף. די כוואַליעס זענען שוין געווען אַ סך נידעריקער, ווי זיי זאָלן שוין האָבן אויסגעלאָדנט זייער כעס אויף דער וועלט. די קלעפּ פון די כוואַליעס זענען געווען הוילע, דער ים — אַ געקאַרבטער. פאַצעגעס וואָסער האָבן זיך געוואָרפן. איין פאַצענע האָט צוגעדעקט די אַנדערע. די צעשמעטערטע כוואַליעס וואָסער האָבן זיך געשוימט, קעגנגעשטעלט, זיך באַרויקט און פונאַנדערגעגאָסן זיך אַנמעכטיק.

די זון איז געווען בלאַס, אָבער אירע שטראַלן זענען פון טאָג צו טאָג שטאַר־קער געוואָרן. די לופט אין פאָרט איז געווען פייכט און געזאַלצן.

דער מאָרגן איז געווען אַ מילדער. די פישער־ראַמפּע איז געווען נאַס. יעדע

אָנגעלאָפּענע צום ברעג, כוואַליע, האָט זיך צעקלאַפּט ביי דער ראַמפּע. די צעברויזטע וואַסערן האָבן געהוידעט די צוגעבונדענע צו דער ראַמפּע שיפלעך. אַמאָל האָט אַ כוואַליע אַ שלעפּ געטאָן אַ שיפל, ווי זי זאָל עס וועלן צודעקן. אַמאָל האָט אַ כוואַליע אַ שליידער געטאָן אַ שיפל, ווי זי זאָל עס וועלן אַרויס־וואַרפן פון ים. די שיפלעך זענען געווען ליידיק. פון ווייטנס האָבן זיי אויסגעזען, ווי צוגעגרייטע פּאָר מתים קברים. אין עטלעכע פון די שיפלעך זענען געשטאַנען געבוקטע געשטאַלטן, וואָס האָבן זיך געפּאָרעט. זיי זענען געווען באָרוועס, זייערע נאָגאַוויצעס — פאַרשאַרצט, זייערע העמדער — צעכראַסטעט. זייערע היטלעך זענען געווען אַראָפּגערוקט ביז די אויגן.

אַ געבוקטע געשטאַלט אויף אַ שיפל האָט זיך אויסגעגליכן. אַ נידעריקער, ברייטבייניקער פישער איז שטיין געבליבן אויף צעשטעלטע פיס, ווי אַן אַנקער. די בלעכענע פּושקע, מיט וועלכער ער האָט אויסגעשעפּט ס׳וואַסער פון שיפל, האָט ער אַרויפגעוואָרפן אויף דער ראַמפּע. ער האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט, ווי ער זאָל די פּושקע נאָכשטופן. זיין געשטריקט היטל האָט ער פאַררוקט זיך אויף הינטן. זיינע שוואַרצע האָר האָבן איבערגעדעקט זיין רויטן שטערן. זיינע גרויסע, אָן ווימפּערן, אויגן האָבן אַריינגעקוקט אין ים.

דער אומענדלעכער ביז דעם האָריזאָנט וואַסער־שפּיגל האָט געשפּיגלט. די כוואַליעס זענען זיך אַנטקעגנגעלאָפן, זיך צונויפגעשלאָגן און זיך צעשלאָגן. — אינש־אַללאַ (מיט גאָטס הילף) — האָט דער פישער געזאָגט און זיך אויס־געדרייט צו דער ראַמפּע. זיינע באַוועגונגען זענען געווען פּאַמעלעכע צום ריטם פון שיפל, וואָס האָט זיך געוויגט. דער פישער האָט אַרויפגעשטעלט אַ פוס אויף דעם ראַנד פון שיפל, דעם צווייטן אונטערגעצויגן און אַרויפגעשפּרונגען אויף דער ראַמפּע. זיין אויסגעווייקטער פוס האָט אַ פּליאַסק געטאָן דעם ראַמפּע־בעטאָן. ער האָט אַ וואָרף געטאָן מיט די הענט, ווי ער זאָל אָפּשאָקלען און זיך געלאָזט גיין. ער איז געגאַנגען מיט דער ראַמפּע אַרויף.

שלום, דער הויכער, ברייטבייניקער ייִד, מיט זיין בלוי־ווייס געפאַרבטן וואָגן־רעסטאָראַן, איז איצט געשטאַנען אין מיטן דער ראַמפּע. זיין פאַלטן איז געווען גרויס אויף אים אָבער די אַרבל זענען געווען קורץ. זיינע לאַנגע, פליישיקע הענט האָבן אַרויסגעשטאַרט פון זיי. זיין בויך האָט אַרויסגעסטערטשעט. דאָס ווייסע, קורצע פאַרטעכל, מיט וועלכן ער איז געווען אַרומגעבונדן, האָט אויס־געזען, ווי אַ נאָס טאַשנטיכל, וואָס טריקנט זיך. ער האָט זיך געפּאָרעט אַרום דעם וואָגן. ער האָט באַטאַפּט די לעבלעך ברויט. ער האָט איבערגעשטעלט די טעלער מיט סאַלאַטן, צוזאַמענגענומען די אייער אין איין טעלער, מיט די פינגער אָפּגעווישט אַן אַליווע, וואָס איז געווען מאַט, זי זאָל גלאַנצן. ער האָט זיך געפּאָרעט, געוואַרט אויף קונים, אָבער די קונים זענען נישט געקומען. ער האָט אָנגעטאָן אויף זיין געשטריקט היטל אַ ווייס היטל פון אַ קוכער. אויך דאָס האָט אים נישט געהאָלפן. זיין געשטריקט היטל האָט אַרויסגעקוקט פון אונטן, ווי אַ שפּיץ פון אַ קאַפּל.

די פישער־ייִנגען אויף דער ראַמפּע זענען געשטאַנען גרופּנווייז. פון ווייטנס האָבן זיי אויסגעזען, ווי אַ מענטשן־קלימפּער. זייערע אָפּגעטראָגענע ווינטער־מלבושים זענען געווען צעקנאָדערט, זייערע העמדער — צעכראַשטשעט. די נאַגאַוויצעס פון זייערע קאָלירטע הויזן זענען אַריינגעלאָזט אין די סקאָרפּעטן. די סקאָרפּעטן האָבן אַרויסגעשטאַרט פון זייערע שווערע שיך, ווי אויערן ביי אַן אייזל. די הענט האָבן זיי געהאַלטן פאַררוקט אין די בוזעמס, אָדער אין די טאַשן. זייערע פּנימער זענען נישט געווען ראַזירט. זיי האָבן אויסגעזען, ווי אויסגע־טריקנטע סאַבערס אין תמוז. זיי זענען געשטאַנען איינער נעבן אַנדערן און געקוקט אויפן ים; נאָכגעפאָלגט, ווי די כוואַליעס שטורעמען. זיי זענען געשטאַנען צונויפגעדריקט, ווי אַ סטאַדע שעפּסן. פון מאָל צו מאָל האָט ווער פון זיי זיך אַרויסגערוקט פונעם מענטשן־קלימפּער און איז אַוועק.

אויך סאַמי האָט אָפּגעשטופּט מיטן אַקסל די, וואָס זענען געשטאַנען פאַר אים, זיך אַרויסגעריסן פונעם מענטשן־קלימפּער און שטיין געבליבן מחוץ דער מחנה. זיין פּנים איז געווען ראַזירט, אָבער אָנגעשטרענגט, זיין דין וואָנסעלע האָט איצט אויסגעזען געדיכטער, ווי עס איז געווען. ער האָט זיך אויסגעדרייט און געקוקט.

— זשאַקאָ! — האָט ער אַ שריי געטאָן און אַ צי געטאָן דעם לאַקירטן דאַשיק פון זיין גראַנאַטן היטל, ביז די אויגן. — עה! — האָט ער אַ זאָג געטאָן און אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט, אַז ער איז מוותר. ער האָט די האַנט אַריינגערוקט אין דער הויזנטאַש און איז אַוועק. ער איז געגאַנגען שנעל, אָבער מיט מידע טריט. ער איז געגאַנגען צום פּאָרט־טויער.

אַ פּליישיקע, נידעריקע געשטאַלט, — זשאַקאָ האָט זיך גענומען שטופּן דורך דער מענטשן־מאַסע מיטן ברוסטקאַסטן פאָרויס. די, וואָס זענען געשטאַנען אים אין וועג, האָבן זיך אָפּגערוקט, אים געמאַכט וועג און זיך צוריק צונויפ־געדריקט, זשאַקאָ איז ווי אַרויסגעפאַלן פון דעם מענטשן־קלימפּער. די אַרומ־שטייענדע האָבן נישט געלייגט קיין אַכט אויף אים. זשאַקאָ האָט אָפּגעאָטעמט. זיינע ליפּן און די נאָזלעכער האָבן זיך צעשפּרייט. ער האָט זיך אַרומגעקוקט, געזוכט דעם, וואָס האָט אים גערופן. ער האָט פון ווייטנס נאָר געזען סאַמיס פּלייצע, וואָס האָט זיך דערווייטערט.

פּלוצים האָט זשאַקאָ אַ טרייסל געטאָן מיטן קאָפּ. ער האָט געשטעלט אַ פּוס אויף צוריק און פאַרביילט די פויסטן פון איבעראַשונג. די שפּיצן פון זיינע גרויסע אויערן זענען געוואָרן רויט. — יאָ! — האָט ער אַ שריי געטאָן מיטן גאַנצן כוח, ווי ער זאָל ענטפערן אויף סאַמיס רוף.

אויף דער ראַמפּע אין דער זייט איז געשטאַנען יוסיף, זיין בעל־הבית.

זשאַקאָ איז געווען זיכער, אַז דאָס האָט יוסיף אים גערופן. ער האָט אויס־געשטרעקט זיין געקרייזלטן קאָפּ און צוגעלאָפן צו אים.

— אַש־בידק מעלם? (וואָס ווילסטו בעל־הבית) — האָט זשאַקאָ אים געפרעגט אַ פאַרסאַפּעטער.

יוסיף איז געשטאַנען אויף זיינע לאַנגע, צעשטעלטע פיס מיט די גראָבע פינגער אונטערן הויזן־לימיץ. זיינע אויגן מיט די דיקע ברעמען איבער זיי האָבן באַטראַכט זיין שיפל, וואָס האָט זיך געהוידעט אויפן וואַסער. דאָס שיפל איז געווען קורץ און ברייט. פון ווייטנס האָט עס אויסגעזען ווי אַ האַלבער, אויסגע־הוילטער אַרבוז. יוסיף האָט אויסגעדרייט דעם קאָפּ און אָנגעקוקט זשאַקאָן פון אויבן אַראָפּ. זיינע גרויסע, גוטמוטיקע אויגן האָבן אים באַטראַכט דערשטוינט. ער האָט נישט געוווּסט, וואָס זשאַקאָ וויל און ער האָט געשוויגן.

— האָסט מיך גערופן? — האָט זשאַקאָ אים געפרעגט.

יוסיף האָט אַרויסגענומען איין גראָבן פינגער פון אונטערן הויזן־לימיץ, אַ גלעט געטאָן זיין שוין גרויע שפּיץ וואָנסע און זיך איינגעקוקט אין זשאַקאָן.

זיין קוק האָט צעטומלט זשאַקאָן.

— באַלד אינדערפרי בין איך געווען אונטן, האָב פאַרראַכטן דעם קנופּ — האָט זשאַקאָ געזאָגט, ווי ער זאָל זיך פאַרענטפערן.

יוסיף האָט אים אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ אויף הסכמה.

— שפּעטער וועל איך ווידער אַראָפּגיין אַ קוק טאָן — האָט זשאַקאָ צוגעגעבן.

יוסיף, אַ צופרידענער, האָט נאָכאַמאָל אים אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ. ער האָט אויפגעהויבן די אויגן, געזען אַ יינגל לויפט צו אים. ער האָט דערקענט זיין זון.

זשאַקאָ האָט אַ קוק געטאָן אויף יוסיפן און נישט געוווּסט, וואָס דער בעל־הבית קוקט.

יוסף, דער זון, איז געלאָפן מיט אַ ריטמישן שריט און מיט איין פוס אונטער־געשפרונגען.

יוסיפס נאָזלעכער האָבן אַ פלאַטער געטאָן, געוואָרט האָט ער אויפן זון.

— אש יאַ ולד? (יינגל, וואָס איז) — האָט דער פאָטער אַ שריי געטאָן צום זון שוין פונדערווייטנס.

אויך זשאַקאָ האָט אַ קוק געטאָן — יוסף!? — האָט ער אַ דערשטוינטער געפרעגט.

יוסף, דער זון, איז שטיין געבליבן אַ פאַרסאַפּעטער. ער האָט צעשטעלט די פיס און אַריינגערוקט די האַנט אין דער הויזנטאַש ווי אַ דערוואַקסענער, אַ פישער.

דער פאָטער האָט אומגעדולדיק אַ טרייסל געטאָן מיטן קאָפּ, ווי ער זאָל זאָגן „רעד שוין".

— דער ים איז שוין גוט! — האָט דער זון געזאָגט.

דער פאָטער האָט פאַרמאַכט אַן אויג און פאַרצויגן די ליפּן. אויף זיין פליישיקן פּנים האָט זיך פונאַנדערגעשפּרייט חוזק.

דאָס יינגל האָט זיי אָנגעקוקט. זיין פליישיקע נאָז, וואָס איז געווען ענלעך צום פאָטערס, האָט זיך אויסגעצויגן. ער האָט געמיינט, אַז דער פאָטער לאַכט פון זיין הולך. זיינע בלויע, אויסגעוואַשענע הויזן זענען געווען אַריינגעלאָזט אין די

סקאַרפּעטן. זיין זעלנער־באַטלדרעס איז געווען צעקנעפּלט. די אַרבל פון באַטלדרעס זענען געווען לאַנג אויף זיינע קורצע הענט. זיין בלוי פלאַנעלן העמד איז געווען צעכראַשטשעט, נאָר די שיך זיינע זענען נאָך נישט געווען קיין זעלנעריש.

דער פאָטער האָט מיט צוויי פינגער אַראָפּגעשלעפּט דעם זונס געשטריקט היטל איבער זיין שטערן. דער זון האָט זיך נישט אַ ריר געטאָן פון אָרט. ער האָט צוריק אויסגעגליכן זיך דאָס היטל, אַ קוק געטאָן אויפן פאָטער, וואָס ער מיינט.

— קומסט פון דער היים? — האָט דער פאָטער אים געפרעגט שוין מיט אַן ערנסט פּנים.

— יאָ! — האָט דער זון געענטפערט.

דער פאָטער האָט זיך אין אים איינגעקוקט און געשוויגן.

— רחל איז געגאַנגען צו דער אַרבעט און איך — אין פּאַרט אַריין — האָט ער געזאָגט דעם פאָטער און אַ ווונק געטאָן מיט אַן אויג זשאַקאָן.

זשאַקאָ האָט זיך איינגעקאָרטשעט. ער איז קליין געוואָרן, ווי די פּיס זאָלן אים האָבן אַריינגעקראָכן אין קערפּער אַריין. זיין פּנים איז געווען טעמפּ. די שפּיצן פון זיינע גרויסע אויערן זענען געוואָרן רויט און שטייף.

דעם פאָטערס לינק אויגן־לעפּל האָט זיך אַראָפּגעלאָזט. ער האָט אַ קוק געטאָן פון דער זייט אויף ביידע. זיין פּנים איז געווען אויסגעצויגן. דער ווונק, וואָס דער זון האָט געגעבן זשאַקאָן, איז אים געווען פאַרדעכטיקט. דער פאָטער האָט צונויפגעלייגט די הענט, פאַרפלאָכטן איין האַנט פינגער אין דער אַנדערער און עס האָט זיך דערהערט אַ קנאַק פון די פינגער־געלענקען. דער פאָטער האָט אַוועקגעדרייט דעם קאָפּ, זיך איינגעקוקט אין ים. זיין פּנים איז געוואָרן גוטמוטיק.

— חברה! — גרייט אייך! היינט, מאָרגן שווימט מען אַרויס אויפן ים! — האָט ער געזאָגט אַ צופרידענער.

זשאַקאָ און דער זון האָבן אַ קוק געטאָן אויפן ים.

דער פאָטער האָט פאַרריבן די הענט און הילכיק זיי איינגעקלאַפּט.

אַ פלאַכע, אָבער שווערע כוואַליע איז אָנגעלאָפן צום ברעג. די אָנגעטראָפענע אויפן וועג דריי שיפלעך האָט זי אַ וואָרף געטאָן צו דער ראַמפּע. די אַרומגעבונדענע אַרום זיי אָפּאָנעס האָבן זיי פאַרהיטן פון פאַרניכטונג.

דאָס וואַסער פון דער אויפגעברויזטער כוואַליע איז צוריק אָפּגעשווומען אין ים אַריין.

— אָה! — כ׳וועל אַ פיר טאָן די שיף איבער די וואַסערן! — האָט זשאַקאָ געזאָגט און זיינע מויל־ווינקלען האָבן זיך אים אויסגעקרימט פון תאווה. ער האָט אַ צעפּיר געטאָן די הענט, ווי ער זאָל מיט זיי רודערן אין וואַסער.

דער זון האָט זיך איינגעקוקט אין זשאַקאָן מיט ווירדע. אויך ער האָט אַ צעפּיר געטאָן די הענט אַזוי ווי זשאַקאָ.

— קום! — האָט דער פאָטער געזאָגט דעם זון.

— מעלם (בעל־הבית) — ער וועט קומען מיט מיר — האָט זשאַקאָ זיך

געוואָנדן צו יוסיפן. זיינע אייגעלעך האָבן זיך אַ קאָלער געטאָן אין זייערע שמאָלע, ווי שפּאַרעס, אויגנלעכער, געקוקט מיט געבעט אויף יוסיפן.

דער זון האָט געשטעלט אַ פּוס, אָבער נישט געמאַכט דעם שריט. ער האָט אַ קוק געטאָן אויף דעם פאָטער און אויף זשאַקאָן. ער האָט נישט געוווּסט, מיט וועמען ער זאָל גיין.

דער פאָטער האָט אויסגעדעמט זיין אונטערשטע ליפּ. ער איז נישט געווען גרייט אויף זשאַקאָס בקשה. ער האָט זיי אָנגעקוקט מיט חשד.

— איך וועל קומען מיט אים! — האָט דער זון געזאָגט און אָנגעוויזן מיט דער האַנט אויף זשאַקאָן.

— אָבער פאַרגעס נישט קומען אַהיים — האָט דער פאָטער געזאָגט און אַ שיקל געטאָן מיט די אויגן. דער פאָטער האָט זיך אויסגעדרייט און איז אַוועק אין דער ריכטונג פון די שפּייכלערס.

— קום! — האָט זשאַקאָ גערופן יוספן אַ צופרידענער און געלאָזט זיך גיין. יוסף איז אים נאָכגעגאַנגען.

זשאַקאָ איז געגאַנגען און זיך געהוידעט, ווי אַ פישער.

יוסף נאָך אים און זיך געהוידעט, ווי ער.

אַ ביסל ווייטער איז זשאַקאָ שטיין געבליבן.

יוסף, דאָס יינגל, אויך.

דער מענטשן־קלימפּער אויף דער ראַמפּע האָט פאַרשטעלט זיי דעם וועג.

די פישער־יינגען האָבן פאַרריסן די קעפּ, אָנגעקוקט זשאַקאָן.

— אויך דו ביסט דאָ? — האָט ווער פון דער „חברה" אים געפרעגט מיט אַ הייזעריקער שטימע.

זשאַקאָס אייגלעך האָבן אַ שיקל געטאָן. ער האָט געזוכט דעם, וואָס האָט גערעדט צו אים. ער איז געשטאַנען, געוואַרט, די פישער־יינגען זאָלן זיך צו אים ווענדן ווי צו זייערס אַ גלייכן. ער האָט געוואָלט זיך באַווייזן פאַר יוספן, אַז ער איז אַ פישער צווישן די פישערס.

יוספס שוואַרצע, קינדערישע אויגן האָבן געקוקט אויף די פישער־יינגען.

— איאַ! איאַ! — האָט ווער פון דער חברה אַ רעווע געטאָן, ווי אַן אייזל.

— כאַ־כאַ־כאַ! — האָבן עטלעכע מיילער זיך צעלאַכט און עטלעכע פישער־יינגען האָבן אָנגעקוקט זשאַקאָן.

יוסף, דאָס יינגל, איז געבליבן געפּלעפּט.

זשאַקאָס אייגעלעך זענען געווען כמעט פאַרמאַכט. זיין פּנים איז געווען גרוי פון כעס. די הויט אויף זיין נידעריקן שטערן איז געווען אָנגעצויגן, גלאַטיק. זיינע פליישיקע באַקן זענען אים אַראָפּגעהאָנגען, די שפּיצן פון זיינע גרויסע אויערן זענען געווען בלוט־רויט.

דאָס יינגל איז געשטאַנען מיט אויסגעגלאָצטע אויגן און אַן אָפן מויל. זשאַקאָ האָט אַ צי געטאָן יוספן ביי דער לאַץ פון באַטלדרעס. — קום — האָט ער אים גערופן און גענומען גיין.

דעם ייִנגלס ווײַסע, ווי מילך, באַקן האָבן זיך אַ טרייסל געטאָן. ער האָט דערשטוינט אָנגעקוקט זשאַקאָן און אים נאָכגעגאַנגען.

זשאַקאָ איז געגאַנגען מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ און געשוויגן. ער האָט זיך געשעמט פאַר יוספן, דעם ייִנגל, אָבער אַ שטיק וועג ווײַטער האָט ער געזאָגט ווי ער זאָל רעדן צו זיך:

— מירן באַלד מאַכן אַ לעבן. זײַן פּנים איז געווען שוין גוטמוטיק.

יוסף איז אים נאָכגעגאַנגען און געשוויגן.

גייענדיק, האָט ער געזאָגט יוספן: — דו זעץ זיך. דאָ! — אים אָנגעוויזן דאָס אָרט. ער איז געגאַנגען ווײַטער.

יוסף האָט אים נישט געענטפערט. ער איז צוגעגאַנגען צו דער סטערטע שטיינער, וואָס איז געלעגן בײַם אײַזערנעם פּלויט, וואָס האָט אָפּגעטיילט דעם פּאַרט פון דער גאַס, זיך אַוועקגעזעצט און נאָכגעקוקט זשאַקאָן, ווו אַהין ער גייט.

זשאַקאָ איז געגאַנגען שנעל און זיך אונטערגעשפּרונגען. שוין אין גאַנג האָט זשאַקאָ אַרויסגענומען פון טעשל פּאַרנט, צוויי מטבעות.

— אַהה! זשאַקאָ! — האָט שלום אים פרײַנדלעך מקבל־פּנים געווען שוין פון דער ווײַטנס. ער האָט מיט דער האַנט אָנגעכאַפּט דעם ראַנד פון וואָגן, אים געשטופּט מיטן בויך, זיך דערנענטערט צו זשאַקאָן.

זשאַקאָ האָט אים אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און די צוויי מטבעות אַרײַנגע־וואָרפן אין דער שיסל מיט די האַרטע אייער.

שלום האָט זיך אַפילו נישט אַ ריר געטאָן, נאָר געזאָגט זשאַקאָן: „נעם וואָס דו ווילסט!"

זשאַקאָ האָט גענומען צוויי פּערטלען ווײַס ברויט און אַרײַנגעשטופּט אינעם ברויט די מאַכלים פון וואָגן: אַ סאַרדין, עטלעכע גרינע און שוואַרצע אַליוון, אַ שטיקל זויערע אוגערקע, אַ פּערטל טאָמאַטע, אַ זשמענקע פּיעטרושקע און צום סוף אַ שטיקל „טונע".

די צוויי רויע אייער האָט שלום אַרײַנגעקלאַפּט אים אין ברויט. ווען שלום האָט געענדיקט, האָט זשאַקאָ אים אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, ווי געזאָגט: „איך בין פּאַרטיק" און אָפּגעווישט די פינגער אינעם פּאַרטעכל, וואָס איז אים אַראָפּ־געהאָנגען.

זשאַקאָ האָט גענומען די צוויי סענדוויטשן און זיך אויסגעדרייט אויף צוריק.

ער איז געגאַנגען פּאַמעלעך און אויפגעפּאַסט אויף די סענדוויטשן, עס זאָל עפּעס נישט אַרויספאַלן פון זיי.

— נעם — האָט ער געזאָגט יוספן און אים אונטערגערוקט אונטער דער נאָז אַ סענדוויטש.

יוסף האָט געכאַפּט מיט בײדע הענט דעם סענדוויטש.

זשאַקאָ האָט מיט דער גאַנצער ברייט פון זײַן מויל זיך אײַנגעביסן אין סענדוויטש.

— עס! — האָט ער געזאָגט מיט אַ פול מויל און אויך ער האָט זיך אַוועק־געזעצט אויף אַ שטיין נעבן יוספן.

ביידע האָבן געגעסן און געשוויגן.

זשאַקאָ האָט געהאַלטן דעם סענדוויטש פאַרן מויל און אייליק פון אים געביסן שטיקער. זיינע פליישיקע ליפּן זענען געווען אויסגעפּעטסט, זיין פּנים — רויט פון דער אכילה.

יוסף האָט געגעסן פּאַמעלעך און אַכטונג געגעבן, דאָס איי זאָל זיך אים נישט אַרויסגיסן. זיינע ליפּן האָבן זיך אויסגעשמירט מיטן געלעכל פון איי. ער האָט געגעסן פּאַמעלעך און געשלונגען שווער. ער איז געווען זאַט, אָבער נישט געוואָלט אָפּשטיין פון זשאַקאָן.

— עס איז גוט געווען! — האָט זשאַקאָ געזאָגט און מיט די הענט זיך אָפּגע־ווישט די ליפּן.

יוסף האָט אים אָנגעקוקט און אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ.

זשאַקאָ האָט געמליאַסקעט מיט די ליפּן, זיך באַלעקט.

יוסף האָט זיך אָנגעבויגן און אָנגעקוקט זשאַקאָן, צי ער זעט, און שנעל אַריינ־געררוקט די געבליבענע אים נאָך העלפט ברויט צווישן די צוויי שטיינער, וואָס זענען געלעגן נעבן אים. אויך ער האָט זיך אָפּגעווישט די ליפּן, אָבער מיט דעם אַרבל.

זשאַקאָ האָט אונטערגעהויבן די אַקסלען, ווי ער זאָל זיך וועלן אויפשטעלן, אָבער זיך נאָר געוואָנדן צו יוספן און געפרעגט: מבסוט? (צופרידן).

— מבסוט קויס! (גוט און צופרידן) — האָט יוסף געענטפערט.

— יעדן טאָג „אַזאַ“, האַ? — האָט זשאַקאָ אים געפרעגט.

יוסף האָט זיך צעשמייכלט. זיין קינדיש פּנים האָט געשטראַלט פון פרייד.

— דו ביסט אַ פישער! — האָט יוסף אים געזאָגט. מיט די לויב־ווערטער האָט יוסף ווי געדאַנקט זשאַקאָן פאַרן סענדוויטש.

זשאַקאָס אייגעלעך האָבן אַ גלאַנץ געטאָן. ער האָט פאַרביילט אַ פויסט און מיט איר זיך אַ זעץ געטאָן אין ברוסטקאַסטן. דער זעץ האָט באַשטעטיקט יוספס רייד.

ביידע האָבן געשוויגן.

אויף זשאַקאָס פליישיקן פּנים איז געווען אויסגעשפּרייט אַ נאַרישער שמייכל. יוספס קינדיש פּנים איז געוואָרן ערנסט, אַפילו באַזאָרגט. עטוואָס שפּעטער האָט יוסף אַוועקגעדרייט דעם קאָפּ, זיך געשעמט קוקן זשאַקאָן אין די אויגן. — איך וועל רחלען די ביינער צעברעכן — האָט ער געזאָגט און אַרויפגערוקט זיך די אַרבל, ווי אַ „שטאַרקער“.

זשאַקאָס אייגעלעך האָבן אַ פינטל געטאָן. ער האָט אויסגעשטרעקט דעם האַלדז ווי אַן אָקס און דערשטוינט אָנגעקוקט יוספן.

— דער טאַטע האָט זי געשלאָגן! — האָט יוסף געזאָגט, צושאָקלענדיק מיטן קאָפּ.

זשאַקאַס באַקן האָבן זיך אַ טרייסל געטאָן, זיינע אייגעלעך האָבן זיך פֿאַר־מרוזשעט, ווי ביי אַ קאַץ.

יוסף האָט זיך אַרומגעקוקט, צי מען הערט אים נישט אונטער. ער האָט זיך אָנגעהויבן צו זשאַקאָן און אים געזאָגט: „זי גייט אַרום מיט אַ יונג".

זשאַקאָ איז זיצן געבליבן מיט אַן אָפֿן מויל און אויסגעגלאָצטע אויגן. זיין פּנים איז געווען טעמפּ.

— איך — האָט יוסף אַ זאָג געטאָן, געוואָלט רעדן ווייטער. אין דעם מאָמענט האָט זיך דערהערט אַ הילכיקער אויסגעשריי: „אוהו!".

זשאַקאָ און יוסף האָבן אַהינגעקוקט ווו די פישער־ייִנגען זענען געשטאַנען און פון וואַנען דער קול איז געקומען.

— יאַ קלב! (אַ כלב שבכלבים) — האָט זיך דערהערט אַ בייז קול פונעם מענטשן־קלימפּער אַרויס.

זשאַקאָ האָט זיך אויפגעשטעלט. — אוסקוט יאַ קלב! (שווייג הונט!) — האָט ער צוריקגעשריגן און אַ קריץ געטאָן מיט די ציין פון כעס. ער האָט געוווּסט, אַז דער יונג מיינט אים. — קום! — האָט ער געזאָגט יוספן און גענומען גיין. פון זיינע צעשפּרייטע נאָזלעכער האָט געזעצט אַ היץ.

זשאַקאָ איז געגאַנגען מיט פאַרביילטע פויסטן, דעם קאָפּ אַריינגעלאָזט צווישן די אַקסלען. ער איז געגאַנגען און יוסף נאָך אים אין דער פאַרקערטער ריכטונג, ווו די פישער־ייִנגען זענען געשטאַנען.

— זשאַקאָ! — האָט אַ הייזעריקע, פאַררויכערטע שטימע אים אַ רוף געטאָן.

זשאַקאָ האָט אויסגעדרייט זיין אויבערשטע טייל קערפּער, געזוכט דאָס קול, וואָס האָט אים גערופן.

אונטער אַ שטיינערנער וואַנט פון אַ שפּייכלער איז געזעסן דער געבוקטער. ער איז געזעסן אויף אַ קאַסטן, אַן אָנגעלענטער מיט ביידע הענט אויף זיין שטעקן. זיינע שפּיץ וואָנסעס זענען אַראָפּגעהאָנגען. די פאַלעס פון זיין פאַלטן האָבן פאַר־דעקט זיינע קני.

— מרחבה! (שלום) — האָט זשאַקאָ אים געזאָגט און שטיין געבליבן.

יוסף איז געבליבן שטיין הינטער אים.

— אהלן! (ברוך הבא) — האָט דער געבוקטער אים געענטפערט און אים אָנגעקוקט. זשאַקאָ האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן.

— הייב נישט אָן מיט זיי! — האָט דער געבוקטער אים געזאָגט מיט אַ דיק, הייזעריק קול, ווי ער זאָל הוסטן.

זשאַקאָ האָט זיך געכאַפּט ביים קאָפּ. זיין געשטריקט היטל האָט ער אַרויפ־גערוקט זיך אויפן שיידל. זיינע קורצע, אויסגעקרימטע פינגער האָבן ווילד געריסן די האָר פון זיין קאָפּ.

— חלס! חלס! (געענדיקט) — האָט דער געבוקטער אים געזאָגט.

זשאַקאָ האָט אַראָפּגעלאָזט די הענט און פאַרזשמורעט די אייגעלעך, באַטראַכט דעם געבוקטן, ווי געוואַרט, אַז ער זאָל אים טרייסטן.

יוספס תמימותדיקע, קינדישע אויגן זענען געווען אויפגעריסן. ער האָט דער־שטוינט באַטראַכט זשאַקאָן.

— אַה! אַה! — האָט זשאַקאָ אַ רעווע געטאָן, ווי אַ פאַרווונדעטע חיה.

זשאַקאָ! וואָס איז מיט דיר? — האָט יוסף גוטמוטיק אים געפרעגט, ווי ער זאָל זיך ביי אים בעטן. זשאַקאָ האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ. ער האָט געשוויגן און זיך געשעמט. דער געבוקטער האָט אַ קוק געטאָן אויף יוספן, ווי ער זאָל ערשט איצט אים האָבן דערזען: — אַהיים! — האָט ער געזאָגט יוספן און מיטן שטעקן געוויזן אים דעם וועג.

אַ פאַרשעמטער האָט יוסף געקוקט אויף זשאַקאָן, ווי ער זאָל ביי אים בעטן רחמים. פון בושה איז דער לישיי אויף זיין פנים נאָך ווייסער געוואָרן.

— קום! — האָט זשאַקאָ אַ זאָג געטאָן יוספן. — סלמתך! (זיי געזונט) — האָט ער געזאָגט דעם געבוקטן און איז אַוועק.

— עליכום! (עליכם) — האָט דער געבוקטער אים געזאָגט, ווי ער זאָל אַריינ־רעדן אין דער וואָנסע.

יוסף האָט בייז אָנגעקוקט דעם געבוקטן און נאָכגעגאַנגען זשאַקאָן.

דער געבוקטער האָט אַראָפּגעבויגן זיין קרומע פּלייצע און נאָכגעקוקט זשאַקאָן, ווו אַהין ער גייט.

זשאַקאָ איז צוגעגאַנגען צום פּלויט און שטיין געבליבן.

— אַהיים! — האָט ער אַ באַפעל געטאָן מיט אַ טרוקן קול און מיטן פינגער אים אַ וויַיז געטאָן דעם וועג.

יוספס פנים איז רויט געוואָרן פון כעס. ער האָט אַוועקגעדרייט דעם קאָפּ און געשוויגן. ער האָט זיך אָנגעבויגן און אַדורכגעשטופּט זיך דורך די אַוועקגעבויגענע פּלויט־שטאַכעטן. פון דער צווייטער זייט פּלויט איז ער שטיין געבליבן. ער האָט אַ קוק געטאָן איןביידע זייטן גאַס און איז אַוועק לינקס. ער איז געגאַנגען באַרג אַרויף, אַהיים.

זשאַקאָ האָט אָפּגעוואַרט. אַ ווײַלע שפּעטער האָט אויך ער זיך אַדורכגעשטופּט דורך די צוויי אַוועקגעבויגענע אין פּלויט־שטאַכעטן, אָבער ער איז אַוועק אין דער פאַרקערטער ריכטונג ווי יוסף. ער איז אַריין אין דעם געסל פון רעכטס און געגאַנ־גען זיין וועג.

ערשט, ווען ער איז שוין געהאַט אָפּגעגאַנגען אַ שטיקל וועג, האָט ער אַריינ־געשטופּט די האַנט אין דער הינטערשטער הויזנטאַש און אַרויסגעצויגן אַ גייפל טאַבאַק. ער איז געגאַנגען און געקנעטן דעם טאַבאַק צווישן די פינגער. דערנאָך האָט ער שנעל אונטערגעלייגט זיך די מאָסע אונטער דער אונטערשטער ליפּ.

— טצו! — האָבן זשאַקאָס ליפּן אַ נוטש געטאָן, דערפילנדיק אין מויל דעם טאַבאַק־טעם. זיינע אייגעלעך האָבן אַ פינטל געטאָן און ער איז געגאַנגען ווייטער.

# יז

די לופט איז געווען געדיכט, גרוי, דער הימל — שוואַרץ. די בלאַסע, איינגע־שרומפּענע זון האָט נישט געהאַט קיין כוח דערגיין ביז דעם מיט הימל, ווי יעדן נאָכמיטאָג.

דער אָפּגעשיילטער קאַלך אויף ניסימס קאַפע־ווענט איז אַראָפּגעהאָנגען ווי צעקנייטשטע בלעטלעך פּאַפּיר. די הויכע טירן און די ברייטע פענצטער האָבן נאָך פאַרגרעסערט די ליידיקייט אינעם זאַל. די געפלאָכטענע שטרוי־געזעסן פון די צעשטעלטע איבערן זאַל בענקלעך, זענען געווען אַריינגעדריקט און האָבן אויסגעזען ווי אָפענע, נישט פולע זעק. דאָס קאַפע־הויז איז געווען כמעט ליידיק און שטיל. די שטילקייט איז געווען אַ הוילע, אויסגעשטאַנענע.

אַרום די ווענט זענען געזעסן אָנגעלענט עטלעכע געשטאַלטן. דער קאַלך אויף די ווענט, איז געווען אָפּגעריבן. דער איינגעטריקנטער אין די ווענט מענטשן־שוויס האָט געגלאַנצט, ווי דאָס אָרט זאָל זיין פּאָלירט. די פּנימער פון די זיצערס זענען געווען אויסגעצויגענע, אָן אויסדרוק און טרוקן פון די ים־ווינטן. זייערע גע־שטריקטע היטלען זענען געווען אַראָפּגעצויגן ביז די אויגן. זייערע קעפּ זענען געווען אויסגעצויגן, ווי זיי זאָלן האַלטן די בענקלעך צווישן די קני. זייערע קורצע הענט זענען אַראָפּגעהאָנגען ווי איבעריקע. זיי זענען געזעסן פאַרקוקטע און זיך נישט גערירט פון אָרט. אַמאָל, אַמאָל האָט ביי וועמען פון זיי אַ ריר געטאָן זיך אַן אויג, אַ קוק געטאָן אויפן „לוקס״, וואָס איז אַראָפּגעהאָנגען פון דער סטעליע. אין ווינקל, ביים דרייעקיקן טיש, אויף וועלכן ס'זענען געשטאַנען די קעסלען מיטן הייסן וואַסער, איז געשטאַנען ניסים, די לאַנגע, אויסגעצויגענע אָן אַ בויך געשטאַלט, אָן אָנגעלענטער אויף דער וואַנט. זיינע לאַנגע, דאַרע הענט זענען אַראָפּגעהאָנגען. זיין פלאַכער, אָן אַ האָר, קאָפּ האָט אַרויסגעשטאַרט פון זיינע קאַנ־טיקע אַקסלען, ווי אַ „פּניאַק״ פון דער ערד אַרויס. זיינע שוואַרצע אויגן זענען געזעסן טיף אין זיין קנאָכיקן פּנים. פון מאָל צו מאָל האָט ער אַ טאָפּ געטאָן די קעסלען, צי זיי זענען גענוג הייס. די פלאַמען פון די פּרימוסן האָבן געזשוזשעט, דורך די שפּאַרעס פון זייערע שטאַרצן האָבן זיך געדריוולט צעצויגענע וואָלקנדלעך פון פּאַרע. אויך דאָס אויסגעטרעטענע, נישט ברוקירטע פלעצל אַרום דעם קאַפע איז געווען כמעט ליידיק. די לעצטע טעג האָט ניסים אפילו נישט אַרויסגעשטעלט אַלע בענקלעך. אינעם דורכגאַנג פון אַן אויפגעפּראַלטער טיר זענען געזעסן אין אַ קרענצל פינף פאַרשוינען. זיי זענען געזעסן אַ קני ביי אַ קני, אַן אַקסל ביי אַן אַקסל. פון וויטנס האָבן זיי אויסגעזען ווי איין קערפּער, פון וועלכן עס שטאַרן אַרויס פינף קעפּ. די קני זייערע זענען געווען איבערגעדעקט מיט די פּאָלעס. זייערע ברייטע, אויסגעאַרבעטע הענט זענען געלעגן אויף די קני. זיי זענען געזעסן אין אַ קרייז אַרום, איינער האָט געקוקט אויף דעם אַנדערן. אַלע האָבן געשוויגן. זייערע אויגן זענען געווען שטאַר, אָן אויסדרוק און אָן פאַרלאַנג. זיי האָבן געטראָגן

בונטע, געשטריקטע היטלען, וואָס זענען געווען דורכגעשוויצט. זיי זענען געזעסן, זיך נישט גערירט און זיך צוגעהערט צום רעש פון די כוואַליעס, וואָס האָבן זיך צעשלאָגן אויפן ברעג.

יעקב, אַ נידעריקער, ברייטבייניקער פישער, איז געגאַנגען צום ים זען, צי די כוואַליעס האָבן נישט אַוועקגעטראָגן זיין שיפל. ער איז געקומען מיטן געסל פון דער זייט, געוואָלט אויסמיידן ניסימס קאַפע. פאַרבייגייענדיק דעם קאַפע האָט ער אויסגעדרייט זיין פליישיקן קאָפּ. דערזעענדיק די פינף פישער־יינגען, האָט ער פאַרשנעלערט זיין טריט. זיינע קורצע, דיקע פינגער האָבן שנעל צונויפגענומען די פאָלעס פון זיין קורטקע, זיי זאָלן אים נישט שטערן אין גיין, כאָטש די קורטקע האָט אים נישט געגרייכט ביז די קני. ער האָט געוואָלט אויסמיידן די פינף פישער־יינגען.

די פינף פישער־יינגען האָבן באַמערקט יעקבן. זייערע קעפּ האָבן אַ ציטער געטאָן, אים נאָכגעקוקט.

פּלוצים האָט דאָס קרענצל פון די פינף צונויפגעדריקטע קערפּערס זיך צענומען. איינער איז אויפגעשטאַנען. אינעם קרענצל איז געבליבן אַ לאָך ווי אין אַן אויסגעטריקנטן פאַס, פון וועלכן ס׳איז אַרויסגעפאַלן אַ קלעפּקע. דער פישער־יונג, וואָס איז אויפגעשטאַנען, האָט גענומען גלייך גיין. ער איז אַוועק פון דער חברה, אָן צו זאָגן זיי שלום. ער איז געגאַנגען באַרג־אַראָפּ, פּאַמעלעך מיט אַ שווערן טריט און זיך געהוידעט.

עטוואָס שפּעטער זענען אויפגעשטאַנען די רעשט פישער־יינגען. זיי האָבן זיך איבערגעקוקט מיט טעמפּע בליקן. מיט אַ מאָל האָבן אַלע, ווי זיי זאָלן האָבן זיך אָפּגעשמועסט, גענומען גיין. זיי זענען געגאַנגען פּאַמעלעך, מיט די קעפּ אַראָפּ, ווי זיי זאָלן גיין נאָך אַ טויטן.

די פישער־יינגען זענען שוין גאַנץ פרי, נאָך איידער דער מאָרגן־נעפּל איז זיך צעגאַנגען, אַרויס פון זייערע ענגע, נידעריקע שטיבער. ווען זיי זענען אָנגעקומען אין פּאָרט, האָט די נאַכט־פייכטקייט זיך נאָך נישט געהאַט אונטערגעטריקנט. זיי האָבן זיך געטראָפן אויף דער ראַמפּע. יעדער, ווער עס איז אָנגעקומען, האָט זיך צוגעשטעלט צום קרענצל. אַלע זענען זיי געשטאַנען מיט אַראָפּגעלאָזטע הענט, אויסגעגלאָצטע אויגן און געקוקט אויף דעם צעברויזטן ים. זיי האָבן געקוקט, ווי די כוואַליעס וויגן זיך, באַדעקן איינע די אַנדערע, ווי זיי זאָלן זיך פּאַטשן. די כוואַליעס אויבן־אַרויף זענען געווען גענוג רויִקע, אָבער אין דער טיף האָבן זיי געשטורעמט. די פּנימער פון די פישער־יינגען זענען געוואָרן אויסגעצויגן, זייער בליק שטאַר. זיי זענען געשטאַנען, זיך נישט גערירט, געהאַט צייט. פאַר זיי איז אויך דער היינטיקער טאָג געווען אַ פאַרפאַלענער.

שעהן זענען די פישער־יינגען געשטאַנען אויף דער ראַמפּע און געקוקט אין ים אַריין. ווען זיי זענען מיד געוואָרן, האָט פון קרענצל זיך אָפּגעריסן איינער נאָכן אַנדערן, פּאַמעלעך אַוועקגעגאַנגען, נאָר נישט געהאַט ווו צו גיין.

די פינף פישער־יינגען זענען אַרויס פון פּאָרט איינציקווייז. אויך זיי האָבן

זיך געשלייכט איבער די געסלעך אָן אַ ציל, געגאַנגען פּאַמעלעך, ווי זיי זאָלן שפּאַצירן.

די לופט אין די נאָכמיטאָג־שעהן איז געווען דעמפּיק און באַשווערט דאָס אָטעמען. דאָס וועטער האָט אָנגעזאָגט אַ רעגן.

גייענדיק, האָבן די פינף פישער־ייִנגען געבלאָנדזשעט, ביז זיי זענען דערגאַנגען צו ניסימען. זיי זענען נישט אַריין אין קאַפע. זיי זענען שטיין געבליבן אין דרויסן און דורך דער אָפענער טיר געכאַפּט אַ בליק, ווער זיצט אינעווייניק. זיי זענען נישט אַריין. קיינער פון זיי האָט נישט געוואָלט אויסגעבן זיינע לעצטע פּרוטות. די פישער־ייִנגען, וואָס האָבן זיך צופעליק געטראָפן ביי ניסימס קאַפע, האָבן זיך געשעמט קוקן איינער דעם אַנדערן אין פּנים, אָבער ווען דער קרעמפּער, דער ברייטביייניקער בנימין האָט מיט אַ פוס אַ צי געטאָן אַ טאַבאָרעט און זיך אַוועק־געזעצט, האָבן די רעשט פישער־ייִנגען אים נאָכגעטאָן.

ניסים האָט די ייִנגען דערזען פון דער ערשטער רגע, אָבער צו זיי נישט צוגעגאַנגען, זיי זאָלן ביי אים באַשטעלן. ער האָט געוווּסט, אַז אין די ווינטער־טעג האָט אַ פישער נישט קיין געלט.

אין דער אָפענער טיר פון קאַפע זענען די פישער־ייִנגען געזעסן שעהן און געשוויגן.

ווען זיי זענען אויפגעשטאַנען, האָבן זיי ווידער געשפּאַנט איבער דעם שטייניקן, אויסגעטרעטענעם, נישט פאַרבויטן שטח. זיי זענען געגאַנגען מיט אויסגעשטרעקטע פאָרויס העלדזער, די היטלען אַראָפּגערוקט ביז די אויגן. זיי זענען געגאַנגען פּאַמע־לעך, מיט די הענט אין די טאַשן, און זיך געהוידעט. ווען זיי זענען צוגעקומען צום ערשטן געסל, זענען זיי שטיין געבליבן איבערראַשטע, זעענדיק, ווי וויסט דאָס געסל איז. זייערע אויגן זענען געוואָרן גלייזיק, שטאַר. איינער האָט אָנגעקוקט דעם אַנדערן. דאָס ענגע, ליידיקע געסל האָט זיי דערמאָנט זייער עלנטקייט.

בנימינס קאָפּ האָט זיך אַ וואַקל געטאָן. זיינע שטאַרע אויגן האָבן דערשטוינט אָנגעקוקט די רעשט פישער־ייִנגען. זיין מויל איז געווען פאַרקרימט. די פישער־ייִנגען האָבן אים אָנגעקוקט. זייערע פּנימער זענען געווען איצט נאָך לענגער.

איינער פון זיי, אַ הויכער, ברייטביייניקער, מיט לאַנגע פיס און קורצע הענט, האָט זיך אויסגעדרייט און איז אַוועק צוריק. נאָך דריי האָבן אים נאָכגעטאָן. אויך זיי זענען צוריקגעגאַנגען, אָבער יעדער אין אַן אַנדערע ריכטונג. זייער טריט איז געווען אַ קורצער און שווערער.

בנימין האָט זיך נישט גערירט פון אָרט, נאָר געקוקט אין געסל אַריין. ווייט האָט ער נישט געזען, ווייל דאָס געסל איז געווען קרום. אים אַנטקעגן איז געשטאַנען אַ וואַנט פון אַ נידעריק הויז מיט קליינע פענצטער. די פענצטער־שייבלעך זענען געווען פאַרלאָפן מיט פאַרע. די שטיינער אין דער וואַנט זענען געווען שוואַרץ. זייערע קאַנטן האָבן זיך שוין געקרישלט פון אַלטקייט. די פוגעס צווישן זיי זענען געווען ליידיק, דער טינק איז אַרויסגעפאַלן. די וואַנט האָט אויסגעזען, ווי זי זאָל האַלטן ביים איינפאַלן. בנימין האָט זיך אויסגעדרייט, גענומען גיין און צוריק

געבליבן שטיין. זיין פליישיק, אויסגעצויגן פּנים, וואָס איז די גאַנצע צייט געווען ערנסט, איז געוואָרן גוטמוטיק. זיינע שוואַרצע אויגן האָבן אַ גלאַנץ געטאָן פון פרייד.

— יאַ ממזר! — האָט ער אַ שריי געטאָן מיט אַ טיפער פון האַלדז אַרויס שטימע און אַ פאַרוק געטאָן זיך דאָס היטל אויף הינטן.

פון צווייטן געסל אים אַנטקעגן איז געקומען זשאַקאָ. ער האָט נישט געזען, ווער עס האָט אים אויסגעזידלט „ממזר", אָבער ער איז שטיין געבליבן. זיין אומ־געלומפּערטע געשטאַלט האָט זיך אַ טאַטשע געטאָן, ווי אַ פּעסל. ער האָט געוואָלט זיך צוריקרוקן אָבער דערזען בנימינען. זיי האָבן זיך שוין לאַנג נישט געטראָפן. זייער לעצטע טרעפונג איז געווען אין קעלער ביי יושפאַן צוזאַמען מיט זילפּהן.

— אש־בידק?! (וואָס ווילסטו) — האָט ער זיך געוואָנדן צו בנימינען. זיינע קליינע, ווי איינגעפּרעסטע אין פליישיקן פּנים אייגעלעך, האָבן אָנגעקוקט בנימינען.

— קום אַהער! — האָט בנימין אים גערופן און נישט געוואַרט, ביז זשאַקאָ וועט קומען, נאָר אַליין איבערגעשפּרייזט דעם מרחק צווישן זיי און שטיין געבליבן זשאַקאָן אַנטקעגן.

זשאַקאָ האָט אים אָנגעקוקט פון אויבן אַראָפּ. ער איז געווען העכער פון זשאַקאָן.

זשאַקאָ האָט פאַרריסן דעם קאָפּ און דרייסט אָנגעקוקט בנימינען.

בנימין האָט זיך צעשמייכלט, אים אַ טרייסל געטאָן און אַ שלעפּ געטאָן צו זיך.

זשאַקאָ האָט אַראָפּגעבויגן זיין אַקסל, אים אַפּירגעצויגן פון אונטער בנימינס האַנט.

בנימין האָט פאַרזשמורעט די אויגן. זיין שטערן האָט זיך צעקנייטשט און אָנגעקוקט זשאַקאָן בייז.

— קום! — האָט בנימין אים געזאָגט און אַליין זיך נישט גערירט פון אָרט.

זשאַקאָס אייגלעך האָבן אַ שיקל געטאָן. זיינע נאָזלעכער האָבן זיך צעשפּרייט.

— קום! — האָט ער געענטפערט בנימינען און אים אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, ווי ער זאָל אים רופן.

אַ ברייטער שמייכל האָט אויסגעקרימט בנימינס פּנים.

זשאַקאָ האָט זיך אויסגעדרייט און גענומען גיין.

בנימין איז אים נאָכגעגאַנגען. דער גאַנג זיינער איז געווען צוריקגעהאַלטע־נער, אָן חשק.

זשאַקאָ האָט אַריינגעפירט בנימינען אין דעם זעלבן שמאָלן געסל, מיט וועלכן ער איז געקומען.

ביידע האָבן זיי אַדורכגעשפּאַנט דאָס געסל אין דער לענג און געשוויגן. זיי זענען געגאַנגען ווי פּישערס, זיך געהוידעט און געקוקט פאַרויס. זייערע הענט האָבן זיך געבאַמבלט. זיי זענען געגאַנגען פּאַמעלעך, אַ טריט נאָך אַ טריט. אין געסל איז געווען שטיל. זיי האָבן נאָר געהערט דעם אָפּהילך פון זייערע טריט, פון זייערע געקאָוועטע שיך.

די ברוק־שטיינער זענען געווען אויסגעריבן און האָבן געגלאַנצט. די שוואַרצע, צעקרישלטע פון אַלטקייט שטיינערנע ווענט, וואָס האָבן פון ווייטנס אויסגעזען, ווי צעשטעלטע פעלזן, האָבן זיי געפירט.

זייער איינזאַמקייט האָט זיך געענדיקט, ווען זיי זענען אַריין אין דער אויס־געבויגענער ווי אַ פיילבויגן, בייכיקער גאַס. די גאַס איז געווען דער אויסגאַנג אין אַלע געסלעך אין דער סביבה. אין דער גאַס זענען די הייזער געווען ברייטע, איין הויז אָפּגערוקט פון אַנדערן און אין זיי קראָמען מיט שילדן מיט קאָלירטע אותיות. די שילדן־פאַרבן האָבן אָפּגעטעמפּט די גרויקייט פון דער גאַס. די פענצ־טער זענען געווען ברייטע, די לופט איז אויך דאָ געווען פייכט, געזאַלצן און אַדורכגענומען מיט דער ים־פוילקייט, אָבער דאָ, אין דער גרויקייט, איז די לופט נישט געווען טוכלע. אין דער גאַס זענען אויך געווען פאַרבייגייער: מענטשן, וואָס האָבן זיך געאײַלט.

אין מיטן גאַס, ביי אַ פאַרמאַכט טויער, איז געשטאַנען דאַדאַ. ער איז געווען אַ הויכער, ברייטבייניקער, און ברוין־הויטיקער פאַרשוין. ער האָט געהייסן דויד, אָבער די מענטשן האָבן אים גערופן דאַדאַ. זיין פּנים איז געווען לאַנג און קנאָכיק, זיין נאָז — פליישיק און צעפּלאַטשט. זיינע שוואַרצע אויגן האָבן געגלאַנצט. די ווייסל פון זיינע אויגן זענען געווען געלבלעך. ער האָט געהאַט אויף זיך אָן אַלטן, אויסגעריבענעם פּאַלטן, וואָס איז געווען פאַרקנעפּלט נאָר אויף איין קנאָפּ. זיינע לאַנגע הענט האָבן אַרויסגעשטאַרט פון די קורצע אַרבל. ער האָט געטראָגן גומענע שטיוול מיט אָפּגעשניטענע כאָלעוועס. זיינע נאָגאַוויצעס זענען געווען אַריינגעלאָזט אין די שטיוול. אין האַנט האָט ער געהאַלטן אַ ניקלנע קרוג מיט אַ קורצן שנאָבל. די קרוג איז געווען אַרומגעפּאַקט מיט עטלעכע שטיקער לייוונט. די לייוונט איז געווען אָנגעזאַפּט מיט דער פאַרגאָסענער קאַווע, וואָס ער האָט פאַרקויפט. אויף די פינגער פון דער צווייטער האַנט האָט ער געטראָגן אָנגעטאָן צוויי „פינדזשאַנען״, מיט וועלכע ער האָט געקלאַפּט אָן אויפהער. זייער פאַרצעליי־קלאַנג האָט גערופן די קונים.

— האַוו! — האָט זשאַקאָ אַ וואָרטשע געטאָן דערזעענדיק דאַדן. ער איז שטיין געבליבן און אָנגעקוקט בנימינען. בנימיק, וואָס איז געווען צוויי טריט הינטער זשאַקאָן, איז אויך שטיין געבליבן.

— האַ? — האָט זשאַקאָ אים אַ פרעג געטאָן.

בנימין האָט זיך אַ קראַץ געטאָן אונטערן אויער, פאַרמאַכט אָן אויג און זשאַקאָן אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ „ניין״.

זשאַקאָ האָט באַלד אַרויסגענומען זיינע צוויי פינגער, וואָס ער האָט שוין געהאַט אַריינגעשטעקט אין דעם פאַדערשטן הויזנטעשל און אָנגעקוקט בנימינען מיט זיינע כמעט פאַרמאַכטע אייגלעך. זיינע אויגנלעכער האָבן אויסגעזען, ווי שפּאַרעס.

בנימין האָט נישט געזען זשאַקאָן. ער האָט דעם קאָפּ געהאַלטן אַוועקגעדרייט

אין אַ זייט. ער האָט אָבער דערפילט אויף זיך זשאַקאָס בליק, ער האָט אַ קוק געטאָן אויף אים פון דער זייט.

זייערע בליקן האָבן זיך געטראָפן.

בנימין האָט אויסגעשטרעקט זשאַקאָן אַ פינגער. — נאַ! האָט ער געזאָגט אים, באַטאָנענדיק דאָס וואָרט, זיך אויסגעדרייט אויפן קנאַפל און איז אַוועק צוריק.

דאַדאַ האָט געזען, וואָס עס קומט פאָר צווישן בנימינען און זשאַקאָן, אָבער ער האָט געשוויגן.

זשאַקאָ איז שטיין געבליבן, ווי אַן אָפּגעשמיסענער. זיינע קורצע הענט זענען געבליבן הענגען אומבאַהאָלפן. זיינע פליישיקע ליפּן האָבן זיך אויסגעדעמט. די שפּאַרעס פון זיינע אויגן זענען ווידער געוואָרן אָפן: — גיב! — האָט ער זיך געוואָנדן צו דאַדאַן. זיין פּנים איז געווען טעמפּ, ווי שטענדיק.

דאַדאַ האָט אייליק אונטערגעהויבן די קאָן און פון אויבן מיט אַ לאַנגן שטראָב אָנגעגאָסן אַ „פינדזשאַן" קאַווע: — סחתיין! (מיט אַפּעטיט!) — האָט ער געזאָגט זשאַקאָן און דערלאַנגט אים דאָס שעלעכל קאַווע.

— פּווו, — האָט זשאַקאָ הילכיק אַ זופּ געטאָן, ווי די קאַווע זאָל בריִען. ער האָט נאָך אַ זופּ געטאָן און דערלאַנגט דאַדאַן צוריק דאָס ליידיקע שעלעכל. ער האָט אַ מליאַסקע געטאָן מיט די ליפּן, זיך באַלעקט. ער האָט פונעם פּאָדערשטן הויזנטעשל אַרויסגעצויגן אַ מטבע, צען פּיאַסטער, און זי אַריינגעלאָזט אין דאַדאָס פּאַלטן־טאַש.

דאַדאַ האָט אים אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און מיט דער שמאַטע, וואָס איז אים אַרויסגעהאָנגען פון דער פּאַלטן־טאַש, אויסגעווישט דעם „פינדזשאַן", פון וועלכן זשאַקאָ האָט געטרונקען.

זשאַקאָ איז אַוועק פון דאַדאַן, אָן זיך אומצוקוקן אויף אים. ער איז געגאַנגען דעם זעלבן וועג צוריק מיט וועלכן ער איז אַהער געקומען מיט בנימינען.

דאַדאַ האָט שוין ווידער געקלונגען מיט די „פינדזשאַנען", וואָס זענען שוין ווידער געווען אָנגעטאָן אויף זיינע פינגער.

# יח

בנימין איז געגאַנגען מיטן קאָפּ אַראָפּ, מיט די הענט אין די טאַשן. זיין פּנים איז געווען פאַרגליווערט, די אויגן זיינע — שטאַר. ער איז געגאַנגען אָן צו טראַכטן. די באַגעגעניש מיט זשאַקאָן האָט ער שוין נישט געדענקט. מיט אַ מאָל האָט ער אויפגעהויבן דעם קאָפּ. ער איז שטיין געבליבן, זיך אַרומגעקוקט. דאָס געסל, אין וועלכן ער האָט זיך פאַרהאַלטן, איז געווען שמאָל און קרום, דער ברוק — פאַר־גליטשט. די שטיינער האָבן אויסגעזען ווי קעפּ פון קעץ. די הייזער און די ווענט

זענען געווען שוואַרץ און צעקרישלט. דאָס געסל איז געווען ענלעך צו אַ סך געסלעך אין דער סביבה.

בנימין איז געגאַנגען ווייטער, אָבער איצט האָט ער באַטראַכט יעדעס הויז. ער איז אָפּגעגאַנגען אַ היפּש שטיקל וועג און איז ווידער שטיין געבליבן ביי אַ שמאָלער עפענונג, וואָס איז געווען דער דורכגאַנג צווישן צוויי הייזער. דער דורכגאַנג האָט אויסגעזען ווי מען זאָל האָבן דאָ אויסגעבראָכן אַ וואַנט.

בנימין האָט אויסגעשטרעקט דעם האַלדז און אַריינגעשטעקט דעם קאָפּ אין דורכגאַנג. ער האָט איבערגעשפּרייזט דעם רינשטאָק. ער איז געווען פאַרלייגט מיט שטרוי און צעווייקטע גרעזער, וואָס די רעגנס האָבן אָנגעטראָגן. בנימין איז אַריין אין דעם שטשאָנקע-געסל. די שטשאָנקע האָט זיך געפונען צווישן זעקס צונויפ־געפּרעסטע, שמאָלע, צווייִשטאָקיקע הייזער, דריי הייזער פון יעדער זייט.

די הייזער זענען געשטאַנען איינס נעבן אַנדערן, ווי זיי זאָלן זיך אונטער־האַלטן. די שטשאָנקע איז געווען נישט ברוקירט. איר ברייט איז געווען גענוג פאַר אַ מענטשן, וואָס איז געריטן אויף אַן אייזעלע. די ווייבער, וואָס האָבן דאָ געוווינט, האָבן געדאַרפט נאָר עפענען זייערע שמאָלע, קליינע פענצטער כדי זיך אַדורכרעדן. ביים סוף שטשאָנקע איז געווען אַ ליידיקער פּלאַץ מיט אַן איינגעפאַלן, ווי איינגע־זונקען אין דער ערד, הויז. צעוואָרפענע קופּעס שטיינער זענען געלעגן אויפן פּלאַץ. אין דער שטשאָנקע איז כסדר געווען טונקל.

איצט זענען אין דער שטשאָנקע געשטאַנען עטלעכע ווייבער און געשמועסט. זייערע מענער, די פישער־ייִנגען, זענען געווען אויף דער ראַמפּע אין פּאָרט, זיך געשלייכט איבער די געסלעך. די ווייבער זייערע האָבן נישט געהאַט וואָס צו טאָן. עטלעכע פון זיי זענען געשטאַנען פאַר זייערע טירן. די שטשאָנקע האָט אויסגעזען, ווי זי זאָל זיין פאַרשטאָפּט מיט מענטשן.

בנימין האָט אַריינגעלאָזט דעם קאָפּ צווישן די אַקסלען. דער אויפגעשטעלטער קאָלנער פון זיין אָפּגעטראָגענעם זעלנערישן שינעל האָט צוגעדעקט זיין שיידל. ער האָט אויסגעשטרעקט זיין לינקע האַנט, ווי ער זאָל זיך טאָרעווען אַ דורכגאַנג און געגאַנגען זיין וועג. ער איז אייליק אַריין אין דעם מיטלסטן הויז פון דער לינקער זייט.

די פריִע אָוונט־שעהן זענען געווען גרוי. איבער די זעקס צונויפגעדריקטע דעכער האָט זיך געזעצט דער טוי. אין דער שטשאָנקע איז די לופט ווידער געווען פייכט. אויף דעם ליידיקן פּלאַץ האָבן געוואָיעט שאַרפע ווינטן. פון מאָל צו מאָל איז אין דער שטשאָנקע אַריינגעפאַלן אַ ווינט, וואָס האָט געיאָמערט. דער אָנגע־טראָגענער ווינט האָט אָפּגעפרישט די דומפּיקייט אין דער שטשאָנקע. דער מרחב אין דער גאַנצער שטשאָנקע האָט אויסגעזען ווי אַ הויף פון אַ טורמע.

די ווייבער דאָ זענען געשטאַנען אין אַ קרענצל, אַזוי ווי זייערע מענער, די פישער־ייִנגען, אויף דער ראַמפּע אין פּאָרט. פון ווייטנס האָבן זיי אויסגעזען, ווי אַן איבערגעדעקטע מיט אַ פּלאַכטע, קופּע. נאָר דאָ־דאָרט האָט פון דער קופּע אַרויסגעשטאַרט אַ הויכע פרוי, ווי אַ פּלאָקן. ווו עס איז געשטאַנען אַ קליינע פרוי,

איז געווען אַ לאָך אין דער קופּע. די ווייבער זענען געשטאַנען אויף צעקראַטשעטע פּיס מיט פאַרלייגטע איבער די בייכער הענט. די הויט אויף זייערע פּנימער איז געווען אָפּגעצויגן און טרוקן. אפילו די ווייבער, וואָס האָבן געהאַט פליישיקע באַקן און גוידערס, איז די הויט זייערע געווען אַ טרוקענע. איינע האָט געקוקט אויף די אַנדערע און געשוויגן. זיי האָבן געהאַט צייט. אַמאָל, אַמאָל, האָט ווער פון די ווייבער אַ ריר געטאָן מיט אַ האַנט, אַ דריי געטאָן מיטן קאָפּ, אָדער איבערגעשטעלט אַ פוס. דעמלט האָט דאָס קרענצל זיך אַ וויג געטאָן. זיי האָבן אָנגעקוקט די פרוי, וואָס האָט זיך גערירט, ביי יעדן וויג פון דעם קרענצל האָט אַ פלאַטער געטאָן די בונטקייט פון זייערע מלבושים: עס האָט זיך באַוויזן אַ בלויער לאַץ פון אַן אָפּגעטראָגענעם פּאַלטן, אַ גרויע קראַטע פון אַ זשאַקעט, אָדער אַ בלום פון אַ ציצן קליידל. אַמאָל האָבן אַ פּאָר אויסגעאַרבעטע הענט איבערגעבונדן דאָס קאָלירטע קאָפּ־טיכל, וואָס איז געווען פאַרבונדן אונטער דער גאָמבע. די אָפּגעדעקטע קעפּ האָבן באַוויזן, ביי וועמען זענען די האָר שוין גרוי. דאָס קרענצל איז באַשטאַנען פון ניין ווייבער, אָבער די ענגע שטשאָנקע איז געווען פול, ווי עס זאָל זיין אין איר פאַרזאַמלט אַ מענטשן־מאַסע. די ווייבער זענען געשטאַנען צונויפגעדריקט ווי זיי זאָלן זיין איין קלימפּער.

מיט אַ מאָל האָט דאָס קרענצל, דער קלימפּער, זיך אַ וויג געטאָן, ווי זיי זאָלן וועלן זיך פונאַנדערגיין. די ווייבער האָבן אויסגעשטרעקט די קעפּ, איינע האָט אָנגעקוקט די אַנדערע. אַ נידעריקע פרוי, וואָס איז געווען אָנגעטאָן אין אַ ברוין, ברייט, פלאַנעלן קלייד, און האָט געטראָגן פאַרשנורטע שיך, האָט זיך אַ ריר געטאָן און זיך אַרויסגעריסן פון קלימפּער. אירע אַקסלען זענען געווען אַרומגעהילט מיט אַ ברוין־שוואַרץ טיכל. די עקן פון דעם טיכל זענען געווען אונטערגעבונדן אונטער איר בוזעם. אירע פליישיקע ברוסטן זענען אַריבערגעהאָנגען איבערן טיכל. זי איז אַוועק אין אַ זייט. די ווייבער האָבן זי באַגלייט מיט זייערע שטאַרע בליקן.

די פרוי האָט זיך אָנגעשפּאַרט אין אַ ראָג הויז און זיך אַראָפּגעזעצט. זי האָט אַריבערגעצויגן איר קלייד איבער די קני, פאַרדעקט זיך די שויס, און איז זיצן געבליבן אויף די קני. זי האָט אירע אויסגעאַרבעטע הענט אַרויפגעלייגט אויף די קני און אַראָפּגעלאָזט די אויגן. זי האָט געזען אירע אָפּגעריבענע, נישט געפּוצטע שיך־שפּיצן און די עטלעכע שטיינדלעך, וואָס זענען געלעגן ביי אירע פּיס.

די ווייבער אינעם קרענצל האָבן זיך אויסגעדרייט מיט די פּנימער צו דער פרוי, וואָס איז געזעסן.

די אויגן פון דער פרוי זענען געווען אויפגעריסן גרויס. אירע אויגן־ווייסלען זענען געווען גלייזיק ווי אַן אָפּגעשיילט איי. זי האָט אַ זאָג געטאָן, ווי פון דער האַנט, אַוועק: „טעג האָב איך שוין נישט אויסגעוואַשן אַ טאָפּ. טעג ווי איך ציינד נישט אָן אַ שוועבעלע". זי האָט גערעדט שטיל, פּאַמעלעך, ווי צו זיך.

צוויי ווייבער האָבן געהערט, וואָס זי האָט געזאָגט. זיי האָבן איר פאַרשוויגן, אָבער זייערע אויסגעצויגענע פּנימער זענען געוואָרן אָנגעדראָלט. די פרוי, וואָס איז געזעסן, האָט פאַרקנייטשט דעם שטערן און מיט כעס געשריגן: — טאָג איין

טאָג אויס, הער איך נאָר דעם ים! — און מיט די הענט זיך אַ כאַפּ געטאָן ביים קאָפּ.

די ווייבער האָבן אויסגעשטרעקט די העלדזער. זייערע קעפּ זענען געבליבן ווי הענגען, דערשטוינט זי אָנגעקוקט.

די פרוי איז געזעסן מיטן קאָפּ אַראָפּ און געפילט אויף זיך די ווייבערס בליקן.

— יאָ, יאָ, — האָט זי זיך געזאָגט, אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און ווידער שטיל געבליבן. אַ ווײַלע שפּעטער האָט זי ממשיך געווען: — אין שטוב אַ דחקות, די מענער קומען שפּעט, גייען שלאָפן אין דער פינצטער, די קינדער וואַלגערן זיך אין די גאַסן — דאָס האָט זי געזאָגט די ווייבער. איר שטימע איז געווען מאָנאָטאָן, דיק און טרוקן.

די ווייבער האָבן נאָך מער אַראָפּגעבויגן די קעפּ און געקוקט אויף דער „זיצערקע" ווי אַ האָן, וואָס קוקט אַריבער אַ קאַלוזשע.

די פרוי, וואָס איז געזעסן, האָט פּאַמעלעך אויפגעבונדן איר גרין־שוואַרץ קאָפּטיכל. מיט די עקן פון טיכל האָט זי איינגעצויגן איר גאָמבע און צוריק פאַר־בונדן דאָס טיכל. דערנאָך האָט זי צוריק אַרונטערגעשטופּט אונטערן טיכל די קודלע גרויע האָר, וואָס האָט זיך אַפּירגעגליטשט פון טיכל בשעת זי האָט עס פאַרבונדן. די ווייבער האָבן געשוויגן. זייערע פּנימער זענען געווען פלאַם־רויט. זייערע אויגן זענען געווען שטאַר און האָבן געגלאַנצט. זיי האָבן געוואַרט, אַז די פרוי, וואָס זיצט, זאָל רעדן ווייטער, אָבער די פרוי האָט געשוויגן.

אַ צווייטע פרוי, אַ הויכע, דאַרע, מיט אַ קנאָכיק פּנים און גרויסע, שוואַרצע אויגן האָט אַ ריטשע געטאָן: — ווי זי זאָל זיין שטום — „אַהההו!". די ווייבער האָבן אויסגעדרייט זייערע קעפּ. דאָס קרענצל האָט זיך צעלאָזט. די ווייבער האָבן זיך צערוקט און האָבן אויסגעזען אין דער שטשאָנקע ווי צעשטעלטע פיגורן אויף אַ שאַך־פעלד.

אַ הויכע פרוי, וואָס האָט נישט געטראָגן קיין קאָפּטיכל, געהאַט שוואַרצע, קורץ אונטערגעשוירענע האָר מיט אַ שרונט אין מיטן, האָט זיך צוגערוקט צו דער פרוי, וואָס איז געזעסן אויף די קני. זי האָט געטראָגן נידעריקע, גומענע שטיוול און פון זיי האָבן אַרויסגעשטאַרט אַ פּאָר לאַנגע, דינע פיס. איר ברוין, קאָרטן קליידל, וואָס זי האָט געהאַט אויף זיך, איז אַראָפּגעהאָנגען פון איר.

די ווייבער האָבן אויפגעהויבן זייערע קעפּ ווי גענדז, ווען מען טרייבט זיי.

די הויכע, דאַרע פרוי האָט פאַרפלאָכטן די פינגער, זיי אַרויפגעלייגט אויפן בויך און זיך געוואָנדן צו דער פרוי, וואָס איז געזעסן אויף די קני: — אַ שווערער ווינטער, אַ בייזער ים! — איר קול איז געווען דיק און געציטערט, בשעת זי האָט גערעדט.

די פרוי, וואָס איז געזעסן, האָט פאַרריסן איר קאָפּ און דערשטוינט אָנגעקוקט די פרוי, וואָס האָט צו איר גערעדט. אַ ווײַלע שפּעטער האָט זי איר אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ.

— יאָ, יאָ — האָט ווער פון די ווייבער איר געזאָגט מיט אַ דיק און ווייך קול.

— יאָ! יאָ, — האָבן די רעשט ווייבער איר געענטפערט ווי אַ כאָר.

די טאָגשיין האָט שוין געגרויט. די פאַרלאָפּענע פענצטער־שייבלעך זענען געוואָרן נאָך מאַטער. אַ ים־ווינט האָט אָנגעטראָגן אַ קעלט.

די ווייבער האָבן געעפנט די מיילער און געאָטעמט און בכלל נישט באַמערקט, אַז אין דער הויך, אויפן צווייטן שטאָק, האָט זיך געעפנט אַ פענצטער. פליישיקע ברוסטן, וואָס זענען אַריבערגעהאָנגען איבער אַ דיקן בויך, האָבן אויסגעפילט דעם חלל פונעם אָפענעם פענצטער. דער בויך איז געווען אַרומגעבונדן מיט אַ גרינע, אויסגעפעטסטע שערץ. די פליישיקע פעטקייט האָט זיך געטרייסלט, ווי אַ טייג, וואָס יויערט. אַ גרויסער קאָפּ, וואָס זיצט אויף אַ ברייטן, נידעריקן האַלדז, האָט זיך אַריינגעשטופּט אין פענצטער. די וואָרצלען פון אירע שאַטינגנע האָר זענען געווען שוין גרוי. זיי האָבן אויסגעזען ווי אָנגעלעגן גראָז אונטער אַ שטיין. איר פּנים איז פליישיק און אָנגעדראָלט. זי האָט אָנגעקוקט די ווייבער. אירע גרויע אויגן זענען געווען מאַט און געטליעט, ווי גליענדיקע קוילן. זי האָט מיט דער האַנט זיך אָנגעכאַפּט אין אַ פענצטער־פליגל און זיך צעשריגן מיט אַ דיקער, טיפער פון האַלדז אַרויס שטימע: — ווייבער, אַהיים!

די ווייבער האָבן פאַרריסן די קעפּ. זייערע שטאַרע אויגן האָבן געקוקט טעמפּ און דערשטוינט באַטראַכט די פרוי, וואָס איז געשטאַנען אין פענצטער.

פּלוצים האָבן די ווייבער אויסגעדרייט זייערע קעפּ.

אַן אויסגעשראָקן, רחמנותדיק פרויען־קול פון אונטער די הייזער אַפיר האָט געשריגן: — אוי, אוי, אוי! דאָס קול האָט זיך דערנענטערט. אַ ווילע שפּעטער איז אַפירגעקומען פון ראָג הויז אַ קליינע, דאַרע פרוי, מיט אַ פּנים רויט פון כעס און אַ צעשויבערטן קאָפּ. די פרוי, אַ געבוקטע, האָט געשלעפּט נאָך זיך איר טאָכטער ביי די צעפּ.

די טאָכטער האָט זיך געעקשנט, ווי אַן אייזל.

די ווייבער האָבן ווידער זיך צונויפגעדריקט אין אַ קרענצל.

די פרוי, וואָס איז געזעסן אויף די קני, איז אונטערגעשפּרונגען און זיך צוריק צוגעשטעלט צום קרענצל.

די ווייבער האָבן אויסגעשטרעקט די העלדזער, ווי גענדז, ווען זיי פּילן אַ געפאַר. זייערע פאַרגליווערטע אויגן האָבן שטאַר געקוקט ווי זיי זאָלן נישט זען. דער אויסדרוק פון זייערע פּנימער איז געווען אַן אומהיימלעכער און אומבאַהאָל־פענער.

די טאָכטער, וואָס די קליינע, דאַרע פרוי האָט געשלעפּט ביי די האָר, איז געווען שלאַנק און העכער פון דער מוטער. זי איז געווען אַ סך העכער פון דער מאַמען. אירע בלאָנדע צעפּ זענען געווען האַלב צעפלאָכטן, די פאָלעס פון איר פאַלטן זענען געווען צעשפּרייט.

די מוטער האָט געפּרייכט, געסאַפּעט און געשריגן: — מיט יִינגען אין גאַס! מיט יִינגען אין גאַס זיך אַרומשלעפּן!

די טאָכטער האָט געשוויגן, אָבער זיך געאָמפּערט מיט דער מוטער. איר אויבערשטער טייל קערפּער איז געווען איבערגעבויגן אויף הינטן. איר פּנים איז געווען צעפּלאָמט. אירע ליפּן — פאַרביסן. זי איז געווען געצווונגען זיך לאָזן שלעפּן פון דער מוטער, ווייל זי האָט זי געצויגן ביי די האָר.

די מוטער האָט זי צוגעשלעפּט ביז דעם לעצטן הויז אין דער לינקער זייט און זיך פאַרהאַלטן ביים אַריינגאַנג פון הויז. מיט איין האַנט האָט זי זיך אָנגעכאַפּט אין אַן אַרויסשטאַרנדן שטיין פון דער וואַנט, מיט דער צווייטער האָט זי געהאַלטן די טאָכטער ביי די צעפּ. זי האָט אָפּגעדעכעט און געבליבן שטיין מיט פונאַנדער־געריסענע אָרעמס, ווי אַ געקרייציקטע. די אָדערן אויף איר דאַרן האַלדז זענען געווען אָנגעצויגן, דיק. די אויגן אירע — אויסגעזעצט.

סאַמי איז אָנגעלאָפן אַ פאַרסאַפּעטער פון דער צווייטער זייט שטשאַנקע. ער איז שטיין געבליבן אויף דער גרענעץ צווישן די הייזער און דעם ליידיקן פּלאַץ. ער האָט אָפּגעאָטעמט, זיין קאָפּ איז אַריינגעפאַלן צווישן די אַקסלען. ער האָט דערזען די כאַפּטע ווייבער. ער האָט פאַרקריצט די ציין. זיינע קינבאַקן זענען געוואָרן בולט. זיינע גרויסע, שוואַרצע אויגן האָבן ווילד געשיקלט. באַלד האָט ער פאַרזשמורעט די אויגן, פאַרביילט אַ פויסט און אַ פּאַך געטאָן מיט איר, ווי ער זאָל וועלן אין עפּעס טרעפן: — לאָז זי אָפּ! — האָט ער זיך געוואָנדן צו דער מוטער מיט אַן אימהדיק קול.

זי וועט מיך הרגענען! — האָט די טאָכטער היסטעריש געשריגן.

דער מוטערס אויסגעגלאָצטע אויגן האָבן וואַנזיניק זי אָנגעקוקט. זי האָט נאָך שטאַרקער איינגעקלאַמערט אירע פינגער אינעם אַרויסשטאַרנדן פון דער וואַנט שטיין און נאָך שטאַרקער פאַרדריקט אין דער האַנט דער טאָכטערס צעפּ.

די ווייבער האָבן זיך אויסגעדרייט, ווי זיי זאָלן מורא האָבן, אַז זיי פאַרלירן די ערד אונטער די פיס און אָנגעקוקט סאַמין מיט שנאה.

סאַמי האָט אויסגעגלייכט זיין רוקן און איז ווי גרעסער געוואָרן. ער האָט אָנגעקוקט די ווייבער און אַוועקגעדרייט דעם קאָפּ. ער איז איבערראַשט געוואָרן פון זייער טעמפּער, שטילער אימה. ער האָט אַ קוק געטאָן פון דער זייט אויף דער מוטער און נאָכאַמאָל איר געזאָגט, ווי ער זאָל זי בעטן: — לאָז זי אָפּ! — אָבער גלייכצייטיק אַ שפּאַר געטאָן פאָרויס זיין אויבערשטע טייל קערפּער, ווי ער זאָל וועלן באַפרייען די טאָכטער פון דער מאַמעס הענט.

דער טאָכטערס פאַרביילטע פויסטן האָבן גענומען שלאָגן דער מוטערס האַנט, וואָס האָט געהאַלטן אירע צעפּ, געפּרווט זיך אַליין באַפרייען.

— אויסוווּרף! — האָט די מוטער אַ וואָרטשע געטאָן און נאָך שטאַרקער אַ ריס געטאָן דער טאָכטערס צעפּ.

— אוי! אוי! — האָט די טאָכטער זיך צעיאָמערט.

— שלאָג זי נישט! — האָט סאַמי זיך געוואָנדן צו דער מוטער. זיינע ברעמען האָבן זיך אויפגעיאָזשעט, זיינע פויסטן האָבן זיך געביילט.

— גיי צו אַלדע רוחות! איך בין די מאַמע! — האָט די מוטער אים אָנגעשריגן היסטעריש מיט אַ דין קול, וואָס האָט געציטערט פון אויפרעגונג.

סאַמי האָט פאַרקריצט די ציין. זיינע קינבאַקן זענען געוואָרן בולט.

— אַהההו! — האָבן די ווייבער ווילד אַ רעווע געטאָן מיט קולות פול ווייטיק און פראָטעסט. דאָס קרענצל ווייבער האָט זיך אַ וויג געטאָן, ווי זיי זאָלן וועלן זיך צעלויפן, אָבער קיינער פון זיי האָט זיך נישט גערירט פון אָרט. זייערע אויסגעלאָשענע אויגן האָבן אַ גלאַנץ געטאָן, אומבאַהאָלפענער כעס האָט אַרויסגעקוקט פון זיי.

— טראָג זיך אָפּ! — האָט הויך מיט אַ קול געשריגן צו סאַמין די דיקע פרוי, וואָס איז געשטאַנען אין פענצטער. דער קלאַנג פון איר קול, וואָס איז געקומען פון אויבן, האָט זיך פונאַנדערגעטראָגן איבער דער שטשאָנקע, ווי אַן עכאָ פון ווייטע קולות.

אַלע ווייבער זענען שטיין געבליבן ווי געליימטע מיט אויסגעשטרעקטע העלדזער. זיי האָבן אָנגעקוקט די פרוי, וואָס האָט אַראָפּגעשריגן. די פאַרגליווערטע שטילקייט האָט אויסגעפילט די שטשאָנקע.

די דיקע פרוי האָט קוים אַרויסגעצויגן פון שמאָלן פענצטער איר פליישיקע געשטאַלט.

די ווייבער זענען געקומען צו זיך. די העזה פון דער דיקער פרוי האָט זיי דערמוטיקט. — מיר וועלן דיר ווייזן! — האָט אַ נידעריקע, ברייטביינעקע פרוי אַ קוויטש געטאָן, ווי נישט מיט איר קול, און זיך אָנגעבויגן, ווי זי זאָל זוכן אַ שטיין צום וואַרפן.

דאָס קרענצל ווייבער האָט זיך אַ וויג געטאָן. זיי האָבן זיך באַפרייט פון דער מורא. זייער כעס האָט זיך צעבושעוועט און עס האָבן זיך דערהערט געשרייען:

— הינטישער זון! טראָג זיך אָפּ! הינטישער געביין! פאַרשווינד!

עס האָבן געשריגן דינע און דיקע קולות. איין פרוי האָט איבערגעשריגן די אַנדערע. די קולות זענען געווען: היסטערישע, מידע און דראָענדיקע. זייערע פאַרגליווערטע פנימער זענען געווען צעפלאַמט. זיי האָבן געשריגן און געוואָרפן מיט די הענט. די קאָפּטיכלעך האָבן זיך זיי אַראָפּגערוקט אויף די אַקסלען, זייערע האָר זענען געווען צעשויבערט.

סאַמי האָט צעשטעלט די פיס, פאַרלייגט די הענט אויפן ברוסטקאַסטן און מיט פאַרזשמורעטע אויגן אָנגעקוקט די כאָפּטע צעבושעוועטע ווייבער. זיין אונטערשטע ליפּ איז געווען אויסגעקרימט.

די ווייבער, אַזוי ווי זיי זענען ווילד געוואָרן, אַזוי זענען זיי צוריק שטיל געבליבן. זיי האָבן אַראָפּגעלאָזט די הענט און ווידער אויסגעגלאָצט די אויגן. דער אימפּעט פון זייער כעס האָט זיך אויסגעענדיקט. אַפּאַטיש, ווי עס זאָל גאָרנישט האָבן געשען, האָבן זיי פּאַמעלעך זיך צוריק צונויפגערוקט. זייערע צעפלאָשעטע מלבושים זענען פון זיי אַראָפּגעהאָנגען. זיי זענען ווידער געשטאַנען אין אַ קרענצל. זייערע אויגן זענען ווידער געווען שטאַר. זייערע פנימער זענען ווידער געווען אויסגעצויגן.

די פליישיקע יידענע, וואָס איז געשטאַנען אין אָפענעם פענצטער, איז אַרויס־געלאָפן פון הויז. זי האָט זיך אָנגעבויגן, אויפגעהויבן אַ שטיין און אים געוואָרפן איבער די קעפּ פון די ווייבער. דער שטיין איז געפאַלן נאָענט צו סאַמין.

סאַמי האָט נאָך שטאַרקער פאַרזשמורעט די אויגן. זיין קנאָכיק פּנים איז געווען פּירקאַנטיק און אויסגעזען ווי אַ מאַסקע. אַ ווילדע שפּעטער האָט ער אַ טרייסל געטאָן מיטן קאָפּ און זיך אומגעקוקט, צי ווער פון די יינגען זעט, וואָס דאָ קומט פאָר. אין דער רגע איז ער שטיין געבליבן אַ געפּלעפטער. ער האָט אַראָפּגעלאָזט די הענט און צונויפגענומען זיינע צעשטעלטע פיס. ער האָט ערשט איצט דערזען די געשטאַלט, וואָס האָט זיך דערנענטערט פון הינטערוואַל, און וועלכע די ווייבער האָבן באַמערקט נאָך פריער.

סאַמי האָט אַ וואָרף געטאָן מיט די הענט, ווי ער זאָל וועמען פאַרטרייבן. ער האָט אַ שטופּ געטאָן פאָרויס זיין רעכטן אַקסל, ווי ער זאָל שפּרינגען אין וואַסער אַריין, אָבער געלאָזט זיך לויפן. ער איז געלאָפן מיטן קאָפּ צווישן די אַקסלען, ווי ער זאָל מורא האָבן, אַז מען וואַרפט אים נאָך שטיינער. ער איז געלאָפן באַרג אַרויף דורך דעם ליידיקן פּלאַץ.

די ווייבער האָבן זיך איבערגעקוקט. זייערע אויגן זענען געווען גרויס פון איבערראַשונג. זיי האָבן זיך אָנגעקוקט און אַראָפּגעלאָזט די קעפּ. די מוטער, וואָס האָט געהאַלטן די טאָכטער ביי די צעפּ, האָט אַ כראַקע געטאָן: — פו — ווי זי זאָל נאָכשפּייען סאַמין און שנעל אויסגעדרייט איר קאָפּ.

די שטילקייט אין דער שטשאָנקע איז געוואָרן געגליווערט. די טוכלעקייט צווישן די הייזער איז נאָך דעמפּיקער געוואָרן.

בוזאַ איז אָנגעקומען.

די ווייבער האָבן אַראָפּגעלאָזט די קעפּ. זיי זענען געשטאַנען געבוקטע מיט אַראָפּהענגענדיקע הענט, וואָס האָבן כמעט דערגרייכט די ערד.

די קליינע, דאַרע פרוי, די מוטער, האָט אַ שטופּ געטאָן די טאָכטער פאָרויס אין שטוב אַריין.

די טאָכטער האָט זיך נישט געוועדט.

די מוטער האָט איליק זיך נאָכגעשטופּט נאָך דער טאָכטער.

אויך די ווייבער זענען זיך פונאַנדערגעגאַנגען אַהיים מיט קורצע, שנעלע טריט, געשטופּט זיך, ווי עס שטופּט זיך אַ צעפּלאָשעטע סטאַדע, אין וועלכער ס'איז אַריינגעפאָרן אַ וואָגן.

בוזאַ, דער הויכער, ברייטביייניקער פישער, איז געגאַנגען פּאַמעלעך, בנעימות־דיק. ער האָט אַפילו זיך נישט פאַרהאַלטן. ער איז געגאַנגען מיט פאַרלייגטע אויף הינטן הענט און געשטופּט פאָרויס זיין גרויסן, קיילעכדיקן בויך. ער האָט געזען, אַז סאַמי, דער פישער־יונג, וואָס אַרבעט ביי אים אויף דער „לאַנטש" איז אַנטלאָפן. ער האָט אויך געזען, ווי די ווייבער, דערזעענדיק אים, זענען זיך צעלאָפן אין די הייזער. ער האָט געהייסן בוזאַגלאָ און פאַרמאָגט די גרעסטע פישער־שיף. די פישערס האָבן פאַרקירצט זיין נאָמען אויף בוזאַ. ער איז געווען אַ הויכער,

שטאַרקער פּאַרשוין מיט קורצע הענט. זיין קאָפּ איז געווען גרויס און קיילעכיק, נאָר ביים סוף פּאַרשפּיצט, ווי אַן איי. זיין וואָנסע איז געווען דיק און קורץ, אירע שפּיצן שוין גרוי. זיין שטערן איז געווען ברייט און האָט אַריבערגעשטאַרט איבער זיינע שוואַרצע אויגן. זיין פּנים איז געווען אויסראַזירט גלאַטיק. די זונען־שטראַלן און די ים־ווינטן האָבן נישט צעקנייטשט זיין פּנים־הויט. זעלטן ווען ער איז אַרויסגעשווומען אויפן אָפענעם ים. ביי אים האָבן געאַרבעט עטלעכע פישער־יינגען. בוזאַ האָט פאַרשטאַנען, אַז עפּעס איז געשען — אָבער וואָס, האָט ער נישט געוווסט. די נאָגאַוויצעס פון זיינע בלויע הויזן זענען געווען אַריינגעלאָזט אין די גומענע שטיוול־כאַלעוועס. ער האָט געטראָגן אַ גראַנאַטענעם באַטלדרעס גענייט אויף דער מאָס. זיינע טריט זענען געווען פאַמעלעכע, קורצע, ווי ער זאָל מעסטן די לענג פון דער שטשאָנקע. ער איז געגאַנגען און זיך נישט אומגעקוקט.

די פאַרשטעקטע אין די הייזער ווייבער האָבן בגנבה אים נאָכגעקוקט. דער „מועלם קביר״ (דער גרויסער בעל־הבית) איז געגאַנגען צום ים.

# יט

אַרויסשווימען אויפן ים איז געווען נאָך אַ סכנה. דער ים האָט געשטורעמט. די כוואַליעס זענען געווען נאָך גרעסער, אָבער שוין נישט אַזוי הויך, מער פלאַטשיק. דער ים־שפּיגל איז געווען צעריסן. פאַצענעס וואַסער האָבן זיך געאַמפּערט ווי איינע זאָל וועלן די אַנדערע וואַרגן. די כוואַליעס האָבן זיך געשלאָגן, אָבער זיך שוין נישט געשוימט. דער וואַסער־שפּיגל האָט אויסגעזען ווי אַ צעקאָכטע פּעטיקייט.

דער פרילינג האָט זיך אָנגעשטרענגט ירשענען דעם ווינטער. קאַלטע נאַכט־ווינטן האָבן אָפּגעהאַלטן דעם בייט. די טאָגשיין איז כסדר לויטערער געוואָרן, דער הימל — דורכזיכטיקער. די זונען־שטראַלן זענען פון טאָג צו טאָג לענגער געוואָרן. די מילדע ווינטן האָבן פאַמעלעך געטריקנט דעם נאַסן זאַמד אויפן ברעג.

די נידעריקע, שטיינערנע הייזלעך, וואָס זענען געשטאַנען אין דער הויך, האָבן געצוימט דעם האַלברונדן ברעג. פון דער ווייטנס האָבן די הייזלעך אויסגעזען ווי אַ מויער, וואָס צוימט דעם ים.

אלי האָט מיט כוח צוגעקלאַפּט נאָך זיך די טיר. זיין הויז איז געווען דאָס לעצטע ביים ראַנד־שפּוע אין דער הויך. ער איז שטיין געבליבן. זיינע אַקסלען זענען געווען שפּיציק. זיין האַלדז — אויסגעשטרעקט. ער האָט געקוקט אַראָפּ צום ים. ער האָט באַטראַכט דעם ים, ווי ער זאָל אים זען דאָס ערשטע מאָל. זיינע אויגן זענען געווען פאַרזשמורעט, אָבער זיין בליק שאַרף. ער האָט דעם ים געזען ביז דעם האָריזאָנט, וואָס איז געווען גרוי און פאַרנעפּלט. דאָ, ביים ברעג, זענען די כוואַליעס געווען פלאַטשיקע און רויִקע. די וואַסער־פלאַך האָט געטיליקט דעם כוח פון די כוואַליעס.

דאָס קילע ים־ווינטל האָט געשויבערט אליס רויטע טשופּרינע. זיין גלאָטער שטערן האָט געגלאַנצט.

אלי האָט געשטעלט די פּיס אין דער ברייט, ווי ער זאָל זיך וועלן אויסדרייען. זיין לענגלעך פּנים איז געווען צעפלאַמט און רויט, ווי אָנגעשוואָלן. פון זיין אָפן מויל האָבן אַרויסגעשטאַרט זיינע גרויסע, געלע ציין. ער האָט געאָטעמט שווער. די הערעלעך פון זיין אויסראַזירט וואָנסעלע זענען געווען האַרט, ווי ביי אַ באַרשט. זיין טריט איז געווען אַ שווערער. ער איז געגאַנגען אַ געבוקטער, ווי ער זאָל שיקן פאָרויס זיין קאָפּ. ער האָט געוואָלט זיך אַדורכשלייכן צווישן די הייזלעך אומ־באַמערקט, אָבער נאָך עטלעכע טריט איז ער שטיין געבליבן.

אַ הויכער, ברוינער ווייס־געפלעקטער הונט האָט אויף אים געבילט. „האַו! האַו!"

אליס אויסגעגלאָצטע אויגן האָבן טעמפּ אים אָנגעקוקט. אַ ווילע שפּעטער האָבן זיינע באַקן זיך פאַרגרינצלט, ווי ער זאָל שמייכלען. ער האָט דערקענט דעם הונט.

— אַהיים! — האָט אַ הילכיקע פרויען־שטימע אים אָנגעשריגן.

אלי האָט אויסגעשטרעקט דעם האַלדז און אָנגעקוקט די פרוי.

חנה, אַ הויכע, דיקע פרוי, זיין שכנה, האָט אַוועקגעיאָגט איר הונט. איר באַרדאָ פלאַנעלן קלייד איז געווען קורץ אויף איר. מען האָט אַרויסגעזען אירע פליישיקע קני און דעם ברייטן בוזעם.

דער הונט האָט אַריינגענומען דעם ווידל צווישן די פּיס און אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ. זיינע אויסגעשפּיצטע אויערן האָבן זיך אַוועקגעלייגט. ער איז געהאָרכזאַם, פאַמעלעך, אַריינגעקראָכן אין הויף אַריין.

חנה, די שכנה, האָט אַ קוק געטאָן אויף אלין פון דער זייט. זי האָט אים אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, אים באַגריסט, און איז אַוועק נאָכן הונט מיט פאַמעלעכע טריט.

— אַה! — האָט אלי אַ זיפץ געטאָן, ווי פון ווייטיק. ער האָט דערפילט זיין מידקייט און שיכרות. ער האָט עטלעכע מאָל אַ דריי געטאָן מיטן קאָפּ, זיך אַרומ־געקוקט, וווּ ער געפינט זיך. אַ ווילע שפּעטער האָט ער זיך געלאָזט גיין. דאָס געסל איז געווען ליידיק. זיין גרוי העמד איז געווען צעכראַסטעט. ער האָט נישט געטראָגן קיין אונטערוועש. זיין קערפּער איז געווען אָפּגעברענט און גלאַטיק, אָן אַ האָר. ער איז געווען אָנגעטאָן אין האַקי־הויזן. דער הויזן־לימיץ איז געווען פאַרקנעפּלט מיט אַ שוואַרצן, בלעכערנעם קנאָפּ. זיין בויך־נאָפּל איז געווען רויט. זיינע שוואַרצע שיך — אָפּגעריבן, נישט פאַרשנורט. די אָפּיענטקעס פון די שיך זענען געווען אַריינגעדריקט.

אלי האָט זיך געשלייכט איבער די געסלעך — פון איין געסל אַרויס — אין דעם אַנדערן אַריין, אָן צו טראַכטן. זיינע חושים זענען געווען טעמפּ. ער איז געגאַנגען, געוואָרפן מיט די הענט און מיטן קאָפּ. זיינע באַוועגונגען זענען געווען

פּוילע. ער האָט געשטעלט די פּיס אײנעם איבערן אַנדערן, ווי זײ זאָלן זיך אים פּלאָנטערן.

אַלי איז געגאַנגען און די הײזער זענען אים אַנטקעגנגעקומען. די שמאָלע געסלעך האָבן בײ אים אין די אויגן אויסגעזען ענגער, ווי זײ זענען געווען. אים האָט זיך געדאַכט, אַז עס איז נישטאָ קײן רוים צווישן די הײזער פון בײדע זײטן געסל און אַז נאָר ער געפינט זיך צווישן זײ. ווען ער איז צוגעקומען צום ראָג געסל, האָט זיך אים געדאַכט, אַז די הײזער האָבן זיך אַוועקגערוקט.

פּלוצים איז ער שטײן געבליבן און זיך ווידער אַרומגעקוקט. ער האָט זיך אויסגעניכטערט. אין געסל איז געווען פינצטער. פון אַן אָפענער טיר האָט אַרויס־געשײנט אַ געלבלעכע ליכט. עס האָט זיך געפילט טשאַד פון געברענטע האָלצקוילן און אַ ריח פון צוגעזענקט פלײש. אַלי האָט אַראָפּגעבויגן דעם קאָפּ און אַרײנגעקוקט אין רעסטאָראַן. זײן גומען איז געוואָרן אַליק. ער איז געווען הונגעריק.

ער האָט איבערגעשפּאַנט די שוועל און איז שטײן געבליבן בײ דער טיר. די געבוקטע געשטאַלטן מיט זײערע רויטע, צעיאַכמעטע פּנימער, וואָס זענען געזעסן בײ לײדיקע פלעשער, זענען אים געווען פרעמד. קען זײן, אַז ער האָט וועמען פון זײ ערגעצווו געזען, אָבער נישט מער. קײנער פון זײ האָט זיך נישט אומגעקוקט אויף אים. עטלעכע זענען געזעסן מיט גלײזיקע, אויסגעגלאָצטע אויגן און געשוויגן. עטלעכע האָבן גערעדט צווישן זיך.

אַלי האָט זיך אויסגעדרײט מיט דער פּלײצע צו זײ. ער האָט זיך אײנגעקוקט אין די גליענדיקע האָלץ־קוילן, בײ וועלכע עס האָט זיך געבראָטן די „שוואַרמע" וואָס האָט געטריפט פון פעטס. ער האָט באַטראַכט מיט די טריבע אויגן די געבוקטע געשטאַלט, וואָס האָט מיט אַ פעכער געגליט די צעזשאַרעטע קוילן אויפן קאַמין. ער האָט געזען, ווי די קורצע, פלײשיקע נאַקעטע הענט פון דעם פאַרשוין דרײען אַרום דעם פײער די שפּיז מיט דער אויפגעשטאָכענער אויף איר פלײש־פּיראַמידע. דער רויך און דער טשאַד האָט אויסגעפילט דעם גאַנצן רעסטאָראַן.

אַלי האָט ווידער איבערגעשפּרײזט די שוועל, צוריק אַרויס אין גאַס. ער איז אָפּגעגאַנגען אַ מהלך און זיך פאַרהאַלטן. ער האָט זיך דערשראָקן פאַר דעם אָפּהילך פון זײנע אײגענע טריט. דאָס געסל איז געווען לײדיק. אַ ווײלע שפּעטער האָט ער אַרײנגערוקט די הענט אין די הויזנטאַשן, געגאַנגען ווײטער מיט אַ ברײטן שריט.

דער הימל איבער דער שטאָט איז געווען טונקל. אין די געסלעך איז געווען פינצטער. די שטײנערנע, צעקרישלטע ווענט האָבן אין דער פינצטער אויסגעזען ווי פעלדזענע בערג. ווו־נישט־ווו האָט אין אַ פענצטער געצאַנקט אַ פאַרמאַטערט פלעמל, וואָס האָט אויסגעזען, ווי אַן אויג בײ אַ גוסס. די אָנגעזאַמלטע אין די געסלעך אין משך פון טאָג ריחות האָבן געעיפּושט. די אויפגעיוירענע זויערקייט איז געווען שאַרף. די קעץ, וואָס זענען דעם גאַנצן טאָג געלעגן אין זײערע באַ־העלטענישן, האָבן איצט זיך געקראַצט און גערענגט אין מיטן גאַס. אָפּט האָט אַ קאַץ אויסגעשפּיזט איר בליק. זי האָט דערשפּירט די מויז, וואָס איז פאַרבײגעלאָפן.

אַלי שלײכט זיך איבער די געסלעך אָן אַ ציל. ער האָט אַפילו נישט געוווסט,

ווו ער געפינט זיך. ער איז געגאַנגען מיט אויסגעצויגענע טריט און געאָטעמט שווער. מיטאַמאָל איז ער שטיין געבליבן. אַ ווינקלוואַנט האָט פאַרשטעלט אים דעם וועג. ער האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ, געוואָלט זען, ווו ער געפינט זיך. ער איז געשטאַנען אינעם צוויפּטרעף פון עטלעכע געסלעך, ווי אַן אַרעסטאַנט אין אַ טורמע־הויף. ער האָט נערוועז אַ וואָרף געטאָן מיטן קאָפּ, געוואָלט זיך קלאָר מאַכן, ווו אַהין יעדעס געסל פירט. — דער וועג פירט צו איר — האָט ער געזאָגט זיך. די ווערטער האָבן אים געשטיקט. ער האָט אויסגעצויגן דעם האַלדז, ווי ער זאָל וועלן אָפּעטעמען. זיינע אויסגעגלאָצטע אויגן האָבן דערזען דעם נישטיקן ליכט־שאָטן, וואָס האָט זיך געשפּאַרט פון דער אָפענער טיר. אלי האָט נאָך שטאַרקער פאַרריסן דעם קאָפּ און דערזען דאָס גרינע פּעסל מיטן קראַן און די דריי געלע אותיות אויפן שילדל. „שמן" — האָט ער אויפן קול אַדורכגעלייענט.

אלי האָט זיך אַ צי געטאָן אויף צוריק און אַ שפּרונג געטאָן פאָרויס. ער איז דאָס שטיקל געסל איבערגעלאָפן מיט אימפּעט. ביי דער קראָם איז ער שטיין געבליבן און פאַרזשמורעט די אויגן. די ליכטשיין האָט אים אַ בלענד געטאָן. ער האָט אויסגעשטרעקט די האַנט, ווי געוואָלט עפענען די טיר, אָבער אין דעם מאָמענט האָט ער אַ שטופּ געטאָן אַן אַקסל פאָרויס און געגאַנגען ווייטער. דאָס שמאָלע, ווי אַ קאָרידאָר, געסל האָט אים געפירט. גייענדיק, האָט ער כסדר פאַרשנעלערט זיין טריט. ער איז געגאַנגען אַ געבוקטער און שנעל.

אלי איז ווידער שטיין געבליבן. אַ מידער, האָט ער פּאַמעלעך אויפגעהויבן דעם קאָפּ. זיינע פאַרלאָפענע אויגן האָבן אָנגעקוקט די וואַנט, וואָס האָט אים איצט פאַרשטעלט דעם וועג. די וואַנט איז געווען אַ פינצטערע און האָט אויסגעזען ווי אַ טויטנמויער, כאָטש עס זענען אין איר פאַראַנען עטלעכע קליינע פענצטער. עטלעכע שפּאַן ווייטער, לינקס, זענען געשטאַנען צוויי הייזער. די הייזער זענען געווען לאַנגע, נידעריקע געביידעס, וואָס זענען געזונקען. אַ שמאָלער דורכגאַנג האָט אָפּגעטיילט די הייזער. אַן איבערגעוואָרפענער איבערן דורכגאַנג געוועלב־בויגן האָט פאַרבונדן די צוויי הייזער. די ווענט־שטיינער האָבן זיך געקרישלט. געלע גרעזער זענען געוואַקסן אויפן געוועלב־בויגן.

אין דער סביבה איז געווען שטיל. די נאַכט־שטילקייט האָט געוווירן.

אלי איז צוגעגאַנגען צו דער וואַנט און מיט דער פּלייצע און דעם קאָפּ זיך אָנגעלענט אין די קאַלטע וואַנט־שטיינער. ער האָט פאַרמאַכט די אויגן, געפּרוווט דרימלען. ער איז געווען מיד.

אַ ווײַלע שפּעטער האָט ער צוריק געעפנט די אויגן. די אויגן־לעפּלעך האָבן אים ווי געטאָן. ער האָט אויסגעשנאַבלט די ליפּן און אַ קרעכץ געטאָן: — האַ! די הויט אין זיין מויל איז געווען אַליק, ווי אָפּגעבריט.

אלי האָט געשטעלט אַ פּוס. אָנהאַלטנדיק זיך מיט אַ האַנט אין דער וואַנט, איז ער צוגעקראָכן ביזן דורכגאַנג. איין מענטש איז אים לייכט דורכגעגאַנגען אָבער אלי האָט זיך אָנגעבויגן, זיך ווי אַדורכגעשטופּט דורך דעם דורכגאַנג.

פון דער צווייטער זייט דורכגאַנג איז ער ווידער שטיין געבליבן און מיטן בליק

אַרומגענומען דעם שטח אַרום זיך. דער שטח איז געווען פּאַרבויט, די הייזער זענען געווען נידעריקע און צעקרימטע. איין הויקער־וואַנט האָט אונטערגעהאַלטן די צווייטע. אויף די קרומע, שיפּע דעכער איז געלעגן די נאַכט. אין דער סביבה איז געווען שטיל. די שטילקייט האָט געקלונגען אַלין אין די אויערן. ער האָט זיך אַרומגעקוקט. זיינע אויגן האָבן געבלאַנדזשעט. די הייזער פון ווייטנס האָבן אויסגעזען ווי אויסגעלאָשענע לאַמטערן, נאָר דער געל און בלוי, מיט וועלכע די ווענט זענען געשמירט, האָבן זיך אָפּגעשלאָגן אין דער פינצטער.

אלי האָט ווידער אויסגעשטרעקט דעם האַלדז, געוואָלט זען אַ לעבעדיק באַשעפעניש. — אַה! — האָט ער אַ קרעכץ געטאָן. ער האָט דערפילט זיין עלנט. ער איז געווען אַליין אין דער סביבה. זיין אויסגעשטרעקטער קאָפּ האָט גענומען זיך באַוועגן, ווי ער זאָל עפּעס זוכן. ער האָט פאַרמאַכט די אויגן. זיינע שטייפע פינגער האָבן איילִיק און נערוועז געקראַצט זיין קאָפּ.

אַ ווײַלע שפּעטער זענען זיינע פאַרקרעמפּטע פינגער שטעקן געבליבן אין זיין צעשויבערטער טשופּרינע. ער האָט זיך פאַרקוקט אין דער ווייט. זיין בליק האָט געמאָסטן די גרויס פון דעם ווינפּערטל, דעם מרחק. די עטלעכע פאַרפּלאָנטערטע געסלעך האָבן געפירט אין פאַרשיידענע ריכטונגען.

— צו אַלדע רוחות! — האָט אלי אַ שריי געטאָן. ער האָט אַראָפּגעלאָזט די הענט און דערשטוינט זיך אַרומגעקוקט. ער האָט זיך דערשראָקן פאַר זיין אייגן קול.

ער האָט זיין פּלייצע אַ צי געטאָן אויף צוריק, דעם קאָפּ אַריינגעלאָזט אין די אַקסלען און אַ שפּרונג געטאָן, ווי אַ טיגער. די לענג פון די עטלעכע הייזער איז ער אַדורגעלאָפן מיט אימפּעט. זיינע נישט פאַרשנורטע שיך האָבן געליאַפּעט, ווי קלאָען פון אַן אייזעלע, ווען עס לויפט. ער איז צוגעלאָפן ביזן סוף געסל און שטיין געבליבן פאַר די עטלעכע שמאָלע, שטיינערנע טרעפּ. ער האָט אָפּגעסאָפּעט און אַ קוק געטאָן אַראָפּ. די גאַס אונטן האָט אויסגעזען ווי אַ תהום. אלי האָט זיך אונטערגעצויגן די הויזן, די פּיס אַריינגערוקט טיפער אין די שיך און זיך אַ לאָז געטאָן איבער די טרעפּ אַראָפּ, איבערהיפּנדיק יעדע צווייטע טרעפּ. די פּיס האָט ער געשטעלט, ווי ער זאָל קלעטערן אויף אַ לייטער.

אונטן, אויף דער גאַס, איז ער ווידער שטיין געבליבן און זיך איינגעקוקט אין דעם שוואַרצן, אויסגעטריקנטן פון אַלטקייט הילצערנעם גאַניק. דער גאַניק איז געהאָנגען אויף צוויי פאַרזשאַווערטע שינעס. ער האָט זיך איינגעקוקט אין דעם געלן פירהענגל, וואָס האָט פאַרשטעלט דאָס פענצטער. אלי האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, ווי עפּעס זיך באַשטעטיקט, און געגאַנגען ווייטער. ער איז געגאַנגען מיט געבויגענע קני און געצויגן דעם קערפּער אויף צוריק. ער איז געגאַנגען באַרג אַראָפּ מיט דער שמאָלער, ברוקירטער גאַס. אַן אויסגעגלייטער פון די ברוק־שטיינער פּאַס, האָט צעטיילט די גאַס אין צווייען. די הייזער זענען געווען נידעריק און ברייט, ווי געלעגן אויף דער ערד. די ווענט־שטיינער זענען אויך דאָ געווען

שוואַרץ פון אַלטקייט. ער האָט געקענט די געגנט, אָבער געקוקט, צי עס גייט אים ווער נישט נאָך.

ביי איינעם פון די נידעריקע און לאַנגע הייזער האָט אלי זיך פאַרהאַלטן. די שטיינער אין די מויערן האָבן זיך צעקרישלט און זענען געווען באַצויגן מיט אַן אַלטער, גרוי־ברוינער פאַטינע. די קליינע פענצטער זענען געווען פינצטער און האָבן אויסגעזען, ווי אויסגעהאַקטע לעכער אין די ווענט. אונטן האָט זיך געזען נאָר איין הילצערנע טיר, געפאַרבט בלוי.

אלי האָט אויפגעהאָרכט. ער האָט אַרויפגעצויגן זיך די הויזן און אַרונטער־געשטופּט אונטערן הויזן־לימיץ די שפּיצן פון העמד, פאַרקנעפּלט די צוויי אויפ־געקנעפּלטע אין העמד קנעפּלעך און מיט דער האַנט צוגעגלעט זיך די צעשויבערטע טשופּרינע.

ער האָט האַסטיק געעפנט די טיר און פּאַמעלעך אַריינגערוקט דעם קאָפּ אין דער טיר. די נאַכט־פינצטער האָט זיך אַריינגעשפּאַרט דורך איר. די גרינע לאָמפּנ־שיין פון קעלער איז אים אַנטקעגנגעקומען. ער האָט אַריבערגעקוקט איבער די קעלער־שטיגן. ער האָט געגנוי געזען וואָס ביי יושפאַן אין קעלער טוט זיך, אָבער ער האָט אַ שריי געטאָן:

— אש־יאָ!? (וואָס איז?) און אַדורכגעשטופּט זיך דורך דער שמאָלער טיר.

אלי האָט צוגעקלאַפּט די טיר און איבערגעשפּרונגען דריי טרעפּ. אונטן, ביי די טרעפּ, איז ער שטיין געבליבן. די טוכלע פייכטקייט וואָס האָט געשוועבט אונטער די גרין פאַרגליטשטע געוועלבן האָט אים פאַרהאַלטן. ער האָט נישט געהערט צום פישער־שבט וואָס שווימט אַרויס אויפן ים. ער איז געווען אַ ספּאַרטלער.*

ער האָט אַהער פאַרבלאָנדזשעט צוליב אַ פישער־מיידל, רחל.

אים איז אַנטקעגנגעקומען אַ הויכער, ברייטביינ־יקער פאַרשוין מיט שווערע געקאָוועטע שיך. זיינע האַקי־הויזן זענען געווען אויסגעשמירט מיט אייל. ער האָט אויף זיך געהאַט אַ בלויען סוועדער וואָס מען ציט אַריבער איבערן קאָפּ. זיינע אַרבל זענען געווען פאַרשאַרצט און פון זיי האָט אַרויסגעשטאַרט אַ פּאָר פליישיקע, באַהאָרטע הענט. איבער זיין פליישיקן קאָפּ איז געווען איבערגעצויגן אַ ברייטער, צוויי־שפּיציקער שטרומפּ. ער איז אַליין פאַרבייגעגאַנגען. איינער האָט אָנגעקוקט דעם אַנדערן.ביידע האָבן געשוויגן. דער פישער איז אַרויף אויף די טרעפּ און צוגעגאַנגען ביז דער טיר.

— תפדל! (ביטע!) — האָט יושפא פאַרבעטן אַלין.

אלי האָט אים אָנגעקוקט. די טוכלע קעלער־וואַרעמקייט האָט אים אַרומגענומען און ער האָט אָפּגעאָטעמט.

אינעם רעסטאָראַן זענען געזעסן פיר מענטשן. ביים לאַנגן טיש אין ווינקל איז געזעסן ליאָ, יושפא, דער געבוקטער און דער „גוזמאַניק". זיי זענען געזעסן אין

* אַזוי רופן די פישערס די, וואָס כאַפּן פיש מיט ווענטקעס.

מיטן שטוב אויף טאַבאָרעטן און געשפּילט דאָמינאָ. צווישן זיי איז געשטאַנען אַ טאַבאָרעט וואָס איז געווען איבערגעדעקט מיט אַ טאָוול. דאָס איז געווען דער טיש אויף וועלכן זיי האָבן אויסגעלייגט די דאָמינאָ־שטיינער.

זיי האָבן איבערגעריסן דעם קאָן און אָנגעקוקט אלין. אלי האָט זיך נישט גערירט פון אָרט, ווי ער זאָל צעגערן. אַ ווײלע שפּעטער איז ער צוגעגאַנגען צו ליִאָנען און זיך אַוועקגעזעצט אים אַנטקעגן.

דער הויכער ליִאָ האָט אויסגעשטרעקט זיין לאַנגן, דאַרן האַלדז און באַטראַכט אלין.

ביידע, ליִאָ און אלי, זענען געווען עלנט. זיי האָבן זיך געקענט שוין אַ לענגערע צייט. לעצטנס האָבן זיי אָפּט זיך געטראָפן ביי יושפאַן. ווען זיי האָבן זיך געטראָפן, האָט אלי אים מכבד געווען. זיי האָבן גערעדט ווייניק, זיך פאַרשטאַנען מיטן קוק.

אלי האָט אָנגעקוקט ליִאָנען און ער האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן.

אלי האָט אַ וואָרף געטאָן מיטן קאָפּ און געוויזן יושפאַן צוויי אויסגעשטרעקטע פינגער. יושפּא, וואָס האָט געוואַרט אויף דער באַשטעלונג, האָט דערווייל ווייטער געשפּילט דאָמינאָ און אויפגעפּאַסט אויף אלין, האָט איצט אַוועקגעלייגט די שטיינער און באַלד זיך אויפגעשטעלט.

דער געבוקטער און דער „גוזמאַניק" האָבן אים נאָכגעטאָן.

— מזבוט! (ריכטיק!) — האָט יושפּא געזאָגט. ער איז אַוועק צום קיכטיש און גענומען זיך דאָרט פאָרען. דער נידעריקער, דיקער פאַרשוין, דער „בעל הגוזמאַניק" (אַזוי האָבן אַלע פישערס אים גערופן) האָט נישט אַראָפּגענומען די אויגן פון אלין. ער איז געווען קליין און רירעוודיק, אָבער ווער עס האָט אים געזען, האָט אַ שמייכל געטאָן. אויך ער האָט געטראָגן בלויע, לייוונטענע הויזן און אַ רויטן סוועדער, אַריבערגעצויגן איבערן קאָפּ. ער איז שנעל צוגעגאַנגען צו יושפאַן, ווי ער זאָל האָבן צו אים אַ וויכטיקן ענין, אָבער איז שטיין געבליבן ווי קיינמאָל גאָרנישט.

יושפּא האָט זיך אַפילו אויף אים נישט אומגעקוקט און ווייטער געטאָן זיינס.

דער „גוזמאַניק" האָט געפילט, אַז די אַלע, וואָס זיצן אין קעלער, קוקן אויף אים. ער האָט אַראָפּגעבויגן זיין קיילעכיקן, אָן איין האָר, רויטן קאָפּ און שטיל עפּעס איינגערוימט יושפאַן.

יושפּא האָט נישט רעאַגירט, געאַרבעט ווייטער.

דער „גוזמאַניק" האָט זיך צוריק אומגעקערט אויף זיין אָרט.

דער געבוקטער האָט אים אָנגעקוקט. די הויט אַרום זיינע אויגן איז געוואָרן געגרינצלט. זיין קנאָכיק פּנים האָט געשמייכלט.

אין דער קעלער־שטוב איז געווען שטיל. די טוכלע פייכטקייט איז כסדר האַפּטיקער געוואָרן.

מיט אַ מאָל האָט אַ געוואַנט אַ פלאַטער געטאָן, ווי אַ בייטש זאָל קנאַקן. יושפּא האָט אויסגעטרייסלט דאָס האַנטעכל; דעם עק, וואָס ער האָט געהאַלטן אין האַנט

האָט ער אַרונטערגעשטופּט אונטערן הויזן־רימען. די צוויי טעלער חומוס האָט ער זיך אַרויפגעשטעלט אויף דער רעכטער האַנט. דאָס שטייסל „פּיתהס" האָט ער זיך אַוועקגעלייגט אויף דער צווייטער האַנט, מעשה קעלנער. ער האָט געוואָלט זיך באַווייזן פאַר אַלין, ווייל אלי איז געווען אַ פרעמדער אין קעלער. פון קיך־טיש ביז אליס טיש איז דער מהלך געווען עטלעכע טריט, אָבער יושפּא האָט זיך געגרייט, ווי אויף אַ וויטן וועג.

יושפּא, דער נידעריקער פּאַרשוין, איז געגאַנגען און אונטערגעטאַנצט זיך, ווי אַ באַלערינע. ער האָט געשיקט אַ דריי געטאָן מיט דער האַנט און די צוויי טעלער חומוס האָבן זיך אַראָפּגעגליטשט אויפן טיש אַרויף און זיך אַוועקגעשטעלט פאַר די עסערס.

דער „גוזמאניק" און דער געבוקטער האָבן די גאַנצע צייט געקוקט אויף יושפּאָן און באַוואונדערט זיין געשיקטקייט. יושפּא איז געלאָסן אַוועק פון טיש, געוואָלט, אַז די צוקוקער זאָלן וואָס לענגער אים באַוואונדערן און זיך אַוועקגעזעצט אויף זיין טאַבאָרעט.

ליִאָ האָט אַ קוק געטאָן אויף אַלין. די ווייסלען פון זיינע אויגן זענען געווען גלייזיק, ווי אַן איי־שאָל. זיין פּלאַטשיקע נאָז איז ווי ברייטער געוואָרן.

אלי האָט אים אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און גענומען עסן.

ליִאָ האָט אויסגעשטרעקט די האַנט, גענומען אַ פּיתה. זיינע פינגער זענען געווען דיק און לאַנג.

דער געבוקטער האָט מיט צוויי פינגער אַ גלעט געטאָן זיך די וואָנסע.

ביז אלי איז געקומען, איז ליִאָ געזעסן אַליין און געקוקט אויף די געוועלבן. זיי, די דריי, האָבן אים נישט צוגערופן. ער איז געווען יינגער פון זיי און אַ פרעמדער פון גאַס.

אין דער שמאָלער, לאַנגער קעלערשטוב איז געווען שטיל. די טונקלקייט האָט געזשיערט. די צוויי יינגען זענען געזעסן זיך אַנטקעגן און געגעסן. זיי האָבן גע־מליאַסקעט מיט די ליפּן. דער שאַרף פון דער געבראָכענער פּיתה און דאָס שטיק ברויזן, וואָס האָט געווישט דעם חומוס אין טעלער האָט געמאַכט פריילעכער די מאָנאָטאָניקייט.

ליִאָ האָט געגעסן שנעל, געשלונגען גאַנצע, נישט צעקייטע ביסנס. אלי האָט געגעסן פּאַמעלעך, געבראָכן קליינע שטיקלעך פּיתה און מיט זיי אַרומגעווישט דעם חומוס אין טעלער.

די דריי האָבן געקוקט אויף די צוויי עסערס.

יושפּא און דער געבוקטער האָבן געהאַלטן די הענט צווישן די קני. דער „גוזמאניק" האָט געהאַלטן זיינע הענט פאַרלייגט איבערן בויך. זיין רויטער, גרויסער קאָפּ איז געלעגן אויף זיינע אַקסלען, ווי אַ פּילקע. זיין קיילעכיקע, אומגעלומפּערטע געשטאַלט האָט אויסגעזען, ווי אַ פּאַרפאַקט פעקל. זיינע שוואַרצע אייגעלעך האָבן געגלאַנצט, טיפע ריצן האָבן זיך איינגעשניטן אין די ווינקלען. ער איז געווען מלא

כעס. ער האָט פּאַמעלעך אַרויסגעדרייט דעם קאָפּ און אָנגעקוקט דעם געבוקטן.
מיט אַ פאַרבויגענעם פינגער האָט ער אויסגעווישט זיך די ליפּן און געזאָגט:

— דער ווינטער איז נאָך נישט דער ערגסטער.

דער געבוקטער און יושפּא האָבן זיך איבערגעקוקט.

דער „גוזמאַניק״ האָט פאַרשטאַנען די באַדייטונג פון זייער קוק. — היי־יאָר איז נישט אונטערגעגאַנגען קיין איין שיף — האָט ער געזאָגט און אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, זיך באַשטעטיקט זיינע רייד.

ביידע האָבן אים נישט געענטפערט.

דער „גוזמאַניק״ האָט אַ פינטל געטאָן אַן אויג און צוגעשאַרט זיך צו דער וואַנט. ער האָט געוואָלט, אַז די ייִנגען זאָלן אים זען, ווען זיי וועלן אויסדרייען די קעפּ.

— ווען מיין שיף איז אונטערגעגאַנגען — האָט ער געזאָגט, זיך געגרייט דערציילן זיין שטענדיקע מעשה.

יושפּא און דער געבוקטער האָבן אַפילו נישט קיין פינטל געטאָן מיט אַן אויג, אָבער אלי און ליִאָ האָבן פאַרלאַנגזאַמט זייער עסן.

דער „גוזמאַניק״ האָט באַמערקט זייער נייגער. ער האָט איבערגעפירט די האַנט איבער זיין גאָלן קאָפּ און זיך געוואָנדן צו די צוויי ייִנגען:

— הערט אַ געשיכטע פון אַן אַלטן פישער. איך בין געווען אין ים, ווייט. מיט אַ מאָל איז די פינצטער געוואָרן געדיכט. דער הימל מיט דעם ים זענען זיך צונויפגעקומען, ווי עס זאָל נישט זיין קיין וועלט מער. אַלע שדים זענען אַרויס אויפן ים. צעבליצטע בליצן האָבן אָנגעצונדן דעם הימל, אָבער עס האָט נישט גערעגנט. איך בין געלעגן אין שיפל אויף דער דעק. די רודערס האָב איך שוין לאַנג געהאַט פאַרלוירן. איך בין געלעגן מיט אָפענע אויגן פון שרעק און געשריגן „שמע ישראל״.

דער געבוקטער האָט אָנגעקוקט יושפּאן און פאַרזשמורעט די אויגן.

יושפּא האָט אַ פינטל געטאָן מיט אַן אויג.

ליִאָ און אלי זענען געזעסן מיט אָפענע מיילער און געהאָרכט.

דעם „גוזמאַניקס״ קאָפּ האָט געפלאַמט. זיינע אויגן האָבן געגלאַנצט. ער איז געשטאַנען אויף די שפּיץ פינגער און מיט עקסטאַז ממשיך געווען: — איך בין געווען אַליין אויפן ים. מיין שיף האָט געהאַט פינף מעטער די לענג. דער אַלטער אַבראַמיקאָ, אין גן־עדן איז ער, האָט זי מיר פאַרקויפט. דער שטורעם האָט געשליי־דערט די שיף. איך האָב נישט געוווסט, ווו איך בין. מיטאַמאָל האָבן די כוואַליעס זיך אויפגעהויבן און איך האָב דערפילט, אַז איך שווים אין וואַסער.

— געענדיקט! — האָב איך געשריגן. ער האָט איינגעקלאַפּט זיך אין האַנט אין דער אַנדערער און שטיל געבליבן. ער האָט אָנגעקוקט די צוהערער, ווי ער זאָל וועלן זען, ווי עס ווירקן אויף זיי זיינע רייד. ער האָט אָפּגעאָטעמט און מיט דער האַנט זיך אָפּגעווישט דעם שווייס פונעם קאַרק, ווי ער זאָל איצט איבערלעבן די אימה אויפן ים.

אין דער קעלער־שטוב איז געווען שטיל. די זויערקייט אין דער לופט האָט געוירן, דער לאָמפּ האָט געצאַנקט.

— וואָס זע איך ? — האָט דער „גוזמאַניק" געפרעגט. ער האָט אויסגע־שטרעקט דעם קאָפּ און אויפגעריסן די אויגן, ווי ער זאָל זיך האָבן איבערגעוועקט:

— איך ליג אויף אַ ברעג. איך קוק זיך אַרום — דער ים איז רויִק. דער ברעג איז פלאַך. איך האָב דערקענט דעם ברעג. עכו! איך וויל זיך אויפשטעלן. איך פאַל מיטן פּנים צו דער ערד, בין געבליבן אַ געליימטער פון מורא.

ביידע, אלי און ליאַ, האָבן דערשטוינט און נייגעריק אָנגעקוקט דעם „גוזמאַניק".

יושפּא און דער געבוקטער האָבן אַראָפּגעלאָזט די קעפּ. זיי האָבן זיך איינגע־קוקט אין זייערע צענומענע שויסן, ווי זיי זאָלן דאָרט עפּעס זוכן. דעם „גוזמאַניקס" אייגעלעך האָבן אַ גלאַנץ געטאָן. זיין גאָלער קאָפּ האָט געפלאַמט פון אויפרעגונג. זיינע נאָזלעכער זענען געווען צעשפּרייט, זיינע דיקע ליפּן זענען געווען ווי אָנגע־שוואָלן פונעם רעדן. ער האָט מיט דער האַנט זיך פאַרשטעלט די אויגן, ווי ער זאָל נישט וועלן זען דאָס בילד און געזאָגט:

— אין מיטן ים זיצט אַ „סירענע"* און וואַרעמט זיך. אַז זי האָט מיך דערזען, איז זי אַריינגעשפּרונגען אין ים. ער איז שטיין געבליבן מיט אַן אָפן מויל. אַ ווײַלע שפּעטער האָט ער מיט די הענט אַרומגענומען זיך דעם בויך און אָפּגע־זיפצט, ווי דער ים זאָל איצט אים האָבן אַרויסגעוואָרפן.

מיט נייגער און דערשטוינונג האָבן ליאַ און אלי זיך איבערגעקוקט.

ליאַ איז געווען הונגעריק. ער האָט אַדורכגעבראָכן אַ פּיתה. אלי האָט אָפּגע־רוקט פון זיך דעם טעלער חומוס. ליאַ האָט אים אָנגעקוקט. ער האָט געעפנט די פינגער. דאָס שטיקל פּיתה איז אַרויסגעפאַלן אים פון דער האַנט.

דער געבוקטער האָט אָנגעקוקט יושפּאן. ביידע האָבן זיך צעשמייכלט.

פּלוצים האָט יושפּאס בויך זיך גענומען טרייסלען און ער האָט זיך צעקווי־טשעט אויפן קול: — יאַ־באַ־יע! (אוי, ווי מיר).

דער „גוזמאַניק" האָט אַ טרייסל געטאָן מיטן קאָפּ. ער האָט זיך געכאַפּט, אַז ער האָט ווידער זיך פאַרפּראַלט.

די טיר האָט זיך געעפנט פון זיך אַליין. אַ פרישער שטראָם לופט האָט זיך אַריינגעשפּאַרט אין קעלער. די לאַנגע קעלער־שטוב איז מיט אַ מאָל ווי ליידיק געוואָרן. די טוכלעקייט איז שיטער געוואָרן. אַלע אַרומזיצנדע האָבן אָפּגעאָטעמט און זיך איבערגעקוקט.

דער „גוזמאַניק" האָט אָנגעקוקט אלין, געוואַרט, אַז ער זאָל באַשטעלן אים אַ קאַווע.

---

* פאַראַן אַ פיש, וואָס הייסט צוגונג — ים־קו. זיין אויבערשטער טייל איז ענלעך צו אַ מענטשן. זיין קול איז ענלעך צו אַ זיפץ. דאָס באַשעפעניש האָט געשאַפן ביי די פישערס די לעגענדע וועגן דער ים־סירענע.

אין דעם קעלער איז געווען קיל און שטיל.

אָבער דער „גוזמאַניק" איז נישט דער פּאַרשוין, וואָס גיט זיך אונטער. ער האָט מיט דער האַנט זיך אויסגעריבן די גאָמבע, פאַרמאַכט אַן אויג און זיך אַ ווענד געטאָן צו אלין: יאַ, טורקאַ! מיר גייען צו שרינהן. ער איז אַ גיי געטאָן עטלעכע טריט, ווי ער זאָל טאַנצן, און פונאַנדערגעפּירט די הענט, מיט זיי געוויזן די ברייט פון איר „הינטערשטן". זיין שטימע האָט געקלונגען ווי ער זאָל זיך אונטערזינגען.

דער אַלקאָהאָל־זויער איז אלין קאַפּויער געקומען. ער האָט דערפילט דעם טעם פון עסן, וואָס ער האָט געגעסן. זיין אונטערשטע ליפּ האָט אַ צוק געטאָן. זיין פּנים איז געוואָרן רויט, ס׳בלוט איז געקומען אים אין קאָפּ אַריין.

— אַ־אַ־אַ! — האָט ליִאַ אַ כאָרכל געטאָן. זיין קול איז געווען הייזעריק, פול תאווה, זיין פּנים — אָנגעדראָלן.

יושפּא האָט אויסגעדרייט דעם קאָפּ און בייגעריק אָנגעקוקט די אַרומזיצנדע. דער געבוקטער האָט אונטערגעהויבן דעם קאָפּ און געזאָגט דעם „גוזמאַניק":

— „אַלטער ביין!"

— קומט מיט! — האָט דער „גוזמאַניק" אים אָפּגעענטפערט און זיך צעלאַכט.

— כאַ־כאַ־כאַ! — ער האָט געלאַכט, ווי ער זאָל זיך גאָרגלען.

— אוסקוט יאַ חרה! (שווייג, דרעק!) — האָט יושפּא אַ שריי געטאָן צום „גוזמאַניק".

אלי האָט אַ קוק געטאָן אויף ליִאָנען.

ביידע האָבן זיך אויפגעהויבן אינאיינעם. דער לאָמפּ האָט ווידער אַ צאַנק געטאָן.

אלי האָט אַרויסגענומען פון דער הויזנטאַש אַ פּאַפּירענעם פונט און אַוועקגעלייגט אים אויפן טיש.

יושפּא האָט אָבסערווירט, וואָס אלי טוט.

—טפו! — האָט דער „גוזמאַניק" אַ כראַקע געטאָן און ער איז אַוועק צו דער טיר. קריכנדיק איבער די שטיגן האָט זיין פלייששיקע געשטאַלט זיך געקאַטשעט ווי אַ פּילקע, וואָס קאָלערט זיך.

יושפּא מיטן געבוקטן האָבן זיך איבערגעקוקט.

אלי האָט אַ צי געטאָן ליאָנען ביים אַרבל און מיט אַ קאָפּ־שאָקל אים געוויזן די טיר. ביידע זענען אַוועק צו דער טיר. דאָס ערשטע מאָל ביידע צוזאַמען. ליִאַ האָט צוגעמאַכט די טיר נאָך זיך.

די טוכלעקייט אין קעלער האָט ווידער גענומען יוירן.

— מג׳נון (אַ משוגענער) האָט יושפּא אַ זאָג געטאָן.

— אַ פישער! — האָט דער געבוקטער אים געענטפערט און אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ.

יושפּא האָט זיך צוגעזעצט צום געבוקטן און אַ קוק געטאָן אויפן טיש. — איך

ווײַל שפּעטער אַראָפּנעמען די כלים — האָט ער זיך געזאָגט און אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט, אַז ער האָט צײַט.

דער געבוקטער האָט אָנגעקוקט יושפּאַן.

— מירן שפּילן אין צווייען? — האָט יושפּא אים געפרעגט.

דער געבוקטער האָט מיט אַ קאָפּ־שאָקל מסכים געווען.

דער לאָמפּ האָט אַ צאַנק געטאָן.

# כ

די לבנה איז געוואָרן פול, דער הימל־בלוי האָט זיך געגרויט. די ים־ווינטן זענען ווידער קילע. דער טאָג האָט גענומען פאַרגיין. דער אָוונט איז אַרײַנגעדרונגען אין די שמאָלע געסלעך. די שאָטנס זענען פּאַמעלעך אַרויסגעקראָכן פון די ווינקלען. די שייבלעך אין יוסיפס פענצטער זענען געווען גרין. די שיין פון דער גאַס און פון דער שטוב האָבן זיך געקרייצט אויף זיי.

אין שטוב ביי יוסיפן האָט דער טאָג שוין געגרויט. אַ טוי האָט געשוועבט אין שטוב. די זאַכן אין שטוב: די שאַנק, די בעטן, דער טיש מיט די בענקלעך — האָבן אויסגעזען ווי זיי זאָלן זיין אַרומגעשלייערט. אין שטוב איז געווען שטיל.

רחל איז געזעסן אַן איבערגעבויגענע איבער אירע קני מיטן פּנים צו דער טיר. איר בלוי געבלומט ציצן־קלייד איז געווען פאַרשאַרצט ביז איבער די קני. אירע אברים זענען געווען אָפּגעדעקט. איר פּנים האָט געפלאַמט. אירע פּעך־שוואַרצע האָר זענען געווען לייכט צעשויבערט. דער שליץ פון אירע ברוסטן האָט זיך אַרויסגעזען פון איר אָפּענעם דעקאָלט. איר שויס איז געווען צענומען. אירע פליישיקע קני נאַקעט. זי איז געזעסן ביי אַ מעשענער באַליע און געוואַשן וועש. זי האָט יעדעס שטיקל גרעט געריבן אין די הענט. אירע פינגער זענען געווען אויסגעווייקט. פון מאָל צו מאָל האָט זי זיך אַ ברום געטאָן אַ ניגון, אָבער אים איבערגעריסן באַלד. דעמאָלט איז זי זיצן געבליבן מיטן שטיקל גרעט אין האַנט אַ פאַרטראַכטע.

פאַר דער טיר איז שטיין געבליבן זשאַקאָ. ער האָט דערהערט רחלס געזאַנג. אַ באַק האָט אים אַ ציטער געטאָן. זיין לינק אויג האָט זיך אויסגעקרימט. ער האָט אויסגעשטרעקט דעם קאָפּ, אַרײַנגעקוקט אין שטוב. די טיר איז געווען צוגעלענט.

— די נאַכט בין איך אויפן ים! — האָט ער אַ ריטשע געטאָן.

רחל האָט אַפילו נישט אויפגעהויבן דעם קאָפּ פון דער באַליע. זי האָט ווייטער געריבן די איינגעווייקטע גרעט, נאָר שנעלער.

זשאַקאָ האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, ווי ער זאָל זיך זאָגן: „יאָ!". ער האָט מיטן קאָפּ אַ שטופּ געטאָן די טיר, זי געעפנט. ער האָט אויסגעשטרעקט די האַנט, ווי ער זאָל זיך טאָרעווען אַ וועג, און אַריבערגעטאַנצט די שוועל. זיין באָרוועסער

פוס האָט אַ פּליאַסק געטאָן דעם פּאָל־שטיין. ער איז שטיין געבליבן מיט אַן אָפן מויל און אויפגעריסענע אויגן. זיין פּנים איז געווען פאַרגליווערט, טעמפּ. זיינע נאַגאַוויצעס זענען געווען אונטערגעבונדן מיט אַ שטריק. ער האָט אָנגעבויגן אַן אַקסל און אויסגעשטרעקט זיין לינקע האַנט.

— אַההה! — האָט ער ווילד אַ רעווע געטאָן, דערפּילנדיק פון ווייטן די יאָדערדיקע וואַרעמקייט פון רחלס ברוסטן.

רחל האָט מיט אַ נאַס שטיקל גרעט אַ פּליאַסק געטאָן זשאַקאָן איבער זיין צעיאַכמעטן פּרצוף.

— פאַרשווינד! — האָט זי היסטעריש צו אים געשריגן.

אין דעם קיך־דורכגאַנג איז שטיין געבליבן לונה, די מוטער. זי האָט איר קאָפּ נייגעריק אַריינגעשטעקט אין שטוב.

זשאַקאָ האָט נישט געזען לונהן. ער האָט נאָר דערפּילט, אַז עס קוקט ווער אויף אים. ער האָט אַריינגעלאָזט דעם קאָפּ צווישן די אַקסלען, געוואָרן איינגעהוי־קערט און אַרויסגעלאָפן פון שטוב.

רחל האָט זיך אַ וואַקל געטאָן. ערשט איצט האָט זי פאַרלוירן איר גלייכגעוויכט. דאָס שטיקל גרעט איז איר אַרויסגעפאַלן פון דער האַנט. זי האָט זיך אַראָפּגעזעצט און איז זיצן געבליבן מיט אויסגעצויגענע, נאַקעטע ביז אַרויף, פיס. איר קערפּער איז געווען גלאַטיק און ברוין, ווי אַ בראָנדז. זי איז געזעסן מאַכטלאָז מיט אַראָפּ־געלאָזטע הענט. אירע אויגן זענען געווען אויפגעריסן, שטאַר.

די מוטער איז פּאמעלעך צוגעגאַנגען צו איר און אַרויפגעלייגט אַ האַנט אויף דער טאָכטערס אַקסל.

רחל האָט אַ ציטער געטאָן. זי האָט פאַרריסן דעם קאָפּ און פון דער זייט אַ קוק געטאָן אויף דער מוטער.

— באַרויִק זיך — האָט די מוטער איר געזאָגט און אַ גלעט געטאָן איר דעם קאָפּ. זי האָט מיטן פוס אַ רוק געטאָן אַ טאַבאָרעט, וואָס איז געשטאַנען אין דער זייט, און זיך אַוועקגעזעצט. רחל האָט אַ קוק געטאָן אויף דער מוטער. זייערע בליקן האָבן זיך געקרייצט.

די מוטער האָט מיט אַ פאַרמאַכטער פויסט זיך אָפּגעווישט די ליפּן און אַ זאָג געטאָן: — טאָכטער!

רחל האָט אויסגעדרייט דעם קאָפּ, אָנגעקוקט די מוטער.

די מוטער האָט עטלעכע מאָל אַ פינטל געטאָן מיט די אויגן און געזאָגט רחלען: — דו ביסט אויסגעוואַקסן. מיט גאָטס הילף וועסטו אין קורצן חתונה האָבן.

רחלס פּנים איז געוואָרן צעפלאַמט. ס׳בלוט איז געקומען איר אין קאָפּ אַריין.

די מוטער איז געזעסן שטיל און געקוקט אויף דער טאָכטער. רחלס באַקן האָבן נערוועז געציקט.

די מוטער האָט פאַרזשמורעט די אויגן און זיך געוואָנדן צו רחלען. — דו

שטאַמסט פון פישערס. פישערס מוזן זיין דרייסט און שטאַרק. אונדזערע מענער פאַרברענגען ס׳לעבן אויפן ים.

ביידע פרויען, די טאָכטער און די מוטער, זענען זיצן געבליבן מיט אָפענע מיילער. ביידנס בליק איז געווען שטאַר. איינע האָט באַטראַכט די אַנדערע.

אין שטוב איז געווען שטיל. עס האָט זיך געפילט דער ריח פון די מידלינעס.

רחל איז געזעסן און געשוויגן.

די מוטער האָט געדענגט זיך די פינגער און געקוקט אויף דער טאָכטער.

אַ ווײַלע שפּעטער האָט רחל געזאָגט, ווי זי זאָל רעדן צו זיך, אָבער די ווערטער זענען געווען געווענדעט צו דער מוטער.

— אַ פישער ווערט מען נישט געבוירן. אַ פישער איז אַ פּאַך.

זי האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און צוגעגעבן: — איך וויל אַ שלאַנקן בחור! איר פּנים איז געוואָרן רויט פון חרפּה. זי האָט גערעדט פּאַמעלעך, ווי זי זאָל שטאַמלען.

דער מוטערס אויגן האָבן אַ שיקל געטאָן. זי האָט אַ קוק געטאָן אויף דער טאָכטער מיט איין אויג פון דער זייט. אירע באַקן זענען געווען אויסגעצויגן, איר פּנים — שטאַר.

— דער טאַטע וויל פאַר דיר אַ פישער, ער זאָל מיט אים אַרויס אויפן ים — האָט די מוטער איר געזאָגט אָן אַן אָטעם, ווי עס זאָל פון איר אַרויסרעדן. איר קול איז געווען טרוקן און הויל. רחלס קאָפּ איז אַריינגעפאַלן אין אירע אַקסלען.

די מוטער האָט זיך איינגעקוקט אין דער טאָכטער. — יאָ, יאָ, אַזוי איז דאָס!

— האָט זי געזאָגט און אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, ווי באַשטעטיקט אירע רייד.

רחל האָט געשוויגן. זי האָט נאָר אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ — ניין.

די מוטער האָט פאַרזשמורעט די אויגן: מאַך נישט קיין צרות דעם טאַטן — האָט זי איר געזאָגט.

זי האָט געעפנט דאָס מויל און מיט צוויי פינגער זיך אָפּגעווישט די ליפּן.

זי האָט איינגעפלאָכטן איין האַנט פינגער אין דער אַנדערער און זיך געוואָנדן צו דער טאָכטער:

— דער טאַטע שטאַמט פון פישערס און איז אַ פישער. יאָרן איז ער געווען אַ יונג ביי יענעם. ביז ער האָט אָפּגעשפּאָרט דאָס שיפל, האָט ער געגעבן די פעל.

זי איז זיצן געבליבן מיט אַן אָפן מויל און מיט גליִענדיקע אויגן געקוקט אויף דער טאָכטער.

— פישערס! פישערס! — האָט רחל געוואָרטשעט מיט כעס. איר פּנים איז געווען רויט פון נכפה.

דער מוטערס אויגן זענען געווען מאַט, אויסגעלאָשן און זי האָט צוריק פאַר־מאַכט ס׳מויל. אירע ליפּן זענען געווען ווייס. איר נאָז איז געוואָרן לאַנג. זי האָט אויפגעהויבן די הענט אין דער הויך פון מורא און געבעט און געזאָגט:

— דיין טאַטע פאַרשטייט נישט קיין חכמות. — אַ ווײַלע שפּעטער האָט זי צוריק אַראָפּגעלאָזט די הענט און שטיין געבליבן אַן אומבאַהאָלפענע. זי האָט

אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ, זיך ווי געשעמט פאַר דער טאָכטער און זי האָט ממשיך געווען:

— אין לעבן איז נישט אַלץ אַזוי, ווי דער מענטש וויל. איך האָב דיין טאַטן געבוירן אַכט קינדער. געבליבן ביז הונדערט און צוואַנציק זענט איר צוויי נאָר. ביז איר זענט געבוירן געוואָרן, האָט אייער טאַטע געוואָלט מיך אָפּגטן.

רחל האָט אַן איבערראַשטע און דערשראָקענע אָנגעקוקט די מוטער. איר מויל איז געווען אָפן, אירע אויגן אויפגעריסן.

— איך האָב איינגעריסן וועלטן! — האָט די מוטער ממשיך געווען, — בין געגאַנגען צו די הייליקע אויף די קברים, געטיילט צדקה, האָב געצונדן ליכט אין שול, איך בין געפאַלן צו די פיס דעם שטאָט־חכם, ער זאָל פאַר מיר בעטן רחמים. כאָטש דער טאַטע איז געווען אַ פישער־יונג און איך אַ טאָכטער פון אַ שניידער, אַ גבאי פון אַ שול אין מוסטאַגאַנס (אַ פאַרשטאָט אין אַלזשיר).

— אַה! — האָט רחל דערשטוינט אַ קוויטש געטאָן.

די מוטער איז שטיל געבליבן. זי האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן, זיך געשעמט פאַר דער טאָכטער.

רחל האָט פאַרזשמורעט די אויגן. זי האָט מיט אַ שאַרפן בליק זיך איינגעקוקט אין דער מוטער. אַ ווייַלע שפּעטער האָט זי אויסגעשטרעקט דעם קאָפּ און זי האָט דרייסט געזאָגט דער מוטער: — מיין מאַן וועל איך אַליין געפינען!

די מוטער האָט אַ טרייסל געטאָן און פאַרריסן דעם קאָפּ. זי האָט האַסטיק, מיט כעס אויסגעשטרעקט די האַנט. אַ פּליאַסק האָט אָפּגעהילכט פון רחלס באַק.

רחל איז אויפגעשפּרונגען, ווי זי זאָל וועלן אַוועקלויפן. זי האָט זיך אָבער צוריק אַוועקגעזעצט. אירע אויגן האָבן געגליט פון כעס און געקוקט אַראָפּ בייז. איר לינקע באַק האָט געפלאַמט. מען האָט אויף איר אָנגעזען דער מוטערס פינגער.

דער מוטערס בוזעם איז איינגעפאַלן. — אַה! — האָט זי שווער אָפּגעזיפצט און פאַרבראָכן די הענט. אירע אויגן זענען געווען פאַרגלייזט.

— שוויצערין! — האָט יוסף, דער ברודער, אַ שריי געטאָן און זיך צעלאַכט: כאַ־כאַ־כאַ!

ביידע פרויען האָבן פאַרריסן די קעפּ און פאַרוווּנדערט אים אָנגעקוקט. זיי האָבן נישט באַמערקט, אַז זשאַקאָ האָט אָפן געלאָזט די טיר.

יוסף איז געשטאַנען אויף דער שוועל און מיט אַן אויסגעשטרעקטן פינגער געוויזן אויף רחלען. ער איז געקומען פון דער גאַס.

ער האָט געהערט רחלס לעצטע רייד. ביידע פרויען זענען אויפגעשפּרונגען.

אַ דערשטוינטע האָט די מוטער געקוקט אויף דעם זון. אירע אויגן זענען געווען פאַרלאָפן. איר בליק איז געווען צאַרט. זי האָט געוואַרט, אַז דער זון זאָל רעדן ווייטער.

רחל האָט געקוקט אויפן ברודער פון אויבן אַראָפּ. אירע ליפּן זענען געווען פאַרקרימט און אָפן. איר פּנים האָט אויסגעדריקט עקל צו יוסףן, איר ברודער.

יוסף האָט אַראָפּגעלאָזט די הענט. ער האָט זיך באַרוּיִקט. — נשים! — האָט ער געזאָגט מיט ביטול, אָבער באַלד האָט ער זיך צעשמייכלט, ווי אַ ייִנגל. זײַן שוואַרצע טשופּרינע איז געווען צעשויבערט. זײַנע לישייען האָבן אַדורכגעשײַנט דורך זײַן אָפּגעברענטער הויט. די קני פֿון זײַנע בלויע, לײַוונטענע הויזן זענען געווען אויסגעשטופּט.

— באַשעפֿעניש! — האָט רחל אים געזאָגט סאַרקאַסטיש.

— נקבה! — האָט יוסף אויסגעשריגן, ווי ער זאָל קרייען. זײַן יונג קול האָט פֿון אָנשטרענגונג זיך איבערגעריסן, אָבער זײַנע אויגן האָבן געלאַכט.

— אָבער דער „בכור" ביסטו נישט — האָט רחל זיך גערייצט מיט אים. יוסף האָט פֿאַרביסן די ליפּן. זײַנע אויגן האָבן אַ גלאַנץ געטאָן פֿון כעס.

— שאַ, שאַ — האָט די מוטער זיי באַרוּיִקט און צעפּירט די הענט, ווי זי זאָל ווערן זיי צעשיידן.

— גיבור! די מענער זענען אויפֿן ים און דו וואַלגערסט זיך אין די גאַסן — האָט רחל אים געזאָגט מיט חוזק און געשמייכלט.

יוסף האָט פֿאַרביילט די פּויסטן און אויסגעשטרעקט דעם קאָפּ אַזוי, ווי די פּישערס.

— דײַן מאַן וועט זײַן זשאַקאָ! — האָט ער שנעל געזאָגט רחלען. ער איז צו איר צוגעלאָפֿן און זיך געוואָרפֿן אויף איר, איר אַרײַנגעהאַקט אַ פּויסט אין בויך.

רחל האָט אים אָפּגעשטופּט מיט כעס און כּוח.

די מוטער האָט זיך אַרײַנגעשטעלט צווישן זיי און זיי צעשיידט. אַ ווײַלע שפּעטער האָט זי גוטמוטיק אים געזאָגט:

— יוסף, גיי עסן — און אים אַ שטופּ געטאָן פֿאָרויס, אַז ער זאָל גיין. זי האָט אים גערופֿן ביים נאָמען, ווי אַ מאַן.

יוסף האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן און איז אַוועק אין קיך. גייענדיק, האָט ער אויסגעדרייט דעם קאָפּ. ער האָט בייז געקוקט אויף דער שוועסטער.

— קום! — האָט די מוטער געזאָגט דער טאָכטער.

רחל האָט אָנגעקוקט די מוטער. זי האָט נישט געוווּסט, וווּ אַהין זי רופֿט זי.

— גיי אַרײַן אין אַלקערל — האָט די מוטער איר געזאָגט.

— ניין! — האָט רחל איר אָפּגעענטפֿערט. זי איז צוגעלאָפֿן צו דער טיר און איז אַרויס אין דרויסן.

— רחל! וווּ אַהין?! — האָט די מוטער איר נאָכגעשריגן.

רחל האָט איר נישט געענטפֿערט.

די מוטער איז שטיין געבליבן מיט פֿאַרלייגטע הענט איבערן בויך. אַ ווײַלע שפּעטער איז זי אַרײַן אין קיך צום זון.

אין מיטן הויף איז רחל שטיין געבליבן. זי האָט זיך אַרומגעקוקט, צי די מוטער גייט איר נישט נאָך, און אויך געזוכט זיך אַן אָרט. זי האָט דערזען זשאַקאָס קאַמער. זי האָט אַוועקגעדרייט דעם קאָפּ. זי האָט דערהערט דעם בלעטער־שאָרך.

דער קילער אָוונט האָט געוויגט די בלעטער פון דער פּאַלמע, וואָס איז געוואַקסן אין הויף.

רחל האָט זיך איינגעקוקט און געגאַנגען שנעל, אָבער נישט געלאָפן. זי איז אַרונטערגעקראָכן אונטער דעם קוסט, וואָס איז געוואַקסןביים פּלויט און זיך אַוועקגעזעצט אויף דעם שטיין, וואָס איז דאָרט געלעגן. אויף דעם שטיין איז זי אָפט געזעסן און געבענקט. די ברייטע בלעטער פון דעם פייגנקוסט, וואָס איז נישט אויסגעוואַקסן צוליב די ים־ווינטן, האָבן זי פאַרדעקט. זי האָט אירע הענט אַריינגערוקט אין דער שויס און זיי צונויפגעדריקט מיט די קני. זי האָט זיך צעהעשעט, געוויינט אָן טרערן, נאָר איר קערפּער האָט זיך געטרייסלט, ווי אין אַ קאָנוווּלסיע. דער אָוונט־גרוי איז כסדר שטאַרקער געוואָרן.

— רחל! קום ענדיקן די גרעט! — האָט די מוטער זי גערופן.

רחל איז אויפגעשפּרונגען. זי איז אַפּירגעקראָכן פון אונטער דעם קוסט. זי האָט געציטערט פון קעלט. — אוה! — האָט זי אַ קרעכץ געטאָן. זי האָט איבער־געלייגט די הענט איבער די ברוסטן און איינגעטוליעט דעם קערפּער אין איר ציצענעם קליידל, וואָס זי האָט געהאַט אויף זיך. זי איז אַוועק אין שטוב אָן חשק.

איבער דער סביבה האָט זיך שוין געהאַט פונאַנדערגעזעצט דער בין־השמשות. אויפן הימל האָט זיך באַוויזן דער ערשטער בלאַסער שטערן.

# כא

דאָס קרעם־געטופּטע פירהענגל אויף צביהס פענצטער איז געווען פונאַנדער־גערוקט. די פענצטער־שויבן זענען געווען מאַט. דער גלימערשיין איז לאַנג שוין פון זיי פאַרשוווּנדן. אויף זיי ליגט דער אָוונט־גרוי. ביי צביהן אין נידעריקן היל־צערנעם חדר איז שוין געווען האַלב־פינצטער. אירע שטוב־זאַכן: די גרינע שאַנק, דער רויער, נישט געפּאַרבטער טיש און די ברוינע קאַמאָדע האָבן איצט אײן קאָליר. אַלץ איז גרוי.

אין די ווינקלען ביי איר איז שוין פינצטער.

צביה איז געזעסן אַ געבויקטע, מיט פאַרלייגטע פיס, איינער איבער דעם אַנדערן און געקוקט אַנגעשטרענגט. זי האָט אויפגעפּאַסט, אַז די שטעך, וואָס זי מאַכט, זאָלן זיין גלייכע. אויף איר קני ליגט פונאַנדערגעשפּרייט אַ טוכענער, גראַנאַטענער ראָק, וואָס זי ליימט אַרום.

רחל האָט אַ קוק געטאָן אין פענצטער. באַלד האָט זי מיט איין אויג אַ קוק געטאָן פון דער זייט אויף צביהן. אַ רגע האָט רחל געצווייפלט, אָבער באַלד האָט זי אַריינגעשטאָכן די נאָדל אינעם קלייד, צו וועלכן זי האָט צוגענייט קנעפּ און זיך אונטערגעהויבן פון בענקל. זי איז שטיין געבליבן מיטן קלייד אין האַנט. זי האָט דאָס קלייד צונויפגעלייגט און אַרויפגעלייגט אויף דער קאָמאָדע. זי האָט אַ

טרייסל געטאָן מיטן קאָפּ, פאַרוואָרפן אויף הינטן אירע קורצע אונטערגעשאָרענע האָר און ווידער אַ קוק געטאָן אויף דער מייסטערין.

צביה האָט גענייט. אירע אויסגעבויגענע פינגער האָבן געשיקט געצויגן די דורכגעשטאָכענע דורכן געוואַנט בלאַנקנדיקע נאָדל.

— איך גיי — האָט רחל איר געזאָגט.

צביה האָט אַ קוק געטאָן אין פענצטער. זי האָט אויסגעגליכן איר רוקן און איז זיצן געבליבן מיט דער נאָדל אין האַנט.

— דו גייסט גלייך אַהיים! — האָט צביה שטרענג איר אָנגעזאָגט.

רחל האָט איר נישט געענטפערט. זי האָט צביהן נאָר אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, אַז זי איז מסכים.

צביה האָט זי אָנגעקוקט, געוואָלט דערגיין, צי רחל זאָגט איר דעם אמת.

—מאָרגן קומסטו, אָדער דו בלייבסט ווידער אין שטוב ביי דער באַליע? — האָט צביה זי געפרעגט.

— איך קום — האָט רחל איר געענטפערט און אַ פאַרשעמטע אַראָפּגעלאָזט די אויגן.

צביה האָט זיך צוריק אָנגעבויגן, גענייט ווייטער.

רחל האָט פון זיך אַראָפּגעשאַרט די פאָדעם־צויטנס. פון דעם גרינעם קאָר־טענעם קלייד, וואָס זי האָט געטראָגן, איז זי שוין אויסגעוואָקסן. דאָס קלייד האָט געגרייכט איר ביז די קני. נאָר די קלאָשן זענען געווען ברייטע. זי איז צוגעגאַנגען צום הענגער און אַראָפּגענומען איר גרוי יאַקעלע, געשטרייפט מיט שוואַרצע פּאַסן.

— אַ גוטע נאַכט! — האָט זי געזאָגט צביהן און אַריינגעשטעקט די הענט אין די אַרבל פון יאַקעלע. צביה האָט איר אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און גענייט ווייטער.

רחל האָט האַסטיק געעפנט די טיר און נאָך שנעלער זי נאָך זיך צוגעמאַכט.

— אַה! — האָט זי אָפּגעזיפצט, דערפילנדיק די פרישע לופט. זי האָט אַרומ־געקוקט זיך איבער דער סביבה, ווי זי זאָל וועמען זוכן. אַ ווײַלע שפּעטער האָט זי אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און גענומען גיין.

זי האָט איבערגעשפּאַנט דאָס זאַמדיקע פּלעצל און אַריינגעגאַנגען אין דעם געסל לינקס. זי האָט זיך געאײַלט און זיך צוגעברומט. אירע באַקן האָבן געפלאַמט. זי איז געווען באַחנט. זי איז געגאַנגען און כסדר זיך אומגעקוקט, כאָטש זי האָט געקענט יעדעס געסל אין דער סביבה.

דער האָריזאָנט אויפן ים איז געווען פאַרנעפּלט. דער הימל טונקל גרוי, ווי ער זאָל זיין ברודיק. אויף עטלעכע שטעלן אין הימל זענען געווען פונאַנדער־געשפּרייט קליינע, ווייסע וואָלקנדלעך, וואָס האָבן אויסגעזען ווי צעוואָרפענע הויפנס שעפּסנוואָל. אַ ים־ווינטל האָט געקילט די לופט. רחל איז געגאַנגען, די ברוק־שטיינער האָבן זי געפירט. דער טעמפּאָ פון איר גאַנג האָט כסדר זיך געביטן. אַמאָל האָט זי אים פאַרשנעלערט, אַמאָל האָט זי אים פאַרלאַנגזאַמט. זי איז געווען

הונגעריק, אָבער גייענדיק, האָט זי באַטראַכט יעדעס הויז, וואָס זי איז פאַרביי־געגאַנגען.

ביי דעם שמאָלן, אויסגעצויגענעם געסל רעכטס, איז זי שטיין געבליבן. דאָס געסל איז נישט געלעגן אויפן וועג צו איר אַהיים. דאָס איז געווען אַ זייטיק געסל. רחל האָט אַריינגעקוקט אין געסל, ווי זי זאָל וועלן זען דעם סוף. זי האָט זיך איבערגעלייגט, צי עס איז איר כדאי גיין מיט דעם געסל.

— דער וועג איז אַ נענטערער — האָט זי זיך געזאָגט — מיט דעם וועג גייט „ער" — האָט זי צוגעגעבן און זיך צעשמייכלט.

זי האָט אונטערגעהאָפּסלט און אַריינגעשפּרונגען אין געסל. זי איז געגאַנגען און געקוקט נייגעריק. דאָס געסל איז איר געווען פרעמד. די הייזלעך זענען דאָ געשטאַנען צונויפגעדריקט, אַ וואַנט ביי אַ וואַנט. די דעכער זענען געווען פאַרשיבט, ווי איינער זאָל ליגן אויף דעם אַנדערן. איין הויז האָט אונטערגעהאַלטן דאָס צווייטע. דערפאַר זענען זיי נאָך נישט איינגעזונקען. דער אָוונט אין דעם געסל איז געווען גרויער, ווי אין די אַנדערע געסלעך. רחל האָט געקוקט אויף די הייזער און אירע פינגער האָבן זיך געשפּילט מיט דעם אויבערשטן קנאָפּ פון איר יאַקעלע, אים אויפגעקנעפּלט און צוגעקנעפּלט. אירע טריט זענען געווען שנעלע. צביהס לעצטע ווערטער האָבן איר געקלונגען אין די אויערן.

— אַאאַ! — האָט אַ הייזעריק, ווילד קול זיך צעשריגן, ווי אַ געבונדענער אָקס זאָל רעווען.

רחל, אַ דערשראָקענע, האָט אַ טרייסל געטאָן מיטן קאָפּ. זי איז שטיין געבליבן אין מיטן גאַס הילפלאָז. זי האָט אויסגעשטרעקט די הענט, ווי זי זאָל וועלן זיך אין עפּעס אָנכאַפּן. אירע באַקן זענען בלאַס געוואָרן, אירע אויגן זענען געווען אויפגעריסן, געקוקט שטאַר.

אלי איז געשטאַנען ביי אַ וואַנט, מיט צעלייגטע הענט ווי ער זאָל זיך אָנהאַלטן אין די שטיינער. זיין פּנים האָט געגלאַנצט פון שוויס. זיין רויטע טשופּרינע איז געווען צעשויבערט, די האָר פון זיין נישט ראַזירטער באָרד האָבן געסטערטשעט ווי פּיענקעס ביי אַן אָפּגעפּליקטן עוף. זיינע ליפּן זענען געווען ווייס, די מויל־ווינקלען פאַרשוימט. די שוים איז געווען פאַרטריקנט, ווי אַ גרינצל. זיין באַטלדרעס און העמד זענען געווען צעכראַשטשעט. די עקן פון זיין העמד פאָרנט זענען אַרי־בערגעהאָנגען איבער די הויזן.

דאָס הויז, ביי וועלכן אלי איז געשטאַנען, איז געווען אַ ראָג־הויז. די פענצטער אין דעם הויז זענען געווען גלייך מיט דער גאַס. דאָס הויז איז געשטאַנען אויף אַ שיפן שטח. דער ווינקל פון דעם הויז איז געווען דער ראָג פון אַ שטשאָנקע. איינער האָט געקוקט אויף דעם אַנדערן. זייערע אויגן זענען געווען פאַרגלאָצטע. רחלס פון אימה — אליס פון צאָרן.

רחל האָט באַטראַכט אלין, ער האָט זי געזען פאַרטאָפּלט.

— אָ! — האָט רחל יאָמערלעך אַ קוויטש געטאָן און פאַרשטעלט ס'פּנים מיט די עלנבויגנס.

אין ראָג איז שטיין געבליבן יצחקי, מיט אַ פּעקל אין האַנט. דאָס פּעקל איז געווען אַרומגענומען מיט אַ ברודיקן לייוונט און אַרומגעבונדן מיט אַ שטריקל.

— ר״ח״ל! — האָט אלי אַ כאָרכל געטאָן. די צונג אין מויל האָט זיך אים געקאָלערט. עס איז אים געווען שווער צו רעדן. זיין מויל איז געווען אָפן.

אויך יצחקי איז געשטאַנען מיט אַן אָפן מויל. די הויט אויף זיין גאָמבע איז געווען געגרינצלט. די בעלמע אויף זיין אויג איז געווען בלוט־רויט, ווי אַ פּריש שטיק פלייש. זיין קאָפּ איז געווען אויסגעשטרעקט. זיין איינציק אויג האָט געקוקט אויף רחלען. אים האָט זיך געדאַכט, אַז ער איז זיך טועה.

רחל האָט האַסטיק אַראָפּגעלאָזט די עלנבויגנס און אַנטלאָפן. זי האָט נישט געזען, אַז יצחקי שטייט.

יצחקיס אויג האָט אַ שיקל געטאָן. — ניין! — האָט ער זיך געזאָגט און אויך אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ: ניין!

יצחקי האָט נישט געקענט אלין. ער האָט נישט געוווסט, אַז אלי איז ראובנס זון, דער קרומער מיט דער רויטער באָרד, וואָס האַלט אַ שפּייזקראָם אויף איינער פון די גאַסן אין סמירנע. יצחקי האָט אַוועקגעדרייט דעם קאָפּ און פאַרקרימט די ליפּן. ער איז געווען אויסער זיך. ער האָט ווידער אַ שיקל געטאָן, אַנגעקוקט אלין. ער האָט זיך אויסגעדרייט און אַוועק מיט דער שטשאַנקע, מיט וועלכער ער איז געקומען.

ער איז געגאַנגען און געשוויגן. ער האָט געקוקט אַראָפּ און אָן אויפהער געדרייט מיטן קאָפּ. ער האָט נישט געקענט באַהערשן זיין פאַרוווּנדערונג. מיטאַמאָל האָט ער זיך געזאָגט:

— אַזוי! דעם קרעמער, אַ שכן, שטייט נישט אָן. אַרומטרייבן זיך מיט שיכורים, יאָ! — ער האָט גערעדט שטיל, באַטאָנט יעדעס וואָרט.

לעצטנס האָט יצחקי פון מאָל צו מאָל אין אָוונט זיך אַרויסגעכאַפּט פון קראָם, כאָטש די שעהן זענען געווען די צייט פון פדיון. ער האָט געלאָזט די מוטער אין קראָם. ער איז כלומרשט געגאַנגען איינקויפן סחורה, אָבער יעדעס מאָל זיך געשלעפּט איבער די געסלעך, מיט וועלכע רחל גייט אַהיים פון דער אַרבעט.

אלי האָט זיך אַוועקגערוקט פון דער וואַנט. ער האָט זיך אַ וואַקל געטאָן און שיער נישט געפאַלן. ער האָט אויסגעשטרעקט די הענט ווי אַ קינד, וואָס וויל זיך אין עפּעס אָנכאַפּן, עס זאָל נישט פאַלן. ער האָט גענומען גיין, נאָכגעגאַנגען רחלען און זיך געוואַקלט אין גיין.

דער אָונטגרוי איז כסדר שטאַרקער געוואָרן. די קאָנטורן פון די ווענט און דעכער האָבן פאַרלוירן זייער קאָנטיקייט. פון ווייטנס האָבן די הייזער אויסגעזען ווי פאַרשלייערט. אין דער סביבה איז געווען שטיל. דאָס געסל, אין וועלכן אלי איז געגאַנגען, איז געווען כמעט ליידיק. ער איז געגאַנגען און זיך געקאַטשעט. דאָס גיין איז אָנגעקומען אים שווער. פלוצים איז אלי שטיין געבליבן אין מיטן געסל. ער איז געשטאַנען אויף צעשטעלטע פיס. זיינע אויסגעגלאָצטע, פאַרגלייזטע אויגן האָבן שטאַר געקוקט.

ביי אַן אַריינגאַנג אין אַ פאַרהויקערט הויז איז געשטאַנען אַ הויכער, ברייט־בייניקער פאַרשוין. זיין קאָפּ איז געווען גלאַט אָפּגעגאָלט. דער פאַרשוין איז געווען אָנגעטאָן אין אַ לאַנג, צעלאָזט לייוונטן העמד און אין שווערע נישט פאַרשנורטע שיך. דער פאַרשוין איז געווען אָנגעבויגן און מיט דער האַנט געגלעט אַ שוואַרצן, קודלאַטן הונט.

דער הונט האָט געוואָרפן מיטן וויידל פון פרייד.

אלי האָט זיך נישט גערירט פון אָרט, אָבער ער האָט זיך געוויגט ווי ער זאָל דאַווענען. ער האָט באַטראַכט דעם פאַרשוין און דעם הונט. אַ ביסל שפּעטער האָט אלי זיך אַ וואַקל געטאָן און איז געגאַנגען ווייטער, אָבער ער איז קוים אָפּגעגאַנגען עטלעכע טריט, איז ער ווידער שטיין געבליבן.

אין אַ הויז־אַריינגאַנג איז געשטאַנען אַ קאַרפּולענטע, באָרוועסע פרוי. זי איז געווען אָנגעטאָן אין אַ געלן, שוואַרץ־געבלומטן סאַטינענעם שלאָפראָק. אירע דיקע הענט זענען געלעגן איבערגעלייגט איבער איר פליישיקן בויך. זי האָט געקוקט אין הימל אַריין, באַגלייט דעם טאָג און אויסגעקוקט די נאַכט.

— עהה! — האָט אלי אַ רעווע געטאָן.

די פרוי האָט פאַרוווּנדערט אים אָנגעקוקט. זי האָט נישט באַמערקט, אַז ער שטייט. אלי האָט אַ מליאַסקע געטאָן מיט די ליפּן, ווי ער זאָל קייען. די הויט אַרום זיינע אויגן־ווינקלען איז געגרינצלט געוואָרן. ער האָט אַ שמייכל געטאָן דער פרוי.

— גיי, גיי! — האָט די פרוי זיך אָנגעבייזערט אויף אים. זי איז אַריין אין שטוב און צוגעמאַכט די טיר. זי האָט נישט געוואָלט, — אַז מענטשן זאָלן זען, אַז אַ שיכור טשעפּעט זיך צו איר.

אלי איז שטיין געבליבן מיט אַן אָפן מויל. זיינע שטאַרע, אויסגעגלאָצטע אויגן האָבן געקוקט אויף דער פאַרמאַכטער טיר. ער איז ווידער אַליין. ער האָט זיך אַ וואַקל געטאָן און געגאַנגען ווייטער.

דער טאָג איז פאַרגאַנגען, די נאַכט האָט זיך דערנענטערט. אלי איז געגאַנגען און זיך געוואַקלט. נישט איין מאָל האָט ער אויסגעשטרעקט אַ פוס, געוואָלט גיין פאָרויס, אָבער געמאַכט אַ שריט צוריק. זיין קערפּער האָט געצויגן אים אויף צוריק. אַמאָל איז ער אויך שטיין געבליבן און געהאָרכט. ער האָט געהערט זיינע אייגענע טריט, אָבער געמיינט, אַז עס גייט אים ווער נאָך. דער קאָפּ האָט אים וויי געטאָן. זיינע שלייפן האָבן געהעמערט. אין מויל איז געווען אים טרוקן, דער גומען — כראָפּאָוואַטע.

אויף אַ ליידיקן פּלאַץ צווישן צוויי הייזער האָבן צוויי יינגלעך געשפּילט „גריבלעך”. דאָס הויכע יינגל, וואָס האָט געקניט, האָט אויפגעהויבן זיין צעשוי־בערטן קאָפּ. זיינע שוואַרצע האָר זענען אים אַריבערגעהאָנגען איבערן שטערן. זיינע לאַנגע הענט האָבן אַרויסגעשטאַרט פון זיינע קורצע אַרבל. ער האָט דערהערט טריט, וואָס האָבן זיך דערנענטערט, האָט ער אַ קוק געטאָן אין געסל אַריין.

— צדוק! קוק, ווער עס גייט! — האָט ער שקאָציש געשריגן. זיינע גרינע אויגן האָבן אַ גלאַנץ געטאָן פון פרייד.

צדוק, דאָס נידעריקע ייִנגל, האָט פונאַנדערגענומען זײַנע קני, אויף װעלכע ער איז געזעסן, און האַסטיק אויסגעדרייט דעם קאָפּ. דער אויפגעשטעלטער קאָלנער פון זײַן מאַרינאַרקע האָט זיך איינגעקנייטשט. די לאַצן פון זײַן מאַרינאַרקע זענען געװען פאַרקנעפּלט מיט אַ גרויסן האַרנקנאָפּ. אויף ער האָט זיך אָנגעבויגן. דער דאַשיק פון זײַן קאַשקעטע האָט אים געשטערט זען.

— אַזאַ איינער! — האָט ער געזאָגט מיט חוזק, דערזעענדיק אליִן.

— משיח! שפּיל! — האָט ער אַ באַפעל געגעבן דעם חבר.

— איך קען דעם טורקאָ! (טערק) — האָט משיח געזאָגט. ער האָט זיך אַראָפּ־געבויגן, פאַרמאַכט אַן אויג און מיטן „דזשול״, וואָס ער האָט געהאַלטן אין האַנט, זיך פאַרצילעוועט אין דעם „דזשול״, וואָס איז געלעגן אויף דער ערד, ביי אַ גריבל.

— עס איז מיין עסק? — האָט צדוק געפרעגט דעם חבר.

אלי איז זיי פאַרבייגעגאַנגען. ער האָט נישט געלייגט קיין אַכט אויף זיי. אויך זיי האָבן זיך מער נישט אומגעקוקט אויף אים. אלי האָט איבערגעשניטן דעם פּלאַץ, פאַרקירצט זיך דעם וועג. ער איז צוגעקומען צום צווייטן גריבל און שטיין געבליבן. דאָס געסל איז געווען קורץ און ברייט ווי אַ סקווער, די הייזער אינעם געסל זענען געווען שמאָלע און גאַרנדיקע. איין הויז איז געשטאַנען אָפּגערוקט פון אַנדערן. אין די פענצטער איז געווען שוין פינצטער. די הייזער האָבן אויסגעזען ווי אויסגעלאָשענע לאָמטערן.

אלי האָט זיך אַרומגעקוקט און שווער אָפּגעאָטעמט. די לופט איז געווען פריש. ער האָט געזוכט אַ וועג, ער זאָל קענען גיין ווייטער, אָבער ווי נאָר ער האָט דערזען „די טויבע״ וואַנט, צו װעלכער מען וועט אַמאָל אפשר צובויען דאָס צווייטע האַלבע הויז, איז ער אַוועק אַהין. אלי האָט זיך אָנגעלענט אין דער וואַנט און דערפילט די ביינער זײַנע. זײַנע פאַרגלייזטע אויגן האָבן אַריינגעקוקט אין דער פינצטער. ער האָט דערפילט זײַן עלנט. זײַנע פינגער האָבן איילִיק אָנגעטאַפּט זײַן בוזעם און די הויזנטאַשן. זײַנע הענט זענען הענגען געבליבן. זײַנע אויגן האָבן שטאַר אַריינגעקוקט אין דער פינצטער. ער האָט נישט באַגריפן, ווו עס איז אַהינ־געקומען זײַן פלאַש „אַראַק״. אַ װײַלע שפּעטער האָט ער אָנגעשפּאַרט דעם קאָפּ אין דער וואַנט. ער איז געווען מיד. ער האָט פאַרמאַכט די אויגן און איינגעדרימלט שטייענדיק.

די פינצטערניש האָט אים איינגעשלעפּט. די קילקייט האָט אים געגלעט. ער האָט אָבער באַלד זיך איבערגעוועקט. זײַנע אויפגעריסענע, טעמפּע אויגן האָבן פאַרוווּנדערט איינגעקוקט זיך אין דער פינצטער.

די פינצטעריש איז געווען געדיכט. די נאַכט איז געווען וועזנטלעך פינצטער. אליס אויגן האָבן געקוקט טעמפּ, אָבער זײַן בליק איז געווען שוין לויטערער. ער האָט ווידער זיך אַרומגעקוקט און דערפילט די זויערקייט אין מויל. דער קורצער דרימל האָט אים אויסגעניכטערט אַביסל. אלי האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ. ער איז אים הענגען געבליבן אויפן האַלדז, ווי אונטערגעבראָכן. אַ ווײַלע שפּעטער האָט ער זיך אָפּגעריסן פון דער וואַנט און געגאַנגען ווייטער.

זיין שריט איז געווען אַ קורצער, אָבער אַ שנעלער. ער האָט זיך אונטער־געאײַלט. דער אימפּעט האָט אים געטריבן. ער איז געגאַנגען פון איין געסל אין אַנדערן. אים באַגלייט האָט נאָר דער אָפּהילך פון זיינע געקאָוועטע שיך.

פלוצים איז ער שטיין געבליבן. ער איז אַרויס פונעם לאַבירינט אין די געסלעך. דער שטח, וואָס איז געלעגן פאַר אים, איז געווען גרויס. אויך דאָ האָט ער זיך אַרומגעקוקט, געקענט די סביבה. ער האָט גוט געקענט די אַרומגעצוימטע מיט פלויטן שטיינערנע הייזלעך. דאָ, אויפן ברעג ים, איז נישט געווען ענג. ס׳האַרץ האָט אים אַ טיאַכקע געטאָן, אים האָט פאַרפּעלט אָטעם. פּאַמעלעך האָט ער פאַר־זשמורעט די אויגן, ווי אַ קאַץ. די אויגן־לעפּלעך האָבן אים געברענט. ער האָט פאַרריסן דעם קאָפּ. אַ שיטערער וואָלקן האָט פאַרדעקט די לבנה. די לבנה האָט אויסגעזען, ווי אַן אָפּגעריבענע מעשענע טאַץ.

אלי האָט געקוקט אַרויף, אָבער ער האָט נישט געזען, נישט די לבנה און נישט דעם הימל. ער האָט אַפילו נישט געדענקט, ווו ער געפינט זיך. ער האָט מיט אַ פאַרריסענעם קאָפּ אַריבערגעקוקט איבער די דעכער. ער האָט דערזען דעם דאַך מיט די צוויי קופּאָלן און די פּאַלמע איבער זיי. דאָס הויז, אין וועלכן רחל וווינט. ער האָט נאָך שטאַרקער פאַרריסן דעם קאָפּ, געקוקט און געהאָרכט.

אין דער סביבה איז געווען שטיל. אלי האָט זיך אונטערגעהויבן אויף די שפּיץ פינגער און פונאַנדערגעשפּרייט די הענט, ער זאָל נישט פאַרלירן די גלייכגעוויכט און געטומען קריכן. ער איז געקראָכן, ווי אַ קאַץ, וואָס לויערט. ער האָט זיך געשאַרט ביי די פלויטן, אָבער זיך געהיטן, אַז ער זאָל זיך נישט פאַרטשעפּען. ער האָט זיך געהיטן, אַ שטיין זאָל נישט פאַלן, מאַכן אַ רעש. די טירן און די פענצטער זענען געווען פאַרמאַכט. דאָ, דאָרט, האָט דורך אַ לאָדן־שפּאַרע זיך אַדורכגעשפּאַרט אַ ליכטשיין.

אלי איז שטיין געבליבן. ער האָט נאָכאַמאָל זיך איינגעהאָרכט און נאָכאַמאָל זיך אַרומגעקוקט. פּאַמעלעך און פאָרזיכטיק איז ער געקראָכן ווייטער. ער איז געקראָכן אַ טריט נאָך אַ טריט, ביז ער איז צוגעקומען צו אַ לאַנגער, נידעריקער וואַנט, אין וועלכער עס זענען געווען דריי קליינע פענצטער. ער האָט זיך אַראָפּ־געבויגן, געקראָכן אונטער די פענצטער, ביז ער איז צוגעקומען צום לעצטן פענצ־טער, פון וועלכן עס האָט זיך געזען די ליכטשיין. ער האָט זיך אויסגעגליכן און צוגעדריקט צו דער וואַנט. ער האָט אויסגעדרייט דעם קאָפּ און אַריינגעקוקט אין שטוב. ער האָט איינגעהאַלטן דעם אָטעם און פאַרביסן די ליפּן. דער גומען איז אים געוואָרן אַליק. ער האָט געהאַט אַ פול מויל מיט שפּייעכץ.

רחל איז געזעסן אויף אַ טאַבאָרעט מיט צעגומענע קני. נעבן איר איז געשטאַנען דער „דריליך״־זאַק, אין וועלכן זי האָט איבערגעצופּט שטיקער וואַטע.

פלוצים האָט אַ טיר אַ סקריפּ געטאָן. אלי איז אָפּגעשפּרונגען אין אַ זייט. זיין קאָפּ איז אים אַריינגעפאַלן אין די אַקסלען. ער האָט זיך געלאָזט לויפן. ער איז פאַרפאַלן געוואָרן אין דער פינצטערניש.

# כב

דער טאָג איז געווען אַ זוניקער, די לופט — דורכזיכטיק. אַ מילד ווינטל האָט געווייעט פון צפון. דער האָריזאָנט איבערן ים איז געווען ווייט. די ים־פלאַך איז געווען גלאַטיק. די זונען־שטראַלן האָבן זיך געשפּיגלט אין ים. צעוויגטע הויפנס וואַסער האָבן זיך געגלעט, ווי זיי זאָלן זיך וואַשן. אַ כוואַליע, וואָס איז אַרויסגעלאָפן פון וואַסער־בעקן, איז אונטערגעשווומען און אַ גלעט געטאָן דעם ברעג.

די פישער־ראַמפּע איז געווען נאַס, פאַרגליטשט. דיקע שטריק האָבן געהאַלטן געבונדן די שיפלעך צו דער ראַמפּע. די שיפלעך האָבן זיך געוויגט, ווי זיי זאָלן דרימלען. די לאַנטשן זענען געשטאַנען אומבאַוועגלעך. אונטער אַ וואַנט פון אַ שפּייכלער איז געזעסן אַ באָרוועסער, דער געבוקטער. זיינע נאַקעטע פיס האָט ער געהאַלטן אויף די לאַטשן. די אָפּיענטקעס פון די לאַטשן זענען געווען אַריינ־געבויגן, זיין האַקי־העמד — צעקנעפּלט. דער לימיץ פון העמד — פאַרשוויצט, די האָר אויף זיין ברוסטקאַסטן — גרוי און געקרייזלט. זיין שוואַרץ געשטריקט קאַפּל זיצט ביי אים אויפן שפּיץ קאָפּ. ער פאַרריכט מיט דער „אינע״ (אַ נעץ־נאָדל) די פונאַנדערגעשפּרייטע „באַשרולע״. (אַ נעץ מיט קליינע אויגן). ער זעצט אַריין נייע אויגן אין דער צעריסענער נעץ. אים אַנטקעגן זיצט דער בעל גוזמא. ער זיצט אויף אונטערגעלייגטע אונטער זיך פיס, צווישן צוויי אַלטע שיפלעך. אויך ער איז באָרוועס און אין בלויזן קאָפּ. זיין שטערן גלאַנצט פון שוויס. זיין אויבערשטע קערפּערטייל איז נאַקעט, אָן איין האָר. זיין הויט איז גלאַטיק, אָבער געגרינצלט פון אַלטקייט. אין זיין שויס ליגט אַ שטיק זאַק מיט געטריקנטע פיש. זיינע הענט באַוועגן זיך פּאַמעלעך. ער ציט אויף שטיקלעך פיש אויף וועטקעס, וואָס ער פאַרלייגט אין ים אויף איבער נאַכט.

אויף דער ראַמפּע — אַ רעש און אַ טומל. פישערס קומען אין פּאָרט. איצט, ווי שטענדיק, זענען זייערע בגדים: לייוונטענע הויזן, שווער געקאָוועטע שיך, זייערע העמדער — צעכראַסטעט. אַ געשטריקט, ווי אַ שטרומפּ, היטל אָדער לייוונטענער קאַפּעלוש פאַרדעקן זייערע קעפּ. זייערע פּנימער זענען אויסגערוט, זייערע בליקן — תמימותדיק. יעדער פישער האָט געזוכט זיינע שותפים, אָדער בעל־הבית. זיי זענען געגאַנגען פּאַמעלעך און זייער הענט האָבן זיך געבאַמבלט. זייער שריט איז געווען אַ ברייטער און קורצער, ווי עס גייען ים־מענטשן. ביי יעדן כמעט פישער האָט געשטעקט אַן אָנגעצונדענער סיגאַר אין מויל. זיי האָבן זיך פאַרצויגן, זיך געזעטיקט מיט דעם ניקאָטין און אַרויסגעלאָזט פון די מיילער געדיכטע קנוילן רויך.

אַמאָל, אַמאָל האָט זיך דערהערט דער רוף „אַהלן״! (ברוך הבא!), אָבער בדרך כלל האָבן זיי געשוויגן. אַ קלאַפּ אין דער פּלייצע, אָדער אַ שאָקל מיטן קאָפּ, איז געווען זייער באַגריסונג.

דער ווייס־בלויער וואָגן, שלומס רעסטאָראַן, איז געשטאַנען אין דער זייט

ביים פּלויט. שלום איז געשטאַנען אַן אָנגעשפּאַרטער מיט דער פּלייצע אין פּלויט. זיין בויך איז געווען אָנגעלענט אין וואָגן. זיין פּנים האָט געגלאַנצט פון שוויס. זיינע אויסגעפּעטסטע פינגער האָבן געגרייט די מאכלים. זיינע הענט זענען געווען קורצע און פליישיקע. זיין ווייס היטל ווי ביי אַ קוכער איז געלעגן אויפן וואָגן. זיינע האָר זענען געווען גרוי און שיטער. זיינע אַרבל און נאַגאַוויצעס זענען געווען פאַרשאַרצט. ער האָט געטראָגן שוואַרצע אויסגעגלאַנצטע שיך, אָבער אָן זאָקן.

יעדער פישער, וואָס איז געקומען אין פּאָרט אַריין, האָט אַ קוק געטאָן, צי ער איז דאָ און געגאַנגען ווייטער.

שלום שטייט דאָ פון גאַנץ פרי. די צוגעגרייטע מאכלים האָט ער שוין פאַר־קויפט. עס זענען אים געבליבן נאָר די צעוואָרפענע אויף דער אָפענער בלעך פּיתהס, אָבער ער איילט זיך נישט אַהיים. ער האָט אין שטוב נישט וואָס צו טאָן. דאָ איז אים היימלעך, ער קוקט זיך צו, וואָס די פישער־יינגען טוען.

— שלום! שלום! — האָט אים גערופן דער הויכער, ברייטביינִיקער פישער־יונג, וואָס האָט זיך צו אים דערנענטערט. שלום האָט אים געענטפערט מיט אַ קאָפּ־שאָקל.

די אַרבל פון זכיס העמד זענען געווען אויסגעריסן. ס׳העמד אַריבערגעלאָזט איבער די הויזן. זיינע נאַגאַוויצעס זענען געווען אַריינגעלאָזט אין די הויכע שיך מיט גומענע זוילן. זיין געשטריקט היטל האָט ער געהאַלטן אין דער האַנט. זכי האָט אַ קוק געטאָן אויף דעם וואָגן און אַ דריי געטאָן מיט דער האַנט, אין וועלכער ער האָט געהאַלטן דאָס היטל, ווי ער זאָל פרעגן: „וואָס פאַרקויפסטו?״.

שלום האָט נישט געענטפערט.

— גיב! — האָט זכי אים אַ באַפעל געטאָן.

שלום האָט גענומען אַ פּיתה, זי אויפגעריסן, אַריינגעשטופּט אין איר עטלעכע שטיקלעך ציבל, אַ זויערע אוגערקע, דערלאַנגט דעם סענדוויטש זכין און אים געזאָגט: „סחתין!״ (מיט אַפּעטיט!).

זכי האָט אים נישט געענטפערט. ער האָט גענומען די פּיתה און אַ קוק געטאָן אויף שלומען. שלום האָט אים פאַרשטאַנען. — איך וועל רייך שוין נישט ווערן...

— רייך איז בוזאַ — האָט שלום אים געזאָגט.

זכי האָט אַריינגעשטופּט אין דער פאָדערשטער הויזנטאַש צוויי פינגער פון דער האַנט, אין וועלכער ער האָט געהאַלטן ס׳היטל. ער האָט אַרויסגעצויגן אַ ניקלנע מטבע און זי געוואָרפן שלומען אויפן וואָגן אַרויף.

ערשט איצט האָט ער נייגעריק אָנגעקוקט שלומען.

די פישער־יינגען האָבן געברענגט בוזאַן אַ פולע לאַנטש מיט סאַרדינען. „טהי, טהי״, האָט שלום אַ קלאַפּ געטאָן מיט דער צונג און אַ דריי געטאָן מיט דער האַנט, ווי ער זאָל וויקלען אַ קנויל.

זכי האָט דערשטוינט אָנגעקוקט שלומען. ער האָט צונויפגעלייגט די פּיתה און אַוועק פון וואָגן, אָן צו זאָגן אַ וואָרט.

שלום האָט ווידער זיך אָנגעשפּאַרט מיט דער פּלייצע אין פּלויט, מיטן בויך

אין וואָגן און געקוקט אויף דער ראַמפּע אַרויף. אויף דער ראַמפּע אויבן, דעם גרויסן שפּייכלער אַנטקעגן, איז געשטאַנען אַ לאַסט־אויטאָ נישט געלאָדנט. באָר־וועסע, נאַקעטע ייִנגען, מיט צעשויבערטע טשופּרינעס, האָבן מיִיק געאַרבעט. זייערע הויזן זענען געווען אַראָפּגערוקט אונטער די לענדן, זייערע נאָגאַוויצעס פאַרשאַרצט איבער די קני. זייערע ברוינע לייבער האָבן געגלאַנצט פון שווייס. זיי זענען געשיקט געגאַנגען אַהין און צוריק צו דער לאַנטש לידיק און געקומען מיט אַ קאַסטן פיש אויפן אַקסל. די ייִנגען אויפן אויטאָ האָבן פון זיי אָפּגענומען די פיש.

די לאַנגע, גרויע, ברייטע לאַנטש איז געווען צוגעבונדן צו דער ראַמפּע. די שיפּדעק איז געווען פאַרוואָרפן מיט פיש. די שופּן פון די זילבערנע סאַרדינען האָבן אין דער זון געשימערט. די אייגעלעך פון די פיש האָבן געגלאַנצט, ווי זיי זאָלן נאָך קוקן. האַלב־נאַקעטע ייִנגען, מיט הילצערנע שופלעס האָבן געשיט די פיש אין קאַסטנס. די אָנגעקלעפּטע אויף די ווענט פון דער לאַנטש שופּן האָבן געגלימערט אין דער זון.

אין דער זייט אויף דער ראַמפּע איז געשטאַנען בוזאַ דער מועלם (בעל־הבית). זיינע הויזן זענען אין די קני געווען אויסגעשטופּט קיילעכיק און אויסגעזעצן, ווי רערן. זיינע שוואַרצע שיך האָבן געגלאַנצט, זיין העמד איז געווען מיט אַ לימיץ, אָן אַ קאָלנער. די אַרבל פונעם העמד זענען געווען ברייטע, אָן אַ מאַנקעט. דאָס היטל מיט לאַקירטן דאַשיק איז געזעסן ביי אים אויפן שפּיץ קאָפּ. זיין שוואַרצע, ווייס־געשטרייפטע מאַרינאַרקע איז געהאָנגען אין דער זייט אויף אַ רער. זיינע אויגן האָבן געגלאַנצט פון פרייד. ער איז געשטאַנען מיט פאַרלייגטע פון הינטן הענט און ער האָט אויסגעשטופּט זיין בויך. ער האָט אויסגעזען העכער, ווי ער איז געווען. ער איז געשטאַנען און געציילט די קאַסטנס פיש, וואָס די ייִנגען האָבן געטראָגן צום אויטאָ. אַמאָל האָט ער אויך אַ קוק געטאָן אויף דער לאַנטש. דער שיף־מאָטאָר איז געווען פאַרלאָשן. די נעצן און שטריק אויף דער דעק זענען געלעגן צעוואָרפן.

אויף דער ראַמפּע זענען געשטאַנען עטלעכע גרופּעס פישערס, וואָס האָבן געקוקט און געשוויגן. די, וואָס האָבן געררויכערט, האָבן זיך טיף פאַרצויגן. זיי זענען געשטאַנען מיט אַראָפּגעלאָזטע הענט און אויסגעשטרעקטע העלדזער. רויִקער עקשנות איז געווען אויסגעשפּרייט איבער זייערע פּנימער. אַמאָל איז ווער פון זיי צוגעגאַנגען צום אויטאָ און אָנגעטאַפּט אַ פישל און צוריק אַוועקגעגאַנגען צו זיין שיפל.

אַ באָרוועסער, ברייטבייניקער פישער־יונג מיט פאַרשאַרצטע נאָגאַוויצעס און אַרבל, איז אַפּירגעקומען פון אונטער אַן אַלט שיפל. ער איז שטיין געבליבן און אַ קוק געטאָן מיט איין אויג פון דער זייט אויף בוזאַן. ער האָט געהאַט אַ קנאָכיק פּנים און אַ פליכעוואַטן קאָפּ, וואָס האָט אויסגעזען ווי אַ ציבל. דער פישער־יונג האָט זיך צוריקגערוקט און אָפּגעשפּרונגען אין אַ זייט. דער פישער־יונג האָט געאַרבעט ביי בוזאַן. דעם גאַנצן ווינטער האָט ער גענומען ביי בוזאַן „פאַרשוס“, אָבער צום סעזאָן איז ער אַוועק אַרבעטן צו אַ צווייטן פישער.

בוזאַ האָט אים באַמערקט. — אָט איז אַ הונט! — האָט ער אַ ריטשע געטאָן מיט כעס. ער האָט באַלד אויסגעדרייט דעם קאָפּ, מיט אַ פינגער אַ גלעט געטאָן זיך די וואָנסע און ווייטער געציילט די קאָסטנס פיש.

עס האָט זיך דערהערט אַ וואַסער־פּלוך. אַ נאַקעטער פישער אין שווים־הייזלעך איז אַריינגעשפּרונגען אין ים. ער האָט מיט די הענט זיך אָנגעכאַפּט אין אַ שיפל, מיט די הענט זיך אַרויפגעצויגן און אַריינגעשפּרונגען אין שיפל.

צוויי רודערס האָבן צעריסן די וואַסערפלאַך. ס'שיפל האָט זיך אַ וואַקל געטאָן און זיך אַ ריס געטאָן פאָרויס אין אָפענעם ים אַריין. דאָס שיפל האָט איבער־געלאָזט הינטער זיך אַ וואַסער־ווירבל.

אין דער זייט איז געשווומען אַ לאַנטש. זי האָט פאַרקלענערט איר געשווינד־קייט. זי איז פאַרבייגעשווומען די ים־פעלזן.

די פישער־ייִנגען האָבן פון ווייטנס באַטראַכט די לאַנטש, געוואָלט זען, וואָס פאַראַ שלל זי ברענגט פון ים.

— אַ „נקבה" — האָט אַ ברייטבייניקער פישער־יונג געזאָגט מיט באַוווּנדע־רונג. איר „אַקוסטענדער" קוקט (אַ גלעזערן אויג, וואָס געפינט זיך אין דער דעק פון דער קאַבינע) — האָט ער צוגעגעבן. זיין קול האָט געציטערט פון אַנטציקונג.

— מיט איר קומסטו צו ביז אַביסיניע! — האָט געזאָגט דער נידעריקער, קרעמפּער פישער־יונג און מיט דער האַנט געוויזן דעם מרחק. זיין קול איז געווען אַ דיקע האַלדז־שטימע.

— מיט אונדזערע „פּיילעס" מוזסטו זיך האַלטן ביי די ברעגעס — האָט זיי געענטפערט מיט פאַרדראָס אַ הויכער, ברייטבייניקער יונג, וואָס איז געשטאַנען אין אַ קרענצל, מיט אַ כראָפּאַטע קול. ער איז געווען נישט ראַזירט, זיינע שלייפן — שוין גרוי.

די פישער־ייִנגען זענען שטיל געבליבן. איינער האָט געקוקט אויף דעם אַנדערן מיט אויסגעגלאָצטע, תמימותדיקע אויגן.

— טפו! — האָט אַ דיקע האַלדז־שטימע אַ שפּיי געטאָן.

די פישער־ייִנגען האָבן פּאַמעלעך אויסגעדרייט זייערע קעפּ און מיט תמימות אָנגעקוקט דעם פישער, וואָס האָט אויסגעשפּיגן. דער ברייטבייניקער, מיטל־וווקסיקער פישער, חנוכה, וואָס האָט אויסגעשפּיגן, האָט געטראָגן אַ צעקנעפּלט העמד. זיין בויך איז געווען אָפּגעדעקט, נאַקעט. זיין קורצע, פליישיקע נאָז האָט געהאַט אַ פּאָק אויפן שפּיץ.

ער איז געווען נישט ראַזירט, געהאַט אַ שוואַרצע באָרד. זיין בלוי „טעמבל"־היטל אויפן קאָפּ איז געווען אַראָפּגערוקט ביז די אויגן. ער האָט אַ רעזיגנירטער אַ וואָרף געטאָן מיט די הענט און געזאָגט:

— אַוועק אויפן ים מיט די „מאַלטאַש" (אַ געדיכטע נעץ צו כאַפּן סאַרדינען). דער ים איז אַ שפּיגל, זיכער פאַראַן סאַרדינען — און איז שטיל געבליבן. אָבער

באַלד צוגעגעבן: — אַ הינטיש מזל! — און פאַרקריצט די ציין. ער האָט זיך אויסגעדרייט מיטן פּנים צום אויטאָ און געזאָגט, ווי ער זאָל קרעכצן:

— בוזאַ האָט אָפּגעלייִדיקט דעם ים — און אַרויפגערוקט זיך דעם קאַפּעליוש. זיין שטערן איז געווען פאַרשוויצט. זיינע ברוינע, מידע אויגן האָבן געקוקט בייז.

דער מיטלוווקסיקער, ברייטבייניקער בנימין האָט זיך אָוועקגעשטעלט נעבן אים. בנימין איז געווען באָרוועס און נאַקעט, אָן אַ העמד. זיינע נאַגאַוויצעס זענען געווען פאַרשאַרצט ביז איבער די קני. דער שווייס אויף זיין לייב האָט געשימערט, ווי אַ מאַרגנטוי אויף ביימער־בלעטער. זיין קיילעכיק, גוטמוטיק פּנים האָט זיך אויסגעקרימט. זיינע פאַרזשמורעטע אויגן האָבן איראָניש געשמייכלט.

די פישער־ייִנגען האָבן אים אָנגעקוקט.

בנימין האָט אויסגעשטרעקט דעם האַלדז און פאַרצויגן די ליפּן. ער האָט פאַרמאַכט אַן אויג, אָנגעקוקט חנוכהן. חנוכה האָט דאָס אַלץ נישט געזען: — דער גאַנצער ים געהערט בוזאַן — האָט ער געזאָגט אַ פאַרביטערטער און אַ צעפיר געטאָן די הענט, געוויזן די גרויס פון ים.

בוזאַ, דערהערנדיק זיין נאָמען, האָט אַ פינטל געטאָן מיט אַן אויג און מיט צוויי פינגער אַ ציפּ געטאָן זיך די וואָנסע.

בנימין האָט אַ קוק געטאָן אויף בוזאַן. ער האָט געוואָלט, אַז זיין בעל־הבית זאָל הערן און געזאָגט חוצפּהדיק:

— מיט בוזאַס לאַנטש קען חנוכה זיך נישט פאַרמעסטן.

בנימין האָט אַראָפּגעבויגן דעם קאָפּ, אָנגעקוקט די פישער־ייִנגען.

חנוכה האָט אַ קוק געטאָן אויף אים, אָבער אים נישט געענטפערט.

בנימין האָט אַרונטערגערוקט אונטערן הויזן־לימיץ זיינע אויסגעווייקטע פינגער, פאַרזשמורעט די אויגן און זיך צערעדט.

— דער ים — אַ שפּיגל. די לאַנטש גליטשט זיך. דו שווימסט און שווימסט און שפּיגלסט זיך אין וואַסער. די נעץ שלעפּט זיך נאָך, ווי אַ ליידיקער זאַק. ער האָט גערעדט שטיל צו זיך.

אַ ווײַלע שפּעטער האָט ער אויפגעהויבן זיין קול און ממשיך געווען:

— ממש ביי אַשדוד, וווּ די שיף ליגט (אין דער נאָענט פון אַשדוד איז אונטערגעגאַנגען אַ שיף) — האָט דער „קעפּטן" זיך אַרויסגעבויגן פון דער קאַבינע, אַ קוק געטאָן און אַ באַפעל געטאָן: „רעכטס!"

די פישער־ייִנגען האָבן נייגעריק אויסגעשטרעקט די קעפּ.

בנימין האָט אָפּגעאָטעמט און דערציילט ווייטער: — אָפּגעשווומען עטלעכע „פאַדומס", האָט די נעץ געגומען זינקען. (די לענג פון אַ „פאַדום" איז אַ מעטער אַכציק. ביי די פישערס איז די לענג אַ פּאָר צעלייגטע הענט).

די ייִנגען האָבן געעפנט די מיילער פון אַנטציקונג. זייער טעמפּער, תמימות־דיקער בליק איז געוואָרן בלייך. בנימינס פּנים האָט זיך צעצויגן, זיין גאָמבע איז געוואָרן קאַנטיק. ער האָט מיט דער האַנט זיך אַרומגעווישט די ליפּן און צוגעגעבן:

— מיט שווערער מי האָבן מיר אַרויסגעצויגן די נעץ פון ים, געבערענגט אַ פיר טאָן „סאַרדינען״.

— בנימין! — האָט בוזאַ אים גערופן. ווי לאַנג בנימין האָט זיך גערימט, האָט בוזאַ געשוויגן. אָבער ווען ער האָט געזאָגט וויפל פיש זיי האָבן געברענגט, האָט ער אים גערופן.

בנימין איז צוגעלאָפן צו בוזאַן. בוזאַ האָט אים שטיל אויפן אויער עפּעס געזאָגט.

— יאָ! — האָט בנימין אים געענטפערט, אים אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און אַ פינטל געטאָן מיט אַן אויג.

בוזאַ האָט פאַרזשמורעט די אויגן. בנימין האָט זיך אַ קראַץ געטאָן אין שיידל און אַוועק צו דער לאַנטש. גייענדיק, האָט ער די פישער־ייִנגען שקאַציש אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ.

די פישער־ייִנגען האָבן ווייטער געקוקט, ווי עס גייט די אַרבעט אויף דער לאַנטש, ווי עס זאָל גאָרנישט האָבן פּאַסירט. אַרויף האָט געאַנקערט ביי דער ראַמפּע יוסיפס שיפל. דאָס ברייטע, קורצע שיפל האָט פון ווייטנס אויסגעזען ווי אַ האַלבע שאָל פון אַ קאָקוס־נוס. דאָס שיפל האָט זיך געוויגט אויפן וואַסער. זשאַקאָ און יוסף, דער זון, זענען געזעסן אין שיפל. ביידע האָבן געטראָגן די זעלבע בגדים. זייערע העמדער זענען געווען צוגעקנעפּלט און אַריבערגעלאָזט איבער די הויזן. ביידע זענען זיי געווען באָרוועס. די אַרבל און נאָגאָוויצעס — פאַרשאַרצט. יוסף האָט נאָכגעטאָן זשאַקאָן, געוואָלט אויסזען ווי אַ פישער. ביידע האָבן געאַרבעט און געווען פאַרשוויצט. זשאַקאָ האָט געטינקט אין ים אַ בעזעם און מיט אים געוואַשן דאָס שיפל. יוסף האָט מיט אַ בלעכענער פּושקע אויסגעשעפּט דאָס וואַסער, וואָס זשאַקאָ האָט אָנגעגאָסן. ער האָט מיט איין האַנט געשעפּט און מיט דער אַנדערער געטאַפּט די ריפּן פון דער שיף. ער האָט באַטראַכט דאָס שיפל און אָפּט אַן אויפגעציטערטער געשריגן: „זשאַקאָ!״ און אָנגעוויזן אים אַ שטעלע. זשאַקאָ האָט יעדעס מאָל זיך אַראָפּגעבויגן, אַ קוק געטאָן און אים געזאָגט: — קוייס! (גוט!) — און געטאָן זיין אַרבעט ווייטער.

— זשאַקאָ! — האָט יוסף פּלוצים אים גערופן.

זשאַקאָ האָט זיך ווידער אַמאָל אַראָפּגעבויגן.

— אַ שפּאַלט! — האָט יוסף אים געזאָגט און מיטן פינגער אים אָנגעוויזן דאָס אָרט.

זשאַקאָ האָט אַ קוק געטאָן אויף דער ריפּ און אַן אויפגערעגטער אים געזאָגט אויפן קול: — חרא! (דרעק!) און איצט ווייטער געטאָן זיין אַרבעט.

יוסף האָט אַ קוק געטאָן אויף זשאַקאָן פון דער זייט. ער האָט געוואָלט זען, צי זשאַקאָ איז באמת בייז.

זשאַקאָס אייגעלעך זענען געווען טעמפּ. זיין פליישיק פּנים האָט געגלאַנצט.

— זשאַקאָ! — האָט יוסף אים גערופן און ער איז שטיין געבליבן מיט דער

פושקע אין האַנט. זשאַקאָ האָט פאַרריסן דעם קאָפּ, געוואָלט הערן, צי יוסף רופט אים ווידער.

— זשאַקאָ, זאָג דעם טאַטן, ער זאָל מיך מיטנעמען אויפן ים — האָט יוסף זיך ביי אים געבעטן.

זשאַקאָ האָט אים נישט געענטפערט. ער האָט נאָר זיין שפּיץ צונג אַריינגעשטופּט צווישן זיינע דיקע ליפּן. אַ ווײַלע שפּעטער האָט ער אים געפרעגט: ווּעסט קענען שלעפּן די „באַשרילע״?* ווּעסט קענען פאַרוואַרפן די מאַלטאַש?**

יוסף האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און געשוויגן.

— דער „אישלוג״ (אַ מזרח־ווינט) וועט דיך פאַרשלעפּן אין ים! — האָט זשאַקאָ אים געזאָגט מיט גאווה. ער האָט איינגעטונקען דעם בעזעם און ווייטער געריבן די ריפּן פון שיפל.

יוסף, דאָס ייִנגל, איז געווען דער איינציקער מענטש, איבער וועמען זשאַקאָ האָט געהאַט די אויבערמאַכט. יוסף האָט פאַרצויגן די ליפּן, ווי ער זאָל וועלן וויינען. ער האָט געשוויגן, זיין פּנים איז געווען רויט פון כעס און בושה. ער האָט זיך באַהערשט און געזאָגט זשאַקאָן:

— באַלד וועט רחל חתונה האָבן, וועט מיין שוואָגער מיך נעמען אויפן ים!

ער האָט גערעדט פּאַמעלעך. ווען ער האָט געענדיקט, האָט ער אַ קוק געטאָן אויף זשאַקאָן, צי ער האָט זיך אין אים נוקם געווען.

זשאַקאָ האָט פאַרקריצט די ציין. זיינע קינבאַקן זענען געוואָרן בולט. זיינע גרויסע אַוועקשטייענדע אויערן זענען געוואָרן רויט. ער האָט אין די הענט פאַרקראַמפּט דעם בעזעם, זייך צוגעבויגן צו יוספן, ווי ער זאָל אים וועלן שלאָגן. ער האָט אָבער באַלד זיך אויסגעגליכן, אַראָפּגעלאָזט די הענט און דער בעזעם איז אַראָפּגעפאַלן. זיינע אויגן־לעפּלעך האָבן געציטערט. ער האָט פּאַמעלעך, ווי אַן אָקס, אויסגעדרייט זיין קאַרק, זיך אומגעקוקט, צי קיינער האָט זיי נישט אונטערגעהאָרכט.

— קום! — האָט ער אַ שריי געטאָן צו יוספן און אַרויפגעשטעלט אַ פוס אויפן ראַנד פון שיפל. אויך מיט די הענט זיך אָנגעכאַפּט אין דעם ראַנד און אַרויפגעשפּרונגען אויף דער ראַמפּע.

יוסף האָט אַ קוק געטאָן אויף זשאַקאָן. זיינע קינדישע אויגן זענען געווען אויפגעריסן, דערשראָקן. ער האָט אַריינגעוואָרפן די פושקע אין שיפל אַריין און נאָכגעשפּרונגען זשאַקאָן.

זשאַקאָ האָט זיך פאַרקנעפּלט ס'העמד, אַריינגערוקט די פיס אין די לאַטשן און געזאָגט יוספן מיט כעס:

— גיי אַהיים! — אַליין איז ער אַוועק מיט דער ראַמפּע אַרויף.

יוסף האָט זיך אָנגעבויגן און אָנגעטאָן זיינע ברוינע שיך, וואָס זענען געשטאַנען אויף דער ראַמפּע. ער האָט אַראָפּגעלאָזט די אַרבל און די נאָגאַוויצעס. דאָס העמד

* אַ נעץ מיט גרויסע אויגן. ** אַ געדיכטע נעץ.

אַריינגעשטופּט אין די הויזן און נאָכגעקוקט זשאַקאָן, וואָס האָט כּסדר זיך דערוויי־טערט. אויך ער האָט גענומען גיין, אָבער אין דער פאַרקערטער ריכטונג פון זשאַקאָן. זיין פּנים איז געווען בלייך. זיינע טרוקענע לישייען זענען געווען רויט. ער איז געגאַנגען אַהיים.

# כג

די זון איז שוין דורכגעגאַנגען איר טאָג־שטרעקע אויפן הימל. די זונען־שטראַלן זענען כּסדר קלענער געוואָרן. דער הימל איז געווען בלוי, די לופט — דורכזיכטיק. די געסלעך אַרום דעם פּאָרט זענען געווען פול מענטשן. כאַפּטעס פישערס האָבן זיך געשלייכט אַהין און צוריק. די פאַרמיטאָג־שעהן זענען פאַר די פישערס געווען די צווישן־צייט, איידער זיי שווימען אָפּ פון דער יבשה.

די פישערס האָבן זיך געשלייכט איבער די געסלעך, אָבער מיט די געדאַנקען זענען זיי שוין געווען אויפן ים. די העמדער אויף זייערע לייבער זענען געווען צעכראַסטעט, זייערע נאַגאַוויצעס אַריינגעלאָזט אין די זאָקן. אַפילו אויף די שטענ־דיק עלעגאַנטע פישערס זענען די מלבושים געהאַנגען, ווי אויף דערוויילל.

די פישערס האָבן געשפּרייזט פּאַמעלעך, זיך נישט געאיילט, אָבער יעדער זייער שריט האָט זיי דערנענטערט צום פּאָרט. זיי זענען געגאַנגען פּאַמעלעך, זיך געהוי־דעט און תמימותדיק געקוקט פאַרויס.

אויך זשאַקאָ האָט זיך געשלייכט איבער די געסלעך און זיך געהוידעט, ווי אַ שיפל אויפן ים. ער איז געגאַנגען אָן צו וויסן, וווּ אַהין. ער האָט געהאַט צייט. ער האָט געדאַרפט ערשט צומאָרגנס מיטן קאַיאַר אַרויסשווימען אויפן ים. דאָס שיפל מיט די נעצן זענען געווען שוין גרייט. ער איז געווען אויסגערוט און זאַט. זיינע לאַנגע הענט זענען אים אַראָפּגעהאַנגען, ווי איבעריק. זיין נידעריקע, קיילע־כיקע, פלייִשיקע געשטאַלט האָט זיך געהוידעט, ווי אַ באַלעם זאָל זיך קוילערן איבער די געסלעך. די ווענט פון די שמאָלע, צונויפגעדריקטע קרומע הייזער אין געסל האָבן זיך געצויגן, ווי אַ לאַנגער פּלויט. דאָס געסל האָט אים געפירט. אין דער ענגקייט פון געסל איז אים געווען גרוים. ער איז געווען אַ געניטער פישער־יונג, וואָס דאַרף נישט אויפפּאַסן אויף יעדן ווונק און באַפעל פונעם בעל־הבית. זשאַקאָ האָט זיך געשלייכט פון איין געסל אין אַנדערן. זיין האַקי־העמד איז געווען צעכראַסטעט און אַריבערגעלאָזט איבער די הויזן. זיינע בלויע, לייוונטענע הויזן זענען געווען איינגעלאָפּן פון דער וועש און מען האָט אַרויסגעזען זיינע נאַקעטע קנעכל. ער האָט אויסגעזען נידעריקער, ווי ער איז געווען. ער האָט געטראָגן האַלבע, נישט פאַרשנורטע שיך מיט אַריינגעבויגענע אָפּיענטקעס. זיינע פיס האָבן געלאַ־בערט אין די שיך און אין גאַנג געפּליאַסקעט זיינע האַרטע, אויסגעטרעטענע פּיאַטעס. זיינע שוואַרצע, געקרייזלטע האָר זענען געווען אויסגעשוויצט און האָבן

געגלאָנצט. זיינע אייגעלעך האָבן נייגעריק געקוקט. די צונויפגעדריקטע אין די געסלעך הייזער האָבן פון דרויסן אויסגעזען ווי זיי זאָלן נישט זיין באַוווינט. אַלע טירן זענען געווען פאַרמאַכט. נאָר די פענצטער־שייבלעך, אין וועלכע די זונען־שטראַלן האָבן זיך געשפּיגלט, האָבן געגלאַנצט. אים האָט נישט אינטערעסירט די סביבה. אַפילו דאָס באַרוועסע יינגל, וואָס האָט מיט אַ שטעקעלע געקאָלערט אַן אייזערנע רייף, וואָס האָט געגרילצט, האָט ער אויסגעמיטן. אים האָבן אינטערעסירט נאָר די פישער־יינגען. יעדן געטראָפענעם פישער־יונג האָט ער אָנגעקוקט, געוואָלט אַז זיי זאָלן מיט אים רעדן. זיי זענען אים אָבער פאַרבייגעגאַנגען. זיי האָבן אים נישט געזען אָדער אים נישט געוואָלט זען. ער איז געגאַנגען אַליין און זיינע לאַנגע הענט האָבן זיך אים געבאָמבלט. ער איז נאָכגעגאַנגען די פישער־יינגען, וואָס זענען געגאַנגען פאַר אים.

די פישערס האָבן זיך געשלייכט איבער דער סביבה, אָבער יעדער כמעט פישער האָט געמוזט אַדורכגיין דורך דעם ברייטן געסל, וואָס האָט אויסגעזען ווי אַן אַרומגעצוימטע סטאַדע. אין דעם געסל זענען געשטאַנען די גאַסן־הענדלער און געוואַרט אויף אַ קונה. זייערע טישלעך מיט די סחורות זענען געשטאַנען אונטער אַ וואַנט, אָדער אין מיטן וועג. אַמאָל איז אַ פישער שטיין געבליבן ביי אַ טישל פון אַ הענדלער.

זשאַקאָ האָט זיך ווי אַריינגעקאָלערט אין דעם געסל. אויפן ראָג, אונטער אַן אויסגעקרימטער אין גאַס אַריין וואַנט, איז ער שטיין געבליבן. ער האָט אַריינגעקוקט אין געסל, געזוכט באַקאַנטע.

פון אונטער אַ וואַנט, אים אַנטקעגן, איז אַפּירגעקומען אַ הויכער, ברייט־בייניקער פישער, וואָס האָט געהאַט אויף זיך נאָר אַ גרוי אָן אַרבל זומער־לייבל. זיין האַלדז איז געווען אַרומגעבונדן מיט אַן אויסגעפּעטסט טאַשנטיכל. ער האָט אַ פאַרוואָרף געטאָן דעם קאָפּ און זיינע גרויסע, שוואַרצע, באַברעמטע אויגן האָבן דערזען זשאַקאָן.

זשאַקאָס אייגעלעך האָבן אַ שיקל געטאָן. זיינע פליישיקע ליפּן האָבן זיך געעפנט. ער האָט געוואַרט, אַז דער פישער זאָל אים רופן. דער פישער האָט ממשיך געווען זיין וועג.

זשאַקאָ האָט אַ מליאַסקע געטאָן מיט די ליפּן. אים איז געווען טרוקן אין מויל. ער האָט אַראָפּגעבויגן דעם קאָפּ און אַ קוק געטאָן פון דער זייט מיט איין אייגל, ווי אַ האָן. אויך ער איז אַוועק ווייטער. ער איז צוגעגאַנגען צו אַ ווייס קינדער־וועגעלע, אויף וועלכן עס איז געשטאַנען אַ סלאָי מיט לימאָניאַדע. דער סלאָי איז געווען איבערגעדעקט מיט אַ שמאַטע פון אויבן.

דער הענדלער, אַ נידעריקער, דאַרער פּאַרשוין, האָט מיט זיינע שיפּע אויגן אָנגעקוקט זשאַקאָן. דעם אויסגעלאָשענעם סיגאַר האָט ער געהאַלטן מיט די צוויי געבליבענע אים אין דער רעכטער האַנט, פינגער.

זשאַקאָ האָט אָנגעטאַפּט מיט דער האַנט זיין געלט אין דער הויזנטאַש, אָבער גלייכצייטיק דעם הענדלער אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, אַז ניין.

דעם הענדלערס טריבע אויגן האָבן שוין ווייטער געקוקט אין גאַס אַריין.

זשאַקאָ איז געגאַנגען ווייטער. ביים צווייטן הויז איז ער שטיין געבליבן. ער האָט זיך אָנגעבויגן, אונטערגעשטעלט זיין מויל אונטערן וואַסער־קראַן. ער האָט געעפנט דעם קראַן און געזויגן פונעם וואַסערשטראָם. זיין קעל האָט געשלונגען.

אַ ווײַלע שפּעטער האָט ער זיך צוריק אויסגעגליכן. זיין פליישיק פּנים איז געווען רויט פון אָנשטרענגונג. — אַהה! — האָט ער זיך געקוויקט און מיט דער האַנט אַרומגעווישט זיך די ליפּן, פאַרמאַכט דעם קראַן און געגאַנגען ווייטער.

עטלעכע טריט ווייטער האָט ער אָנגעטראָפן אַ ברייטביינקן פישער, וואָס האָט זיך פאַרהאַלטן ביי אַ מעשענער טאַץ אויף אַ דרייפוס. ער איז שטיין געבליבן מיט אַן אויסגעצויגענעם פוס. אויף זיין לינקן אָרעם איז געווען אויסטאַטויִרט אַ „מגן דוד". זיינע קורצע, דיקע פינגער האָבן אָנגעטאַפּט אַ „בורעקאַס", צי ער איז וואַרעם (אַ געבאַקן קיכל, אָנגעפילט מיט געזאַלצענעם קעז). באַלד האָבן זיינע גרויסע, געלע ציין זיך איינגעביסן אינעם קיכל. ער האָט מיט צוויי פינגער אַרויס־געצויגן פון הויזנטעשל צוויי שילינג, זיי אַרויפגעוואָרפן אויף דער טאַץ און געגאַנגען ווייטער.

דעם הענדלערס דאַרער קאָפּ, וואָס איז ווי געהאָנגען אויף אַ דאַרן האַלדז, האָט זיך אַ וואַקל געטאָן. זיינע וואַסער־גרויע אויגן האָבן באַגלייט דעם פישער. די צוויי מטבעות זענען ליגן געבליבן אויף דער טאַץ.

ביים הענדלער אַנטקעגן איז שטיין געבליבן זשאַקאָ. ער האָט זיך פאַרהאַלטן ביי אַ צינענער טאַץ, אויף וועלכער עס זענען געלעגן נאָך עטלעכע שטיקלעך „קנפה" (אַ לאָקשן־קוכן, געבאַקן אין האָניק). די טאַץ איז געווען אויסגעפּעטסט און געשטאַנען אויף אַ קעסטל. זשאַקאָ האָט איינגעצויגן זיין בויך. די הויזן האָבן זיך אים אַראָפּגעגליטשט איבער די לענדן. ער איז געשטאַנען און געוואַרט אויף דעם הענדלער, וואָס האָט איבערגעלאָזט זיין סחורה הפקר. — אוף! — האָט זשאַקאָ אַ רעווע געטאָן, ווי ער זאָל מרוקען פון פּחד, מען זאָל אים נישט חושד זיין אין גניבה און ער איז אַוועק. ער איז אָפּגעגאַנגען עטלעכע שפּאַן און ווידער שטיין געבליבן. אין מיטן גאַס איז געשטאַנען אַ ברוינער, ווייס געפלעקטער הונט. זיין פעל איז געווען אַ האַריקע.

— טצו! טצו! — האָט זשאַקאָ אים אַ רוף געטאָן.

דער הונט האָט פויל אויסגעדרייט זיין קאָפּ, אָנגעקוקט זשאַקאָן. דער הונט האָט אַראָפּגעלאָזט דעם ווידל און געלאָפן ווייטער. „אין אַל אַבוק"! (פאַרשאָלטן זאָל זיין דיין טאַטע!) האָט זשאַקאָ אים אָנגעשאָלטן און געגאַנגען ווייטער.

די פישערס זענען געגאַנגען פּאַמעלעך, זיך געהוידעט און געשוויגן. ווען באַקאַנטע האָבן זיך געטראָפן, האָט זייער שמועס זיך באַגרענעצט מיט דער איינציקער פראַגע: „האַ?", באַגלייט מיט אַ בליק, וואָס האָט אויך געפרעגט. יעדער געפרעגטער האָט געוווּסט דעם פירוש פון דער פראַגע: „ווי איז דער פישפאַנג". דער געפרעגטער האָט געענטפערט מיט אַ קאָפּ־שאָקל, וואָס האָט

באַדייט „גוט״. אַ דריי מיט אַן אָפּענער האַנטפלאַך האָט באַדייט: „נישט שלעכט״, אַ פאַרקרימט פּנים איז געווען אַ באַווייז: „שלעכט״.

די פישערס האָבן זיך געשלייכט איבער די געסלעך זאַרגלאָז. דאָס איז געווען זייער טאָגשפּאַציר צום פּאָרט.

שלייכנדיק זיך, האָט זשאַקאָ זיך דערקליבן צום ברייטן געסל, דער הינטערוועג צום פּאָרט. דאָס געסל איז געווען באַלעבט, עס איז געווען קליין, אָבער אַ סך ברייטער, ווי די געסלעך אין דער געגנט און אויך אויסגעפלאַסטערט. די הייזער זענען געווען איינשטאָקיקע, די ווענט — געטינקעוועט. די הייזער זענען געווען לאַנגע, ברייטע און געשטאַנען אין אַ גלייכער ריי. די טירן און די פענצטער זענען געווען הויכע, ברייטע און זענען געווען באַשלאָגן מיט קראַטעס און זאַוויאַסעס. בדרך כלל זענען די טויערן געווען פאַרמאַכט. די הייזער זענען געווען מאַגאַזינען, אין וועלכע עס זענען געלעגן פאַרשיידענע סחורות. נאָר איין טויער איז געווען אָפן. דאָס טויער אין ליליס קאַפע.

דער קאַפע האָט זיך געפונען אין ראָג געסל, פון לינקס צום ים. די צוויי פאַרגלאָזטע טירן זענען געווען אויפגעפּראַלט. די וואַנט איז געווען אָן אַ שילד. נאָר דער איינגעגעסענער אין דער וואַנט פון דורות שטויב, איז אויף איר געלעגן. דער קאַפע איז געווען אַ „שם דבר״ אין דער סביבה.

דאָס געסל איז פאַר אַ סך פישערס געווען דער דורכגאַנג צום פּאָרט. נישט איין פישער, וואָס איז פאַרבייגעגאַנגען דעם קאַפע, האָט זיך אונטערגעהויבן אויף די שפּיץ פינגער, געוואָלט זען, וואָס עס טוט זיך אין קאַפע. אַ פּרווּ, וואָס איז דאָ פאַרבייגעגאַנגען, האָט פאַרשנעלערט איר שריט. אין דעם קאַפע זענען אויך געקומען מענטשן פון שטאָט.

זשאַקאָ האָט אָנגעכאַפּט מיט דער האַנט די טיר־פּוטרינע, האָט אונטערגעצויגן אַ פוס און אַרויפגעשפּרונגען אויף דער שוועל. זיינע אייגעלעך האָבן אַ פינטל געטאָן. ער האָט געוואָלט זען, וואָס עס טוט זיך אין קאַפע. די גרויקייט אינעווייניק האָט אים געשטערט זען.

אין קאַפע זענען נישט געמאַכט געוואָרן קיין שום ענדערונגען. עס איז געבליבן דער זעלבער לאָקאַל, ווי די רעשט מאַגאַזינען. דער בעטאָן־געגאָסענער פּאָל, דער דאַך אויף די רעלסן, אויך דער ברודיקער קאַלך אויף די ווענט זענען געבליבן די זעלבע. נאָר איין זאַך האָט לילי צוגעגעבן — אַ געמויערטע פון בלאָקן, אַן טינק, וואַנט. אַנטקעגן דער אַריינגאַנג־טיר, אונטער דער וואַנט, איז געווען די קיך. דער זאַל איז געווען אַ נידעריקער. די סטעליע איז געווען באַצירט מיט קאָלירטע סטענגעס און לאַמטערן פון פּאַפּיר. צווישן די סטענגעס זענען געהאָנגען קאָלירטע אָפּגעהאַקטע פלעשער, די לאָמפּן. פון די ווענט האָבן אַראָפּגעקוקט יונגע מיידלעך מיט נאַקעטע קני און טיפע דעקאָלטן, פון אויסגעשניטענע זשורנאַלן. איבערן זאַל זענען געשטאַנען צעשטעלט פירקאַנטיקע טישלעך מיט טאַבאַרעטן. דער קאַפע האָט אויסגעזען אַנדערש, ווי די קאַפעען אַרום דעם פּאָרט. נאָר די לופט, אַדורכ־

געזאָפּט מיט קוילן־טשאַד, קאַווע־ריח און אַלקאָהאָל־זויער, איז געווען אַזוי, ווי אין דער רעשט קאַפּעען. דער לאָקאַל איז געווען פול מיט רויך ווי אַ נעפּל.

ביי עטלעכע טישלעך זענען געזעסן מענטשן מיט געפּרעסטע הויזן, אויס־געבונדענע קראַוואַטן און פאַרקעמטע האָר. זיי האָבן געגעסן און געשוויגן. אַ שלאַנקער, געשיקטער קעלנער מיט שוואַרצע, פאַרקעמטע האָר, האָט זיי באַדינט. ער האָט געטראָגן שוואַרצע, געפּרעסטע הויזן און אַ ווייס שטייף העמד. אויך עטלעכע פישער־ייִנגען זענען געזעסן, אָבער ביי ליידיקע טישלעך. זיי זענען געזעסן מיט אָנגעשפּאַרטע אויף די טישלעך עלנבויגנס און שטאַר געקוקט פון לאַנגווייל. עטלעכע פון זיי זענען געזעסן אויף די הויכע בענקלעך ביים שענקטיש, וואָס איז געשטאַנען ביי דער בלאָקן־וואַנט. אויף דער וואַנט איז געהאָנגען אַ פּאָליצע פון דריי ברעטלעך מיט עטלעכע אויסגעשטעלטע פלעשלעך משקה. ביים עק שענקטיש פון דער זייט, ביים אַריינגאַנג אין קיך, איז לילי געזעסן ביי דער קאַסע.

ביים שענק־טיש, אויף אַ הויך בענקל איז געזעסן אַ פישער־יונג מיט אַראָפּ־געלאָזטע אַקסלען. זיין אויסגעשטרעקטער קאָפּ האָט אַריבערגעקוקט איבערן שענק־טיש. זיינע קורצע, דיקע פינגער פון ביידע הענט האָבן געהאַלטן אַ שעלעכל קאַווע. זיינע פינגער האָבן געדרייט דאָס שעלעכל, ווי ער זאָל קענען אַ שטיקל טייג. די קאַווע אין שעלעכל איז געווען שוין קאַלט. ער האָט אָבער זי נאָך נישט געהאַט פאַרזוכט. זיינע הענט זענען געווען באַשעפּטיקט. ער האָט געקוקט אויף לילין.

לילי איז געזעסן פון דער צווייטער זייט שענק־טיש. איר הויכע, פולע געשטאַלט האָט אַריבערגעשטאַרט איבערן טיש. אירע טונקעלע האָר זענען געווען פאַרקעמט מיט אַ שרונט אין מיטן. פון הינטן זענען זיי געווען פאַרדרייט אין אַ קאָקס. זי האָט געהאַט אַן אָוואַל פּנים און אַ פאַרריסן נעזל. איר הויט איז געווען מילך־ווייס. זי איז געווען אָנגעטאָן אין אַ גרין, געבלומט קלייד. אירע בלויע אויגן זענען געווען אונטערגעהאַקט. דאָס קלייד איז געווען אויף איר אויסגעפּאַסט. איר ברייטער בוזעם האָט אַריבערגעשטאַרט איבערן דעקאָלט. אירע אָרעמס זענען געווען יאָדער־דיק און געפּאָרעמט. אירע הענט אויפן שענק־טיש האָבן זיך געשפּילט מיט אַ שטיקל פּאַפּיר. זי האָט געקוקט אויף די פינגער און געפילט אויף זיך דעם פישער־יונגס בליק.

— טצו! — האָט דער הויכער, ברייטבייניקער פישער־יונג אַ צמאָקע געטאָן מיט זיינע פליישיקע ליפּן. זיינע הענט מיטן שעלעכל קאַווע האָבן זיך נישט גערירט.

לילי האָט פאַרשטאַנען, אַז דער פישער־יונג מיינט זי. זי האָט אָבער געקוקט ווייטער אויף אירע פינגער, ווי זיי שפּילן זיך מיט דעם שטיקל פּאַפּיר.

— אַהה! — האָט דער פישער־יונג אָפּגעזיפצט און זיך אַ ווענד געטאָן צו לילין:

— איך האָב שוין באַצאָלט.

לילי האָט אים נישט געענטפערט. אירע פינגער האָבן נאָר צעקנייטשט דאָס שטיקל פּאַפּיר.

דער פישער־יונג האָט אַוועקגעשטעלט דאָס שעלעכל אויפן שענקטיש. ער האָט אַראָפּגעלאָזט אַ פוס און אויפגעשפּרונגען פון בענקל. ער האָט זיך אַרומגעקוקט איבערן זאַל, ווי ער זאָל וועמען זוכן. ער האָט זיך אויסגעדרייט אויפן קלעצל און מיט אַרויסגעשטופּטן פּאַרויס אָקסל צוגעלאָפן צו דער טיר. אַ דיקער, מיטל־וווקסיקער גאַסט איז געזעסן אַריינגערוקט אין בענקל און מיטן טאַשנטיכל זיך אָפּגעווישט די ליפּן. ער איז געזעסן אָפּגערוקט פון טיש. זיין בויך האָט אים געשטערט.

— טצו! — האָט ער אַ נוטש געטאָן מיט דער צונג. ער האָט זיך גערייניקט די ציין. ער האָט פּאַמעלעך אויפגעהויבן אַ פינגער. דער קעלנער איז צו אים צוגעלאָפן. דער גאַסט האָט געשוויגן. זיינע טריבע אויגן האָבן אָנגעקוקט דעם קעלנער.

— צוויי מיט אַ האַלבן פונט — האָט דער קעלנער אים געזאָגט.

דער גאַסט האָט אַרויסגענומען פון דער טאַש אַ פּליק האַלבע פונטן, איינגע־קנייטשט אין דער מיט. ער האָט זיך אָנגעשפּיגן אַ פינגער, אָנגעציילט פינף באַנקנאָטן און זיי דערלאַנגט דעם קעלנער.

דער קעלנער האָט אים אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און איז באַלד אַוועק.

דער גאַסט האָט צוריק אַריינגעשטופּט דעם פּליק געלט אין טאַש. ער האָט געטראָגן אַ טונקל העמד, אַ קאָלירטן קראַוואַט, שוואַרצע, ברייטע הויזן און ווייסע האַלבע שיך. דער גאַסט האָט זיך אויסגערעקט. ער איז געווען מיד פון זיצן.

יצחקי, וואָס איז געזעסן ביי אַ טישל דערנעבן, האָט אים באַגריסט מיט אַ קאָפּ־שאָקל און געגעסן ווייטער.

זשאַקאָ, אויף דער שוועל, האָט געזען יצחקין און געוואַרט, אַז ער זאָל אים רופן.

דעם גאַסטס שוואַרצע, דיקע ברעמען האָבן אַ ציטער געטאָן. ער האָט אָנגע־קוקט יצחקין און איז אַוועק מיט קליינע טריט צו דער טיר.

יצחקי האָט נישט גערופן זשאַקאָן. אים איז נישט אָנגעשטאַנען מיט אים צו זיצן צווישן מענטשן. ער האָט אויך געוואָלט זיך אין אים נוקם זיין. זשאַקאָ איז לעצטנס נישט געקומען צו אים אין קראָם. יצחקי איז געזעסן איבערגעבויגן איבער אַ טעלער מיט אַ געבראָטענעם פיש. ער האָט געגעסן מיט די הענט, אָפּגעריסן אַ שטיקל פיש און אויסגענאָגט יעדעס שטיקל גרעט. זשאַקאָ האָט אַריינגעשטופּט די הענט אין די הויזנטאַשן. זיינע קורצע, צעקנייטשטע הויזן האָבן אויסגעזען ווי אַ קלייד. ער האָט זיך צוגערוקט צו דער וואַנט און זיך אַוועקגעזעצט ביי אַ פריי טישל.

יצחקי האָט געגעסן פּאַמעלעך און זיך באַלעקט. נאָך יעדן פאַרשלונגענעם ביסן האָט ער מיט דער צונג אָפּגעווישט זיך די ליפּן. ער איז געווען אַריינגעטאָן אין עסן און זיין גוידער האָט זיך געטרייסלט פון הנאה. די פּאַלעס פון זיין

צעקנעפּלטן כאַלאַט זענען געלעגן אויפן פּאָל. זיין כאַלאַט איז געווען ברודיק. דאָס איז געווען דער גרויער האָקי־כאַלאַט, וואָס ער האָט געטראָגן אין קראָם, ווען ער האָט געדאַרפט איבערשלעפּן אַ זאַק, אָדער איבערשטעלן אַ פעסל. ער איז בכוונה געקומען אין דעם ברודיקן כאַלאַט, די מענטשן זאָלן וויסן, אַז ער איז אַ קרעמער.

פון זינט יצחקי האָט באַגעגנט אין גאַס אליין געסל מיט רחלען, איז ער שוין עטלעכע מאָל געווען ביי לילין אין קאַפע. ער איז געווען זיכער, אַז ער וועט זיך טרעפן מיט יוסיפן, רחלס פאָטער. ווער אלי איז, האָט יצחקי נישט געוווּסט. יצחקי איז געווען אַן אַלטער בחור און זיין מאַמע האָט געזוכט אים אַ כלה. ער האָט געוואָלט רחלען. זי איז געווען שיין און אַ סך ייִנגער פון אים. בדרך כלל האָט יצחקי גערעדט ווייניק, אָבער לעצטנס האָט ער בכלל געשוויגן. זיין בעלמע איז לעצטנס כסדר געווען רויט, ווי אַ רוי שטיק פלייש. אָפט שטייט ער אין דער טיר פון זיין קראָם, באַטראַכט די דורכגייער און וואַרט, אפשר וועט רחל דורכגיין.

לונה, די מוטער, און רחל, די טאָכטער, זענען לעצטנס נישט געקומען צו אים אין קראָם. לונה קויפט איצט ביי רחמים אין קראָם. זיין קראָם געפינט זיך אין נאָענטן געסל, נישט ווייט פון יצחקיס קראָם.

רחמים איז געווען אַ הויכער, דאַרער ייִד, מיט זעקס פינגער אין איין האַנט.

זשאַקאָ ווייסט נישט, פאַרוואָס לונה קויפט איצט נישט ביי יצחקין, אָבער ער האָט נאָכגעטאָן דער בעל־הביתטע און קויפט אויך נישט ביי יצחקין.

יצחקי מליאַסקעט מיט די ליפּן, אים איז ביטער אין מויל. ער רעדט אַפילו נישט מיט דער מוטער. ער איז זיכער, אַז די מוטער האָט געזען, ווי יוסיף האָט אַרויסגעפירט די טאָכטער פון קראָם. ער האָט זיך געשעמט פאַר דער מוטער, אַז עפּעס אַ פישער פון אַ זייטיק געסל ביים ים האָט אים געלאָזט שטיין ווי אַ ייִנגל.

יצחקי האָט געגעסן און זיך באַלעקט, אָבער ווען עס איז ווער אַריינגעקומען אין קאַפע, האָט ער מיט איין אויג אים אָנגעקוקט. אויך די פישער־ייִנגען האָבן נייגעריק אָנגעקוקט די, וואָס זענען געקומען און אַוועקגעגאַנגען.

זשאַקאָ איז איצט געזעסן אַליין ביי אַ טישל אין מיטן זאַל מיט אַראָפּגעלאָזטע הענט און אַראָפּהענגענדע פּיס. זיי האָבן נישט דערגרייכט דעם פּאָל. די שפּיצן פון זיינע גרויסע אויערן זענען געווען רויט, זיין פּנים אָנגעדראָלט. זיינע אייגלעך זענען אייליק געלאָפן אַהין און צוריק אין די אויגנלעכער, ווי זיי זאָלן וועמען זוכן. ער איז געזעסן און געוואַרט, אפשר וועט יצחקי דאָך אים רופן.

יצחקי האָט זיך נישט אומגעקוקט אויף אים. ער איז געזעסן און געגעסן. אַ פאַרבלאָנדזשעטע שוואַלב איז אַדורכגעפלויגן דורך דער טיר, איז איבערגעפלויגן דעם לאָקאַל אַהין און צוריק, פון פּחד געפּישטשעט און צוריק אַרויסגעפלויגן דורכן אָפענעם פענצטער.

אויפגעריסענע, בלאָנדזשענדע אויגן האָבן זיך ווי צוגעקלעפּט צו אַ פענצטער־שויב אין לילים קאַפע. — ציון! — האָט אַ ציטערדיקע פון אויפרעגונג פרויען־שטימע ווילד געשריגן.

די אויגן פון די קאַפע־זיצערס האָבן זיך אַ ווענד געטאָן אין דער ריכטונג,

אָבער גאָרנישט געזען. די פענצטער זענען געווען איבער זייערע קעפּ. ביי אַ טישל, נאָענט צו דער וואַנט, איז געזעסן איינער אַליין אַ הויכער, ברייטביינעקער פישער־יונג. זיין אויבערשטע ליפּ איז געווען איינגעקלעמט אין זיינע ציין. ער האָט מיט דער האַנט אַרויפגערוקט זיך דאָס געשטריקטע קאַפּל אויף זיין פּליך, זיך אויפגעשטעלט און אייליק אַ קוק געטאָן אין פענצטער. זיין פליישיק פּנים איז רויט געוואָרן פון כעס. ער האָט פאַרביילט אַ פויסט און מיט איר אַ זעץ געטאָן אין טיש.

אויף דער שוועל איז געבליבן שטיין אַ קליינע, דאַרע פרוי. איר לענגלעך פּנים איז געווען אָנגעשטרענגט. זי האָט נישט געוואָלט איבערגיין די שוועל. זי האָט נאָר אַ שריי געטאָן: — אַהיים! — און מיט דער האַנט אַ וויז געטאָן דעם פישער־יונג דעם וועג. אירע שיפּע אויגן האָבן געגלאַנצט פון כעס און מורא.

דער פישער־יונג, איר מאַן, איז צו איר צוגעלאָפן און איר צוגעשטעלט צו די אויגן אַ פאַרביילטע פויסט. די קליינע פרוי האָט זיך איינגעקאָרטשעט, צונויפגעצויגן אירע ביינערדיקע אַקסלען און אַראָפּגעבויגן דעם קאָפּ. — אַה! — האָט דער פישער־יונג אַ רעווע געטאָן, צוריק אַראָפּגעלאָזט זיין האַנט און שטיין געבליבן אומבאַהאָלפן, ווי אַ גולם. אַ ווײַלע שפּעטער האָט ער אַ קריץ געטאָן מיט די ציין, ווי ער זאָל קרישלען אַ שטיין. רציחה האָט אַרויסגעקוקט פון זיינע אויגן.

זשאַקאָ איז זיצן געבליבן מיט דער צונג אין דרויסן. זיינע אייגלעך האָבן געטאַנצט אַראָפּ און אַרויף. ער האָט די צונג אַרונטערגעשטופּט אונטער דער באַק און זיך געוואָנדן צום פישער־יונג:

— צעברעך איר די ביינער! — האָט ער געזאָגט, ווי ער זאָל כאָרכלען.

יצחקי האָט אָנגעקוקט זשאַקאָן און געגעסן ווייטער.

די קליינע, דאַרע פרוי, האָט אויפגעהויבן איר קאָפּ און אָנגעקוקט לילין.

— וועלכע שדים האָבן דיך אַהערגעברענגט? — האָט זי געפרעגט לילין. זי האָט די עטלעכע ווערטער ווי אַדורכגעשטופּט דורך אירע שיטערע ציין. זי איז געווען אין כעס. שנאה האָט געקוקט פון אירע אויגן. די געסט ביי די טישלעך האָבן זי אָנגעקוקט.

לילי האָט זיך אויפגעשטעלט און אָנגעקוקט די קליינע, דאַרע פרוי, ווי זי זאָל ערשט איצט זי האָבן דערזען. זי האָט פאַרזשמורעט די אויגן און פאַרצויגן די ליפּן. צוויי טיפע פעלבלעך האָבן זיך איינגעשניטן אין אירע מויל־ווינקלען.

די צוויי פרויען זענען געשטאַנען זיך אַנטקעגן.

לילי האָט געקוקט אויף דער קליינער, דאַרער פרוי.

די קליינע, דאַרע פרוי האָט אַראָפּגעקוקט.

לילי איז אַפּירגעגאַנגען פונעם שענקטיש, פּאַמעלעך צוגעגאַנגען צו דער קליינער, דאַרער פרוי און אַרויפגעלייגט איר געפלעגטע האַנט אויף דער פרויס שמאָלן אַקסל.

די קליינע, דאַרע פרוי איז ווי נאָך קלענער געוואָרן. דאָס פרעז קאָרטענע

קלייד איז הענגען געבליבן אויף איר. נאָר פּלוצים האָט זי פאַרריסן דעם קאָפּ און אָנגעקוקט לילין. — נקבה! — האָט זי ווילד אַ וואָרטשע געטאָן.

לילי האָט אַראָפּגעכאַפּט איר האַנט פון דער קליינער פרויס אַקסל, זיך פון איר אָוועקגערוקט און שטיין געבליבן מיט פאַרמאַכטע אויגן. זי איז געווען בלייך. ס׳בלוט איז איר אַראָפּ אין די פיס.

די קליינע, דאַרע פרוי האָט פאַרוואָרפן איר קאָפּ און אָנגעקוקט איר מאַן.

— פאַרוואָס ביסטו נישט געקומען אַהיים?! — האָט זי האַרב אים געפרעגט. אירע ליפּן האָבן געציטערט, אירע אויגן האָבן געגליט.

איר מאַן האָט זיך אויף איר געוואָרפן. זיינע הענט האָבן געקניפּט אירע אַקסלען און זי אַרויסגעשטופּט אויף דער גאַס.

לילי האָט געעפנט די אויגן. זי איז צוגעגאַנגען און צוריק זיך אָוועקגעזעצט אויף איר אָרט. זי האָט געאָטעמט שווער און געקוקט אַראָפּ, זיך געשעמט פאַר די געסט.

אין זאַל איז ווידער געווען שטיל. דער קעלנער האָט איבערגעשטעלט די טאַבאַרעטן, געזוכט זיך אַרבעט, נישט געוואָלט קוקן דער בעל־הביתטע אין די אויגן.

די פישער־יינגען זענען זיצן געבליבן מיט אויסגעגלאָצטע אויגן. די עטלעכע געסט האָבן געגעסן ווייטער. דער קעלנער האָט זיך געפּאָרעט ביי די טישלעך, זיי אָפּגעווישט און יעדע ווילע אַ קוק געטאָן פון דער זייט אויף לילין. זי האָט אויך איצט זיך געקוקט אויף די הענט, וואָס האָבן געקנייטשט אַ שטיקל פּאַפּיר.

אַ שלאַנקער פאַרשוין אין אַ גרין, ווייס געטופּט צעכראַסטעט העמד איז שטיין געבליבן אין דער אָפענער טיר און געקוקט אין זאַל אַריין.

אַ שאָטן האָט אַ מיגניע געטאָן יצחקין פאַר די אויגן. ער האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ, געוואָלט זען, ווער עס איז געקומען. ער איז זיצן געבליבן אָנמעכטיק. זיינע הענט זענען ליגן געבליבן אויפן טיש. זיין איינציק אויג האָט געקוקט שטאַר. די בעלמע אויף זיין צווייט אויג איז געווען ווייס. דער לעצטער ביסן איז אים שטעקן געבליבן אין מויל, נישט געקענט אים אַראָפּשלינגען. ער האָט דערזען דעם רויטן, צעשויבערטן קאָפּ און דאָס אָוואַלע, נישט ראַזירטע פּנים.

— עה! דזשינדזשי! — האָט יצחקי אַן איבערראַשטער אים גערופן. ער האָט דערקענט אין אים דעם שיכור, מיט וועלכן רחל האָט זיך געטראָפן אין געסל.

אַליס גרויסע, פאַרגלייזטע אויגן האָבן שטאַר אָנגעקוקט יצחקין. ער זעט אים איצט דאָס ערשטע מאָל. ער האָט זיך צוריקגערוקט און פאַרשוווּנדן געוואָרן אין דער אָפענער טיר.

יצחקי האָט שנעל אַראָפּגעשלונגען דעם ביסן. — קעלנער! — האָט ער היסטעריש אים גערופן.

דער קעלנער איז צו אים צוגעגאַנגען און אַוועקגעדרייט דעם קאָפּ. ער האָט נישט געקענט זען יצחקיס בעלמע.

יצחקי האָט אַרויפגעוואָרפן אויפן טיש אַ שטיקל פּיתה און מיט די הענט זיך

אָפּגעווישט די ליפּן. די הענט האָט ער אַריינגעווישט אין כאַלאַט. ער האָט זיך אויפגעשטעלט און אַרויסגענומען פון דער טאַש אין כאַלאַט דריי פונט, וואָס ער האָט צוגעגרייט זיך פריער.

ער האָט דאָס געלט אַרויפגעוואָרפן אויפן טיש. זיינע הענט האָבן געציטערט.

דער קעלנער האָט אים אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, זיך צוגעשאַרט דאָס געלט און איז אַוועק.

יצחקי האָט פאַרריסן דעם קאָפּ. זיין בעלמע איז ווידער רויט געוואָרן.

— זשאַקאָ! — האָט יצחקי אים גערופן.

זשאַקאָ האָט געזען יצחקיס אַלע מעשים. ער איז אַראָפּגעשפּרונגען פון בענקל.

יצחקי האָט נישט געוואַרט. ער איז צוגעגאַנגען צו זשאַקאָן, אים אַ שלעפּ געטאָן ביי אַ לאַץ פון העמד.

זשאַקאָס אייגלעך האָבן דערשטוינט אים אָנגעקוקט און געפינטלט פון איבער־ראַשונג.

— דאָס איז ער! — האָט יצחקי אים געזאָגט און געווען זיכער, אַז אויך זשאַקאָ האָט געזען אַליין.

— ווער? — האָט זשאַקאָ אים געפרעגט און אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, אַז ער ווייסט נישט, וועמען יצחקי מיינט.

יצחקי האָט אים נישט געענטפערט. ער האָט זשאַקאָן אָנגעכאַפּט ביי דער האַנט און אים געשלעפּט צו דער טיר.

זשאַקאָ איז אים נאָכגעגאַנגען, ווי אַ ייִנגל.

אויף דער גאַס האָט יצחקי זיך אַרומגעקוקט, צי אלי איז ערגעצוו דאָ און אַוועקגעשלעפּט זשאַקאָן צום טויער פון קאַפע. ער האָט זיך אַראָפּגעבויגן און זשאַקאָן ווי איינגערוימט אין אויער.

— ער פאַרנעמט זיך! מיט רחלען! ער האָט די ווערטער נישט געזאָגט, נאָר ווי אויסגעאָטעמט.

זשאַקאָ האָט נישט פאַרשטאַנען, וואָס יצחקי וויל פון אים, אָבער גענוג געווען אַז, ער זאָל דערהערן רחלס נאָמען און ער איז געוואָרן אומרויִק. זשאַקאָ האָט פאַרגרינצלט זיינע אייגעלעך, ווי זיי זאָלן אים ברענען. זיינע אויגן־לעפּלעך זענען געוואָרן ווי אָנגעשוואָלן, זיין פּרצוף — טעמפּ.

יצחקי האָט זיך אַוועקגערוקט פון טויער. זשאַקאָ האָט אָנגעוואָרפן אויף אים אַ פּחד. ער האָט צונויפגענומען די פּאָלעס פון כאַלאַט און איז אַוועק. ער איז געגאַנגען מיט די פּאָלעס אין האַנט, זיי זאָלן אים נישט שטערן.

זשאַקאָ האָט דערזען, אַז ער איז געבליבן אַליין. ער האָט געעפנט די אויגן.

— אַאַאַ! — האָט ער אַ ריטשע געטאָן און געבליבן מיט אַן אָפן מויל.

זיין פּנים איז געווען רויט און נאַריש. זיינע גרויסע, אַוועקשטייענדע אויערן האָבן געגליט. אויך ער איז אַוועק פון טויער און זיך אַרומגעקוקט דערשטוינט. ער האָט געזוכט יצחקין און געזען פון ווייטנס זיין רוקן. יצחקי איז געגאַנגען אַ געבוקטער מיטן קאָפּ צווישן די אַקסלען. ער איז געגאַנגען שנעל, ווי ער זאָל

מורא האָבן, אַז מען גייט אים נאָך. זשאַקאָ האָט אים נאָכגעקוקט. ער האָט געפֿינטלט מיט די אויגן און געמליאַסקעט מיט די ליפּן. אַ ווײַלע שפּעטער איז אויך ער אַוועק. ער איז געגאַנגען פּאַמעלעך און זיך געהוידעט. פֿון דער ווײַטנס האָט ער אויסגעזען ווי אַ ברילע פֿלייש, וואָס קאָלערט זיך אין געסל. ער איז געגאַנגען צום פּאָרט און צו זיך געריעדט: — אויס! אויס! — ווי ער זאָל רעדן צו אַ פֿערד, וואָס מען וויל אײַנהאַלטן. ער האָט געוואָלט זיך אַליין באַרויִקן.

# כד

דער נאָכמיטאָג איז געווען אַ הייסער. דער הימלגרוי איז געווען פֿאַרצויגן מיט אַ וואָלקן, וואָס האָט אויסגעזען ווי אַ רויך. דער נעפּל האָט נישט אַדורכגעלאָזט די זונען־שטראַלן. די לופֿט איז געווען פֿייכט און דעמפּיק. די חמימה איז כסדר שטאַרקער געוואָרן. די נידעריקע ווענט אין דעם לאַנגן, שטיינערנעם הויז זענען פֿון ווײַטנס אויך געווען גרין, ווי דער הימל איבער זיי. די צוויי קאָפּולן אויפֿן דאַך זענען געווען אָנגעגליט. דער שטיינערנער פּלויט האָט אָפּגעזונדערט דאָס הויז פֿון דער סביבה. לעצטנס, אין די הייסע זומערטעג, ווען אַ שכן איז פֿאַרביי־געגאַנגען יוסיפֿס הויז, האָט ער נייגעריק זיך אומגעקוקט. אפֿילו די ייִנגלעך, וואָס האָבן זיך געשפּילט אויף דעם ליידיקן פּלאַץ ביי דער זייט, האָבן פֿאַרביילויפֿנדיק נייגעריק אַריבערגעקוקט איבערן פּלויט.

די היץ איז געבליבן קלעפּן אויף די ווענט. די היץ האָט נישט געהאַט קיין כּוח אַדורכצושטופּן זיך דורך די קליינע פֿענצטער. ביי יוסיפֿן אין די קליינע, נידעריקע חדרים איז געווען קיל. דאָס מעבל און די זאַכן אין די חדרים האָבן געהאַט איין קאָליר — גרוי. די פֿאַרב פֿון דעם אויסגעוועבטן טיגער און הירש אויף די פּלושענע קאָלדרעס איז געווען מאַט.

די שטילקייט אין שטוב איז געווען אַן אָנגעפּיקעטע. ביידע פֿרויען, לונה די מוטער, און רחל, די טאָכטער, זענען געווען פֿאַרנומען. אין קיך ביים טיש איז געשטאַנען רחל אויף צעשטעלטע פֿיס און מיט אַ שאַרף מעסער געשניטן דאָס ברויט, וואָס זי האָט געהאַלטן אויף איר אַרויסגעשטופּטן בויך. זי איז געווען בלייך. אירע ברוינע אויגן זענען געווען גרויס און פֿאַרחלומט. זיי האָבן געקוקט, ווי זיי זאָלן נישט זען. לעצטנס שווייגט זי. נאָר אַמאָל קוקט זי זיך אַרום אַ דערשראָקענע, ווי עס זאָל זי ווער האָבן גערופֿן.

די מוטער איז באַזאָרגט. זי אַרבעט און שווייגט. זי איז באַזאָרגט פֿון דער טאָכטערס שווייגן. די לעצטע טעג פֿאַרן שלאָפֿן גיין לייגט זי אַריין אין דער צדקה־פּושקע, וואָס הענגט אונטערן שפּיגל, צוויי מטבעות.

אָפֿט, ווען די טאָכטער געפֿינט זיך נעבן איר, גיט זי פֿון דער זייט אַ קוק אויף איר, פֿאַרנעמט אויף הינטן אירע קורץ אונטערגעשוירענע שוין גרויע האָר

און פֿאַרבערעכט די הענט. איצט האָט די מוטער אויסגעשווענקט אונטערן קראַן די אָנגעשיילטע קאַרטאָפֿל, אַוועקגעשטעלט דעם טאָפּ אויף דער שטיינערנער פּלאַטע און אַרויסגענומען פֿון שענקל דאָס זאַלצמעסטל. — אוי וואַ! — האָט די מוטער אַ זאָג געטאָן פֿאַרווונדערט און אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ אַן איבערראַשטע.

רחל האָט געשוויגן. זי האָט אַרויסגעלייגט דאָס ברויט פֿון האַנט און שטיין געבליבן מיט דער מוציא און דעם מעסער אין האַנט.

— רחל! איך גיי ברענגען זאַלץ! — האָט די מוטער איר געזאָגט. זי האָט אַוועקגעשטעלט דאָס זאַלצמעסטל אויפֿן טיש, אויף זיך אָפּגעצויגן דאָס קלייד, זיך צוגעגלעט די האָר און איז אַרויס פֿון קיך. פֿון שטוב האָט זי אַריינגעשריגן צו דער טאָכטער.

— טאָמער קומט דער טאַטע, דערלאַנג אים אַ קאַלטן טרונק!

— נאָך פּרי! די פֿישערס זענען איצט נאָך אויפֿן ים! — האָט רחל איר געענטפֿערט. זי האָט זיך אָנגעבויגן, אויפֿגעהויבן פֿון פֿאָל דאָס ערדענע טעפּל מיט וואַסער, אין וועלכן עס איז געלעגן די מאַרגאַרין.

לונה האָט אייליק אַדורכגעשפּאַנט דעם הויף, מיט אימפּעט געעפֿנט די פֿאַרטקע און אַרויס אין גאַס. די פֿאַרטקע האָט אַליין פֿון זיך שוין צוגעמאַכט.

— שלום! שכנה, — האָט ווער איר געזאָגט.

לונה האָט זיך אומגעקוקט.

ביי אַ הויז פֿון ווייטנס איז געשטאַנען טונה, אַ הויכע, דיקע פֿרוי, מיט אַ קיילעכיק פּנים און לאַנגער נאָז.

— וואָס זעט מען אייך נישט? — האָט זי געפֿרעגט לונהן.

— פֿאַראַן וואָס צו טאָן — האָט לונה איר געענטפֿערט, דריי מאָל אויסגעשפּיגן: טפֿו! טפֿו! טפֿו! — און געגאַנגען ווייטער.

טונה האָט פֿאַרווונדערט אַ טרייסל געטאָן מיטן קאָפּ. אירע שוואַרצע, אונטערגעשוירענע האָר האָבן זיך צעשויבערט. זי האָט נאָכגעקוקט לונהן, וווּ אַהין זי גייט.

לונה האָט פֿאַרשנעלערט איר טריט, אָבער אין ראָג געסל איז זי שטיין געבליבן. זי איז געשטאַנען אויף צעשטעלטע פֿיס.

— וווּ אַהין גיי איך? — האָט זי זיך געפֿרעגט אויפֿן קול. זי האָט אויסגעדרייט דעם קאָפּ, ווי זי זאָל זיך אומקוקן, וווּ זי געפֿינט זיך.

— שוין לאַנג נישט געווען ביי דעם טערק — האָט זי זיך געענטפֿערט און געגאַנגען ווייטער.

זי איז געגאַנגען שנעל און זיך אומגעקוקט. די געסלעך זענען געווען ליידיק. די הייזלעך זענען געשטאַנען צונויפֿגעדריקט, ווי זיי זאָלן זיך טוליען איינס צום אַנדערן. די פֿענצטער־שייבלעך זענען געווען מאַט, ווי אין אויסגעלאָשענע לאַמטערנס. די שטילקייט איז געווען אַן אומהיימלעכע. לונה האָט געשפּאַנט פֿאָרויס.

אָט איז זי! — האָט זי אַ צופֿרידענע געזאָגט דערזעענדיק יצחקיס קראָם. די נאָך עטלעכע טריט ביז דער קראָם איז זי ממש געלאָפֿן. זי האָט איבערגעשפּאַנט

די שוועל פון זיין קראָם און אָנגעקוקט יצחקין. די הויט אַרום אירע אויגן איז געגרינצלט געוואָרן. זי איז געשטאַנען ביי דער טיר און געקוקט.

אין קראָם איז געווען שטיל. אין די שעהן זענען אין קראָם נישט געווען קיין קונים. די לופט איז געווען דעמפּיק, דער פּאָל — אָנגענעצט, דער שטויב איז געלעגן אויף אַלץ. די טייג־ און בשׂמים־ריחות האָבן זיך געטריקנט. די שאַרפע ריחות האָבן געביסן איר נאָז. יצחקי איז געשטאַנען פון דער צווייטער זייט קאָסע־טיש. די בעלמע אויף זיין אויג איז געווען ווייס. זי האָט אויסגעזען ווי אַ פאַרצווי־געגער שראַם. די אַרבל פון זיין האַקי־העמד זענען געווען פאַרשאַרצט. ער איז געשטאַנען אַן אָנגעבויגענער איבערן האַלבן זעקל באָבעס, זיי איבערגעקליבן. די געפונענע שטיינדלעך אין זאַק האָט ער אַרויפגעלייגט אויפן טיש.

יצחקי, דערזעענדיק לונהן, האָט זיך אויסגעגליכן. זיין בעלמע האָט אַ צאַפּל געטאָן, געוואָרן רויט, ווי אַ רוי שטיק פלייש. ער האָט פאַרצויגן די ליפּן פון איבערראַשונג און דערשטוינט זי אָנגעקוקט.

— שוין לאַנג נישט געווען ביי דיר — האָט לונה נישט דרייסט אים געזאָגט, אָבער געקוקט אים אין פּנים אַריין.

— פאַראַן נאָך קרעמער — האָט יצחקי איר געענטפערט מיט פאַרדראָס.

לונה, די דיקע, ברייטביייניקע פרוי, האָט זיך ווי איינגעקאַרטשעט.

— גיט מיר אַ קילאָ זאַלץ! — האָט זי געזאָגט מיט אַ דיקער, טרוקענער שטימע.

יצחקי האָט זי אָנגעקוקט מיט זיין אויג. זיין רויטע בעלמע איז געווען פייכט, זיין פליישיקע נאָז — רויט.

ווו איז זשאַקאָ? — האָט ער פּלוצים געפרעגט.

לונה האָט פאַרזשמורעט די אויגן און פאַרקרימט איר אונטערשטע ליפּ. — איר דאַרפט אים? — האָט זי געפרעגט יצחקין. זי האָט אַוועקגעבויגן דעם קאָפּ, ווי זי זאָל וואַרטן אויף ענטפער.

יצחקי האָט איר נישט געענטפערט. די טוכלעקייט אין קראָם האָט געיווירן. אין קראָם איז געווען שטיל. יצחקי האָט געקוקט אַראָפּ, אויפן זעקל באָבעס. לונה האָט געקוקט אויף אים, געוואַרט אויף תּשובה.

— ער האָט אייך גאָרנישט געגעבן פאַר מיר? — האָט יצחקי אַ שטאָמל געטאָן.

לונה האָט אים אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ — ניין. אָבער אירע שוואַרצע אויגן זענען געווען אויפגעריסן און מאַט און נייגעריק באַטראַכט יצחקין.

דאָס לעפּל איבער זיין אויג האָט זיך פאַרמאַכט אויף אַ רגע. זיין בעלמע איז געוואָרן שטאַר, זי האָט אויסגעזען ווי אַ פאַרטריקנט שטיקל לעדער.

— אַנומלט געווען אין גאַס — האָט יצחקי געזאָגט, ווי ער זאָל די ווערטער רעדן אין גאַס אַריין, און שטיל געבליבן, נאָר זיינע פינגער האָבן זיך באַוויגן, ווי ער זאָל מיט זיי עפּעס קנעטן.

לונה איז געבליבן מיט אַן אָפן מויל. אירע אויסגעגלאָצטע אויגן האָבן דער־שראָקן געקוקט אויף יצחקין. זי האָט געסאָפּעט פון אויפרעגונג.

— איך בין חלילה נישט חושד — האָט יצחקי געזאָגט און ווידער שטיל געבליבן.

— וואָס ? — האָט לונה אַ שריי געטאָן און געשטעלט אַ פּוס, ווי זי זאָל וועלן צו אים צוגיין, אָבער שטיין געבליבן מיט אָנגעשטרענגטע קני, ווי אַ גלאַדיאַטאָר.

זיינע פליישיקע ליפּן האָבן געצומען מליאָסקען, ווי ער זאָל טועם זיין און געזאָגט :

— געזונט רחלען אין גאַס מיט עפּעס אַ שיכור ! ער האָט געריכט שנעל, אָבער אַזוי ווי צו זיך און געקוקט אַראָפּ. ער האָט נישט געוואַגט איר קוקן אין פּנים. זיין פּנים איז געוועזן בלאַס, זיין בעלמע — רויט און אָנגעצויגן, ווי אַ בלוטיקער אָדער.

לונה האָט אויפגעהויבן די הענט און פאַרביילט די פויסטן. זי האָט אויסגעשטרעקט איר האַלדז און זיך איינגעקוקט אין יצחקין. אירע אויגן האָבן געגלאַנצט פון שנאה, ווי ביי אַ קאַץ. אירע ליפּן זענען געווען פאַרשנורט, איר גרוי קלייד, דורכגעוועבט מיטן שוואַרצן פאָדעם, האָט זיך אַרומגעוויקלט איבער איר גוף. די העקלען פון פאַרנט האָבן זיך געעפנט. אירע פליישיקע ברוסטן האָבן זיך אַרויסגעשפּאַרט, ווי אַן איבערגעיוירן טייג.

— האַ ! — האָט זי אַ סיקע געטאָן, ווי אַ גיפטיקע שלאַנג, ווען זי גרייט זיך אַ ביס טאָן.

יצחקי האָט זיך אָפּגערוקט פון איר, מיט די הענט זיך אָנגעכאַפּט אינעם קאַסע־טיש. אַ פּחד איז אים באַפאַלן. לונהס פּנים איז געוואָרן געשוואָלן און רויט. איר אויסגעשטרעקטער האַלדז האָט זיך געצויגן אַרויס, ווי ער זאָל וועלן דער־גרייכן צו יצחקין.

— וואָרט ! — האָט זי אַ וואָרטשע געטאָן און אויסגעשטרעקט אירע פאַר־ביילטע פויסטן. זי האָט זיך צוריקגערוקט אויף הינטערווייליעכץ ביז דער שוועל, זיך אויסגעדרייט און אַרויסגעלאָפן אויף דער גאַס.

אין דרויסן איז זי שטיין געבליבן. די לופט האָט פאַרכאַפּט איר דעם אָטעם.

— אהההה ! — האָט זי אָפּגעזיפצט מיט ווייטיק, ווי בלוט זאָל פון איר טריפן. אין מויל איז איר געוועזן טרוקן, זי האָט געפינטלט מיט די אויגן און אַרייַנגעשטופּט זיך אַ פויסט אין מויל און זיך צעוואָיעט, ווי אַ געשלאָגענער הונט : — או, או, או.

אַ ווײַלע שפּעטער האָט זי זיך באַרויִקט און גענומען גיין. זי האָט געשלעפּט די פיס און זיך געוואַקלט, ווי אַ שיכור. אירע אויסגעגלאָצטע אויגן האָבן וואַנזיניק געקוקט. זי איז געגאַנגען ווי אַ בלינדע. פּלוצים איז זי שטיין געבליבן. — יוסיף ! — האָט זי אַ רעווע געטאָן. איר קול איז געווען הייזעריק און געציטערט. אַן אָנמעכטיקע האָט זי אַ וואַרף געטאָן מיט די הענט, גערופן איר מאַן.

יוסיף האָט זי נישט דערקענט. ער איז שטיין געבליבן זען, ווער איז די „יידענע”, וואָס רופט אים.

— לונה ! — האָט ער אַן איבעררַאשטער אַ שריי געטאָן און צו איר צוגעלאָפן.

זיין בלוי לייוונט העמד איז געווען צעקנעפּלט. זיין ברוינע, פּולע ברוסט מיט גרויע האָר באַוואַקסן איז געווען נאַקעט. זיינע דרייליך־הויזן זענען געווען אַרומגעבונדן מיט אַ שטריקל. ער איז געגאַנגען פון ים. ער האָט אָנגעקוקט לונהן. דערזעענדיק איר הולך, האָט זיין בויך זיך אַ טרייסל געטאָן און געקוקט איר אין די אויגן.

לונהס אויגן זענען נאַס געוואָרן. גרויסע טרערן האָבן זיך אַ קייקל געטאָן איבער אירע באַקן.

יוסיף האָט אַ טרייסל געטאָן זיין פלײשיקן קאָפּ. דאָס איז געווען די פראַגע, וואָס ער האָט זי געפרעגט.

— יצחקי באַרעדט אונדזער טאָכטער — האָט זי קוים אויסגעשטאַמלט. די טרערן האָבן זי געשטיקט. זי האָט זיך נאָך מער צעוויינט.

— טאַ! — האָט יוסיף אַ קנאַק געטאָן מיט דער צונג און זיינע שוואַרצע אויגן זענען געוואָרן מילד און געגלאַנצט ווי אַ סאַמעט. ער האָט אָבער אָוועקגעדרייט דעם קאָפּ, נישט געקענט זען, ווי זיין ווייב וויינט.

מיט אַ מאָל האָט ער מיט איין האַנט זי אָנגעכאַפּט ביי די האָר און אַ צי געטאָן זי אויף הינטן.

— אַה! — האָט לונה געשריגן פון ווייטיק און זיך אַ וואַקל געטאָן, ווי זי זאָל פאַלן.

זי האָט אים אָנגעקוקט.

ער האָט צוגעלייגט אַ פינגער צום מויל, זי געוואָרנט, אַז זי מוז שווייגן.

— אַה! — האָט לונה אַ קרעכץ געטאָן און פאַרבראָכן די הענט.

יוסיף האָט פאַרזשמורעט די אויגן. זיין קאָפּ איז אַריינגעפאַלן צווישן די אַקסלען.

— וואַרט! — האָט ער איר געזאָגט און זיך געלאָזט לויפן. דעם מרחק ביז יצחקיס קראָם האָט ער איבערגעשפּאַנט מיט עטלעכע שריט. ער איז אַריין אין קראָם מיט אימפּעט.

יצחקי האָט פון שרעק אַראָפּגעלאָזט די הענט. זיינע נאָזלעכער האָבן אַ ציטער געטאָן. זיין אונטערשטע ליפּ האָט זיך אַ טרייסל געטאָן און ער איז געבליבן מיט אַן אָפן מויל.

יוסיף האָט געסאָפּעט, ווי אַ בלאָזזאַק. זיין פּנים איז געווען גרוי ווי אַש, זיינע ליפּן — פאַרביסן. ער האָט פאַרזשמורעט איין אויג, ווי ער זאָל אין עפּעס צילן און זיך געוואָנדן צו יצחקין אויפן קול: — פאַרמאַך ס׳מויל! — און צוריק אַרויס פון קראָם. יצחקיס שפּיץ נאָז איז געוואָרן ווייס. זיינע ליפּן האָבן געציטערט. זיין אויג איז געווען שטאַר. די בעלמע איז געווען רויט און נאַס, ווי בלוט זאָל פון איר טריפן.

אין דעם דורכגאַנג צו זיי אין דער דירה איז שטיין געבליבן די קליינע, דאַרע פרוי, יצחקיס מוטער. זי האָט נאָר באַוויזן זען יוסיפס פּלייצע. וואָס יוסיף האָט געשריגן, האָט זי נישט געוווּסט. אירע טיף־איינגעזעצטע אויגן האָבן נייגעריק

אַנגעקוקט דעם זון. זעענדיק, ווי ער שטייט אומבאַהאָלפן, האָבן אירע דאַרע באַקן זיך אויסגעצויגן. איר פּנים איז געוואָרן באַיאָפּעצט.

יצחקי האָט נישט געזען די מאַמע. ער איז געשטאַנען צו איר מיט דער פּלייצע. די קליינע, דאַרע פרוי האָט פאַמעלעך אויפגעהויבן אַ האַנט. אירע דינע פינגער האָבן פאַמעלעך אַרומגעווישט אירע ליפּן. זי האָט אויסגעדרייט זיך און צוריק אַריין אין שטוב.

יצחקי האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ, דערהערנדיק דער מוטערס טריט. אַ פּאָר־שעמטער האָט ער צוריק אַראָפּגעלאָזט די אויגן. ער איז געווען זיכער, אַז די מאַמע האָט אַלץ געזען און געהערט. ער האָט זיך אויסגעדרייט און זיך אָנגעבויגן און ווייטער איבערגעקליבן די באָבעס. זיינע פינגער האָבן פאַמעלעך, פאַמעלעך זיך באַוויגן אָן חשק.

לונה, זעענדיק צוריק יוסיפן, האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ, ווי זי זאָל זיין די שולדיקע. אירע הענט האָבן זיך געטרייסלט. זי איז געשטאַנען מיט אַן אָפן מויל און געוואַרט.

ווי נאָר יוסיף איז אַרויס פון קראָם, האָט ער זיך אַרומגעקוקט, צי לונה וואַרט. זעענדיק זי, האָט ער צוגעשפּאַנט צו איר און שוין פון ווייטנס אויס־געשטרעקט צו איר די האַנט. ער האָט זי ווידער אָנגעכאַפּט ביי די האָר, איר אַריבערגעצויגן דעם קאָפּ אויף הינטן און איינגעקוקט זיך אין איר. ער האָט געפּרייכט און געשוויגן.

— וואָס האָט ער געזאָגט ? — האָט זי אים געפרעגט. אירע אויגן זענען געווען פול שרעק, איר קול האָט געציטערט.

— ער וועט שוין שוויגן ! — האָט ער איר געענטפערט.

לונה האָט אים געענטפערט מיט אַ קאָפּ־שאָקל, אַז זי איז מסכים. אַ ווײַלע שפּעטער האָט זי אויסגערעכנט זיך די פינגער און געזאָגט ווי זיך : — רחל שלעפּט זיך אַרום מיט יינגען, — און זיך געקניפּט די באַקן.

יוסיף האָט זי אָנגעקוקט. זיינע אויגן זענען געווען גרויס, אויפגעריסן, זיין מויל — אָפן. ער האָט אָפּגעלאָזט אירע האָר און געבליבן מיט דער האַנט אין דער הויך ווי געליימט. זיין בליק איז געווען שטאַר, זיין פּנים — פאַרגליווערט. עטוואָס שפּעטער האָבן זיינע אויגן זיך פאַרזשמורעט, ווי ביי אַ קאַץ.

— איך וועל זי שוין לערנען דרך־ארץ — האָט ער אַ רעווע געטאָן, ווי אַ צערייצטער אָקס, מיט אַ האַרט און טרוקן קול. — קום — האָט ער געזאָגט אַן אויפגעטרייסלטער און געלאָזט זיך לויפן, ווי ער זאָל זיך יאָגן נאָך וועמען.

לונה איז אים נאָכגעלאָפן, נאָר מיט קליינע טריט. זי איז געווען מיד פון אויפרעגונג. לויפנדיק, האָט זי זיך אונטערגעהויבן ס׳קלייד. אירע פליישיקע פיס זענען געווען אָפּגעדעקט. זי האָט יוסיפן נישט אָנגעיאָגט.

זי איז געלאָפן דורך די געסלעך.

יוסיף האָט פאַרקירצט זיך דעם וועג. ער איז געלאָפן דורך דעם פּלאַץ, וואָס איז געווען פאַרוואָרפן מיט שטיינער פון די איינגעפאַלענע הייזער. ער איז געלאָפן

אַ צעקאַכטער און געפּרייכט און געבלאָזן פון זיך. דער בויך זיינער האָט זיך געטרייסלט. ער איז געלאָפן מיט אַן אויסגעשטרעקטן קאָפּ און געוואָרפן מיט די הענט.

ער איז צוגעקומען צו זיין הויז פון דער זייט אַפיר. די לעצטע שריט זיינע האָט ער נאָך פאַרשנעלערט. צום פּלויט איז ער צוגעשפּרונגען. די פאַרטקע האָט ער אַ שטופּ געטאָן מיטן בויך. דעם הויף איז ער אַדורכגעלאָפן.

ער האָט אויפגעפּראַלט די טיר.

— הע! — האָט ער אַ היקע געטאָן, ווי ער זאָל מיט כוח אַריינהאַקן אַ האַק אין אַ שטיק האָלץ, דערזעענדיק רחלען.

רחל איז געזעסן מיט דער פּלייצע צו דער טיר. זי איז געזעסןביים טיש אַ באָרוועסע און געווען אָנגעטאָן אין אַ גרין, אָפּגעטראָגן קלייד.

דער פאָטער האָט צונויפגעדריקט די פינגער און האָסטיק אויסגעשטרעקט זיין רעכטע האַנט. אַ הילכיקער פּליאַסק האָט אָפּגעקלונגען פון רחלס באַק.

דאָס שטיקל מיט מאַרגאַ״ין באַשמירטע ברויט, וואָס רחל האָט געהאַלטן, איז אַראָפּגעפאַלן אויף דער ערד. — אוי! — האָט זי אַ קרעכץ געטאָן אַן איבער־געשראָקענע און אַוועקגעבויגן דעם קאָפּ.

— אַה! — האָט יוסיף אָפּגעאָטעמט, ווי ער זאָל פון זיך האָבן אַראָפּגעלאָזט אַ שווערע משא. זיין פליישיק פּנים איז געווען רויט, ווי אַ צוויקל, אָבער ער איז געווען שוין רויִק.

רחל האָט נישט געזען דעם פאָטער, ווען ער איז אַריין אין שטוב. זי האָט אין פּאַטש דערקענט זיין שווערע האַנט. זי האָט פּאַמעלעך אויסגעדרייט דעם קאָפּ. אַן אויפגעציטערטע האָט זי אים אָנגעקוקט. איר באַק האָט געפלאַמט. מען האָט אויף איר אָנגעזען דעם פאָטערס פינגער. — אַה, אַה, אַה, אַה, אַה, — האָט זי זיך צעיאָמערט. גרויסע טרערן זענען גערונען פון אירע אויגן. זי האָט געוויינט מער פון שרעק, ווי פון ווייטיק. פון זינט זי איז אונטערגעוואַקסן, האָט דער פאָטער זי מער נישט אָנגערירט. זי האָט געיאָמערט און געשוויגן. זי האָט מורא געהאַט, צי צביה האָט זי נישט פאַרמסרט.

דער פאָטער האָט זי נישט אָפּגעלאָזט. ער האָט זי אָנגעכאַפּט ביי אַ האַנט, זי אַ ציי געטאָן צו זיך און מיט כוח זי אָפּגעשטופּט פון זיך און אַרונטערגעדרייט איר די האַנט. ער האָט זי געהאַלטן מיט איין האַנט, מיט דער אַנדערער איר דערלאַנגט עטלעכע באַכעס (קלעפּ) אין דער פּלייצע. די קלעפּ האָבן אָפּגעהילכט.

— יוסיף! — האָט לונה צו אים געשריגן.

יוסיף האָט אויפגעהויבן פּאַמעלעך דעם קאָפּ. ער האָט אַראָפּגעלאָזט די האַנט, מיט וועלכער ער האָט געשלאָגן. מיט דער צווייטער האַנט האָט ער פעסט געהאַלטן רחלען.

לונה איז געשטאַנען אים אַנטקעגן און געסאַפּעט. אירע אויגן זענען געווען פול טרערן. אירע האָר זענען געווען צעשויבערט. זי האָט זיך גערענגט די פינגער און זיך געשאָקלט, ווי זי זאָל דאַווענען.

יוסיף האָט אָנגעקוקט לונהן מיט אַ שטאַרן בליק.

לונה האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן. זי האָט זיך געשעמט פאַרן מאַן.

יוסיף האָט מיט דער האַנט, וואָס ער האָט געהאַלטן די טאָכטער, אַ שטופּ געטאָן זי פאָרויס, זי צוגעשטופּט ביז צום אַלקערל. ער האָט מיט אַ קאָפּע געעפנט דאָס טירל פון אַלקערל. ער האָט מיט כוח זי אַ צי געטאָן צו זיך און מיט מער כוח זי אָפּגעשטופּט פון זיך, זי אָפּגעלאָזט. זי איז אַריינגעפאַלן אין אַלקערל.

— אוי איז מיר! — האָט די מוטער אַ קרעכץ געטאָן און זיך געריסן די האָר פון קאָפּ.

רחל איז ליגן געבליבן אויפן פּאָל, ווי אַן אַוועקגעוואָרפענע קופּע. אירע לאַנגע פיס זענען געווען אויפגעדעקט. איר קאָפּ איז געלעגן אויף אירס אַן אָרעם. אירע אויגן זענען געווען פאַרמאַכט. איר פּנים — בלייך, ווי אַ מאַסקע. זי איז געלעגן און געקרעכצט.

— אוי, אוי, אוי, זי האָט געוויינט אָן טרערן. אין אַלקערל איז געווען שטיל. די לופט איז געווען טוכלע, מען האָט געהערט נאָר דעם גאַנג פונעם זייגער־אומרו.

דער פאָטער איז געשטאַנען ביי דער זייט פון טיר און באַטראַכט די טאָכטער. זיינע אויגן זענען געווען שטאַר. אַ צייט שפּעטער האָט ער אויסגעשטרעקט די האַנט און פאַרמאַכט דאָס טירל. ער האָט אַראָפּגעלאָזט די הענט, פּאַמעלעך זיך אויסגעדרייט און אַ קוק געטאָן אויפן ווייב.

לונה איז געשטאַנען אַ געבוקטע מיט אַראָפּגעלאָזטע הענט. איר פליישיק פּנים איז געווען צעקנייטשט, אירע אויגן — מאַט אויסגעלאָשן. זי האָט אויסגעזען ווי אַ זקנה.

די לופט אין שטוב איז געווען אָנגעדראָלט. ביידע, יוסיף און לונה, האָבן געסאָפּעט און געשוויגן. זי האָט פּאַמעלעך אויפגעהויבן דעם קאָפּ, ווי זי זאָל מורא האָבן זיך אַ ריר טאָן פון אָרט. זי האָט אָנגעקוקט יוסיפן: — אַבו אולדי (טאַטע פון מיינע קינדער) האָט זי שטיל, מיט אַ ציטערדיק קול אים געזאָגט.

יוסיף האָט פאַרקריצט די ציין. זיינע קינבאַקן זענען געוואָרן בולט, זיינע נאָזלעכער האָבן אַ פלאַטער געטאָן. ער האָט אַ קוק געטאָן אויף לונהן. זיין פּנים איז געווען פאַרגליווערט. ער איז געשטאַנען און געוואַרט.

— דער קרעמער וויל זי — האָט לונה געזאָגט, ווי צו זיך און אַראָפּגעלאָזט די אויגן פון שרעק פאַר איר העזה.

יוסיף האָט אויסגעשטרעקט דעם קאָפּ און אַ דערשטוינטער אָנגעקוקט לונהן. זיינע באַקן זענען אים איינגעפאַלן. זיינע לאַנגע ברעמען האָבן זיך אָנגעצויגן.

— זשאַקאָ וועט זיין איר מאַן — האָט ער געזאָגט מיט אַ הילכיק קול.

די מוטער איז געבליבן מיט אַן אָפן מויל. אירע אויגן האָבן געפינטלט, אירע נאָזלעכער האָבן געציטערט: — די „בריאה"? — האָט זי שטיל געפרעגט, ווי זי זאָל וויינען.

איך וויל אַן איידעם אַ פישער — האָט יוסיף איר געענטפערט.

לונה האָט אַ פֿאַרשעמטע אַראָפּגעלאָזט די אויגן.

יוסיף האָט אַ באַוועג געטאָן מיטן מויל, ווי ער זאָל קייען און זיך געוואָנדן צו לונהן: — איך וויל אויף דער עלטער בלייבן אַ פּישער. ער האָט גערעדט פּאַמעלעך, באַטאָנט יעדעס וואָרט.

— אַה! — האָט לונה אַ זיפֿץ געטאָן און באַלד דערנאָך אַ שלוקעכץ געטאָן. זי האָט זיך אויסגערענגט די פֿינגער, אירע געלענקען האָבן געקנאַקט.

יוסיף האָט אַ קוק געטאָן אויף איר און מיט אַן איינגעבויגענעם פֿינגער זיך צוגעגלעט די וואָנסע. ער האָט זיך פֿאַרטראַכט, באַלד האָט ער אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ. דאָס איז געווען זיין באַשלוס.

— איך וויל עסן — האָט ער געזאָגט איר.

לונה האָט אַראָפּגעלאָזט די הענט. זי איז שטיין געבליבן אַן אומבאַהאָלפֿענע. יוסיפֿס פֿאַרלאַנג האָט איבערגעריסן אירע מחשבות. אַ ווײַלע שפּעטער האָט זי זיך אויסגעדרייט און אַוועק אין קיך.

יוסיף האָט איר נאָכגעקוקט.

לונה האָט זיך געאײַלט, אָבער געשלעפּט די פֿיס.

פֿון קיך אַרויס האָט זי דערהערט אַ קלאַפּ פֿון אַן אויפֿגעדעקטער שטאַרץ.

יוסיף האָט זיך אויסגעגליכן, ער איז ווידער געווען דער הויכער, ברייטביייני־קער פּישער, וואָס האַלט אַ פּישער־יונג. פּאַמעלעך, ווי ער זאָל מעסטן די טריט, האָט ער איבערגעשפּרייזט די שטוב און איז אַרויס אויפֿן הויף. ביז דעם קראַן איז ער געגאַנגען פּאַמעלעך. דאָ האָט ער זיך פֿאַרהאַלטן און אַרומגעקוקט. די לאַנגע פּאַלמע־בלעטער האָבן זיך נישט קיין ריר געטאָן. אַרום, אין דער סביבה, איז געווען שטיל. די קאַמער איז געווען פֿאַרמאַכט. דער פּישער־יונג און דער זון זענען נאָך געווען אין פּאַרט. יוסיף האָט זיך אָנגעבויגן. ער האָט אויפֿגעשנורט און אויסגעטאָן זיינע שווערע, געקאָוועטע שיך. מיטן באָרוועסן פֿוס האָט ער זיך צוגעשאַרט די כפכפים (אַ סאַנדאַל מיט אַ הילצערנער פּאָדעשווע), וואָס זענען געשטאַנען אין דער זייט. ער האָט געעפֿנט דעם קראַן. דאָס וואַסער האָט אַ שטראָם געטאָן. ער האָט געוואַשן זיך די פֿיס.

# א

דער הימלבלוי איז געווען דורכזיכטיק, איז געהאַנגען איבער דער ערד ווי אַ פונאַנדערגעשפּרייטער טיול. פון טאָג צו טאָג זענען די זון־שטראַלן געוואָרן לענגער, געוואַרעמט און געטריקנט אַלץ אונטער זיך. די זאַנגען אויף די פעלדער האָבן געצייטיקט און פאַרבויגן די קעפּ. די משא פון זייערע קערנער האָט זיי איינגעבויגן. פון מאָל צו מאָל האָט אַ מילד ווינטל אַ ווייע־געטאָן און פונאַנדערגעוויגט די זאַנגען. די ביימער האָבן זיך געוויגט ווי אין אַ תפילה.

די לופט איז געווען פריש און מילד. די לייכטע ווינטן האָבן ווידער אַנגעטראָגן זאַמדן פון די בערג און פון מדבר. די ביימער און די פרדסים ווי אויך די יאַסמין־קוסטעס אַרום זיי האָבן געבליט און דער ריח האָט געשכורט די מענטשן. די בערג אין דער ווייט זענען געווען געהילט אין גרויען נעפּל און געשטאַרט אין דער הויך ווי זיי זאָלן גרייכן די הימלען.

אויף די ערד־שטחים צווישן די צוויי ימים און אַרום די בערג איז אַנגעגאַנגען די מי פון די מענטשן. יעדער נייער שניט פון אַקער האָט צוריק דעראָבערט די דורות־אַלטע ערד, וואָס יידן האָבן נאָר וואָס באַפרייט.

דאָס לאַנד איז ווי פונאַנדערגעטיילט געוואָרן. געווען שטעט און דערפער, ווו יידן האָבן געוווינט און אין זייערע פענצטער האָט געברענט ליכט. געווען שטעט און דערפער ווו די פענצטער זענען געווען פינצטער, די הייזער פאַרלאָזן, זייערע איינוווינער, די אַראַבער זענען אַוועק אין די דערבייִיקע לענדער.

די ימים און דער הימל זענען געווען אָפן. שיפן און עראָפּלאַנען האָבן געברענגט אַ היים די יידן פון דער גאַרער וועלט. די עדות יידן זענען זיך געווען נאָענט אָבער אויך פרעמד. די איינגעזעסענע האָבן באַוויינט די שוצלאָזע, אומגעקומענע אין די לאַגערן פון איראָפּע, זייערע טאַטעס און מאַמעס, ברידער און שוועסטער. די איינצלנע פאַרבליבענע פון אַ משפחה יידן וואָס זענען געקומען פון די פאַר־ניכטונגס־לאַגערן האָבן אויך דאָ געלעבט אינעם קאָשמאַר פון אומקום. זייערע טריט זענען געווען נישט זיכערע. מיט שרעק אין די בליקן, זענען זיי נאָכגעגאַנגען די שאָטנס פון די אומגעקומענע.

אויך די יידן פון די מזרח־לענדער וואָס זענען געקומען מיט זייערע גאַנצע משפחות, טאַטעס און זיידעס, אייניקלעך און אור־אייניקלעך און האָבן געקושט די ערד ווען זיי האָבן זי באַטרעטן, האָבן אָבער נישט געוווסט און נישט געקאָנט זי באַאַרבעטן. די אַנגעקומענע אין לאַנד יידן האָט מען באַזעצט אין די פאַרלאָזטע

אַראַבישע שטעט און דערפער, אין די אויפגעשטעלטע געצעלטן, אין די פאַרלייגטע „מעברות".

לענגאויס דעם ים־ברעג האָט זיך געצויגן די שטאָט נתניה. ווען דער ים האָט זיך צעברויזט, האָבן זיינע כוואַליעס געשטורעמט דעם ברעג ווי זיי זאָלן וועלן אונטערשווענקען די שטאָט. פון דער צווייטער זייט שטאָט האָט אַ שאָסיי, וואָס איז געווען פאַראַלעל צו די באַן־רעלסן אָפּגעצוימט די שטאָט פון די פעלד־שטחים. אייקאַליפּטוס־ביימער האָבן פון ביידע זייטן געצוימט דעם וועג.

אַ שוואַרץ־געפּלאַסטערטער וועג האָט זיך געשלענגלט צווישן די פעלדער און זיי פונאַנדערגעטיילט אין צווייען. לינקס פון וועג זענען די פעלדער געווען גלייך ווי אַ טישפּלאַך און פונאַנדערגעטיילט אין גרין־פאַרביקע פּירעקן. אַ לאַנגע ריי ביימער האָט פון וויטנס אויסגעזען ווי אַ וואַנט וואָס פאַרשטעלט די זון־שיין און האָט געשפּרייט שאָטן איבער די פעלדער. דאָס ליכט און דער שאָטן האָבן זיך דאָרט צונויפגעטראָפן און געשאַפן די אילוזיע פון אַ פליסנדיקן טייך.

אויף דער רעכטער זייט פון וועג האָט די ערד זיך געבערגלט. אויף יעדן בערגל איז געוואַקסן אַ פּרדס. די ביימער האָבן געשטאַרט, ווי זיי זאָלן זיך האָבן אַרומגעצאַרעמט. פון מאָל צו מאָל האָט אַ ווינט באַרירט אַ צווייג און די פּיקנדע זיך פרוכטן צווישן די בלעטער האָבן אַ ציטער געטאָן ווי באַרירטע גלעקלעך. אונטער יעדן בוים איז געלעגן אַ שאָטן ווי אַ פונאַנדערגעשפּרייט געוואַנט. אין די טאָלן צווישן די פּרדסים זענען געוואַקסן געדיכטע גרעזער און עס האָבן אַרויסגעשטאַרט רויטע מאָן־בלומען, ווייסע מאַרגאַרעטן און געלע גלעקלעך וואָס האָבן פאַרכאַפּט דאָס מענטשלעכע אויג.

נאָך די פּרדסים איז געווען אַ גענוג גרויסער זאַמד־פעלזיקער שטח. די זון און די ווינטן האָבן אין משך פון דורות צעקרישלט די שטאַרע, פאַרטריקנטע זאַמד־פעלזן און זיי האָבן אויסגעזען ווי צעזשאַרעטע אָנצייניקע מיילער ביי אַלטע לייט.

נאָך דעם שטיינערנעם שטח, רעכטס פון שאָסיי האָט זיך געצויגן אַ געפּלאַס־טערטער אָבער שמאָלער וועג, וואָס האָט געפירט צום דאָרף „אסף". דאָ איז די ערד ווידער געווען אַ גלייכער פלאַך. דאָס זענען געווען די דאָרפס־פעלדער. לינקס פונעם דאָרפסוועג, וווּ די ערד איז געווען זאַמדיק, האָבן זיך געפונען די וויינ־גערטנער. געווען דאָרט ווײַנקוסטן וואָס האָבן אויסגעזען ווי אָנגעלייגטע גרינע בערגעלעך. געווען ווייִנגערטנער, וואָס די צווייגן זענען געווען צעבונדן איבער די דראָטן און האָבן אויסגעזען ווי געקרייצטע מענטשן. די קוסטן האָבן זיך אָפּגעשלאָגן אינעם וועג און זייערע שאָטנס זענען געווען צעלייגט ווי אויסגעטוענע מלבושים.

נאָך די זאַמדיקע פעלזן האָט דער שטח אויסגעזען ווי נאַקעט. אין דער זייט פון די וויינגערטנער זענען די פעלדער געווען פונאַנדערגעטיילט אין פּירעקן, וועלכע זענען געווען באַדעקט מיט גריבסן און האָבן געשימערט דעם טאָגליכט אַנטקעגן מיט זייער פאַרבן־אונטערשיד, ווי אַ פונאַנדערגעשפּרייט געוועב. דאָרט איז געוואַקסן די פאַשע פאַר בהמות, קאָניטשינע און קוקורידזע. אַן אָנגעטראָגענער

ווינט האָט אָפּט אַ וויג געטאָן די הויכע און ברייטע קוקורידזע־בלעטער, ווי זיי זאָלן פאַרוויגן די געגנט אין איר שטילקייט. בלעטער פון ירקות האָבן באַדעקט די בייטן. אַנדערע זענען געוואַקסן אויף קוסטעס. איבער די בלעטער האָבן זיך געמיט מענטשן מיט געבויגענע רוקנס. זיי האָבן געפּלעגט די ירקות אָדער זיי אַראָפּגענומען.

ביים סוף פון די דאָרפס־פעלדער האָט זיך געצויגן אַ פּלאַכע וואָדי, אויס־געטריקנט ווי ליפּן פון אַ זקן. אויף דער צווייטער זייט וואָדי איז געווען אַ גרויסער נישט געצוימטער פּרדס, וואָס האָט ווי אָפּגעשניטן דאָס דאָרף פון דער געגנט, איז געווען פונאַנדערגעטיילט אין חלקים. יעדער מתיישב אין „אסף" האָט געהאַט עטלעכע דונאַם. נומערירטע פּלאָקנס האָבן געוויזן וועלכער חלק געהערט וועמען.

דער וועג אין דאָרף אַריין האָט זיך פאַרענדיקט מיט אַ געפּלאַסטערטן סקווער, וואָס האָט פאַרבונדן דאָס דאָרף מיטן לאַנד. דאָ אַהער איז צוויי מאָל אַ טאָג פאַר־פאָרן דער אויטאָבוס, וועלכער האָט געברענגט און אַוועקגעפירט די מענטשן אין שטאָט. אויף דעם סקווער, לינקס, איז געשטאַנען אַ גרין־באַוואַקסענע אַלטאַנע, אויף וועלכער עס איז געהאָנגען אַן אָפּבלאַקירטער פון דער זון און פון די רעגנס טאָוול, וואָס האָט צו וויסן געטאָן די ידיעות פון „אגד". אין דער אלטאנע איז געווען אַ באַנק, אויף וועלכער עס זענען געווען אויסגעשניצט פּירעקן און דרייעקן, נעמען פון מיידלעך און ייִנגלעך און הערצער דורכגעשטאָכענע מיט אַ פייל.

לענגאויס פונעם סקווער האָבן זיך געצויגן דריי פּאַראַלעלע גאַסן, מיט אַ טראָטואַר פון דער רעכטער זייט. די הייזער פון ביידע זייטן זענען געווען איינשטאָ־קיקע. דער אַרייִנגאַנג אין זיי איז געווען גלייך מיט דער ערד אָדער מיט עטלעכע טרעפּ. די דעכער זענען געווען פּלאַכע, געגאָסן פון בעטאָן אָדער שיפּע פון רויטן קאַרמיט. די הייזער האָבן זיך געטונקען אין גרינס, די צווייגן פון דיביימער האָבן זיי באַדעקט ווי שערעמס, אונטער וועלכע מען האָט נאָר אַרויסגעזען די דאַך־קאַנטורן. ביים סוף פון די דריי גאַסן איז געווען אַ שטייניק בערגל וואָס איז געווען שיטער באַוואַקסן מיט ווילדע גרעזער און אויסגעזען ווי אַ נישט ראַזירטע באָרד. דאָס בערגל האָט ווי פאַרשטעלט דאָס דאָרף פון הינטערוויילעכץ. אויף דעם בערגל איז געשטאַנען דער וואַסער־טורעם אויף זיינע דריי הויכע, צעשטעלטע בעטאָנפיס. איבער אים אין דער הויך איז געווען אַ „מנורה", וואָס מען האָט אָנגעצונדן אין די חנוכה־נעכט אָדער ווען דאָס דאָרף האָט זיך געפונען אין אַ געפאַר און געדינט אַלס אַ צייכן פאַר די אַרומיקע דערפער.

פון ביידע זייטן בערגל זענען געשטאַנען די דאָרפס־בנינים. לינקס איז געשטאַנען אַ לאַנגער בנין, אין וועלכן עס האָבן זיך געפונען די „צרכניה" און דער „בית־עם". אין איינעם פון די צימערן דאָרט איז געשטאַנען אַן ארון־קודש מיט אויסגעשטעלטע בענקלעך. דאָס איז געווען די שול. דער בנין איז געשטאַנען אויף אַ שטייניקן אָפּריס. דער איינגאַנג אין דער צרכניה איז געווען גלייך מיט דער ערד. דריי ברייטע טרעפּ און אַ ברייטער טויער האָבן געפירט אין „בית־עם". אַנטקעגן זענען געשטאַנען נאָך דריי בנינים: אַ גרויסער מיט אַ רויטן פּירקאַנטיקן דאַך —

די שול און אַ קלענערער מיט אַ פלאַכן בעטאָן־דאַך — די פרעבל־שול. גרינע ביימן, וועלכע די קינדער האָבן באַארבעט, האָבן אָפּגעטיילט איין בנין פון אַנדערן.

דאָס דאָרף איז כסדר געווען איינגעהילט אין אַן אָנגעזעצטער שטילקייט. פון מאָל צו מאָל האָט איבערן דאָרף זיך פונאַנדערגעטראָגן אַ קריי פון אַ האָן; אַ קו, ביי וועלכער דער אייטער איז פול געוואָרן און זי געצויגן צו דער ערד, האָט אַ מרוקע געטאָן און פונאַנדערגעריסן די שטילקייט אין דאָרף. טיילמאָל האָט זיך באַוויזן אין אַ גאַס אַ מענטש, נאָכגייענדיק אַן אייזל, באַלאָדן מיט אַ פולן זאַק אָדער מיט מילך־קאַנען. עס האָט אויך פּאַסירט, אַז דאָס אייזל, וואָס האָט געשטעלט קליינע טריט, ווי עס זאָל זוכן דאָס אָרט ווו אַוועקצושטעלן דעם פוס, האָט אימהדיק זיך צעשריגן, ווי ער זאָל פונאַנדעררייסן די לופט. אַ מאָל האָט זיך אויך באַוויזן אַ פערד געשפּאַנט אין אַ צוויי־רעדערדיקן וואָגן און האָט זיך צעהירזשעט, האָט דערשפּירט די פרישקייט פון די פעלדער, ווו ער האָט געוואָלט אַוועקגאַלאָפּירן. זיין באַלעבאָס האָט אָבער איינגעצויגן די לייצעס און אים געצווונגען גיין אין שפּאַן.

אויך אין דער נאָענט פון די שול־בנינים האָט אָפט זיך געהערט אַ קינדער־געפּילדער אָדער הילכיק געזאַנג, אין וועלכן די פאַרבייגייער האָבן זיך איינגעהערט מיט גאווה. די תושבים אין דאָרף זענען בדרך כלל געווען מיטלוווקסיקע, ברייט־ביינ̇יקע, באַלייבטע יידן, פון יעדן פון זיי האָט געשפּראָצט די חדווה פון אַרבעט. אַלע האָבן זיי געהאַט אויסגעאַרבעטע הענט וואָס זענען געווען באַלייגט מיט דיקע ווי שטריק אָדערן. די דעמערנדע שטילקייט אין דאָרף האָט געקלונגען אין זייערע אויערן ווי אינזעקטן זאָלן זשימערן אין דער לופט. אַ ריח, אַ געמיש פון יאַסמין און שטאָל־זויערקייט, איז געהאָנגען איבערן דאָרף.

## ב

דאָס דריטע הויז פון דער רעכטער זייט אין דער ערשטער גאַס האָט געהערט צו די רחביהס. זיי זענען געווען די ערשטע מתיישבים אין דאָרף. אַ נידעריקער פּלויט פון שטעכל־דראָט, וואָס איז פון פאָרנט געווען באַוואַקסן מיט אַ געדיכטן איזביסקוס (אַ פלאַנץ), האָט געצוימט זייער ווירטשאַפט. אַ ברייט טויער פון צוויי טיילן האָט געפירט צו זיי אַריין. איין טייל איז געווען אָפן פאַר דורכגייער. זייער הויז איז געשטאַנען אָפּגערוקט פון וועג, אַ ברחבותדיקע געביידע מיט אַ רויטן שיפן דאַך. צווישן דעם הויף און דעם פּלויט איז געווען אַ גאָרטן און נאָענט צום פּלויט זענען געוואַקסן צוויי פלוימען־ביימער, אַ מילגרוים־בוים און אַ ציטרין־בוים. אין דער זייט זענען געווען עטלעכע בייטן ירקות. דער אַריינגאַנג אין הויז איז געווען דורך פיר טרעפּ. פון ביידע זייטן טיר זענען געוואַקסן פיקוס־ביימער, וואָס האָבן באַדעקט די טיר ווי אַן אַלטאַנע.

איבערן פּלויט פון דער רעכטער זייט איז געשטאַנען די הינער־שטייג, אין

וועלכער עס האָבן זיך אַרומגעדרייט עטלעכע הונדערט ווייסע עופות. אין דער לינקער זייט האָבן זיך געפונען די פּאַשע־שפּייכלערס און די קאַמערן מיט די אַרבעטס־כלים. טיפער אַראָפּ איז געווען אַ קו־שטאַל, אין וועלכער עס זענען געשטאַנען אַכצן קעפּ. גאָר אין דער זייט איז געווען אַ קליינע שטאַל פאַרן גרויסן, ווייסן אייזל. ווייטער אַראָפּ איז געווען די מיסט־גרוב און דער אָפענער שייער, אונטער וועלכן עס זענען געלעגן די פּעק שטרוי.

איבערטרעטנדיק די שוועל ביי די רחביהס האָט מען גלייך דערפילט די פרייד פון אַרבעט און די שפע פון שאַפן. די פעלדער זייערע זענען געווען באַאַרבעט לויט אַלע כללים. די קאַניטשינע און די קוקורוזע ביי זיי זענען געוואַקסן געדיכט. די בלעטער זייערע זענען געווען פעטע און זאַפטיקע. אין יעדן סעזאָן זענען זייערע ירקות, די באַקלאַזשאַנען, דאָס קרויט, די מייערן, צוויקל, קאַרטאָפל און די פּאָמידאָרן געווען מער געראָטן ווי ביי דער רעשט מתיישבים אין דעם יאָר. די רחביהס האָבן זיך נישט געפוילט און נישט געשפּאָרט דער ערד זייער מי.

די משפחה איז באַשטאַנען פון זעקס נפשות: טאַטע, מאַמע, די טאָכטער מיטן איידעם און די צוויי אייניקלעך. איין יינגל איז אַלט געווען פיר יאָר, דאָס צווייטע יינגל צוויי מיט אַ האַלב יאָר. יואל, דער פאָטער און זיידע איז געווען אַ הויכער, ברייטביינִיקער ייד און ער האָט געהאַט אַ גרויען, פלאַכן און ברייטן קאָפּ, פליישיקע ליפּן און אַ שיפע יידישע נאָז. זיינע הענט זענען געווען דיק, אויסגעאַרבעט און זיין בויך אָנזעעוודיק. די הויזן זענען אויף אים שטענדיק געהאָנגען. דער פאַרצוי־גענער אויף אים הויזן־רימען האָט אים ווי אונטערגעהאַלטן זיין בויך.

ביידע, ער און זיין ווייב, האָבן געלעבט זייער לעבנס־שטייגער ווי מענטשן אויף ערד. די ערשטע צייט האָבן זיי געוווינט אין אַ בלעכערנעם באַראַק, אָן פענצטער. געווען נאָר אַן אויסגעשניטענער לאָדן וואָס מען האָט געעפנט יעדן טאָג. פון די אָנגעגליטע ווענט און דאַך האָט געיאָגט אַ היץ ווי פון אַ באַק־אויוון. דער באַראַק איז געווען איינער פון די דריי און צוואַנציק באַראַקן פון די ערשטע מתיישבים. דער באָדן איז געווען פאַרלאָזט, האַרט, אַרום האָט אויסגעזען ווי אַ מדבר. דער איינציקער וואַסער־קראַן האָט זיך געפונען אין צענטער פון צוקונפטיקן דאָרף. פון דאָרט האָבן זיי יעדעס מאָל געבראַכט אַ בלעך וואַסער. די באַלויכטונג אין באַראַק איז געווען אַ נאַפט־לעמפּל. געקאָכט האָט חנה אויף אַ נאַפט־אויוון.

חנה איז געווען עטוואָס נידעריקער פון איר מאַן. אירע אונטערגעשוירענע האָר זענען געווען שוין גרוי. טראָץ איר עלטער איז זי געווען שלאַנק. אויך אירע הענט זענען געווען אויסגעאַרבעטע און באַלייגט מיט אָדערן. איר פּנים איז געווען אָוואַל, איר נאָז קורץ, אירע ברעמען געדיכטע. זי האָט יעדן אין דער פרי אַוועק־געשטעלט אויף אַ קליין פייערל אַ קאַרטאָפל־גריץ, דעם מיטאָג. איין מאָל אין דער וואָך, האָט זי אויך אַריינגעלייגט אין דער גריץ אַ שטיקל פלייש. זי האָט מיט יואלן געאַרבעט צוזאַמען אין פעלד. נישט איין טאָג איז יואל געבליבן אין פעלד פון זון־אויפגאַנג ביז שפּעט אין אָוונט. ער האָט געצערטלט יעדעס אויפגעגאַנגענע גרעזל.

נישט איין מאָל איז ער געגאַנגען אין פעלד אַריין אונטער דער לבנה־שיין קוקן צי די וואַסער־שליידערער האָבן זיך נישט פאַרהאַקט און באַנעצן ריכטיק די ערד.

יואל און חנה זענען געקומען אין לאַנד אַריין אין די צוואַנציקער יאָרן פון ראַדאָם אין פוילן. זיי זענען געווען די קינדער פון צוויי מעבל־סוחרים, וואָס האָבן געהאַנדלט צוזאַמען. זיי האָבן דאָרט חתונה געהאַט און באַלד עולה געווען מיטן באַשלוס צו זיין ערד־אַרבעטער. זיי האָבן געוווינט אין פתח־תקוה, אין אַ הויף־שטיבל פון אַ באַטינקטן באַראַק, וואָס איז געשטאַנען נאָך די באַן־רעלסן, נאָענט צו די פּרדסים. חנה האָט דאָרט געאַרבעט אין אַ הינער־שטייג, וואָס האָט זיך געפונען אין דער נאָענט, ביז זי האָט זיך צוגעוווינט צו דער אַרבעט און אויפ־געהערט מורא צו האָבן, אַז זי גייט זיך נישט אום גוט מיט די הינער. יואל האָט געאַרבעט אין פּרדס מיט דער טוריַע. די ערשטע צייט האָבן אים אַלע זיינע גלידער און מוסקולן ווי געטאָן פון אָנשטרענגונג. זיינע דלאָניעס זענען געווען באַדעקט מיט וואַסער־בלאָזן, וואָס האָבן כסדר געפּלאַצט און האָבן אים ווי געטאָן. ער האָט אָבער געשוויגן. עס האָט געדויערט ביז ער האָט זיך איינגעאַרבעט און געמאַכט אַ גלייכן אַקער־שניט.

אַ צייט שפּעטער, ווען ביידע זענען שוין געווען געניט אין זייער אַרבעט, זענען זיי איבערגעגאַנגען אַרבעטן קיין מגדיאל. דאָ האָבן זיי געאַרבעט ביי אַ רייכן ייד, וועלכער האָט געהאַט אַ גרויסן פּרדס, אַ גרויסע הינערשטייג און האָט אויך געפלעגט ירקות. חנה האָט געאַרבעט אין דער הינערשטייג און אויך געמאַכט ביי דער באַלעבאָסטע די שטוב־אַרבעטן. אויך דאָ האָט יואל געאַרבעט אין פּרדס, אויף די פעלדער און געוווינט אין הויף ביים באַלעבאָס, געשלאָפן אויף די זעלבע אייזערנע בעטלעך און אין אַ וואַליזע אונטערן בעט געהאַלטן זייער וועש. זיי האָבן זיך אָפּגעשפּאָרט אַ ביסל געלט און זענען אַריינגעטרעטן אין אַ פאַרבאַנד וואָס האָט זיך געגרייט צו באַזעצן אויף ערד און שאַפן אַ ניי דאָרף.

זיי האָבן געוואָלט וואָס מער פאַרדינען און אָפּשפּאָרן, אַז עס זאָל זיי שפּעטער, ווען זיי וועלן זיך באַזעצן אויף ערד, זיין גרינגער. אין צווישן זענען זיי אַריבער קיין תל־אביב, געדונגען אַ צימער מיט אַ דריטל קיך אין אַ באַראַק אין שכונת מחלול, ביים ים. חנה איז אַוועק אַרבעטן אַלס קעכין אין אַ רעסטאָראַן. יואל איז געוואָרן טרעגער ביי דער באַן. ער האָט געטראָגן זעק צעמענט. שפּעטער איז ער געוואָרן אַ מויערער־געהילף, געגרייט דעם טינק און דערנאָך געוואָרן אַליין אַ מויערער. מיט דער צייט איז ער געוואָרן אַ שטובן־קאַלכער, אַליין אָנגענומען אַרבעט און פאַרדינט אַ סך מער. דאָס פאַך האָט אים אויסגעלערנט יידל, אַ נידע־ריקער ברייטביייניקער ייד מיט אַ קיילעכיק בערדל, ביי וועלכן זיי האָבן געוווינט. ער איז געווען אַן אלמן און חנה האָט אים אַרויסגעהאָלפן אין זיין ווירטשאַפט.

פון דאַנען זענען זיי שוין איבערגעגאַנגען קיין „אסף". זייער איינציקע טאָכטער רינה איז געבוירן געוואָרן אין זייער נאָר וואָס אויסגעבויט הייזל, וואָס איז באַשטאַנען פון אַנדערהאַלבן צימערן. ווען רינה איז געבוירן געוואָרן, איז חנה שוין געווען אַ פרוי פון איבער די דרייסיק.

איצט געהערן די רחביהס צו די איינגעזעסענע מתיישבים אין „אסף״, זענען באַליבט אין דאָרף. יואל האָט געהאַט אַ באַס־שטימע און גערעדט געלאַסן. נישט געוועזן דער פאַל, אַז ער זאָל וועמען טרעפן און אים נישט פאַרהאַלטן, אים אויס־פרעגן ווי עס גייט אים, וואָס ער טוט און וואָס עס מאַכט די משפּחה. אויף אַ שמחה אין דאָרף האָט מען די ערשטע פאַרבעטן די רחביהס. חנה איז געווען פאַרטאָן אין דער ווירטשאַפט. זי האָט געזאָרגט, אַז אַלץ זאָל זיין אין דער צייט און אויפן פּלאַץ. איר שטימע איז געווען לויטער און זי האָט גערעדט שטיל. אין איר געבורט־שטאָט האָט זי געזונגען אין כאָר פון דער גימנאַזיע, ווו זי האָט געלערנט. אַ געבויגענע איבער אַ בייט ביים אַרויסרייסן די ווילדע גרעזער אָדער ביים אונטערבינדן אַ קוסט, האָט זי יעדן פאַרבייגייער די ערשטע געזאָגט שלום. אויב זי האָט זיך דערוווּסט, אַז אַ משפּחה גרייט זיך צו אַ שמחה אָדער אַז ביי אַ משפּחה איז פאַראַן, חלילה, אַ צרה, איז זי באַלד אַהינגעגאַנגען. באַשיידן, מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן, זי זאָל חלילה נישט אָנרירן יענעמס כבוד, פלעגט זי שטיל אויספרעגן די מאַמע פון דער משפּחה ווי אַזוי עס גייט איר.

רינה, זייער טאָכטער, די מאַמע פון די צוויי יינגלעך איז געווען הויך און שלאַנק. זי האָט געהאַט זגראַבנע פּיס און אַ טונקל־בלאָנדן געלאָקטן קאָפּ אונטער־געשוירענע האָר. די מוטער האָט דערציילט, אַז זי איז ענלעך צו איר שוועסטער, די מומע רחל. רינה האָט אַרויסגעהאָלפן אין דער ווירטשאַפט, גערוימט די צימערן, געוואַשן און געפּרעסט די וועש.

איצט האָט רינה זיך דערלויבט. זי איז מיט איר מאַן יהודהן געפאָרן קיין נתניה זען אַ פילם, קיין תל־אביב זען אַ טעאַטער־פאָרשטעלונג, געקויפט אַ בוך, אַבאָנירט פּעריאָדישע אויסגאַבן איבער פּעדאַגאָגיע.

איר יוגנט איז נישט געווען קיין לייכטע. זי איז אויפגעשטאַנען ווען דער טאָג האָט נאָר געגרויט, זי זאָל באַוויזן מיטן ערשטן אויטאָ פאָרן קיין תל־אביב. זי האָט געלערנט אין לערער־סעמינאַר אויפן נאָמען פון לעווינסקי. ווען די עלטערן האָבן זיך איינגעשאַפט די ערשטע צוויי קי, האָט רינה זיך מיט זיי מטפל געווען, אַ מאָל אויך געמאָלקן. נישט איין מאָל האָט זי געמוזט לערנען ביז שפּעט אין דער נאַכט. יעדע פרייע שעה איז זי געזעסן איבער אַ בוך, האָט געוואָלט וואָס מער וויסן. זי איז אויך עטלעכע יאָר, ביז עס איז איר געבוירן געוואָרן איר צווייט קינד, געווען לערערין ביי זיי אין דאָרף, געלערנט אין די קלענערע קלאַסן. די קינדער זענען געווען צו איר צוגעבונדן. זיי האָבן יעדן אין דער פרי געוואַרט מיט אומגעדולד זי זאָל אַריין אין קלאַס און אין אַ כאָר אַ זאָג געטאָן: „שלום, לערערין!״ אויך די לערער האָבן געערן מיט איר פאַרפירט אַ שמועס.

זי איז געווען באַהאַווּנט אין אַ סך זאַכן. נישט איין מאָל האָט אויף אַ לערער־זיצונג דעצידירט איר דעה. איצט האָט זי זיך פאַרנומען מיט געשיכטע פון קונסט און מיט יידישער געשיכטע. זי האָט אויסגעזוכט און שטודירט ווו עפּעס אַ געדרוקט וואָרט וועגן דער יידישער פאַרגאַנגענהייט. זי איז געווען אין דאָרף די איינציקע בלאָנדע פרוי. איר פּנים האָט געהאַט אַ מעש קאָליר. זי האָט געהאַט בלויע אויגן

און אַ קורצע, דינע נאָז. דער לערער רפאל, אַ הויכער, שלאַנקער בחור מיט אַ ברייט פּנים האָט געפּרוווט זיך צו איר דערנענטערן. ער האָט אָפט נאָך דער שול זי באַגלייט אַהיים און אויפן וועג געשמועסט מיט איר וועגן פאַרשידענע ענינים. אָפט איז ער מיט איר שטיין געבליבן פאַר זייער הויז, מיט איר איינגעטענהט און געגעבן איר אָנצוהערן, זי זאָל אים איינלאַדן צו זיך אַהיים. יעדעס מאָל האָט אַ קוים מערקבאַר שמייכעלע לייכט פאַרצויגן איר אויבערשטע ליפּ. זי האָט אים נישט גענומען ערנסט. זי האָט געדענקט איר פאָטערס אָנצוהערעניש, אַז די ווירט־שאַפט וואַרט אויף אַ יונגן, שטאַרקן מאַן. רפאל איז אויך נישט געווען איר טיפּ. ער האָט געהאַט שמאָלע הענט און לאַנגע דינע פינגער.

זאב, דער שול־דירעקטאָר, איז געווען אַ הויכער, עטוואָס געבויגענער מאַן, האָט געהאַט אַ פּליישיקן קאָפּ און אויפגעריסענע אויגן ווי ער זאָל קוקן פאַרוווּנ־דערט אויף יעדער זאַך. ער איז געווען דער ערשטער לערער אין דאָרף. מיט רינהן איז ער געווען שטאָלץ. זי איז געווען די איינציקע אין דאָרף, וואָס האָט געענדיקט אַלס לערערין, געגאַנגען אין זיינע דרכים. ער האָט נישט איין מאָל גערעדט מיט איר פאָטער, מיטן מאַן, אַז זי דאַרף זיך אומקערן צו איר פאַך, ווייל ס'איז אַ שאָד, אַז אירע קענטעניששן זאָלן גיין פאַרלוירן.

איר יוגנט איז געווען אַ שווערע אָבער פול מיט אינהאַלט. ווי די רעשט יוגנט אין דאָרף, האָט זי אָנגעטאָן אַ בלויע בלוזקע און קורצע האָקי־הייזלעך און געגאַנגען אין קלוב אַריין טאַנצן אַ „האָראַ" און געזונגען „מי יבנה את הגליל", געבענקט צום כנרת און צו די הרי יהודה. זי האָט אָנטייל גענומען אין די חברישע שמועסן וועגן עליה, וועגן די תפוצות און וועגן די אַראַבישע שכנים. דעם שמועס געוויינלעך געפירט נתנאל, דער ערשטער און עלטסטער זון אין דאָרף. ער האָט געפירט דעם קלוב. זי איז אויך געגאַנגען מיט אַ רוקזאַק אויף דער פּלייצע און מיט אַ גרויסן שטעקן אין האַנט אויף אויספלוגן מיט דער חברה איבערן לאַנד, האָט געקענט אַלע וואַדיס און בערג. ווען זי האָט געדאַרפט זיך אומקערן, איז די מוטער געוואָרן אומרויִק, איז ווידער און ווידער אַרויס פאַר דער טיר זען און הערן צי זי קומט שוין.

דער פאָטער האָט אַ פאַרדאגהטער געשוויגן, נאָר ווען ער האָט שוין נישט געקענט מער באַהערשן זיין אויפרעגונג האָט ער אַ זאָג געטאָן צום ווייב: „שוין נאַכט".

זי האָט פאַרשטאַנען זיין אויפרעגונג און אים באַרויִקט:

„זי וועט באַלד קומען".

אָפט פלעגט זיך די יוגנט צונויפנעמען ביים וואַסער־טורעם, זיך אַרומגעזעצט אַרום פייער, אין וועלכן זיי האָבן געבראָטן קאַרטאָפל און געזונגען לידער „מעל פּסגת הר הצופים" אָדער „בין גבולות ובדרכים ללא דרך". יצחק, אַן אויסגעוואַק־סענער בחור, וואָס איז צוליב זיין הויך געווען געבוקט, האָט געהאַט אַ שוואַרצע, צעלאָזטע טשופרינע ווי אַ פערדישע גריווע, האָט געשפּילט אויף אַן אַקאָרדיאָן. שבת־צו־נאַכטס האָט רינה אָנגעטאָן איר שוואַרצן סאַראַפאַן און געגאַנגען מיט

דער חברה טאַנצן פּאָלקס־טענץ. אַ מאָל האָט זי זיך אָוועקגעזעצט אויפן הויף, אין דער פינצטער, אין אַ ווינקל און געפּייפט אויף אַ פליייט אַ פאַרבענקטע מעלאָדיע.

אַלע מענטשן אין דאָרף האָבן זי גערן געהאַט. זי איז געווען די עלטסטע טאָכטער אין דאָרף. אַלע בחורים זענען געווען ייִנגער פון איר. נאָר צוויי פון זיי זענען געווען אַן אויסנאַם. דני איז געווען אין איר עלטער און נתנאל עלטער פון איר.ביידע זענען געקומען צו איר אין שטוב. דני איז געווען בידעריק, געהאַט אַ ברייט פּנים, אַ פלאַכן שטערן און געטראָגן ברילן. ער האָט געלערנט אין נתניה אין אַ גימנאַזיע. ער האָט זיך אַרומגעטראָגן מיט אַ שטיקל ליים און געקנאָטן פאַרשידענע געשטאַלטן און חיות. ער האָט כסדר פאַרזיכערט רינהן, אַז ער וועט פאָרן אין דער וועלט און ווערן אַ סקולפּטאָר. נתניאל איז געווען ברייטביייניק, געהאַט אַ קיילעכיק פּנים, אָן אַן אויסדרוק, און מאַטע ווי פאַרגלייזטע אויגן. ער האָט געהאַלטן אין איין פאַרזיכערן רינהן, אַז ווען ער וועט ווערן דער דאָרפס־לייטער וועט זיך אין „אסף" אַלץ ענדערן.

רינה האָט געחוזקט פון ביידע. זי האָט חתונה געהאַט מיט יהודהן. געווען מתיישבים וואָס האָבן איר פאַראיבל גענומען, הלמאי זי האָט נישט חתונה געהאַט מיט נתניאלן דעם בכור פונעם דאָרף. נאָך איר חתונה האָט רפאל קוים זיך דערוואַרט, אַז דאָס שול־יאָר זאָל זיך ענדיקן און ער איז אַוועק אין עמק.

# ג

יהודה איז געווען הויך, ברייטביייניק, געהאַט אַ לענגלעך, ערנסט, אינטערע־סאַנט פּנים, אַ קורצע פליישיקע נאָז, ברייטע וואָנצעס און אַ גערדיכטן, בלאָנדן קאָפּ האָר. זיי האָבן זיך געטראָפן אין אויטאָ פאָרנדיק קיין תל־אביב. ער האָט מיט איר פאַרפירט אַ שמועס. זיי האָבן גערעדט איבער עניינים, וואָס האָבן זיי נישט פאַר־פליכטעט, אָבער זיי זענען זיך געפעלן.

עטלעכע טעג שפּעטער ווען זי איז אַרויס פון דער שול האָט ער זי אָפּגעוואַרט. דאָס מאָל האָבן די קינדער זי נישט באַגלייט אַ היים. אויך רפאל איז שטיין געבליבן אַ געפּלעפטער. ער האָט זיי פון ווייטנס נאָכגעקוקט. אים האָט דאָס האַרץ געטיאָכקעט און ער איז אַוועק אַהיים מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ.

פון דעמאָלט אָן איז יהודה אָפּט פאַרפאָרן מיטן טענדער, אויף וועלכן עס זענען געזעסן די „גפירים". ער איז אַראָפּגעשפּרונגען און אייליק אַריין זאָגן רינהן שלום. ער איז שטענדיק געקומען צו איר אויף דער הפסקה. יהודה איז געווען דער קאָמענדאַנט פון די „גפירים", וואָס האָבן באַוואַכט די דערפער און די געגנט. די קאָמענדאַטור האָט זיך געפונען אין „שחריה", דריי דערפער ווייט פון „אסף".

מיט דער צייט האָט ער אויך אָנגעהויבן קומען צו איר אין שטוב. ווען זי

האָט אים דאָס ערשטע מאָל געבערענגט אין שטוב, האָט זי האַסטיק געעפנט די טיר און שוין אויף דער שוועל אַ זאָג געטאָן אין איין אָטעם:

— דאָס איז יהודה פון שחריה!

זי אַליין איז געווען איבערראַשט און נישט געוווסט ווי די באַגעגעניש וועט ווירקן אויף די עלטערן.

— שלום! — האָט ער אַ זאָג געטאָן די עלטערן און זיך פאַר זיי לייכט פאַרנייגט.

— שלום! — האָבן טאַטע־מאַמע אים געענטפערט און אים גוט אָנגעקוקט ווי זיי זאָלן אים אַדורכקוקן. פון איבערראַשונג האָט דער פאָטער פאַרלייגט איין האַנט איבער דער אַנדערער ווי ער זאָל זיך אַליין געבן שלום.

פון דעמאָלט אָן איז ער שוין אָפט געקומען צו איר אין שטוב. רינה האָט מיט אים פאַרברענגט ביחידות. טאַטע־מאַמע האָבן געשוויגן און געוואַרט. זייער שווייגן איז געווען פול מיט זאָרג פאַר דער צוקונפט פון זייער טאָכטער. דאָס ערשטע מאָל ווען זיי האָבן אים געענטפערט שלום האָבן זיי זיך איבערגעקוקט. ביידע בליקן זענען געווען שטאַר, ווי זיי זאָלן בלאָנדזשען. ווען ער איז געבליבן ביז שפעט, האָבן די עלטערן געוואַרט, נישט געגאַנגען שלאָפן. יעדער באַזונדער האָט זיך געשלייכט איבער די צימערן, ווי ער זאָל זיך פאַרעגן ביי עפּעס.

איין מאָל, ווען יהודה האָט זיך פאַרהאַלטן לענגער, האָט די מוטער אָן אויפ־געהייטערטע שטיל אַ פרעג געטאָן יואלן:

— דאָס איז ער?

איר פראַגע האָט איבערראַשט יואלן. ער האָט פאַרפרעסט די ליפּן און זיך פאַרטראַכט. אַ ווײַלע שפּעטער האָט ער אַ שטאַמל געטאָן:

— ווייזט אויס...

איינער האָט זיך איינגעקוקט אין אַנדערן. זייערע אויגן זענען געווען אויפ־געריסן. אַ ווײַלע שפּעטער האָט יואל אַ זאָג געטאָן:

— ער דאַרף זיין אַ גוטער בחור...

ער האָט אָפּגעאָטעמט, ווי ער זאָל האָבן עפּעס אַראָפּגעשלונגען. בייביידן זענען די אויגן געוואָרן פייכט. ביידע האָבן דערפילט די שטילקייט אַרום זיך, ווי זיי זאָלן זי אָנטאַפּן. ווען זיי האָבן זיך באַרויִקט האָט חנה אַ זאָג געטאָן:

— פאַר צו קיין שחריה, פרעג זיך נאָך ווער ער איז?...

יואל האָט זי אָנגעקוקט פאַרוווּנדערט, ווי זי זאָל אים הייסן טאָן אַן אויסטער־לישע זאַך. ערשט אַ ווײַלע שפּעטער האָט ער אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ:

— ביסט גערעכט...

אין איינער פון די נעכט, ווען רינה האָט פליסטערנדיק „יהודה שלום" שטיל פאַרמאַכט הינטער אים די טיר, האָט זי זיך אויסגעדרייט און איז שטיין געבליבן, ווי זי זאָל וועלן גיין צוריק. ערשט איצט האָט זי זיך געכאַפּט, אַז אין די חדרים ברענט ס'ליכט און די עלטערן זענען וואַך. אירע באַקן האָבן אַ פלאַם געטאָן.

— רינה! — האָט דער פאָטער זי אַ רוף געטאָן און שטיל געבליבן.

זי האָט פֿאַרזשמורעט די אויגן און זיך איינגעקוקט אין איין פּונקט. אויף איר שטערן האָבן זיך באַוויזן קנייטשן. מיט אַ מאָל האָט זי אַ זאָג געטאָן ווי זי זאָל רעדן צו זיך:

— ער האָט זיך דערצויגן אין שפּיה, האָט געענדיקט „כדורי״ — זי האָט געוווסט וואָס אירע עלטערן ווילן וויסן.

פֿאָטער און מוטער, וועלכע זענען געזעסן ביים טיש אין עס־צימער, האָבן זיך אונטערגעהויבן ווי זיי זאָלן וועלן צו איר צוגיין אָבער ביידע זענען זיי זיצן געבליבן. דער פֿאָטער האָט אויסגעשטרעקט דעם האַלדז ווי אַ גאַנדז ווען זי דערפֿילט אַ סכנה. די מוטער איז געבליבן מיט אַן אָפֿן מויל. איר אונטערשטע ליפּ האָט געציטערט.

רינה האָט זיך צו איר דערנענטערט און זיך אָנגעלענט אין דער טיר־פּוטרינע פֿון עס־צימער און ווייטער גערעדט, ווי זי זאָל זיך אַליין באַשטעטיקן דאָס דערציילטע:

— יהודה איז אַ יתום. מען האָט אים געברענגט אין לאַנד אַריין נאָך די פּאָגראָמען אין אוקראַינע. ער האָט זיינע עלטערן כמעט נישט געדענקט. די היידאַמאַקעס האָבן זיי דערמאָרדעט... יהודה קאָן יעדן שטעג אין לאַנד. ער איז אַן ערד־אַרבעטער, געווען אַ חבר אין „הגנה״, אין דער באַפרייאונגס־מלחמה איז ער פֿאַרוווּנדעט געוואָרן, געבליבן אים אַ שראַם אונטערן לינקן אויערן און אַ דורכגע־שאָסענער פֿוס... איצט איז ער אַ „גפיר״.

די עלטערן, וואָס האָבן איר געקוקט אין מויל אַריין בשעת זי האָט גערעדט, האָבן זיך נאָך איר שטיל בלייבן איבערגעקוקט. רינה האָט אויסגעגליכן אירע אַקסלען, זי איז צוגעגאַנגען צום פֿאָטער און אים אַ קוש געטאָן. זי האָט זיך צוגעבויגן צו דער מוטער, צוגעלייגט איר צעהיצטע באַק צו איר פּנים און אָן אַ וואָרט, איז זי אַריין צו זיך אין צימער.

די עלטערן זענען געבליבן זיצן דערשטוינט, ווי מענטשן וואָס זענען געשטאַנען ביי אַ וואָגן, וועלכער איז זיי אַוועקגעפֿאָרן. אַ טרער האָט זיך באַוויזן אין דער מוטערס אויגן־ווינקלען. דער פֿאָטער האָט איבערגעפֿירט זיין שפּיץ צונג עטלעכע מאָל איבער זיינע אָפּגעלענטע ליפּן.

— קום שלאָפֿן! — האָט חנה אים אַ רוף געטאָן. ביידע האָבן זיך אויפֿגעשטעלט און זענען אַריין צו זיך אין שלאָף־צימער. ווען יואל האָט פֿאַרמאַכט די טיר הינטער זיך האָט חנה אים אַ זאָג געטאָן:

— מיר זענען נישט געווען אַנדערש...

זיי, חנה און יואל זענען געווען קינדער פֿון מעבל־סוחרים, וואָס זענען געווען שותּפֿים אין האַנדל, אָבער זייער משפּחה־ייִחוס איז נישט געווען קיין גלייכער. זי האָט געענדיקט אַ גימנאַזיע, ער האָט נאָר געלערנט אין אַ ישיבה. ביידע האָבן אָבער געהערט צו דער ציוניסטישער יוגנט. זי האָט ביי אים געלערנט עברית.

יהודה איז ברייטבייניק און פֿעסט. אין משך פֿון דער צייט האָט ער אויף זיך גענומען וואָג. די אַרבעט האָט אים שטאַרק געמאַכט. ער שטייט אויף אין באַגין,

ווען אויפן ווייטן האָריזאָנט זענען נאָך פאַראַן שפּורן פון דער פאַרגאַנגענער נאַכט. אין אַ צעכראַסטעטע העמד און אין שווערע גומי־שטיוול אויף די פיס, גייט ער אַרויס צו דער אַרבעט.

דער מאָרגנטוי ליגט פונאַנדערגעשפּרייט איבער דער סביבה ווי אַ דורכזיכטיק געוואַנט. אָנגעזאַמלטע אין דער נאַכט טוי־טראָפּנס זיצן אויף יעדן בלעטל און גרעזל. יהודה שפּרייזט איבערן הויף און אָטעמט אין זיך די פרישקייט פון אויפ־גייענדיקן מאָרגן. אויפן וועג דרייט ער אויף די וואַסער־קראַנען, כדי די הינער זאָלן טרינקען פריש וואַסער. ווי נאָר ער שליסט אויף די טויערן און טרעט איבער די שוועל פון דער שטאַל, באַגעגענען אים די קי מיט אַ ברייטן אויסגעבענקטן דורך דער נאַכט מרוקען. די הענער ענטפערן זיי מיט אַן אויסגעצויגענעם קר־קו־רי־קו, באַגלייט מיט אַ קאָ קאָ קאָ פון די הינער. דער אייזל האַלט זיי אונטער מיט זיין עיקשדיקן אי־אַה! אי־האַ!

שוין אויף דער שוועל כאַפּט ער אַ קוק צי אַלץ איז כשורה ביי די בהמות און נעמט זיי דערלאַנגען עסן. די בהמות וואַרפן מיט די ווידלען, לאָזן אַראָפּ די אויערן, שטרעקן אויס די העלדזער און עסן אַרויס פון די זשלויבן. פון דאָרט גייט ער צום אייזל. דאָס אייזל שטרעקט אויס זיין קאָפּ, שפּיצט אָן די אויערן און צעשפּרייט זיינע נאָזלעכער, שמעקט צום היי וואָס יהודה האָט אים געברענגט.

איצט גייט יהודה איבער מיט אַ הילצערנער גראַצע איבערן שטאַל־אָפּלויף, וואָס פירט אין מיסט־גרוב אַריין. דערנאָך פאַרשאַרצט ער די אַרבל, וואַשט די הענט ביז איבער די עלנבויגנס און זעצט זיך מעלקן די קי. די רויטע ווייס געפּלעקטע כינגע הייבט אויף דעם קאָפּ פון זשלויב ווי נאָר זי דערפילט דעם ערשטן צי ביים אייטער. אירע תמימותדיקע אויגן ווערן פאַרלאָפּן. זי צעשטעלט נאָך ברייטער אירע הינטערשטע פיס און עסט ווייטער.

— שלום יהודה! — האָט אַ דיקע מענער־שטימע אַ זאָג געטאָן. יואל איז געקומען אים העלפן. ביי די רחביהס האָט יעדער געטאָן זיין אַרבעט. יהודה האָט געאַרבעט פון גאַנץ פרי ביז שפּעט. ער, וואָס איז פון קינדווייז אָן געוווינט געווען צו דאגהן פאַר זיין יונגער משפּחה, האָט זיך נישט געשפּאָרט ביי דער אַרבעט. די פּעל אויף די קי האָט געגלאַנצט ווי זי זאָל זיין אויסגעפּוצט. די שטאַל איז געווען ריין. די קי זענען שטענדיק געווען אונטערגעבעט, די מיסטגרוב איז געווען איבערגעדעקט מיט אַ שיכט שטרוי. די מילך־קאַנען און די טעפּ האָבן געגלימערט. די פּעק שטרוי אינעם שייער זענען געלעגן אויסגעסדרט. פון די וואַסער־קראַנען האָט נישט געטראָפּט. די אַרבעטס־כלים זענען געווען גלייך אויסגעלייגט און אויסגעשטעלט, גרייט צום באַנוצן.

אַנומלט, ווען נאַנאַ, די שוואַרצע קו מיטן ווייסן פלעק אויפן פאָרנט פון קאָפּ, האָט געדאַרפט זיך אָפּקעלבן, איז יהודה געזעסן כמעט די גאַנצע נאַכט אין שטאַל און ביי אַ לאָמטערן־ליכט געלייענט אַ פאַכמענישן זשורנאַל, פון וועלכן ער האָט זיך דערוווּסט, וועלכע נייע זוימען עס איז גוט צו פאַרזייען און ווי מען דאַרף זיך מיט זיי באַגיין. דערביי האָט ער געפּיקט אַ טליענדע פייקע.

יואל איז אין דער נאַכט געקומען עטלעכע מאָל זען און יעדעס מאָל איס געפרעגט:

— יהודה, ווי האַלט עס?

— נאָך אַ ביסל — האָט ער יעדעס מאָל אים געענטפערט און באַלד צוגע־געבן:

— גייט שלאָפן!

רינה, מיט אויפגעריסענע פון שלאָף אויגן און מיט באָרוועסע פיס אין אָפענע לאַטשן און אין אַ האַלב פאַרקנעפּלטער בלויער, געבלומטער פּיזשאַמע, פון וועל־כער עס האָט אַרויסגעשטאַרט אַ יאַדערדיקע ברוסט, האָט אים אין מיטן נאַכט געברענגט אַ סענדוויטש און אַ טעפּל שוואַרצע קאַווע.

— ביסט מיד? ווילסט שלאָפן? — האָט זי אים אַ פרעג געטאָן און אַ קוק געטאָן צו דער קו, זען ווי עס האַלט מיט איר. זי האָט אים דערלאַנגט דאָס עסן און שטיפעריש אַריינגערוקט די פינגער אין זיין צעשויבערטע טשופּרינע. איר פאַרשלאָפן פּנים איז געווען באַחנט.

ער האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ.

— ניין, גיי שלאָפן — האָט ער געזאָגט און איינגעביסן דעם סענדוויטש.

— קום, ס׳איז מיר אומעטיק — האָבן אירע אויגן אַ לאָך געטאָן.

ער האָט זי אָנגעקוקט פון אונטערן שטערן. זיין מויל איז געווען פול און זיין פּנים האָט געשמייכלט.

אַ גוטע נאַכט! — האָט זי אַ זאָג געטאָן און איז אַרויס פון שטאַל.

יהודה האָט געהערט דאָס לאַפּען פון אירע פּאַטעס אין די לאַטשן.

ווען נאַנאַ האָט אָנגעהויבן געבערן, האָט יהודה צעשטעלט די פיס אַזוי ווי די קו און מיט פאַרשאַרצטע הענט פאַמעלעך געצויגן דאָס קעלבל ביי די אויערן. ער האָט דאָס אָפּגענומענע קעלבל גענומען אויף די הענט און עס אַוועקגעלייגט אויף דעם אונטערגעשפּרייטן פרישן שטרוי, אויסגערייניקט די נאָזלעכער און אָפּגע־ווישט דאָס פליישיקע רויע פּיסקל. די מוטער־קו, אַ פאַרשוויצטע מיט אָנגע־שפּיצטע אויערן, האָט געציטערט פון מידקייט און באַלעקט איר ניי־געבוירן קעלבל. יהודה האָט מיט מידע אויגן באַטראַכט די קו און דאָס קעלבל, צי עס איז אָן אַ מום, און האָט מיט דער האַנט אַ גלעט געטאָן דער קוס האַלדז. ווען דאָס קעלבל האָט וואַקלענדיק זיך אויסגעדרייט און אויסגעשטרעקט דעם קאָפּ צו דער קוס אייטער, זי געגומען זייגן, האָט נאַנאַ אַ שטילן מרוק געטאָן, אויסגעדרייט איר קאָפּ און געקוקט אויף איר קעלבל. יהודה איז געשטאַנען מיט אַן אָפן מויל און פון זיינע פאַרמרוזשעטע אויגן האָט געשלאָגן פרייד. שפּעטער האָט ער פאַרמאַכט דעם טויער פון שטאַל און איז אַוועק אין שטוב.

די רחביהס האָבן געהאַט נאָר איין טאָכטער, רינה. איצט איז יהודה געווען פאַר זיי אַ זון. חנה, די מוטער, האָט מיט שטילער ליבע אָן ווערטער זיך געמיט אַנטקעגנקומען יהודהן. איין טאָג אין וואָך איז דער מיטאָג באַשטאַנען פון געדינצט פלייש און אַ קרויטבאָרשטש. דאָס זענען געווען יהודהס באַליבטע מאכלים. זי האָט

פאַר אים אָנגעשטעלט אויך טעפּלעך זויערמילך. אָפט איז ער אַריין פון הויף אַ פאַרשוויצטער און זיך אַוועקגעשטעלט ביי דער אייזשאַנק זוכן און געפונען אַ טעפּל זויערע מילך. חנה האָט פון אַ זייט געקוקט אַ צופרידענע ווי ער טרינקט מיט הנאה. זי האָט נישט פאַרגעסן אָנצוזאָגן רינהן, ווען זי איז געגאַנגען אין דער צרכניה אַריין, זי זאָל קויפן ציבל־פּלעצלעך ווייל יהודה האָט די פּלעצלעך געגעסן מיט אַפּעטיט.

יהודה האָט זיך נישט געשפּאָרט. ער האָט געטאָן איין אַרבעט נאָך דער אַנדערער. דער פאָטער איז פאַקטיש געווען זיין געהילף, האָט זיך פאַרנומען מיט דער ווירטשאַפט, אַוועקגעפירט די מילך און די אייער, געפאָרן מיטן אייזל אין פעלד אַריין ברענגען די פאַשע פאַר די בהמות, וועלכע יהודה האָט אָנגעשניטן.

יואל פון זיין זייט האָט זיך די מי געגעבן יהודה זאָל אַלץ וויסן און מסכּים זיין. אָפט האָט ער זיך אַוועקגעזעצט מיטן איידעם אויפן הויף, אָדער אויף דער וועראַנדע און ביידע מענער, אָנגעהעריקע צו צוויי דורות, פלעגן איבערשמועסן אַן ענין; ווען און ווער עס וועט אַקערן די ערד, ווי אַזוי מען דאַרף זייען, אַקערן, זעצן; ווי עס ווערט געטאָן די אַרבעט אין פּרדס, ווי זעט אויס דאָס גערעטעניש; ווען מען זאָל באַשטעלן די נייע סטאַדע קורטשיקלעך, ווען מען דאַרף שיקן די הינער וואָס האָבן אויפגעהערט צו לייגן, אין שטאָט אַריין אָדער אַז מען זאָל פאַר־קויפן אַ קו, וואָס האָט אויפגעהערט געבן מילך.

אַנומלט, ווי נאָר די מאַמע מיט דער טאָכטער האָבן געזען, אַז דער פאָטער מיטן איידעם האָבן זיך אַוועקגעזעצט, האָט חנה אַ זאָג געטאָן רינהן:

— גיב זיי צו טרינקען!

רינה האָט באַלד זיי אונטערגעטראָגן צוויי ערדענע טעפּלעך מיט שטאַרקער טיי. יהודה איז געזעסן מיט אַראָפּגעלאָזטע הענט, אָפּגערוט זיך פון דער אַרבעט און גערייכערט זיין קורצע, דיקע פייקע. יואל איז געזעסן מיט פאַרלייגטע איבער די קני הענט. די צוויי אייניקלעך זענען צוגעלאָפן צו זיי. איינער איז אַרויפגעקראָכן אויפן טאַטנס שויס, דער אַנדערער אויפן זיידנס. ביידע ייִנגלעך, חגי דער עלטע־רער און רפי דער ייִנגערער זענען געווען ענלעך צום פאָטער. זיי האָבן זיך נאָר אונטערגעשיידט מיט די האָר. חגי האָט געהאַט שוואַרצע האָר, רפי איז געווען בלאָנד.

ביידע, דער טאַטע און דער זיידע, האָבן געטוליעט צו זיך די ייִנגלעך. די ייִנגלעך האָבן זיך צוגעהערט וואָס דער זיידע מיטן טאַטן רעדן אָבער אין צווישן האָט חגי אַ בעט געטאָן דעם זיידן:

— זיידע, נעם אונדז מיט אין פעלד אַריין...

דער זיידע האָט זיך צעשמייכלט. באַלד דערויף האָט חגי זיך אַ רייץ געטאָן מיטן ברודער.

— איך זיץ אויפן זיידן, נישט דו...

אַ ווײַלע האָט רפי געשוויגן אָבער אַ ביסל שפּעטער האָט ער פאַרגעשלאָגן חגין:

— בייט זיך מיט מיר.

חגי האָט אים נישט געענטפערט. ער האָט נאָר רפין אַ זאָג געטאָן:

איך וועל פאָרן מיטן זיידן אין פעלד, נישט דו...

פון כעס האָט רפי אַ ריס געטאָן חגין ביי די האָר און זיך צוגעטוליעט צום פאָטער.

דער זיידע האָט אַ זופּ געטאָן פון דער טיי און האָט מיט אַ ליבן בליק אָנגע־קוקט ביידע ייִנגלעך.

חנה, די באָבע, איז געשטאַנען אונטערן פענצטער־פאָרהאַנג מיט די הענט פאַרלייגטע פון פאָרנט און זיי באַטראַכט. אירע אויגן זענען געווען גרויס און האָבן געגלאַנצט.

אויך די מענטשן אין דאָרף האָבן געשעצט יהודהן. נישט געווען דער פאַל, אַז אַ ייד זאָל פאַרבייגיין און דערזעענדיק יהודהן אים נישט אַריבערשרייען איבערן פלויט:

— שלום, יהודה!

יהודה האָט געענטפערט שלום אַפילו ווען ער האָט נישט געזען ווער דער ייד איז און געטאָן ווייטער זיין אַרבעט.

יהודה איז געווען דער יונגער מתיישב אין דאָרף וואָס האָט געענדיקט אַן אַגראַר־שול. צו אים זענען געקומען די מתיישבים זיך באַראַטן ווי אַזוי זיי זאָלן היי־יאָר בייטן זריעות אין זייערע פעלדער. זיי האָבן אים געפרעגט מיט וואָס פאַראַ מיטלען זיך באַנוצן ווען אַ זריעה איז נישט געהעריק אויפגעגאַנגען. ווען מען האָט אויסגעשטיינערט דרייסיק דונאַם ערד פונעם קאָלעקטיוון שטח אונטערן פּרדס האָט יהודה דעצידירט וואָס מען זאָל אויף זיי פלאַנצן.

מאירי, דער דאָרפסלייטער, אַ נידעריקער, דיקלעכער ייד מיט אַ גוטמוטיק פנים און דיקע אויסגעאַרבעטע הענט האָט געבעטן יואלן, ער זאָל אין אָוונט קומען מיט יהודהן אויף דער פאַרזאַמלונג.

דער אָוונט איז געווען אַ הייסער. די מתיישבים זענען זיך צונויפגעקומען אין דרויסן פאַרן בית־עם אונטער דער אויפגייענדער לבנה. דער וויכוח צי דאָס דאָרף זאָל פלאַנצן נאָך שאַמוטי־מאַראַנצן אָדער פרווון פלאַנצן אשכוליות איז אָנגעגאַנגען צווישן די מתיישבים געגנוג לאַנג. די קעגנער האָבן געטענהט, אַז די וועלט קאָן נאָך נישט די אשכוליות. די מתיישבים זענען געזעסן אויף דער ערד, ווער פון זיי מיט אויסגעצויגענע פיס און ווער אויף אונטערגעלייגטע אונטער זיך פיס. פון מאָל צו מאָל האָט אַ פלאַקער געטאָן אַ פלאַם פון אַ שוועבעלע וואָס האָט אויף אַ ווייילע באַלויכטן דאָס פנים פון דעם וואָס האָט אָנגעצונדן דעם ציגאַר.

יהודה האָט די גאַנצע צייט געשוויגן, אָבער ווען די האַלבע לבנה האָט זיך אַוועקגעשטעלט די מתיישבים אַנטקעגן, האָט מאירי אַ פרעג געטאָן:

— יהודה, וואָס זאָגסטו?

דאָס געשפרעך האָט זיך איבערגעריסן. די מתיישבים האָבן אויסגעשטרעקט די קעפּ ווי זיי זאָלן וועלן זען יהודהן אין דער פינצטער.

יהודה האָט אַרויסגענומען פון מויל זיין טליענדע פּייקע און געלאָזן אַ זאָג געטאָן וואָרט נאָך וואָרט:

— „אסף״ האָט שוין צוויי הונדערט דונאָם שאַמוטי. די אשכוליות זענען אַ פּרוכט וואָס האָבן ליב אַ שווערע ערד און האָבן אַ צוקונפט אין דער וועלט. עס איז אויך גוט — האָט ער צוגעגעבן — אַז אַ דאָרף זאָל ציכטן נאָך אַ מין פּרוכט.

— דאָס איז עס! — האָט מאירי צוגעשטימט.

— נו, גוט, גוט! — האָבן עטלעכע שטימען אַ זאָג געטאָן, ווי זיי זאָלן אַריינרעדן אין דער פינצטער און גענומען זיך אויפשטעלן.

די מתיישבים זענען זיך פונאַנדערגעגאַנגען, אין צווייען, אין דרייען. זיי האָבן ווייטער פאַרגעזעצט דעם וויכוח. מאירי איז געגאַנגען מיט יואלן. ביידע האָבן געשוויגן. מיט אַ מאָל האָט מאירי חבריש אַ קלאַפּ געטאָן יואלן אין פּלייצע און אים אַ זאָג געטאָן:

— יואל, האָסט אַן אײדעם, אויף מיר געזאָגט!

יואל האָט אים נישט געענטפערט. ערשט אַ ווײַלע שפּעטער האָט יואל אַ רוף געטאָן:

— יהודה!

— איך גיי! — האָט יהודה אים געענטפערט פון ווייטן.

יואל האָט מיט אַ פינגער זיך אויסגעריבן זיין אויבערשטע ליפּ פון פרייד און נחת.

# ד

די ימים, די בערג און דער מדבר האָבן אַרומגערינגלט דאָס לאַנד. שיפן און עראָפּלאַנען האָבן כסדר געברענגט צו די ברעגן פון לאַנד עולים און פּליטים פון אַלע עקן וועלט. יידן פון מזרח, וואָס האָבן דורות לאַנג געבענקט קיין ירושלים און יידן פון אייראָפּע, די געבליבענע נאָך דער שואה. עס זענען נישט געווען גענוג הייזער אין לאַנד און ווייניק איז אויך געווען שפּייז. די ניי־אָנגעקומענע עולים האָט מען איינקוואַרטירט אין די אויפגעשטעלטע געצעלטן אין די פאַרלייגטע „מעברות״ און זיי פאַרטיילט טאָג־ראַציעס צום עסן.

אונטער דעם שטיין־זאַמדיקן שטח, צופוסנס די פעלזן־ווענט וואָס האָבן זיך געקרישלט, באַדעקט דעם שטח, איז געשטאַנען די מעברה „אסף״. די מעברה־מענטשן האָבן געדאַרפט זיין די טאָג־אַרבעטער ביי די מתיישבים אין דער סביבה.

די פונאַנדערגעשטעלטע שפּיציקע געצעלטן, פיר און צוואַנציק אין דער לענג און צוועלף אין דער ברייט, האָבן געשטאַרט אין דער הויך ווי זיי זאָלן לעכערן דעם בלויען הימל. וואַסער־רערן מיט אַרויסגעלאָזטע קראַנען האָבן געטיילט די געצעלט־שורות. אין דער זייט, אָפּגעטיילט פון די געצעלטן, זענען געשטאַנען

בלעכענע באַראַקן. דאָס זענען געווען די באַקוועמלעכקייטן און די וואַסער־טושן. ביים איינגאַנג אין דער מעברה איז געשטאַנען אַ גרויסער הילצערנער באַראַק. אין אים האָט זיך געפונען די מעברה־פאַרוואַלטונג. פון דער צווייטער זייט מעברה האָט מען געבויט עטלעכע הילצערנע באַראַקן וואָס האָבן געדאַרפט זיין אַ שול און אַ פרעבל־שול און אויך אַ שול צום דאַוונען. איין באַראַק האָט געדאַרפט זיין דער יוגנט־קלוב. די מענטשן האָבן זיך געמאַכט פאַר אַ ציל צו שפּאַצירן איבער דער מעברה, ווייל זיי האָבן נישט געהאַט וואָס צו טאָן. זיי האָבן געוואָלט זען ווי יידן אַרבעטן און בויען. די מעברה איז געווען אָפן, נישט אַרומגעצוימט. יעדער האָט געקאָנט קומען און גיין, פריי, ווי די ווינטן, וואָס האָבן געיאָמערט אין די נעכט און געקלאַפּט אין די לייוונטענע געצעלטן.

די מענטשן זענען זיך געווען פרעמד. די מעברה האָט אויסגעזען ווי אַ קאָליר־פולער מאַרק. געווען יידן, וואָס האָבן געטראָגן קעלנער און קראַוואַטן און אויך טונקל־געשטרייפטע אַנצוגער. געווען יידן, וואָס האָבן געטראָגן געשטרייפטע כאַ־לאַטן, ברייטע שאַרוואַלן (הויזן מיט אַ ברייטן לאָדן ווי אַן אַנגעבלאָזענער זאַק) און אַ טורבאַן אויפן קאָפּ. געווען יידן, וואָס האָבן שוין געטראָגן די באַקומענע האַקי־מלבושים. געווען פרויען וואָס זייערע קעפּ זענען געווען פאַרקעמט און האָבן געטראָגן דעקאָלטירטע קליידער. אַנדערע האָבן געטראָגן ברייטע צעלאָזטע פאַר־ביקע קליידער און זייערע קעפּ זענען געווען אַרומגעבונדן מיט פאַרביק געבלומטע טיכער.

איינער איז געווען פרעמד דעם אַנדערן אָבער אַ סך משפחות האָבן זיך געביטן מיט די געצעלטן. געווען משפחות, וואָס האָבן געוואָלט ווינען צווישן זיך אין זייער עדה און חמולה. צוויי משפחות אַלטע לייט פון אַ דזערבע־חמולה האָבן זיך אַריינ־געצויגן אין איין געצעלט און אין דעם באַפרייטן געצעלט איינגעאָרדנט אַ שול.

יעקב, אַ דאַרער, געבוקטער ייד מיט אַ לאַנגער, שפּיציקער נאָז און אין אַ פאַר־רוקטן איבערן קאָפּ קאַשקעט איז געקומען צו לויפן און געשריגן צו זיי:

עס איז אוממעגלעך, אַז יעדע חמולה זאָל זיך פאַרלייגן אַ שול. מען בויט דאָך אַן אַלגעמיינע שול, ווו אַלע וועלן קאָנען דאַוונען...

די יידן האָבן געשוויגן און נישט געענטפערט קיין וואָרט.

יעקב האָט נישט געקאָנט איבערטראָגן זייער פאַרעקשנט שווייגן און געפרעגט:

— נו?...

ניסים, אַ הויכער, דיקער ייד מיט אַ ברייט קנאָכיק פּנים און גרויער נישט ראַזירטער באָרד, מיט אַ פלאַטשיקער נאָז, האָט אים אַ זאָג געטאָן ווי ער זאָל רעדן צו זיך:

— לאָזט אונדז דאַוונען לויט אונדזער נוסח...

אין דרויסן, פאַר די געצעלטן זענען געזעסן פרויען אויף אונטערגעלייגטע אונטער זיך פיס און אויף אַ פּרימוס אָדער נאַפט־אויוון געקאָכט באַליבטע מאכלים אָדער געבריט קאַווע פאַר זייערע מענער. דאָ און דאָרט האָבן פון געצעלטן־שפּאַרעס אַרויסגעשטאַרט קעפּ פון פרויען און קינדער. זייערע גרויסע, טרויעריקע אויגן

האָבן געקוקט אין דער ווייט וואָס איז געווען אַזוי נאָענט. זיי האָבן געוואַרט, די צייט זאָל קומען, זיי זאָלן גיין זיך אַוועקשטעלן אין דער ריי און נעמען עסן פֿאַר זייערע משפּחות. פֿאַרנאַכלעסיקטע מענער האָבן זיך געשלייכט איבער דער סביבה מיט אַראָפּגעלאָזטע הענט און אויסגעגלאָצטע אויגן, נישט וויסנדיק ווו זיי וועלן זיך אַהינטאָן.

געווען יידן וואָס האָבן מורא געהאַט זיך דערוויטערן פֿון דער מעברה און זיי האָבן זיך געשלייכט צווישן די געצעלטן, ווי זיי זאָלן מורא האָבן זיך דער־ווייטערן פֿון זייער עקזיסטענץ. פֿונאַנדערגעזעצט איבער די זאַמדן זענען זיי געזעסן אין קרענצלעך אויף אונטערגעלייגטע אונטער זיך פּיס ווי מדבר־וואַנדערער ווען זיי רוען. זייערע אויגן זענען געווען מאַט, אויסגעלאָשן און זיי האָבן פֿאַמעלעך צווישן די ליפּן גערעדט ווי זיי זאָלן ברומען, זיך דערמאָנט ווי עס איז געווען מעבר לים ווען זיי האָבן געהאַפּט קומען קיין ירושלים. טראָץ דעם האָט איינער געהערט וואָס דער אַנדערער זאָגט.

ווען זיי זענען מיד געוואָרן זענען זיי זיצן געבליבן מיט אויסגעגלאָצטע אויגן און געשוויגן. זיי האָבן געטראַכט וואָס וועט זיין. די מעברה־מענטשן האָבן געלעבט זייער שטייגער און מנהגים וואָס זיי האָבן געבראַנגט פֿון זייערע פֿאַרלאָזטע וווין־ערטער. זיי זענען געווען פֿרעמדע, אַ יישוב אין אַ יישוב. צווישן זיך האָבן זיי באַצייכנט די איינגעזעסענע יידן אַלס „זיי". צווישן דעם „זיי" און „מיר" איז פֿאַרשוויגן געוואָרן דאָס נישט־דערזאָגטע.

יעקב, דער מעברה־לייטער, איז נישט איין מאָל געזעסן ביז שפּעט ביי אַ נאַפּט־לעמפּל איבער פּאַפּירן און אַקטן און אויפגעהאַרכט. ווי נאָר עס איז צו אים דערגאַנגען דער מינדסטער גערויש אָדער געשריי איז ער, אַ געבוקטער, מיט דעם לאָמטערן אין האַנט איילִיק געגאַנגען זען וואָס עס האָט פּאַסירט. נישט איין מאָל איז אים אויסגעקומען באַרויִקן אַ טאַטן וואָס האָט געשריגן אויף אַ זון אָדער איינשטילן אַ מאַן וואָס האָט געשריגן אויפן ווייב.

די מעברה־איינוווינער האָבן אין די באַאַמטע געזען די מאַכט וואָס רעגירט און פֿאַר זיי אַלץ פֿאַרשטעלט און פֿאַרשוויגן. אַפֿילו רחלען, די דאַרע אויסגעאַרבעטע פֿרוי וואָס האָט געהאַט אַ צעקנייטשט פּנים און שוואַרצע שוין גרוילעכע, אונטער־געשווירענע האָר, האָבן זיי נישט פֿאַרטראַגן. אין איינעם פֿון די טעג איז רחל, די סאָציאַלע פֿאַרזאָרגערין, פֿאַרבייגעגאַנגען און זעענדיק ביילען, איר געזאָגט: „שלום!".

ביילע איז געשטאַנען פֿאַר איר געצעלט, האָט איר נישט געענטפֿערט.

רחל האָט נישט געלייגט קיין אַכט אויף איר באַנעמען זיך. זי האָט אַ שמייכל געטאָן און איז אַריין צו ביילען אין געצעלט נישט וואַרטנדיק, אַז זי זאָל זי אַריינבעטן.

ביילע איז איר נאָכגעגאַנגען און איז שטיין געבליבן נעבן איר.

רחל איז שטיין געבליבן ביים אַריינגאַנג מיט פֿאַרמאַכטע אויגן. עס האָט

געדויערט ביז זי האָט צוריק געעפנט די אויגן, זיי צוגעוווינט צו דער טונקלקייט פון געצעלט נאָך דער העלקייט פון דרויסן.

— פאַר וואָס ליגט זי? — האָט רחל אַ פרעג געטאָן ביילען זעענדיק, אַז איר טאָכטער פעלא ליגט אין בעט.

ביילע האָט איר נישט געענטפערט.

רחל האָט זיך אַרומגעקוקט, באַטראַכט די בעטן, דעם קופערט און די פּול־אָנגעשטאָפּטע וואַליזעס.

ביילע איז די גאַנצע צייט געשטאַנען מיט פאַרצויגענע ליפּן און מיט כעס באַטראַכט רחלען. ערשט איצט האָט זי איר געענטפערט מיט איראָניע אין דער שטים:

— ווייל זי האָט היץ.

רחל האָט זי אָבער נישט אָפּגעלאָזט און ווידער זי אַ פרעג געטאָן:

— פאַרוואָס זענט איר נישט געגאַנגען מיט איר צום דאָקטאָר?

— ווייל ביז איך וועל זיך מיט איר דערקלייבן קיין שחריה וועט זי פּונקט פאַרלירן ס'געזונט — האָט ביילע איר געענטפערט מיט פאַרביטערונג און מיט סאַרקאַזם צוגעגעבן — אַוועקגעפירט מענטשן אין אַ מדבר...

אָבער מען דאַרף דאָך וויסן, צי די היץ איז נישט פון אַן ערנסטער קראַנקייט — האָט רחל אַ באַזאָרגטע מיט איר איינגעטענהט.

ביילעס פעך־שוואַרצע האָר זענען געווען אויפגעקעמט. זי האָט אַ פאַרשאַרץ געטאָן די ליפּן, ווי זי זאָל וועלן לאַכן און אַ ווייז געטאָן רחלען אַ מויל גאָלדענע ציין ווי זיי זאָלן זיין אויסגעשמידט. זי האָט זיך אָפּגערוקט פון רחלען, מיט די הענט זיך אונטערגעשפּאַרט די באָקעס און איר געענטפערט:

— איך האָב מיינע קינדער אויפגעצויגן אָן עצות!..

— ביילע האָט געהאַט אויף זיך אַ קורץ אויסגעפּאַסט געבלימלט קלייד פון וועלכן אירע פליישן האָבן אַרויסגעשטאַרט ווי זיי זאָלן יערן.

רחל האָט שטיל אַ זאָג געטאָן: זייט געזונט — און איז אַרויס פון געצעלט.

זבולון, דער היכער, שטאַרקער און יונגער שאָפער האָט אויך נישט געקאָנט זיך צו זיי דערנעענטערן. מיט זיין גרויסן קאָפּ, שוואַרץ געדיכטע האָר און דין אַרומראַזירט וואָנסעלע, האָט נישט איין מאָל אין זיינע פרייע שעהן זיך צוגעזעצט צו אַ קרענצל יידן, פאַרפירט מיט זיי אַ שמועס, געפּרוּווט זיך מיט זיי פונאַנדער־רעדן, אָבער אָן דערפאָלג. אויך ער האָט ביי זיי באַדייט די מאַכט. ווי נאָר די יידן האָבן אים געזען פון וויטן זענען זיי שטיל געוואָרן.

אַנומלט, אַז ער האָט זיך צו זיי צוגעזעצט האָט איינער אָנגעקוקט דעם אַנדערן און געשוויגן.

— וואָס הערט זיך — האָט זבולון אַ פרעג געטאָן. ער האָט געוואָלט איבער־רייסן דאָס שווייגן. אַלע זיבן מענער, וואָס זענען געזעסן אויף דער ערד אין אַ ראָד, האָבן אים אָנגעקוקט מיט אויסגעגלאָצטע אויגן פון שטוינונג.

רחמים, אַ ייד, אַ דאַרער מיט אַ לאַנגן קאָפּ און שיפער אָדלער־נאָז האָט אים אַ זאָג געטאָן מיט סאַרקאַזם:

— עסן גיט מען, ווו צו שלאָפן איז אויך דאָ...

די פּנימער פון די רעשט מענער האָבן זיך אויסגעצויגן און זייערע אויגן זענען געוואָרן קלענער.

— נו, ווער גיט צו פאַררייכערן? — האָט זבולון אַ פרעג געטאָן, געוואָלט זיי זאָלן רעדן.

רחמים האָט אַריינגעטאָן די רעכטע האַנט אין דער הויזן־טאַש און אַרויס־גענומען אַ בלעכן פּודעלע מיט סיגאַרן און עס דערלאַנגט זבולונען.

— אַ דאַנק! — האָט זבולון אויסגעשטרעקט די האַנט, אַרויסגענומען אַ סיגאַר, אים אַריינגעטאָן צווישן די ליפּן און אָנגעצונדן.

רחמים האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און אַריינגעלייגט צוריק אין טאַש דאָס פּודעלע.

די אַמאָליקע פּעדלער און סוחרים האָט די אַרבעט געשראָקן. פאַרטאָג האָבן נאָר איינצלנע פון זיי זיך אַרויסגעשלייכט פון דער מעברה, מען זאָל זיי נישט זען. געווען אַזעלכע, וואָס האָבן געאַרבעט ביי אַ מתיישב אַ טאָג, צוויי. געווען אַזעלכע, וואָס האָבן געפּעדלט אין דער סביבה, פאַרקויפט אַ טוץ שפּילקעס, אַ שטיקל זייף אָדער אַ ביסל זיסוואַרג. איינצלנע פון זיי זענען פאַרטאָג אַראָפּגעגאַנגען צום שאָסיי און געפאָרן מיטן אויטאָ אין שטאָט. די פּאַכלייט זענען געגאַנגען אַרבעטן, די פאַרמעגלעכע האַנדלען.

צווישן „אסף" און דער מעברה איז געווען אַ נישט אָנגעצייכנטע גרענעץ. דאָרט, ווו די גרינע פעלדער פון „אסף" האָבן זיך געענדיקט, איז געווען ישראל. אין די געצעלטן אויף די זאַמדן איז געווען דאָס צווייטע ישראל. די מענטשן פון דער מעברה האָבן זיך געשלייכט איבער דער סביבה. זיי האָבן געקוקט ווי יידן בויען און אַרבעטן אויף די פעלדער. זיי האָבן באַטראַכט די באַוווינטע הייזער מיט די אַרומגעצוימטע גערטנער, וועלכע זיי האָבן נישט געוואַגט איבערטרעטן. די מענטשן פון דער מעברה און די פון די דערפער זענען געווען זיך פרעמד, צוויי וועלטן.

די מתיישבים אין „אסף" האָבן באַדויערט די יידן אין דער מעברה. געווען אַזעלכע וואָס האָבן זיך באַמיט זיי העלפן. מאירי האָט געדענקט די פּליטים פון די אוקראַינער פּאָגראָמען, די הונגעריקע יידן וואָס האָבן זיך געשיפט קיין אַמע־ריקע. ער האָט די געבליבענע ירקות פונעם דאָרפס־מחסן וואָס מען האָט נישט געקאָנט שיקן אין שטאָט, אַוועקגעפירט אין דער מעברה און זיי פונאַנדערגעטיילט צווישן די משפחות. אָפט האָט ער אויך פון דער שבת־מילך אַוועקגעפירט אין דער מעברה עטלעכע קאַנען פאַר די קינדער. אין אַ פרייטיק, ווען דער טרויבן־בציר איז געווען אין פולן פאַרנעם, האָט ער זיי אויך אַוועקגעפירט אַן אָנגעלאָדענעם וואָגן מיט איבערגעקליבענע וויינטרויבן, שבת־אויבסט פאַר די מעברה־קינדער.

אַ פרייטאָג נאָכמיטאָג. די זון האָט זיך שוין צוריקגערוקט פון הימל. אַ ווינטל

האָט אַ ווי געטאָן, האָט אָפּגעקילט די טאָג־היץ. טוביה, אַ נידעריקער דאַרער ייד מיט אַ קאַנטיקן קאָפּ און קורצע הענט איז אויף דעם פרייטאָג אָנגעפאָרן מיט אַן אָנגעלאָדענעם וואָגן ווײַנטרויבן. ער האָט זיך מיט אים אַוועקגעשטעלט בײַם ראַנד פון דער מעברה, צוגעבונדן די לייצעס צום וואָגן און מיט זיין גרילציק קול ווי אַ גרעגער אויסגערופן:

— ווײַנטרויבן בחינם! ווײַנטרויבן בחינם!

פאַרסאָפּעטע ווייבער זענען אָנגעלאָפן מיט טעפּ און שיסלען אין די הענט. זיי נאָכגעלאָפן זענען די ייִנגלעך. די ווייבער און די ייִנגלעך זענען באַפאַלן דעם וואָגן. זיי האָבן זיך געשטופּט און געשטויסן, באַלאַגערט די פור. די ווייבער האָבן אייליק אָנגעפילט זייערע כלים. די ייִנגלעך האָבן געכאַפּט בינטן ווײַנטרויבן און געגעסן. דרענגענדיק זיך אַזוי האָבן די קליידער אויף די ווייבער זיך צעקנעפּלט. זייערע פליישיקע ברוסטן האָבן זיך אַנטבלויזט. זייערע אַרומגעבונדענע איבער די קעפּ טיכלעך האָבן זיך אַראָפּגערוקט אויף די העלדזער.

אבו אלעזר דער חכם, אַ הויכער, דאַרער ייד מיט אַ שמאָל קנאָכיק פּנים און אַ לאַנגע, ווייסע, שפּיציקע באָרד, איז גראָד פאַרבייגעגאַנגען, איז שטיין געבליבן און אַ זאָג געטאָן:

— „נשים, נשים"...

ער האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן און זיינע ליפּן האָבן נאָך עפּעס געמורמלט.

די צעיאָכמעטע ווייבער האָבן זיך נישט צוגעהערט צו אים, אפילו אים נישט באַמערקט.

ער האָט אַרויפגערוקט זיך העכער אויפן קאָפּ זיין רויטע פעסקע און איז אייליק אַוועק. די פּאָלעס פון זיין לאַנגן כאַלאַט האָבן געפּאַטשט זיינע פיס.

די ווייבער זענען שנעל געלאָפן אין זייערע געצעלטן. אַ האַלבע שעה שפּעטער האָבן זיך אויפן וואָגן שוין נישט געפונען אַפילו קיין איינצלנע אָפּגעפאַלענע טרויבן. די ליידיקע קאַסטנס זענען געלעגן אויפן וואָגן איבערגעדרייט און אָנגע־וואָרפן. טוביה וואָס איז די גאַנצע צייט געשטאַנען מיט דער פלייצע צום פערד און געדרויכערט אַ סיגאַר נאָך אַ סיגאַר האָט זיך איצט אויסגעדרייט. ער האָט אָפּגעבונדן די לייצעס. דאָס ברוינע פערד, וואָס איז די גאַנצע צייט געשטאַנען מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ און זיינע אויערן האָבן געציקט הערנדיק די געוואַלדן, האָט איצט אויפגעהויבן דעם קאָפּ.

— דיאָ! — האָט טוביה געזאָגט. דאָס פערד האָט גערירט פון אָרט. די ייִנגלעך וואָס האָבן נאָך געגעסן טרויבן האָבן זיך אויסגעדרייט און נאָכגעקוקט די פור, וואָס האָט זיך כסדר דערווייטערט.

צווישן די איינצלנע מענטשן וואָס זענען אָפּט געקומען אין דער מעברה אַריין איז געווען חסיה. זי איז געווען אַ מיטלוווקסיקע פרוי מיט אונטערגעהאַקטע גרויע אויגן. נאָך איצט זענען אירע שוין גרוילעכע האָר געווען פאַרקעמט מיט איבער־געלייגטע איבערן קאָפּ צעפּ אין פאָרם פון אַ קראַנץ. זי איז צוויי, דריי מאָל אין דער וואָך געקומען אין דער מעברה כדי אַרויסצוהעלפן דער קראַנקן־שוועסטער. חסיה

איז געווען ליבניס ווייב. ער איז געווען אַ מתיישב אין „אסף״. זי איז געווען אַ מאַמע פון דריי זין און די קראַנקן־שוועסטער אין „אסף״.

טײלמאָל אין אַן אָוונט פלעגט אויך אַ כאַפּטע ייִנגלעך פון „אסף״ קומען אין דער מעברה. זיי זענען געקומען פאַרברענגען מיט דער יוגנט. זיי האָבן זיך אויס־געזעצט אין אַ ראָד אויף אַ ליידיקן פּלאַץ פאַר דער מעברה, האָבן געזונגען ישׂראל־לידער און געטאַנצט פאָלקס־טענץ. איזי, אַ הויכער, שלאַנקער ברונעטער בחור מיט אַ צעשויבערטער טשופּרינע האָט זיי צוגעשפּילט אויף אַן אַקאָרדיאָן. די מעברה־יוגנט און איבערהויפּט די ייִנגלעך זענען אַרומגעשטאַנען אַרום זיי און זיך צוגעקוקט, צוגעהערט און זיי באַוווּנדערט, אָבער אויך געשוויגן ווי זייערע טאַטעס. קיינער פון זיי האָט נישט פאַרפירט קיין שמועס.

אין איינעם פון די טרעפונגען האָט די רויט־האָריקע קאָרפּולענטע רות זיך אויפגעשטעלט און איז צוגעגאַנגען צו דעם הויכן בחור וואָס האָט געהאַט אַ פּעך־שוואַרצע טשופּרינע און איז געשטאַנען אין דער זייט. זי האָט אים אַ פרעג געטאָן:

— ווי הייסטו?

זיין גלאַט, ווי אויסגעהאַמערט פון בראָנז פּנים, אויף וועלכן עס האָבן געפינקלט גרויסע שוואַרצע אויגן, האָט זיך נישט געענדערט. ער האָט פאַרזשמורעט די אויגן און איר געענטפערט ווי ער זאָל פּאַנפען: „יששכר״.

רות האָט זיך אין אים נאָך אַ מאָל איינגעקוקט. ער האָט געטראָגן אַ געבלומט העמד און איינגעצויגענע מיט אַ רימען האַקי־הויזן, וועלכע זענען אויף אים געווען צו גרויס.

— פון וואַנען ביסטו? — האָט זי אים אַ פרעג געטאָן און געשמייכלט.

ער האָט זיך אויסגעדרייט און אַוועק פון איר אָן אַן ענטפער. ער איז געווען איבערצייגט, אַז זי לאַכט אָפּ פון אים. צווישן זיי איז געווען דער תהום צווישן איינגעזעסענע און ניי־אָנגעקומענע אין לאַנד.

# ה

די רחביהס האָבן געוווינט ברחבותדיק, זייער דירה, דאָס גאַנצע הויז איז באַשטאַנען פון אַן אויפנעם־צימער, צוויי שלאָף־צימערן, אַ קינדער־צימער און אַ לאַנגן קאָרידאָר מיט אַ טיר ביים סוף. גרויס איז געווען דאָס עס־צימער מיט דער קיך צוזאַמען. עס זענען דאָרט אויך געווען שפּייכלערס, באַלקאָנען און אַ לאַנגע פאַרגלאָזטע ווערענדע. אַן אָפּגעגרענעצטער שטח פונעם אויפנעם־צימער האָט געדינט אַלס אַרבעטס־ווינקל.

אין די צימערן האָט זיך געמערקט דער אונטערשיד פון די דורות. דאָס שלאָף־צימער פון טאַטע־מאַמע איז געווען איינגעאָרדנט לויטן אַלטן שטייגער, צוויי הויכע, אייזערנע בעטן מיט פאַרניקלטע גולעס, וואָס זענען שוין געווען גרין פון אַלטקייט.

צווישן זיי איז געשטאַנען אַ הילצערן נאַכט־שענקל מיט אַ לעמפּל. אויף דער וואַנט לינקס איז געשטאַנען אַ דריי־טיריקע פאַרנירטע שאַנק מיט אַ געזימס און אַן אָוואַלן שפּיגל. אין דערמיט איז געשטאַנען אַ געבעטער פּאָטעל. אויפן פּאָל איז געלעגן אַן אַראַבישער קילים פון ציגן־האָר. דאָס לעמפּל, וואָס איז אַראָפּגעהאָנגען פון דער סטעליע, איז געווען אַרומגענומען מיט אַן אַבאַזשור פון פּאַרמעט.

ביי די רחביהס האָט יעדער געאַרבעט. רינה פלעגט אויפשטיין די ערשטע. זי האָט געזאָרגט, אַז איידער די מענער גייען אַרויס פון שטוב צו דער אַרבעט זאָלן זיי אויסטרינקען אַ גלאָז וואַרעמע טיי און עפּעס איבערבייסן. זי האָט צוגעגרייט פרישע וועש, רייַנע מלבושים פאַר אַלע און אַ רענצל מיט עסן פאַר חגין, ער זאָל עס מיטנעמען אין דער פּרעבל־שול. זי האָט יעדן טאָג מיט אַ פלאַטער־קוש אויפגעוועקט חגין און אַ פאַרשלאָפענעם גענומען אויף די קני. רפי פלעגט נישט איין מאָל אונטערלויפן צו איר, אין האַלב־אַראָפּגעלאָזטע פּיזשאַמע־הויזן און אַרויפגעשפּרונגען אויף איר שויס. ער האָט זי געהאַלדזט. אַ גליקלעכע האָט זי זיי ביידע געטוליעט צו זיך.

אין מיטן טאָג האָט זי זיך דערלויבט אויסצוציען אויפן טעפּיך אָדער אויפן בעט, לייענען אַ בוך, אַ זשורנאַל. אַ סך מאָל פלעגט זי דערביי איינדרימלען.

ווען די יינגלעך האָבן זי אָנגענומען ביי די הענט, זי געצויגן, אַז זי זאָל זיך אַראָפּזעצן, האָט זי מיט אַ שמייכל אויפן פּנים זיך צו זיי אַראָפּגעבויגן. זי האָט געוווּסט וואָס זיי זענען אויסן. ווען זי האָט דערפילט די ווייכקייט פון די יינגלעכס ליפּן וואָס האָבן געקושט איר האַלדז און אירע באַקן פלעגט זי פאַרמאַכן די אויגן. אירע ווִיעס האָבן געציטערט און אירע ליפּן זענען געווען אָפן. זי האָט געהאַט דאָס זעלבע געפיל ווי דעמאָלט ווען זיי האָבן ביי איר געזויגן.

ווען די יינגלעך זענען אַריין אין צימער און האָבן געזען ווי די מאַמע דרימלט אַן אויסגעצויגענע אויפן טעפּיך און דאָס בוך איז איר אַרויסגעפאַלן פון האַנט, זענען זיי שטיין געבליבן הינטער איר, זיי האָבן זיך שעלמיש איבערגעקוקט ביז זיי האָבן זיך הילכיק צעלאַכט.

זי האָט אויפגעריסן די אויגן אַן איבערראַשטע.

די יינגלעך זענען זי באַפאַלן, געקושט און זי האָט זיי געטוליעט צו זיך. זי האָט געאָטעמט שנעל און געוואָלט זיי זאָלן זי וואָס לענגער האַלדזן.

יעדעס מאָל, ווען יהודה האָט געזען אַזאַ סצענע צווישן זיינע זין און זייער מוטער, האָט ער געזוכט אַ פּאַסיק ווינקל, אַז ער זאָל זיך קאָנען אַריינרוקן און נישט שטערן. ער איז געשטאַנען, נישט געוואַגט גיין ווייטער און זיינע אויגן זענען געווען פייכט פון פרייד.

רינה האָט געמאַכט אַלע שטוב־אַרבעטן, אויך געוואַשן די וועש. זי האָט אַלץ געטאָן מיט אַ לייכט געמיט און זיך צוגעברומט. לעצטנס אָבער האָט זי געפילט אַ מאָדנעם אומרו. נישט איין מאָל האָט זי אַוועקגעריסן די אויגן פון בוך וואָס זי האָט געלייענט און איז זיצן געבליבן אַ פאַרטראַכטע ווי זי זאָל זיך איינהאָרכן אין עפּעס. אַ פאַרקוקטע אין איין פּונקט, האָט זי גענומען ברעכן איין פינגער־נאָגל אין

אַנדערן, נישט וויסנדיק, אַז זי טוט עס. דערביי איז איר שטערן געווען צעקנייטשט, אירע ברעמען צונויפגעצויגן. ווען זי האָט זיך געכאַפּט וואָס זי טוט און געשען איז דאָס ווען זי האָט דערהערט דאָס קנאַקן פון אירע נעגל, האָט זי געאָטעמט, ווי זי זאָל האָבן אויף זיך אַ משא, האָט אַנידערגעקניט אויףביידע פיס און לאַנגזאַם זיך אויפגעשטעלט, ווי זי זאָל וועלן מיטהייבן אַ משא.

זי האָט אויסגעגליכן איר רוקן און זיך פאַרקוקט אין דער ווייט. אין געדאַנק האָט זי געזען די מעברה אַנטקעגן זייער דאָרף, יעדעס מאָל, ווען דאָס איז געשען, האָט זי אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ ווי דער נאַקן זאָל זיך איר האָבן איינגעבראָכן. זי איז אויפגעשטאַנען און איז אַוועק מיט קליינע טריט אַ פאַרטראַכטע.

יעדעס מאָל, ווען זי איז געוואָרן אומרויִק, האָט זי זיך געפרעגט: פאַרוואָס? וואָס איז געשען? זי האָט נישט געפונען קיין ענטפער. זי איז אַרויס אין הויף עפּעס טאָן, געזען פאַרבייגיין אַ מענטש פון דער מעברה און איר האַרץ האָט אָנגעהויבן טיאַכקען, איר געדאַנק האָט זיך איבערגעריסן, איר בליק האָט זיך איבערגעטראָגן איבערן פּלויט אַריבער, ווייט פון איר היים, אין דער מעברה.

דאָס לעצטע מאָל איז זי אַ באָרוועסע אין קורצע הויזן און אויסגעפּאַסט סוועדערל אָן אַרבל, אַרויס אויפן הויף צעהענגען די נאַסע וועש. זי האָט זיך צוגעזונגען. מיט אַ מאָל איז זי געבליבן שטיין אַ דערשיטערטע.

— מאַדאַם, קויפט.

אַ ייד אין ברייטע הויזן, צעכראַסטעט העמד, דעם קאָפּ אַרומגעבונדן מיט אַ האַנטעך האָט איר פאָרגעשלאָגן זיינע בענדלעך, גומעס און שפּילקעס, וועלכע זענען ביי אים געווען אויסגעלייגט אויף אַ טאַץ.

זי האָט זיך אין אים איינגעקוקט און פאַרמאַכט די אויגן. מיטן קאָפּ האָט זי זיך אָנגעלענט אויף אַ נאַס שטיקל וועש, וואָס איז געהאָנגען אויף די דראָטן. ווען זי האָט געעפנט די אויגן איז דער ייד שוין נישט געווען.

דער אָוונט איז געווען אַ פאַרנער. די אָנגעגליטע פונעם גאַנצן טאָג היץ האָט ווי געצוירן. די טירן און פענצטער ביי די רחביהס זענען געווען אָפן. די לופט אין די צימערן איז געווען אָנגעגליט און געדיכט, ממש אָנצוטאַפּן. אין דער קיך, וואָס איז געווען צוזאַמען מיטן עס־צימער, איז די לופט געווען נאָך געדיכטער פון דער היץ, וואָס איז געגאַנגען פון די שוין אויסגעלאָשענע קיך־אויוונס, אויף וועלכע די מוטער האָט געקאָכט. די זאַכן אין דער קיך, די נידעריקע קיך־שענק אַרום די ווענט אין פאָרם פון אַ חת, מיט דעם גאַזאויוון און אייזשאַנק פון ביידע זייטן האָבן אויסגעזען ווי שטיקער גליווער. די ווייס־מאַלירטע קיך־שיסל מיטן וואַסערקראַן איבער איר האָט אויסגעזען ווי אַן אויסגעשטרעקטער האַלדז פון אַ גאַנדז.

אין עסצימער, פון פאָרנט, איז געשטאַנען אַ לאַנגער הילצערנער טיש, וואָס איז געווען איבערגעדעקט מיט אַ ווייס־בלוי געטופּטער צעראַטע, מיט בענקלעך אַרום. אויף דער וואַנט, אַנטקעגן דער שיסל, איז געהאָנגען אַ ווייסער, קיילעכ־

דיקער ווי אַ טעלער־זייגער. זיינע ווייזערס זענען ווי געשטאַנען אויף איין אָרט, ווי די היץ זאָל זיי האָבן איינגעהאַלטן.

די גאַנצע משפחה, אַ חוץ רינהן, זענען געזעסן ביים טיש, גרייט צום אָונט־ברויט. אויפן טיש זענען געווען מילכיקע מאכלים און אַלע מינים גרינסן פון אייגענער צוכט. אין צימער איז געווען שטיל, נאָר חגי מיט רפין האָבן זיך געצויגן ביי די הענט. איינער האָט געוואָלט אַריבערשלעפּן דעם אַנדערן צו זיך. זייער פאָטער האָט זיך צוגעקוקט און געשמייכלט. יואל האָט אַריינגעשניטן אין אַ טיפן טעלער שטיקלעך רעטעך, אוגערקע און גרינע ציבל. דאָס האָט ער געגרייט פאַר זיך און יהודהן. די באָבע האָט אין צוויי טיפע שיסלעך צעריבן קעז מיט סמעטענע פאַר די אייניקלעך. זי איז געשטאַנען אין דער זייט און יעדע ווילע אַ זאָג געטאָן די אייניקלעך:

— שוין גענוג, קומט עסן! — כאָטש זי האָט נאָך נישט געהאַט גרייט פאַר זיי דאָס עסן. ווען חנה, די באָבע, איז פאַרטיק געוואָרן מיטן געקעכטס האָט זי זיך אַוועקגעזעצט. אַלע האָבן אָנגעהויבן עסן.

רינה איז אַריין אין שטוב.

— קינדער, איך האָב זיך פאַרשפּעטיקט. געווען אַ סך אייער אין שטייג — האָט זי זיך פאַרענטפערט פאַר די יינגלעך.

— מיר האָבן שנעלער אויסגעמאָלקן די קי — האָט יהודה אַ שפּאַס געטאָן און אויסגעדרייט דעם קאָפּ צו איר. זיין פּנים האָט געשמייכלט.

— מאַמע, זעץ זיך מיט אונדז — האָבן די קינדער אין איינעם איר פאַר־געשלאָגן.

רינה, אין אירע אַרבעטס־קליידער, קורצע הויזן, אויסגעפּאַסט סוועדערל אָן אַרבל, איז אַריין אין צימער. אויך אַלע דערוואַקסענע ביים טיש זענען געווען אין די אַרבעטס־בגדים. רינה האָט פאַרצויגן אירע ליפּן, פאַרזשמורעט די אויגן און אַ זאָג געטאָן צו די יינגלעך:

— גוט...

איר קול האָט פריילעך אָפּגעהילכט. פאַרבייגייענדיק האָט זי מיטן עלנבויגן אַרומגענומען יהודהס האַלדז, ווי זי זאָל אים וועלן שטיקן און געשמייכלט.

יהודה מיט אַ פול מויל האָט פאַרמאַכט די אויגן און אויך געשמייכלט.

זי האָט אָפּגעוואַשן די הענט. דערנאָך האָט זי פונאַנדערגערוקט די יינגלעך, אַריינגעשטעלט אַ בענקל און זיך אַריינגעזעצט צווישן זיי. ביידע יינגלעך האָבן אַ קוק געטאָן אויף איר מיט פרייד און אַ וואַרף געטאָן מיט די פיס אונטערן טיש.

אַלע זענען איצט געזעסן איבערגעבויגענע איבער די טעלער און געגעסן. מען האָט נאָר געהערט דעם קלאַנג פון באַשטעק ווען עס האָט באַרירט די טעלער.

יואל דער פאָטער האָט זיך עטוואָס אויסגעגליכן, ווי ער זאָל זיך גרייטן אַוועקצוגיין פון טיש. ער האָט זיך געוואָנדן צו יהודהן:

— חיימס געהילף, אַ ייד פון דער מעברה, האָט אָנגעסדרט דאָס שטרוי.

יהודה האָט אויפגעהויבן די אויגן, געזאָגט:

— כ׳מיין, זיי וועלן זיך אויסלערנען די אַרבעט...

— אויך מיר זענען נישט געבוירן געוואָרן קיין אַרבעטער — האָט חנה אַ זאָג געטאָן און ווייטער באַשמירט דאָס שטיקל ברויט.

רינה האָט איבערגעריסן ס׳עסן און זיך אויסגעגלייכט אויפן בענקל. אַן אומרו האָט זי ווידער באַהערשט. אירע ווינקען האָבן לייכט געציטערט.

חגי איז זיצן געבליבן מיטן לעפל אין האַנט און ער האָט זיך אַ ווענד געטאָן צום זיידן:

— זיידע, איך וויל, אַז דו זאָלסט מיך אַרויפזעצן שפּעטער אויפן שטרוי...

— אַז דו וועסט זיין אַ גוט יינגל — האָט יואל אים געענטפערט.

— יאָ — האָט חגי אים געענטפערט אַ צופרידענער און געגעסן ווייטער.

— אויך מיך — האָט רפי געפאָדערט פון זיידן, כאָטש ער האָט נישט פאַר־שטאַנען וועגן וואָס עס גייט.

דער זיידע האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ אויף יאָ.

יהודה האָט אַוועקגעלייגט דעם לעפל און אַ זאָג געטאָן יואלן:

— איך האָב באַמערקט, אַז ווילדע טויבן בויען זיך אַ נעסט אונטערן שייער — און ער האָט אַ קוק געטאָן אויף די יינגלעך.

— מען דאַרף זיי באַלד פאַרטרייבן, זיי וועלן ברענגען אַ מגיפה אויף די הינער — האָט יואל קאַטעגאָריש אים געענטפערט.

— ניין — האָט חגי פּראָטעסטירט אויפן קול, און כמעט איבערגעדרייט זיין טעלער מיטן עסן.

די אויגן בייביידע יינגלעך זענען געוואָרן גרויס פון פּחד. ביי חגין צוליב דעם פאַרטרייבן די טויבן און זיין אַנטקעגנרעדן, ביי רפין, ווייל ער האָט געמיינט אַז חגי איז אין אַ געפאַר.

רינה האָט אַ פינטל געטאָן מיט די אויגן. די אויגן פון אירע קינדער האָבן איצט דערמאָנט די אויגן פון די מעברה־קינדער. אַ ווײַלע שפּעטער האָט זי אָפּגע־זיפצט ווי עס זאָל איר שווער זיין צו אָטעמען און זי האָט זיך אַרומגעקוקט ווי זי זאָל זיך וועלן איבערצייגן, אַז זי זיצט מיט איר משפחה ביים טיש. ווען זי האָט זיך באַרויִקט האָט זי צוגעטראָגן רפין צום מויל אַ לעפעלע סמעטענע.

די שטילקייט אין שטוב איז געוואָרן פיינלעך. מיט אַ מאָל האָט רינה אַראָפּ־געלאָזט די אויגן און גענומען רעדן ווי צו זיך:

— אַלע ווילן טאָן, יעדער וויל העלפן, נאָר קיינער לייגט נישט צו קיין האַנט. אַלע האָבן מיטלייד און באַדויערן זיי, אָבער יעדער בלייבט ביי זיך אין שטוב. אַלע וואַרטן, זיי זאָלן ווערן אַרבעטער, אָבער קיינער לערנט זיי נישט אַרבעטן... צו האָבן אַ רויִק געוויסן שיקט „אסף" זיי דעם „זבול" וואָס בלייבט איבער...

רינה האָט גערעדט שנעל, מיט היץ, אַקצענטירט די ווערטער. ווען זי האָט געענדיקט האָט זי מיד אַרויפגעלייגט די הענט אויף די קני. די דערוואַקסענע האָבן אַראָפּגעלאָזט די אויגן. אירע באַקן זענען געווען אָפּגעצויגן, ווי איינגעפאַלן. אירע נאָז־לעכער האָבן געציטערט.

יואל האָט אַ קוק געטאָן אויף דער טאַכטער, זיינע ליפּן האָבן זיך אַ באַוועג געטאָן, ווי ער זאָל ווען רעדן, נאָר געשוויגן.

די שטימונג אַרום דעם טיש איז געוואָרן אַ געדריקטע, נישט אַזוי ווי שטענ־דיק ביים עסן, אַלע האָבן געשוויגן. די דעמפּיקע לופט אין שטוב איז געוואָרן געדיכטער.

— פּרוי שגב, דאָס אַלץ קאָן מען זאָגן אָן נערוון — האָט יהודה איר געענט־פערט איראָניש. ער האָט געוואָלט לייכטער מאַכן די שטימונג אין שטוב.

— יאָ, ווען מען זיצט ביים טיש — האָט זי געענטפערט מיט פּאַרדראָס.

— וואָס קאָן מען טאָן? ווילסט זיי נעמען צו זיך אין שטוב, זיך טיילן מיט זיי?

— האָט דער פאָטער זי אַ פרעג געטאָן, מיט טענה אין שטים.

— ביסט שוין אַן אַלטער מתיישב, אָבער דער סוחר רעדט נאָך פון דיר — האָט רינה אים געענטפערט. זי האָט אָנגעשטעלט אויף אים די אויגן און ווייטער גערעדט:

— ביז צום טיילן זיך מיט זיי איז פאַראַן אַ ווייטער וועג...

זי איז שטיל געבליבן. אַ ווײַלע שפּעטער האָט זי אַ פרעג געטאָן:

— פאַרוואָס זאָל איך נישט ווערן לערערין אין דער מעברה. עס פעלן דאָך דיפּלאָמירטע לערער.

אינעם אופן פון איר רעדן האָט זיך געפילט סאַרקאַזם. אַלע ביים טיש האָבן זי אָנגעקוקט דערשטוינט.

— הער שגב, וואָס זאָגסטו? — האָט רינה זיך אַ ווענד געטאָן צו יהודהן. זי האָט צו אים גערעדט מיטן זעלבן טאָן ווי ער צו איר פריער.

יהודה האָט אויסגעבויגן צו איר דעם קאָפּ, ווי ער זאָל זי וועלן בעסער זען. אירע אויגן זענען געווען אויפגעריסן, פול געבעט.

— אויב דאָס איז דיין פאַרלאַנג, דאַרפסטו עס טאָן — האָט ער איר געענט־פערט. ער האָט גערעדט פאַמעלעך און באַטאָנט יעדעס וואָרט.

— אַזוי ווי די טאַכטער, אַזוי דער איידעם — האָט דער פאָטער אַ זאָג געטאָן מיט שטאָלץ.

— שיין פון דיין זייט, טאַכטער, אָבער וואָס וועט זיין מיט די קינדער? — האָט חנה געפרעגט אַ באַזאָרגטע.

רינהס אָוואַל פּנים האָט אַ פלאַם געטאָן. איר קורצע נאָז איז איינגעשרומפּן.

— אַלע וועלן העלפן. חגין וועט דער זיידע פירן אין דער פּרעבל־שול — האָט רינה געענטפערט דער מוטער.

— איך בין שוין גרויס, איך וועל גיין אַליין — האָט חגי אַריינגערעדט.

די דערוואַקסענע ביים טיש האָבן זיך צעלאַכט. רינה, די מוטער האָט אים אַ גלעט געטאָן איבערן קאָפּ און זי האָט ממשיך געווען:

— מיט רפין וועט זיך פאַרנעמען די באָבע. רוימען די צימערן וועל איך נאָכמיטאָג ווען איך וועל זיך אומקערן.

— צווינגסט דער באָבען ווערן אַ יונגע מאַמע? — האָט יהודה זי אַ פרעג געטאָן נישט דרייסט.

— מאַמע, דו ביסט קעגן דעם? — האָט רינה נישט געטרויט זיך זי אָנצוקוקן.

— אונדזער גאַנץ לעבן דאָ איז אַ פּאַרמעסט — האָט די מוטער געענטפערט דער טאָכטער.

— נישט צו פאַרזינדיקן, מיר האָבן גאָרנישט דערלייגט — האָט יואל גערעדט צום ווייב.

— יהודה האָט עטלעכע מאָל אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, באַשטעטיקט יואלס רייד און געזאָגט:

— דער ייד דאַרף אַנטקעגנגיין זיין גורל.

ער האָט אָוועקגעלייגט דאָס מעסער מיטן שטיקל ברויט פון האַנט און זיך אַ ווענד געטאָן צו רינהן מיט שפּאַס:

— אָבער זאָלסט נישט פאַרגעסן אין אונדז.

זיין בליק איז געווען ווייך. ער האָט זיך איבערגעבויגן און אַ קלאַפּ געטאָן איר איבער דער האַנט וואָס זי האָט געהאַלטן אויפן טיש.

זי האָט זיך אין אים איינגעקוקט ווי זי זאָל אָפּירקוקן פון אונטערן שטערן. אירע אויגן זענען געווען גרויס און פייכט.

# ו

די טעג זענען הייסע, אָבער אַ דינער נעפּל באַדעקט שוין די זון. דער הימל איז גרוי און שווער. די לופט איז געדיכט און פייכט, ווי זי זאָל ליגן אויף דער ערד. די מענטשן באַוועגן זיך פּאַמעלעך. זיי זענען מיד פונעם זומער.

בולדאָזערס און טראַקטאָרן גראָבן און אַקערן דאָס לאַנד אין דער ברייט און לענג. די טעג ווערן כסדר קלענער און די נעכט גרעסער. די דורכזיכטיקייט ווערט כסדר געדיכטער, די לופט גרויער. די נעכט זענען קאַלטע און פינצטערע. מען לייגט זיך פרי שלאָפן און אין די שפּעטע שעהן שלייכן זיך שאָטנס איבער די פעלדער. דאָס קומען אַראַבער איבער די גרענעצן, נישטערן אין זייערע פאַרלאָזטע הייזער. אויפן וועג גנבענען זיי וואָס עס לאָזט זיך נאָר.

יידן ווערן זיך. עס פאַרגייט נישט קיין נאַכט אָן שיסערייען און אָן קרבנות. יידן פון די שטעט קומען אין די דערפער היטן די גרענעצן, שיצן זיך קעגנזייטיק. אויך רינה אַרבעט אין דער מעברה אַלס לערערין. זי האָט זיך אומגעקערט צו איר פאַך נאָך עטלעכע יאָר זיין אַ שטוביקע פרוי און מאַמע. זי האָט געקענט די מעברה פון אירע שטענדיקע באַזוכן אָבער איצט האָט זי געלעבט אין איר. זי האָט זיך אומגעקערט פון דער מעברה יעדעס מאָל אַ דערשלאָגענע נאָך אַ טאָג אַרבעט. זי, די „סאַברע", האָט נישט געקענט שלום מאַכן מיטן געדאַנק אַז אַזוי

לעבן יידן אין לאַנד. די יידן האָבן זיך אַרומגעדרייט פּוסט־און־פּאַס, נישט געהאַט ווו צו אַרבעטן.

יעדעס מאָל ווען רינה איז אַריין אין שטוב און דערפילט די אינטימקייט און שטילקייט, האָט די קעלט וואָס זי האָט געבראַכט פון דער מעברה זי אַרומ־גענומען. די קעלט וואָס האָט אונטערגעהויבן די געצעלט־לייוונטן און געשפּרייט די פייַלקייט אין זיי. אין אירע ריינע, פרישע צימערן איז איר נאָכגעגאַנגען דער ריח פון געפּרעגלטן אייל און דער קוילן־סוואַנד פון דאָרט.

זי האָט זיך גענומען פאַר אַ חוב צו העלפן די מענטשן אין דער מעברה, אָבער זייט זי האָט דאָרט געאַרבעט איז זי אַרומגעגאַנגען מיט אַ געפיל פון מורא. עס האָט איר געשראַקן די שלווה אין דער היים. ווען זי האָט זיך אומגעקערט פון דער מעברה און זי איז אַריין אין שטוב, האָט זי אייליק אַ פרעג געטאָן: וואָס הערט זיך? — און אַ גיי געטאָן איבער די צימערן, געקוקט, צי אַלץ איז געבליבן אַזוי ווי ווען זי איז אַוועק פון שטוב.

טראָץ דעם האָט די מעברה זיך איינגעפונדעוועט, איז געוואָרן אַ חלק פון דער סביבה. די ערד דאָרט איז געוואָרן איינגעטרעטן. שטעגן אויסגעטראָטענע האָבן זי פונאַנדערגעטיילט. די געצעלטן זענען ווי קלענער געוואָרן, זיך איינגעגראָבן אין דער ערד, זייערע לייוונטענע ווענט האָבן נאָכגעלאָזט און זענען איינגעפאַלן ווי הונגעריקע בייכער. איבער דער מעברה, אויפן המשך פונעם שטייניקן באָדן, האָט מען אייליק געבויט עטלעכע הילצערנע באַראַקן. זיי האָבן געדאַרפט פאַרטיק ווערן איידער עס וועלן אָנקומען די ערשטע רעגנס. אין זיי האָט מען געדאַרפט אַיינקוואַרטירן עטלעכע משפחות מיט אַ סך קליינע קינדער און משפחות מיט שוואַנגערנדיקע פרויען.

רינה איז אַריין אין דער אַרבעט מיט התלהבות. זי האָט זיך געשטעלט פאַר אַן אויפגאַבע צו דערציִען דעם אונטערוואַקסנדן דור. זי האָט זיך נישט געפוילט, געאַרבעט איבער די כוחות. די אַרבעט איז אָבער געווען נישט קיין פּשוטע. דאָס איז נישט געווען די שול־אונטערריכטונג ווי אַ מאָל ביי איר אין דאָרף.

איר קלאַס האָט זיך געפונען אין אַ שטוב פון אַ הילצערנעם באַראַק. דער אַריינגאַנג אין אים איז געווען גלייך מיט דער ערד. די שילער האָבן מיטגעבראַכט דעם זאַמד פון דרויסן. די ווענט זענען געווען רויע, נישט געהובלטע. אין קלאַס האָט זיך געפילט אַ פוסטקייט ווי אין אַ שייער. אויך די שילער אירע זענען נישט געווען פון איין עלטער און וויסן. בעצם איז דער קלאַס באַשטאַנען פון דריי קלאַסן. די שילער זענען געזעסן פונאַנדערגעטיילט אין דריי גרופּן, יעדע גרופּע אין אַן אַנדער ווינקל ביי זייערע טישן און ביכער. ווען רינה האָט געלערנט איין גרופּע, האָבן די אַנדערע געשריבן און געלייענט, אָבער זיי האָבן זיך נישט צוגעהערט צו איר און נישט געלערנט.

די שילער זענען נישט געווען צונויפגעגלידערט ווי אַ קלאַס. זיי האָבן געשטאַמט פון פאַרשידענע לענדער פון מזרח און מערב. זייער וויסן איז געווען פאַרשידנאַרטיק, לויט די מנהגים פונעם לאַנד פונוואַנען זיי זענען געקומען. אויך די

שילער זענען זיך געווען פרעמד, כאָטש דער רוב פון זיי האָט גערעדט אַראַביש, אָבער מיט פאַרשידענע דיאַלעקטן.

די שילער האָבן זיך געפוילט און אויך נישט פאַרשטאַנען די שפּראַך עברית. זיי האָבן אויך נ״שט באַגריפן דעם לערן־מאַטעריאַל און זענען געזעסן אויף די לעקציעס מיט שטאַרע אויגן, געלאַנגווײַליקט זיך און קוים איינגעזעסן. דערפאַר זענען זיי אַריין און אַרויס ווי אויף אַ וואָקזאַל.

רינה האָט זיך אָנגעשטרענגט. זי האָט אויסגענוצט איר פּעדאַגאָגיש וויסן, האָט כסדר איבערגעשיקט שילער פון איין גרופּע אין דער אַנדערער, געוואָלט שאַפן קאָמפּאַקטע קלאַסן. זי האָט געפּרוּווט פאַרשידענע שיטות. אַ מאָל האָט זי געלערנט מיט אַלע גרופּן צוזאַמען, אַ מאָל האָט זי געלאָזט אין קלאַס נאָר איין גרופּע און די אַנדערע אַרויסגעשיקט לערנען אין דרויסן. אַ סך פון זיי זענען געגאַנגען דערווייל אַהיים אָדער זיך געשלייכט איבער דער מעברה. זיי האָבן זיך נישט געקאָנט צוגעוווינען צו זייער איצטיקן שטייגער־לעבן, צו דעם דחקות. דאָס אַנדערשדיקע ווי ביי זיי אין די היימען אַ מאָל איז זיי געווען נישט פאַרשטענדלעך. דאָס אַרומשלייכן זיך פון די דערוואַקסענע צוזאַמען מיטן קליינוואַרג איבער דער מעברה, דאָס אַרומגיין ליידיק פון זייערע טאַטעס, דאָס שטיין אין דער ריי נאָכן נישט פאַרדינטן עסן — האָט געווירקט אויף זיי און אַרויסגעפירט פון גלייכגעוויכט.

רינה האָט אַלץ געטאָן כדי זיך צו דערווערבן אויטאָריטעט. אַ מאָל האָט זי זיך אַוועקגעשטעלט אַנטקעגן זיי מיט דיסטאַנס: זי, די לערערין, זיי — די שילער. זי האָט געפאָדערט פון זיי, אַז זיי זאָלן זיך אויפשטעלן ווען זיי ווענדן זיך צו איר. זי האָט פאַרלאַנגט, אַז ווען עמעצער פון זיי וויל עפּעס, זאָל ער אויפהויבן די האַנט. איין מאָל אָדער צוויי אין דער וואָך האָט זי בכלל נישט געהאַלטן פאַר זיי די לעקציע, נאָר געפירט מיט זיי אַ שמועס: וואָס עס איז אַ מדינה פאַרן פאָלק, וואָס עס איז געווען די באַפרייאונגס־מלחמה. זי האָט גערעדט צו זיי מיט התפעלות, פאַרגעשטעלט ווי אַזוי די יידן וועלן אויסבויען זייער לאַנד, אַז עס זאָל זיין ווי אַ מאָל „ארץ זבת חלב ודבש״. שטילער שוין, מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן, האָט זי צוגעגעבן: „יעדע משפחה וועט האָבן איר דירה, די מענטשן וועלן אַרבעטן און יעדער וועט זיין אַ פרייער בירגער אין זיין לאַנד״.

די ייִנגערע שילער זענען געזעסן מיט אָפענע מיילער. זיי האָבן נישט תופס געווען וואָס זי זאָגט זיי. די עלטערע האָבן כסדר זיך איבערגעקוקט, איר נישט געגלויבט. אַלע האָבן געשוויגן. זיי האָבן געוואַרט, זי זאָל ענדיקן און זיי זאָלן קאָנען אַרויס פון דעם קלאַס.

אין איינעם פון די שמועסן האָבן זיך די שילער איר אַנטקעגנגעשטעלט. די פענצטער אין דעם קלאַס זענען געווען אָפן. שטראַמען שיין פון זוניקן דרויסן זענען געפאַלן אויף די טישן. די שילער זענען געזעסן און נישט אויסגעהערט וואָס די לערערין רינה רעדט. זי האָט זיי דערציילט ווי אַזוי מען מאַכט צעמענט פון שטיינער און ווי מען ברענט קאַלך, אָבער געזען, אַז זי האָט נישט פאַראינטערעסירט די שילער און זי האָט אַ זאָג געטאָן:

— איצט וועל איך אייך איבערגעבן אַ ידיעה, וואָס אינטערעסירט אונדז אַלע.

די שילער האָבן זיך איינגעקוקט אין איר, געוואָלט הערן.

זי האָט אָפּגעאָטעמט און ממשיך געווען:

די רעגירונג איז צוגעטרעטן בויען שטאָקיקע הייזער און פאַבריקן אַרום די גרויסע שטעט. בקרוב וועט איר דאָרט וווינען און אייערע טאַטעס און ברידער וועלן אַרבעטן...

אין מיטן איר רעדן האָבן די שילער גענומען זיך שטופּן און שטויסן, געלאַכט צו זיך און איינציקווייז אַרויס פון קלאַס.

רינה האָט זיך געכאַפּט, אַז זיי גלויבן איר נישט. זי האָט אָבער געוואָלט שוינען איר כבוד און פרעסטיזש און זי האָט אויסגערופן:

— איצט וועלן מיר לערנען וואָס פאַראַ פייגל עס זענען פאַראַן ביי אונדז אין לאַנד.

זי האָט געעפנט דעם זאָאָלאָגיע־בוך, אָבער דער קלאַס איז שוין געווען כמעט ליידיק. אירע באַקן האָבן געפלאַמט.

צווישן איר, דער לערערין און דער באַפּעלקערונג אין דער מעברה איז געווען אַ מחיצה. די מחיצה פון באַגריף. זי האָט אַלץ געטאָן, געוואָלט זיך דערנענטערן צו די דאָרטיקע פרויען, אָבער די לייוונטענע ווענט פון די שפּיציקע געצעלטן האָבן נישט דערלאָזט צו קיין דערנענטערונג. זי האָט געוואָלט העלפן די פרויען, וואָס האָבן קוים זי פאַרשטאַנען און אפילו איר נאָכגעשפּעט עטלעכע עברית־ווערטער.

נישט איין מאָל ווען דער לערן־טאָג האָט זיך געענדיקט איז זי געבליבן אין שול. זי האָט אייליק אָפּגעגעסן דאָס מיטגעבראַכטע פון דער היים עסן און זי איז אַוועק איבער דער מעברה, געוואָלט זיך טרעפן און צונויפרעדן זיך מיט די מאַמעס פון די קינדער. זי האָט זיך געשלייכט צווישן די געצעלטן, געקוקט און געפאָרשט. יעדער געטראָפענער פרוי האָט זי געזאָגט „שלום" און געזוכט אַ מעגלעכקייט זיך מיט איר פונאַנדערעדן. ביי יעדן געצעלט, וואָס זי איז פאַרבייגעגאַנגען, האָט זי פאַרקלענערט אירע טריט. אָפט איז זי אויך אַריין אין אַ געצעלט אַ נישט־געבעטענע, מיט אַ תירוץ, געפרעגט ווי עס פירן זיך אויף די קינדער, צי מאַכן זיי די לעקציעס. אַלע אין דער מעברה האָבן געקענט די לערערין. יעדעס מאָל ווען זי איז אַריין צו אַ משפחה, האָט זי געוויזן דער מאַמען ווי אַזוי זי זאָל אַרומוויקלען איר זויגלינג. אַ מאַמע, וואָס האָט געזויגן און געהאַט אַ האַרטע ברוסט אויף וועלכער זי האָט צוגעלייגט ציבל, האָט זי אַוועקגעפירט צום דאָקטאָר. אויב זי האָט פאַרבייגייענדיק דערזען אַ צעפלאַקערטן פּרימוס וואָס האָט געקאָנט אָנכאַפּן דאָס געצעלט און אַ פאַרצווייפלטע, איבערגעשראָקענע פרוי איז געשטאַנען אומבאַהאָלפן און נישט געוווּסט וואָס צו טאָן, האָט זי שנעל אויפגעדרייט דעם פּרימוס און פון אים אַרויסגעלאָזט די לופט. זי האָט געוואַרט ביז דער פּרימוס איז אויסגעגאַנגען. שטיל, ווי פאַרשעמט, האָט זי אַ זאָג געטאָן דער פרוי „שלום" און געגאַנגען ווייטער. זי האָט נישט געלערנט די פרויען ווי מען דאַרף זיך באַגיין מיט אַ פּרי־

מוס, ווייל זי האָט נישט געוואָלט זיך צונויפטרעפן מיט זייערע מענער, וואָס זענען געווען פאַרביטערט.

נישט איין מאָל האָט זי אויך באַרויִקט אַ צעוויינט קינד וואָס אַ מאַמע האָט אַרויסגעוואָרפן פון געצעלט. זי האָט דעם קינד אויסגעווישט די אויגן, עס אָנגענומען ביי דער האַנט און עס אַריינגעפירט צו דער מוטער.

— בעט איבער די מוטער — האָט זי האַרציק אַ זאָג געטאָן צום קינד. די מאַמע האָט אַרויסגעריסן דאָס קינד פון איר האַנט און זי בייז אָנגעקוקט. רינה האָט זיך שטיל אַרויסגעשלייכט פון געצעלט. געווען אויך פאַלן ווען זי איז אַריין אין אַ געצעלט, ווו מען האָט גראָד געטרונקען קאַווע און דער פאָטער האָט איר אַריינגעבעטן: „טוואַדאַל״. רינה האָט קיין מאָל נישט אָפּגעזאָגט. זי האָט געוואָלט זיך דערוואַרעמען און ווערן היימיש מיט דער משפחה. ביים גלעזל קאַווע, האָט זיך איר איינגעגעבן יעדעס מאָל צו פאַרפירן אַ שמועס.

אַנומלט, ווען רינה, איז געזעסן אויף אַ נידעריק בענקל און אין איין האַנט געהאַלטן אַ גלעזל קאַווע, איז די מאַמע פון דער משפחה, אַ דיקע פרוי מיט אַ ברייטן בוזעם און גרויסע שוואַרצע אויגן שטיין געבליבן איר אַנטקעגן, אומבאַהאָלפן, מיט אַראָפּגעלאָזטע הענט און איר אַ זאָג געטאָן:

— זע, ווי מיר וווינען...

רינה האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, באַשטעטיקט איר טענה און זי גענומען טרייסטן:

— נאָך אַ ביסל וועט איר אויך וווינען אין אַ געמויערטער דירה.

די פרוי האָט זי אָנגעקוקט מיט אויסגעגלאָצטע אויגן.

איר מאַן, אַ דאַרער ייד, מיט אַן אָנגעבלאָזענעם בויך, מיט אַ קנאַכיק פּנים, איינגעפאַלענע באַקן און לאַנגער נאָז, האָט סאַרקאַסטיש איר געענטפערט:

— ווען משיח וועט קומען...

ער האָט אַוועקגעדרייט דעם קאָפּ, נישט געוואָלט, זי זאָל זען זיין כעס.

רינה האָט געענדיקט טרינקען די קאַווע. זי האָט אַוועקגעשטעלט דאָס גלעזל און זיך אויפגעשטעלט. זי האָט שטיל אַ זאָג געטאָן „שלום״ און אַרויס פון געצעלט. זי האָט זיך געשעמט פאַר זיך אַליין.

געווען אויך ערטער ווו אַ באָבע האָט זי מכבד געווען מיט אַ צוקערל אָדער מען האָט איר אַוועקגעשטעלט אַ שיסעלע מיט קערנער צום קנאַקן. די באָבעס האָבן זי בדרך כלל נישט פאַרטראָגן. ווי נאָר אַ באָבע האָט איינגעזען, אַז עס גייט די לערערין, איז זי אַריין אין געצעלט און אַראָפּגעלאָזט די לייוונט איבערן איינגאַנג, פאַרמאַכט דעם וועג פאַר איר. די לערערין האָט דאָך אָנגערעדט די טעכטער און שנורן, זיי זאָלן גיין צום דאָקטאָר און נישט צו די באָבעס. די טאַטעס און זיידעס האָבן זי פיינט געהאַט. די מענער — ווייל זי פירט איבער זייערע ווייבער, די זיידעס — ווייל זי האַלט די קינדער אין שול און זיי גייען נישט אין חדר. נאָך איר יעדן באַזוך אין געצעלט האָבן די דערוואַקסענע אַראָפּגעלאָזט די אויגן. זיי האָט געאַרט וואָס אַ פרעמדע פרוי מישט זיך אין זייערע משפחה־ענינים.

רינה האָט דאָס אַלץ געזען, אָבער זי האָט דערויף נישט געלייגט קיין אַכט. זי האָט געוואָלט העלפֿן די ניי־אָנגעקומענע יידן און זיי צוגעוווינען צום היגן לעבנס־שטייגער. נאָך דער שול איז זי נישט געגאַנגען אַהיים, האָט ווייטער פֿאַר־געזעצט איר אַרבעט אין דער מעברה און אַלעמען אַרויסגעהאָלפֿן. איז אַ פּרעבליס־טין קראַנק געוואָרן האָט רינה זי פֿאַרטרעטן. נישט איין מאָל איז זי געגאַנגען איבער דער מעברה און צונויפֿגעקליבן די קינדער, וועלכע זענען אַרומגעקראָכן, אַרומגעשלייכט זיך מיט אויסגעשמירטע פּנימער, אין די אונטערוועש, אין איין שוך אויפֿן פֿוס און מיט דעם אַנדערן אין האַנט און דערצו האָבן זיי געוויינט. זי פֿלעגט די קינדער אָפּוואַשן איידער זי האָט אָוועקגעפֿירט צו זייערע מאַמעס, זיי אויס־געזעצט אין אַ ראָד און פֿאַר זיי געזונגען און געטאַנצט, זיי איינגעשטילט. די יידן, מיט אויסגעגלאָצטע, טעמפּע אויגן, האָבן איר נאָכגעקוקט ווו אַהין זי פֿירט די קינדער.

אָפּט איז זי אַוועק אויף דער „פּראָמענאַדע", אַזוי האָט די יוגנט פֿון דער מעברה גערופֿן דאָס אָרט. דאָס איז געווען דער המשך פֿונעם זאַמדיקן, שטייניקן שטח, וואָס האָט זיך געפֿונען הינטער דער מעברה. די שטיינער אויף דעם שטח זענען געווען איינגעוואָקסן ווי אָנגעלייגטע טרעפּ. דאָ האָט די יוגנט געקאָנט זיצן ווי אין אַן אַמפֿיטעאַטער. דאָ האָבן זיי זיך צונויפֿגעטראָפֿן. אַהער זענען זיי געקומען באַפֿרייען זיך פֿון דער ענגשאַפֿט. דאָ, אויף דעם ליידיקן, ברייטן מרחב, האָבן זיי איינגעאָטעמט די פֿרייע לופֿט. דאָ האָט די יוגנט אויסגעלאָדן איר טעמפּעראַמענט, פֿאַרמאָסטן זיך אין געוועט־לויפֿן און געשפּרונגען איבער קופּעס שטיינער וואָס זיי האָבן אָנגעלייגט. זיי האָבן אויך געשאַפֿן צוויי מאַנשאַפֿטן, וואָס האָבן געשפּילט פֿוטבאָל. צוויי שטיינער זענען געווען דאָס שפּיל־טויער. ווען זיי האָבן זיך פֿאַר־מאַטערט האָבן זיי זיך אַוועקגעזעצט אין גרופּן און געשוויגן.

אין אַ שפּעטן נאָכמיטאָג האָבן פֿינף בחורים אין עלטער פֿון פֿופֿצן, זעכצן יאָר זיך פֿונאַנדערגעזעצט אויפֿן פֿעלזיקן שטח. אַ צייט זענען זיי געזעסן און געקוקט ווי איינער זאָל באַטראַכטן דעם צווייטן, כאָטש זיי זענען נאָר וואָס געקומען צוזאַמען און איינער האָט געקענט דעם אַנדערן. אַלע האָבן זיי געשטאַמט פֿון מוקנין, אַ שטאָט אין טוניס.

זיי זענען געזעסן און געשוויגן. מיט אַ מאָל האָט אריה, אַ מיטלוווקסיקער, דיקלעכער בחור, מיט אַ געקרייזלטן קאָפּ גענומען זיי דערציילן מיט אַ טאָן, ווי ער זאָל רעדן צו זיך:

— שמחה, צדוקס טאַטע, אונדזער שכן אין טוניס, דאָ אין לאַנד וווינט ער ביי צפת, ווייט. אין לאַנד קאָן מען מיט אויטאָבוסן פֿאָרן פֿון איין עק לאַנד ביז דעם אַנדערן — ער האָט גערעדט פּאַמעלעך, געוואָלט אַליין באַגרייפֿן דעם זין פֿון זיינע ווערטער.

יוסף, אַ בחור מיט אַ לענגלעך פּנים, גרויסן שטערן און פֿליישיקער נאָז, האָט אים געענטפֿערט:

— אין טוניס האָבן מיר אויך געזען אויטאָבוסן, אָבער פֿאַבריקן מיט אַזעלכע

מאַשינען ווי דאָ, זענען דאָרט נישטאָ. מיין טאַטע איז געווען אין אַ פאַבריק, געוואָלט זען וואָס פאַראַ סחורות מען אַרבעט דאָ אויס. ער וויל צוריק אָנהויבן האַנדלען. דער געוועב פון די הונדערטער פעדעם וואָס ער האָט געזען, האָט אים געשווינדלט פאַר די אויגן. ער איז אַרויסגעלאָפן, מורא באַקומען, ער זאָל נישט פאַרלירן די ראיה.

אַלע זענען זיצן געבליבן מיט אויסגעגלאָצטע אויגן. חיים, אַ נידעריקער בחור מיט דיקלעכע באַקן, וואָס זענען אים אַראָפּגעהאָנגען, האָט אים אַ פרעג געטאָן:

— ווו איז דאָס געווען?

— איך ווייס נישט — האָט יוסף אים געענטפערט.

ראובן, אַ ברייטפלייציקער בחור וואָס האָט געהאַט אַ קאָפּ ווי אַן איי, פליישיקע ליפּן און גרויסע, שוואַרצע אויגן האָט זייביידן געענטפערט:

— איך בין געווען מיטן טאַטן אין תל־אביב, געזען אַ מאַשין וואָס גראָבט אונטער אַ באַרג און טראָגט די ערד אַוועק צו אַן אויטאָ וואָס פירט זי אַוועק.

— דאָס איז גאָרנישט — האָט חיים אים מבטל געמאַכט. ער האָט זיך אויפ־געשטעלט און זיך אַ ווענד געטאָן צו דער חברה — דאָ אין לאַנד בויט מען אויף אַ שטאָקיק הויז אין אַ האַלב יאָר. דאָ ברענגען די מאַשינען דעם בעטאָן און מען גיסט אָן אַ דאַך אין איין טאָג. זכריה, דער מאַמעס ייִנגסטער ברודער, וווינט אין ירושלים און אַרבעט ביי דעם בוי — האָט ער זיך גערימט און זיך צוריק אַוועקגעזעצט.

אברהם, אַ בחור מיט גרויסע, שוואַרצע טרויעריקע אויגן און ברייטן שטערן, האָט אַ זאָג געטאָן:

— יאָ, אָבער ווי קומען מיר צו דעם אַלעם? מיר זיצן דאָ אין דער מעברה.

יוסף האָט מיט דער האַנטפלאַך אָנגעקלאַפּט עטלעכע מאָל אין אַ פעלז און אַ קריץ־געטאָן מיט די ציין. אַלע האָבן אַראָפּגעלאָזט די אויגן און זיך נישט גערירט פון אָרט. קיינער פון זיי האָט זיך נישט געאיילט אַהיים, נישט געוואָלט זיך אומקערן אין דער מעברה.

רינה איז גראָד דאָרט פאַרבייגעגאַנגען. זי האָט זיי שוין פון דער ווייטנס אַ זאָג געטאָן „שלום".

די בחורים האָבן זיך איבערגעקוקט דערשטוינטע, ווי זי זאָל זיי האָבן איבער־געוועקט.

רינה, איז צו זיי צוגעגאַנגען און זיי אַ פרעג געטאָן לאַכנדיק צו זיי, ווי זייערס גלייכן.

— וועגן וואָס האָט איר גערעדט?

— ווען עס וועלן מקוים ווערן אַלע צוזאָגעכצער — האָט אברהם איר געענט־פערט סאַרקאַסטיש און זיך איבערגעקוקט מיט דער חברה.

רינה האָט פאַרצויגן די ליפּן. איר אָוואַלע גאָמבע איז געוואָרן שפּיציק. זי האָט

פאַרשטאַנען זייער כעס, אָבער זי האָט זיך צוגעזעצט צו אים אויף אַ שטיין און אים געענטפערט:

— נישט נאָר איר ליידט. אַלע אין לאַנד האָבן געליטן און מיינע עלטערן אַוודאי. אויך מיין מאַן האָט אייך וואָס צו דערציילן. ווען אַ פאָלק, ווי מיר יידן, קערט זיך אום נאָך דורות אויף אייגענער ערד, איז די זאַך נישט פשוט — זי האָט גערעדט הויך אויפן קול מיט אָנשטרענגונג. ווען זי האָט געענדיקט, האָט זי טיף אָפּגעאָטעמט.

אברהם האָט זי אָנגעקוקט מיט אַן אָפן מויל. זיינע ציין האָבן אַרויסגעשטאַרט פון מויל. ווי זיי וואָלטן אַרויסגעפאַלן. ער האָט איר געענטפערט:

— מיר ווייסן ווי אַזוי די יידן האָבן דאָ אַ מאָל געלעבט, אָבער היינט לעבן די יידן דאָ אין ווילעס און מיר אין געצעלטן, אין אַ מעברה.

ער האָט גערעדט שנעל און נישט געקוקט איר אין פנים. אַלע האָבן אויף אים געקוקט מיט אויסגעגלאָצטע אויגן. זיי זענען געווען איבערראַשט פון זיין ענטפער.

רינה האָט אָפּגעשאַצט די סיטואַציע און זי האָט זיך אַ ווענד געטאָן צו זיי, ווי עס זאָל גאָרנישט האָבן געשען. זי האָט געוואָלט זיי דערמוטיקן.

— איך וועל אייך עפּעס אויפשפּילן...

זי האָט אַרויסגענומען פון דער האַנט־טאַש איר פלייט, אָפּגעווישט מיט דער צונג די ליפּן און אויפגעשפּילט „מי יבנה את הגליל". די טרוקענע אָוונט־לופט האָט אויפגענומען אירע טענער און זיי פונאַנדערגעשיקט איבער דער סביבה. זי האָט געשפּילט און געקוקט זיי אין די אויגן, געוואָלט ביי זיי דערזען אַ פונק פון יוגנט־פרייד. אַלע זענען אָבער געזעסן די גאַנצע צייט מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ, ווי פאַרשטאַרט. זייערע אויערן האָבן נישט אויפגענומען די טענער וואָס זענען זיי געווען פרעמד. זי האָט זיי געלאַנגווייליקט.

רינה האָט נישט באַמערקט, אַז בשעת זי האָט געשפּילט איז אין דער זייט שטיין געבליבן שמואל שמואלי, אַזוי האָט מען אים גערופן אין דער מעברה. ווען זי האָט געענדיקט שפּילן איז דער הויכער, דאַרער ייד, וואָס האָט געהאַט אַ דינע בייניקע נאָז און דינע אויסגעצויגענע הענט, צוגעגאַנגען צו זיי. זיינע באָר־וועסע פיס האָבן געשטעקט אין פאַרדאַרטע שוין אָפּגעטראָגענע לאַטשן. ער האָט אויסגעשטרעקט דעם קאָפּ און אַ זאָג געטאָן מיט כעס צו זיין זון:

— אברהם, דעם גאַנצן טאָג ביסטו נישט געווען אין שטוב. ביז מיטאָג אין שול, איצט דאָ. מיט שפּילעריי פאַרנעמסטו זיך? דאָס איז אַ תכלית פאַר אַ בחור וואָס דאַרף שוין גיין אונטער דער חופּה?

ער האָט גערעדט שנעל, ווי די ווערטער זאָלן אים אַרויספאַלן פון האַלדז. ער האָט געכאָרכלט רעדנדיק און זיך דערנענטערט צו רינהן ביז ער איז שטיין געבליבן איר אַנטקעגן. זיין פנים איז געווען פלאַם־רויט, זיינע נאָזלעכער האָבן געפלאַטערט.

אין מאָמענט האָט רינה זיך פאַרלוירן. זי האָט אים אָנגעקוקט מיט אויפגעריסענע אויגן, אָבער באַלד האָט זי גוטמוטיק צו אים אַ שמייכל געטאָן און געזאָגט:

— אברהם איז אַ גוטער זון.

— דאָס איז מיין זון און נישט דיינער — האָט מיט פּאַראיבל איר געענט־פערט דער פאָטער.

— קום — האָט ער באַפוילן דעם זון און אים אַ צי געטאָןביים אַקסל.

אברהם האָט זיך אויפגעשטעלט און מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן געגאַנגען הינטערן טאַטן.

אויך די רעשט בחורים האָבן זיך אויפגעשטעלט, שטיל און פאַמעלעך נישט זאָגנדיק קיין וואָרט זיך פונאַנדערגעגאַנגען, ווי זיי זאָלן נאָכגיין אַ טויטן.

# ז

רינה איז שטיין געבליבן אַ געבוקטע און געאָטעמט שווער. זי האָט געפילט די שטילקייט אַרום זיך. ווען זי האָט אויפגעהויבן די אויגן, האָט זי דערזען, אַז זי איז אַליין. זי האָט אָפּגעאָטעמט, ווי זי זאָל זיך האָבן באַפרייט פון אַ לאַסט און גענומען גיין מיט אַ לאַנגן שריט. אירע נאָזלעכער האָבן געפלאַטערט פון איבער־לעבעניש. זי איז געגאַנגען און געזאַפּט אין זיך די פרישקייט פון די באַוואָסערטע גרינסן, וואָס איז געקומען פון די פעלדער. איר אָוואַל פּנים איז געווען אויסגעצויגן. אירע באַקן אָפּגעצויגן ווי זיי זאָלן זיין אויסגעטריקנט.

מיט אַ מאָל האָט זי דערהערט דאָס קאָלערן זיך פון וואָגן־רעדער. זי האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ. איידער זי האָט זיך באַוויזן צו אָריענטירן ווער עס פאָרט, איז יהודה אַראָפּגעשפּרונגען פון וואָגן. ער איז צו איר צוגעלאָפן און זי אַרום־גענומען מיט זיינע שטאַרקע הענט, זי צוגעדריקט צו זיך און איר אַ קוש געטאָן אין האַלדז. ווי נאָר זי האָט דערפילט זיין אָטעם אויף זיך, האָט זי זיך צעלאַכט אויפן קול: כאַ־כאַ־כאַ!

ער האָט זי אויפגעהויבן, זי צוגעטראָגן און אַרויפגעזעצט אויפן וואָגן. איצט איז ער אַרויפגעשפּרונגען אויפן געזעס.

— וויאָ, קינג! — האָט ער אַ באַפעל געטאָן דעם אייזל. די צוויי־וואָגן־רעדער האָבן זיך אַ קאָלער געטאָן.

צומאָרגנס איז רינה ווידער געקומען צו איר אַרבעט אַזוי ווי נעכטן וואָלט גאָרנישט געשען. די שטערונגען, וואָס זי האָט געהאַט ביי דער אַרבעט, האָבן אויף איר געווירקט, אָבער זי האָט דערויף נישט געלייגט קיין אַכט. היינט איז זי דווקא געקומען פריער ווי געוויינלעך. זי איז געווען אויסגערוט, איז די נאַכט געשלאָפן גוט. גאַנץ פרי, ווען די קינדער האָבן זיך איבערגעוועקט, איז זי געווען שוין גרייט.

זי האָט די קינדער אַרומגעוואַשן און זיי אָנגעטאָן. ווען די באָבע האָט זיי גענומען צום עסן, האָט זי יעדן פון זיי אַ גלעט געטאָן איבערן קאָפּ, אַ קוש געטאָן און איז אַוועק צו דער אַרבעט.

זי איז געגאַנגען מיט אַ לייכט געמיט צו דער אַרבעט. אַ לייכט מאָרגן־ווינטל, ווי אַ פלאַטער פון אַ זומער־פייגעלע, האָט געטריקנט די נאַכט־פייכטקייט נאָך דעם טוי. זי איז געגאַנגען און פריי געאָטעמט. דאָס מאָל איז זי געקומען מיט אַ זייטיקן שטעג אין דער מעברה אַריין, פון דער צווייטער זייט, ווו מען האָט געשטעלט צוויי נייע, הילצערנע באַראַקן. אין זיי האָט מען געדאַרפט איינאָרדענען די עלטערע, ניי־פונאַנדערגעטיילטע שול־קלאַסן.

די שיטערע זון־שטראַלן האָבן זיך ערשט ווי אויסגעפיקט און האָבן קוים באַוויזן אַריבערקוקן איבער די דעכער פון די באַראַקן. רינה האָט זיך פאַרהאַלטן און באַטראַכט די גרייס פון די צימערן, אין וועלכע זי וועט דאַרפן איבערפירן איר קלאַס.

הינטער אַ נישט פאַרשאַלעוועטער וואַנט איז שטיין געבליבן דוד. ער האָט אַראָפּגעלאָזט פון אַקסל אַ בעלקע אויף דער ערד און זיך איינגעקוקט אין רינהן. ביז רינה האָט דערפילט אויף זיך זיין בליק האָט געדויערט אַ ווײַלע, אָבער ווען זי האָט אויפגעהויבן די אויגן און אים געזען, איז ער אַרויסגעגאַנגען פון הינטער דער וואַנט, געזאָגט:

— שלום!

רינה האָט זיך אין אים נאָך שטאַרקער איינגעקוקט. אַ קליינער פאַלד האָט געקנייטשט איר שטערן.

ער האָט געפּרוּווט אַ שמייכל־טאָן, געוואָלט זיין ביי איר נאָר איינער פון די אַלע יידן אין דער מעברה, מיט וועלכע זי גיט זיך אָפּ, אָבער באַלד האָט ער פאַר־מרוזשעט די אויגן און פאַרצויגן די ליפּן ווי ער זאָל וועלן אַ פייף טאָן, אָבער ער האָט נאָר עטלעכע מאָל אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און זיך געוואַנדן צו איר אין אַ צעבראָכענעם עברית:

— אני פּה יום ראשון... אָבער, איר פאַרשטייט דאָך יידיש. איך האָב נעכטן געזען ווי דער טאַטע האָט צעיאָגט די בחורים און אַהיימגערופן זיין זון.

ער איז שטיל געבליבן. ערשט אַ ווײַלע שפּעטער האָט ער צוגעגעבן אַ פאַר־טראַכטער:

— לעבסטו אין דיין געבורטסאָרט, ביסטו אַ מענטש, ווערסטו פאַרוואָגלט, ביסטו נאָר אַ באַשעפעניש...

ער האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט רעזיגנירט.

זיין רעדן און באַנעמען זיך האָט איבערראַשט רינהן. איר איז שווער געווען צו רעדן יידיש, אָבער זי האָט פאַרשטאַנען. זי האָט אויף אים אַ קוק געטאָן, אים באַטראַכט. ער האָט געטראָגן אַ צעכראַסטעטע העמד מיט נישט פאַרקנעפּלטע מאַנקעטן. די אַרבל זענען אַראָפּגעהאַנגען, ווי זיי זאָלן זיין לײדיק. ער האָט אויך געטראָגן טונקל־גראַנאַטענע געשטרייפטע הויזן פון אַ גוטן אַנצוג. ער האָט אויס־געזען ווי אַ פאַרשטעלטער און נישט ווי די אַרבעטער, צו וועלכע רינה איז געוווינט געווען. האָט ער דאָך געמאַכט אויף איר אַן איינדרוק. ער איז געווען הויך, גוט געבויט, געהאַט אַן אָוואַל פּנים און אַ בלאָנדן קאָפּ האָר. די עקן פון זיינע פּאות

זענען געווען שוין גרוי. אין מיטן קאָפּ איז שוין געווען אַ ליידיקער שטח, ווי אַ גרויסער קנאָפּ, אַן אָנהייב פון אַ פּליך. אין אַמאָמענט האָט זי זיך דערמאָנט, אַז זי האָט אים שוין געזען אין דער מעברה.

— דו געקומען פון וואַנען? — האָט זי אים אַ פרעג געטאָן אין אַ צעבראָ־כענעם יידיש.

— וואָס איז וויכטיק? אַ ייד פון דער מעברה — האָט ער איר געענטפערט און געוואָלט גיין.

— אַן אינטעליגענטער מענטש און לאָזט שטיין אַ פרוי? — האָט זי אַ שפּאַס געטאָן.

ער האָט זיך פאַרהאַלטן און אָפּגעזיפצט, ווי ער זאָל ערשט איצט האָבן אַראָפּ־געלאָזט די בעלקע פון אַקסל. ער האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ ווי דער נאַקן זאָל אים האָבן זיך איינגעבראָכן און אַ פאַרשעמטער איר געענטפערט:

— איך האָב געהייסן אַדאָלף. איצט, דאָ, דוד — און ער האָט פאַרפרעסט די ליפּן. אַ ווײַלע שפּעטער האָט ער צוגעגעבן שטיל ווי ער זאָל רעדן צו זיך:

— געהאַט מיין וועלט, איז זי מיר אונטערגעגאַנגען, איצט פּרוּוו איך בויען אַ נייע וועלט פאַר יידן — ער איז געבליבן שטיל, נאָר זיינע קינבאַקן האָבן זיך באַוויגן. אַ ווײַלע שפּעטער האָט ער אַ זאָג געטאָן, אַז מען האָט קוים געהערט:

— יידן פון דער גאַנצער וועלט קומען, איך מיט זיי.

באַלד דערויף האָט ער זי אַ פרעג געטאָן:

— פון די אַלע דאָ וועט אַ מאָל ווערן אַ פאָלק?

— דער יונגער דור וואָס וועט אונטערוואַקסן — האָט זי באַוויזן אים ענטפערן.

— דוד, כ'וואַרט אויף דיר! — האָט זיך דערהערט אַ הילכיקער רוף, וואָס איז זיך פונאַנדערגעגאַנגען איבער דער סביבה.

— מען דאַרף אַרבעטן — האָט ער, אויפהויבנדיק די בעלקע, געזאָגט און איז אַוועק.

— אוי, די קינדער וואַרטן אויף מיר — האָט רינה זיך דערמאָנט און איז אַוועק אין דער שול.

דוד האָט געוווינט אין אַ געצעלט מיט נאָך דריי בחורים. איינער פון זיי איז געווען שאול, אַן אַלטער קאַוואַליר. די צוויי אַנדערע שכנים זענען געווען ששון און זכי, צוויי ברידער. ביידע זענען געווען גרויס און שטאַרק, געהאַט געדיכטע שוואַרצע טשופּרינעס און שוואַרצע, גרויסע אויגן, וועלכע האָבן געגלימערט.

זיי זענען געקומען אין לאַנד אַריין אַליין. זייערע עלטערן און די רעשט גע־שוויסטער זענען געפאַרן קיין פראַנקרייך. ביידע זענען געווען אויטאָ־מעכאַניקער. זיי זענען יעדן טאָג געפאָרן אין שטאָט צו דער אַרבעט. זיי האָבן זיך געהאַלטן אָפּגעזונדערט, כמעט נישט געדעדט מיט די אַנדערע צוויי שכנים. דוד איז פאַר זיי געווען דער צעבראָכענער ייד וואָס איז געקומען פון די לאַגערן און קאָן זיך קיין אָרט נישט געפינען אין לעבן. זיי האָבן זיך געהאַלטן פאַר מער נוצלעכע מענטשן

ווי זייערע צוויי שכנים. זיי האָבן געאַרבעט, דוד און שאול נישט, שאולן האָבן זיי געדולדעט, ווייל ער איז געווען פון די מזרח־עדות.

דודס בעטל איז געשטאַנען ביים אַריינגאַנג. אונטערן בעט האָט ער געהאַלטן די צוויי וואַליזעס זיינע. די דריי בעטן פון די רעשט שכנים זענען שטענדיק געווען פאַרבעט מיט די קאָלדרעס און פלעדן וואָס זיי האָבן מיטגעבראַכט. דודס בעט איז געווען צוגעדעקט מיט דעם זעלנער־קאָץ, וואָס ער האָט באַקומען פון דער מעברה־פאַרוואַלטונג. ער האָט זיך געהיטן נישט אַ קוק טאָן אין די שפיגלען וואָס זענען געהאַנגען איבער די שכנימס בעטן, נישט געוואָלט זען ווי ער זעט איצט אויס. ער האָט געררומט דאָס געצעלט, געוואָלט עס זאָל זיין ריין. שאול האָט אים געהאָלפן.

צווישן אים און שאולן איז אויך נישט געווען קיין געמיינזאַמעס. טראָץ דעם האָט שאול עטלעכע מאָל אין משך פון דער צייט אים פאַרבעטן אויף אַ קאַווע, וואָס ער האָט צוגעגרייט. נישט איין מאָל זענען זיי געזעסן צוזאַמען און שטיל געזופט די קאַווע, נישט אויסרעדנדיק קיין וואָרט. שאול האָט געשעצט דודן, האָט פאַרשטאַנען, אַז ער לעבט עפּעס איבער און קאָן זיך נישט באַרויִקן.

דוד האָט מיט אַלע כוחות זיך באַמיט צו באַרויִקן, געוואָלט זיך אַריינפּאַסן אין זיין נייער ווירקלעכקייט, אָבער האָט נישט מצליח געווען. ער איז כסדר געגאַנגען אַ טאָג אָדער צוויי אין דער וואָך, אַרבעטן נישט וויכטיק ביי וואָס, געריסן ירקות אין פעלד, געשלעפּט קאַסטנס אויף דער פּלייצע, גערייניקט אַ שטאַל, געלאָדן מיסט און געשלעפּט בלאָקן אויף די מויערן. אומעטום, ווו ער האָט געאַרבעט, האָט מען אים געהייסן קומען מאָרגן ווידער, אָבער ער האָט קיין מאָל נישט געאַרבעט מער ווי אַ טאָג, צוויי. זיין אומרו האָט אים געטריבן. ער איז נישט געשלאָפן די נעכט. ער איז געלעגן מיט אויפגעריסענע אויגן ווי ער זאָל וועלן אַדורכקוקן די פינצטערניש אין געצעלט.

יעדע שעה איז אים דער טאָג אַליין געווען איבעריק. ער האָט נישט געהאַט וואָס צו טאָן מיט דער צייט. ער האָט זיך געשלייכט איבער דער סביבה ווי אַן איבעריקער. אַפילו מיט זיך איז ער נישט געווען אייניק. די צייט איז פאַר אים געווען אַ פאַרפאַלענע. די שעהען האָבן ביי אים נישט געהאַט קיין באַדייטונג. ער האָט כמעט נישט גענומען דאָס עסן פון קעסל. ער האָט געהאַט אַ ביסל געלט. ווען ער האָט דערפילט הונגער, איז ער אַריין אין קראָם, געקויפט זיך אַ גרויסע זעמל און אַ פלאַש אָראַנזשאַדע.

ער האָט זיך געשלייכט כסדר איבער דער סביבה. אָפט איז ער אויך געפאָרן קיין נתניה און אַפילו קיין תל־אביב, איז געגאַנגען איבער די גאַסן מיט אַן אויס־געשטרעקטן קאָפּ און אויסגעגלאָצטע אויגן, ווי ער זאָל קוקן אין די פענצטער און דאָרט זען וואָס מענטשן טוען. אָבער ער האָט זיך אויך געהיטן נישט צו טרעפן קיין באַקאַנטע. די הויכע הייזער, די גרויע ווענט און דער רעש אין די גאַסן האָבן אים געשראָקן. ער איז געווען עלנט, אַליין אינעם גאַסן־טומל. דער טומל איז אים שנעל נמאס געוואָרן און ער איז געלאָפן צוריק צום אויטאָ, האָט געוואָלט וואָס

שנעלער אַרויס פון דער שטאָטישער פּרעמדקייט, געאײַלט צוריק אין דער מעברה אַרײַן.

אויך אין די דערפער אַרום דער מעברה האָט ער זיך געשלײַכט אין דער זייט צווישן די ביימער און אויף די שטעגן די מענטשן זאָלן אים נישט באַמערקן. נאָר אויף אַ פרייען שטח, אויף די פעלדער־שטחים איז ער געגאַנגען גלײַך. די פײַכטקייט פון דער באַוואַסערטער ערד האָט אים געקילט. די ביימער און זייערע שאָטנס האָבן אים באַרויקט, אָבער ווען ער איז פאַרבײַגעגאַנגען אַ גרופּע קינדער אין אַ שול אָדער פּרעבלשול האָט ער זיך אַרונטערגערוקט הינטער אַ וואַנט, מען זאָל אים נישט זען. שטיל ווי אַ גנב און מיט אויפגעריסענע אויגן און אָנגעשפּיצטע אויערן געקוקט און געהערט ווי די קינדער פּילדערן, זינגען און שפּרינגען. ער האָט מקנא געווען די לערערין, די לערערס, וואָס האָבן זיך מיט זיי פאַרנומען. ער איז לאַנג געשטאַנען ווי אַ פאַרגליווערטער. ערשט ווען ער האָט דערהערט טריט הינטער זיך איז ער אַרויס פון אונטערן הויז.

אין דעם אָוונט, נאָכן טאָג וואָס ער האָט זיך אַדורכגערעדט מיט ריבהן, איז דוד געקומען אין זײַן געצעלט אַרײַן מיט וואַקלדיקע טריט. ער איז געווען פאַר־מאַטערט נישט פון דער אַרבעט, נאָר פון דער איבערלעבעניש. ער האָט זיך אַרומ־געקוקט איבערן געצעלט און ווידער דערפילט זײַן עלנט. ער האָט זיך אָנגעבויגן און אַרויסגענומען פון זײַן בעט־ווינקל אַ פלאַש און פון איר אַ זשלאָקע געטאָן, ווי אַ פערד וואָס גיט אַ טרונק. ער האָט צוריק צוגעשטאָפּט די פלאַש און זי צוריק אַרײַנגעשטעלט אין אַ ווינקל. ערשט איצט האָט ער אַ זאָג געטאָן: „עה!" און אַ טרייסל געטאָן מיטן קאָפּ, זיך אָפּגעשאָקלט. ער האָט זיך אין די אַרבעטס־קליידער, אַ נישט ראַזירטער, אַרויפגעוואָרפן אויף זײַן בעט. דאָס בעט האָט אונטער אים אַ קרעכץ געטאָן. ער איז געבליבן ליגן ווי אַ פולער זאַק, אַן אויס־געצויגענער, מיט פאַרמאַכטע אויגן און אָפן מויל. ער איז נישט געשלאָפן. ער האָט געהערט ווי דאָס בלוט פּולסירט אין זײַנע שלייפן און אָדערן און נישט גערירט מיט קיין אבר.

שאול איז אַרײַנגעקומען און געבליבן שטיין אַן איבערגעבויגענער איבער אים, אַ רוף געטאָן „דוד", אָבער ער האָט זיך נישט קיין ריר געטאָן און אים נישט געענטפערט. אויך שפּעטער ווען שאול האָט אָנגעצונדן דאָס נאַפט־לעמפּל און זיך גענומען פאָרען ביים קאָכן די קאַווע האָט דוד נישט רעאַגירט.

די צוויי ברידער זענען געקומען פון שטאָט, האָבן זיך געפּאָרעט. שפּעטער האָבן זיי אויסגעלאָשן דאָס לעמפּל. געלייגט אין די בעטן און אײַנגעשלאָפן. דוד איז געבליבן ליגן אין די מלבושים.

ערשט שפּעט אין דער נאַכט, ווען דורך די געצעלט־שפּאַרעס האָט זיך אַדורכגעשטופּט די לבנה־שײַן, האָט דוד זיך אויפגעזעצט. אַ רגע שפּעטער איז ער אַרויס פון געצעלט, איז געגאַנגען גיך, ווי ער וואָלט אַנטלאָפן פון אַ פײַער, אָבער באַלד געבליבן שטיין, פאַרמאַכט די אויגן און אָפּגעאָטעמט, אײַנגעזויגן אין זיך די נאַכט־פרישקייט. ווען ער האָט צוריק געעפנט די אויגן, האָט די לבנה אים

אַ בלענד געטאָן. ער האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף דער ערד, מיטן פּנים צו דער לבנה. ער האָט כסדר צוגעמאַכט און געעפנט די אויגן. ווי אַ קינד האָט ער געוואָלט קוקן און מורא געהאַט צו זען די לבנה. אַ מאָל האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז די לבנה לאַכט צו אים, אַ מאָל אַז זי בייזערט זיך אויף אים.

אַ צייט שפּעטער האָט דוד דערהערט אַ רויש הינטער זיך. ער האָט זיך אומגעקוקט אַ דערשראָקענער. נעבן אים איז געשטאַנען שאול. שאול איז געווען אַ גרויסער באַלייבטער מאַן. זיין גאָמבע איז געווען ברייט און דערפאַר האָט זיין פּנים אויסגעזען פּירקאַנטיק. זיין קאָפּ איז געווען גאָל, מיט אַ ביסל האָר פון הינטן, ווי אַרומגענומען מיט אַ רייפל. ער איז געווען אין דער פּיזשאַמע, אין אָפענע לאַטשן אויף די באָרוועסע פיס.

— פאַר וואָס שלאָפסטו נישט? — האָט ער אַ פרעג געטאָן דודן.

דוד האָט געשוויגן. ערשט אַ ווײַלע שפּעטער האָט ער אים געענטפערט:

— איך וויל שלאָפן און קאָן נישט, אַ ווייטאָג האַלט מיך וואַך — ער האָט גערעדט לאַנגזאַם, יעדעס וואָרט באַזונדער, ווי צו זיך.

— יעדן ייד טוט עפּעס וויי, אָבער מען מוז איבערטראָגן דעם ווייטאָג — האָט שאול אים געענטפערט און געקוקט צו אים אַראָפּ.

דוד האָט זיך היסטעריש צעלאַכט, ווי ער זאָל שרייען:

— דו ווייסט וואָס איך האָב אָנגעוווירן?

— נישט נאָר דו, אויך איך. איך בין געווען אַ הויכער באַן־באַאַמטער אין מוסול — האָט שאול זיך אָנגערופן.

אַ ווײַלע האָבן ביידע געשוויגן. מיט אַ מאָל האָט דוד מיט דער האַנטפלאַך אָנגעקלאַפּט עטלעכע מאָל אין דער ערד און זיין פּנים איז געווען רויט פון כעס. עטוואָס שפּעטער האָט ער זיך באַרויִקט און אַ זאָג געטאָן שאולן:

— זעץ דיך — און אים געוויזן דאָס אָרט נעבן זיך.

שאול האָט זיך אַראָפּגעלאָזט און געבליבן זיצן אויף זיינע איינגעבויגענע קניִען.

— האַאַאַ! — האָט דוד אַ הויך געטאָן ווי ער זאָל אַרויסלאָזן פון זיך זיין אָנגעקליבענעם אין אים כעס. ער האָט געמוזט זיך איצט אַראָפּרעדן פון האַרצן:

— אַרבעט, געלט, זאַכן קאָן מען קריגן און פאַרלירן — און ער איז אַנטשוויגן געוואָרן. אַ ווײַלע שפּעטער האָט ער ממשיך געווען, געצויגן די ווערטער, ווי ער אַליין וואָלט געוואָלט זיי הערן גוט:

— נעכטן געטראָפן די בלאָנדע לערערין. איך גאַנצן ווי מיין ווייב זעט זי אויס...

שאול האָט צוגעבויגן צו אים דעם קאָפּ, געוואָלט אים הערן, אָבער דוד איז אַנטשוויגן געוואָרן.

אַ ווײַלע שפּעטער האָט ער ווידער גענומען רעדן:

— איך האָב פאַרלוירן עלטערן, אַ ווייב, קינדער, אַלץ...

דאָס שווייגן פוןביידע איז געווען פּיינלעך. די לבנה האָט אַראָפּגעקוקט אַן אומעטיקע.

דוד האָט אַ טרייסל געטאָן מיטן קאָפּ, ווי ער זאָל זיך אָפּשווידערן פון קעלט און געזאָגט:

— איך וועל זיי נישט פאַרגעסן — ער האָט די ווערטער קוים אַרויסבאַקומען פון זיך.

שאול האָט אַ שנוף געטאָן מיט דער נאָז און זיך געוויגט אויף זיינע קניען. דוד האָט ווייטער גערעדט:

— כ'בין געקומען צווישן יידן דאָ אַהער, געוואָלט אָנהייבן פון ס'ניי, איך קאָן נישט מער, מיין גורל איז אכזריותדיק.

— זיין אַ ייד איז שוין אַ גורל — האָט שאול געענטפערט און אַרויפגעלייגט אַ האַנט אויף דודס אַקסל.

— שטיי אויף, די ערד איז נאַס — אונטערגעהויבן זיך און מיטגעהויבן דודן.

דוד האָט זיך נישט געווערט. שאול האָט איבערגעלייגט זיין אָרעם איבער דודס פלייצע און געזאָגט:

— זיי פאַרזיכטיק, אין מזרח זענען פאַראַן אַנדערע זיטן ווי אין מערב...

דוד האָט אים אָנגעקוקט דערשטוינט.

שאול האָט אים צוגעדריקט צו זיך:

— די לבנה וועט באַלד פאַרגיין, קום שלאָפן.

ער האָט נישט געוואָלט, דוד זאָל אים איבערפרעגן מיט וואָס ער דאַרף זיין פאַרזיכטיק.

# ח

אַ גרויקייט האָט איבערגעדעקט דעם הימל און פאַרשטעלט די זון. די טעג זענען געווען נאָך הייסע, די לופט דעמפּיק און שווער. אַן אָנגעטראָגענער ווינט פון די בערג האָט שוין גענומען קילן די לופט, מיטגעברענגט אַ וואָלקן. די אויס־געטריקנטע, צעפּלאַצטע ערד האָט געלעכצט נאָך פייכטקייט. די וואַדיס אין דער געגנט זענען געווען אויסגעטריקנט און האָבן אויסגעזען ווי איינגעגראָבענע טראַנשייען. דיביימער, נאַקעטע, אָן בלעטער, האָבן געשטאַרט צום הימל, ווי זיי וואָלטן זיך באַקלאָגט אויף זייער פאַרשעמטקייט.

דוד האָט נאָך אַלץ געאַרבעט איינצלנע טעג, מערסטנטייל ביים קלאַפּן בלאָקן. די הויט אויף זיינע הענט איז כסדר האַרטער געוואָרן. ער האָט ווייטער ווי פריער זיך געשלייכט איבער דער סביבה און באַטראַכט יעדעס גרעזל און בלעטל. אַ מאָל איז די סביבה געווען אים נאָענט, דערמאָנט אים פּוילן, אַ מאָל איז אַלץ געווען אים פרעמד און משונהדיק. ווען ער איז פאַרבייגעגאַנגען אַ פּרדס און געזען די

ביימער מיט די רייפע מאַראַנצן, האָט ער זיך דערמאָנט אָן די פּוילישע וועלדער, ווי אַנדערש עס זענען דאָרט די ביימער, צווישן וועלכע ער האָט שפּאַצירט.

ער האָט זיך געשלייכט אָן אַ ציל, נישט געהאַט זיך ווו אַהינצוטאָן און נישט געהאַט קיין נאָענטן פּאַר וועמען ער זאָל זיך קאָנען אַראָפּרעדן. באַלד אין אָנהייב, ווען ער איז געקומען אין דער מעברה אַריין און זיך איינקוואַטירט אין זיין געצעלט, האָט ער זיך דערפילט עלנט, ווי אַ פאַרוואָרלאָזטער שטיין, וואָס איז אַרויסגעפאַלן פון אַ וואָגן און ליגט אין מיטן וועג.

אין אַ פאַרמיטאָג האָט דוד געשפּאַנט צווישן די וויינגערטנער פון „אסף״. מיט אַ מאָל איז ער שטיין געבליבן אַ פאַרגאַפטער. לונה האָט גראָד אויסגעגליכן איר רוקן און מיט אַ בליק אָנגעמאָסטן איר טאָרבע מיט די צונויפגעקליבענע וויינבלעטער. באַלד האָט אים אויך לונה באַמערקט. אַ ווײַלע לאַנג האָבן זיי זיך באַטראַכט און געשוויגן. ער האָט צו איר געשמייכלט. אירע אויגן זענען געווען גרויס פון פּחד.

— ווער זייט איר — האָט זי אים אַ פרעג געטאָן — און זיך אומגעקוקט צי מענטשן זעען, אַז זי רעדט מיט אים.

— אייער שכן פון דער מעברה — האָט ער איר געענטפערט.

אַ ווײַלע האָט זי געשוויגן און דערנאָך אים אָפּגעענטפערט:

— אָבער אַ פרעמדער...

— איך וויל ווערן מיט אייך היימיש — האָט ער איר פאָרגעשלאָגן.

זי האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן, געוואָרן ערנסט. אויף אירע באַקן האָבן זיך באַוויזן רויטע פלעקן. זי האָט אים אַ זאָג געטאָן ווי זי זאָל זיך פאַרענטפערן:

— מיר זענען פון אַפגאַניסטאַן. מיין טאַטע מוז מסכים זיין...

ער איז געוואָרן פאַרגאַפט פון איר צוגאַנג און באַנעמען זיך. זיינע אויגן האָבן אַ לאַך געטאָן. נאָך אַ לאַנגער צייט האָט ער איר פאָרגעשלאָגן:

— איך וועל אייך צופירן אַהיים... איר זייט מסכים?

— ניין — האָט זי אויסגעשריגן. זי האָט אַ כאַפּ געטאָן די טאָרבע און אַוועקגעלאָפן.

דאָס געשפּרעך צווישן זיי איז פאָרגעקומען אין אַ צעבראָכענעם עברית. ביידע האָבן זיך קוים פאַרשטאַנען. דוד האָט אָפּגעוואַרט און זיך געלאָזט גיין. אינעווייניק אין אים האָט עס געלאַכט. די פּלוצימדיקע באַגעגעניש האָט אים געוויילט. ער איז געוואָרן הייטער, פאַרגעסן זיין מצב.

לונה איז געקומען אַהיים אָן אַן אָטעם. זי האָט באַלד דערציילט דעם פאָטער וועגן דער באַגעגעניש מיט דודן. דער פאָטער איז געבליבן מיט אַן אָפן מויל און זי אָנגעקוקט מיט גרויסע אויגן. ער האָט געוואַרט, זי זאָל דערציילן ווייטער. ערשט אַ צייט שפּעטער האָט ער אַ ברום געטאָן: „נו!״. אין דעם ברום זיינעם איז געווען פרייד און כעס.

— איך בין אַנטלאָפן — האָט זי אַ זאָג געטאָן.

איבער זיין פּנים איז דורכגעלאָפן אַ ציטער:

— ווער איז ער?

— דער וואָס אַרבעט ביי די באַראַקן — האָט זי געזאָגט און פאַרשעמט אַראָפּגעלאָזט די אויגן.

— טו ווייטער דיין אַרבעט — האָט דער פאָטער לאַקאָניש באַפוילן.

דער פאָטער האָט אָפּגעוואַרט דודן. ווען ער האָט אים דערזען, איז ער אים אַנטקעגן געגאַנגען און געבליבן שטיין פאַר אים, ווי ער זאָל אים פאַרשטעלן דעם וועג.

דוד האָט געשטוינט:

— איר ווילט עפּעס פון מיר?

— פאַר וואָס באַאומרויִקסטו מיין טאָכטער? — האָט דער פאָטער גוטמוטיק אים געפרעגט.

דוד האָט נישט געקענט דעם ייד און נישט געוווסט וואָס ער וויל. דער ייד איז געווען אַ הויכער, געהאַט אַ קנאָכיק פּנים, פּליישיקע ליפּן און אַ לאַנגע דיקע נאָז.

— איך בין לונהס טאַטע, דעם מיידלס, וואָס האָט געריסן די וויינבלעטער אין וויינגאָרטן — האָט ער זיך פאַר אים פאָרגעשטעלט.

דודן האָט זיך געוואָלט לאַכן, אָבער זיך איינגעהאַלטן. באַלד האָט ער דעם פאָטער אַ קלאַפּ געטאָן אין דער פּלייצע און מיט באַדויער אים אַ זאָג געטאָן:

— געקאָנט שוין אויך האָבן אַזאַ טאָכטער...

זיין קאָפּ איז געבליבן הענגען. אַ ווײַלע שפּעטער האָט ער צוגעגעבן:

— גאָרנישט אויסן געווען...

דער פאָטער האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן, נישט געקענט קוקן דודן אין פּנים. ער האָט זיך געשעמט פאַר וואָס ער האָט אים חושד געווען. אַ ווײַלע האָבן ביידע געשוויגן. מיט אַ מאָל האָט דער פאָטער אָנגערופן זיך מיט אַ בעטנדיק קול:

— קום צו מיר אויף אַ קאַווע.

— פּאָזשאַלוסטאַ! — האָט דוד מיט פרייד אים געענטפערט און אים גענומען אונטערן אָרעם.

דער ייד האָט נישט פאַרשטאַנען וואָס דוד האָט אים געזאָגט, נאָר לויט זיין באַנעמען זיך איז אים קלאָר געוואָרן, אַז ער האָט באַוויליקט מיטצוגיין מיט אים.

פון דעמאָלט אָן איז דוד געבליבן דער איינגייער ביי אים. ער האָט גערן געהאַט די משפּחה־אַטמאָספער וואָס האָט געהערשט ביי זיי אין געצעלט. זילפּה, דעם פאָטערס מוטער און באָבע האָט דעצידירט אין די משפּחה־ענינים. אירע האָר זענען געווען גרוי, לאַנג און אַרומגעבונדן מיט אַ טיכל ווי אַ טורבאַן. זי האָט געטראָגן אַ ברייט קלייד אין פאַלדן און אָפענע לאַטשן. בילהה, אַ הויכע לייביקע פרוי האָט אויסגעפירט זילפּהס אַלע באַשלוסן און פאַרלאַנגען. לונה איז געווען דאָס מפונקל אין דער משפּחה און זילפּהס יינגסט אייניקל. זילפּהס זיבן קינדער האָבן נאָך געוווינט אין אַפגאַניסטאַן. יצחקי, לונהס פאָטער, האָט געהאַט פינף אויסגע־

געבענע זיך. זיי האָבן איצט געווווינט אין פאַרשידענע מעברות אין לאַנד. יצחקי איז געווען אַ פּאַכמאַן פון טעפּעכער.

דוד האָט געקוקט אַ פאַרגאַפטער אויף יצחקין, ווי ער האָט אָנגעטאָן דאָס קאַפּל צום עסן און געמאַכט אַ ברכה איבער די מאכלים. ער איז געזעסן אַ צופרידענער אויף אַ נידעריק בענקל, יצחקין אַנטקעגן און געטרונקען מיט אים קאַווע. יעדעס מאָל פונסניי האָט ער באַוווּנדערט די באָבע, וועלכע האָט געברענט און געשטויסן די קאַווע אין ספּעציעלע כלים. געקאָכט די קאַווע האָט בילההּ, די מוטער און לונה האָט דערלאַנגט צום טיש. געברענט די קאַווע האָט מען אין אַ ספּעציעלער שוין אויסגעברענטער, אייזערנער פאַטעלניע אויף אַ גליענדיקן פּרימוס. געשטויסן די קאַווע האָט מען אין אַ מעשענעם, בייכיקן מערזשער.

דוד האָט ליב געהאַט צו זיצן און הערן יצחקין דערציילן. נישט איין מאָל איז יצחקי געזעסן אויף אונטערגעלייגטע אונטער זיך פיס ביי אַ גלעזל קאַווע אָדער מיט דער נאַרגילע־שלויך אין האַנט און דערציילט דודן וועגן אַפגאַניסטאַן. ער איז געזעסן אויף די פיס אַ פאַרקוקטער אין זיך, נישט גערירט זיך ווי אַ מומיע. זיינע אויגן זענען געווען פאַרגלייזט און ער האָט געזען דאָס אַלץ, וועגן וואָס ער האָט דערציילט: די הויכע, גרינע בערג, אויף וועלכע די איינוווינער ציכטן זייערע אויבסט־סעדער, די סטאַדעס פערד און די קאַראַקול־שעפּסן. ער האָט אים געשילדערט די טאָלן, וועלכע זענען סוף־זומער געווען ווייס, באַדעקט מיט די בוימוואָל־בלומען. רעדנדיק איז ער יעדע ווײַלע שטיל געבליבן, זיך פאַרטראַכט. דערנאָך פלעגט ער פאַרברעכן די הענט און אַ זאָג טאָן:

— אָרעמע מענטשן, אָבער אַ רייך לאַנד.

זיין זיצנדיקער קערפּער פלעגט זיך אַ שאָקל טאָן ווי ער זאָל זיך באַדויערן. ער האָט אויסגעשטרעקט דעם קאָפּ, געקוקט ווייט, ווי ער וואָלט געזען דאָרט די פעלדער, די הייזער און די מענטשן פון זיין ווייטן לאַנד.

אין איינעם פון די פיל שמועסן האָט יצחקי אָוועקגעשטעלט דאָס גלעזל אָפּגעטרונקענע קאַווע. באַלד דערויף האָט ער אויסגעצויגן זיין אויבערשטן גוף. ער איז ווי גרעסער געוואָרן. ער האָט אויסגעשטרעקט די הענט אין דער הויך און דערנאָך זיי איבערגעלייגט איבערן קאָפּ. אַ ווײַלע שפּעטער האָט ער אַראָפּגעלאָזט די הענט. ער האָט אַ וואָרף געטאָן מיט דער רעכטער האַנט און אַ זאָג געטאָן מיט התלהבות:

— און וואָס פאַראַ פערד זענען דאָרט פאַראַן... — ער האָט זיך אונטערגעהויבן, זיינע אויגן האָבן געגלאַנצט ווי ער וואָלט געזען גאַלאָפּירן אַ סטאַדע פערד.

אַ צייט איז ער געזעסן פאַרקוקט אין דער ווייט, ווי ער וואָלט געזען דאָס לאַנד פון וואַנען ער איז געקומען. ער האָט אָבער נאָר נאָכגעטראַכט. אַ ווײַלע שפּעטער האָט ער אַ זאָג געטאָן ווי צו זיך:

— עס וואָלט כדאי געווען מיט זיי האַנדלען, ברענגען אַהער זייערע סחורות.

ער האָט געקוקט אויף דודן פון דער זייט, צי ער הערט.

דוד האָט בכלל נישט תופס געווען, אַז דאָס האָט ער אים פֿאָרגעשלאָגן דעם מסחר.

יצחקי האָט גערעדט זעלטן. ער האָט זיך נישט געטרויט. איצט האָט ער געוואָלט ביי דודן זיך דערוויסן ווי עס איז אין דער גרויסער וועלט.

דוד האָט געוווסט, אַז יצחקי איז נייגעריק און ער האָט אים ווידער און ווידער דערציילט ווי די טראַמווייען פֿאָרן אויף די איינגעגראָבענע אין די גאַסן רעלסן, ווי שנעל די באַנען פֿאָרן און ווי באַקוועם זיי זענען. פֿאַראַן אַפילו שלאָף־וואַגאָנען. ער האָט דערציילט וועגן די שטאָקיקע הייזער און האָטעלן, וועגן די ווינדעס וואָס זענען פֿאַראַן אין די הייזער און אַז אין יעדער ווינדע איז פֿאַראַן אַ פּיקאָלאָ. וווּ און אין וועלכע לענדער זענען פֿאַראַן פֿאַרלאַמענטן און ווי זיי זעען אויס, וווּ זיי געפֿינען זיך און ווי אַזוי עס קומען אין זיי פֿאַר זיצונגען, אין וועלכע שטעט זענען פֿאַראַן אוניווערזיטעטן און ווי אַלט זיי זענען.

יצחקי האָט נישט איין מאָל אַ טראַכט געטאָן, פֿאַר וואָס דוד דערציילט אים נישט וועגן די יידישע בתי־מדרשים און צדיקים, אָבער ער האָט נישט געוואַגט פֿרעגן. ער איז געזעסן אַן איבערגעבויגענער איבער זיך, אין זיינע אויגן האָבן זיך געצויגן פֿלעמלעך און ער האָט געהערט, געהערט.

נישט איין מאָל איז אויך דוד זיצן געבליבן, ווי ער זאָל נישט וויסן ווי אַזוי ממשיך זיין, אָבער נאָך אַ ווײַלע טראַכטן האָט ער עטלעכע מאָל שטיל איבער־געחזרט:

— דאָס איז געווען ווען דאָרט זענען געווען יידן...

ווען דוד האָט גערעדט איז אין געצעלט געווען שטיל. די ווייבער זענען געזעסן אין דער זייט, זיך נישט געוואַגט אַ ריר טאָן. דוד האָט געהערט ווי דאָס וואַסער אין דער נאַרגילע בולבלט, ער האָט זיך אָבער אומגעקוקט אָן אויפֿהער צו זען ווו לונה איז.

זי איז שטענדיק געזעסן אין אַ ווינקל. אַ מאָל האָט זי פֿאַראָכטן אַ בגד, אַ מאָל געשטיקט אַ טישטעכל, אַ מאָל גאַר איבערגעקליבן דעם בורגל.

דוד האָט נישט איין מאָל אָפּגעוואַרט לונהן, ווי ער זאָל זי צופֿעליק האָבן געטראָפֿן. נישט איין מאָל איז ער איר נאָכגעגאַנגען ווען זי איז געגאַנגען צום קראַן נאָך אַ קיבל וואַסער אָדער ווען זי האָט אַוועקגעטראָגן דאָס שעפּל פֿאָמיעס. ער האָט נישט געוואַגט איר העלפֿן, אָבער ער האָט זי באַגלייט ווען זי איז געגאַנגען קויפֿן ביי עזראַן, וועלכער האָט ביי זיך אין געצעלט געעפֿנט אַ שפּייז־קרעמל.

ער איז שטענדיק געגאַנגען הינטער איר און גערעדט צו איר מיט אָפּגעהאַקטע זאַצן:

„זאָל איך דיך ברענגען אַ מתנה? כ׳בין געווען אין שטאָט. כ׳וועל היינט קומען צו אייך״...

זי האָט געשוויגן, אָבער יעדעס מאָל זיך אומגעקוקט, צי מענטשן באַמערקן זיי נישט. זי האָט מורא געהאַט, אָבער געוווען שטאָלץ וואָס ער גייט איר נאָך.

ער האָט זיך איינגערעדט, אַז זיין באַציונג צו איר איז ווי זי זאָל זיין זיינס אַ

טאַכטער. ער האָט זיך געזעטיקט מיט איר שפּראָצנדיקער יוגנט, זיך געקוויקט מיט איר תמימות און נאַיִוקייט. ער איז נישט איין מאָל געבליבן מיט אַן אָפן מויל ווען זי האָט אים דערשטוינט אָנגעקוקט מיט אירע אויפגעריסענע אויגן ווי אַן איבערגעשראָקענע סאַרנע.

דוד איז שוין עטלעכע טעג נישט אַרויס צו דער אַרבעט. ער האָט געפילט אַן אינערלעכן אומרו און איז נישט איינגעזעסן אויף אַן אָרט. ער איז געגאַנגען און געקומען, זיך צוגעזעצט און זיך אַוועקגעלייגט. אַלץ איז אים געווען נמאס. אין אַ נאָכמיטאָג איז ער אַריין צו יצחקין. ווי שטענדיק האָט יצחקי געהייסן דערלאַנגען קאַווע און דוד האָט אים דערציילט ווי אַזוי עס זענען איינגעאָרדנט די בערזעס אויף דער וועלט און ווי אַזוי עס קומען פאָר די ליציטאַציעס אין זיי און דער פאַרקויף. יצחקי איז געזעסן און נייגעריק זיך צוגעהערט.

ווען דוד האָט געענדיקט דערציילן האָט יצחקי אַ דריי געטאָן מיטן קאָפּ אַ פאַרוווּנדערטער. ביז איצט איז ער געווען זיכער, אַז ער ווייסט אַלע דרכים פון מסחר. ער האָט זיך אומגעקוקט, דערפילט די שטילקייט אַרום זיך. די צוויי פרויען זענען געזעסן אויף נידעריקע בענקלעך, די קליידער זייערע זענען געווען איבער־געצויגן איבער זייערע שויסן ווי פאַרטעכער. זיי האָבן געלוסקעט אין אַ שיסל אַריין די אַרבעס־שויטן.

אַ ווײַלע האָט ער זיך איינגעהערט אינעם שאָרך פון די געעפּנטע שאָלן. מיט אַ מאָל האָט ער אַ פּינטל געטאָן מיט די אויגן, מיט צוויי פינגער זיך אויס־געווישט די מויל־ווינקלען און האָט זיך אַ ווענד געטאָן צו דודן:

— ביסט אַ קלוגער ייד... — און ער איז שטיל געבליבן. ערשט אַ ווײַלע שפּעטער האָט ער ממשיך געווען — אָבער ווער דו ביסט ווייס איך נישט...

ער האָט גערעדט שנעל, ווי אים אַליין זאָלן שרעקן זיינע ווערטער.

דודס פּנים איז געוואָרן לענגער. ער האָט מיט דער שפּיץ צונג אַ וויש געטאָן זײַן אויבערשטע ליפּ און לייכט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ ווי ער זאָל זיך באַדויערן.

יצחקי האָט פאַרשטאַנען, אַז דוד וויל אים נישט זאָגן ווער ער איז, אָבער ער האָט געוואָלט דערגיין אַ טאָלק. ער האָט נישט נאָר געוואָלט וויסן ווער ער איז נאָר אויך וויסן וואָס דוד איז אויסן מיט זיין קומען. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז ער קומט צוליב זיין טאָכטער. אַ ווײַלע איז זיין פּנים געווען שטאַר, ווי אַ מאַסקע אָן אויסדרוק, אָבער באַלד האָט ער זיך אַ ווענד געטאָן צו דודן:

— וואָס קלערסטו טאָן ווען מען וועט אונדז אַרויסנעמען פון דער מעברה?..

— איך קלער זיך באַזעצן אין אַ דאָרף — האָט ער לאַקאָניש געענטפערט יצחקין. איצט האָט ער זיך איינגעקוקט אין דער ווייט, כאָטש די ווייט איז געווען נאָר דער שטח אין געצעלט.

— וועסט דאַרפן געלט — האָט יצחקי אים נישט אָפּגעלאָזט און זיך איינגע־קוקט אין אים.

דוד האָט אָפּגעאָטעמט און זיך פֿאַרהוסט, זיך אַ קרעק געטאָן און שטיל, ווי ער זאָל רעדן צו זיך, האָט ער אַ זאָג געטאָן:

— מיר איז געבליבן די הויט מיינע...

יצחקי האָט זיך איבערגעבויגן איבער זיינע קניען און אַ זאָג געטאָן:

— ווען איך וואָלט געהאַט געלט וואָלט איך אויך געגאַנגען אויפֿן לאַנד — ער האָט געוווסט, אַז דוד קומט צוליב לונהן און ער האָט געוואָלט, אַז דוד זאָל וויסן, אַז אויף אים קאָן ער בכלל נישט רעכענען.

אַ קוים מערקבאַרער שמייכל האָט אויסגעקרימט דודס פּנים. ער האָט געגנוי פֿאַרשטאַנען איצט וואָס יצחקי איז אויסן. אויך אים איז קלאָר געוואָרן אין וואָס פֿאַראַ מצב ער געפֿינט זיך. אַ ווײַלע שפּעטער האָט דוד זיך אויפֿגעשטעלט האַסטיק, געזאָגט „שלום" און איז אַרויס פֿון געצעלט.

זילפּה האָט זיך איבערגעקוקט מיט בילההן. לונה איז געזעסן שטיל ווי זי זאָל האָבן איינגעשרומפּן, און נישט געוואַגט נאָכקוקן דודן. יצחקי איז זיצן געבליבן מיט אַן אויסגעשטרעקטער גאָמבע און געקוקט דערשטוינט, ווי ער זאָל וואַרטן אויף דודן, ער זאָל צוריק קומען.

נאָך דעם שמועס איז דוד מער נישט געקומען צו יצחקין טרינקען קאַווע. ער האָט זיך געשלייכט פּוסט־און־פּאַס איבער דער מעברה און סביבה. זיין רו איז געוואָרן צעשטערט.

אין אַ פֿרימאָרגן, עטלעכע טעג נאָך דעם שמועס, האָט דוד זיך איבערגעוועקט שפּעט. ער האָט זיך איינגעקוקט אינעם חלל. די זון איז שוין פֿון לאַנג געווען פֿון יענער זייט געצעלט. ער איז געלעגן אויפֿן בעט און אַפֿילו נישט געטראַכט. זיין קאָפּ איז געווען אויסגעהוילט און אין מויל איז אים געווען זויער. די שטילקייט אינעם ליידיקן געצעלט האָט אים געקלונגען אין די אויערן.

נישט ווייט פֿון זיין געצעלט איז שטיין געבליבן אַ הויכע קרעפּטיקע און דאָך שלאַנקע בחורה. אירע אויגן זענען געווען גרויס און שוואַרץ. זי איז געשטאַנען מיט פֿאַרלייגטע איבערן בויך הענט, אַראָפּגעלאָזטע אַקסלען און זיך אַרומגעקוקט מיט איבערגעשראָקענע אויגן. אירע ליפּן האָבן שטיל געפּלוישט: „דוד, דוד", אַזוי שטיל, אַז זי אַליין האָט קוים געהערט זיין נאָמען.

שאול וואָס איז גראָד אָפּירגעקומען פֿון דער צווייטער זייט געצעלט און זי דערזען, איז שטיין געבליבן אַ דערשטוינטער. ער האָט געוווסט ווער זי איז און אויף וועמען זי וואַרט. אַ ווײַלע האָט ער צוגעוואַרט, געמיינט, אַז זי וועט צו אים צוגיין.

זי האָט זיך נישט גערירט פֿון אָרט.

שאול האָט אַ דריי געטאָן מיטן קאָפּ אַ פֿאַרווּנדערטער און גענומען גיין מיט קליינע פֿאַרטראַכטע טריט. שוין אינעם אַריינגאַנג פֿון געצעלט האָט ער אַ זאָג געטאָן אויפֿן קול:

— דוד, מען וואַרט אויף דיר...

דוד, שוין אַן אָנגעטאָנענער, האָט אַ טרייסל געטאָן מיטן קאָפּ, ווי ער זאָל זיך אָפּשאָקלען:

— ווער? — האָט ער אַ פרעג געטאָן נייגעריק, איז אַראָפּגעשפּרונגען פון בעט און אַרויסגעלאָפן.

— לונה — האָט ער זיך דערפרייט מיט איר. דערזעענדיק זי האָט ער פאַר־געסן דעם לעצטן שמועס מיטן פאָטער, אָבער אין מאָמענט איז זיין פּנים געוואָרן ערנסט.

זי איז געשטאַנען מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ און אַוועקגעקוקט ווי אַ ברוגז מיידעלע.

ער האָט באַקומען מיטלייד צו איר ווי צו אַ קינד. זי איז דאָך געווען אַ סך יינגער פון אים.

— טאָכטער, קום — האָט ער איר אַ זאָג געטאָן.

זי האָט נאָר אויפגעהויבן די אויגן, אים אָנגעקוקט פון אונטערן שטערן און געפרעגט:

— ביסט קראַנק? פאַר וואָס קומסטו נישט צו אונדז?...

די הויט אַרום זיינע אויגן האָט זיך אים פאַרצויגן. זיין ברייטער שטערן איז געוואָרן צעקנייטשט.

— איך בין קראַנק און צעבראָכן — האָט ער שטיל איר געענטפערט.

ערשט איצט האָט זי אויפגעהויבן דעם קאָפּ:

— קום נאָך מיטאָג צו אונדז...

דודס פּנים האָט זיך צעשמייכלט. ער האָט געשמייכלט פון אירע באַגריפן. ער האָט זיך אין איר איינגעקוקט, אירע אויגן האָבן געגלימערט.

זיי האָבן נישט באַמערקט, אַז הינטער דודן איז שטיין געבליבן לונהס פאָטער.

— יצחק יצחקיס טאָכטער שטייט דאָ? — האָט יצחקי זיך צעשריגן, ווי אַ דונער זאָל האָבן אַדורכגעריסן די לופט.

לונה איז ווי איינגעשרומפּן. זי איז ווי קלענער געוואָרן. איר שוואַרץ קלייד מיט די רעדער איז ווי הענגען געבליבן אויף איר פון פּחד.

— יצחקי, וואָס איז דער מער? — האָט דוד גוטמוטיק אים אַ פרעג געטאָן, געוואָלט אים באַרויִקן.

שאול איז אַרויס פון געצעלט. ער האָט זיך דערשראָקן פאַר יצחקיס כעס.

— קום אַריין צו אונדז וועלן מיר זיך אויסשמועסן ווי אַ ייד מיט אַ ייד — האָט שאול פאַרגעשלאָגן יצחקין, געוואָלט אים מפייס זיין.

— איר זייט יידן? — האָט יצחקי אים אַ פרעג געטאָן מלא כעס און אין דעם אויגנבליק זיך געוואָנדן צו דודן מיט אַ נאָך גרעסערן כעס:

— פאַר וואָס האָסטו אָנגערעדט די טאָכטער, זי זאָל קומען צו דיר? — ער האָט נישט געוואַרט אויף אַן ענטפער. מלא כעס איז ער צוגעפאַלן צו דער טאָכטער, זי אָנגעכאַפּט ביי אַ האַנט און זי אַ שלעפּ געטאָן נאָך זיך.

— אַהיים! — האָט ער אַ שריי געטאָן אויף איר, ווי ער זאָל זי וועלן איינ־שלינגען. זיינע אויגן זענען געווען פול רציחה.

פירנדיק זי האָט זיין לאַנג, צעקנעפּלט העמד, אַריבערגעלאָזט איבער די הויזן, געפלאַטערט ווי אַ זעגל אויף אַ צעשטורעמטן ים.

דוד איז געבליבן מיט אַן אָפן מויל אַן לשון.

— קום! — האָט שאול שטיל אַ זאָג געטאָן און אים גענומען אונטערן אָרעם. גייענדיק מיט אים האָט ער אים אַ ברום געטאָן:

— איך האָב דיך געוואָרנט...

# ט

נאָך דעם אינצידענט מיט יצחקין האָט דוד זיך געשלייכט גאַנצע טעג איבער די פעלדער פון דער סביבה אַזוי ווי ער פלעגט זיך פירן פריער. זיינע צײן זענען געווען פאַרקריצט, זיינע קינבאַקן בולט. ער האָט אויסגעמיטן מענטשן.

ער האָט זיך געשלייכט אַ פאַרשטומטער איבער דער סביבה, גערעדט צו זיך, אָן ווערטער. ער אַליין האָט געוואָלט זיך קלאָר מאַכן זיין לאַגע. ער האָט זיך געפרעגט: פאַר וואָס בין איך געגאַנגען צו יצחקין? געוואָלט פאַרגעסן ווער איך בין געווען... גאָרנישט געמיינט, געוואָלט זיין אַ ייד צווישן יידן... זי זעט אויס אין גאַנצן ווי לילי, מיין טאָכטער.

אין געוויסע מאָמענטן ווען אַלץ איז אים נמאס געווען און ער האָט זיך געפילט עלנט, האָט ער זיך אויך מודה געווען: זי איז מיר געפעלן, זי איז אַזוי אַנדערש פון די אַלע פרויען וואָס איך קען. שפּעטער, ווי ער וואָלט זיך איבערגעלייגט און ווידער זיך באַשולדיקט: אַן אַלטער גאָרנישט, און זיך נאָכגעשלעפּט אַ יונג מיידל... צום סוף האָט ער זיך אַ זאָג געטאָן: פאַרלוירן די גאַנצע בושה...

גאַנצע טעג האָט זיך דוד אַרומגעשלעפּט איבער דער סביבה אָן אַ ציל, אָן אַ פּאָר וואָס. ער האָט געשפּאַנט איבער די שטעגן אויף די פעלדער נישט טרעפנדיק קיין מענטש. די איינציקע מענטשן, מיט וועלכע ער איז געקומען אין באַרירונג, זענען געווען די וואָס זענען צוזאַמען מיט אים געקומען נעמען דאָס עסן פון קעסל, אָבער אויך מיט קיינעם פון זיי האָט ער נישט גערעדט. ער איז שעהן געזעסן אויף זיין בעט, איינגעקוקט אין דער געצעלט־גרויקייט אָדער אַרויסגעקוקט פונעם געצעלט, ווי ער זאָל וועלן אַדורכקוקן די לויטערקייט פון דער לופט. ער איז זיך אַליין נמאס געוואָרן, געווען זיך איבעריק, נישט געהאַט זיך ווּו אַהינצוטאָן, צו באַפרייען זיך פון זיינע געדאַנקען. ער האָט באַשלאָסן ווידער צו גיין אַרבעטן.

ער איז אַוועק קלאַפּן בלאָקן. אויף דעם זאַמדיקן שטח, וואָס האָט זיך געפונען פון דער צווייטער זייט וועג, געפירט קיין „שני", האָט דוד געקלאַפּט ווענט־בלאָקן. ער האָט געאַרבעט פון זון־אויפגאַנג ביז אין דער נאַכט אַריין. ער האָט געאַרבעט

מיט אימפּעט נישט טראַכטנדיק דערביי. ער האָט אויך געוואָלט זיין וואָס לענגער אויסער דער מעברה.

רויזע, אַ קאָרפּולענטע פרוי, מיט בולטע קליבעס און בלאָנד געלאָקטן קאָפּ, מיט אַ גענוג שיין פּנים, האָט באַמערקט דודן און באַשלאָסן זיך מיט אים פאַר־אינטערעסירן. זי האָט געזען ווי ער שלייכט זיך איבער דער מעברה אַ פונאַנדער־געקנעפּלטער, אַ סך מאָל אויך אַ נישט ראַזירטער, ווי ער קומט פון דער אַרבעט אַ דורכגענעצטער מיט שווייס און צעמענט. איר געניטקייט האָט איר געזאָגט, אַז ער איז אַ רעזיגנירטער פון לעבן, אָדער אַזעלכער וואָס איז געווינט געווען צו אַן אַנדער לעבן ווי עס איז געווען אין דער מעברה.

אויך זי איז געווען אַליין. זי האָט געוווסט, אַז פריער צי שפּעטער וועט זי מוזן פאַרלאָזן די מעברה. זי האָט נישט געהאַט צו וועמען צו גיין און אַליין נישט געהאַט קיין חשק צו אַרבעטן. אין אַ בין־השמשות, ווען דוד האָט געדאַרפט קומען פון דער אַרבעט, האָט זי אים אָפּגעוואַרט.

— אדון דוד! — האָט זי אים אַ רוף געטאָן מיט אַ הויך, אויסגעצויגן קול.

דוד איז שטיין געבליבן, האָט זי גלייכגילטיק געפרעגט:

— וואָס פאַרלאַנגט איר?

— אָט דאָס געצעלט איז מיין קוואַרטיר — האָט זי אים אָנגעוויזן מיט דער האַנט.

ער האָט זיך אין איר איינגעקוקט, געוואָלט תופס זיין וואָס זי איז אויסן.

זי האָט פאַרשטאַנען און אים געזאָגט:

— איך וואַש העמדער און צערעווע סקאַרפּעטן — דערביי האָט זי אים פאַר־געשלאָגן — איר קאָנט מיר אויך ברענגען אייערע העמדער... — האָט זי אַ ווינק געטאָן מיט אַן אויג צו אים.

— גוט — האָט ער אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און געגאַנגען ווייטער.

זי האָט אים באַגלייט מיט צעשמייכלטע אויגן און איז אַריין צו זיך אין געצעלט.

דוד איז געוואָרן איר קליענט, האָט זיך אויך מיט איר באַפריינדעט. ער, דער עלנטער, אַ רעזיגנירטער פון לעבן איז איצט געווען צופרידן, אַז ער האָט צו וועמען אַריינצוגיין, מיט וועמען אויסצורעדן אַ וואָרט.

זי האָט געוווינט אין געצעלט מיט נאָך צוויי עלטערע פרויען, אָבער למעשה האָט זי געוווינט אַליין. די צוויי פרויען האָבן זיך אויפגעהאַלטן אין שטאָט ביי זייערע קרובים, זעלטן ווען געקומען אין דער מעברה, זען צי זייער געצעלט שטייט אויפן אָרט. זיי זענען אויך געווען נייגעריק צו זען וואָס עס קומט פאָר אין דער מעברה.

רויזע האָט אַלץ געטאָן כדי צו געפעלן דודן. אירע קליידער האָבן איר איצט דערגרייכט נאָר ביז די קניען. זי האָט געשמינקט איר פּנים וואָס אַ מאָל שטאַרקער, געוואָלט פאַרשטעלן איר עלטער. זי האָט געהיטן אירע לאָקן. זי האָט יעדעס מאָל זיך צוגעזעצט נאָענט צו אים, געוואָלט, ער זאָל פילן איר לייב. זי האָט זיך באַמיט

אים באַוויזן, אַז ער איז ביי איר דער וואָס דעצידירט. זי האָט קיין מאָל נישט געבעטן ביי אים קיין געלט. זי האָט נאָר פון מאָל צו מאָל געלאָזט שטיין איר האַנטטאַש אויפן בעט און דוד האָט שוין פאַרשטאַנען וואָס דאָס באַדייט. זי האָט געגרייט מאָלציַיטן: אויפשניט, געוועגדזלטע הערינג און כל מיני געבראָטענע פליישן. ער האָט גערן געהאַט די מאכלים. פון צייט צו צייט איז זי אויך געגאַנגען נעמען דאָס עסן פון קעסל פאַרביידע. טיילמאָל האָט זי אָפּגעקאָכט אַ „ביגאָס" פון זויערקרויט מיט שטיקלעך פלייש, פאַרבראָקט מיט שטיקלעך וווּרשט. זי האָט כסדר אים פאַרגעהאַלטן פאַר וואָס ער אַרבעט אַזוי שווער, היט נישט זיין געזונט און דערביי געקוקט אויף אים מיט פאַרחלומטע אויגן.

ער איז טאַקע אין אַ סך אָוונטן און מוצאי שבת געגאַנגען מיט איר אין קינאָ, געזעסן מיט איר אין אַ קאַפע אין נתניה ביז שפּעט. דעם וועג פון שאָסיי ביז דער מעברה זענען זיי געגאַנגען צופוס. זי האָט מיט איר ראַפינירטקייט פאַרשטאַנען אַז מיט זיין שווייגן באַהאַלט ער אויס זיין פאַרגאַנגענהייט. יעדעס מאָל ווען ער איז זיצן געבליבן אַ פאַרטראַכטער, מיט אַן אָנגעלענטן קאָפּ אויף די עלנבויגנס, איז זי שטיל, אויף די שפּיץ פינגער, ווי אַ קאַץ, אונטערגעגאַנגען צו אים און זיך אָנגע־לענט אויף אים, אַזוי אַז ער זאָל פילן אירע ברוסטן און מיט די פינגער אים געקעמט די האָר אויפן קאָפּ. זי האָט אים אויך געשלעפּט טאַנצן. ער איז געווען אַ גוטער טענצער, אָבער נישט איין מאָל האָט ער איר אָנגעטרעטן אויף די פיס. ער איז געווען מיטן געדאַנק אין זיין פאַרגאַנגענהייט. אַנומלט, ווען זיי זענען געזעסן ביי אַ קאַפע־טישל אין קאַפע „הדר" אין נתניה, האָט זי אים אַ זאָג געטאָן מיט אַ געמאַכטער שטימונג:

— מען דאַרף לעבן, מען דאַרף אויסנוצן דאָס ביסל יאָרן וואָס זענען נאָך געבליבן...

זי האָט געוואָלט איבעררייסן זיין שווייגן.

ער האָט זי אָנגעקוקט, זיינע אויגן זענען געווען שטאַר, אָן אויסדרוק. ער האָט נאָר איבערגעלייגט זיין אונטערשטע ליפּ איבער דער אייבערשטער. זי האָט אָבער דאָך געוואָלט אים פאַראינטערעסירן מיט אירע פאַרלאַנגען:

— אין דער מעברה קאָן מען נאָר קראַפּירן.

ער האָט אַפילו נישט אַ קוק געטאָן אויף איר. זי האָט אים געפּרוווט פאַר־אינטריגירן:

— זע נאָר ווי דער דאָרט קוקט אויף מיר אומפאַרשעמט...

ווידער אַ מאָל האָט ער אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, מבטל געווען איר אויפרעגונג.

כאָטש דער אָוונט איז געווען אַ קילער האָט זי געטראָגן אַן אויסדעקאָלטירט קלייד אָן אַרבל. זי האָט געשטרעבט חתונה האָבן און זיין אַ באַזיצערין פון אַ וווינונג, וואָס שנעלער אַרויס פון דער מעברה, אָבער זי האָט מורא געהאַט צו גיין אין שטאָט אַריין אַליין. זי האָט אויסגעקוקט די רגע ווען דוד וועט צוזאַמען מיט איר פאַרלאָזן די מעברה.

אין אַן אָוונט. דוד האָט דעם טאָג געאַרבעט נאָר ביז מיטאָג. ער איז שוין געווען מיד פון דער אָנגעשטרענגטער אַרבעט און פונעם אַרומשלעפּן זיך מיט איר. ער איז געזעסן ביי איר אין געצעלט אויף אַ טאַבאָרעט, אָנגעשפּאַרט מיט דער פּלייצע אין בעט. די אויגן האָבן זיך ביי אים געקלעפּט. פּאַר אים, אויפן קיילעכיקן טישל, זענען געשטאַנען צוויי אויסגעפּוצטע טעלער, אין וועלכע עס זענען געלעגן קרישקעס פון זעמל און שאָלן פון אויפשניט. אין דער זייט זענען געשטאַנען צוויי ליידיקע ביר־פלעשער.

רויזע האָט זיך צוגערוקט אַ טאַבאָרעט און זיך אַוועקגעזעצט אינעם דורכגאַנג פון געצעלט. זי האָט געוואָלט, אַז ער זאָל אַרויס פון זיין אַפּאַטישקייט. זי איז געזעסן שטראַם, מיט אויסגעשטרעקטע ברוסטן, געוואַרט. ער איז געווען אַ זאַטער און פאַרשיכורטער. די אויגן האָבן זיך אים געקלעפּט. זי האָט זיך אַריבערגעזעצט אויף אַ בעט, אים אַנטקעגן, מיט אַן איבערגעלייגטן פוס און אים באַוויזן אַ פּליישיקע קני. איצט האָט דוד אַ קוק געטאָן אויף איר, אָבער די אויגן האָבן זיך אים ווידער צוגעקלעפּט. זי האָט זיך איבערגעבויגן צו אים. ער האָט דערפילט די היץ פון איר קערפּער.

זי האָט אויסגענוצט דעם מאָמענט און געזאָגט:

— צייט מיר זאָלן פאַרלאָזן די מעברה. — אַן איינגעהאַלטן געלעכטער האָט אויסגעקרימט איר פּנים.

— איך וועל שוין נישט חתונה האָבן — האָט ער געמורמלט און געוואָלט ווייטער דרימלען.

זי איז אויפגעשפּרונגען און זיך פונאַנדערגעשריגן:

— איך וועל נישט זיין דיין מעטרעסע, דו מוזט מיט מיר אַריבערגיין אין שטאָט!...

איר פּנים האָט געפלאַמט פון כעס. אירע גלייזיקע אויגן האָבן אים געשפּיזט. אויך ער איז אויפגעשפּרונגען. ער איז מיט איין מאָל ניכטער געוואָרן און זיך איינגעקוקט אין איר צ דערשטוינטער. ער האָט אין איר צעיאָכמערט פּנים געזען ווער זי איז און וואָס זי איז אויסן געווען מיט איר גוטסקייט. ער האָט גערעדט ווי צו עמעצן אַ דריטן:

— ווידער זיך פאַרגאַלאָפּירט...

ער האָט אויסגעדרייט דעם קאָפּ ווי ער זאָל מעסטן דעם מרחק, האָט אַ שפּאַן געטאָן און אַרויס פון געצעלט נישט זאָגנדיק קיין שלום.

זי איז געשטאַנען אַ לאַנגע צייט נישט רירנדיק זיך פון אָרט. איר אָטעם איז געווען אַ קורצער. זי האָט געפרייכט פון אויפרעגונג. ווען זי האָט זיך באַרויִקט האָט זי זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ בעט און פאַרלייגט די הענט איבערן בויך, געוואַרט, ער זאָל צוריקקומען. אַ לאַנגע צייט איז זי געזעסן און אויפגעהאָרכט, אָבער נישט געהערט אַפילו קיין שאָרך.

— דוד, קום אַריין! — האָט זי אים אַ רוף געטאָן. איר קול איז געווען ווייך. באַגריסט.

— שלום, רויזע! וואָס מאַכסטו? — האָט אַ הייזעריקע פרויען־שטימע זי באַגריסט.

רויזע האָט הילפלאָז אַראָפּגעלאָזט די הענט און דערשטוינט אָנגעקוקט די פרוי.

אינעם אַריינגאַנג איז געשטאַנען אַ דאַרע פרוי, אָנגעטאָן אין אַ ברוינעם, אָפּגעטראָגענעם מאַנטל. זי האָט אויסגעזען ווי זי זאָל זיין איינגעוויקלט אין אים. איר גרויער קאָפּ איז געווען אַרומגעבונדן מיט אַ געבלימט טיכל. אין האַנט האָט זי געהאַלטן אַ טאַש.

— שלום, זשעני! — האָט רויזע איר געענטפערט מיט אַ טאָן, אין וועלכן עס האָט זיך געפילט טרויער.

זשעני איז געווען איינע פון אירע שכנות, וואָס איז גראָד געקומען פון שטאָט.

— ווער שטייט אין דרויסן? — האָט רויזע געפרעגט.

קיינער נישט! — האָט זשעני אַ הויב געטאָן מיטן אַקסל אַ פאַרוווּנדערטע.

אַ לאַנגע צייט איז רויזע געווען ווי געליימט. ערשט שפּעטער האָט זי זיך צערעדט ווי זי זאָל זיך דערמאָנען איר פאַרגאַנגענהייט.

— איך בין דאָך נישט פון דער גאַס. מיין מאַן איז געווען אַ שוסטער. איך האָב געקעמט שייטלען. אים אַרויסגעהאָלפן אין דער פרנסה. מיר האָבן געוווינט אין אַ שטוב מיט אַ קיך. די צוויי ייִנגלעך האָבן געלערנט — זי איז שטיל געוואָרן און אַ צעוויג געטאָן איר זיצנדיקן קערפּער.

זשעני האָט זיך נייגעריק צוגעהערט צו אירע רייד און דערנאָך געזאָגט:

— יעדער פון אונדז האָט פאַרשפּילט זיין לעבן. ווו זענען אַהינגעקומען אונדזערע באַגענטע און טייערע?... מען דאַרף, מען מוז אָנהייבן פונסניי.

דוד איז ווידער געווען אַליין. נאָר מיט זיך. טאָג נאָך טאָג ביי דער אַרבעט האָט ער געפילט אויף זיך זיין העמד דורכגעווייקט מיט שווייס. ער האָט געאַרבעט מיט אימפּעט, געוואָלט זיך פאַרגעסן. אויך אַן אינערלעכער ברויז האָט אים געאיילט. אין דער מעברה איז ער געקומען שלאָפן. יעדע פרייע מינוט האָט ער פאַרברענגט אין נתניה. אים האָט געמאַטערט דער געדאַנק, אַז ער זוכט פאַרוויילונגען, וויל פאַרגעסן זיך, זיין פאַרגאַנגענהייט.

ער האָט געאַרבעט, געוואָלט זיך באַרויִקן, אָבער אָן דערפאָלג. אין נתניה האָט ער אין די אָוונטן זיך געשלייכט פון איין רעסטאָראַן אין אַנדערן. מענטשן האָבן אים גערופן דער „פּליט". ער איז תמיד געזעסן אָפּגעזונדערט, אַליין, אין אַ ווינקל. דאָרט אַהין האָט מען אים דערלאַנגט זיינע באַשטעלונגען. אָפט איז ער אַ באַרוישטער זיך פאַרזעסן ביז שפּעט און דערנאָך געגאַנגען צו פוס אין דער מעברה אַריין. באַגינען איז ער אויפגעשטאַנען צו דער אַרבעט.

אין אַ נאָכמיטאָג איז געפאַלן אַ שטאַרקער רעגן און דוד האָט זיך געשלייכט איבער די גאַסן פון נתניה אָן אַ ציל.

— פּאַניע אַדאָלף — האָט אַ דיק קול אים אַ רוף געטאָן.

— דוד איז שטיין געבליבן אַ דערשטוינטער. אַזוי האָט מען אים גערופן ביי

אים אין שטאָט, אַ מאָל. ער האָט אויסגעשטרעקט דעם קאָפּ, געקוקט. זיין בליק איז געווען וואַנזיניק. ער האָט זיך געפּונען אויף דעם בעל־עגלה־פּלאַץ. אים אַנטקעגן איז געשטאַנען אַ מיטלוווקסיקער ייד. ער האָט געהאַלטן אַ בייטש אין האַנט, איז געווען אין די אַרבעטס־מלבושים און האָט אים באַטראַכט מיט אויפ־געריסענע אויגן.

— איר זייט דאָס? — האָט ער אַ שטאַמל געטאָן.

דוד האָט געשוויגן.

— איך בין מיכל שוסטער פון קאַלושין. דאָ בין איך אַ מושבניק אין חנניה — האָט דער ייד געפּרוווט אים אויפקלערן ווער ער איז.

אין מאָמענט האָט דוד דערזען פאַר זיך זיין שטאָט, זיין פאַמיליע און די יידן דאָרט. דוד האָט אים דערקענט, אָבער ער האָט דעם ייד אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ אויף ניין, אַז ער ווייסט נישט וואָס דער ייד רעדט. אַ ווײַלע שפּעטער האָט דוד אים שטיל אַ לאַך געטאָן: הע־הע־הע. ער האָט געוואָלט, אַז מיכל זאָל זיין איבער־צייגט, אַז ער איז טאַקע נישט דער דוד און ער איז אַוועק ווייטער.

אַ צייט איז מיכל געשטאַנען אַן אַנגעלענטער אויף דער בייטש, געשאָקלט מיטן קאָפּ פון איבערראַשונג און אַ דערשטוינטער אים נאָכגעקוקט ביז ער איז אים פאַרשוווּנדן פון די אויגן.

די נאַכט האָט לאַנג געדויערט ביז דוד איז איינגעשלאָפן. זיין שלאָף איז געווען אַ שווערער. ער האָט אַן אויפהער געזען הענט און פיס און קעפּ. אַן אויפגערעגטער האָט ער געברומט פון שלאָף. ווען ער האָט איינגעזען אַ באַקאַנטן קאָפּ האָט ער היסטעריש אַ שריי געטאָן, „סטעלאַ״.

— דוד, דוד! — האָט שאול אים שטיל געוועקט.

— יאָ — האָט ער געענטפערט פון שלאָף שאולן און זיך איבערגעדעקט מיט דעם קאָץ איבערן קאָפּ. אַ פאַרשעמטער האָט ער אַ קוק געטאָן פון אונטערן קאָץ אַפיר. דער טאָג האָט שוין געגרויט. דוד איז אַראָפּגעשפּרונגען פון בעט און אין געאייל זיך אָנגעטאָן.

די דריי שכנים זיינען זענען געשלאָפן ווייטער.

דער אַמאָל זיינער איז נאָכגעגאַנגען דודן ווי אַ שאָטן טריט ביי טריט. געווען מאָמענטן ווען דוד איז געגאַנגען מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ. זיין שטערן איז געווען צעקנייטשט און זיין אָטעם איז געווען אַ שווערער. ער האָט אויסגעמיטן מענטשן. געווען מאָמענטן ווען ער האָט יעדן פאַרבייגייער געקוקט אין די אויגן, געוואַרט, אַז אפשר וועט דער דורכגייער אים אַ זאָג טאָן: „דערצייל״, אָבער קיינער פון די מענטשן האָט אים נישט באַמערקט. ער איז געווען איינער פון אַ סך נאָר מיט אַ שווער געמיט, וואָס האָט אים געשטערט לעבן.

לעצטנס האָט געטראָפן, אַז ער האָט איבערגעריסן די אַרבעט, שנעל עפּעס איבערגעביסן, זיך אַרומגעוואַשן און זיך אויסגעצויגן אויפן בעט מיט אַ בוך אין האַנט. ער האָט שטודירט דעם העברעיִשן „דקדוק״, דערמאָנט זיך וואָס ער האָט אַ מאָל געלערנט און געדאַוונט די תפילות אין אַ „סידור״. דאָס האָט אים אַ ביסל

פאַרלייכטערט זיין געמיט. אָפט איז ער געבליבן ליגן מיטן ספר אין האַנט און מיט פאַרגלייזטע אויגן אַריבערגעקוקט איבערן ספר. ער האָט דעמאָלט נישט געזען און נישט געטראַכט. אַ סך מאָל איז ער געלעגן מיט פאַרמאַכטע אויגן און שווער געאָטעמט. ער האָט יעדעס מאָל פונסניי געזען פאַר זיך פאַרשידענע געשעענישן, וועלכע ער האָט נישט געוואָלט און אויך נישט געקאָנט פאַרגעסן.

דאָס לעצטע מאָל איז ער ווידער ליגן געבליבן מיט פאַרמאַכטע אויגן און מיטן סידור אין האַנט. אַ צייט שפּעטער האָט ער אַ קרעכץ געטאָן: „אוי" ווי ער זאָל האָבן דערפילט אַ ווייטאָג.

— דוד — האָט שאול אים אַ רוף געטאָן.

דוד האָט געעפנט די אויגן, אויפגעזעצט זיך און אָנגעקוקט שאולן וואָס ער וויל. דוד אַליין האָט נישט געהערט זיין אייגענעם קרעכץ.

— וואָס קרעכצסטו? אַרבעטסט, פאַרדינסט, ביסט אַ מענטש מיט מענטשן גלייך — האָט שאול אים געוואָלט דערמוטיקן.

דודס וויִעס האָבן אַ ציטער געטאָן און ער האָט אַוועקגעדרייט דעם קאָפּ. ער האָט נישט געקאָנט קוקן שאולן אין די אויגן. שטיל, ווי ער זאָל צונויפזעצן אַ וואָרט צו אַ וואָרט, האָט ער אים געענטפערט:

— געהאַט אַ מאָל אַ סך געלט, בין איך נישט להוט דערנאָך. דערפאַר וואָלט איך אַוועקגעגעבן אַ חלק פון מיין לעבן, כ׳זאָל האָבן ביי זיך מיין משפּחה...

שאול האָט געוווּסט, אַז דוד טרויערט נאָך זיין אומגעקומענער משפּחה, כאָטש ער האָט עס אים קיין מאָל נישט געזאָגט.

— אַ מענטש מוז אונטער אַלע אומשטענדן בלייבן מענטש — האָט שאול געפּרוּווט אים אַרויסהעלפן.

— איך אַ מענטש? געווען? גאָרנישט געבליבן — האָט דוד געשאָקלט מיטן קאָפּ.

שאול האָט איינגעצויגן זיין גאָמבע, געוואָלט אים טרייסטן:

— אויך איך וועל דאַרפן איבערגיין צו אַן אַנדערער אַרבעט ביז איך וועל קענען די שפּראַך.

דוד האָט אים אָנגעקוקט פאַרוווּנדערט, ווי ער זאָל אים האָבן פאַרטרויט אַ סוד און ער האָט אַ זאָג געטאָן ווי ער זאָל רעדן צו זיך:

— אַרבעט איז אַרבעט, וויכטיק איז די ווערדע פון אַ מענטש...

שאול האָט געוואָלט אַראָפּלייענען פון דודס פּנים, וואָס ער מיינט. דודס פּנים איז געווען אויסגעקרימט פון צער. זיינע אויגן זענען געווען מאַט, אויסגעלאָשן. אַ צייט שפּעטער האָט דוד אַ קוק געטאָן אויף שאולן פון דער זייט. ער האָט געזען, אַז שאול פילט אים מיט. דוד האָט זיך צוריק אַוועקגעלייגט אויפן בעט. ער האָט ווידער פאַרמאַכט די אויגן און ער האָט דערפילט אַ רויש אין קאָפּ. ער האָט זיך געשעמט און עס האָט אים פאַרדראָסן וואָס שאול זעט אים אין זיין אונטערגאַנג.

אַ צייט לאַנג איז ער אַזוי געלעגן. מיט אַ מאָל האָט ער אַ זאָג געטאָן ווי עס זאָל פון אים אַרויסרעדן:

— אַבי איבערקומען די פאָר געבליבענע יאָר — און ער האָט געעפנט די אויגן. זיי זענען געווען נאַס. ער איז אַראָפ פון בעט און איז אַרויס פון געצעלט, אַז שאול זאָל נישט זען זיינע טרערן.

שאול האָט יאָ געזען און ער האָט אים נאָכגעזאָגט:

— ביסט אַ משׂכיל, וועסט דיר אָפזוכן דיין וועג...

ער האָט אויסגעשטרעקט די האַנט, אַ נעם געטאָן די שוין אָנגעשטאָפטע פייקע. ער האָט זי אַריינגעשטעקט צווישן די ליפן און זי אָנגעצונדן.

## י

דער ווינטער איז געווען אַ רעגנדיקער. געווען טעג, ווען דער רעגן האָט געדויערט צוויי און דריי טעג דורכאַנאַנד. די טעג זענען געווען טריבע. די זון האָט זעלטן ווען אויפגעשיינט. די נעץ האָט געזאַפט אין דער ערד און זי איז געווען ווייך. די ליגנדיקע רעגן־טראָפנס אויף די בלעטער און גרעזער האָבן געשימערט ווי פערל. די ווענט און די דערנער זענען געווען אויסגעוואַשן, די וועגן זענען געלעגן ווי אויסגעשפרייטע דיוואַנען. אויך די אויסגעטראָטענע אין דער מעברה שטעגן האָבן געגלאַנצט אונטער דער פייכטקייט, אָנגעיאָגטע ווינטן האָבן אונטער־געהויבן די געצעלט־לייוונטן און זיי האָבן געקלאַפט, ווי מען זאָל זיי אויסשאָקלען.

די פרויען, קינדער און די אַלטע לייט זענען געזעסן אין די געצעלטן און זיך געקאָרטשעט פון קעלט. די מענער, וואָס זענען אַרויס צו דער אַרבעט, האָבן געמאַכט אַ כוסע צו דערוואַרעמען זיך. אין דרויסן האָט אַן אָנגעיאָגטער וואָלקן זיך פונאַנדערגעגאָסן און דער רעגן האָט אויסגעוואַשן אַלץ אונטער אים.

דוד אַרבעט כסדר, לאָזט נישט אַדורך קיין טאָג, אָבער ער פילט זיך ווי ער זאָל שוועבן, נישט טרעטן אויף דער ערד, טראָץ דעם וואָס אַרום אים זידט דאָס לעבן. די אַרבעט איז דער יש וואָס בינדט אים צום לעבן. ער קלאַפט בלאָקן איינער אַליין. ער אַרבעט פון זון־אויפגאַנג ביז שפעט אין אָוונט. ער מאַכט אַליין די מישונג, קלאַפט אויס דעם בלאָק און שטעלט אים אויס.

ורדי, אַ קאָרפולענטער ייד מיט אַ בויך, האָט דערלויבט דודן אַרבעטן אַליין און לויט זיין טעמפאָ. ורדי האָט מער געשעצט און באַדויערט דעם „פליט", ווי די רעשט אַרבעטער וואָס האָבן געאַרבעט ביי אים אויפן פלאַץ. ער האָט געאַרבעט און געשוויגן. יעדער פון די אַרבעטער האָט געוווּסט, אַז מען דאַרף זיך צו אים נישט ווענדן אַפילו ווען זיי האָבן געזען, אַז ער נויטיקט זיך אין הילף. נישט איין מאָל איז דוד שטיין געבליבן מיט דער שויפל אָדער מיטן שטאַמפער אין האַנט און מיט אויסגעגלאָצטע אויגן געקוקט ווי ער זאָל זיך וווּנדערן. אַפילו עסן איז ער נישט געגאַנגען צוזאַמען מיט די אַרבעטער. זיי האָבן בדרך כלל געאַרבעט ביז

מיטאָג. יעדן טאָג, ווען זיי זענען אַהיימגעגאַנגען, האָבן זיי פון ווייטנס צו אים אָ שריי געטאָן: „שלום!" זיי האָבן געוואָלט, ער זאָל וויסן, אַז זיי גייען שוין אַהיים.

ער האָט ממשיך געווען זיין אַרבעט נישט ווייל ער האָט געוואָלט מאַכן אַ גרעסערע נאַרמע, נאָר ווייל ער האָט געוואָלט זיין וואָס מער באַשעפטיקט און נישט מוזן טראַכטן. פאַרן אַהיימגיין האָט ער פאַרמאַכט דעם מאַגאַזין און דאָס ביוראָ. ורדי האָט געוווּסט, אַז ער קאָן אים פאַרטרויען. יעדער חשבון וואָס ער האָט אויפ־געגעבן ורדין האָט געשטימט מיט דער ציילונג, וואָס ורדי האָט דורכגעפירט.

דוד האָט געאַרבעט נישט שנעל, אָבער מיט אָנשטרענגונג ביז ער האָט געמאַכט זיין נאָרמע. יעדן טאָג נאָך דער אַרבעט איז ער געגאַנגען אַהיים מיט אַ געפיל ווי מען זאָל אים האָבן באַפרייט, אַזוי ווי אַ פערד ווען מען שפּאַנט אים אויס. אויך פון דער אַרבעט איז ער געגאַנגען פּאַמעלעך, אָבער נישט ווייל ער האָט נישט געהאַט קיין כוח, נאָר ווייל ער האָט געוואָלט זיך אומקערן וואָס שפּעטער אין דער מעברה אַריין. ער האָט געלעבט מיט די מענטשן דאָרט. אָבער איז נישט געווען מיט זיי איינגעלעבט. ער און דער המון דאָרט, זענען געווען צוויי קעגנזאַצן. ער האָט נישט געקאָנט זיין איינער פון די איינוווינער אין דער מעברה. ער האָט געוואָלט לעבן פאַר זיך אין אַן אייגן ווינקל. ער האָט געקאָנט פאַרלאָזן די מעברה און זיך איינאָרדענען זעלבשטענדיק, האָט אָבער מורא געהאַט צו בלייבן אַליין.

ער האָט געשוויגן, אָבער געווען אינערלעך אויפגעטרייסלט. אים האָט זיך כסדר געדאַכט, אַז אַט געשעט עפּעס מיט אים. ער אַליין האָט נישט געקאָנט זיך אָפּגעבן אַ חשבון. ס׳האָט אים באַהערשט אַן אימה פאַר עפּעס אומבאַשטימטס, כאָטש ער האָט שוין גאָרנישט דערוואַרט פון לעבן. דערפאַר האָט ער אַזוי פיל שעהען אין טאָג געאַרבעט, געוואָלט זיך אויסשפּאַנען. די שעהן וואָס ער האָט גערוט, געווען מיט זיך אַליין, זענען פאַר אים געווען פיינלעך. יעדע רגע איז געווען פאַר אים אַ שעה. ער האָט נישט געוווּסט ווי אַזוי איבערקומען די צייט.

צום ערגסטן איז פאַר אים געווען די נאַכט. ער איז געלעגן אויפן בעט מיט אָפענע אויגן ביז שפּעט אין דער נאַכט און געהערט ווי די שכנים, זיינע ביישלע־פער אָטעמען. אים האָט זיך געדאַכט, אַז ער ליגט אין לאַגער אויף דער פּריטשע. ער איז געלעגן און אויפגעהאָרכט ווי די אָנגעטראָגענע ווינטן ווייען און הייבן אונטער די לייוונטן פון די געצעלטן. יעדעס מאָל ווען דער ווינט האָט אָפּגעלאָזט און די לייוונטענע ווענט זענען צוריק געפאַלן, האָט זיך אים געדאַכט, אַז מענטשן קרעכצן. ווען ער האָט דערהערט טריט אין דרויסן, האָט ער אָנגעשטרענגט זיין געהער, געוואָלט זיך איבערצייגן, צי עס גנבעט זיך ווער נישט אונטער צו אים. יעדער געשריי האָט אים אויפגעטרייסלט און ער איז געלעגן און געוואַרט עס זאָל נאָכקומען אַ שאָס. אַ פאַרזונקענער אין זיין מורא האָט ער אַ פאַרמאַטערטער פאַרמאַכט די אויגן, ביז ער האָט איינגעדרימלט. זיין אָטעם אין שלאָף איז געווען אַ שווערער. ער האָט געאָטעמט ווי ער וואָלט געסאָפּעט.

אָפט פלעגט ער זיך צעוויינען אין שלאָף. ער האָט געוויינט שטיל, ווי אַ יונג קעצל וואָלט געמיאַוקעט. דאָס לעצטע מאָל האָט ער אין מיטן וויינען זיך אויפגעכ־

ריסן און זיצן געבליבן אויפֿן בעט. ער האָט אויך אַ וואַכעדיקער געזען אין דער פֿינצטער די צעהאַקטע קעפּ פֿון זיינע באַענטע און זיי האָבן צוזאַמען מיט אים געוויינט אין שלאָף. אַן איינגעהויקערטער און דערשיטערטער האָט ער נאָר געפֿילט די געדיכטע פֿינצטערקייט איבער זיך. אין אַ געוויסן מאָמענט האָט ער אַראָפּגע־לאָזט די פֿיס פֿון בעט. ווען ער האָט דערפֿילט די קאַלטע ערד אונטער זיינע סטאָפּעס, האָט ער שנעל אַריינגערוקט זיינע נאַקעטע פֿיס אין די שיך. ער האָט זיך אויפֿגעשטעלט און אַראָפּגעצויגן פֿון זיך די פּיזשאַמע, שנעל אַרויפֿגעצויגן אויף זיך די הויזן און אָנגעטאָן דאָס העמד. ער האָט אָנגעטאָן די קורטקע אויפֿן צעכראַסטעטן העמד און איז אַרויסגעלאָפֿן פֿון געצעלט.

אין דרויסן איז ער שטיין געבליבן מיט פֿאַרמאַכטע אויגן ווי אַ בלינדער. די נאַכט־פֿינצטערניש איז אים אַנטקעגנגעקומען. די קעלט האָט אים דורכגענומען. ער האָט אַ ציטער געטאָן און געעפֿנט די אויגן. אויך דער הימל איז געווען פֿינצטער אָן איין שטערן. ער האָט זיך אַ וואַקל געטאָן, געשטעלט דעם ערשטן טריט. די געדיכטע פֿינצטערניש האָט אים פֿאַרשלונגען.

ער איז געגאַנגען שנעל, ווי ער זאָל איילן צו אַ ציל. מיט אַ מאָל האָט ער גענומען גיין פּאַמעלעך, נישט געוווּסט וווּהין ער זאָל גיין. גייענדיק האָט ער געהאָרכט די טריט זיינע. לאַנגזאַם האָבן זיי זיך ביי אים פֿאַרוואַנדלט אין אַ מאַרש־גאַנג פֿון הילצערנע טרעפּעס. יעדעס מאָל ווען ער האָט דערהערט דאָס קלאַפּן פֿון די הילצערנע טרעפּעס איז ער פֿון פּחד אַראָפּ פֿון וועג, איבערגעריסן דעם הילצער־נעם אָפּהילך.

ער איז געגאַנגען און זיינע טריט זענען געזונקען אין דער ערד און ער האָט זיך אָנגעשטרענגט ביים אַרויסציִען דעם פֿוס. ער איז געגאַנגען וואָס אַ מאָל שנעלער, געסאַפּעט פֿון אָנשטרענגונג און כּסדר זיך אומגעקוקט, צי מען יאָגט אים נאָך, ווי דעמאָלט ביינאַכט, ווען ער איז אַרויסגעשפּרונגען פֿון וואַגאָן. ער איז געגאַנגען בעל־כורחו, מיט מורא, ווייל ער איז אַנטקעגנגעגאַנגען די פֿאַרשידענע שאָטנס אויפֿן וועג. מערסטנטייל זענען דאָס געווען אויסגעצויגענע שאָטנס פֿון ביימער און קוסטעס. ער האָט געקלעטערט איבער די בערגלעך דאָרט, געשפּרונגען איבער די וואַדיס ווי ער זאָל אַנטלויפֿן, זיך אויסבאַהאַלטן.

דער פּחד איז אים נאָכגעגאַנגען טריט ביי טריט, אים געדריקט, אָבער אַז ער האָט זיך פֿאַרמאַטערט האָט ער ווי בגניבֿה אַ קוק געטאָן אַרויף. ווען ער האָט איינגעזען, אַז אויפֿן האָריזאָנט גרויט שוין, די ווייט אַנטהילט זיך און ער האָט שוין געזען די בערגשפּיצן מיט נעפּל פֿאַרשלייערטע, האָט ער פֿאַרלאַנגזאַמט זיינע טריט און באַטראַכט די סבֿיבֿה. די איינצלנע ביימער, קוסטעס ווי די געדיכטע פּרדסים זענען געווען איינגעהילט אין אַ נעפּלשלייער.

איצט האָט ער געשפּרייזט אָן מורא, ער האָט אָבער אויך פֿאַרלוירן זיין ווילן. יעדע קלענסטע, אָנגעטראָפֿענע וואַדי איז געווען פֿאַר אים אַ שטערונג, וואָס ער האָט געמיטן. די פֿונאַנדערגעוואָרפֿענע זאַמדפֿעלזן האָבן ביי אים אויסגעזען ווי צעדזאַווערטע מיילער פֿון טויטע. ווען אים זענען אַנטקעגנגעקומען די ערשטע

מענער און פרויען, וואָס זענען געגאַנגען אין פּרדס אַריין מאַכן דעם קטיף, איז ער שטיין געבליבן דערשטוינט. ער איז געווען אַזוי פאַרזונקען אין זיין נאַכט־קאַשמאַר, אַז ער האָט זיך נישט געגלויבט, אַז חוץ אים זענען פאַראַן נאָך מענטשן. אַ צייט איז ער געשטאַנען. ער האָט נישט געוווּסט וווהין ער דאַרף גיין. ווען אַ קרעמפּער ייד אין אַ געשטריקט היטל אויפן קאָפּ האָט פון וויטנס אים אַ זאָג געטאָן: „צפרא־טבא", האָט ער אויסגעדרייט צו אים דעם קאָפּ און דערשטוינט אים אָנגעקוקט. ער האָט נישט פאַרשטאַנען וואָס ער האָט געוואָלט פון אים. אויך ער האָט זיך געלאָזט גיין, געשלעפּט די פיס. אַרבעטער וואָס זענען געגאַנגען אַרבעטן צו פוס אָדער זענען אָנגעפאָרן אויף אַ וואָגן האָבן אים נאָכגעקוקט. אַ מאָל האָט איינער פון זיי אַפילו אַ פרעג געטאָן די אַנדערע אַרבעטער: „ווער איז דאָס דער נייער משוגענער וואָס האָט זיך באַוויזן אין דער סביבה?"

ווען דוד האָט זיך דערשלעפּט צו דער מעברה איז דער מאָרגן געווען שוין אויסגעלייטערט. דער מאָרגן איז געווען קאַלט און לויטער. די קעלט האָט געטריקנט די פייכטקייט. דוד איז געווען פאַרמאַטערט און ער האָט געשטעלט אַ פוס איבער אַ פוס, ווי ער זאָל זיך וואַקלען. זיינע האָר זענען געווען צעשויבערט. ער איז געווען נישט ראַזירט. נאַסע שטיקער ערד האָבן געקלעפּט אויף זיינע שיך. זיינע הויזן־נאַגאַוויצעס זענען געווען פאַרשאַרצט. די נאַקעטע פיס זיינע האָבן אַרויסגע־שטאַרט פון זיי. זיין העמד איז געווען צעכראַסטעט. דער קאָלנער פון זיין קורטקע איז געווען אויפגעשטעלט.

די שפּיצן פון די געצעלטן האָבן אים אַ בלענד געטאָן אין די אויגן. ער האָט ווידער דערזען פאַר זיך אַ לאַגער. איצט איז ער שוין געגאַנגען מיט אַ פאַמעלעכן טראָט. יעדער פון די אָנגעטראָפענע מעברה־מענטשן, וואָס זענען געגאַנגען צו דער אַרבעט, האָט דערשטוינט געקוקט אויף אים. געווען אַזעלכע וואָס האָבן אים דערקענט.

אויך רינה, וואָס איז אָנגעקומען פון דער צווייטער זייט מעברה אים אַנטקעגן, האָט געוואָלט אים פאַרבייגיין, כאָטש זי האָט אים דערקענט. זי האָט אָבער אין מאָמענט פאַרקלענערט אירע טריט. זיין אויסזען און הולך האָט זי דערשראָקן. „האַלאָ" — האָט זי אינסטינקטיוו אים אַ רוף געטאָן, אָבער זי איז נישט שטיין געבליבן. זי איז געווען איבערראַשט פון איר אייגענער געוואַגטקייט.

ער האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, דערקענט איר קול און איז צוגעגאַנגען צו איר מיט אַ שמייכל. ער האָט זיך דערפרייט, אַז אַ באַקאַנטער מענטש רעדט צו אים.

— שלום — האָט ער געזאָגט מיט וואַרעמקייט אין קול.

— וואָס האָט פּאַסירט? — האָט זי אים געפרעגט. זיין שמייכל האָט זי איבערראַשט.

שטייענדיק איר אַנטקעגן איז ער ווי קלענער געוואָרן.

— אַ מענטש לעבט איבער פאַרשידנס — האָט ער איר געענטפערט און זיינע אויגן־לעפלעך האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט.

אויף איר פּנים האָט זיך געמאָלן צופרידנקייט. זי האָט זיך דערפרייט וואָס ער רעדט צום ענין און זי האָט אים געענטפערט:

— אַ מענטש דאַרף זיך באַהערשן ביי אַלע אומשטענדן.

אַ ווײַלע האָט ער געשוויגן. דערנאָך האָט עס אויסגעזען ווי ער זאָל זיך פאַרטיידיקן:

— נאָך דעם אַלעם וואָס מיר האָט פּאַסירט איז נישט לייכט — האָט ער איר געוויזן זיין נומער אויף דער האַנט.

רינה האָט אויפגעציטערט. זי איז געבליבן מיט אַן אָפן מויל. איר אונטערשטע ליפּ איז ווי אַראָפּגעהאָנגען. זי האָט געוואָלט עפּעס זאָגן, אָבער ער האָט פּלוצים זיך געענדערט, געוואָרן צעטראָגן.

— שוטה! ווער דאַרף עס וויסן? — האָט ער אויפן קול זיך אַ זאָג געטאָן און איז אַוועק, ווי ער זאָל אַנטלויפן פון איר.

— וואָס פון אַ מענטש קאָן ווערן! — האָט רינה אַ פאַרטראַכטע אים נאָכגע־קוקט און געגאַנגען איר וועג.

אַ פאַרשמאַכטער, נישט אויסגעשלאָפענער האָט דוד געשפּאַנט מיט אַ וואַקל־דיקן טריט, אַן איבערגעבויגענער איבער זיך, ווי אָט פאַלט ער. ער איז געגאַנגען צו זיך אין געצעלט. דעם וועג האָט אים איבערגעקרייצט די סאָציאַלע שוועסטער. עטלעכע טריט ווייטער איז זי שטיין געבליבן און אים נאָכגעקוקט. זי, די סאָציאַלע פאַרזאָרגערין אין דער מעברה, האָט געקענט אפילו יעדעס קינד אין דער מעברה. אויך אים האָט זי אָפט געזען גיין אָדער קומען פון דער אַרבעט. זי האָט געוווּסט, אַז ער שלייכט זיך איבער דער סביבה, אַז ער איז עלנט און פאַרשלאָסן אין זיך, אַז ער איז געווען אין לאַגער. זי האָט אויך באַזוכט זיין געצעלט ווען ער איז געווען ביי דער אַרבעט. זי האָט געוווּסט גענוי ווער עס זענען זיינע דריי שכנים. זי האָט אויך געוווּסט, אַז אַ צייט לאַנג האָט ער זיך געטראָפן מיט רויזען. זי האָט אים נאָכגעקוקט ביז ער איז פאַרשוווּנדן פון די אויגן. זיין איצטיקער אויסזען האָט זי באַזאָרגט.

# יא

דוד האָט נישט אויפגעהויבן די געצעלט־קלאַפּע, וואָס האָט געדינט אַלס אַריינגאַנג. ער האָט זיך אַדורכגעשטופּט און ווי אַריינגעפאַלן אין געצעלט. דאָס ליכט פון עם נאַפט־לאָמפּ אויפן טיש האָט אַ שיין געטאָן אויף אים. די פייכטע שטילקייט האָט אַ ווייע געטאָן אויף אים. ער האָט אָנגעקוקט שאולן אַ דערשטויג־טער. ערשט איצט האָט ער זיך דערמאָנט, אַז ער וווינט נישט אַליין. אויך שאול האָט אים דערשטוינט אָנגעקוקט און אַרויסגעלאָזט פון האַנט די צייטונג, וועלכע ער האָט געלייענט. אינעם שיין פון לאָמפּ איז דודס נישט ראַזירט פּנים געווען געל.

אַ ווײַלע האָט שאול געשוויגן. דודס אויסזען האָט אים אָפּגענומען דאָס לשון. ער האָט אים געוואָלט מיט עפּעס העלפן.

— זעץ דיך! — האָט שאול אים ווי אַ פאַרבעט געטאָן.

— איך בין טויט מיד — האָט דוד אַרײַנגעזעצט זיך אין בעט ווי ער זאָל האָבן אומגעפאַלן.

גאַנץ פרי האָט שאול צוגעבעט אויף דודס בעט. ער האָט געמיינט, אַז דוד איז אײליק אַוועק צו דער אַרבעט. ערשט איצט האָט ער פאַרשטאַנען וואָס מיט דודן האָט פּאַסירט אין דער נאַכט. שאול האָט זיך אויפגעשטעלט. זײַן גרויסע געשטאַלט מיט זײַן איצט נאָך מער קאַנטיק פּנים האָט אויסגעזען ווי אַ מאָנומענט.

— פון וואַנען קומסטו? — האָט שאול אים אַ פרעג געטאָן. זײַן קול איז געווען האַרב.

— פון אַלע רוחות! — האָט דוד סאַרקאַסטיש אים געענטפערט און אַ סיקע געטאָן ווי אַ שלאַנג וואָלט זיך געשאַרט, אָבער דאָס האָט ער אַזוי געלאַכט, ווילד, וואַנזיניק.

שאול האָט געשוויגן. ער האָט געזען אין וואָס פאַראַ צושטאַנד דוד געפינט זיך און נישט געוווּסט ווי אַזוי ער דאַרף מיט אים רעדן.

דוד איז געזעסן ווי צווישן דרימל און וואַכזײַן. מיט אַ מאָל האָט ער אַ זאָג געטאָן זיך:

— מען זאָרגט זיך איבער מיר...

ער האָט אַוועקגעשטעלט די עלנבויגנס אויף די קניִען און אַרײַנגעלייגט דעם קאָפּ אין די הענט, געשוויגן. אַ ביסל שפּעטער האָט ער אַ רעד געטאָן צו זיך:

— איך בין דוד, נישט אַדאָלף... אַדאָלף איז אונטערגעגאַנגען צוזאַמען מיט אַלע...

אין זײַן אַרט רעדן האָט זיך געפילט אַ ציניש פאַרביטערונג.

— דוד, דוד, מען טאָר נישט אַזוי — האָט שאול אים געוואָרנט. ער האָט פאַרשטאַנען וואָס דוד איז אויסן געווען מיט זײַנע רייד.

דער אופן ווי אַזוי שאול האָט אַרויסגערעדט זײַן נאָמען האָט געווירקט אויף דודן. ער האָט דערפילט זײַן איבערגעבנקייט און איז אַראָפּ פון בעט. ער איז שטיין געבליבן שאולן אַנטקעגן.

— אורטייל נישט קיין מענטש — האָט דוד געזאָגט — אויב דו ביסט נישט אין זײַן לאַגע.

באַלד האָט ער אַ שטעל געטאָן אַ טריט און צוריק זיך אַרויפגעוואָרפן אויפן בעט.

די שטילקייט אין געצעלט איז געווען אימהדיק. אַ מידער פון דער גאַנצער נאַכט איז דוד דאָך ווייטער געלעגן מיט אָפענע אויגן. דער שלאָף האָט אים נישט גענומען. שאול האָט געזען זײַן שטאַר פּנים, די מאַסקע, אונטער וועלכער ער האָט פאַרשטעלט זײַן טראַגעדיע, און אים איז געוואָרן אומהיימלעך. ער, דער גרויסער,

שטאַרקער מאַן, האָט זיך אויפגעשטעלט אין מיט וואַקלדיקע טריט אַרויס פון געצעלט.

אַ סך שפּעטער ווען דער טאָג האָט שוין אַריינגעשיינט אין געצעלט איז אַריינגעקומען די סאָציאַלע שוועסטער. זי איז שטיין געבליבן ביים אַריינגאַנג און זיך אַרומגעקוקט. דוד האָט געדרימלט און איז געוועז וואַך. אַ ווײַלע איז זי געשטאַנען און געשוויגן. דער אָנגעצונדענער לאָמפּ, די צעוואָרפענע צייטונג אויפן טיש און דער צושטאַנד, אין וועלכן זי האָט געטראָפן דודן אויפן בעט, האָבן ביי איר אַ ווײַלע אָפּגענומען די דרייסטקייט. זי האָט זיך באַהערשט, שטיל געזאָגט „שלום" און נאָך שטילער צוגעגעבן:

— איך הייס גערטע — און נישט וואַרטנדיק האָט זי זיך צוגערוקט אַ טאַבאַ־רעט און זיך אַוועקגעזעצט.

דוד האָט פאַרפרעסט די ליפּן און זיך איינגעקוקט אין איר. ער האָט נישט פאַרשטאַנען צוליב וואָס זי איז געקומען. די קליינע, דאַרע פּרוי מיטן אָוואַלן פּנים און אונטערגעשוירענע פלאַקסענע האָר, האָט געטראָגן אַ גרין קלייד מיט אַ ווייסן, אויסגעלייגטן קאָלנער. זי האָט אים פאַראינטערעסירט. ער האָט אונטערגעהויבן דעם קאָפּ און פון דער זייט אַ קוק געטאָן אויף איר. זיין פּנים איז אָבער געבליבן אַ שטאַרע מאַסקע.

— וועמען דאַרפט איר? — האָט ער לאַקאָניש זי אַ פרעג געטאָן.

— אייך! — האָט זי אים שטיל געענטפערט.

ער האָט זיך אויפגעזעצט און זי אָנגעקוקט, ווי ער וואָלט געפרעגט:

— וועגן וואָס?

— מיר זוכן פאַכלייט — האָט זי געזאָגט — איר האָט אַ פאַך?

איר פראַגע האָט אויפגעטרייסלט זיין געמיט. ער האָט זיך אָבער באַהערשט און איר געענטפערט:

— מיין פאַך קאָן איך דאָ נישט געברויכן.

— אומשטעלן זיך זייט איר גרייט? — האָט זי אים נישט אָפּגעלאָזט.

אַ ווײַלע האָט ער געשוויגן, דערנאָך האָט ער געשאָקלט מיטן קאָפּ אין דער ברייט:

— ניין!

ער האָט זיך דערשראָקן פאַר איר פאָרשלאָג. אין דער רגע איז אים אַליין קלאָר געוואָרן, אַז ער וויל נישט און האָט מורא צו פאַרלאָזן די מעברה. אַ פאַר־שעמטער האָט ער געפרוווט פאַרטיידיקן זיך פאַר איר:

— אַלץ דאָ איז מיר פרעמד און ניי. אַנדערע יידן, אַנדערע זיטן. דאָס ביסל יאָרן, וואָס זענען מיר נאָך געבליבן, וועל איך שוין אַזוי אַדורכשטופּן.

אַ מינוט האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז דאָס האָט ער גאָר דערפילט מיטלייד צו איר.

איר פּנים איז געוואָרן אָנגעשטרענגט. זי האָט געשוויגן, איבערגעלייגט זיך ווי צו האַנדלען ווייטער. נישט קוקנדיק אויף אים האָט זי ווי זיך פאַרענטפערט:

— מיין פאַך פאַרלאַנגט, אַז איך זאָל וויסן ווער עס איז אין דער מעברה.

ער האָט אַראָפּגעלאָזט די פיס פון בעט און זי גלייכגילטיק אָנגעקוקט.

איר שטערן האָט זיך געקנייטשט. זי האָט אַוועקגעדרייט דעם קאָפּ, זי זאָל אים נישט דאַרפן קוקן אין די אויגן און שטיל, קינדיש, גענומען אים דערציילן:

— אויך מיינע עלטערן זענען אַנטלאָפן פון דייטשלאַנד. אַלס מיידל האָבן זיי מיך געבראַכט קיין אַמעריקע. איך בין דאָרט אויסגעוואַקסן, געלערנט אַ פאַך און בין געקומען אַהער לעבן צווישן יידן — נאָך איצטער האָט זי גערעדט מיט אַ „למד".

— יאָ! אויך איך בין געקומען אַהער לעבן צווישן יידן, אָבער מיט אַ קליינעם אונטערשיד — שוין נאָך אַלעמען — האָט ער שטיל איר געענטפערט און דער טרויער אין זיינע אויגן איז געוואָרן נאָך טיפער.

— איך בין גרייט אייך העלפן — האָט זי שטיל אים פאָרגעשלאָגן.

ער האָט אַ קריץ געטאָן מיט די ציין. פון כעס האָבן זיינע קינבאַקן זיך אַ ווזשל געטאָן און ער האָט אַ זאָג געטאָן ווי ער זאָל זיך אַליין שטראָפן:

— דוד, דאָס ביסטו איצט! — און מיט די הענט זיך פאַרשטעלט דאָס פנים ווי ער זאָל וויינען.

זי איז געבליבן אַ דערשיטערטע. זי האָט פאַרשטאַנען און געפילט צו וואָס זי האָט דערפירט.

דוד האָט זיך אויפגעשטעלט. זיין פנים איז געווען שטאַר.

— אַז איך וועל זיך אין עפּעס נויטיקן, וועל איך זיך צו אייך ווענדן — האָט ער העפלעך געזאָגט און פאַרביסן די ציין.

זי איז בלייך געוואָרן. זי האָט דערפילט ווי דאָס בלוט פולסירט איר אין די אָדערן. זי האָט פאַרשטאַנען, אַז ער הייסט איר גיין.

— שלום! — האָט זי שטיל געזאָגט און איז אַרויס פון געצעלט.

ער האָט זיך אַ טרייסל געטאָן און זיך אַרויפגעוואָרפן צוריק אויפן בעט טרייסלענדיק זיך ווי אין קאָנווולסיע. מיט די הענט האָט ער זיך איבערגעדעקט דעם קאָפּ.

נאָך דעם נאַכט־וואַנדער און נאָך דער באַגעגעניש מיט דער סאָציאַלער שוועסטער איז ער געווען דערשעפּט. זיין יעדער אבר האָט אים ווי געטאָן. דער קאָפּ איז אים געווען אויסגעהוילט, זיין געדאַנק טעמפּ. עטלעכע טעג אייז ער נישט אַרויס צו דער אַרבעט. שעהן פלעגט ער אָפּליגן אויפן בעט מיט אויפגעריסענע אויגן אָדער געזעסן אויפן טאַבאַרעט אַן אָנגעלענטער אין בעט און מיט שטאַרע בליקן געקוקט אין איין ריכטונג. אים האָט גאָרנישט אינטערעסירט, ער האָט אויך גאָרנישט פאַרלאַנגט. פון צייט צו צייט האָט ער זיך אויפגעשטעלט און אַ געבוקטער ווי אַ זקן, מיט וואַקלענדיקע טריט איז ער אַרויס אין דרויסן, באַלד צוריק אַריין און ווידער אַוועקגעלייגט זיך אויפן בעט.

יעדעס מאָל ווען שאול האָט זיך אומגעקערט האָט ער פּאַמעלעך אויפגעהויבן די אַריינגאַנגס־קלאַפּע און מיט מורא אַריינגעקוקט אינעווייניק צו זען וואָס דוד

טוט. זייט דעם לעצטן שמועס האָבןביידע געשוויגן, נישט גערעדט צו זיך. שאול האָט נאָר געזאָרגט, אַז אויפן טיש זאָל שטענדיק ליגן אַ האַלב ווייס ברויט, אַ שטיקל קאַטשקאַוואַל, אַזאַ טערקישער, געזאַלצענער געלער קעז און אַ פלעשל אָראַנזשאַדע, אַז דוד זאָל האָבן מיט וואָס זיך צו שטילן דעם הונגער.

עטלעכע טעג שפּעטער איז דוד אויפגעשפּרונגען און ער איז אַראָפּ פון בעט ווי ער זאָל זיך האָבן עפּעס דערמאָנט און איז אַרויס פון געצעלט ווי ער זאָל זיך איילן. מיט אַן אַריינגעלאָזטן קאָפּ אין די אַקסלען איז ער געגאַנגען מיט די זייטיקע שטעגן. ער האָט זיך נישט אומגעקוקט. מיט אַ מאָל איז ער שטיין געבליבן. ער האָט שוין פון ווייטנס דערהערט די ריטמיק פון די געפּאַלענע קלעפּ, וואָס האָבן געשטאַמפּערט די בלאָקן. ער איז געשטאַנען און זיך צוגעהערט צום אַרבעטס־ריטם און זיך אומגעקוקט, צי די אַרבעטער זעען אים נישט. דער אַרבעטס־טעמפּאָ האָט צוריק דערוועקט אין אים דעם ווילן, ביז ער איז צוריק אַוועק.

דער שבת איז געווען אַ מילדער. די זון האָט נישט געגליט. דער הימל איז געווען העל און לויטער. דער אַריינגאַנג אין דודס געצעלט איז געווען אויפגעהויבן. די העלקייט פון דרויסן האָט אַריינגעדרונגען אין געצעלט.

— שלום, דוד! וואָס מאַכסטו? — האָט ורדי, אַ הויכער, שטאַרקער פאַרשוין אַ זאָג געטאָן און ער איז אַריין אין געצעלט.

דוד איז גראָד געזעסן אויף אַ טאַבאָרעט, האָט אים אָנגעקוקט מיט אַ שמייכל אויפן פּנים.

ורדי האָט זיך צוגערוקט צו אים, זיין בויך האָט ווי אויסגעפילט דעם חלל צווישן דודן און דעם טיש. ער האָט שוין געזען אין וואָס פאַראַ מצב דוד געפינט זיך, אָבער ער האָט דודן אַ פרעג געטאָן מיט געמאַכטער גלייכגילטיקייט:

— ביסט קראַנק?

— ווי שטענדיק — האָט דוד לאַקאָניש אים געענטפערט.

— געווען ביים דאָקטאָר? — האָט ורדי געפרעגט אים ווייטער ווי ער זאָל נישט פאַרשטיין.

— מיך וועט שוין קיין דאָקטאָר נישט העלפן — האָט דוד אים געענטפערט און אַראָפּגעלאָזט די אויגן.

— ביי אונדז זענען פאַראַן גוטע דאָקטוירים — האָט ורדי ווידער אים געענטפערט תמימותדיק, ווי ער זאָל זיכער זיין, אַז דוד איז קראַנק.

דוד האָט נאָר אויסגעשטרעקט די האַנט, געוויזן אים זיין „נומער".

— דו ביסט דער איינציקער? — האָט ורדי אים אַ פרעג געטאָן מיט אָנגע־שטעלטער ערנסטקייט און מיט אַ געצווונגענעם שמייכל צוגעגעבן:

— איך געדענק שוין דעם נומער אויפן קאָפּ.

— דער נומער ברענט די הויט מיינע — האָט עס פון דודן ווי אַרויסגערעדט.

— דוד, ווילסט אונטערגיין?

— אפשר?...

ורדי האָט אַרויפגעלייגט די האַנט אויף דודס אַקסל, אים אויפגעשטעלט און געזאָגט:

— דוד, איך רעד צו דיר ווי אַ גבר, דו דאַרפסט לעבן בכדי דו זאָלסט זיי געדענקען.

דוד האָט אויסגעדרייט צו אים דעם קאָפּ, זיך איינגעקוקט אין ורדין, ווי ער וואָלט פון זיין פנים געוואָלט אַראָפּלייענען דעם טיפערן מיין פון זיינע לעצטע ווערטער.

ורדי האָט אויסגענוצט דעם מאָמענט און האָט איבערגעפירט דעם שמועס אויף אַן אַנדערע טעמע.

— קום צו מיר, וועסט זיך אָפּרוען — האָט ער אים פאָרגעשלאָגן.

דודס אויגן האָבן גענומען פינטלען. ער האָט געשטאַמלט:

— איך האָב שוין פאַרגעסן ווי מען דאַרף זיך אויפפירן אין אַ לייטישער שטוב.

— טו זיך איבער און קום מיט מיר? — איז ורדי געשטאַנען דערויף.

דוד איז נישט בייגעשטאַנען ורדיס תקיפות. נישט זאָגנדיק קיין וואָרט האָט ער גענומען דאָס ראַזיר־געצייג, דעם האַנטעך און איז אַרויס אין דרויסן.

דערהערנדיק פליסן דעם וואַסער־שטראָם פונעם אויפגעדרייטן קראַן, האָט אויף ורדיס פנים זיך באַוויזן אַ שמייכל. ער האָט זיך אָוועקגעזעצט אויפן טאַבאָרעט, אויף וועלכן דוד איז געזעסן. אַ ווײַלע האָט ער געקוקט פאַר זיך אינעם ליידיקן חלל. אין זיין זכרון האָבן אויפגעטויכט בילדער פון דער נאָענטער פאַרגאַנגענהייט, דורכגעפלאָכטן מיט טענות פון מענטשן וואָס האָבן געהאַלטן, אַז זיי האָבן אַלץ פאַרלוירן און נישט דערגאַנגען צו קיין ברעג.

ענדלעך איז דוד צוריק געקומען. ורדי האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ און אים אָנגעקוקט. דוד איז געווען אָפּראַזירט און אַרומגעוואַשן. ערשט איצט האָט ורדי געזען ווי דודס פנים איז מאָגער געוואָרן. ורדי האָט זיך אויפגעשטעלט און געוואַרט, נישט זאָגנדיק קיין וואָרט. ער האָט נישט געוואָלט דוד זאָל חרטה קריגן.

דוד האָט גענומען זיך איבערטאָן. ורדי איז צוגעגאַנגען און שטיין געבליבן אין אַריינגאַנג און באַטראַכט דאָס געצעלט.

— נו שוין! — האָט דוד מיט אַ מאָל אַ זאָג געטאָן. ער האָט געהאַט אויף זיך אַ גראַנאַטענעם אַנצוג און אַ גאַבאַרדין־מאַנטל.

— אָט, דאָס איז דוד, קום! — האָט ורדי געזאָגט און דער ערשטער אַרויס פון געצעלט. דוד איז אים נאָכגעגאַנגען ווי ורדי זאָל אים פירן צו דער תליה. דוד האָט אַראָפּגעלאָזט די קלאַפּע איבערן אַריינגאַנג און זי פאַרשלאָסן מיטן שלעסל וואָס איז געהאַנגען אין דער זייט. ווען זיי זענען אַרויס פון צווישן די געצעלטן, האָבן ביידע אויסגעגליכן זייער טריט. זיי זענען געגאַנגען מיט די פעלד־שטעגן קיין „שני״.

דעם וועג זענען זיי שנעל איבערגעקומען, כאָטש ביידע האָבן געשוויגן. איינער האָט נישט געוווסט וואָס ער זאָל זאָגן דעם אַנדערן. ורדי האָט אַנגעקלאַפּט מיט

דער פויסט אין טיר. דאָס איז געווען זייער משפּחה־סימן. נישט וואַרטנדיק האָט ער זי געעפנט. פאַר זיי איז געשטאַנען אַ הויכע, לייביקע פרוי, אָבער גענוג שלאַנקע ווי אויף איר עלטער. אירע גרויע האָר זענען געווען אונטערגעשוירן. איר קיילעכיק פּנים איז געווען באַחנט.

— גילה, דאָס איז דוד, וואָס אַרבעט מיט מיר — האָט ורדי אים פאָרגעשטעלט און אַ ווינק געטאָן איר מיט אַן אויג.

— איך קאָן אייך, ורדי און אונדזערע זין האָבן מיר דערציילט וועגן אייך — האָט זי געזאָגט און אים אויסגעשטרעקט די האַנט. ער האָט אַ דריק געטאָן איר האַנט און געענטפערט:

— אויב איר קענט מיך, קאָן איך שווייגן.

ער האָט עס געזאָגט אין אַ טאָן, וואָס האָט באַדייט, אַז זי זאָל אים לאָזן צורו.

— פילט זיך ווי ביי זיך — האָט גילה געזאָגט אויטאָמאַטיש, ווי זי פלעגט עס זאָגן צו יעדן גאַסט.

זיינע אויגן זענען געבליבן אָן אויסדרוק.

ורדי האָט אָפּגעשאַצט די סיטואַציע און ער האָט זיך אַ ווענד געטאָן צו אים:

— דוד, זעץ דיך — און מיט דער האַנט אים אָנגעוויזן אַ בענקל.

דוד האָט כמעט נישט געהערט וואָס ורדי האָט אים געזאָגט. ער האָט זיך אַרומגעקוקט, ווי צו זען ווו ער געפינט זיך. ורדי איז מיט אים אַריין דורכן הויפּט־אַריינגאַנג. דוד האָט באַטראַכט דאָס אויפנאַם־צימער, די צוויי קאָלירפולע טעפּיכער, וואָס זענען געלעגן אויפן פּאָל, די ווייכע סאָפע, דעם לאַנגן נידעריקן ברוינעם טיש און די צעשטעלטע איבערן צימער טשעשלאַנען. ער האָט דערפילט די שטילקייט און זיך באַרויִקט, אָבער אָט איז זיין בליק געפאַלן אויף דער פאַרגלאָזטער גאַב־לאָטקע מיט די זילבערנע שבת־לייכטער, זילבערנעם צוקער־ביקס, זילבערנעם בשׂמים־ביקסל און די קרישטאָלענע באַקאַלן. אַ קאַלטער שווייס האָט באַדעקט זיין שטערן. ער האָט זיך דערמאָנט אין זיין היים. „אוף! — האָט ער אָפּגעאָטעמט — עס איז הייס, איך גיי אין גאָרטן" — האָט ער אַ זאָג געטאָן און איז אַרויס פון שטוב.

ורדי האָט זיך איבערגעקוקט מיטן ווייב און שטיל, דוד זאָל נישט הערן, האָט ער איר אַ זאָג געטאָן:

מען דאַרף אים העלפן.

— אַה! — האָט דוד אָפּגעאָטעמט און איינגעאָטעמט די פרישקייט פון דעם וואַקסנדן גראָז. ער איז געשטאַנען אויף אַ שטיינערנער טעראַסע, פון וועלכער עס האָט זיך געצויגן אַ גראָז־דיוואַן און האָט זיך פאַרענדיקט מיט עטלעכע נאָדל־ביימער. די שיינקייט האָט פאַרכאַפּט זיין ראיה, אָבער ווען ער האָט דערזען די ליג־שטול, וואָס איז געשטאַנען אונטער די ביימער, איז ער אַוועק אַהין און זיך אַוועקגעזעצט. ער האָט אויסגעצויגן די פיס און פאַרוואָרפן דעם קאָפּ. ער האָט זיך איינגעקוקט אין דער הימל־לויטערקייט, וועלכע ער האָט נישט געקענט אַדורכקוקן און האָט אַראָפּגעבויגן דעם קאָפּ און זיין בליק האָט זיך פאַרטשעפּעט אין שיפן,

רויטן קאַרמיט־דאַך וואָס איז געלעגן אויף די גרויע ווענט פון ורדיס איינשטאָקיקן הויז. ער האָט דערפילט די קילקייט. די ריחות פון דיביימער און גראָז האָבן אים געשיכורט. די שטילקייט האָט אים איינגעשלעפערט.

ווען גילה האָט אים צוגעטראָגן אַ גלאָז זאַפט איז ער געשלאָפן און דער קאָפּ זיינער איז געווען פאַרוואָרפן. זי איז צוריק אַוועק מיט שטילע טריט ווי זי זאָל מורא האָבן, אַז דער שאָרך פון גראָז, אויף וועלכן זי טרעט, קאָן אים אויפוועקן.

— ער שלאָפט געשמאַק אָבער ער קאָן זיך צוקילן, עס איז קיל — האָט גילה געזאָגט צו ורדין, וואָס האָט אויף איר געוואַרט ביי דער טיר.

ורדי האָט פאַרצויגן די ליפּן און אַ שאָקל געטאָן דעם קאָפּ מיט באַדויער.

דוד האָט זיך איבערגעוועקט. עס איז אים קאַלט געוואָרן און זיינע פיס זענען געווען פאַרשטייפט. ער האָט זיך אומגעקוקט. די פּאַסטאַראַלע שטילקייט און שיינקייט האָט געווירקט אויף אים, אָבער ער איז געווען אומרויִק. „זיי זענען אַוועק מיטן רויך און דו פאַרברענגסט" — האָט ער שטיל גערעדט צו זיך און געבליבן ליגן אין ליגשטול, ווי ער וואָלט אין אים אַריינגעפאַלן. אַ ווײַלע שפּעטער איז ער האַסטיק אויפגעשטאַנען און שפּרייזנדיק אַוועק אין שטוב.

די ורדיס זענען געווען פאַרנומען. ער האָט געלייענט אַ צייטונג, זי אַ בוך.

— אָט איז דער גאַסט — האָט זי אַרויסגעלייגט דאָס בוך פון האַנט און זיך אויפגעשטעלט. ורדי האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ פון דער צייטונג, געזאָגט:

— מיר וואַרטן מיטן מיטאָג!...

דוד, וועלכער האָט נאָרוואָס איבערגעטרעטן די שוועל האָט אָנגעקוקט זיי ביידע.

ורדי האָט זיך אויפגעשטעלט. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז דוד צווייפלט, געפינט זיך אין אַ פאַרלעגנהייט און ער האָט אים פריי אַ זאָג געטאָן:

— קום צום טיש!

— ורדי, איך קאָן נישט בלייבן, איך מוז גיין — האָט דוד זיך געבעטן ביי אים.

— וואָס איז ס'געאייל? מיר וועלן אָפּעסן וועט איר גיין — האָט גילה זיך אָנגערופן.

דוד האָט איינגעביסן צווישן די ציין זיין אונטערשטע ליפּ.

— איך האָב זיך אָפּגערעדט מיט שאולן און ער וואַרט — האָט ער געזאָגט ליגן.

ורדי האָט זיך איבערגעקוקט מיטן ווייב און איר אַ ווונק געטאָן, זי זאָל אויף אים נישט דריקן.

דוד האָט זיך אָפּגערוקט אויף היגטערווײַלעכץ און גערעדט צו גילהן:

— איר וועט מיר אַנטשולדיקן פאַר מיין באַנעמען זיך.

און ממשיך געווען ווי ער זאָל רעדן צו זיך.

— מען דאַרף דעם וואָלף נישט אַרויסרופן פון וואַלד...

אין מאָמענט איז ער געוואָרן אומרויִק. ער האָט זיך געכאַפּט, אַז די ורדיס האָבן געהערט וואָס ער האָט געזאָגט.

— זייט מיר מוחל, שלום — האָט ער זיך ווי אַ בעט געטאָן ביי זיי און איז אַרויס אויפן גאַס נישט אויסשטרעקנדיק די האַנט.

די ורדיס האָבן זיך איבערגעקוקט.

— נישט פּשוט — האָט ער אַ זאָג געטאָן.

— עס איז גאָרנישט פּשוט, קום צום טיש — האָט גילה מסכים געווען. ביידע זענען אַריין אין דערבייִיקן צימער.

אָבער די באַזוכן, ורדיס ביי אים און זיינע ביי די ורדיס, האָבן אים איינגעשטילט. ער האָט באַקומען דאָס געפיל, אַז ער איז נישט עלנט, אַז עמעץ אינטערעסירט זיך מיט אים. צו דער אַרבעט איז ער אָבער נישט צוריקגעגאַנגען. ער האָט זיך צוגעקוקט צום לעבנס־ברויז אַרום אים און דערפילט ווי ס׳ווערט אים נמאס די מעברה. ער האָט איצט דערזען איר מאָנאָטאָנע, טאָג־טעגלעכע גרויִקייט און האָט שוין געוואָלט אַוועק, זיין וויט פון דער מעברה, אָבער ער האָט זיך אויך ווייטער געשראָקן זי צו פאַרלאָזן.

ער האָט געשפּאַנט איבער די מעברה־שטעגן מיט גרויסע טריט און אויסגעשטרעקטן קאָפּ. ער האָט קיינעם נישט געזען, נישט געוואָלט זען. ער איז אַרומגעגאַנגען אַ פאַרטראַכטער. מאָנטיק אין דער פרי, צוויי טעג נאָכן באַזוך ביי די ורדיס איז דוד אויסגעשטיגן פון אויטאָ אין נתניה. ער איז נישט אַוועק אין שטאָט. ער איז אַוועק מיטן שאָסיי אויף לינקס, געגאַנגען צום אינדוסטריע־צענטער. ער האָט געשפּאַנט איבער די שוואַרץ געפּלאַסטערטע וועגן וואָס האָבן נישט געהאַט קיין טראָטואַרן. ער איז געגאַנגען פון איין פאַבריק צו דער אַנדערער נישט וויסנדיק נאָך וואָס און צו וועמען. עס האָט אים באַגלייט דער רויש פון די מאַשינען, דער גרילץ פון די רעדער.

ביים פּלויט פון שטעכל־דראָט, אויף וועלכן עס איז געהאָנגען די מעלדונג „נויטיק אַן אַרבעטער״, איז ער שטיין געבליבן. דער פּלויט האָט געצוימט אַ קליינעם, איינשטאָקיקן בנין, וואָס איז געשטאַנען אויף דעם זאַמדיקן פּלאַץ. נישט טראַכטנדיק האָט דוד אַריבערגעשפּאַנט דאָס אָפענע טויער. אַ גרויער וואָלף־הונט מיט אַרויפגעשפּיצטע אויערן איז אים אַקעגנגעלאָפן מיט אַ געביל.

אַ הויכער ייד, אַרומגענומען מיט אַ גרויער ברייטער שעלקע־שערץ, מיט אַ שפּיץ בערדל איז אים אַנטקעגנגעגאַנגען.

— ראַלף — האָט דער ייד אַ רוף געטאָן דעם הונט. דער הונט האָט אַראָפּגעלאָזט די אויערן און איז אַוועק אין אַ זייט.

ביידע יידן זענען שטיין געבליבן אַנטקעגן זיך און אַ ווײַלע באַטראַכט איינער דעם אַנדערן.

— איך הייס העלמאַן, איך בין דער בעל־הבית — האָט ער זיך פאָרגעשטעלט פאַר דודן. די אויגן זיינע זענען געווען קלוגע.

— איך הייס דוד און וויל ביי אייך אַרבעטן — האָט ער פאַרגעשלאָגן העלמאַנען. אין דודס ווערטער האָט זיך געפילט זיין נישט־זיכערקייט.

— ווער זייט איר?

אַ פּליט פון דער דערבייִיקער מעברה — האָט זיך אויף דודס פּנים באַוויזן אַ שמייכל, האַלב אין פאַרלעגנהייט, האַלב אין שפּאָט.

אַ מינוט איז אַריינגעטרעטן אַ שטילקייט. העלמאַן האָט אַ קוק געטאָן אויף דודן פון דער זייט און געפרעגט:

— מען קאָן זיך אויף אייך פאַרלאָזן? איר וועט זיין דער איינציקער אַרבעטער ביי מיר. משה, מיין ביז איצטיקער אַרבעטער, איז פון מיר אַוועק.

דוד איז געבליבן מיט אַן אָפן מויל. זיינע אויגן זענען געוואָרן גלייזיק. ער האָט נישט געוווסט וואָס ער דאַרף ענטפערן.

דער ייד האָט דערפילט מיטלייד צו אים און אים אַרויסגעהאָלפן:

— ביי מיר רייסט מען שמאַטעס פאַר אינדוסטריע־וואַטע. אויב די אַרבעט פאַסט אייך, קאָנט איר אָנהויבן.

— אַזוי... — האָט דוד אַ שטאַמל געטאָן נישט וויסנדיק וואָס פאַראַ מין אַרבעט דאָס איז.

— וועגן לוין וועלן מיר רעדן, אַז איך וועל זען ווי איר אַרבעט. איך גלויב, אַז מיר וועלן אַדורכקומען — האָט דער ייד אים אויפגעקלערט און געוואַרט אויף תשובה.

— גוט, גוט! — האָט דוד אייליק געענטפערט.

— קומט! — האָט דער ייד געלאָזט זיך גיין. דוד איז אים נאָכגעגאַנגען.

# יב

שוין עטלעכע טעג ווי דוד אַרבעט ביי דער רייס־מאַשין. באַלד אין די ערשטע שעהן האָט ער תופס געווען די אַרבעט. העלמאַן האָט אים נישט געדאַרפט ווייזן צוויי מאָל די זעלבע זאַך. דער פאַבריק־זאַל איז נישט געווען קיין גרויסער. די קליינע פּירקאַנטיקע שייבעלעך אין די דריי פענצטער זענען געווען באַדעקט מיט גרויען וואַטע־שטויב און אויסגעזען ווי זיי וואָלטן געווען פאַרשנייט. אויך דער חלל אינעם זאַל איז געווען אַ פאַרשטויבטער. דודס טריט האָבן אָפּגעהילכט אויפן בעטאָן־פּאָל, ווי עס זאָל אים ווער נאָכגיין. דוד, מיט אַן אַרומגעבונדענעם זאַק איבער די לענדן, האָט כסדר אַריינגערוקט הויפנס שמאַטעס צווישן די מאַשין־וואַלצן. די ציין־רעדער האָבן געגרילצט, די וואַלצן האָבן געריסן די שמאַטעס פונעם ראַר, וואָס איז געווען ברייט ווי אַ פאַס אַן אַ בודעם און האָבן אַן אויפהער געשיט וואַטע־צויטן.

די אַרבעט איז דודן נישט אָנגעקומען שווער, אָבער ווען די וואַלצן האָבן אַריינגעכאַפּט דעם הויפן שמאַטעס, האָט זיין האַרץ אַ טיאַכקע געטאָן און ווען די וואַלצן האָבן גרילצנדיק צעריסן די דיקע שמאַטעס, האָט ער אַוועקגעדרייט דעם קאָפּ.

יעדן פרימאָרגן, ווען דוד איז אויסגעשטיגן פון אויטאָ, איז ער אַריין אין אַ שפּייז־קראָם און איינגעקויפט זיך עסן אויף אַ גאַנצן טאָג. אין אָוונט נאָך דער אַרבעט, אויפן וועג צום אויטאָ האָט ער אָפּגעגעסן אַ וואַרעם געקעכטס. יעדעס מאָל האָט ער געגעסן אין אַן אַנדערן רעסטאָראַן. ער האָט פּשוט געמוזט דערוואַרעמען זיך די קישקעס און אָפּשווענקען דעם אָנגעזעצטן שטויב אין זיין קעל. נאָכן עסן איז ער געפאָרן שלאָפן אין דער מעברה.

אין איינעם פון די אָוונטן פון אַ סוף וואָך איז דוד געקומען פון דער אַרבעט אַזוי ווי יעדן טאָג. פאַר דער מעברה האָט אויף אים געוואַרט ורדי. דערזעענדיק אים האָט דוד אַראָפּגעלאָזט די אויגן פון בושה. ער האָט מיט דער האַנט זיך געווישט דאָס פּנים, ווי ער זאָל פאַרטרייבן פון זיך דעם שלאָף און אַ זאָג געטאָן:

— ורדי, זיי מיר מוחל, וואָס דו טראַכסט וועגן מיר האָסטו רעכט — ער האָט גערעדט שנעל, זיך פאַרטיידיקט.

אַ שמייכל האָט אויסגעקרימט ורדיס פליישיקע ליפּן. זיין ברייטע און קורצע נאָז האָט זיך צעצויגן און ער האָט געענטפערט דודן:

— נישט געוווּסט וואָס צו טראַכטן, אַבי דו ביסט געזונט.

— ורדי, איך האָב אַנדערש נישט געקאָנט, געמוזט בייטן די סביבה און די מענטשן — האָט דוד אים אויפגעקלערט.

— גוט, גוט! איך האָב צו דיר נישט קיין טענה, איך בין נאָר געווען באַאומ־רואיקט — האָט ורדי אים אַרויסגעהאָלפן און באַלד ממשיך געווען — איך וועל מאַכן דיין חשבון, קום נעמען דאָס געלט. ער איז געווען צופרידן וואָס דוד האָט זיך באַרויִקט און אַרבעט.

— זיי געזונט! — האָט ורדי אַ שאָקל געטאָן אים מיטן קאָפּ.

— ורדי, אַ דאַנק — דודס רייד זענען אַרויסגעקומען שטאַמלדיק.

ורדי האָט אים אַ קלאַפּ געטאָן אין דער פּלייצע און מיט אַ פריינדלעכן „שלום!" אַוועק.

אַ ווײַלע האָט דוד געשוויגן. ערשט דערנאָך, ווען ורדי האָט שוין נישט געהערט האָט ער אים נאָכגעשריגן:

— גיב איבער אַ גרוס!

דודן איז געווען נישט אָנגענעם כלפּי ורדין ווייל ער האָט ביי אים איבער־געריסן די אַרבעט, נישט אָנזאָגנדיק אים פריִער.

די טעג האָבן זיך געלייטערט. די לופט איז כסדר קלאָרער געוואָרן. דער ווינטער איז שוין פאַרביי. די אַרבעט איז נישט געווען דודן צום האַרצן. ער האָט געאַרבעט נאָר דערפאַר, ווייל ער האָט זיך נישט געוואָלט געפינען נאָענט פון דער מעברה און איר סביבה. ביי דער אַרבעט איז ער געווען אומרויִק. אים האָט זיך כסדר אויסגעוויזן, אַז אַט געשעט עפּעס. ווען ער האָט אַריינגעלייגט צווישן די וואַלצן אַ הויפן שמאַטעס, האָט ער אַוועקגעקוקט, נישט געוואָלט זען ווי די וואַלצן כאַפּן און רייסן די שמאַטעס. אים האָט זיך געדאַכט, אַז ער רייסט די מלבושים פון די אומגעקומענע אין די לאַגערן.

אײן טאָג האָט געביטן דעם אַנדערן. פאַרנאַכט איז דוד אַוועק פון דער אַרבעט כדי מאָרגן פרי װידער קומען. ער האָט איצט נישט נאָר געשוויגן, נאָר אויך נישט געקוקט די מענטשן אין די אויגן. אַפילו מיט שאולן, וואָס איז געוועזן אים דער איינציקער נאָענטער מענטש, האָט ער נישט גערעדט. ווי נאָר ער איז אַרײַן אין געצעלט האָט ער זיך אויסגעצויגן אויפן בעט און געלעגן מיט פאַרמאַכטע אויגן. אויך שאול האָט צו אים נישט גערעדט. ער האָט שוין געוווּסט ביי וואָס און ווו דוד אַרבעט. ער האָט אויך מער וויניקער פאַרשטאַנען דודס איבערלעבונגען. ער איז נאָר געווען צופרידן וואָס דוד אַרבעט און שלייכט זיך נישט איבער דער סביבה ווי פריִער.

דוד האָט געאַרבעט און געשוויגן ווייל ער איז געווען עלנט. ער האָט געוואָלט רעדן, אָבער האָט נישט געהאַט פאַר וועמען, עס איז אים נישט אָנגעשטאַנען און ער האָט זיך געשעמט. העלמאַן, דער בעל־הבית, איז נאָר געקומען עפּענען און פאַרשליסן די פאַבריק. העלמאַן האָט אויך געלאָזט אין גאַנג און אָפּגעשטעלט די מאַשין. אַפילו אַז עס האָט אַ מאָל פּאַסירט און העלמאַן איז געקומען אין מיטן טאָג אין פאַבריק אַרײַן, האָבן ביידע זיך אויפגעפירט ווי זיי זאָלן זיך זיין פרעמד. דוד האָט נישט געגעבן העלמאַנען די מעגלעכקייט, אַז ער זאָל זיך מיט אים פונאַנדער־רעדן.

אין איינעם פון די אָוונטן, אויפן וועג פון דער אַרבעט, איז דוד שטיין געבליבן אין מיטן וועג. אויף דעם שמאָלן נישט־געפלאַסטערטן וועג זענען געגאַנגען און געקומען אַרבעטער אין זייערע אַרבעטס־מלבושים. דוד איז שטיין געבליבן און זיך אַרומגעקוקט וווּהין און וואַנען קומען די אַרבעטער. ביים סוף שטעג איז געשטאַנען אַן איינשטאָקיק הויז, וואָס האָט ווי אָפּגעהאַקט די פעלדער פון דער סביבה. אויף דער פאָדערשטער וואַנט פון הויז איז געווען אויפגעשריבן מיט גרויסע, שוואַרצע אותיות „רעסטאָראַן". דוד איז נאָכגעגאַנגען די מענטשן. ער האָט דאָס געטאָן, ווייל ער האָט געוואָלט איבעררייסן זיין עלנט, זיין צווישן מענטשן מחוץ דער מעבֿרה.

דורך דער ברייטער אָפענער רעסטאָראַן־טיר זענען מענטשן אַרײַן און אַרויס. ער האָט אויסגעשטרעקט דעם קאָפּ און אַרײַנגעקוקט. ער האָט נאָר געזען אַ פאַררויכערטן גרויסן חלל און אַ מאַסע קעפּ פון מענטשן וואָס זענען געזעסן אַרום די טישן. ער איז אַרײַן און זיך אַוועקגעזעצט ביים ערשטן טיש.

ערשט איצט האָט ער זיך אַרומגעקוקט ווו ער געפינט זיך. דער רעסטאָראַן־זאַל איז געווען אַ לאַנגער און נידעריקער מיט שמאָלע טישן און בענק פון ביידע זייטן. די טישן זענען געווען באַדעקט מיט אַ ווייסער צעראַטע. ביים אַרײַנגאַנג, לינקס, איז געשטאַנען אַ נידעריקע אייזנשאַנק מיט אַ גרויס פענצטער וואָס האָט אויך געדינט אַלס קאַסע־טיש. אינעם פענצטער האָט מען געזען די מטעמים, וואָס מען האָט געקאָנט קריגן צום עסן. אויף דער וואַנט נאָענט צו דער אייזנשאַנק איז געשטאַנען אַ פּאָליצע מיט פלעשער, געטראַנקען און סיגאַרן. די צוויי עלעקטרישע לאָמפּן האָבן קוים באַלויכטן דעם רעסטאָראַן.

ווען דוד איז אַרײַן אין רעסטאָראַן האָט גרשון, אַ נידעריקער ייִד מיט אַ שפּיציקער נאָז און גלאַטן קאָפּ אָן איין האָר, אָנגעקוקט אים. ווי נאָר דוד האָט זיך אַוועקגעזעצט האָט גרשון זיך צו אים אַ ווענד געטאָן ווי צו אַן אַלטן שטאַם־גאַסט:

— נו, וואָס מאַכט מען און וואָס באַשטעלט מען?...

— אַ זופּ — האָט דוד אים געענטפערט.

גרשון האָט שוין מער נישט געפרעגט וואָס פאַראַ זופּ ער וויל. ער איז צוגע־גאַנגען צו דער טיר און אַרײַנגעשריגן:

— אַ יויך מיט לאָקשן און באָבעס!

אַ ווײַלע שפּעטער האָט אַ הויכע פרוי, אין די מיטעלע פופציקער, מיט אַ גלאַטיקן פּנים, צוגעטראָגן דודן אַ טעלער זופּ און אַ לעפל. אויך זי האָט אַ קוק געטאָן אויף דודן און איז צוריק אַוועק. אירע פיס זענען געווען לאַנג, ווי בײַ אַ באָטשאַן. דער לינקער פוס אירער איז געווען אַרומגעוויקלט מיט אַ באַנדאַזש.

איצט האָט דודס לעבן זיך געטיילט אין דרײַען: די מעברה, דער רעסטאָראַן און די פאַבריק. אין דער מעברה האָט ער געוווינט. בײַנאַכט האָט ער געווינט אין שלאָף, ווי ער זאָל וואָיען. איינער פון די צוויי יונגע שכנים האָט זיך גראָד איבערגעוועקט און ער האָט אַריבערגעשריגן צו דודן, ער זאָל זײַן שטיל.

ווען שאול האָט עס דערהערט האָט ער זיך מרחם געווען אויף דודן און אײַנגעשטילט דעם שכן.

— לאָז זיך אים אויסוויינען — האָט ער שטיל געזאָגט.

דוד איז אַרומגעגאַנגען אַן אויפגערעגטער. זײַנע נערוון זענען געווען אָנגע־שטרענגט. ער האָט געאַרבעט, אָבער ער האָט נישט געהאַט קיין היים און אויך נישט קיין נאָענטן. ער האָט נישט געקאָנט זײַן מיט זיך. אַלץ איז בײַ אים געווען צײַטווײַליק ווי בײַ אַ פּאַסאַזשיר אויף אַ וואָקזאַל וואָס וואַרט אויפן צוג. די רו האָט ער געפּרוווט געפינען אין רעסטאָראַן. דער רעסטאָראַן האָט זיך געפונען אין צענטער פון די פאַבריקן. דאָס איז געווען אַן אַמאָליקע גזוז־פאַבריק. דער רעס־טאָראַן האָט נישט געהאַט קיין נאָמען. די אַרבעטער פלעגן זאָגן: „קום עסן צו די קרינקער״, אַזוי האָט געהייסן דאָס שטעטל פון וואַנען עס האָבן געשטאַמט די בעלי־בתים.

בײַ די קרינקער האָט זיך געטומלט נאָר אין די שעהן פון עסן. דעמאָלט זענען די אַרבעטער אָנגעקומען אַלע מיט איין מאָל. אַ גאַנצן טאָג איז בײַ זיי געווען רויִק. במשך פון טאָג זענען בײַ זיי געזעסן נאָר אײַנצלנע מענטשן, וואָס האָבן נישט געהאַט קיין משפּחה.

דוד איז געקומען אַהין יעדן טאָג נאָך דער אַרבעט. אַ פאַרמאַטערטער האָט ער זיך אַוועקגעזעצט בײַ אַ טיש אין אַ ווינקל, ער זאָל קאָנען מיטן רוקן זיך אָנלענען אין דער וואַנט. ער איז געזעסן מיט פאַרמאַכטע אויגן און אײַנגעאָטעמט אין זיך דעם פײַכטן זויערן רויך פונעם געקעכטס און אַלקאָהאָל וואָס האָט געשוועבט אין חלל. ער איז געזעסן אַזוי ביז גרשון האָט אים אַ זאָג געטאָן:

— גענוג געחלומט!... דערוואַרעם די קישקעס!

ער האָט אַוועקגעלייגט פאַר אים אַ לעפל און אַוועקגעשטעלט פאַר אים אַ טעלער יויך מיט לאָקשן און באָבעס און אים צוגעשטעלט אַ גלעזל קאָניאַק. גרשון האָט שוין געוווּסט וואָס פאַראַ מאכלים ער דאַרף דערלאַנגען דודן, פונקט ווי ער האָט שוין געוווּסט, אַז ער איז אַן עלנטער פּליט.

די מענטשן וואָס זענען געקומען עסן אין די אָוונטן זענען געבליבן זיצן ביז שפּעט. זיי האָבן נישט געהאַט ווו צו גיין. צווישן די עלנטע איז געווען אַ הויכער, דאַרער ייִד, וואָס האָט געטראָגן אויף די פיס סקאָרפּעטן מיט אַריינגעלאָזטע נאָגאַ־וויצעס. ער איז געווען אַ גאַסן־קערער. עס איז דאָרט אויך געווען אַ ברייטביייניקער ייִד מיט אַ גרויסן קאָפּ. זיין העמד איז שטענדיק געווען צעכראַסטעט און עס האָט זיך אַרויסגעזען אַ באַהאָרטע ברוסט. ער איז געווען אַ בעל־עגלה, האָט צעפירט די סחורות פון די פאַבריקן. אַ נידעריקער ברייט־פּלייציקער ייִד מיט אַ קנאָכיק פּנים, וואָס איז שטענדיק געזעסן איבער אַ טיי־גלאָז אָנגעפילט מיט קאָניאַק, איז געווען אַ שומר אין אַ בעקעריי.

די אַלע שטאָם־געסט האָבן שוין געקענט דודן. אויך ער האָט זיי געקענט, כאָטש ביז איצט איז צווישן זיי נישט געווען קיין מגע. ער האָט זיך נאָר דערנענטערט צו צוויי ייִדן. דאָס זענען געווען טוביה און שמחה. ער האָט דאָך געמוזט מיט עמעצן רעדן, כאָטש ער איז נישט געווען געניגט דערצו. די צוויי ייִדן זענען אויך געווען געליטענע. טוביה איז געווען מיטלוווקסיק, האָט געשטאַמט פון פּוילן. זיין פּנים איז געווען קיילעכיק, ווי ביי אַ ייִנגל, כאָטש ער איז שוין געווען איבער די דרייסיק. אין פּוילן האָט ער געהאַלפן דעם טאַטן פירן זייער שניט־געשעפט. דאָ אין לאַנד האָט ער געאַרבעט אַלס מאַגאַזינער אין אַ טעקסטיל־פאַבריק. ער איז געקומען אין לאַנד פאַר דער מלחמה. זיין יוגנט־פריינדין האָט געדאַרפט נאָכקומען. טראָץ דעם וואָס ער האָט נישט געהאַט פון איר קיין שום ידיעה, האָט ער אויף איר געוואַרט.

שמחה איז געווען הויך און דאַר. זיין גאָלער קאָפּ האָט געגלאַנצט. ער האָט געהאַט אַ לאַנגע פליישיקע נאָז, טיף־זיצנדיקע אויגן, וואָס האָבן אומרויִק געקוקט. ער האָט געשטאַמט פון וואַרשע. ער איז געווען אַ פאַבריקאַנטס אַ זון, וואָס האָט אויסגעאַרבעט בלוי צום וואַשן וועש. ער איז געקומען אין לאַנד מיט אַן אויספלוג. די מלחמה האָט אים פאַרהאַלטן. ער איז געבליבן אָן געלט און געמוזט גיין אַרבעטן אין אַ ווורשטן־פאַבריק. וואָס מיט זיינע עלטערן איז געוואָרן האָט ער נישט געוווּסט. ער האָט אָן אויפהער געשריבן צו דער ייִדישער אַגענץ, אַז ער זוכט זיינע עלטערן און אַ ברודער מיט אַ שוועסטער.

דיביידע האָבן באַלד באַמערקט, אַז דוד איז געוואָרן אַן איינגייער ביי די קרינקער. זיי האָבן שוין געוווּסט ווען ער קומט און וואָס ער באַשטעלט: אַ לאָקשן־זופּ, אויסגעקאָכט פלייש מיט פּירע און צוויי גלעזלעך קאָניאַק. איין גלעזל פלעגט ער אויסטרינקען פאַרן עסן, ביי דעם אַנדערן איז ער געזעסן ווי ביי אַ „קטורת" און געזופּט צו ביסלעך, ווי ער זאָל וועלן דערגיין דעם טעם. איין מאָל איז ער

געזעסן מיט איבערגעלייגטע הענט איבערן טיש ווי ער זאָל היטן דאָס גלעזל. טוביה האָט אַ זאָג געטאָן צו שמחהן:

— ווייזט אויס אַ לאַגערניק?

— אַ פּליט און קאָן טרינקען — האָט שמחה אים געענטפערט.

אין איינעם פון די אָוונטן, ווען דוד איז אַריין צו די קרינקער האָט טוביה אים אַ רוף געטאָן:

— הע! און אים אַ וויַז געטאָן מיט דער האַנט, ער זאָל זיך צוזעצן. טוביה מיט שמחהן זענען געזעסן ביים לעצטן טיש אָנגעלענט איינער אין אַנדערן ווי זיי זאָלן אויף װעמען װאַרטן.

דוד האָט זיי אָנגעקוקט אַ דערשטוינטער.

— זעץ זיך צו... אין דרייען וועט זיין פריילעכער — האָט טוביה אים ווידער אַ מאָל פאָרגעשלאָגן.

דוד האָט גענומען זיין גלעזל אין האַנט און צוגעגאַנגען צו זיי:

— אַז דיך רופט מען טוביה און אים שמחה ווייס איך, אַז מען רופט מיך דוד ווייסט איר? — האָט ער זיי אַ פרעג געטאָן.

— וויכטיק ווי מיר הייסן? מיר דריי געהערן צו דער זעלבער קאַטעגאָריע — האָט שמחה אים געענטפערט.

דוד האָט אים אָנגעקוקט, געוואַרט, ער זאָל רעדן ווייטער, געוואָלט זיך דער־ וויסן ענינים און ער האָט אים אַ זאָג געטאָן:

— ליידן האָבן נישט קיין קאַטעגאָריעס.

שמחה האָט אים באַלד געענטפערט:

— אויך צרות זענען פאַראַן פאַרשידענע — און איראָניש אַ שמייכל געטאָן.

— יעדער מיט זיין פעקל צרות — האָט טוביה געזאָגט.

— וווּ ווינסטו און וווּ אַרבעטסטו — האָט שמחה ווידער געפרעגט.

— איך בין פון דער מעברה און אַרבעט ביי העלמאַנען, ביי דער וואַטע — האָט דוד שטיל אים אינפאָרמירט.

— מען דאַרף מאַכן אַ לחיים, באַגיסן די באַקאַנטשאַפט — האָט טוביה געזאָגט און זיך אַ ווענד געטאָן צום קרינקער:

— גרשון, דריי גלעזלעך!

פון דעמאָלט אָן זענען זיי געווען צוזאַמען, אָבער אויך מיט זיי האָט דוד גערעדט ווייניק. זיי האָבן נאָך געהאַפּט. ער האָט שוין געוווּסט דעם סוף. איצט זענען זיי געזעסן אין דרייען ביים טיש און געלאַכט איבער זיך. אָפט, אַז טוביה איז נישט מסכים געווען מיט שמחהן, האָט ער ציניש געזאָגט:

— וואָס קאָן שוין פאַרשטיין אַ ווורשטן־מאַכער?...

אָן אַנדער מאָל האָט טוביה גוטמוטיק געזאָגט:

— די טראָיקע איז דאָ? איצט קאָן מען ווייטער לאַכן פון זיך.

דוד, וואָס איז שטענדיק געזעסן זיי אַנטקעגן, האָט ביידע אָנגעקוקט ווי ער וואָלט זיי געזען דאָס ערשטע מאָל.

אין אַ שפּעטן אָוונט, ווען אין רעסטאָראַן זענען שוין נישט געווען קיין געסט, די שיין פון די צוויי לעמפּלעך, וואָס זענען אַראָפּגעהאָנגען פון דער סטעלע, איז געווען אַ גרינע. גרשון, אַן איבערגעבויגענער איבערן אייזשאַנק, האָט אַריינגעקוקט אין אַ צייטונג. די דריי זענען געזעסן ביי אַ טיש אין עק זאַל. אין זאַל איז געווען שטיל. אַלע האָבן געשוויגן. מיט אַ מאָל האָט טוביה אַ זאָג געטאָן אויפן קול:

— זי מוז צו מיר קומען...

ער האָט געמיינט זיין בחורה און מיט דער פויסט אַ קלאַפּ געטאָן אין טיש אויף באַשטעטיקונג. גרשון האָט אַ קוק געטאָן ווער עס רעדט און געלייענט ווייטער.

דוד האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ, ווי ער זאָל האָבן איינגעדרימלט.

— אויך איך בין זיכער, אַז ערגעץ אין קאַנאַדע אָדער אויסטראַליע וועט זיך אָפּזוכן דער ברודער אָדער שוועסטער — האָט שמחה געזאָגט. טוביהס זיכערקייט האָט אויך אויף אים געווירקט — עס קאָן דאָך נישט זיין...

ער האָט מיט אַ מאָל איבערגעריסן, ווי ער וואָלט געזוכט צו באַנעמען דעם באַדייט פון זיינע אייגענע ווערטער.

דוד האָט גערעדט פּאַוואָליע, ווי עס וואָלט אים שווער געווען צו שלעפּן פאָרויס זיין געדאַנק:

— איר האָפּט נאָך... איך ווייס שוין אַלץ.

ער האָט זיך אויפגעשטעלט פּאַמעלעך ווי ער זאָל האָבן אויף זיך אַ משא. ער איז אַוועק פון טיש נישט געזעגענענדיק זיך מיט זיי.

ביידע זענען געבליבן זיצן דערשטוינטע. דוד האָט זיי צוריקגעבערענגט צו דער ווירקלעכקייט.

— שוין?! געענדיקט די זיצונג? — האָט גרשון מיט שפּאָס געפרעגט דודן.

— פאַרשרייב! — האָט דוד אים אַ זאָג געטאָן און איז אַרויס אויף דער גאַס.

דוד האָט געאַרבעט נישט אַזוי צוליב געלט ווי צוליבן איבערקומען דעם טאָג. די שעהן, וואָס ער איז געווען פריי און אויך אין די נעכט, ווען ער איז געלעגן וואַך מיט פאַרמאַכטע אויגן, האָט ער געזען דאַרע הענט פון הונגעריקע מענטשן און גרויסע איבערגעשראָקענע אויגן, פון וועלכע עס האָט אַרויסגעקוקט דער טויט. ער האָט געזען מענטשן־שאָטנס, סקעלעטן, באַצויגן מיט הויט וואָס האָבן זיך נאָך באַוועגט און האָבן בגניבה פאַרשטעקט אונטער דער פאַזוכע אַ שטיקל קאַרטאָפל־שאָלעכץ. שפּעטער, ווען ער איז איינגעשלאָפן, האָט ער זיי אין דעם דרימל באַוויינט.

אין איינעם פון די טעג האָבן זיך אין די מאַשין־וואַלצן פאַרקנוילט עטלעכע שטיקער שמאַטעס. די וואַלצן האָבן אַ גרילץ געטאָן.

— גוואַלד! — האָט דוד אַ שריי געטאָן און מיט ביידע הענט זיך געכאַפּט ביים קאָפּ. אים האָט זיך געדאַכט, אַז נישט די וואַלצן האָבן געגרילצט, נאָר אַז דאָס האָבן געשריגן די הונגעריק פאַרפּייניקטע יידן, וואָס ער האָט געזען אין די נעכט.

העלמאַן, דער בעל־הבית, וואָס האָט זיך געפּאָרעט ביי אַ צענומענעם באַל

שמאַטעס, איז צו אים צוגעלאָפן און האַסטיק איבערגעריסן דעם עלעקטרישן שטראָם. די מאַשין האָט זיך פאַרהאַלטן.

— ביסט פאַרווונדעט? — האָט ער אים געפרעגט אָן אָטעם.

דוד האָט נישט געענטפערט, געשאָקלט מיטן קאָפ אויף ניין.

די שטילקייט אין זאַל האָט צוריק באַרויִקט דודן, אָבער איצט איז ער געווען נאָך עלנטער ווי ער איז געווען און ער האָט אַ זאָג געטאָן צום בעל־הבית:

— איך קאָן נישט מער.

— פאַר וואָס? — האָט העלמאַן אַ דערשטוינטער אים געפרעגט.

— זיי לאָזן מיך נישט צו רו — האָט דוד אים געענטפערט און זיינע אויגן־לעפלעך האָבן זיך אים אַראָפּגעלאָזט.

העלמאַן האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ, אים באַדויערט און שטיל געזאָגט:

— באַרויִק זיך.

דוד האָט אים אָנגעקוקט. זיינע אויגן זענען געווען שטאַר.

— איך רייס איבער די אַרבעט — האָט ער צו וויסן געטאָן העלמאַנען.

העלמאַן האָט אים נישט געענטפערט. ער האָט נאָר אויסגעשטרעקט די הענט, ווי געוואָלט אים אַרומנעמען.

דוד האָט זיך אָפּגערוקט.

ער האָט אַראָפּגענומען פון זיך די שערץ און זי אַרויפגעלייגט אויף אַ בינטל שמאַטעס.

ער האָט העלמאַנען אַ שאָקל געטון מיטן קאָפּ און אַוועק צו דער טיר:

— קום נעמען געלט! — האָט העלמאַן אים נאָכגעשריגן. ווען דוד איז פאַרשוווּנדן, האָט ער אַ זאָג געטאָן צו זיך אַ פאַרזאָרגטער:

— ער זאָל נאָר נישט אַראָפּ פון זינען.

# יג

דוד האָט זיך געאײַלט ווי ער וואָלט מורא געהאַט, אַז דער בעל־הבית וועט אים נאָך צוריק רופן. ער איז געגאַנגען אין מיטן וועג, געקוקט מיט אויסגעגלאָצטע אויגן און גאָרנישט געזען. ער איז אַוועק אין אַ זייט נאָר דעמאָלט ווען עס פלעגט אָנפאָרן אַ פור אָדער אַן אויטאָ. ער איז געגאַנגען פון איין וועג אויפן אַנדערן נישט וויסנדיק וווהין.

ווען ער איז אַריין צו די קרינקער האָט אַ זויערע, אָנגעדראָלטע דעמפיקייט אים אַ בלאָז געטאָן אין פּנים ווי אַ ווינט. ער האָט זיך אַוועקגעזעצט ביים לעצטן טיש אין ווינקל, זיך אָנגעלענט אין דער וואַנט אַ פאַרמאַטערטער, געקוקט פאַר זיך און קיינעם נישט געזען. אין זאַל איז געווען שטיל, עס זענען נישט געווען

קיין געסט. ער איז געווען דער איינציקער גאַסט. די אַרבעטער, וואָס האָבן געגעסן נאָך דער אַרבעט, זענען איצט שוין געווען נאָכן עסן.

גרשון איז אַפּירגעגאַנגען פון הינטערן אייזשאַנק־טיש און אַ רוף געטאָן:

— שרה!

אין מאָמענט איז שרה זיין ווייב אַריין פון קיך און אַ פרעג געטאָן:

— וואָס ווילסטו?

גרשון האָט אויפגעהויבן די אַקסלען און מיטן קאָפּ איר אָנגעוויזן דודן.

שרה האָט אַ קוק געטאָן אויף דודן און באַלד זיך איבערגעלייגט אַ פינגער איבער די ליפּן, אַ צייכן, אַז ער זאָל שווייגן און איז צוריק אַוועק אין קיך.

דודס אויגן זענען געווען אויסגעגלאָצט, אָבער ער האָט געזען ווי ביידע סודען זיך.

— אַ טאָפּלטן קאָניאַק! — האָט ער אַ זאָג געטאָן. זיין פּנים האָט אַפילו נישט געטאָן קיין ציטער.

די שמאָלע גלאָז קאָניאַק האָט ער אַ נעם געטאָן פון גרשונס האַנט, ווי ער זאָל נישט האָבן קיין צייט און מיט איין לאַנגן שלונג עס אויסגעליידיקט, ווי ער זאָל טרינקען וואַסער. ער האָט אַוועקגעשטעלט די גלאָז און אַריינגעלייגט דעם קאָפּ אין ווינקל צווישן צוויי ווענט און פאַרמאַכט די אויגן. גרשון האָט אַריינגערוקט זיין שפּיץ צונג צווישן די ליפּן און צוגענומען די גלאָז.

ווען טוביה מיט שמחהן זענען אין איינעם אַדורכגעגאַנגען די אָפענע רעס־טאָראַן־טיר ווי זיי זאָלן זיך דורך איר דורכשטופּן, האָבן ביידע אין איינעם אַ זאָג געטאָן:

— אָט איז ער!

דוד האָט געעפנט די אויגן און זיי אָנגעקוקט, ווי זיי זאָלן אים האָבן איבער־געוועקט. ביידע האָבן זיך צוגעזעצט צו אים. דודס אויגן זענען געווען פאַרגלייזט.

— ביסט היינט טרויעריקער ווי שטענדיק — האָט טוביה געזאָגט.

דוד האָט געשוויגן. ערשט ווען שמחה האָט אַ זאָג געטאָן „יאָ!" האָט דוד אים אָנגעקוקט און געזאָגט:

— איך בין אַוועק פון דער אַרבעט!

ביידע, טוביה מיט שמחהן, האָבן זיך איבערגעקוקט, געוואַרט, ער זאָל רעדן ווייטער.

דוד האָט געזען זייער פאַרוווּנדערונג און ער האָט ווי אַ ברום געטאָן:

— די אומגעקומענע לאָזן מיך נישט צו רו...

— דו לעבסט און זיי זענען טויט — האָט שמחה געזאָגט.

— איך בין שוין אויך אַ טויטער, כאָטש איך זיץ מיט אייך — האָבן דודס ליפּן געציטערט.

שמחה מיט טוביהן האָבן זיך ווידער איבערגעקוקט. ביידע זענען געוואָרן טרויעריק.

— שמחה, מיר וועלן זיך נישט לאָזן — האָט טוביה אַ געשריי געטאָן, אין זיין קול האָט געציטערט פול פחד. אַ ווײַלע האָט ער שטיל אַ פרעג געטאָן:

— ווער ווייסט?

מען דאַרף מאַכן אַ שנאַפּס — האָט טוביה פאַרגעשלאָגן. עס איז אים באַפאַלן אַ יִאוש. דוד האָט אים אָנגעשטעקט.

— שאַטן וועט עס זיכער נישט — האָט שמחה זיך אָנגערופן און אַזוי זיצנדיק האָט ער זיך אויסגעדרייט און באַפעלעריש געזאָגט צו גרשונען:

— דריי! — און אים אויסגעשטרעקט דריי פינגער.

גרשון האָט באַלד אַוועקגעשטעלט פאַר זיי אַן אָנגעהויבענע פלאַש בראָנפן און דריי גלעזלעך.

טוביה האָט אָנגעגאָסן און אַ זאָג געטאָן:

— לחיים!

— לחיים! — האָט שמחה געענטפערט און אַלע דריי האָבן אויסגעטרונקען.

שמחה האָט אַ גלעט געטאָן זיין פליך אויפן קאָפּ, ווי ער זאָל זיך אָנלייגן די האָר און געזאָגט:

— איך דאַרף ווידער צופאָרן קיין ירושלים און ווידער איבערקוקן די ליסטעס ווער וועמען זוכט.

דודס אויגן זענען מאַט געוואָרן. גרשון האָט זיי צוגעטראָגן אַ טעלערל מיט גרינע אָליוון. טוביה האָט גענומען אַן אָליוו, אַריינגעוואָרפן אים זיך אין מויל אַריין און אים געקייעט. שמחה האָט געהאַלטן זיין אָליוו מיט צוויי פינגער און אים אַרומגעביסן. דוד האָט אָנגעגאָסן נאָך אַ גלעזל און אַליין אויסגעטרונקען.

— טוביה, וואָס וואָלסטו געטאָן ווען דו דערהאַלסט אַ ידיעה, אַז דיין פּעסיע קומט — האָט שמחה אים געפרעגט און אויסגעשטרעקט דעם קאָפּ, געוואַרט אויף תשובה.

טוביהס אויגן האָבן אַ פינקל געטאָן.

— איי — האָט ער אַ קרעכץ געטאָן און מיט אַ גאַנצע האַנט פינגער זיך געקראַצט זיין טשופּרינע — איך וויל דערלעבן...

— ווען ווער פון מיינע וועט זיך אָפּרופן, מאַך איך אַ באַל פאַר אַלע וואָס קומען דאָ אַריין — האָט שמחה גערעדט מיט ענטוזיאַזם.

— און דו? — האָט טוביה זיך געוואָנדן צו דודן.

דוד האָט אים אָנגעקוקט און שטיל געענטפערט, באַטאָנענדיק יעדעס וואָרט:

— איך קאָן נישט זיין קיין שותּף צו אייערע האָפענונגען — האָט ער ווידער זיך אָנגעגאָסן אַ גלעזל און עס אויסגעטרונקען.

— אויב מיר לעבן, זענען מיר מחויב האָפן — האָט טוביה אים געענטפערט.

אַ ווײַלע האָבן אַלע געשוויגן. באַלד האָט דוד זיך איבערגעבויגן נאָך מער איבער די עלנבויגנס און געענטפערט:

— אונדזער גורל איז אכזריותדיק, מיר דאַרפן גיין אַנטקעגן, אים באַגעגענען אַזוי ווי ער איז פאַר אונדז און נישט טרייסטן זיך ווי קינדער.

— עם ישראל חי! — האָט שמחה אויסגערופן.

אַן אַ קוק צו טאָן אויף זיי ביידע און אָן צו זען דאָס פלעשל האָט דוד אויס־געשטרעקט די האַנט, ווי אַ בלינדער אָנגענומען דאָס פלעשל, אָנגעגאָסן זיך אַ גלעזל, עס אויסגעטרונקען און זיך אויפגעשטעלט. ער האָט אַ טרייסל געטאָן מיטן קאָפּ, אָפּגעשאָקלט זיך. ער האָט צו ביידן אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, זיך מיט זיי געזעגנט און איז אַוועק פון טיש.

— וואָס לויפסטו? — האָט טוביה אים געפרעגט.

— וואַרט! — האָט שמחה אים נאָכגעשריגן.

— פינף גלעזלעך און אַ טאָפּלטן קאָניאַק — האָט דוד געזאָגט צו גרשונען.

— אין אָרדענונג.

דוד איז ווי איבערגעשפּרונגען די שוועל פון רעסטאָראַן און גענומען שפּאַנען אין דער פינצטער. אַ שוואַרצע געשטאַלט, ווי אַ שאָטן, האָט אים איבערגעיאָגט און איז שטיין געבליבן אים אַנטקעגן. דוד האָט זיך איינגעקוקט אין אים, געוואָלט זען זיין פּרצוף; דאָס איז געווען אַ נידעריקע, ברייטפּלייציקע געשטאַלט. דוד האָט נישט באַמערקט, אַז די גאַנצע צייט וואָס ער האָט גערעדט מיט טוביהן און שמחהן איז דער שומר פון דער בעקעריי געזעסן אין דער זייט און זיך צוגעהערט וואָס זיי רעדן. ווי נאָר דוד איז אַרויס פון רעסטאָראַן, איז דער שומר אים נאָכגעגאַנגען.

— איך בין בענצי, דער שומר פון דער בעקעריי. אַלע אין דער סביבה קענען מיך. איך קען אייך — האָט ער אַ זאָג געטאָן דודן.

דוד האָט צוגעבויגן צו אים דעם קאָפּ, געוואָלט זען ווער ער איז.

איך האָב געהערט, אַז איר זוכט אַרבעט. ביי אונדז אין בעקעריי דאַרף מען אַן אַרבעטער — האָט בענצי אים פאָרגעשלאָגן.

דוד האָט נישט געוווּסט וואָס ער זאָל אים ענטפערן. בענצי האָט איצט געשפּאַנט פאָרויס און דוד איז אים נאָכגעגאַנגען.

אַ צייט לאַנג האָבן ביידע געשוויגן. גייענדיק האָבן זייערע געשטאַלטן זיך געוויגט אין דער פינצטער ווי ביים דאַוונען. ערשט איצט האָט דוד געפרעגט:

— איר קענט מיך?

איך האָב געהערט אייך איינטענהן מיט „זיי”, בין איך זיך משער, אַז איר זייט אַ פּליט — האָט בענצי אים געענטפערט.

ביידע האָבן ווייטער געשפּאַנט און געשוויגן. זיי האָבן נאָר געהערט דעם שאָרך פון זייערע מלבושים, וואָס האָבן זיך געריבן אין גיין.

— די צייט היילט יעדן ווייטאָג, איך ווייס דאָס פון אייגענער דערפאַרונג — האָט בענצי געוואָלט אים טרייסטן.

— אָדער יאָ אָדער ניין — האָט דוד זיפצנדיק אָפּגעאָטעמט.

איצט האָט בענצי זיך פאַר אים פאַרטרויט:

— ליב געהאַט אַ קרעמערס טאָכטער, זי מיך. איר פאָטער איז נישט אָנגע־שטאַנען מיין יחוס, אַ בייגל־בעקערס אַ זון. דער פאָטער האָט גובר געווען. פון צער און צאָרן גרייט געווען אומברענגען מענטשן אָבער זיך מתגבר געווען און

זיך אָנגעשלאָסן אין די חלוצים. בין געקומען פון רוסלאַנד. יאָרן לאַנג געטריקנט זומפּן, געפּלאַסטערט וועגן, געאַרבעט אין די פּרדסים, געשלעפּט ציגל אויף די מויערן און געליטן. ווען דער וויטאָג האָט זיך פאַרהיילט בין איך שוין געווען אַלט און בין געבליבן אַן אַלטער בחור.

בענצי איז שטיין געבליבן, דוד מיט אים.

— אָט דאָ איז די בעקעריי — האָט ער געוויזן מיט דער האַנט אויפן הויז. די בעקעריי האָט זיך געפונען נישט ווייט פון רעסטאָראַן. בענצי האָט אַ ווײַלע באַטראַכט די בעקעריי, אַ לאַנג, גרוי, איינשטאָקיק הויז, האָט אויסגעזען ווי אַ קאַסטן. מיט אַ מאָל האָט ער גענומען ווייטער גיין. דוד איז אים נאָכגעגאַנגען. אַז זיי זענען צוגעקומען צום הויז זענען זיי עטלעכע מאָל אַרומגעגאַנגען דעם בנין און געשוויגן. אויפן וועג האָט בענצי געפּרוווט יעדע טיר, צי זי איז פאַרמאַכט. די פינצטערניש אויף די פענצטער־שויבן האָט געגלימערט.

איצט האָט בענצי פאַרשלאָסן דעם איינגאַנג־טויער וואָס ער האָט געעפנט ביים אָנקומען און גענומען צוזאַמען מיט דודן שפּאַנען נאָך פאַמעלעכער אַרום דעם פלויט, וואָס איז געווען פון שטעכל־דראָט. די נאַכט האָט איינגעשלונגען דעם אָפּהילך פון זייערע טריט. שאָטנס, וואָס האָבן געלויערט הינטער די שפּייכלער און הינטער די אויטאָס, האָבן זיי באַגלייט.

בענצי האָט געוואָלט רעדן. ער איז געווען צופרידן וואָס ער האָט פאַר וועמען צו רעדן. ער האָט דערציילט:

— דאָס לאַנד האָט אַמאָל נישט אויסגעזען ווי איצט. ווען איך בין געקומען אין לאַנד, איז עס געווען אַ מדבר, די היץ האָט געגליט, די זאַמדן האָבן געברענט, די זומפּן האָבן געעיורן. מאַלאַריע. מען האָט מער געקרענקט ווי געאַרבעט. מיט דער אַרבעט און לוין האָסטו געמוזט קאָנקורירן מיטן אַראַבער, וואָס איז אַרומגעגאַנגען באָרוועס און אין אַ ברייט לאַנג העמד פון לייוונט. ווער עס האָט דאָס נישט איבערגעלעבט קאָן דאָס נישט באַגרייפן.

דוד האָט געהאָרכט און געשוויגן, געוואָלט וואָס מער זיך דערוויסן, אָבער אין אַ געוויסן מאָמענט האָט ער אַ גענעץ געטאָן.

— ביסט מיד.

נאָך אַ ווײַלע שווייגן האָט דוד זיך אָנגערופן:

— שוין שפּעט, כ׳וועל מוזן גיין צופוס צו דער מעברה.

— שלאָף ביי מיר, מיין בעט איז פריי. גאַנץ פרי וועל איך האָבן אַן אויסגעוואַרעמט געלעגער — האָט בענצי אים פאַרגעשלאָגן און גלייך צוגעגעבן:

אין דער פרי וועסטו באַלד זיך שטעלן אַרבעטן!

— אַ מענטש פון גאַס און נעמסט אים אַריין צו זיך? — האָט דוד געפּרוווט אים אָפּרעדן.

— דו מיינסט אַוודאי, אַז איך וווין אין אַ פּאַלאַץ, נישט אַ סך אַנדערש ווי דו אין דיין געצעלט.

בענצי האָט אים אָנגענומען ביי דער האַנט און אים געפירט ווי אַ קינד,

געעפנט די טיר. אַ גרין ליכט פון אַן אָנגעצונדן לעמפּל אויף דער וואַנט האָט זיי אַ שיין געטאָן אין פּנים. בענצי האָט אַריינגעשטופּט דודן דעם ערשטן. ער איז נאָכגעקומען. דאָס צימער האָט זיך געפונען אין אַ ווינקל פון גאַראַזש, קליין. דוד האָט זיך אַרומגעקוקט. אין צימער איז געשטאַנען אַ בעטל וואָס איז געווען איבער־געדעקט מיט אַ גרויען קאָץ. אין דער זייט איז געשטאַנען די פּתיליה, אַ שיסל מיט אַ וואַסער־קראַן איבער איר און אַ האַנטעך וואָס איז געהאַנגען אויף אַ וואַנט־נאָגל. ביי דער אַנדערער וואַנט איז געשטאַנען אַ פּראַסע מיט דריי שופלעדער און אַ טישל מיט אַ טאַבאַרעטל.

דוד האָט קוק געטאָן אויף בענציקן, ווי ער זאָל אים פרעגן: „דאָ וווינסטו״? אָבער ער האָט דערזען בענצין אין זיין פאַרנעם. בענצי האָט געטראָגן גרויע רייטהויזן, שטיוולעטן און אַ האַקי־העמד. אין האַנט האָט ער געהאַלטן אַ קאַרבאַטש.

— לייג זיך שלאָפן און רו זיך אויס און אַ גוטע נאַכט — האָט בענצי אַ זאָג געטאָן דודן, און נישט וואַרטנדיק איז ער אַרויס פון צימער. ער האָט פאַרמאַכט הינטער זיך די טיר.

# יד

דוד אַרבעט שוין צוויי וואָכן אין דער בעקעריי „לחם״. דער מאָרגן איז נאָך גרוי ווען ער קומט צו דער אַרבעט. יעדן פאַרטאָג וואַרט בענצי אים אָפּ און זאָגט אים שלום. ערשט דערנאָך גייט ער שלאָפן. ער איז קיינמאָל נישט זיכער, צי דוד וועט היינט קומען צו דער אַרבעט. דוד אַרבעט איצט נישט גרינגער ווי פריִער ביי די בלאָקן. די הויט אויף זיינע האַנטפלאַכן איז האַרט, זיין קאַרק אָנגעדריקט, די אָדערן פון דער הויט זענען אָנגעשוואָלן. אַלע אין דער בעקעריי ווייסן ווער דוד איז, אָבער קיינער פון די אַרבעטער האָט נאָך נישט געפּרוּווט אַדורכרעדן זיך מיט אים. אויך ער האָט נישט געוואָלט זיך דערנענטערן צו קיינעם פון זיי. אַפילו ביים עסן זעצט ער זיך אַוועק אין דער זייט אויף אַ זאַק און עסט ביחידות.

אַ געבוקטער טראָגט ער אויף זיך די זעק מעל נישט אויפהייבנדיק דעם קאָפּ. ער זעט נאָר די פּיס פון די אַרבעטער. אפילו ווען ער גייט איבערן הויף נישט קיין באַלאָדנטער קוקט ער אַראָפּ. ער וויל נישט זען דעם קוימען, וואָס רויכערט מיטן געדיכטן שוואַרצן רויך. ער דערמאָנט אים די קרעמאַטאָריע. נישט איין מאָל בלייבט ער שטיין מיט אַן אָפן מויל און זיינע נאָזלעפלעך טוען אַ פלאַטער און ער אָטעמט איין דעם פרישן ברויט־ריח, ווי ער זאָל אויך איצט זיין הונגעריק ווי אַ מאָל אין לאַגער. אָפט בלייבט ער שטיין מיט אויסגעגלאָצטע אויגן און באַטראַכט די אָנגעשטאָפּלטע ברעטער מיט די פרישע אַרויסגענומענע פון אויוון ברויטן.

באַגינען, איידער בענצי האָט צוגעפירט דודן צו דבן, דעם לייטער פון דער

בעקעריי, אַ הויכער ייד מיט אַ גרויסן שיפּן שטערן און קליינע שיפּע אויגן, האָט ער אים פּריִער צוגעגרייט:

— ער איז אַ פּליט פון די מחנות, וווינט אין דער מעברה.

שפּעטער האָט בענצי דודן צוגעפירט צו דבן. דב איז געשטאַנען אין הויף, ווי ער זאָל אויף אים וואַרטן.

— דאָס איז דב — האָט בענצי אים פאָרגעשטעלט.

— שלום — האָט דוד אַ זאָג געטאָן און אַראָפּגעלאָזט די אויגן.

דב האָט אַ קוק געטאָן אויף דודן פון דער זייט, ווי אָפּגעשאַצט אים, צי ער קאָן טראָגן אַ זאַק מעל, און אים אַ זאָג געטאָן:

— שטעלט איך אַרבעטן — און ווענדנדיק זיך צו בענצין האָט ער געזאָגט — ווייז אים וואָס ער האָט צו טאָן.

פון יענעם מאָרגן זאָרגט דוד, אַז ביי דער מיש־מאַשין זאָל זיין מעל צו דער אַרבעט. ער שטאָפּלט אויף די ברעטער מיט די ברויטן פאַר די צעפּירער.

דוד שווייגט, רעדט מיט קיינעם נישט, אָבער אַלע זענען צופרידן פון זיין אַרבעט. נישט איין מאָל איז דב שטיין געבליבן און פון דער זייט געקוקט ווי דוד לייגט אָן געגעבוי איין זאַק מעל אויפן אַנדערן. אַפילו דער באַלעבאָס, אַ נידעריקער ייד מיט אַ קיילעכיקן בויך, וואָס איז געווען אַרומגענומען מיט אַ הויזן־רימען, איז שטיין געבליבן ווען ער האָט געזען דודן און האָט אים נאָכגעקוקט. זיין ברייט קנאַכיק פּנים איז יעדעס מאָל געבליבן שטאַר. שפּעטער איז ער פאַמעלעך צוגעגאַנגען צו זיין אויטאָ, אַריינגעזעצט זיך און אַוועקגעפאָרן.

דוד האָט געשלעפּט אויף זיך די זעק און געשוויגן. די אַרבעט זיינע און דאָס שווייגן האָבן אים לגמרי דערוויטערט פון די מענטשן אין דער מעברה און אים אויך נישט דערנענטערט צו די אַרבעטער אין דער בעקעריי. ער איז איצט געווען עלנט נאָך מער ווי פריִער. זיין איינציק אָרט, וווּ ער פלעגט קומען, זענען געווען די „קרינקער". אַהין איז ער געקומען באַלד נאָך דער אַרבעט. אָפט האָט אים בענצי אָפּגעוואַרט ביים טויער. יעדעס מאָל איז דאָס אָבער פאָרגעקומען ווי ער זאָל אים האָבן געטראָפן צופעליק.

— קום מאַכן אַ שנאַפּס! — האָט אים דוד פאָרגעשלאָגן יעדעס מאָל.

— אָבער איך שטעל! — האָט בענצי געמאַכט אַן אָנשטעל.

געצאָלט האָט דוד. בענצי איז שוין געווען אַ ייד אין די יאָרן. ער האָט אויך פאַרדינט אַ סך ווייניקער ווי דוד. דוד האָט די אַרבעט געענדיקט מיטאָג־צייט. בדרך כלל האָט ער נאָך דער אַרבעט זיך אויסגעצויגן אויף די זעק מעל און געשלאָפן אַ צייט און דערנאָך געגאַנגען צו די קרינקער. אָפט איז ער אויך אַרויס זיך איבערגיין, אָבער יעדער פון די שפּאַצירן האָט זיך שנעל געענדיקט. שפּריי־זנדיק האָט ער געהערט זיינע טריט און אים האָט זיך כסדר געדאַכט, אַז מען גייט אים נאָך. ווען ער איז אַרויף אויף אַן אָפן פעלד האָט זיך אים געדאַכט, אַז ער גייט נישט, נאָר ער אַנטלויפט און מען יאָגט אים נאָך. אויך אין די גאַסן האָט זיך

אים געדאַכט, אַז די הייזער פון ביידע זייטן האַלטן אים געפאַנגען און נישט איין מאָל איז ער געווען זיכער, אַז ער וועט נישט קאָנען פון זיי אַרויס.

אין אַ זונטיק נאָך דער אַרבעט האָט ער זיך נישט געלייגט שלאָפן. ער איז געווען אויסגערוט פונעם שבת. ער האָט געענדיקט די אַרבעט און איז באַלד אַרויס פון דער בעקעריי. ער איז אויך נישט אַריין צו די קרינקער. דאָרט האָט זיך איצט געטומלט. אַרבעטער האָבן געגעסן מיטאָג. ער האָט געשפּאַנט איבער די פעלדער. זיינע שיך־קנאַפּלען זענען געזונקען אין דער ערד. ער האָט אַרומגעקרייזט די שטאָט פון לינקס. אַ פייכטער ווינט האָט אים געווייעט אין פּנים. ער האָט אָפּגעאָטעמט און אויפגעהויבן די אויגן. ער האָט זיך געפונען ביים ברעג ים. ער איז אַראָפּ אויפן זאַמד־ברעג און געבליבן שטיין אַ פאַרקוקטער אין דער ווייט. געלאָזט דעם ווינט שויבערן זיינע האָר און געזען יעדע אָנקומענדע כוואַליע. ער האָט זיך דערמאָנט זיין פאַרגאַנגענהייט אין דער אַמאַליקער היים. דאָס האָט געדויערט בלויז אַ קורצע ווײַלע. דער וואַסער־אָפּפלוס פון די צעהאַקטע כוואַליעס האָט אים צוריק דער־ווייטערט פון דעם אַ מאָל, אים קלאָר געמאַכט, אַז ער שטייט ביים ברעג ים אין נתניה.

ער האָט לאַנג זיך צוגעקוקט צום געלויף פון די כוואַליעס ווי זיי שווימען צו מיט כוח, צעקלאַפּן זיך מיט אַ בראַזג. דאָס געבליבענע ווי אויסגעגאָסענע וואַסער גיסט זיך צוריק אַראָפּ פון זאַמד־ברעג, אָבער שוין אָן יענער קראַפט. ער האָט אויסגעדרייט דעם קאָפּ און באַטראַכט די לענג פון ים־ברעג. זיין גוף האָט זיך אויסגעצויגן ווי ער וואָלט געליימט געוואָרן. מיט פאַרביסענע ליפּן האָט ער מיט ביידע הענט זיך געכאַפּט ביים קאָפּ און זיינע ווייעס האָבן געציטערט. אַ ביסל ווייטער פון אים האָבן זיך געבאָדן מענטשן. ער האָט נישט געזען ווער. אין איין מאָמענט האָט זיך אים געדאַכט, אַז ער האָט דערזען זיין ווייב מיטן זון און טאָכ־טער, פּונקט אַזוי ווי אַ מאָל אויפן פּלאַכן זאַמד ביים ברעג פון צאָפּאָט. אַהין פלעגט ער מיט זיין משפּחה אַרויספאָרן זומער.

ווען ער איז צו זיך געקומען, באַגריפן זיין האַלוציניאַציע, האָט ער אַ שפּרונג געטאָן אין דער זייט און מיט אַלע פיר, ווי אַ חיה, זיך גענומען דראַפּען איבער דעם שיפּוע פונעם ברעג, אַרויף, אַרויף.

ווי נאָר ער האָט דערפילט דעם אַספאַלט אונטער די פיס האָט ער זיך געלאָזט גיין מיט אימפעט ווי ער זאָל אַנטלויפן. אויף איינער פון די גאַסן האָט ער זיך פאַרהאַלטן. ער איז געשטאַנען און געטראַכט וווהין ער זאָל גיין.

— שלום! — האָט ער דערהערט נעבן זיך אַ ווייכע פרויען־שטימע.

ער האָט זיך אויסגעדרייט. עס האָט צו אים געשמייכלט גערטע, די סאָציאַלע שוועסטער פון דער מעברה. זי איז געגאַנגען מיט דראָבנע טריט, ווי זי וואָלט געוואַרט ער זאָל צו איר צוגיין. זי האָט געוווינט אין נתניה.

ער האָט צוריק אויסגעדרייט דעם קאָפּ און אַוועק ווייטער, ווי ער וואָלט זי נישט געקענט. ער האָט געפרייכט פון אויפרעגונג און זיין בליק איז געווען אַ ווילדער.

זי האָט זיך אָפּגעשטעלט און אים נאָכגעקוקט. עס האָט געדויערט ביז זי האָט געקאָנט גיין ווייטער. פריִער האָט זי געמיינט, אַז ער פּאַרט אין שטאָט צו דער אַרבעט. איצט איז זי געווען זיכער, אַז ער לויפט איבער די גאַסן.

דוד איז אַריין צו די קרינקער אָן אָטעם, דורכגעשפּאַנט דעם רעסטאָראַן־זאַל, ווי ער זאָל לויפן. ער איז צוגעפאַלן צום לעצטן טיש אין ווינקל און האַסטיק זיך אַוועקגעזעצט, ווי אַ פּולער זאַק זאָל האָבן אַראָפּגעפאַלן. ער האָט אָנגעלענט דעם קאָפּ אויף דער וואַנט, פאַרמאַכט די אויגן און געאָטעמט שווער.

אין רעסטאָראַן זענען נישט געווען קיין געסט. די ליכטשיין פון די צוויי לעמפּלעך איז געווען אַ גרינע ווי שטענדיק. אַ פּייכטער, זויערער ריח פון געקאָכטע פּעטסן און אַלקאָהאָל האָט אָנגעפילט דעם חלל.

ביי איינעם פון די טישן זענען געזעסן אַנטקעגן זיך שמחה און טוביה. איינער האָט געקוקט אויפן אַנדערן און געשוויגן. גרשון איז געשטאַנען אָן איבערגעבוי־גענער איבערן אייזשאַנק־טיש, ווי ער זאָל דרימלען. ווען דוד איז אַריין האָט טוביה געזאָגט אין שפּאַס:

— דער קאָמפּלעט איז פול.

גרשון האָט אָנגעקוקט דודן פון אונטערן שטערן. ער האָט זיך אויסגעגליכן און אַ דערשטוינטער פון דודס אויסזען אַ רוף געטאָן: „שרה!" אויך זיי ביידע, טוביה און שמחה, האָבן דערשטוינט אָנגעקוקט דודן. זיי האָבן נישט פאַרשטאַנען פאַר וואָס דוד האָט זיך נישט צוגעזעצט צו זיי.

שרה איז אַריין פון קיך און גרשון האָט צו איר געווונקען, אַז זי זאָל אַ קוק טאָן אויף דודן. אירע אויגן, וועלכע זענען אַ מינוט פריִער געווען פאַרוווּנדערט, פילן זיך אָן מיט מיטגעפיל. זיי טרעפן זיך מיט דודס טרויעריקן בליק. זיין שטערן איז געווען צעקנייטשט. די אָדערן זיינע איבער די שלייפן זענען געווען אָנגעשוואָלן.

— דוד, גענוג געחלומט! — האָט טוביה צו אים אַריבערגעשריגן, אָבער ער האָט אים נישט געענטפערט.

— קום, מירן זיך צוזעצן צו אים און אים וואַכעדיק מאַכן — האָט שמחה זיך אָנגערופן. זיי האָבן זיך אויפגעשטעלט און צוגעזעצט צו אים.

— דוד, שלאָף נישט — האָט שמחה אים געמונטערט. דודס אויגן זענען געווען גלאָזיק און פייכט.

אַלע פיר האָבן זיך איבערגעקוקט מיט באַדויער אין די בליקן און געשוויגן. שרה האָט די ערשטע זיך אָנגערופן:

— אַ מענטש מוז קאָנען זיך באַהערשן...

ערשט איצט האָט דוד, ווי אויפגעוועקט זיך פון זיין פאַרגליווערטקייט, אַ קוק געטאָן אויף איר. דער קלאַנג פון איר פרויען־שטימע האָט אים צענומען.

— איך בין שוין נישט קיין מענטש... דער גורל שפּילט זיך מיט מיר — אַ ווײַלע האָט ער אָפּגעוואַרט און ממשיך געווען — געטראָפן די שוועסטער פון דער מעברה. זי מיינט אַוודאי, אַז איך בין נישט ביי די געדאַנקען...

נאָך אַ ווײַלע שווייגן האָט ער ווידער געזאָגט:

— איך מוז אַוועק פון דער מעברה.

ער האָט אַקצענטירט וואָרט נאָך וואָרט, ווי ער וואָלט זיך אַליין געוואָלט קלאָר מאַכן זיין מצב.

— שוואַנץ, נאָר דו איינער מוזט אויסטראָגן די זאָרג פון דער פּאַסקודנער וועלט? — האָט טוביה זיך געוואָנדן צו אים מיט כעס.

דוד האָט נישט געענטפערט. ער האָט געפילט, אַז טוביהס כעס איז פול מיט רחמנות. ער האָט עס נישט פאַרטראָגן.

— איר ווילט זיך פאַרגרינגערן ס׳לעבן. אפשר דאַרף מען אַזוי, אָבער איך בין געווען אין גיהנום...

ער האָט אָפּגעזיפצט:

— אויב אַלץ איז הבל, צו וואָס לעבן?...

ס׳ווערט שטיל. אַלעמענס געדאַנקען שווימען ווייט אַוועק. די שטילקייט איז געוואָרן אימהדיק. די מענטשן האָבן געהערט זייער אייגענעם אָטעם.

טוביה האָט זיך אויפגעשטעלט. אייליק איז ער צוגעגאַנגען צום אייזשאַנק־טיש און אַ נעם געטאָן דאָס גרויסע מעסער, מיט וועלכן גרשון האָט זיך באַנוצט, און איז שנעל צוריקגעקומען. ער האָט דערלאַנגט דאָס מעסער דודן און אים אַ זאָג געטאָן מיט אַ הייזעריקלעך געלעכטער:

— נאַ, שעכט זיך!

דוד האָט פאַרגלאָצט די אויגן. די שאַרף פון מעסער האָט אים אַ בלענד געטאָן פאַר די אויגן. זיין פּנים האָט געציטערט.

— אַ בייזער חלום אויף אַלע יידישע שונאים! — האָט שׂרה אויסגעשריגן און אַרויסגענומען טוביהן דאָס מעסער פון האַנט.

ווידער איז אין רעסטאָראַן געוואָרן שטיל. איינער האָט נישט געוואַגט אַנקוקן דעם אַנדערן. מיט אַ מאָל איז דוד אויפגעשפּרונגען. ער האָט מיט דער פויסט אַ זעץ געטאָן אין טיש און זיך צעשריגן:

— איר זייט מיר נמאס... די אַרבעט איז מיר נמאס... איך וויל לעבן, ליידן... —

ער האָט ווי אויסגעשפּיגן די ווערטער, אַ וואָרף געטאָן מיטן קאָפּ, אַפּירגעלאָפן פון טיש, און מיט אימפּעט אַרויס אויף דער גאַס. קיינער האָט אים נישט געפּרוווט פאַרהאַלטן. אַלע זענען געבליבן ווי געליימט. ערשט אַ ווײַלע שפּעטער זענען אַלע אַוועק, יעדער אויף זיין אָרט, נישט זאָגנדיק קיין וואָרט.

# טו

די טעג זענען געווען העלע און דורכזיכטיקע. די זון איז שוין דערגאַנגען ביז אין דער מיט פון בלויען הימל. אומעטום ווי ווייט דאָס מענטשלעכע אויג האָט דערגרייכט, זענען די פעלדער געווען גרין, אַ העלע און טונקעלע גרינקייט,

וואָס האָט געשימערט דער זון אַנטקעגן און זיך געשפּיגלט אין איר. אַ דינער גרוילעכער שטויב האָט באַדעקט די ביימער. זיי האָבן אויסגעזען ווי זיי זאָלן זיין אַרומגעהילט מיט אַ וואָל. די אינזעקטן אין דער לופט האָבן אָן אויפהער געזשומעט און אָנגעפּילט די סביבה מיט נגינה.

ביי די רחביהס אין די צימערן איז געווען הייס. די זון־שטראַלן האָבן זיך אָפּגעשלאָגן אין די שויבן ווי זיי זאָלן זיין צעגליט. פון צייט צו צייט האָט אַ מאָנאָטאָנער מרוק פון אַ קו פונאַנדערגעריסן די שטילקייט. קינג, דער גרויסער ווייסער אייזל, ווי ער זאָל נישט וועלן אָפּשטיין פון דער קו, האָט אָפּגעענטפערט נאָך הילכיקער. ווען ער האָט זיך באַרויִקט, האָט מען געהערט ווי די הינער אין די שטייגן קוואָקען, ווי עס זאָל זיך דריוולען אַ געצויגענער ביינוול־פאָדעם.

יואל האָט צוגעטראָגן און אויפגעלאָדן אויפן וואָגן איין קאַן מילך נאָך דער אַנדערער. קינג, אַן אויסגערוטער, האָט געקאָפּעט מיט די פאָדערשטע פיס, נישט געקאָנט איינשטיין און אומרויִק געשנופט מיט זיינע צעשפּרייטע נאָזלעכער. יואל, דער הויכער ייד מיטן גלאַטיקן קאָפּ, וואָס האָט געגלאַנצט אין דער זון, ווי ער זאָל זיין אויסגעפּעטסט, האָט געטראָגן די קאַנען מילך מיט איין האַנט ווי ער זאָל האַלטן אין האַנט אַ קלייניקייט.

זיינע צוויי אייניקלעך חגי און רפי האָבן געשפּילט אויפן הויף באַולינג. יעדער באַזונדער האָט געצילט אַ הילצערנעם באַל, געוואָלט מיט אים טרעפן אַן אויס־געשטעלטע הילצערנע פיגור. יעדעס מאָל, ווען דער זיידע איז אַנטקעגנגעקומען מיט אַ קאַן מילך, האָבן די יינגלעך איבערגעריסן די שפּיל זייערע און צוגעלאָפן צו אים. זיי האָבן צוגעלייגט זייערע הענט צו דער קאַן און זענען מיט אים געגאַנגען צום וואָגן און געקרעכצט, ווי עס זאָל זיי שווער זיין: אַה! אַה! דאָס איז געווען אויך דער צייכן, אַז זיי העלפן דעם זיידן טראָגן. ביי יעדן מאָל האָט אַ שמייכל אויסגעקרימט דעם זיידנס אומעטיק פּנים.

ווען יואל האָט געבראַנגט די לעצטע קאַן מילך איז יהודה אַרויס אויפן הויף. ער האָט געטראָגן אויף זיך בלויע לייוונטענע הויזן, שווערע אַרבעטס־שיך און אַ צעכראַסטעטע האַקי־העמד. די אַרבל פון העמד זענען געווען פאַרשאַרצט. פון זיי האָבן אַרויסגעשטאַרט דיקע געזונטע הענט.

יהודה האָט אַ קוק געטאָן אויפן וואָגן, געוואָלט זען די קאַנען, צי זיי זענען אָנגעשטעלט און גוט פאַרמאַכט. ער האָט אַ זאָג געטאָן „דיאָ"! דאָס אייזל האָט אַ צי געטאָן דעם וואָגן. ער איז שוין אַרויפגעשפּרונגען אויפן וואָגן.

חגי איז אונטערגעלאָפן און אים נאָכגעשריגן:

— נעם אונדז מיט!

— שטערט נישט דעם טאַטן, ער אַרבעט שווער — האָט דער זיידע אים פאַרגעוואָרפן.

— איך וויל אים העלפן — האָט חגי זיך פאַרטיידיקט.

— קודם כל דאַרפסטו אַ סך עסן און וואַקסן — האָט דער זיידע געענטפערט.

— מאָרגן וועל איך מיט דיר אַרבעטן אַ גאַנצן טאָג — האָט חגי געוואָלט איבערצייגן דעם זיידן, אַז ער איז שוין שטאַרק.

— יאָ! יאָ! — האָט רפי, וואָס איז אינצווישן צוגעקומען, אַ זאָג געטאָן, צוגעהאָלפן חגין.

— נישט געווען קיין פּלאַץ — האָט דער זיידע געוואָלט זיי מפייס זיין און איז אַוועק צו דער אַרבעט. די יינגלעך זענען אַוועק צוריק זיך שפּילן.

די וואָגן־רעדער האָבן זיך געקאַטשעט פּאַמעלעך, ווי זיי זאָלן מעסטן דעם מרחק. קינג, דאָס אייזל, האָט געשטעלט אַ פוס נאָך אַ פוס. יהודה איז געזעסן אַן איבערגעבויגענער איבער זיך און אָפּירגעקוקט פון אונטערן שטערן. ער האָט באַטראַכט זיין דאָרף, די מענטשן באַלד אין דער פרי. אין גאַס איז געווען שטיל און עס האָט אויסגעזען ווי אויך די הייזער זאָלן זיין ליידיק פון מענטשן.

ער איז געפאָרן און איינגעאָטעמט די שטילקייט פון אַרום און די ריחות וואָס זענען געקומען פון די אַרומיקע פעלדער.

עטלעכע הייזער ווייטער אין מיטן גאַס האָבן דריי יינגלעך אויפן וועג צו דער שול געשפּילט „פּאַלאַנט״. די פּנימער זייערע זענען געווען צעפלאַמט, זייערע טשופּרינעס צעשויבערט, די העמדער זייערע צעקנעפּלט און זענען אַרויסגעהאָנגען זיי פון די הויזן. דערזעענדיק יהודהן האָבן זיי איבערגעריסן זייער שפּיל ער זאָל קאָנען אַדורכפאָרן און אינאיינעם געזאָגט אים:

— שלום, יהודה!

— שלום, חברה — האָט ער אַ צופרידענער זיי אָנגעקוקט און געפאָרן ווייטער.

ביים סוף פון גאַס האָט אַ הילכיקע פרויען־שטימע אַריבערגעשריגן צו אים פון אונטער אַ צעהאָנגענעם ליילעך:

— שלום, יהודה!

— שלום, שושנה! — האָט ער איר געענטפערט פון וואָגן, כאָטש ער האָט זי נישט געזען. ער האָט זי דערקענט לויטן קול. געוווּסט, אַז זי וווינט דאָ.

אויף דעם ליידיקן שטח איז דאָרט געשטאַנען דאָס איינציקע שמאָלע, הויכע הויז, וואָס האָט זיך אויסגעוויזן צו האָבן צוויי שטאָק. עס האָט אָבער נאָר געהאַט אַ שיפּן אויפגעהויבענעם דאַך, אונטער וועלכן עס איז געווען אַ צימער מיט אַ שיפּער סטעליע.

— שלום, יהודה! — האָט אַ דיקע שטימע פון אַ גרויס־לייביקן ייד אים באַגריסט — וואָס הערט זיך? וואָס מאַכט די משפּחה?

— נישט צו פאַרזינדיקן — האָט יהודה צו אים אַריבערגעשריגן.

— גיב אָפּ אַ גרוס אין שטוב — האָט ער נאָכגעשריגן יהודהן, וואָס האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ אויף יאָ.

יהודה האָט זיך אויסגעגליכן זיצנדיק. ער האָט שוין געהאַט דאָס דאָרף היג־טער זיך און זיך דערנענטערט צום באַרג. אויף דעם פרייען נישט פאַרבויטן שטח האָט ער דערפילט די היץ. ער איז אָפּגעפאָרן עטלעכע גוטע שפּאַן און דערפילט

אַ שאָטן וואָס איז געקומען פון אַ ווינקל און נישט דערגרייכט אים. דאָס איז געווען אַ שאָטן פון אַ הויכער, טויבער וואַנט פונעם קילהויז.

יהודה איז אונטערגעפאָרן און אַ באַפעל געטאָן דעם אייזל „אוס!". דאָס אייזל האָט זיך פאַרהאַלטן. יהודה האָט אַריבערגעוואָרפן איבער אים די לייצעס און איז אַראָפגעשפרונגען פון וואָגן. די זון איז דאָ געווען פאַרשטעלט, אַ קילקייט האָט זיך געטראָגן פון אונטער די ווענט. די לופט אַרום דעם קילהויז איז געווען פייכט. יהודה האָט זיך אומגעקוקט. דער פלאַץ איז געווען ליידיק. נאָר איין ליידיקער וואָגן, אָן אַן איינגעשפאַנט פערד איז געשטאַנען אין דער זייט. אין דער רגע האָט אַ האַרטע, הייזעריקע שטימע אויך אַ זאָג געטאָן:

— יהודה, שלום! געוואָלט דיך זען, פרעגן אַן עצה.

פאַר אים איז געשטאַנען אַ מיטלוווקסיקער ייד מיט אַן אַרויסגעשטופּטן בויך און געלער נישט ראַזירטער באָרד. יעדע האָר זיינע האָט אויסגעזען ווי אַ צופאָל פון אַ גאַנדז.

— שלום, יחזקאל, איך טראָג נאָר אַריין די מילך, זי זאָל נישט זויער ווערן. באַלד וועלן מיר רעדן — האָט יהודה אים געענטפערט.

— קום, קום — האָט יחזקאל צוזאַמען מיט יהודהן אָנגענומען אַ קאַן מיט מילך.ביידע האָבן גענומען די צוויי קאַנען, איינע אויפן אַקסל, די אַנדערע אין דער האַנט און זענען איילִיק אַריין אינעווייניק. יהודה האָט דערפילט די קעלט. די ווענט זענען געווען פייכט, דער בעטאָן־פּאָל נאַס. זיי האָבן צוגעשטעלט זייערע קאַנען צו דער רעשט שטייענדע קאַנען. עס האָט אָפּגעהילכט דער מעטאַלענער קלאַנג פון אָנגעשלאָגענע אין זיך קאַנען.

אַ גרויסער, פליישיקער קאָפּ, אַרומגעוויקלט מיט אַ שאַל, האָט זיך אַ באַוויז געטאָן אין קאָנטראָל־פענצטער.

— עזריאל, געברענגט די קאַנען מילך — האָט יהודה אַריבערגעשריגן צו אים.

— שוין פאַרשריבן — האָבן אַ שיקל געטאָן עזריאלס טיף־זיצנדיקע אויגן.

יהודה האָט מיט ביידע הענט אָנגענומען צוויי ליידיקע קאַנען פון דעם פריִער־דיקן געמעלק און גענומען גיין. יחזקאל האָט אים אַ נעם געטאָן אונטערן אָרעם און גייענדיק געפרעגט:

— איך וויל אויף דער חלקה ביי דער וואַדי פלאַנצן באַנאַנען, וואָס זאָגסטו?

יהודה האָט זיך פאַרטראַכט. ערשט אין דרויסן איז ער שטיין געבליבן.

— באַנאַנען נויטיקן זיך אין אַ סובטראָפּישער היץ — האָט ער גערעדט אין אַן איבערצייגעוודיקן טאָן — פאַרטראָגן נישט קיין ים־ווינטן.

יחזקאל האָט מיט דער האַנט געריבן זיך די נישט ראַזירטע באָרד, אַן אַנטויש־טער. ביידע זענען זיי געגאַנגען צו זייער געשפאַן. יהודה האָט אַרויפגעשטעלט אויפן וואָגן. אין דעם מאָמענט האָבן די רעדער פון יחזקאלס וואָגן זיך אַ קאָלער געטאָן.

אַ טרוקן קול, ענלעך צו אַ סקריפּ פון אַ טיר, האָט אַ רוף געטאָן:
— יהודה!

יהודה האָט נישט באַמערקט, אַז בשעת ער האָט גערעדט מיט יחזקאלן איז עזריאל געשטאַנען אין טיר און געוואַרט. איצט איז ער פּאַכענדיק מיט זיינע לאַנגע הענט צוגעקומען צום וואָגן, אָנגעלענט זיך אין אים און אַ זאָג געטאָן:

— יהודה, מען דאַרף מאַכן אַ טאָלק מיטן „כורכר".

יהודה האָט אַ קוק געטאָן אויף אים פון דער זייט, געוואָלט הערן וואָס עזריאל מיינט.

— יידן פון דער גאַנצער געגנט גראָבן ביי אונדז כורכר און פאַרקויפן אים פאַר גוט געלט אין שטאָט. פאַר וואָס זאָל אסף נישט אַליין דאָס טאָן און האָבן הכנסה — איז עזריאלס קול איצט געווען נאָך האַרטער.

— דו ביסט דאָך אין דער פאַרוואַלטונג — האָט יהודה אים געענטפערט לאַקאָניש און געוואָלט פאָרן.

— אויב דו וועסט מסכים זיין און זיך פאַרנעמען מיט דער זאַך — האָט עזריאל געוואַרט אויף תשובה.

— דו ביסט אַן אָנגעשטעלטער, פאַרנעמסט זיך מיט קהלשע ענינים, איך בין אַ פויער און וויל דערמיט נישט האָבן צו טאָן — האָט יהודה ווידער אַ מאָל געוואָלט אָוועקפאָרן.

— יהודה, עס קאָן זיין אַן אַרבעט־פּלאַץ פאַר אַ סך עולים און באַשעפטיקונג פאַר מענטשן פון דער מעברה — האָט עזריאל געפּרוווט אויף אים ווירקן.

— פאַראַן ווער עס זאָל דערפאַר זאָרגן — האָט יהודה האַסטיק אַ צי געטאָן די לייצעס. דאָס אייזל האָט אַ צי געטאָן דעם וואָגן. די רעדער האָבן זיך אַ קאָלער געטאָן.

עזריאל איז שטיין געבליבן אַ פאַרטראַכטער. אַ ווײַלע שפּעטער איז ער אַריין אין קילהויז.

יהודה איז אַרומגעפאָרן דעם באַרג פון דער צווייטער זייט, מחוץ דעם דאָרף. ער האָט נישט געוואָלט טרעפן קיין מענטשן. ער האָט געוואָלט וואָס שנעלער ענדיקן די ענינים און אַהיים פאָרן.

— אויס! — האָט יהודה אַ באַפעל געטאָן דעם אייזל. דער וואָגן איז שטיין געבליבן פאַרן אָפענעם טויער פון שפּייכלער. ער איז אַראָפּ פון וואָגן. אַ טרוקענער פאַרדומפּענער תבואה־ריח האָט אים פאַרכאַפּט דעם אָטעם. ער האָט אויסגעשטרעקט דעם קאָפּ, אַריינגעקוקט אין שפּייכלער.

— שלום, יהודה — האָט אַ געשטאַלט, געבוקט איבער אַ שויפל, אים געזאָגט.

— שלום, שלמה! — האָט יהודה אים געענטפערט און איז אַריין אין שפּייכלער.

שלמה אין אַ בלויען אָוועראָל און האַקי־קאַפּעליוש אויפן קאָפּ האָט אַרויס־געלייגט דעם שויפל פון האַנט און אַ זאָג געטאָן יהודהן:

— ביסט מיר געקומען פון הימל...

— פּאַראַן בעסערע מלאכים — האָט יהודה זיך צעלאַכט.

שלמה, אַ נידעריקער און ברייטער ווי אַ פּניאָק פון אַ בוים, האָט אַ נעם געטאָן יהודהן אונטערן אָרעם.

— קום! — האָט ער אַ זאָג געטאָן און אַריין מיט יהודהן אין אַ צימערל, וואָס איז געווען צונויפגעשטעלט פון צוויי ווענטלעך, נישט געווען קיין טיר און נישט קיין סטעליע. אין צימערל איז געשטאַנען אַ טישל מיט אַ בענקל.

— זעץ דיך — האָט שלמה אים געבעטן.

יהודה האָט זיך אַוועקגעזעצט אויפן ראַנד פון טיש מיט אויסגעצויגענע פיס, ווי ער זאָל זיך מיט זיי אָנשפּאַרן אין בעטאָן־פּאָל. שלמה האָט זיך אָנגעשפּאַרט מיט ביידע הענט אין בענקל־אָנלען.

— איך האָב באַשלאָסן — האָט ער זיך געוואָנדן צו יהודהן — אַז נאָר דו ביסט דער ייד, וואָס וועט דערליידיקן דעם ענין.

— זוכסט אַ בורר? נישט איך! — האָט יהודה קאַטעגאָריש אים אָפּגע־ענטפערט.

— ניין, אַ טובה דאַרף איך פון דיר — האָט שלמה זיך געוועוּרט.

— אַ טובה בין איך גרייט טאָן יעדן ייד.

— איך וויל, דו זאָלסט רעדן מיט מאַירין, איך בין נישט דרייסט. איך וויל איבעררייסן די אַרבעט דאָ — האָט שלמה אים געבעטן.

יהודה האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, אַז ער איז מסכים.

שלמה האָט זיך אומגעקוקט צי קיינער הערט נישט און ממשיך געווען:

— ער האָט מיר געגעבן די אַרבעט, נישט ווייל זי איז מיר געקומען, נאָר ווייל איך בין געווען פאַרשולדיקט און ער האָט געוואָלט מיר העלפן.

— נישט יעדן קאָן מען אָנטרויען די אַרבעט.

— איך ווייס, אָבער מען ווערט עלטער. די חובות האָב איך אָפּגעצאָלט און וויל זיך אָפּגעבן נאָר דער ווירטשאַפט. דער זון איז אונטערגעוואַקסן וועט ער אַרויסהעלפן — האָט שלמה זיך פאַרטרויט פאַר אים.

יהודה האָט אַ טראַכט געטאָן און אים געענטפערט:

— איך וועל רעדן מיט מאַירין, אָבער צוערשט מוז מען געפינען אַ פּאַסיקן מענטש, וואָס זאָל מאַכן די אַרבעט דאָ.

שלמה האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, אַז ער איז מסכים.

— שלמה, איך בין געקומען נעמען פינף זעקלעך געהאַקטן באָקסער — האָט יהודה אים אַ זאָג געטאָן און זיך אויפגעשטעלט.

— קום! — איז שלמה מיט אים אַוועק אין שפּייכלער.

— נעם פון דאַנען — האָט שלמה אים אַ זאָג געטאָן און מיט דער האַנט אָנגעוויזן אַ פּיראַמידע אָנגעשטאָפּלטע זעק.

— גוטע סחורה? — האָט יהודה אים געפרעגט.

— זאַפטיקער באָקסער — האָט שלמה אים געענטפערט. ביידע האָבן זיך אונטערגעשטעלט. יעדער האָט זיך אַרויפגעלייגט אויף דער פּלייצע אַ זאַק און אים

אַוועקגעטראָגן צום וואָגן. יהודה איז געגאַנגען מיט דריי זעק, שלמה מיט צוויי. ווי נאָר זיי זענען פאַרטיק געוואָרן מיטן לאַדעווען האָט יהודה געזאָגט:

— שרייב צו צום חשבון.

ער איז אַרויפגעשפּרונגען אויפן וואָגן און ער האָט אַ זאָג געטאָן:

— שלום, שלמה!

— פאָר געזונט און געדענק — האָט שלמה אים געבעטן.

דאָס אייזל האָט גערירט פון אָרט אַליין.

יהודה איז אַריינגעפאָרן אין הויף. ווי נאָר ער איז אַדורכגעפאָרן דעם אָפענעם טויער האָט ער אָנגעשטעלט זיין געהער. דאָ, ווי אין דער גאַס, איז די לופט איצט געווען אָנגעגליט, אָבער דאָ האָט ער געהערט דעם פליגל־פלאַטער פון די אינזעקטן, וואָס האָבן געזשומעט אין דער לופט. די שטילקייט האָט אים אַרומגענומען, איינגעגלידערט אים אין זיך. ער האָט דערפילט די ריחות פון טרוקענעם שטרוי, די מילך־זויערקייט און די שאַרפקייט פון מיסט.

יואל, אין אַ צעכראַסטעטע העמד מיט פאַרשאַרצטע אַרבל און האַקי־הויזן מיט די נאַגאַוויצעס, וואָס זענען געווען אַריינגעלאָזט אין די סקאַרפעטן, האָט מיט אַ גראַבלע אָפּגערייניקט דעם הויף. יהודה איז אונטערגעפאָרן צו אים און איז אַראָפּגעשפּרונגען פון וואָגן. יואל האָט אַ נעם געטאָן די לייצעס אין האַנט און גייענדיק ביים וואָגן האָט ער געפירט דאָס אייזל אויסלאָדענען דעם געבראַכטן באָקסער.

יהודה האָט איבערגעבויגן זיין קערפּער אויף פאָרויס און מיט אַ לייכטן טריט, ווי ער זאָל קוים באַרירן די ערד, איז ער אַוועק אויף דער וועראַנדע. די וועראַנדע האָט זיך געצויגן לענגאויס דעם עסצימער, און איז געווען פאַרגלאָזט מיט קליינע, פירעקיקע שייבעלעך. ביינאַכט ווען מען האָט אָנגעצונדן דאָרט ליכט האָט זי אויסגעזען ווי אַ גרויסער לאַמטער. אויף דער וועראַנדע איז געשטאַנען אַ לאַנגער, שמאָלער טיש און בענקלעך געפלאָכטענע פון שטרוי. דאָס איז געווען דאָס אָרט ווי די צוויי מענער, יואל און יהודה, האָבן געקאָנט זיך פריי באַוועגן כדי זיי זאָלן נישט מוזן פאַרשלומפּערן די וווינונג. אויך די אייניקלעך חגי און רפי האָבן אָפט זיך דאָרט געשפּילט.

יהודה האָט אויסגעטאָן די אַרבעטס־שיך, אָנגעטאָן די גומי־שטיוול, אַריינגעלאָזט אין זיי די הויזן־נאַגאַוויצעס און איז אַרויס צו דער אַרבעט. די הויט אויף זיין פּנים איז געווען ווי דורכזיכטיק. אַ געזונטע פרישקייט האָט געשפּראָצט פון אים. גייענדיק האָט ער אַ נעם געטאָן דעם גרויסן גאָפּל און זיך געשטעלט אַריינוואַרפן אין מיסט־גרוב דאָס פריִער אַרויסגעפירטע מיסט פון שטאַל. ער האָט געאַרבעט סיסטעמאַטיש, האָט איינגעשטאָכן דעם גאָפּל און מיט שווונג אַריינגעוואָרפן דעם וויאַכיטש מיסט אין גרוב. דער גאָפּל האָט זיך באַוויגן ריטמיש, ווי אַ ווינטמיל זאָל זיך האָבן געדרייט. טראָפּנס שווייס האָבן ווי טוי־טראָפּנס באַזעצט יהודהס ברייטן שטערן.

ווען ער האָט געענדיקט האָט ער דאָס אַריינגעוואָרפענע מיסט איבערגעדעקט מיט אַ שיכט פרישן שטרוי. די אויפגערודערטע זויערע שאַרפקייט האָט פּאַמעלעך

זיך געזעצט. יהודה האָט אָפּגעאָטעמט און אַוועק זיך וואַשן. ער האָט זיך אַרומ־געווישט מיטן האַנטעך וואָס איז געהאָנגען ביים וואַסערקראַן און זיך אויסגעגליכן. די אויגן־לעפּלעך האָבן זיך אים געקלעפּט. ער איז אַוועק צום שטרוי־שייער, אַרויפגעקראָכן און זיך אויסגעצויגן אויפן שטרוי. אַ ווײַלע שפּעטער איז ער שוין געשלאָפן.

אַ טעמפּער מעטאַל־קלאַנג האָט אים איבערגעוועקט. יואל, מיט אַראָפּגערוקטע, אונטער די לענדן הויזן, וואָס האָבן אויסגעזען ווי זיי זאָלן נאָר הענגען אויפן פּאַסיק, האָט צונויפגעטראָגן די לערע מילך־קאַנען. יהודה איז אַראָפּגעשפּרונגען פונעם שטרוי, אַ טרייסל געטאָן דעם קאָפּ, ווי ער זאָל זיך אָפּשאָקלען פון שלאָף.

— נישטאָ קיין געלעגער אין שטוב? — האָט יואל איראָניש געפרעגט און אים אָנגעקוקט פון אונטערן שטערן אָפּיר.

— מיך אָנגעפאַלן אַ שלאָף — האָט יהודה זיך פאַרטיידיקט.

— בענקסט נאָך די יינגל־יאָרן — האָט יואל אים נישט אָפּגעלאָזט.

— געכאַפּט אַ שלאָף טאַקע ווי אין די אַמאָליקע יאָרן אין שייער — האָט יהודה אים פאַרזיכערט און זיך אויסגערענקט די ביינער.

— די בנים דיינע וועלן דיר נאָכטאָן.

— דאָס וועט זיי זיכער נישט שאַדן — האָט יהודה אים פאַרזיכערט.

יואל האָט געזאָגט:

— דאָס היי איז טרוקן, ברעכט זיך אונטער די פינגער פאַרן דערלאַנגען עס.

— איך האָב אַ חשד, אַז דאָס איז פאַראַיאָריק היי. אויף משהן קאָן מען זיך נישט פאַרלאָזן. איך האַנדל נישט מיט אים גערן — האָט יהודה גערעדט מיט אַ טאָן פון פאַרביטערונג.

— איך וועל אים שוין געבן אַ פּסק. ווען איך וואָלט געוווּסט געזען וואָס פאַראַ היי ער ברענגט, וואָלט איך עס נישט צוגענומען — האָט יואל אים פאַר־זיכערט.

— אַ באָרד טראָגט ער ווי אַ בעדויִנער, אויך אין מסחר איז ער ווי זיי — האָט יהודה צוגעגעבן. ביידע האָבן געשמייכלט.

— גוט וואָס דאָס היי ענדיקט זיך שוין — איז יואל געווען צופרידן.

— דער מילך האָט עס נישט געשאַדט — האָט יהודה פעסטגעשטעלט.

יואל האָט אַ קוק געטאָן אין דער ווייט. אַ שיטערער גרוי ווי אַ פונאַנדער־געשפּרייטער פּודער האָט גענומען זיך איינזעצן אויפן האָריזאָנט. אַ טיפער מ־ו־ו־ו האָט פונאַנדערגעריסן די שטילקייט.

— זייערע אייטערס זענען פול, מען דאַרף זיי מעלקן — האָט יואל גערעדט ווי צו זיך און איז אַוועק אין שטאַל.

יהודה האָט זיך באַנעצט די הענט ביים וואַסער־קראַן און איז אויך אַוועק אין שטאַל.

די זון איז שוין געווען נידעריק. די לופט אין דרויסן האָט זיך שוין געקילט, אָבער אין שטאַל איז די לופט געווען אָנגעדראָלן מיט אַ פייכטער, זויערער דעמ־

פּיקיט. די קי, וואָס זענען געשטאַנען אין צוויי רייען פוןביידע זייטן שטאַל, האָבן געוואָרפן מיט די ווידלען און אונטערגעהויבן די פיס, אָפּגעיאָגט פון זיך די פליגן. יהודה און יואל האָבן זיך אַוועקגעזעצט אויף די מילך־בענקלעך, יעדער אין אַן אַנדערע זייט מיט אַ מילך־קיבל צווישן די קניִען.

דער ערשטער מילך־שטראָם, וואָס האָט אַ פּלייץ געטאָן אין קיבל אַריין, האָט אַ קלינג געטאָן ווי שרויטן, געוואָרפענע אויף מעטאַל. יהודה האָט געמאָלקן אַ ברוינע, ווייס־געפלעקטע קו. זי איז געשטאַנען אָנגעלענט אויף אירע הינטערשטע צעקראַטשעטע פיס און מיט אַן אויסגעשטרעקטן קאָפּ אַרויסגעגעסן דאָס היי פון אונטערן לייטער. זי האָט געוואָרפן מיטן ווידל אַ צופרידענע און נישט איין מאָל אַ שמיץ געטאָן דודן איבערן פּנים. אין צווישן האָט אַ זלידנע פליג אַ ביס געטאָן די קו אין בויך. די קו האָט האַסטיק אונטערגעצויגן איר לינקן פוס און פאַרטריבן די פליג. „אויס, נסיכה״, האָט יהודה זי באַרויִקט. די קו האָט אויסגעדרייט צו אים דעם קאָפּ, געקוקט מיט אירע פייכטע, אויסגעגלאָצטע אויגן און ווייטער געגעסן.

אַ פאַרבלאָנדזשעטער פויגל מיט פונאַנדערגעלייגטע שפּיציקע פליגל איז אַדורכגעפלויגן די שטאַל אין דער לענג און אַרויסגעלאָזט אַ דערשראָקענעם געצוויטש. אַן אָנגעפלויגענע טויב האָט אין דעם אָפענעם שטאַל־טויער געפּיקט די צעשיטע קערנער. די אַרויסגעצויגענע פון די אייטער מילך־שטראָמען זענען געפלאָסן אין די קיבלען אַריין ריטמיש, ווי אָנגעציילט איינס צוויי, איינס צוויי. די אויסגעמאָלקענע מילך האָט זיך געשוימט. דער ריח פון דער פרישער מילך, האָט זיך געמישט מיט דער דעמפּיקער זויערקייט אין שטאַל. אין די שטאַל־ווינקלען האָבן שוין געלויערט שאָטנס.

ווען יהודה האָט זיך איבערגעזעצט מעלקן די לעצטע קו אין זיין ריי האָט יואל זיך אויפגעשטעלט. ער האָט געענדיקט מעלקן די שוואַרצע „גבירה״. יהודה האָט אַ קוק געטאָן וועלכע קו ער האָט אויסגעמאָלקן, ער זאָל וויסן פון וועלכער ער דאַרף ממשיך זיין.

— מען דאַרף נאָך אַ קוק טאָן צו די הינער — האָט יהודה אַ זאָג געטאָן יואלן. ער האָט געשווינט דעם אַלטן און געוואָלט שוין אַליין ענדיקן די מעלק. יואל האָט מיט אַ פוס אונטערגערוקט דאָס מעלק־בענקעלע אונטערן זשלויב. ער האָט די מילך זיינע איבערגעגאָסן אין דער קאַן אַריין און איז אַרויס פון שטאַל.

יהודה האָט אויסגעמאָלקן די דריי געבליבענע קי. ווען ער האָט געענדיקט האָט ער זיך אויפגעשטעלט און אַריינגעגאָסן די מילך אין דער קאַן און אַוועקגעשטעלט דעם קיבל. ער האָט אַ צעפּיר געטאָן די אָרעמס, זיך אויסגערענקט און באַטראַכט די בהמות און געגומען גיין אַ טראָט נאָך אַ טראָט. די קי פון ביידע זייטן האָבן געוואָרפן מיט די ווידלען, ווי זיי זאָלן וויסן, אַז ער גייט. פון איין קו האָט ער אַראָפּגעשאַרט אַ שטרוי־שפּליטער, אַ צווייטער האָט ער אַ גלעט געטאָן דעם בויך, אַ דריטער האָט ער אַ קלאַפּ געטאָן אין פּאַשלאַדעק. זיינע פינף פינגער האָבן זיך איינגעפּרעסט אין איר פעל. אַ צעשטעלטע אויף די הינטערשטע פיס האָט איר מרוק זיך פונאַנדערגעטראָגן איבערן שטאַל און אים באַגלייט. אויך דאָס רויטע

קעלבל, וואָס איז געשטאַנען אין ווינקל, אונטער אַ צוים, האָט אויסגעשטרעקט צו אים דעם קאָפּ. ער האָט אַ גלעט געטאָן דעם קעלבל די נאָז ווי אַ קינד און איז אַרויס פון שטאַל.

ער איז געגאַנגען פּאַמעלעך און געאָטעמט אין זיך די אָנגעטראָגענע פון די פעלדער אויפגייענדיקע פרישקייט. דאָס מילדע וועטער האָט געגלעט זיין פּנים, ווי אַ פלאַטער פון אַ זומער־פייגעלע. זיין אַרבעטס־טאָג איז געווען פאַרענדיקט. פאַר־בייגייענדיק איז ער צוגעגאַנגען צום אייזל. דאָס אייזל האָט אויסגעשטרעקט דעם קאָפּ צו אים און יהודה האָט אים אַ רייב געטאָן די מאָרדע. דאָס אייזל האָט צעצויגן די נאָזלעכער און אים באַשמעקט. דעם אייזלס אויערן זענען געווען אָנגעשפּיצט.

יהודה האָט אים אַ צי געטאָן ביי אַן אויער. די פעל אויפן אייזל האָט אַ ציטער געטאָן. יהודה האָט אים אַ גלעט געטאָן זיין סאַמעט־ווייכע פעל.

— קינג! — האָט יהודה אים גוטמוטיק אַ זאָג געטאָן און איז אַוועק ווייטער.

דאָס אייזל האָט אים נאָכגעשריגן מיט אַן אויסגעשטרעקטן אין הימל אַריין קאָפּ. פון זיין אָפן, צעדזאַווערט מויל האָבן אַרויסגעשטאַרט זיינע גרויסע געלע ציין.

# טז

אַ מילד ווינטל האָט פון צייט צו צייט אַ ווייע־געטאָן דורכן אָפענעם פענצטער פון דער קיך. דער טאָג האָט שוין געגרויט, אָבער אין דרויסן איז געווען העלער ווי אין שטוב.

רינה איז אַרומגעגאַנגען אין בלויע לייוונטענע הויזן און אין אַ ווייס סוועדערל אָן אַרבל. זי איז געשטאַנען ביים טיש אין עס־צימער און זיך געפּאָרעט. זי האָט צונויפגענומען די ליידיקע טעלער נאָכן עסן. יהודה איז שטיין געבליבן הינטער איר און פון דער זייט געכאַפּט אַ קוק אויף איר. זי איז געווען שלאַנק, איר פּנים גוטמוטיק און באַחנט, כאָטש די אַרבעט אין דער מעברה האָט זי מיד געמאַכט. זיינע אויגן האָבן אַ גלאַנץ געטאָן פון פרייד. ער האָט זיך איבערגעבויגן און צוגעלייגט זיינע ליפּן צו איר אַנטבלויזטן קאַרק.

אַ צעשמייכלטע האָט זי אויסגעדרייט דעם קאָפּ און צוגעלייגט אַ באַק צו זיינער אָבער נאָר אויף אַ רגע. זי האָט נישט געוואָלט, עס זאָל ווער באַמערקן איר באַנעמען זיך. אין דער זעלבער רגע האָט חגי אים אַ רוף געטאָן:

— טאַטע, קום, זע וואָס פאַראַ הויז איך האָב אויפגעבויט.

ביידע יינגלעך האָבן אויף אַ בענקל אין דער זייט געבויט אַ פּיראַמידע פון קלעצלעך. דער פאָטער פּאָטער איז צו זיי צוגעגאַנגען.

— דאָס איז נישט קיין הויז נאָר אַ פּאַלאַץ — האָט דער פאָטער זיי גערימט.

די יינגלעך האָבן איבערגעלאָזט די קלעצלעך. זיי האָבן אַרומגעכאַפּט דעם פאָטער

און זיך געטוליעט צו אים. רינה, די מוטער זייערע, איז געשטאַנען מיט פאַר־לייגטע הענט און זיי באַטראַכט. אירע ווי̇עס האָבן געציטערט.

עס האָט זיך דערהערט אַ קלאַפּ אין טיר און זי האָט זיך געעפנט.

— שלום! — האָט אַ הייזעריק קול אַ זאָג געטאָן. די ייִנגלעך האָבן אָפּגעלאָזט דעם פאָטער און אַלע אין שטוב האָבן אָנגעקוקט דעם געקומענעם. ביי דער טיר איז געשטאַנען אַ מיטלוווקסיקער פאַרשוין מיט אַ ברייט פּנים. ער האָט געטראָגן האַקי־בגדים. די הויזן זענען געווען אַרומגענומען מיט אַ ברייטן זעלנערישן פּאַסיק און אַ קאַלפּאַק מיט אַן עמבליי, וואָס האָט פון ווייטנס אויסגעזען ווי אַ קנאָפּ.

— שמואל, קום ווייטער — האָט יהודה זיך דערפרייט מיט אים.

— איך אייל זיך, האָב נאָך ענינים צו דערליידיקן.

— וואָס האָט דיך געבראַנגט אַהער? — האָט יהודה געפרעגט.

— מירביידע האָבן היינט שמירה — האָט שמואל אים צו וויסן געטאָן און געקוקט אויף יהודהן פון דער זייט. אים האָט זיך געדאַכט, אַז יהודה וווּנדערט זיך און ער האָט גיך צוגעגעבן:

— אלי האָט געקריגן היץ. דו ביסט אין דער ריי נאָך אים.

— איך נעם זיך שוין גרייטן — האָט יהודה אַ זאָג געטאָן אים.

— וועסט קומען אין בית עם אַריין נעמען די ביקס. איך וועל דאָרט אויף דיר וואַרטן — האָט שמואל אויפגעקלערט.

— באַפעל! — האָט יהודה מיט שפּאַס אויסגערופן צום אַרויסגייענדיקן שמואל.

שמואל איז געווען אַ מושבניק אין „שחריה". די רחביהס האָבן געוווּסט ווער ער איז.

— אויפזיין אַ נאַכט נאָך אַ טאָג אַרבעט — האָט חנה אַ זאָג געטאָן פון ווייטנס און ווייטער געקנעטן דאָס טייג מיט די הענט. ביידע, סיי רינה, סיי יהודה, האָבן געהערט וואָס חנה די מוטער האָט געזאָגט.

— מאַלעש! (עס מאַכט נישט) — האָט יהודה טראַציק אַ זאָג געטאָן.

רינה איז צו אים צוגעגאַנגען ווי אויף די שפּיץ פינגער און זיך אין אים איינגעקוקט. אירע אויגן האָבן געגלאַנצט. זי האָט אויסגעשטרעקט אַ האַנט און צאַרט אַ גלעט געטאָן זיין באַק. ער האָט אויסגעדרייט דעם קאָפּ און איינגעביסן אירס אַ פינגער. „אוי" — האָט זי אַ קוויטש געטאָן און אַוועקגעכאַפּט איר האַנט. ער האָט זי אָנגעכאַפּט ביי דער האַנט, ווי ער זאָל זי איר אַרונטערדרייען און אַ קוש געטאָן איר האַלדז. זי האָט פאַרמאַכט די אויגן.

— איך גיי זיך איבערטאָן — האָט ער אָפּגעלאָזט איר האַנט. זי האָט אים אָנגעכאַפּט פון הינטערווייילעכץ און מיט תאווה אים צעשויבערט די האָר. ער האָט זיך נישט געווערט. זי איז שטיין געבליבן אַ פאַרסאַפּעטע און באַטראַכט זיין צעשויבערטן קאָפּ וואָס האָט אויסגעזען ווי אַן אָנגעוואָרפענער סטויג היי.

די מוטער האָט פאַרצויגן איר פּנים, געצוווּנגען זיך נישט צו לאַכן. זי האָט אָנגעקוואָלן פון איר טאָכטער מיטן איידעם.

— גענוג! — האָט יהודה אַ טרייסל געטאָן מיטן קאָפּ און מיט די הענט זיך צוריק אָנגעלייגט די האָר. רינה האָט אַ קוק געטאָן אויף דער מוטער ווי אַ מיידעלע וואָס האָט אָנגעבראָיעט. די מוטער האָט זיך געפּאָרעט ביי די קיכלעך, וואָס זי האָט געגרייט ווי זי זאָל גאָרנישט האָבן געזען.

— איך גיי זיך איבערטאָן — האָט יהודה נאָך אַ מאָל געזאָגט אויפן קול.

— זאָל איך דיר צוגרייטן עסן?

— אַ גפּיר מיט פּעקלעך? — האָט ער זי אַ פרעג געטאָן. ער האָט אַ לאַך געטאָן און ער איז אַריין אין זיין אַרבעטס־צימער.

רינה האָט אים באַגלייט מיט די אויגן. אין מאָמענט האָט זי דערפילט, אַז זי איז געבליבן אַליין. זי האָט אַ קוק געטאָן אויף די קינדער. זיי האָבן זיך געשפּילט און זי האָט גענומען גרייטן דעם טיש פאַרן פאָטער, אַז ער זאָל זיין געדעקט ווען ער וועט אַריינקומען.

עטוואָס שפּעטער איז יהודה צוריק אַריין אַן איבערגעטאָנענער. אויך איצט, ווי פריִער נאָך דער אַרבעט, האָט ער זיינע בגדים געלאָזט אויף דער וועראַנדע. חגי האָט אויסגעדרייט דעם קאָפּ און אַ געשריי געטאָן:

— דער טאַטע איז געוואָרן אַ גפּיר.

ער האָט אַוועקגעוואָרפן די קלעצלעך, וואָס ער האָט געהאַלטן אין האַנט און צוגעלאָפן צום פאָטער. רפי איז אים נאָכגעלאָפן. ביידע ייִנגלעך זענען שטיין געבליבן דעם טאַטן אַנטקעגן און אים באַטראַכט. ער האָט געטראָגן אַ האַקי־מונדיר און אַ זעלנערישן פּאַסיק, שווערע שיך און אַ קאָלפּאַק. ער האָט אויסגעזען נאָך מעכטיקער ווי ער איז געווען.

— דער טאַטע גייט שיסן — האָט חגי געזאָגט מיט התפעלות און ער האָט אָנגענומען דעם פאָטער ביי דער האַנט.

— חנה, אַ גוטע נאַכט!

— גיי געזונט און קום געזונט! — האָט זי אים געענטפערט. זי האָט איבער־געריסן איר אַרבעט און אים אָנגעקוקט מיט גרויסע אויגן.

רינה איז צוגעגאַנגען צו אים. זייערע בליקן האָבן זיך אַ קרייץ געטאָן. זי האָט איבערגעלייגט איר אָרעם איבער זיינע אַקסלען און נישט זאָגנדיק אַ וואָרט איז די משפּחה אַרויס פון שטוב. יואל, וואָס איז גראָד אַרויס פון דער הינערשטייג, האָט זיי געטראָפן אין הויף.

— פאַר וואָס? — האָט ער דערשטוינט געפרעגט.

— איך פאַרטרעט אַלין — האָט ער אויפגעקלערט יואלן.

— פאַר וואָס?

— ער איז קראַנק.

יואל האָט געשוויגן. יהודה האָט אים אַ זאָג געטאָן — אַ גוטע נאַכט — און באַלד צוגעגעבן:

— פאַרמאַכט די שטאַל און די שטייג אויף ביינאַכט.

פון איבערראַשונג האָט יואל אים נישט געענטפערט. ער האָט נאָר אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט אַ רעזיגנירטער און איז אַריין אין שטוב.

די משפּחה איז איבערגעגאַנגען דעם טויער. זיי זענען שטיין געבליבן אויף דער גאַס. יהודה האָט זיך אַראָפּגעבויגן צו די קינדער און יעדן אַ קוש געטאָן. ער האָט זיך אויסגעגליכן און זיי אָנגעזאָגט:

— איר זאָלט זיין גוטע קינדער, נישט אָנטאָן קיין צרות.

— יאָ, יאָ! — האָבן ביידע אינאיינעם אים פאַרזיכערט.

רינה האָט זיך צוגעקוקט און געהאַרכט. זי איז געווען רויִק אָבער אירע נאָז־לעפלעך האָבן געפלאַטערט. יהודה האָט אָפּגעלאָזט די הענט פון די קינדער און אויסגעשטרעקט די האַנט. ער האָט אָנגענומען אירס אַ זשמענע האַר און זי אַ צי געטאָן צו זיך. ער האָט איר אַ קוש געטאָן אין באַק און זי אָפּגעלאָזט. איר אָטעם איז איצט געווען צועאיילט. די קינדער האָבן געוואַרט.

— קומט, קינדער. דער טאַטע גייט אונדז היטן — האָט זי זיי אַ זאָג געטאָן. איר קול איז איצט געווען אַ פאַלצעט.

— אַ גוטע נאַכט — האָט יהודה געזאָגט און אַ קוק געטאָן אויף רינהן. זייערע בליקן האָבן זיך געטראָפן.

— גוטע חלומות! — האָט ער געזאָגט צו די קינדער און ער האָט אויפגעהויבן די האַנט מיט אַן אויסגעשטרעקטן פינגער, ווי דאָס זאָל זיין אַ סימן, און איז אַוועק.

רינה מיט די קינדער האָבן אים נאָכגעקוקט. ער האָט כסדר זיך דערווייטערט און די קינדער האָבן כסדר אים נאָכגעשריגן:

— שלום, טאַטע! — פון מאָל צו מאָל האָט ער אין גיין זיך אויסגעדרייט און זיי אַ שיק געטאָן אַ האַנט־קוש.

ווען ער איז געווען שוין ווייט, האָט רינה גענומען די קינדער ביי די הענט אַזוי ווי פריִער דער פאָטער און איז מיט זיי אַריין אין הויף. זי איז געגאַנגען מיט די קינדער, אָבער איר האָט געפעלט איצטער יהודה נעבן איר.

די האַלבע לבנה איז געווען בלאַס. זי איז געזעסן נידעריק אויפן ראַנד פון הימל, ווי זי זאָל נישט האָבן קיין כוח אַרויפרוקן זיך ווייטער. דערפאַר איז די נאַכט געווען נישט קיין פינצטערע. שמואל און יהודה האָבן געקוקט און געהאַרכט, מיט די ביקסן אין די הענט. אַרום זיי איז געווען שטיל. די פינצטערע שטילקייט איז געלעגן איבער דער סביבה ווי זי זאָל נישט האָבן קיין סוף. נאָר די קאָנטורן פון די ווייטע דעכער און די שאָטנס פון די ביימער האָבן געשטאַרט אין דער הויך און געריסן די שטילע פינצטערניש.

זיי זענען געגאַנגען און געשוויגן און מיט די אויגן גענישטערט די ווייט, באַטראַכט די שאָטנס. ביי יעדן שאָרך פון אַ בלאַט, וואָס איז אַראָפּגעפאַלן אָדער ביי אַ פליגל־פלאַטער פון אַ פויגל, וואָס איז פאַרבייגעפלויגן, צי ביי אַ קנאַק פון אַ געבראָכענע צווייג, זענען זיי שטיין געבליבן און זיך איינגעהאַרכט. אפילו ווען אַ האָז איז פאַרבייגעלאָפן האָבן זיי אים נאָכגעקוקט ביז ער איז פאַרשוווּנדן צווישן

די גראָזן. פון מאָל צו מאָל האָט אַ הונגעריקער שאַקאַל זיך צעיאָמערט און אַן אימה האָט זיך פונאַנדערגעטראָגן איבער דער סביבה.

געווען אויך שעהען ווען אפילו אַ גרעזל אָדער בלעטל האָט זיך נישט קיין ריר געטאָן אין דער סביבה. דעמאָלט האָבן זייערע אויגן גענישטערט די שטילע פינצטערניש און זייערע ליפּן האָבן געפלוישט אָפּגעהאַקטע זאַצן: „דיינע קי מעלקן זיך גוט? איך וועל מיין לבנה פאַרקויפן. איך וויל קויפן אַ סטאַדע אינדיקעס. שווער צו האָדעווען". זיי זענען באַלד שטיל געבליבן. זיי האָבן זיך דערנענטערט צו דער ריי ברושן, וואָס האָבן פון ווייטנס אויסגעזען ווי ריזן אויסגעשטעלטע אין אַ ריי. זיי זענען אָפּגעגאַנגען אַ שטיק וועג און פאַר זיי האָט זיך אַנטפּלעקט אַ ריזיקער ווי אַן אַריינגעשטופּטער אין דער פינצטער קוואַדראַט — די מעברה.

— ווען וועלן זיי ווערן אַרבעטער? — האָבן שמואלס ליפּן אַ פּלויש געטאָן.

— ווען מיר וועלן זיי אויסלערנען.

— זיי זאָלן נאָר נישט בלייבן קיין פּעדלער?

— דאָס איז אַנבאַלאַנגט אין אונדז.

— ווער האָט געזאָרגט פאַר אונדז?

— יהודה האָט נישט געענטפערט. זיי האָבן זיך דערנענטערט צו דער וואַדי. זי איז געווען נישט טיף. זיי האָבן זיך איינגעבוקט און מיט דעם ברעג שטילערהייט אַריינגעקראָכן אין איר. אונטן האָט יעדער פון זיי אַ קוק געטאָן אין זיין זייט צי עס לויערט נישט אויף זיי קיין געפאַר. ווען זיי זענען אַרויסגעקראָכן פון דער וואַדי, זענען זיי שטיין געבליבן. זיי האָבן זיך געפונען אין אַ געדיכטער פינצטערניש. אויך די האַלבע, בלאַסע לבנה איז פאַרשוווּנדן פון הימל.

אַ צייט לאַנג זענען זיי געגאַנגען לענגאויס דער וואַדי. דאָ איז די ערד געווען אַן אויסגעטריקנטע. דאָ אויף דער גרענעץ פון זייערע דאָרפס-פעלדער איז געלעגן אַ נישט-באַאַרבעטער ערד-שטח. פון דער פאַרוואָרלאָזטער ערד האָט אויך אין דער קילער נאַכט געפאַרעט אַ היץ.

— מסתננים! — האָבןביידע אין איינעם אויסגעשריגן.

— נעם שטעלונג! — האָט יהודה אַ באַפעל געטאָן.

ביידע זענען צוגעלאָפן און זיך אַרונטערגעשטעלט הינטער אַ צעצווייגטער שיקמה, אַ דורות-צעוואַקסענער בוים פון דער פייגן-משפחה.

אויף דעם אָוואַלן, ווי אַן איי, בערגל האָט זיך געפונען דאָס פאַרלאָזטע אַראַבישע דאָרף „עקל". דאָס בערגל איז געווען אַרומגעצוימט מיט אַ געדיכטן סאַברעצוים, וואָס האָט אויסגעזען ווי אַ באָרד-קאָלטן. פון איבער די „סאַברעס" האָבן אַריבערגעשטאַרט פינצטערע פאַרוואָרלאָזטע הייזקעס, וואָס האָבן אויסגעזען ווי אַלטע פאַרוואַקסענע קברים. צווישן זיי האָבן זיך געשלייכט דריי שאָטנס.

— ווער איז דאָרט?! — האָט יהודהס קול אַדורכגעשניטן ווי מיט אַ שאַרף די פינצטערניש.

אַ פייער-בליץ פון אַ שאָס, וואָס האָט צעריסן די פינצטערניש, איז געווען דער ענטפער.

ביידע, יהודה און שמואל האָבן געענטפּערט מיט פייער. דאָס איבערשיסן זיך האָט געדויערט. דער אָפּהילך פון די שאָסן האָט געריסן די שטילקייט. די פייער־בליצן פון יעדער קויל האָבן פונאַנדערגעריסן די פינצטערניש.

— אוי! — האָט יהודה אַ קרעכץ געטאָן.

שמואל האָט געהערט ווי ער איז אומגעפאַלן.

די שאָטנס זענען פאַרשווונדן. עס איז ווידער געוואָרן שטיל. שמואל האָט זיך איבערגעבויגן איבער יהודהן און אים אַ באַלויכט געטאָן מיטן לאַמטערל. ער האָט אייליק פונאַנדערגעקנעפּלט יהודהן, געזוכט זיין וווּנד. אַ דין בלוט שלענגלעלע האָט געטריפט פון זיין שלייף.

שמואל איז אויפגעשפּרונגען אַ דערשיטערטער. אַ ווײַלע האָבן זיינע אויגן געבלאָנדזשעט, געזוכט הילף אין דער פינצטער. באַלד האָט ער אויפגעהויבן און אָנגעהאָנגען אויף זיך יהודהס ביקס און איז געלאָפן אין דאָרף אַריין.

## יז

דער נאָכמיטאָג איז געווען אַ הייסער, די לופט דעמפּיק. הייסע מדבר־ווינטן ווי צונגען האָבן געלעקט, געבריט. די מענטשן אין „אסף" האָבן איבערגעריסן די אַרבעט. זיי האָבן מיט אַלע וועגן און שטעגן געאײַלט אין בית־עם אַריין.

אַרום דעם בית־עם איז געשטאַנען אַ המון מענער און פרויען וואָס האָט זיך נישט קיין ריר געטאָן. פון ווייטנס האָט דער המון אויסגעזען ווי אַ דאַמבע וואָס פאַרהאַלט. אַלע האָבן געשוויגן. איינער האָט באַטראַכט דעם אַנדערן. יעדע ווײַלע איז ווער צוגעקומען, צוגעשטעלט זיך צום המון, נישט אַרויסרעדנדיק קיין וואָרט. דער המון איז באַשטאַנען פון די מענטשן פון „אסף", פון די אַרומיקע דערפער און פון דער מעברה. די יידן פון די דערפער האָבן על פּי רוב געטראָגן האַקי־מלבושים, ווער אויסגעפּרעסטע, ווער צעקנייטשטע פון דער אַרבעט. די יידן פון דער מעברה האָבן מערסטנטייל געטראָגן טונקעלע הויזן, וואָס זענען געהאָנגען אויף זייערע פאַרצויגענע פאַסקעס. זייערע בליקן זענען געווען שטאַר.

דוד, אַן אָנגעטוענער אין האַקי־מלבושים, האָט זיך געפּונען צווישן המון. ער איז געשטאַנען מיט אַן אויסגעשטרעקטן קאָפּ ווי ער זאָל אַריבערקוקן איבער די מענטשן. דער המון האָט געשטאַרט, געטרויערט. יעדע ווײַלע האָבן פון המון זיך אָפּגעריסן עטלעכע מענטשן און זענען אַריינגעגאַנגען אין בית־העם אַריין. אין דער זעלבער צייט האָבן עטלעכע מענטשן פון המון זיך אומגעקערט פון דאָרט. דוד איז געשטאַנען אַ פאַרשטומטער, נישט געהאַט קיין לשון, ווי ער זאָל זיין צוגע־וואַקסן צו דער ערד, ביז אַ באַלייבטער, הויכער פאַרשויך, וואָס איז אַרויס פון המון און געאײַלט אין בית־עם אַריין, האָט אים אַ שטופּ געטאָן. אין דודס טונקל־

געוואָרענע אויגן טוט אַ בליץ שטוינונג, צעטומלעניש: וואָס טוט ער דאָ צווישן אַזאַ מאַסע יידן?

אין דעם הויכן און גרויען זאַל פון בית־עם מיט דער שיפער פון צוויי טיילן סטעליע איז די שטימונג געווען אַן אָנגעשטרענגטע. דער זאַל איז געווען ליידיק. אין מיטן זאַל איז אויף צוויי קאָזלעס געשטאַנען דער ארון מיטן בר־מינן. דער ארון איז געווען איבערגעדעקט מיט אַ בלוי־ווייסער פאָן. דעם בר־מינן צוקאָפּנס האָבן געברענט צוויי ליכט און האָבן געטריפט, ווי זיי זאָלן וויינען. די פלאַמען זייערע האָבן געצאַנקט און געצויגן זיך אין דער הויך.

דורך די אָפענע פענצטער האָט אַריינגעדרונגען די אָנגעטראָגענע היץ פון מדבר. חנה איז געשטאַנען אין דער זייט מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ, ווי אַן אונטער־געבראָכענער בוים. יואל איז געשטאַנען נעבן איר אַ פאַרשטאַרטער. זיין פּנים איז געווען געל און שטאַר ווי אַ מאַסקע. אַ געבוקטער האָט ער יעדע ווילע מיטביידע הענט זיך אויסגעריבן די באַקן. רינה, אין אַ בלוי לייוונט קלייד, איז געשטאַ־נען נעבן אַרון מיטן רוקן צו די מענטשן און געהאַלטן נעבן זיך חגין. דאָס יינגל האָט געטוליעט זיין קאָפּ אין דער מוטערס שויס. אירע הענט האָבן אַרומגענומען דעם קינדס פּלייצע, ווי זי זאָל אים שיצן. זי האָט איצט אויסגעזען נאָך שלאַנקער. אירע פאַרביסענע ליפּן זענען געווען ווייס, אירע אַקסלען שפּיציק.

פיר גפירים האָבן אונטערגעשטעלט די אַקסלען אונטער דעם ארון און אַרויס־געטראָגן דעם בר־מינן. דער המון האָט זיך אַ וויג געטאָן ווי די אָנגעטראָגענע היץ זאָל אים האָבן אַ סמאַלע געטאָן. אַלעמענס אויגן האָבן באַגלייט מיט די בליקן דעם ארון. די גפירים מיט פאַרברענטע פון דער זון פּנימער, אויף וועלכע די הויט האָט זיך געשיילט, האָבן אַרויפגעשטעלט דעם ארון אויפן טענדער. זיי האָבן זיך אַוועק־געזעצט אין צווייען פון ביידע זייטן מיט די ביקסן ביי די פיס. דער טענדער האָט גערירט פון אָרט.

דער טענדער איז געפאָרן פּאַמעלעך, דער המון איז באַכגעגאַנגען ווי ער וואָלט זיך געטרעטן אויף די פיס. רינה האָט געפירט חגין ביי דער האַנט. הינטער זיי, פאָרן המון, איז געגאַנגען יואל מיט חנהן. יואל איז געגאַנגען אַ געבוקטער, דעם קאָפּ אַריינגעלאָזט אין די אַקסלען. זיינע אויגן האָבן געקוקט ווי דורך אַ בעלמע. חנה האָט אים געהאַלטן אונטערן אָרעם, אָנגעלענט זיך אויף אים. איר פּנים איז געווען אויסגעצויגן און האָט קאָנוולסיוו געציקט. דער המון האָט זיך געוויגט אין גיין, ווי ביימער צעוויגטע אין אַ שטורעם. זיי זענען געגאַנגען און געשוויגן. די גלייזיקע היץ האָט געבריט. אַן אימהדיקע שטילקייט איז מיטגעגאַנגען מיטן המון און באַגלייט דעם בר־מינן. מען האָט נאָר געהערט ווי דאָס איינגעטרעטענע מיט די שיך זאַמד איבערשיט זיך און דעם לייוונטשאָרך פון די מלבושים, וואָס האָבן געריבן איינס אין אַנדערן.

דער בית־עלמין האָט זיך געפונען אויפן ראַנד פון באַרג אין די דאָרפס־פעלדער און איז געווען שוין איינגעגראָבן אין דער באַרג־שטייל. אַ קורצע שמאָלע אַלייע פון יאַסמין־ביימער אין איין זייט און אַקאַציע־ביימער פון דער צווייטער

זייט, האָט געפירט צום בית־עלמין. יעדע ריי קברים האָט געהאַט איר פלאַך. די קברים־פלאַכן זענען געווען געשטאַפּלט ווי אַ שטיגן־גאַנג. דער בית־עלמין איז נישט געווען אָפּגעצוימט.

די גפירים האָבן צוגעטראָגן דעם ארון צום אָפֿענעם קבר. די טהרה איז געמאַכט געוואָרן פריִער אין בית־עם אין אַ זייטיק צימערל. די טעראַסעס מיט די קברים האָבן אויסגעזען ווי אַן אַמפיטעאַטער. די ערשטע טעראַסע פלאַך פון רעכטס איז געווען דאָס אָרט ווו מען האָט קובר געווען די אומגעקומענע אויף „קידוש השם". עס זענען שוין געווען דאָרט צוויי קברים. איבער זיי איז געוואַקסן אַן אָלעאַנדער. יהודהס קבר איז געווען דאָס דריטע. דער המון האָט אַרומגע־רינגלט דאָס אָפֿענע קבר מיטן ארון. אַ פאַרגליווערטע אימה, איז געהאַנגען איבער אַלעמען און איבער דער גאַנצער סביבה. די היץ האָט געגליט און געבריט די מענטשן, ווי זי זאָל זיי וועלן צעשמעלצן. די מענטשן האָבן געאָטעמט מיט אָפֿענע מײַלער און געשטיקט אין זיך דעם ווייטאָג. ס'האָט זיך געפילט אַן אַנגעזענקטקייט פון די פאַרסמאַליעטע אין דער היץ גרעזער. איבערגעשראָקענע יאַשטשערקעס זענען פאַרבייגעלאָפן און פאַרפאַלן געוואָרן צווישן די קברים. זומער־פייגל האָבן געפלאַטערט אין דער אָנגעגליטער לופט. די קוסטעס און ביימער אויפן בית־עלמין האָבן געשטאַרט, געלעכצט נאָך אַ ביסל פייכטקייט.

מיט אַ מאָל האָט זיך דערהערט אַ הוילער קלאַפּ פון אַן אַראָפּגעלאָזטער משא. די גפירים האָבן אַראָפּגעלאָזט דעם בר־מינן אין קבר. דער המון האָט אויס־געשטרעקט די קעפּ. אַלעמענס אויגן האָבן זיך אַ ווענד געטאָן צום קבר און פאַרהאַלטן דעם אָטעם.

— „מיכתם לדוד. שמרני אל כי חסיתי בך" — האָט מאירי אַ זאָג געטאָן. ער האָט דעם ספר געהאַלטן אין די הענט ווי ער זאָל זיך אָנלענען אויף די עלנבויגנס און נישט הענגען אין דער לופט. זײַן קול האָט געציטערט און זײַן בויך איז אים אײַנגעפאַלן. רינה האָט געהאַלטן אַרומגענומען די מוטער, זי זאָל נישט פאַלן און אַליין זיך אָנגעלענט אויף איר. די מוטער האָט שטיל געוויינט. רינהס אויגן זענען געווען טרוקן. יואל האָט מיט ביידע הענט געהאַלטן חגין, ווי ער זאָל אים איבער־דעקן, אים שיצן. יואלס ליפּן האָבן געציטערט, זײַן פּנים האָט געפלאַמט און ער האָט שווער געאָטעמט.

— „ה' מימיני בל־אמוט" — האָט מאירי ווייטער געזאָגט. דער אָפּהילך פון דער געוואָרפענער אין קבר ערד האָט באַגלייט מאיריס בעטן. די מענטשן האָבן געשטאַרט און געהאָרכט, ווי זיי זאָלן ציילן יעדע געוואָרפענע אין קבר אַריין שויפל ערד. דער אָפּהילך איז געווען אַן אימהדיקער.

מיט אַ מאָל איז שטיל געוואָרן. אויך די שטילקייט איז געווען אַן אימהדיקע. די שטילקייט האָט פאַרשלונגען די בליקן פון די מענטשן אָבער זיי צוגעשמידט צום פרישן אָנגעשיטן קבר. דער „בולבול", אַ גרויער זינג־פויגל מיט אַ שוואַרצן קאָפּ און ווײַדל און געלן בויך, וואָס איז געשטאַנען אויף אַ קוסט האָט זיך צעזונגען. אַ וואָרנע איז פאַרבייגעפלויגן מיט אַ קראַקעריי. יואל האָט גענומען דאָס

אייניקל אויף דער האַנט און שאָקלענדיק זיך מיט אים צוזאַמען געזאָגט וואָרט נאָך וואָרט: „יתגדל ויתקדש שמיה רבא”. יואלס יעדעס וואָרט איז געווען אַ קרעכץ. ער האָט נישט פאַרגאָסן קיין טרער, אָבער זיין קול האָט געציטערט, געוויינט. די מענער האָבן פאַרקריצט די ציין און געביסן די ליפּן. פרויען האָבן געפּינטלט מיט די אויגן, נישט געוואָלט וויינען, געווישט זיך די נעז און דאָך זענען זייערע אויגן געווען פייכט.

אַ דאַרע, הויכע פרוי מיט אַ טיכל אַרומגעבונדן דעם קאָפּ האָט אַ קרעכץ געטאָן: אוי! און זיך צעוויינט אויפן קול.

דוד, וואָס איז געשטאַנען נעבן איר, האָט שנעל זיך צוגעבויגן צו איר, ווי ער זאָל איר אַ קוק טאָן אין די אויגן און זי געטרייסט:

— ער איז געקומען צו קבר ישראל אַנדערש ווי אונדזערע מיליאָנען דאָרט.

די פרוי האָט אים אָנגעקוקט מיט פאַרוויינטע אויגן און צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ.

— „אל מלא רחמים” — האָט מאירי ממשיך געווען. זיין קול איז איצט געווען הייזעריק, מיד. נאָך יעדן פסוק האָט ער אָפּגעוואַרט, געשטאַרקט זיך, ער זאָל קאָנען זאָגן ווייטער. אויף רינהס פאַרלאַנג האָט מען דעם בר־מינן נישט מספּיד געווען.

לאַנג, לאַנג איז דער המון געשטאַנען, ווי די מענטשן זאָלן נישט האָבן וווהין צו גיין. רינה איז געשטאַנען אַ געבוקטע איבער דעם פרישן קבר און געוויינט. אירע טרערן האָבן געקאַפּעט אויף דעם פריש־אָנגעשיטן בערגל ערד וואָס האָט פאַרדעקט איר יהודהן. די זון האָט שוין געטריקנט די ערד.

— רינה — האָט דער פאָטער איר שטיל אַ זאָג געטאָן.

זי האָט אים אָנגעקוקט דורך אירע טרערן. אויך זיינע אויגן זענען איצט פייכט געוואָרן. זי האָט זיך אויסגעדרייט, האָט אָנגעקוקט דעם המון וואָס האָט געוואַרט און האָט זיך געלאָזט גיין מיט קליינע טריט.

יואל האָט איבערגעהאַנגען זיך דאָס אייניקל איבער דער פּלייצע און אַ זאָג געטאָן: „חנה, קום!”. זיי זענען געגאַנגען הינטער דער טאָכטער. אויך דער המון האָט גענומען זיך פונאַנדערגיין.

# יח

דער הימל איז געווען גרוי און פלאַך. די וואָלקנס זענען געווען טונקעלע און געדיכטע. שאַרפע ים־ און בערג־ווינטן האָבן געטריקנט די לופט. זי איז געווען געדיכט און קאַלט. דער האָריזאָנט איז געווען פאַרנעפּלט. איבער די בערג פון יהודה איז געלעגן אַ געדיכטער נעפּל. די נעכט זענען געווען קאַלטע. די ווינטן איבער די שטחים האָבן געיאָגט די זאַמדן, אָנגעלייגט דיונעס. די ווינטן האָבן געוואָיעט, אונטערגעהויבן דעכער און געבויגןביימער.

דער פרימאָרגן אין „אסף" איז געווען אַ לאַנגער. די גרויקייט האָט שעהן־לאַנג נישט אָפּגעטרעטן פון האָריזאָנט, איז אַ גאַנצן טאָג געלעגן איבערן דאָרף. די הייזער און ביימער זענען געווען איבערגעדעקט ווי מיט אַ וואָל. אויך די ביימער אין די פּרדסים זענען געווען גרוי, אַ שטויב האָט זיי באַדעקט. צווישן די בלעטער האָבן אַרויסגעקוקט די רייפע מאַראַנצן. טראַקטאָרן האָבן געאַקערט די אויסגעטריקנטע ערד־שטחים. די שוואַרצע פעטקייט אירע האָט געגלימערט. די מענטשן האָבן געוואַרט אויפן ערשטן רעגן.

צומאָרגנס נאָך דער שבעה, באַגינען שוין, דער טאָג האָט ערשט געגרויט און אין שטוב איז געווען נאָך פינצטער, איז רינה ליגן געבליבן מיט אויפגעריסענע אויגן. דער עול האָט זי אויפגעוועקט. זי איז אַראָפּגעשפּרונגען פון בעט און זיך אָנגעטאָן. גייענדיק זיך וואַשן האָט זי אַ קוק געטאָן צו די קינדער אין צימער, צי זיי שלאָפן. ווען יואל איז אַ געבוקטער אַריין אין קאָרידאָר האָט ער זיך אויסגעגליכן און איז שטיין געבליבן אַ פאַרגאַפטער.

רינה האָט שוין אויף אים געוואַרט. זי האָט געהאַט אויף זיך אַ ווייס אָפּגעצויגן טריקאָ־העמדל, פון אונטער וועלכן עס האָבן אַרויסגעשטאַרצט אירע ברוסטן. די בלויע לייוונטענע הויזן זענען געווען אַריינגעלאָזט אין גומענע שטיוול. איר קאָפּ איז געווען אַרומגעבונדן מיט אַ דין און קאָלירט טיכל.

— שוין אויף די פיס? — האָט דער פאָטער זי שטיל אַ פרעג געטאָן ווי ער זאָל נישט פאַרשטיין פאַר וואָס.

— דאָס לעבן דאַרף גיין ווייטער — האָט זי אים געענטפערט באַהערשנדיק זיך קוים. זי האָט געוואָלט זיך און דעם פאָטער פאַרלייכטערן די פיין.

— יאָ, יאָ — אין דעם פאָטערס קול געווען פול מיט צער.

— טאַטע — האָט זי אַ זאָג געטאָן, אָבער נישט געקאָנט ממשיך זיין.

דער טאַטע האָט זיך אָנגעלענט אין דער וואַנט. זיינע שלייפן האָבן אים געהאַמערט.

— אַלע זענען געקומען אונדז טרייסטן, אָבער דער צער איז אונדזערער — זי האָט ערשט איצט פאַרענדיקט וואָס זי האָט געוואָלט אים זאָגן פריִער. אירע ליפּן האָבן געציטערט.

דער פאָטער האָט זיך צוגעבויגן צו איר:

— טאָכטער, דו ביסט פון שטאָם! — ער האָט זי צוגעדריקט צו זיך און אַנטשלאָסענע זענען ביידע אַרויס אין הויף.

רינה שפּאָרט זיך נישט אין דער אַרבעט. זי אַרבעט פון באַגינען ביז שפּעט. די אַרבעט מילדערט אירע ליידן. זי האָט ווייניקער צייט צו טראַכטן. דער פאָטער פאַרטרעט יהודהן אין דער אַרבעט, זי דעם פאָטער אין זיין פריִערדיקער אַרבעט. זי מעלקט, פּוצט און גיט עסן די קי. נישט איין מאָל ווען אַ קו דערפילט אירע פינגער אויף זיך אָדער איר נאָענטקייט, גיט איר פעל אַ ציטער. אָפט דרייט אַ קו אויס דעם קאָפּ און קוקט זי אָן מיט אירע תמימותדיקע אויגן, אָבער ווען אַ קו גיט אַן אויסגעבענקטן מרוק, גיט רינה איר נישט קיין גלעט. זי וויל קיינעם נישט

שענקען קיין ליבע. אויך ווען זי גייט אַריין אין שטייג צו די הינער און זיי צעלייגן די פליגל, ווי זיי זאָלן צו איר פליִען און זיי קוואָקען זיך פונאַנדער, ווי זיי זאָלן צו איר רעדן, ווירקט עס נישט אויף איר. עס פּאַסירט ווען זי קומט אַריין אין שטייג אַז זי בלייבט שטיין. די ווייסקייט פון דער הינער־סטאַדע גיט איר אַ בלענד. זי איז איינגעהאַלטן. זי גיט זיי וואַסער, שיט זיי אויס קערנער, נעמט צו פון זיי די אייער, קוקט זיך אום, צי אַ הון בלוטיקט נישט און גייט אַוועק.

זי אַרבעט, ליידט און שווייגט. אָפּט רייסט זי איבער די אַרבעט, בלייבט שטיין און קוקט זיך אום. איר דאַכט זיך, אַז יהודה געפינט זיך נעבן איר. נישט איין מאָל גייט זי איבערן הויף און זי האָט דאָס געפיל, אַז ער גייט איר נאָך. אָפּט, אַז זי איבערלייגט זיך ווי אַזוי זי זאָל טאָן די זאַך, ענטפערט זי זיך איר באַשלוס און זי איז איבערצייגט, אַז אַזוי האָט ער איר געהייסן טאָן. זי פלעגט דעם איזביסקוס־פלויט, דעם גראָז־דיוואַן פאַרן הויז און די איריסן און היאַצינטן אינעם בלומען־קלאָמב, וואָס יהודה האָט אַזוי גערן געהאַט. יעדעס מאָל ווען זי איבערצייגט זיך, אַז זי איז אַליין, אַנטלויפט זי אין שטוב אַריין.

נישט איין מאָל ביינאַכט, ווען די קינדער שלאָפן שוין, שפּרייט זי פונאַנדער אַ דעק אונטערן מילגרוים־בוים און זעצט זיך אַוועק. דאָ איז זי געזעסן מיט יהודהן אין די ערשטע צייטן פון זייער באַקאַנטשאַפט. זי אָטעמט איין זיך די נאַכט־פייכטקייט און ער זיצט נעבן איר.

זי טוט אַלץ, אָבער ווי אין אַ טשאַד. איר פּנים איז אָנגעצויגן און געגליוורט. אַפילו ווען זי אַרבעט צוזאַמען מיטן פאָטער רעדט זי נאָר דאָס נויטיקסטע: „לבנה איז קראַנק, זי עסט נישט, די מילך איז היינט פעט, דאָס שטרוי איז טרוקן". דער פאָטער אַרבעט איבער די כוחות, זי זעט עס. זי באַמיט זיך אים העלפן ווי ווייט עס איז מעגלעך.

זי האָט זיך נישט געשפּאָרט אין דער אַרבעט, זי האָט געוואָלט פאַרגרינגערן דעם פאָטער און דערהאַלטן די ווירטשאַפט אין וועלכער יהודה האָט אַריינגעלייגט אַזוי פיל מי. אָפּט, ווען דער פאָטער האָט זיך פאַרהאַלטן אין פעלד ביים אַראָפּ־נעמען די ירקות אָדער ביים ברענגען די פּאַשע פאַר די בהמות, האָט זי זיך אַוועקגעשטעלט רייניקן דעם שטאַל אָדער אונטערבעטן די קי. אירע כוחות זענען אָבער געווען באַשרענקטע.

אויך דער פאָטער האָט געזען ווי זי האָרעוועט און געוואָלט איר פאַרלייכטערן. פון צייט צו צייט האָט ער, נישט אָנזאָגנדיק איר, באַשטעלט אַן אַרבעטער צו עטלעכע שווערע אַרבעטן: ברענגען אין אָרדענונג די מיסט־גרוב, אויסרייניקן די ווינקלען אין שטאַל, אָפּשטאַפּלען דאָס אַראָפּגעפאַלענע שטרוי און אָפּרייניקן דעם הויף. זי האָט אויסגעמיטן דעם אַרבעטער, אַרומגעגאַנגען אים פון ווייטן. זי האָט נישט געוואָלט זיך מיט אים טרעפן. זי האָט אויסגעקוקט די מינוט, דער פרעמדער זאָל שוין אַוועקגיין. זי איז געווען פול מורא, אַז דער פרעמדער זאָל נישט בלייבן אַרבעטן, פאַרנעמען יהודהס אָרט.

שוין מיט דעם קאַיאָר האָט יואל אויפגעריסן די אויגן. ער איז אַראָפּ פון

בעט און שנעל זיך אָנגעטאָן. ער האָט אָפּגעוואַשן די הענט און זיך אָפּגעצוואָגן דאָס פּנים. ער איז אַרויס אין הויף. זיין ערשטע אַרבעט איז געווען אַרום די קי. ער האָט זיי געגעבן עסן, זיי געמאָלקן, גערייניקט און אַוועקגעפירט די מילך. ווען ער האָט זיך אומגעקערט האָט ער גערייניקט די שטאַל. ער האָט זיך געפּעדערט, געוואָלט אַלץ באַווייזן, אָבער די ביינער האָבן אים ווי געטאָן און ער האָט געפילט די געלענקען, ווי ער זאָל זיין נאָך אַ קרענק.

ער האָט געאַרבעט און געשוויגן, געדריקט אין זיך דעם צער. נישט נאָר די אַרבעט איז איצט געווען איבער זיינע כוחות שוין. אים האָט אויסגעפעלט יהודה. ער האָט נישט געהאַט מיט וועמען זיך שואל עצה זיין און איבערשמועסן די ענינים. נאָר די קי, ווען ער האָט זיך מיט זיי מטפּל געווען, האָבן אויסגעדרייט די קעפּ און תמימותדיק אים אָנגעקוקט מיט זייערע גרויסע פייכטע אויגן און פון זייערע מיילער האָט גערונען גאַווער. אַפילו קינג, דאָס אייזל, ווען ער איז צוגעגאַנגען צו אים, האָט אויסגעשטרעקט דעם קאָפּ, פאַרשאַרצט די ליפּן, געוויזן אים זיינע גרויסע געלע ציין און אים באַניוכעט.

יואל האָט פאַרלוירן דעם בויך, די באַקן זענען אים איינגעפאַלן, די באַקנבערד זיינע זענען געוואָרן ווייס. זיינע גלידער זענען ווי איינגעשרומפּן. ער דער קאָר־פּולענטער ייד איז איצט ווי קלענער געוואָרן. אין אַ נאָך מיטאָג האָט אַ הויכער שלאַנקער בחור שטיל אים אַ זאָג געטאָן „שלום". ער האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן און פאַרשעמט געוואַרט.

יואל מיט דער באַרשט אין דער האַנט, מיט וועלכער ער האָט געוואַשן די מילך־קאַנען אויפן הויף אונטערן וואַסער־קראַן, האָט זיך אויסגעגליכן, אים אָנגע־קוקט און אויסגערופן:

— שלום, שי.

שי האָט געטראָגן הויזן, וואָס האָבן נישט דערגרייכט זיין קנעכל, ווי זיי זאָלן זיין אויסגעוואַקסן אויף אים. ער האָט געהאַט אַ געדיכטע, שוואַרצע טשופּרינע און זיינע גרויסע אויגן האָבן געקוקט מיט אַ ווילדן בליק. אַ ווײַלע האָט שי זיך איבערגעלייגט וואָס ער זאָל זאָגן יואלן. געזען ווי ער האָט אַ וואָרף געטאָן מיטן קאָפּ, ווי ער זאָל אים פאַררייסן און האָט פאַרשטאַנען, אַז דאָס פרעגט אים יואל נאָך וואָס ער איז געקומען. ער האָט זיך פאַרלוירן און געזאָגט ווי אין שפּאַס:

— איך קאָן דיר העלפן!

יואל האָט פאַרזשמורעט די אויגן, פאַרקריצט די ציין און זיינע קינבאַקן זענען געוואָרן בולט.

— זאָג דעם טאַטן אַ יישר כוח — האָט ער זיך ווייטער גענומען צום וואַשן די קאַנען.

שי האָט אַ פאַרשעמטער אַ מורמל געטאָן „גוט" און איז אַוועק ווי אַן אָנגע־שמיסן יינגל.

יואל האָט נאָך לאַנג געוואַשן די קאַנען און געפרייכט פון אויפרעגונג און באַליידיקונג.

יואלס געשטאַלט האָט זיך איינגעבויגן אונטערן יאָך ווי אַן אַלט אַליוון־בוים, ביי וועלכן די וואָרצלען האָבן זיך אָפּגעדעקט. ער איז אויף דער עלטער געבליבן מיט די ווייבער און די קליינע אייניקלעך. די איינציקע טאָכטער, זיין גאַנץ לעבן, האָט געטרויערט, געהאָרעוועט און געשטיקט אין זיך אירע פּרויען־געפילן. זיין טרייסט זענען געווען די צוויי יינגלעך, ווי יהודה וואָלט געווען זיין זון און נישט דער איידעם.

נישט איין מאָל, אַז ער האָט איינגעזען ווי די קינדער שפּילן זיך אַן חדוה, שלייכן זיך איבער די צימערן פון בענקשאַפט נאָכן פאָטער און נישט געקענט עס אויסדריקן, איז ער שטיין געבליבן מיט אַראָפּגעלאָזטע הענט, באַדויערט זיי און טרויעריק געשאָקלט מיטן קאָפּ.

דעם פאַרגאַנגענעם אָוונט איז ער אַריין אין שטוב און די יינגלעך זענען צו אים צוגעפאַלן, געטוליעט זיך צו אים און געשוויגן, נישט זאָגנדיק וואָס זיי ווילן. זיינע אויפגעריסענע אויגן האָבן געקוקט ווי ער זאָל זיין אַ סגי־נהור און ער האָט אַ זאָג געטאָן אויפן קול:

— דער גורל פון אַ דור. דער טאַטע אַ יתום, זיינע קינדער יתומים...

אַן איבערגעשראָקענער פון זיינע אייגענע רייד האָט ער זיך אומגעקוקט צי עס האָט נישט ווער געהערט וואָס ער האָט געזאָגט. ער האָט זיך אָנגעבויגן, גענומען אויף זיך די צוויי אייניקלעך, זיי געקושט און געהאַלדזט.

יואל איז געווען מיד, אָבער פּונקט ווי אַ מאָל, ווען ער איז אַרויף אויפן באָדן און געאַרבעט מיט פליים, געוואָלט ווערן אַ באַזעסענער אויף דער ערד, אַזוי האָט ער זיך איצט געפּעדערט, אָנגעשטרענגט אַלע כוחות, ער זאָל נישט דאַרפן אָנקומען חלילה, בעטן הילף. די אַרבעטער, וואָס האָבן אים פון מאָל צו מאָל אַרויסגעהאָלפן אין דער אַרבעט, זענען געווען צייטווייליקע, געאַרבעט אויפן טאָג. ער האָט שוין געזען און פאַרשטאַנען, אַז רינה וויל נישט און פאַרטראָגט נישט קיין פרעמדן אַרבעטער־גבר ביי זיי. טראָץ דעם האָט ער נישט איין מאָל געזאָגט דעם אַרבעטער, אַז ער זאָל קומען אויך מאָרגן.

יעדעס מאָל ווען רינה האָט דערקענט דעם אַרבעטער, אַז ער האָט אויך נעכטן געאַרבעט איז זי געוואָרן נערוועז. זי האָט געשליידערט און געוואָרפן די מילך־כלים, האָט געשטופּט די קו, זי זאָל זיך אָפּרוקן, האָט געיאָגט די הינער ביים צונויפנעמען די אייער. זי האָט יעדעס מאָל אָפּגעוואָרט דעם פאָטער און אים אַ זאָג געטאָן:

— באַשטעל אים נישט מער! — און זי איז אַוועק מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן אַ פאַרשעמטע.

דער פאָטער האָט זיך איר קיין מאָל נישט קעגנגעשטעלט.

יעדער פון די מתיישבים אין דאָרף איז גרייט געווען זיי העלפן. אָפּט, אַז אַ מתיישב איז געפאָרן אין פעלד אַריין, האָט ער איינגעצויגן די לייצעס און אַריבער־געשריגן איבערן פלויט פון דעם וואָגן אַראָפּ:

— יואל, איך פאָר אין פעלד אַריין, ברענגען דיר אַ ביסל פאַשע?

יואל האָט יעדן פון זיי אַ פאַרשעמטער אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ אויף ניין און געטאָן ווייטער זיין אַרבעט. נישט זעלטן איז צו אים אַריין אַ מתיישב, געפרעגט צי ער דאַרף עפּעס פון שפּייכלער. ווען יואל האָט געזען, אַז רינה איז איבער־געאַרבעט און ער האָט געוואָלט איר אַרויסהעלפן, האָט ער געהייסן זיך ברענגען אַ זעקל צי צוויי באָקסער, אָדער קוקורוזע צי קלייען, אָבער יעדעס מאָל האָט ער אַ קוק געטאָן פון דער זייט אויפן מתיישב, וואָס פאַראַ רושם זיין הויף מאַכט אויף אים.

אָפּטער פון אַלע איז צו זיי געקומען נתניאל. יעדעס מאָל ווי נאָר רינה האָט איינגעזען, אַז ער גייט, איז זי אַריין אין דער שטייג אָדער זיך אַרונטערגעשטעלט אונטערן שייער, זי זאָל זיך מיט אים נישט מוזן טרעפן. זי האָט נישט פאַרטראָגן זיינע מאַטע, גלייזיקע אויגן און זיין פּנים, וואָס האָט נישט געהאַט קיין אויסדרוק. ער איז כסדר געקומען אָנביטן זיין הילף. אַ מאָל האָט ער פאָרגעשלאָגן: „יואל, איך פאָר אין שטאָט, דאַרפסט עפּעס דערליידיקן?” אָדער ער האָט אים אַ זאָג געטאָן: „די טעג וועל איך איבעראַקערן די חלקה ביים שטעג, אפשר אויך דיין ירקות־חלקה?”

נישט איין מאָל איז ער אַריין צו יואלן אין הויף און זיך אומגעקוקט, ווי ער זאָל באַטראַכטן דעם הויף אָבער געזוכט האָט ער רינהן. זעענדיק יואלן האָט ער אים אַ פרעג געטאָן אָדער צו וויסן געטאָן יעדעס מאָל עפּעס אַנדערש: „אַלץ איז גרייט צום קטיף. קענסט מנחמס שחורה? זי מעלקט זיך? כדאי זי נעמען פון אים”... דאָס זענען געווען תירוצים, אַז זיין קומען זאָל נישט ווערן אויפפאַלנדיק. יואל האָט אים געענטפערט העפלעך, יאָ אָדער ניין און אַ סך מאָל אַפילו אים נאָר אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ אויף ניין אָדער יאָ. ער האָט געוואָלט, אַז נתניאל זאָל וואָס שנעלער אַוועקגיין. ווי נאָר ער האָט אַ זאָג געטאָן „שלום!” האָט יואל אויפ־געהויבן די אויגן און אים נאָכגעקוקט. ער האָט גוט געוווסט פאַר וואָס און נאָך וואָס נתניאל קומט צו אים. ער האָט אָפּגעזיפצט און איז אַוועק צו זיין אַרבעט.

מיט יאָרן צוריק, ווען ביידע זענען געווען יונג, ווי נאָר רינה האָט געענדיקט און איז געוואָרן לערערין ביי זיי אין דאָרף, האָט נתניאל זיך צו איר געשדכנט. איר איז נישט געפעלן זיין אויסזען און נישט זיין פירן זיך. ער האָט געלאָזט אַרבעטן דעם טאַטן. ער אַליין האָט זיך געקהלט. מיט יעדן, וועמען ער האָט נאָר געטראָפן האָט ער איינגעטענהט וואָס מען דאַרף טאָן אין „אסף” און מען טוט נישט. ער האָט יעדן געגעבן אָנצוהערן אַז מאירי איז צוריקגעשטאַנען. אַפילו איצט נאָך, ווען ער האָט שוין געירשנט די עלטערן, האָט ער נאָך אַלץ געוואָלט ווערן אַן עסקן. ער אַליין איז שוין געווען אַ בעל־הבית, אַן אלמן און אַ טאַטע פון אַן אונטער־וואַקסנדיקער טאָכטער. ער האָט נישט אַדורכגעלאָזט קיין דאָרפס־פאַרזאַמלונג. ער האָט זיין פּלאַן, ווי אַזוי מען דאַרף אַנטוויקלען „אסף”. יעדעס מאָל גיט ער צו פאַר־שטיין, אַז מען דאַרף אַנדערש פירן ס'דאָרף ווי ביז איצט. יעדעס מאָל האָט ער פאַרענדיקט, אַז דער עולם זאָל פאַרשטיין: „צייטן בייטן זיך, מען דאַרף גיין מיט

דער צייט״ דאָס איז געווען זיין אייביקע פאָרמולע. ער האָט געוואָלט ירשענען מאירין.

דאַקעגן יואל מיט זיין משפּחה זענען געווען פון די ערשטע מתיישבים אין „אסף״. ער האָט געקענט יעדעס קינד אין דאָרף. יהודה, זיין איידעם, איז געווען איינער פון די דריי, וועלכע האָבן אָנגעפירט מיטן פּרדס. איצט איז יואל געווען באַפרייט פון דער זאָרג פאַרן פּרדס בכלל.

אין אַ טריבן בין השמשות האָט אַ דיקע גרויקייט באַדעקט דעם האָריזאָנט. אויפן ווייסן הימל האָבן זיך צונויפגעקליבן געדיכטע וואָלקנס, וואָס האָבן געדאַרפט ברענגען דעם ערשטן רעגן.

— שלום, יואל! — האָט אַ הילכיק קול זיך פונאַנדערגעטראָגן איבערן הויף. מאירי, אין אַ צעקנעפּלטן שפּענצער, מיטן אָנזעענדיקן בויך איז צוגעגאַנגען צו יואלן. ער האָט אַרויפגערוקט איבערן קאָפּ זיין ברייטן, טוכענעם קאַפּעלוש. צוויי גרויע זשמעניעס האָר האָבן אַפּירגעגליטשט זיך און זענען הענגען געבליבן ווי פּאות. יואל האָט צעשטעלט די פיס, זיך אָנגעלענט אויפן גאָפּל, מיט וועלכן ער האָט צונויפגענומען היי און געוואַרט.

— וואָס אַן אַלטער קען, דאַרף אַ יונגער זיך ערשט לערנען — האָט מאירי גוטברודעריש אַ קלאַפּ געטאָן יואלן אין דער פּלייצע.

— נישט אַזוי האָב איך געדאַרפט אָפּקומען מיין עלטער — האָט יואל אים געענטפערט און נאָך שטאַרקער זיך אָנגעלענט אויפן גאָפּל, ווי ער זאָל נישט וועלן אומפאַלן.

— יואל, קלאָג זיך נישט, דו ביסט נישט דער מענטש דערצו — האָט מאירי אים געענטפערט און אַ צופרידענער נאָך אַ זאָג געטאָן:

— רינה, שלום! — זי איז אָנגעקומען זיי אַנטקעגן.

— שלום, מאירי! — האָט זי זיך מיט אים דערפרייט. זי האָט אַוועקגעשטעלט דאָס קערבל אייער און זיך צוגעשטעלט צו זיי. זי האָט אים איצט נאָך גערנער געהאַט ווי פריִער. ער האָט דאָך אַזוי געשעצט יהודהן.

מאירי האָט זי איצט אָנגעקוקט פון דער נאָענט. ער האָט זיך מיט דער צונג אַרומגעווישט די ליפּן. ער איז נישט געווען זיכער ווי אַזוי ער דאַרף צו איר רעדן.

— וואָס הערט זיך? — האָט רינה אים אַרויסגעהאָלפן.

— מען ווערט אַלט — האָט ער אַ פאַרשעמטער געענטפערט. אין איר אָנוועזנ־הייט איז אים שווער געווען צו רעדן. ער האָט אָבער אויפגעהויבן די אויגן, זיך איינגעקוקט אין דער ווייט און געזאָגט:

— אָט קומט דער רעגן און נאָך אים דער קטיף. אַלץ איז גרייט, די אַרבעט אין פּרדס זאָל זיך אָנהייבן.

אין דער אמתן איז ער געקומען אָנזאָגן יואלן ווי עס זעען אויס די ענינים אין פּרדס, אָבער די זאַך איז אים נישט אָנגעקומען גרינג. מיטן פּרדס האָט זיך דאָך פאַרנומען יהודה. רינה האָט זיך געכאַפּט אין וואָס אים גייט און האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן. אירע באַקן זענען ווייס געוואָרן.

— מאירי, שלום! — האָט זי שטיל געזאָגט און גענומען אַ קושל אייער און גיך אַוועק.

יואל האָט פאַרצויגן די אויגן, ווי די שיין זאָל אים בלענדן. ער האָט זיך אויס־געגליכן, געבליבן מיטן גאָפּל אין האַנט, און צוריקגעהאַלטן, געלאָסן אַ פרעג געטאָן מאירין ווי עס זאָל גאָרנישט האָבן פאָרגעקומען:

— ווי זעט אויס די פרוכט?

— זאַפטיק און גרויס. אויב עס וועלן נישט זיין קיין מכשולים וועט דער פאַרדינסט זיין נישט שלעכט.

— עס איז אָנבאַלאַנגט אין אונדזערע געשוויסטער און אין די לאָרדן — האָט יואל גערעדט, ווי ער זאָל שטעלן אַ פראַגע און דערויף צוגעגעבן:

— ווייזט אויס, אַז די קרבנות אונדזערע געניגן נאָך נישט...

— איצט ווען מיר זיצן אויף דער ערד, שאַצן מיר אָפּ וואָס אונדזערע טאַטעס זענען אויסגעשטאַנען ביז זיי האָבן באַוויזן צונויפשטעלן פון מסחר ס׳ביסל חיונה — האָט מאירי גערעדט מיט אַ מילדן טאָן.

— און דאָך לאָזט מען אונדז נישט אַרבעטן במנוחה — האָט יואל געזאָגט ווי מיט פאָרוווּרף צו דער גאַנצער וועלט.

מאירי האָט אָפּגעזיפצט:

— אונדזערע אייניקלעך וועלן שוין האָבן גרינגער.

איינער האָט אָנגעקוקט דעם אַנדערן און ביידע האָבן אַראָפּגעלאָזט די אויגן. איצט האָט מאירי זיך געקלאָגט פאַר יואלן און אויך געוואָלט אים פאַרגרינגערן זיין געמיט:

— איך ווער אַלט, גוט וואָס אפרים איז אונטערגעוואַקסן, אָבער אין מיינע יאָרן נאָך האָבן צוויי טעכטער חתונה צו מאַכן און האָבן די דאָרפס־ענינים אויפן קאָפּ איז אַ ביסל צו שווער — ער האָט אָפּגעוואַרט און צוגעגעבן — געוואַרט יהודה זאָל מיך פאַרטרעטן...

יואל האָט איבערגעפּירט די לאַסט פון זיין קערפּער אויפן צווייטן פוס און, אָפּזיפצנדיק, איבערגעלייגט דעם גאָפּל אין דער צווייטער האַנט. מאירי האָט פאַר־שטאַנען, אַז ער האָט גערעדט איבעריקע רייד און גיך זיך געזעגנט:

— זיי געזונט, מען דאַרף אַרבעטן.

אַ ווײַלע איז יואל געשטאַנען, ווי ער זאָל נישט וויסן וואָס ער דאַרף טאָן, געזען אַז מאירי האָט זיך דערווייטערט, איז ער אַריין אין שטאַל.

# יט

יואל האָט זיך געפּעדערט. ער האָט בשום אופן נישט געוואָלט בלייבן הינטער־שטעליק אין דער אַרבעט; די אַרבעט האָט אים פּאַרמינערט זיינע ליידן. אין הויף איז ער געווען דער בעל־הבית, אָבער ווי נאָר ער איז אַריין אין שטוב, איז אים אָקעגנגעקומען די גרויקייט פון הינטער די צוגעלענטע לאָדנס און די אימהדיקע שטילקייט, וואָס האָט געהערשט אין די חדרים. דער טרויער איז אים נאָכגעגאַנגען. זיין קאָפּ איז געווען אַריינגעלאָזט אין די אַקסלען, זיינע גרויע אויגן גלייזיק. ער האָט ווידער אַ מאָל און נאָך אַ מאָל געשפּאַנט אַרום דעם טיש אין עסצימער און פון צער געריבן זיך איין האַנט אין דער אַנדערער. ער איז געווען זיך איבעריק אין די חדרים.

חנה, אַ פאַרפאָרעטע אין דער קיך, האָט פון מאָל צו מאָל אַ קוק געטאָן אויף אים ווי ער שפּאַנט אַרום דעם טיש. ווען עס האָט איר פאַרנומען ביים האַרץ און זי האָט שוין נישט געקאָנט מער פאַרטראָגן אויף זיין צער, האָט זי אַלס אויסרייד אים אַ פרעג געטאָן: „די הינער לייגן זיך גוט?" אָדער „נאָך וואָס איז געקומען מאירי?" און אַליין פאַרביסן די ליפּן.

יואלן איז ביי יעדער אַזאַ פראַגע געוואָרן ענג אין האַלדז ווי די טרערן זאָלן אים שטיקן. שפּאַנענדיק ווייטער האָט ער זי יעדעס מאָל אָנגעקוקט מיט טרויעריקע אויגן און ער האָט שטיל איר אַ זאָג געטאָן — „חנה". ער האָט נישט געוואָלט זי זאָל אים ענטפערן. יעדע זאַך אין שטוב האָט זיך געפונען אויפן אָרט ווי פריִער, אָבער אין יעדן ווינקל האָט געלויערט טרויער וואָס האָט זיך נאָכגעשלייכט די שטוביקע. פּאַרטאָג איז די ערשטע אויפגעשטאַנען חנה. ווען יואל און רינה זענען אַריין אין צימער איז פאַר יעדן פון זיי געווען צוגעגרייט אַן איבערגעלייגטער מיט קעז סענדוויטש און אַ טעפּל קאָכעדיקע קאַווע. זי האָט זיך געפּאָרעט אין קיך פון דער פרי ביז שפּעט. אירע הענט האָבן נישט גערוט. זי האָט זיך געאייפערט ווי אַ בין אויף אַ בליטער, פון וועלכן זי נאָגט די זאַפט. זי האָט געקאָכט, געוואַשן און גערוימט. זי האָט געזאָרגט אַלץ זאָל זיין אין דער צייט, אַז רינה זאָל נישט דאַרפן איר אַרויסהעלפן.

נאָר יהודהס אַרבעט־צימער האָט רינה גערוימט. אַ צווייטייליקע טיר האָט אָפּגעטיילט אַ חלק פונעם אויפנעם־צימער. דער חלק איז געווען יהודהס אַרבעט־צימער. אין דעם חלק פון צימער איז געווען אַ שמאָלע טיר, וואָס האָט געפירט אויף דער ווערענדע אַרויף. דאָ איז געשטאַנען אַ שרייבטיש מיט אַ בענקל, אַ שמאָלע קאָזעטקע און אַ ביכער־שאַנק איבער דער גאַנצער וואַנט. די ביכער זענען געווען איינגעשטעלט לויט די דורות. אויף איין פּאָליצע זענען געשטאַנען אַלע בענדער פון דער „התקופה". זיי האָט די מוטער מיטגעברענגט פון פוילן. אויף אַ פּאָליצע באַזונדער זענען געשטאַנען דעם פאָטערס ספרים: די משניות, אַ מדרש רבה, אַן עין יעקב, דריי תנ"כן אין פאַרשידענע פאָרמאַטן, אַ סידור, מחזורים און חומשים.

די פּאָעזיע פון ביאַליק, טשערניכאָווסקי, שימאַנאָוויטש, למדנס מסדה, אַלטערמאַנס פּזמונים און די כל מיני אַגראַר־ביכער האָבן געהערט יהודהן. רינהן האָבן געהערט די פאַרשידענע פּעדאַגאָגישע ביכער און די נייע העברעאישע ליטעראַטור. די ענגלישע „פּאָקעט״־ביכער האָבן געהערטביידן, רינהן און יהודהן. זי האָט גערוימט און אָפּגעשטויבט יעדע זאַך דאָרט מיט פּיעטעט.

רינה האָט געאַרבעט און געשוויגן. זי האָט מיט קיינעם נישט גערעדט, נישט מיט די שטוביקע און נישט מיט קיין פרעמדע. זי האָט גערעדט נאָר דאָס בייטיקסטע. אירע אויגן זענען געווען טרויעריק, די ברעמען איבער זיי זענען געווען צונויפגעצויגן, איר פּנים צעקנייטשט און זי אַליין אויסגעדאַרט. דער טרויער אין שטוב אייז געווען אַן אימהדיקער. אין דער פרייער צייט האָט יעדער זיך אָפּגעזוכט אַ ווינקל אין שטוב און זיך אַהין פאַרשטופּט מיט זיינע געדאַנקען, אָדער באַשעפטיקונג. די מוטער אַ מידע פון אַ גאַנצן טאָג האָט אין די אָוונטן אויך נישט גערוט און אויפגעפּאַסט. אַ מאָל האָט זי אַ זאָג געטאָן: „יואל, דער שלאָס ביים טויער איז פאַרזשאַווערט״ אָדער „רינה, טו זיך איבער, עס קאָן ווער אָנ־קומען. קיינער האָט איר נישט געענטפערט. אַלע האָבן געוווסט, אַז זי באַמיט זיך ווי ווייט מעגלעך נאָר אויפהאַלטן די משפּחה.

ספּעציעל האָט זי זיך פאַרנומען מיט די אייניקלעך. זי האָט כסדר אויפגע־האַרכט, צי ביי די קינדער איז רויִק. אויב זיי האָט אַ לענגערע צייט זיי נישט געהערט, איז זי געגאַנגען זען וואָס זיי טוען. אָפּט האָט זי אַ קוק געטאָן צו זיי פון וייטנס. זי האָט נישט געוואָלט זיי זאָלן זי באַמערקן. זי האָט נישט געוואָלט זיי שטערן, אָבער, ווען זי איז צו זיי צוגעגאַנגען, האָט זי יעדן דערלאַנגט אַ צוקערל און אַ גלעט געטאָן איבערן קאָפּ. זייערע לאַכעדיקע אויגן האָבן זי געטרייסט. זי האָט אָבער אַ זיפץ געטאָן און איז אַוועק צו איר אַרבעט.

זי האָט די קינדער געוואַשן, זיי אָנגעטאָן, זיי געגעבן עסן און זיי געפירט אין פרעבל־שול אַריין. רפי איז געווען דאָס יינגסטע קינד אין דער פרעבל־שול. ווען רינה איז געקומען רעדן מיט ברכהן די פרעבליסטין, אַ שלאַנקע, הויכע בחורה מיט שוואַרצע, געלאָקטע האָר און גרויסע, שוואַרצע אויגן, האָט ברכה שוין פון ווייטנס איר אַ זאָג געטאָן „שלום״ און זי איז אַנטקעגנגעקומען רינהן. זיי זענען שטיין געבליבן זיך אַנטקעגן און געשוויגן. ברכה האָט נישט געוווסט וואָס זי דאַרף זאָגן רינהן. רינה האָט אָפּגעשאַצט די לאַגע.

— איך וויל, אַז דאָס יאָר זאָלן ביידע מיינע זין זיין ביי דיר אין דער פרעבל־שול. איך דאַרף צוהעלפן דעם טאַטן — האָט זי שטיל געזאָגט און אַראָפּגעלאָזט די אויגן.

— זיכער! — האָט ברכה אייליק איר געענטפערט און אַוועקגעקוקט אין אַ זייט.

יעדער אין דאָרף איז גרייט געווען איר העלפן, אָבער עס האָט זיך נישט געלאָזט. ביידע קינדער האָבן געבענקט נאָכן טאַטן. עס איז נישט געווען ווער עס זאָל זיי אַ נעם טאָן אויף די אַקסלען און זיך מיט זיי אַדורכגיין. נישט געווען

ווער עס זאָל זיי אַרויפזועצן און צוהאַלטן, זיי זאָלן קאָנען רייטן אויפן אייזל. עס איז נישט געווען ווער עס זאָל מיט זיי שפּאַצירן איבער די פעלדער און זיי זאָגן ווי יעדעס גרעזל הייסט. חגי ווייסט, אַז זיין טאַטע איז טויט. ער געדענקט די לוויה, אָבער ער פאַרשטייט נישט פאַר וואָס מען האָט אַזוי געטאָן דעם טאַטן. רפי וואַרט, דער טאַטע זאָל צוריק קומען, אָבער ביידע יינגלעך האָבן זיך אונטער־געגעבן זייער גורל. דער טאַטע איז נישטאָ. די מאַמע אַרבעט פאַר אים.

די צוויי ברידער זענען צונויפגעלעבט. זיי עסן צוזאַם, זיי שפּילן זיך צוזאַם און גייען שלאָפן צוזאַם. זיי האָבן אויך גערן זיין צוזאַמען אין זייער צימער. דאָס צימער איז געווען נישט גרויס. עס איז דאָרט געשטאַנען אַ קרעם־געפאַרבטע צווייטירייקע שאַנק, אַ פּראָסע מיט פיר שופלעדער, צוויי הילצערנע שמאָלע בעטן און אַ טישל מיט צוויי נידעריקע בענקלעך. אַ פּאַפּירענער אַבאַזשור מיט אויס־געמאָלטע אויף אים פייגל איז אַראָפּגעהאָנגען פון דער סטעליע. אויף דער וואַנט איז געהאָנגען אַ בילדל און אויף אים דריי יינגלעך וואָס נעמען זיך אַרום. נישט איין מאָל האָט חגי אַ זאָג געטאָן רפין: „דאָס זענען מיר", אָנווייזנדיק אים מיטן פינגער אויפן בילדל. אָפּט, ווען זיי ליגן אין די בעטן און זיי וואַרטן, די מאַמע זאָל קומען, דערציילט דערוויל חגי דעם ברודער אַ מעשה אָדער פאַנטאַזיע. די מאַמע זייערע זאָגט זיי יעדעס מאָל: „אַ גוטע נאַכט, אַנגענעמע חלומות!" און דעקט זיי צו. זיי גיבן איר אַ קוש און זי לעשט אויס דאָס ליכט.

נישט איין מאָל בלייבט רינה שטיין אין מיטן צימער. איר דאַכט זיך, אַז די יינגלעך וויינען. אויך אין מיטן טאָג לאָזט זי נישט איין מאָל די אַרבעט און איילט זען וואָס די קינדער טוען אין דער פּרעבל־שול, אָבער זי גייט צו זיי נישט אַריין. זי הערט נאָר, צי אַ קינד וויינט נישט און קערט זיך אום צו דער אַרבעט. די קינדער שאַצן אָפּ די לאַגע. דער טאַטע איז נישטאָ, די מאַמע מיטן זיידן אַרבעטן. דערפאַר ווען זיי נויטיקן זיך אין עפּעס, ווענדן זיי זיך צו דער באָבע.

אין אַ נאָכמיטאָג זענען די יינגלעך אויפגעשטאַנען פון שלאָף. די באָבע האָט זיי אַרומגעוואַשן. די יינגלעך האָבן געשוויגן. פלוצים האָט חגי אַ זאָג געטאָן צו דער באָבען:

— איך האָב געזען דעם טאַטן אין חלום.

דער באָבעס ברעמען האָבן זיך צונויפגעצויגן. איר אונטערשטע ליפּ האָט אַ ציטער געטאָן און זי האָט אים פאַרשוויגן. רפי האָט נאָר באַגריפן דאָס וואָרט „טאַטע" און ער האָט זיך געוואָנדן צו דער באָבען:

— ווי לאַנג וועט דויערן ביז דער טאַטע וועט קאָנען צוריק קומען?

— נאָך אַ ביסל — האָט זי שטיל אים געענטפערט און אַ זיפץ געטאָן.

פון דער באָבען זענען די יינגלעך אַריין אין עס־צימער. דער זיידע איז געזעסן ביים טיש און גערוט. ער האָט זי אָנגעקוקט מיט טרויעריקע אויגן. ער האָט געהערט זייער געשפּרעך מיט דער באָבען. פונעם זיידנס קוק איז חגי געבליבן אַ דערשראָקענער. ער האָט זיך אויסגעדרייט און זיך אַ לאָז געטאָן לויפן צו דער באָבען וואָס איז אים שוין אַנטקעגנגעגאַנגען. רפי איז אים נאָכגעלאָפן. ביידע

יינגלעך האָבן איינגעטוליעט זייערע קעפּ אין דער באָבעס שויס. די באָבע איז מיט זיי געשטאַנען און זיי געגלעט די קעפּ. ווען זיי האָבן זיך באַרויִקט, זענען זיי פּאַמעלעך אַוועק פון דער באָבען. ביידע, דער זיידע מיט דער באָבען האָבן זיך אָנגעקוקט.ביידן איז דער צער געלעגן אויפן פּנים און ביידע האָבן זיך אומגעקוקט, צי רינה געפינט זיך נישט אין דער נאָענט און צי זי האָט נאָך נישט געהערט די קינדערס רייד.

די שעהן וואָס רינה האָט געאַרבעט אין הויף איז זי נישט געווען עלנט. איר פיזישע אָנשטרענגונג, די בעלי חיים פאַר וועלכע זי האָט געמוזט זאָרגן, דער אָפענער שטח, אין וועלכן זי האָט זיך באַוויגן האָבן פאַרלייכטערט איר געמיט. גאַנץ אַנדערש זענען אָבער געווען אירע אָוונטן. ווי נאָר זי איז אַריין אין שטוב צווישן די ווענט פון די חדרים איז זי געבליבן נאָר מיט זיך. זי האָט נישט געפילט די אָנוועזנהייט פון די קינדער און אַוודאי נישט פון די עלטערן. אַרום איר איז געווען אַ ליידיקייט, וואָס זי האָט נישט געקאָנט איבערקומען, ווי אַ תהום.

שפּעט אין אָוונט, ווען די קינדער זענען שוין געשלאָפן, איז פאַר רינהן געווען די ערגסטע צייט. דעמאָלט איז זי געבליבן מיט זיך, זי האָט נישט נאָר געפילט די ליידיקייט און שטילקייט אין די חדרים נאָר זיך אַליין. זי האָט נישט געהאַט וואָס צו טאָן מיט זיך. די שטילקייט האָט זי געמאַרשט. נישט איין מאָל איז זי אויפגעשפּרונגען פון שרעק און דערשטוינט זיך אַרומגעקוקט ווי זי זאָל וועמען זוכן. ווען זי האָט זיך באַרויִקט, איז זי מיט פּאַמעלעכע טריט אַריין אין יהודהס צימער; ווען זיי האָט אָנגעצונדן דאָס ליכט, איז זי שטיין געבליבן און זיך אַרומגע־קוקט ווי זי זאָל וועלן זען, צי עס געפינט זיך ווער אין צימער. ווען זי האָט געערוימט דאָס צימער, האָט זי מיט אייפער אָפּגעווישט דעם שטויב פון יעדער זאַך. אַז זי האָט געענדיקט, האָט זי צוגעשלאָסן די טיר און אַרויסגענומען דעם שליסל, אַז קיינער זאָל אַהין נישט אַריין.

על פּי רוב האָט זי נאָך דער אַרבעט זיך אָפּגעטושט, זיך איבערגעטאָן און נאָכן עסן, ווען די קינדער זענען געגאַנגען שלאָפן, איז זי אַריין אין אויפנעם־צימער. בדרך כלל האָט זי דאָ אָנגעצונדן אַ זייטיק ליכט און זיך אַריינגעזעצט אין אַ פאָטעל. דאָס ערשטע האָט זי זיך אַרומגעקוקט איבערן צימער יעדעס מאָל פונסניי, באַטראַכט דעם לאַנגן יוסטן טיש מיט די געבעטע בענקלעך אַרום, דעם קאָלירפולן דיוואַן אויפן פאָל, דעם בופעט אויף די אויסגעבויגענע פיס, ווי זי זאָל זיי זען דאָס ערשטע מאָל. ווי נאָר זי האָט איינגעזען די בילדער אויף די ווענט: אַן אויסבליק איבער צפת און אַ וועלדל מיט אַן איבערגעשניטענעם שטעג האָט זי פאַרמאַכט די אויגן. זי האָט נישט געוואָלט זיך צוריק אומקערן צו איר אַ מאָל, זיך דערמאָנען די אויספלוגן פון אַ מאָל, איבערהויפּט די מיט יהודהן. זי האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן, האָט זיך איינגערעדט, אַז דער אויסגעלאָשענער לאָמפּ דייט אַן איר אויסגעגאַנגען לעבן.

טיילמאָל האָט זי געפּרוווט לייענען אַ צייטונג אָדער בוך. אין דער צייטונג האָט זי געלייענט נאָר די איבערשריפטן. אינעם בוך האָט זי געמישט די בלעטער

אַהין און צוריק. זי האָט נישט געקאָנט זיך קאָנצענטרירן. כדי זיך צו באַרויִקן, האָט זי פֿאַרראָכטן אַ קינדס אַ מלבוש, אָבער נישט איין מאָל איז זי זיצן געבליבן מיט דער נאָדל אין האַנט אַ פֿאַרטראַכטע, האָט אַרויסגעלייגט דעם בגד פֿון האַנט און איז שטיל אַריין אין איר שלאָף־צימער.

יעדעס מאָל ווען זי האָט געזען דאָס דאָפּלטע ליידיקע בעט מיט די נאַכט־שענקלעך אין די זייטן, די פּירקאַנטיקע ווי אַ קאַסטן שאַנק און דעם אָוואַלן טאָאַלעט־שפּיגל, וואָס איז געשטאַנען אין דער זייט, האָט זי דערפֿילט אַן ענגקייט אין האַלדז, ווי זי זאָל זיך שטיקן. די פֿאַרטונקלטע ליכטשיין, וואָס איז געפֿאַלן פֿונעם גלעזערנעם אַבאַזשור, האָט צעגומען איר געמיט און זי איז שטיין געבליבן מיט אַראָפּגעלאָזטע הענט. שפּעטער האָט זי שטיל געעפֿנט די שאַנק און גענומען איבערהענגען יהודהס מלבושים.

נישט איין מאָל איז דער פֿאָטער איר נאָכגעגאַנגען אויף די שפּיץ־פֿינגער און פֿון ווייטן געקוקט וואָס זי טוט. ווען ער האָט דערזען, אַז זי הענגט איבער יהודהס מלבושים האָט ער פֿאַרביילט די פֿויסטן און געסאָפּעט ווי ער זאָל העשען און שטיל, זי זאָל אים נישט באַמערקן איז ער צוריק אַוועק.

די שטילקייט אין די חדרים איז געווען אַ טרויעריקע. די מענטשן אין שטוב האָבן זיך געשטיקט מיט איר. כמעט קיינער פֿון די מתיישבים האָט נישט איבער־געטרעטן די שוועל פֿון רחביהס הויז, חוץ צפּרירה און עינת. צפּרירה איז געווען אַ מיטלוווקסיקע, דיקלעכע פּרוי מיט רויטע האָר און קיילעכיק פּנים, וואָס איז געווען באַדעקט מיט זומער־שפּרענקעלעך. עינת איז געווען קאָרפּולענט, הויך און געהאַט אַ שוואַרצן, געלאָקטן קאָפּ. ביידע זענען זיי שוין געווען מאַמעס און טעכטער פֿון מתיישבים. יעדע פֿון זיי האָט שוין געהאַט אַליין אַ ווירטשאַפֿט. ביידע זענען זיי געווען רינהס שול־חברטעס פֿון איין קלאַס.

אַ סך פֿון די מענטשן אין „אסף" וואָלטן גערן אַריינגעגאַנגען צו די רחביהס, אַדורכשמועסן זיך מיט זיי און פֿאַרגרינגערן ס׳געמיט. אָבער ווער עס האָט נאָר געזען רינהן האָט אַוועקגעדרייט דעם קאָפּ אָדער אַראָפּגעלאָזט די אויגן. מענטשן האָבן פּשוט געוואָלט צו איר צוגיין, איר זאָגן שלום און פֿרעגן וואָס זי מאַכט, אָבער קיינער האָט נישט געוואַגט. די וואָס האָבן זי יאָ אַ פֿרעג געטאָן „וואָס מאַכסטו"? האָט זי געענטפֿערט מיט אַ קאָפּ־שאָקל, וואָס האָט באַדייט: „גענוג, פֿרעג מיך נישט מער". נישט געווען קיין מענטש אין דאָרף, וואָס האָט זי געטראָפֿן, ער זאָל איר נישט נאָכקוקן, זי באַדויערן. ווער עס איז פֿאַרבייגעגאַנגען זייער הויז האָט אַריבערגעקוקט איבערן פּלויט צו זיי.

נתניאל איז כמעט יעדן טאָג פֿאַרבייגעגאַנגען מיט אַ פֿאַמעלעכן טריט נעבן זייער הויז, געוואָלט טרעפֿן רינהן. ווען יואל האָט אים געזען, האָט ער זיך גענומען פֿאַרען ביי עפּעס אַן אַרבעט, אַז נתניאל זאָל אים נישט זען. ער האָט נישט געוואָלט, נתניאל זאָל ווערן מיט אים צו נאָענט.

אין אַ נאָכמיטאָג, ווען רינה האָט אונטערגעהאַלטן דעם איינגאַנגס־טויער

און דער פאָטער האָט פאַרפעסטיקט די שרויפן איז נתניאל אויסגעוואַקסן נעבן זיי ווי פון דער ערד אַרויס:

— איך וועל העלפן — האָט ער געזאָגט ווי סתם, אָבער ער האָט גערעדט צו רינהן.

— שוין געענדיקט — האָט זי אים געענטפערט. איר קול איז געווען טרוקן און זי האָט אָפּגעלאָזט דעם טויער.

יואל האָט אים אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און ער איז אַריין אין הויף.

אַ ווײַלע האָט נתניאל געשוויגן. איצט ווען ער איז געשטאַנען נעבן איר אַליין, האָט ער נישט געוווּסט וואָס ער זאָל איר זאָגן.

— וואָס מאַכט אירית? — האָט זי אים אַ פרעג געטאָן.

— אַ געלונגענע טאָכטער — האָט ער מיט שטאָלץ אַ זאָג געטאָן און באַלד דערויף געפרעגט:

— אפשר נויטיקט איר זיך אין הילף?

— מיר גיבן זיך אַן עצה — האָט זי לאַקאָניש אים געענטפערט, געזאָגט „שלום" און אַוועק.

ער האָט זיך נישט איבערגענומען מיט איר באַציִונג צו אים.

— שלום, רינה! — האָט ער איר נאָכגעשריגן.

דער פאָטער, דערהערנדיק טריט הינטער זיך, האָט זיך אומגעקוקט. זעענדיק רינהן אַליין, האָט ער אָפּגעאָטעמט.

נתניאל האָט געזען, אַז אויך איצט, אַלס אלמנה, טוט זי אים גרינגשעצן, אָבער ער האָט איר אַלץ מוחל געווען. ער האָט געשטרעבט כאָטש איצט דערגרייכן זיין יוגנט־טרוים. ער האָט אָפּט געשמועסט מיט צפירהן. ער, צפירה און עינת זענען אויך געווען שול־חברים. עינת האָט אָנגעפירט די קולטור־אַרבעט אין דאָרף, צפירה איז געווען אַן אַרבעטס־פרוי און אַ מאַמע פון צוויי זין. מיט איר איז לייכטער געווען צו רעדן.

מיט צפירהן האָט ער פאַרפירט אַ געשפּרעך ווען עס איז אים נאָר אויס־געקומען און איבער פאַרשידענע ענינים, אָבער זיין הויפּט־טעמע און בענקשאַפט איז געווען רינה. פאַר צפירהן האָט ער אויסגעגאָסן זיין האַרץ. פאַר איר האָט ער זיך דערלויבט זי באַדויערן. „אַ שאָד רינהס יונגע יאָרן. זי האָרעוועט און מאַטערט זיך און זעט נישט די וועלט פאַר זיך. זי, די קינדער און די אַלטע לייט" — פלעגט ער זאָגן מיט באַדויער. פאַר איר האָט ער זיך אויך פאַרטרויט, אַז רינהס שטאָלץ און גרינגשעצונג צו אים פאַרדריסט אים. זי איז טאַקע שיין, יונג און געבילדעט, אָבער זי פאַרשטייט נישט דאָס לעבן. אין לעבן מוז מען מאַכן פשרות, האָט ער געוואָלט איבערצייגן צפירהן.

אינעם לעצטן געשפּרעך האָט ער אויך געוואָגט זיך אַ רים טאָן:

— אויב רינה וועט מסכים זיין חתונה האָבן מיט מיר וועלן מיר פירן אַ משפּחה־לעבן, וואָס וועט זיין אַ מוסטער פאַר אַלע אין דאָרף.

— און אירית? — האָט צפירה געפרעגט.

ער האָט אויסגעשטרעקט דעם ברוסטקאַסטן און אויסגעשטייפּט דעם קאַרק און מיט חשיבות איר געגעבן צו פאַרשטיין:

— אירית פאַרשטייט, אַז איך וועל ברענגען אַ פרוי אין שטוב אַריין. זי וואָלט זיכער געוועז צופרידן ווען דאָס וואָלט געווען רינה. זי איז שוין דערוואַקסן. זיי וואָלטן געווען חברטעס.

נאָך יעדער השתפכות־הנפש אָבער כדי נישט זיין מינערווערטיק ביי צפירהן האָט ער איבערגעפירט ס׳געשפּרעך אויף דער טעמע, ווי אַזוי מאירי פירט דאָס דאַרף און ווי אַזוי מען דאַרף עס פירן. גענוי אַזוי האָט ער געגעבן איר צו פאַר־שטיין, אַז עס איז נישט וויכטיק, צי אין „אסף״ וועלן זיין נאָך הונדערט ק׳ אָדער נאָך עטלעכע טויזנט הינער. וויכטיק איז, אַז דער אונטערוואַקסנדיקער דור זאָל פאַרשטיין די אחריות אַזוי ווי אונדזער דור. יעדעס מאָל האָט ער פאַרענדיקט: „איך מוז שוין גיין, צפירה, מיר וועלן ממשיך זיין״. ער האָט אַ זאָג געטאָן איר „שלום״! און איז אַוועק.

צפירה האָט אים אויסגעהאָרכט. אַ מאָל האָט זי אים אויך אַ זאָג געטאָן אָדער געפרעגט אים אַ וואָרט. ער איז געווען זיכער, אַז צפירה שאַצט אים אָפּ. אָבער אויך צפירה האָט אים געשעצט ווי אַלע אין דאָרף. זי האָט געוווּסט, אַז ער איז נישט דער פּאַסיקער מאַן פאַר רינהן, אָבער נישט איין מאָל נאָך אַ געשפּרעך מיט אים, האָט זי אַ טראַכט געטאָן: „אפשר? אַן אלמנה מיט צוויי קליינע קינדער און אַלטע עלטערן״.

אין איינעם פון די נעכט האָט אַ דינער רעגן ווי באַזאַלצן די ערד און איז שוין געפאַלן אַ גאַנצן מעת־לעת. איצט האָבן ווילדע ווינטן פון מאָל צו מאָל איבערגעריסן דעם רעגן.

— שלום, רינה! — האָט צפירהס ווייך פרויען־קול ווי אַדורכגעריסן די אָנגעדראָלענע שטילקייט אין די חדרים. אין דער זעלבער צייט איז יואל, וואָס האָט פאַרמאַכט די טיר הינטער איר אַריין צו זיך אין שלאָף צימער.

רינה, וואָס איז ווי יעדן אָוונט געזעסן אויפן פאָטעל מיט אַ צייטונג אין די הענט, האָט אויפגעהויבן די אויגן:

— שלום, צפירה — האָט זי איר געענטפערט מיט אַ שמייכל און אַוועק־געלייגט די צייטונג — גוט וואָס דו ביסט געקומען.

צפירה האָט אַ קוק געטאָן אויף איר פון דער זייט. זי איז נישט געווען גרייט אויף אַזאַ האַרציקע באַגעגעניש.

— זעץ דיך! — האָט זי נאָך האַרציקער פאַרבעטן צפירהן.

צפירה האָט געהאַט אויף זיך אַ פּעלצל אָן אַרבל, וואָס איז געווען צעקנעפּלט. אירע רויטע האָר זענען געווען פייכטלעך. זי האָט זיך צוגערוקט אַ בענקל און זיך אַוועקגעזעצט רינהן אַנטקעגן אָבער פון דער זייט.

— גוט וואָס מען זעט אַ מענטש אַריינקומען — האָט רינה געזאָגט.

צפירהס גרויע אויגן האָבן אַ גלאַנץ געטאָן. זי האָט געוואַרט רינה זאָל רעדן ווייטער, אָבער רינה האָט, ווייזט אויס, זיך געכאַפּט, אַז זי האָט זיך פאַררעדט.

— מען לייענט, מען דרימלט און דער אָוונט פאַרגייט — האָט רינה געוואָלט, אַז צפרירה זאָל וואָס שנעלער פאַרגעסן איר אָפּנהאַרציקייט.

צפרירה האָט זי פאַרשטאַנען.

— שוין עטלעכע טעג ווי איך קלויב זיך צו דיר. קוים היינט זיך באַפרייט פון דער אַרבעט.

— פּונקט אין דעם וועטער, אָבער גוט וואָס ביסט געקומען, וועסט מיר דערציילן נייעס — האָט רינה געפּרוווט מילדערן די שטימונג.

— איך דיר? — האָט צפרירה זיך געוווּנדערט.

— איך קום דאָך נישט אין ערגעץ — האָט רינה געזאָגט מיט באַדויער.

— די צייט פאַרגייט — האָט צפרירה שטיל געזאָגט, און איר בליק אָנגע־שטעלט אַרויספאָדערנדיק אויף רינהס פּנים.

רינה האָט אַ קוק געטאָן אויף איר פון דער זייט. ביידע האָבן געשוויגן. אַ ווײַלע שפּעטער האָט רינה זיך אָנגערופן בעטנדיק:

— דערצייל עפּעס — און זי האָט זיך אַרײַנגערוקט טיפער אין פאָטעל אַריין, געוווען גרייט זי הערן.

— איך וויל זיך אַביסל אָנוואַרעמען.

— איך וועל דיר ברענגען אַ גלאָז טיי — האָט רינה איר פאָרגעשלאָגן און געוואָלט אויפשטיין.

— זיץ, איך וויל גאָרנישט — האָט צפרירה זיך געוועדט.

אַ צייט האָבן ביידע געשוויגן. די שטילקייט האָט זיי געקלונגען אין די אויערן. די קינדער און, ווייזט אויס, אויך די עלטערן זענען שוין געשלאָפן. רינה האָט געוואַרט. זי האָט פאַרשטאַנען, אַז צפרירה איז נישט געקומען סתם אין אַזאַ וועטער. זי האָט געקניקט אירן פינגער־נאָגל אין אַנדערן פון נייגעריקייט.

דאָס שווייגן איז געוואָרן אומהיימלעך פאַר ביידע.

— איך וועל באַלד גיין, געוואָלט דיך נאָר זען — האָט צפרירה זיך אַ פּרווו געטאָן.

רינה האָט זי דערשטוינט אָנגעקוקט.

צפרירה האָט דערפילט איר בליק אויף זיך. זי האָט זיך אַרומגעקוקט, צי קיינער הערט נישט און געזאָגט, ווי זי זאָל שלינגען די ווערטער:

נתיאל פרעגט זיך כסדר נאָך אויף דיר — און פון פאַרלעגנהייט האָט זי מיט דער האַנט זיך אַ גלעט געטאָן די באַק און אַראָפּגעלאָזט די אויגן. זי איז געווען נישט זיכער ווי אַזוי רינה וועט רעאַגירן.

אַ צייט לאַנג האָט רינה געשוויגן. איר פּנים איז געווען אָנגעצויגן און די באַקן ווי איינגעפאַלן.

— נישט נאָר ער, אַלע אין דאָרף פרעגן זיך נאָך אויף דיר — האָט צפרירה ווייטער גערעדט. זי האָט נישט געוואָלט, אַז רינה זאָל זי חושד זיין אין אַן אינטריגע קעגן איר.

נאָך אַ שווער שווייגן האָט רינה ענדלעך זיך אָנגערופן:

— נאָך יהודהן, שוין נישט קיינער.

צפרירה איז געבליבן זיצן אַן איבערראַשטע פון רינהס האַרטע רייד. זיי זענען געווען שטיל און קאַלט ווי אייז.

די שטילקייט אין שטוב האָט גענומען דריקן.ביידע פרויען האָבן געהערט זייער אָטעם. צפרירה האָט אַ זאָג געטאָן שטיל ווי זי זאָל נישט האָבן קיין כוח:

— מען דאַרף גיין — און זי האָט זיך אויפגעשטעלט. אויך רינה האָט זיך אויפגעשטעלט. זי איז שוין געווען באַרויִקט. ביידע פרויען האָבן אַוועקגעקוקט, ווי זיי זאָלן זיך נישט טרויען אָנקוקן. צפרירה האָט געוואָלט שוין גיין, אָבער זי האָט נישט געוווסט ווי אַזוי זי זאָל דאָס טאָן. אויך רינהן איז געווען נישט אַנגענעם. זיי זענען דאָך געווען חברטעס פון די יִינגסטע יאָרן אָן. זי האָט זיך איבערגעבויגן און אַריבערגעלייגט איר אָרעם איבער צפרירהס אַקסלען און מיט איר געגאַנגען, ווי זי זאָל זי פירן צו דער טיר. אַ צופרידענע האָט צפרירה צוגעלייגט איר באַק צו רינהס פּנים.

— שלום! — האָט רינה איר אַ זאָג געטאָן און געעפנט איר די טיר.

צפרירה האָט אַ קוש געטאָן איר אין באַק און זי אָנגעקוקט מיט אַ וואַרעמען בליק.

— קום באַלד ווידער — האָט רינה געזאָגט.

צפרירה איז געווען פול מיט באַוווּנדערונג פאַר איר שטאָלץ און פעסטער אַנטשלאָסנקייט, האָט עס איר געוואָלט זאָגן, אָבער האָט בלויז אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און איז אַרויס פון שטוב.

רינה האָט צוגעמאַכט נאָך איר די טיר און זי פאַרשלאָסן.

ווען רינה איז אַריין אין שלאָף־צימער, איז זי שטיין געבליבן מיט אַראָפּ־געלאָזטע הענט און פאַרביילטע פויסטן. זי האָט דערפילט די שווערקייט פון אירע ברוסטן און זי האָט פאַרמאַכט די אויגן. ווען זי האָט זיי צוריק געעפנט, האָט זי דערזען איר ברייט, ליידיק בעט. זי האָט אויסגעשטרעקט די הענט ווי זי זאָל אַרומנעמען דעם חלל, די שטילקייט, אין וועלכער זי האָט זיך געפונען. אַ מורא איז איר באַפאַלן. זי איז געווען אַליין. זי האָט נאָר געזען די שאָטנס אין די ווינקלען. זי האָט אויסגעשטרעקט די הענט און אויף די שפּיץ פינגער, ווי אַ סגי־נהור, אַריין צו די קינדער. זי איז שטיין געבליבן אין דער טיר. די קינדער זענען געשלאָפן. אירע אויגן זענען געווען שטאַר, אירע בליקן וואַנזיניק.

א צייט שפּעטער איז זי ווי אַ לונאַטיק אַריין צוריק צו זיך אין שלאָף־צימער.

— אוי! — האָט זי אַ קרעכץ געטאָן און זיך אַרויפגעוואָרפן אויפן בעט. אַ יאָמערלעך געוויין אָן טרערן האָט געטרייסלט איר קערפּער.

# כ

רינה האָרעוועט. זי אַרבעט, פּילט אויס איר טאָג. אירע באַוועגונגען זענען שנעלע. זי איז אויפגערעגט. נישט איין פרימאָרגן קומט זי אַרויס אין הויף פאַרן פאָטער. זי גיט אַ קוק אין דער ווייט ווי דער האָריזאָנט זעט אויס, וואָס פאַראַ וועטער עס שטעלט זיך און זי נעמט זיך אַרבעטן. זי פירט אויס אַרבעטן וואָס נישט זי דאַרף זיי מאַכן. זי וויל העלפן דעם פאָטער און נישט שטיין ליידיק. זי שאַרט צוריק אַריין אין גרוב דאָס מיסט, וואָס איז אַרויסגעשוווּמען צוליב דעם רעגן אין דער נאַכט. נישט איין מאָל גראָבט זי אַ רינשטאָק, אַז דאָס אויסגעלאָפענע וואַסער זאָל קענען צוריק אַריינפליסן אין גרוב. זי סדרט פונאַנדער די פאַרנעצטע פּעק שטרוי, דער ווינט זאָל זיי איבערטריקענען אָדער זי שלעפּט זיי צונויף, זיי זאָלן נישט נאַס ווערן. יעדן פרימאָרגן, ווען די נאַכט איז געווען אַ ווינטיקע, נעמט זי צונויף די אַנגעטראָגענע בלעטער און דאָס שטרוי און רוימט אויף דעם הויף.

זי אַרבעט מיט אימפּעט ביז זי דערהערט אַ קלאַפּ פון אַ טיר. דעמאָלט שטעלט זי זיך הינטער אַ וואַנט אָדער גייט אין שטייג אַריין, אַז דער פאָטער זאָל זי נישט זען.

דער פאָטער ווייסט, אַז זי איז שוין לאַנג ביי דער אַרבעט. יעדן מאָרגן ווען ער קומט אין הויף אַריין קוקט ער זיך אַרום וואָס זי האָט שוין אָפּגעטאָן. זאָרג און פאַרדראָס צו זיך פאַרצערט זיין אויסגעשלאָפן פּנים און ער גייט אין שטאָל אַריין מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ. ערשט איצט שלייכט זיך רינה אַריין אין שטאָל ווי אַ שילערין, וואָס האָט פאַרשפּעטיקט און גיט אים אַ זאָג האַרציק:

— טאַטע, שלום! — ווי זי זאָל זיין אויסגערוט.

— גוט מאָרגן, טאָכטער! — ענטפערט ער איר, אָבער איינער קוקט נישט אָן דעם אַנדערן. זי נעמט זיך פאַרן ביי די קי, זי העלפט אים.

אַ מאָל, אין אירע יונגע יאָרן, האָט זי ליב געהאַט די בעלי־חיים. זי האָט געוווּסט ווי יעדע קו הייסט. ביי יעדער געלעגנהייט איז זי געלאָפן אין שטאָל אַריין געבן אַ קעלבל טרינקען און עס געגלעט. יעדעס מאָל ווען דער פאָטער האָט געמוזט פאַרקויפן אַ קעלבל, איז זי גאַנצע טעג געגאַנגען באַטראַכטן עס. זי האָט עס געגלעט, געקוקט אים אין די אויגן, באַדויערט עס. ווען דער פאָטער האָט צונויפגענומען און אַוועקגעשיקט אין שטאָט אַריין עטלעכע שטייגן הינער, האָט זי דעם טאָג כמעט נישט געגעסן. זי האָט זיך באַנומען מיט דעם גורל פון די בעלי־חיים. איצט טוט זי די אַרבעט מיט אימפּעט, אָבער אָן געפיל. זי גיט צו עסן די בהמות, רייניקט זיי, מעלקט זיי, אָבער דאָס איז נאָר אָן אַרבעט, וואָס זי דאַרף טאָן וואָס פּילט איר אויס די צייט. ווען זי פאַרגעסט זיך און טוט אַ גלעט אַ קו, וואָס קוקט זי תמימותדיק אָן, כאַפּט זי שנעל אַוועק די האַנט, ווי זי זאָל זיך האָבן אָפּ־געבריט. צו אַ קעלבל גייט זי בכלל נישט צו. זי וויל נישט אַרויסווייזן אירע מוטער־

געפּילן. דאָס טראָגט זי אין זיך, באַהאַלט פאַר אירע זין, כאָטש די באָבע פאַרנעמט זיך מיט זיי.

איר וועזן איז דער טרויער און די אַרבעט. דער טרויער און די אַרבעט רייסן זי אַוועק פון מענטשן. זי פאַרלאָזט כמעט נישט דעם תחום פון זייער ווירטשאַפט. זי איז מיד און גיט קיין קיין שמייכל נישט. זי אַרבעט איבער אירע כוחות. זי עסט אַ סך, איר שלאַנקע פיגור איז איצט לייביק, איר פּנים אָנגעשטרענגט און דיקלעך, איר בליק איז אַן אָנגעווייטיקטער. אויך איר שטימע איז איצט אַ טיפע פון האַלדז. זי איז איצט שענער ווי פריִער, אפילו ווען די הענט אירע זענען אויסגעאַרבעטע, אָבער דער יאָך ליגט איר אין די אברים. דאָס איז קענטיק פון יעדער איר באַוועגונג. זי איז מיד פון דער אַרבעט און באַגער, וועלכן זי שטיקט אין זיך מיט אַלע כוחות. נישט איין מאָל בלייבט זי שטיין מיט אַראָפּגעלאָזטע הענט און פאַרכאַפּטן אָטעם, גייט אַן אין שוויס און זי פילט יעדן פון אירע גלידער. אַ ווײַלע שפּעטער אָטעמט זי אָפּ. זי דערפילט די היץ וואָס יערט אין איר און זי נעמט זיך מיט נאָך אַ גרעסערן אימפּעט טאָן איר אַרבעט.

איין מאָל, אַז דער נאָכמיטאָג איז געוואָרן גרוי, דער הימל געדיכט און די שאַרפע ווינטן פון מזרח און צפון האָבן געווייעט, ווי זיי זאָלן פּאַטשן און האָבן אויפגעהאַלטן דעם רעגן, איז רינה מיט צעשויבערטע האָר, צעפּלאָטערטע נאָזלעפלעך און צוויי מילך־קאַנען אין די הענט געבליבן שטיין אַ מידע. עס איז זי באַפאַלן אַ ווילן זיך אַוועקזעצן אין אַ פּאָטעל מיט אויסגעצויגענע פיס, אַן אָנגעלענטע אין פּאָטעל־אָנלען. אַההה, — האָט זי אָפּגעזיפצט און זיך אָנגעלענט אין דער שטאַלוואַנט, הינטער וועלכער זי איז געשטאַנען.

דער פּאָטער, וואָס האָט כסדר זיך באַמיט זען און הערן ווו זי איז און וואָס זי טוט, איז אַרויסגעקומען פון שטאַל. ער האָט געהערט איר זיפץ.

רינה האָט זיך אָפּגעריסן פון דער וואַנט און איז שטיין געבליבן ווי אַ מיידעלע וואָס מען כאַפּט ביי אַן עבֿרה.

— איך ענדיק שוין צונויפטראָגן די קאַנען — האָט זי זיך פאַרענטפערט.

דער פּאָטער האָט געשוויגן. אַ ווײַלע שפּעטער האָט ער זיך געוואָנדן צו איר:

— רינה — אָבער מער האָט ער נישט געקאָנט זאָגן.

זי האָט אַ קוק געטאָן אויף אים פון דער זייט.

— מיר זענען מיד, מיר דאַרפן אַ הילף — האָט ערשט איצט דער פּאָטער פאַרענדיקט די רייד.

זי האָט געשוויגן, נאָר אירע אויגן זענען געווען אויפגעריסן.

יואל האָט מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן גערעדט ווי ער זאָל מיט איר איינטענהן:

— איך בין שוין נישט יונג, דו ביסט צו יונג. מיינע אויגן וועלן נישט סטאַיען, דיינע זענען אַ שאָד...

זי האָט געשוויגן.

— וואָס איז דער אויסוועג? — האָט דער פּאָטער ווייטער גערעדט מיט אַ ציטער אין קול.

— ניין! — האָט זי היסטעריש אויסגעשריגן, האָט זיך אויסגעדרייט צו דער וואַנט און שטייענדיק מיטן רוקן צום פאָטער געהעשעט ווי אַ קינד.

אַ פּיכטקייט האָט ווי אַ הייטל איבערגעדעקט דעם פאָטערס אויגן. ער האָט אַ זיפץ געטאָן און מיט שווערע פּאַמעלעכע טריט, ווי ער זאָל שלעפּן די פיס, איז ער צוגעגאַנגען צו איר, אַוועקגענומען זי פון דער וואַנט. זי האָט זיך אויף אים אָנגע־לענט און געלאָזט זיך פירן אין שטוב אַריין.

ער האָט זי אַוועקגעלייגט אויפן בעט אין אירע אַרבעטס־קליידער. חנה איז שטיין געבליבן אין דער דורכגאַנגס־טיר פון עסצימער. זי האָט דערשטוינט און נייגעריק געקוקט וואָס עס קומט דאָ פאָר. יואל איז איר שוין אַנטקעגנגעגאַנגען. זיינע דיקע ברעמען זענען אים געשטאַנען ווי ביי אַ יאָזש. זיין גאָמבע איז געווען איינגעצויגן און זיין פנים איז צוליב דעם געווען פּירקאַנטיק.

— וואָס איז געשען? — האָט חנה געפרעגט אָן איבערגעשראָקענע.

יואל האָט עטלעכע מאָל איר אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ. ער האָט נישט געקאָנט רעדן. זיין פנים איז געווען גרוי.

חנה האָט זיך אָפּגערוקט אין אַ זייט, געוואָלט אים אַדורכלאָזן. ער איז שטיין געבליבן איר אַנטקעגן און איר צו וויסן געטאָן:

— רינה ליגט אויפן בעט — האָט ער מיט דער האַנט זיך אָפּגעווישט דאָס פנים. חנה האָט אָפּגעזיפּצט און געבליבן מיט אַן אָפן מויל, ווי זי זאָל זיך שטיקן און געוואָלט לויפן צו איר. יואל האָט זי אַרומגענומען, זי איינגעהאַלטן און מיט איר אַריין אין עסצימער. איצט האָט דער פאָטער זיך אָנגעלענט אין דער וואַנט. חנה האָט געקוקט אויף אים און געוואַרט.

— אַ שאָד אירע יונגע יאָרן — האָט דער פאָטער שטיל געזאָגט. די שטילקייט אין שטוב האָט זיי ווי איבערגעדעקט. ביידע האָבן נאָר געהערט דעם גאַנג פונעם זייגער אויף דער וואַנט און דאָס בולבלען פונעם וואַסער, וואָס האָט געקאָכט אויפן פייער.

חנה האָט זיך אויסגעווישט די מויל־ווינקלען און איילינק, ווי זי זאָל שלינגען די ווערטער, האָט זי אים אַ זאָג געטאָן:

— דו ביסט שולדיק! ביסט אַ טאַטע, ביסטו מחויב! — זי האָט איבערגעכאַפּט דעם אָטעם און צוגעגעבן: — אונדזער בראָך איז גרויס, אָבער זי איז יונג און דאַרף ווייטער לעבן — און זי האָט זיך צעוויינט.

— צוויי פאַרוויינטע ווייבער — איז יואל געוואָרן נערוועז און באַלד דערויף געוואָרן שטרענג:

— גענוג!

זי האָט מיט דער שאַרץ זיך אויסגעווישט די אויגן און איז געבליבן מיט אַן אויסגעשטרעקטער האַנט וואָס איז געווען איבערגעדעקט מיט דער שאַרץ.

— טייער באַצאַלט, אויך דאָס איז אונדז באַשערט געווען — האָט יואל אַ זאָג געטאָן צו זיך שטיל.

רינה ווי נאָר זיי האָט דערפילט אונטער זיך די ווייכקייט פון דעם מאַטראַץ

האָט זי זיך געלאָזט באַהערשן פון איר מידקייט, האָט שוין געוואָלט איינשלאָפן, אָבער צו אירע אויערן איז דערגאַנגען דאָס געשפּרעך צווישן טאַטע־מאַמע, האָט זי זיך אויפגעשטעלט און איז צוגעגאַנגען צו דער טיר, אַ קוק געטאָן צי די עלטערן זעען נישט און איז אויף די שפּיץ פינגער צוריק אַרויס אויפן הויף.

חנה האָט יאָ געהערט דעם שאַרף פון רינהס לייכטע טריט. זי האָט אַ קוק געטאָן אויף יואלן צי ער הערט. זעענדיק אים אַ צעוויינטיקטן, האָט זי פול מיט מיטלייד אים געפרעגט:

— ווילסט טרינקען אַ טעפּל קאַווע?

— ניין, ניין! האָט ער זיך אַ וואַרף געטאָן און איז אַרויס פון צימער. אויך ער איז אונטערגעקומען מיט אַ לייכטן טריט און פון ווייטנס אַ קוק געטאָן וואָס רינה טוט. זעענדיק, אַז איר בעט איז ליידיק, האָט ער שטיל אַ זיפץ געטאָן „אוי!" אַז חנה זאָל נישט הערן און איז אויך אַרויס אויפן הויף.

חנה האָט אים נאָכגעקוקט און איז אַוועק צו איר אַרבעט.

יואל האָט געשוויגן אָבער ער האָט געוואַרט אויף אַ געלעגנהייט, ער זאָל קאָנען רינהן באַפרייען פון דער שווערער אַרבעט כאָטש טיילווייז. ווי און ווען דאָס וועט געשען האָט ער נישט געוווסט צוליב רינהס עקשנות. נאָך רינהס צוזאָ־מענברוך אָבער און נאָך חנהס פאַרוואורף, האָט ער באַשלאָסן צו ברענגען אין שטוב אַריין אַן אַרבעטער אַפילו ווען עס זאָל דאַרפן וויי טאָן רינהן. ער האָט געהאַלטן בסוד זיין באַשלוס, אָבער ווען ער האָט געטראָפן, האָט ער געפרעגט וועגן אַ גוטן אַרבעטער. ער האָט אַפילו זיך נישט געוואָנדן אין דערבייִיקן אַרבעטס־אַמט. ער האָט נישט געוואָלט מען זאָל אים שיקן סתם אַן אַרבעטער לויט דער ריי. יעדן אַרבעטער וואָס איז פאַרבייגעגאַנגען האָט ער נאָכגעקוקט ווי ער זעט אויס, ווי אַלט ער איז בערך און צי וואָלט ער פּאַסיק געווען פאַר אים. יעדן אַרבעטער, וואָס ער האָט געטראָפן אין פעלד, האָט ער נאָכגעקוקט ווי אַזוי ער שניידט די קאָניטשינע אָדער האַקט די קוקורוזע־באַדילעס און ווי אַזוי ער פאַר־טיקט זיך אָפּ מיטן אַראָפּנעמען די ירקות פון פעלד. צו אַ געניטן אַרבעטער איז ער אויך צוגעגאַנגען און אים אַ זאָג געטאָן „ברכה און הצלחה". בדרך כלל האָט יעדער פון די אַרבעטער אים געענטפערט „שלום און ברכה". יואל האָט געלייגט אַכט, צי ביים באַגריסן אים רייסט דער אַרבעטער איבער די אַרבעט. נישט איין מאָל האָט יואל אויך אַ טראַכט געטאָן, צי ער וואָלט נישט געקאָנט געפינען קיין פּאַסיקן מענטש אין דער מעברה, אָבער יעדעס מאָל האָט ער זיך געענטפערט אין געדאַנק: „גיי ווייס, ווער ער איז?"

אין אַ פאַרמיטאָג האָט יואל אַ זאָג געטאָן דעם אייזל „אויס!" און ער איז אַראָפּ פון וואָגן. ער איז געקומען שניידן קאָניטשינע פאַר די בהמות. ער האָט זיך אומגעקוקט און דערזען פון ווייטנס אַ שטאַרקע געבויקטע געשטאַלט, וואָס האָט מיט אַ סערפּ געשניטן מיט שווונג די קוקורוזע און די אונטערגעשניטענע באַדילעס האָבן זיך אויסגעלייגט אין אַ שורה. ער איז צו אים צוגעגאַנגען און אים אַ זאָג געטאָן „ברכה און הצלחה!". דער אַרבעטער האָט זיך אויסגעגליכן, אים געענט־

פערט „שלום און ברכה" און מיט דער האַנט זיך אָפּגעווישט דעם שוויס פון שטערן, כאָטש עס איז געווען ווינטער. דער אַרבעטער איז געווען הויך, ברייט־ביייניק מיט שטאַרקע הענט און אַ קאַנטיקן קאָפּ. יואל האָט געוווּסט, אַז ער אַרבעט ביי גראָבן, ווייל זיי זענען געווען שכנים אין פעלד. דאָך האָט ער אַ פרעג געטאָן דעם אַרבעטער:

— מען קאָן אייך באַשטעלן?

דער אַרבעטער האָט אַ הויב געטאָן די אַקסלען פון פאַרלעגנהייט.

— דו אַרבעטסט ביי אים סטאַביל? — האָט יואל אים אַ פרעג געטאָן.

— כמעט! — האָט ער געענטפערט יואלן. ער האָט אַ קוק געטאָן אין דער ריכטונג פון ים און אַ זאָג געטאָן יואלן:

— מען דאַרף זיך צואיילן, עס דערנענטערט זיך אַ רעגן...

— יאָ! — האָט יואל באַשטעטיקט און ביידע האָבן גענומען אַרבעטן.

אין אַ מאָרגן ווען יואל האָט געברענגט די מילך אין קילהויז אַריין האָט אַ דיקע, הייזעריקע שטימע ווי אַ גרילץ פון אַ פאַרזשאַווערטער זאַוויאַסע, אים אַ זאָג געטאָן:

— שלום, יואל. וואָס הערט זיך?

יואל האָט זיך אומגעקוקט און געלאָזט שטיין אויף דער ערד די קאַנען מילך. ער האָט זיך אויסגעדרייט און געענטפערט:

— שלום און ברכה! — און שטיל צוגעגעבן — נישטאָ קיין כוח...

ברוך אַ נידעריקער, דאַרער פאַרשוין מיט לאַנגע הענט, קנאַכיק פּנים און קורצע נאָז האָט אויך געברענגט זיין מילך. ער איז אויך געווען פון די ערשטע מתיישבים אין „אסף". מיט אים איז יואל געשלאָפן אין די ערשטע יאָרן אין דאָרף אין זעלבן באַראַק אַ בעט ביי אַ בעט.

— יואל, קלאָג זיך נישט — האָט ער געזאָגט און אים אַ קלאַפּ געטאָן אין פּלייצע און דערביי זיך אונטערגעהויבן כדי אים דערגרייכן. ער האָט אויסגע־שטרעקט דעם האַלדז און אים אַ זאָג געטאָן ווי ער זאָל אים איינרוימען אַ סוד:

— לאָז נישט רינהן אַרבעטן!

— אַדרבא, פּועל דו ביי איר...

— נעם צו אַן אַרבעטער און פרעג נישט.

— ווּ געפינט מען אים?

— פאַראַן, זוך!

יואל האָט די גאַנצע צייט גערעדט שטיל מען זאָל אים נישט הערן און כסדר זיך אומגעקוקט, צי עס הערט נישט ווער וואָס ברוך זאָגט. ער האָט זיך צו אים צוגערוקט און נאָך שטילער זיך פאַרטרויט פאַר אים:

— נישט יעדן קאָן מען אַריינגעמען אין שטוב — און ער האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן.

ברוך האָט אים אָנגעקוקט מיט גרויסע אויגן. ערשט איצט האָט ער פאַר־שטאַנען וואָס יואל איז אויסן.

— עס וועט גוט זיין — האָט ער אַ זאָג געטאָן יואלן און ער האָט אָנגענומען די צוויי קאַנען מילך. יואל האָט געטאָן דאָס זעלבע.

— געענדיקט — האָט עמנואל אַ שריי געטאָן, יואל זאָל הערן און ער איז צוגעגאַנגען צו אים. יואל האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ אויף הסכמה. עמנואל איז געווען הויך, ברייטביייניק, אָבער נישט דיק. זיינע אברים זענען געווען מוס־קולירט. ער איז געווען דער שאָפער אין זכריה. ער האָט געברענגט יואלן אָן אויטאָ שטרוי פאַר דער שטאָל. די פעלדער פון זכריה האָבן זיך געגרענעצט מיט דעם פרדס פון „אסף". פון „אסף" איז מען אויך געפאָרן קיין זכריה אויף אַ זייטיקן, נישט געפלאַסטערטן וועג.

— ווילסט געלט? — האָט יואל אים געפרעגט און זיך אָנגעלענט אינעם שטרוי.

— ניין, מיר וועלן זיך אָפּחשבונען ווען כ'וועל דיר ברענגען די רעשט שטרוי — האָט עמנואל אים געענטפערט.

יואל האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, אַז ער איז מסכים.

עמנואל האָט אויסגעדרייט צו אים זיין גרויסן, גרויען קאָפּ און אים אַ פרעג געטאָן:

— פאַר וואָס פאַרקויפסטו אַלע קעלבלעך? — און פון זיך אָפּגעטרייסלט די זדזשעבלעס שטרוי פון זיינע בגדים.

יואל האָט אים אָנגעקוקט מיט טרויעריקע אויגן.

— איך דאַרף אַ הילף.

— איז וואָס?

— נישט לייכט צו קריגן.

עמנואל האָט אַ טראַכט געטאָן און אים פאָרגעשלאָגן:

— איך האָב פאַר דיר אַ פּאַסיקן מענטש.

יואל האָט נייגעריק אים אָנגעקוקט און געוואַרט, ער זאָל רעדן ווייטער.

עמנואל האָט צוגעבויגן צו אים דעם קאָפּ ווי ער זאָל וועלן, אַז נאָר ער זאָל הערן:

— אין אונדזער דאָרף ביי זעירהן וווינט אַ פּליט פון דער מעברה, אַ שטילער מענטש און גוטער אַרבעטער. יעדער אין דאָרף וואַרט, ער זאָל קומען צו אים אַרבעטן. טוט די אַרבעט ווי אַ בעל־הבית. ער שווייגט, רעדט מיט קיינעם נישט, קאָנטיק, אַז ער איז אַ געליטענער. ער הייסט דוד, אָבער אין דאָרף רופט מען אים „דער פּליט".

יואל האָט נישט געוווּסט וואָס ער זאָל ענטפערן עמנואלן. עמנואל האָט זיך פאַרטראַכט און אַ ווײַלע שפּעטער אַ זאָג געטאָן ווי ער זאָל האָבן באַשלאָסן:

— יואל, ער איז אַ פּאַסיקער מענטש!

יואלס אויגן זענען געווען שטאַר, ווי ער זאָל קוקן ווייט.

— ווער ווייסט — האָט יואל אַ שטאַמל געטאָן און זיין בויך האָט זיך אים אַ טרייסל געטאָן ווי ער זאָל זיך אים האָבן אַראָפּגעלאָזט.

יואל, באַשליס! אַזוי ווי אין די פריִערדיקע יאָרן — האָט עמנואל געדריקט אויף אים.

יואל אַ פאַרשעמטער, ווי ער זאָל זוכן ווערטער און ווי עס זאָל אים שווער זײַן זיי צונויפשטעלן האָט אים געענטפערט:

— איך וועל מיט אים רעדן, דערנאָך מיט דער משפחה.

— דאַכט זיך מיר, אַז דאָס איז דײַן שאַנס — האָט עמנואל אים געוואָרנט און אַ קוק געטאָן אויף אים פרעגנדיק.

— איך ווי איך, אָבער די טאָכטער — האָט יואל אַ שטאַמל געטאָן.

עמנואל איז געבליבן מיט אַן אָפן מויל. ערשט אין אַ ווײַלע אַרום האָט ער אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, אַז ער האָט פאַרשטאַנען און האָט חבריש געזאָגט:

— יואל, נוץ אויס דײַן נסיון. ווײַז אַז דו ביסט יואל...

יואל האָט אָפּגעזיפצט.

עמנואל איז געווען גערירט.

— יואל, איך בין שוין נישט קיין יונגערמאַן. בערך זענען מיר אין די זעלבע יאָרן. מיר קאָנען זיך דאָך פון די ערשטע טעג אָן ווען דו ביסט געקומען קיין „אסף”. איך פאַרשטיי דײַן משפחה־לאַגע — ער האָט אַ שאַרפן קוק געטאָן אויף אים און פאַרענדיקט — יואל, זײַ דו דער איניציאַטאָר.

יואל האָט פאַרצויגן זײַנע דיקע ברעמען. די הויט אין די אויגן־ווינקלען איז אים געריזנצלט געוואָרן. ער האָט מיט בײדע הענט זיך אַ קראַץ געטאָן דעם קאָפּ און אומבאַהאָלפן אַראָפּגעלאָזט די הענט.

— יואל, זײַ מוטיק און פּלאַנטער אויף דײַן משפחה־פּלאָנטער — האָט עמנואל פון אים געפאָדערט.

— נאָך וואָס פאַרא פּלאָנטער — האָט יואל אַ זאָג געטאָן. אַ צײַט לאַנג האָבן בײדע געשוויגן.

מיט אַ מאָל האָט עמנואל אַוועקגעדרייט דעם קאָפּ. ער האָט נישט געוואָלט קוקן יואלן אין פּנים אַרײַן און שטיל געזאָגט:

— נישט נאָר צו דער אַרבעט נעם אים, נאָר אויך ווינען נעם אים צו דיר.

— האַ? — האָט יואל דערשטוינט אים אַ פרעג געטאָן, אָבער אַ ווײַלע שפּעטער האָט ער זיך פאַרענטפערט — אַ ייד פון דער גאַס, אַ ווילד פרעמדער מענטש.

עמנואל האָט געזאָגט:

— איך וועל מיט אים רעדן און אייך צוזאַמענפירן — און אַ קוק געטאָן יואלן אין די אויגן, געוואָלט זען ווי זײַן פאַרשלאָג האָט געווירקט אויף אים.

יואל האָט אים נישט געענטפערט נאָר זײַן אָטעם איז געווען אַ שנעלער, ווי עס זאָל אים זײַן הייס.

— נאָך שבת, ווען כ׳וועל דיר ברענגען די רעשט שטרוי, וועל איך דיר אויך זאָגן קאָנקרעט וואָס מיר האָבן צו טאָן — האָט עמנואל אים צו וויסן געטאָן און נישט וואַרטנדיק אויף תשובה, האָט ער אים אַ זאָג געטאָן:

— יואל, זיי געזונט! — און איז אַוועק צום אויטאָ זײַנעם.

ווען עס האָט זיך דערהערט דער רעש פון געלאָזטן מאָטאָר, האָט יואל אויפֿגעהויבן דעם קאָפּ און געזען ווי דער אויטאָ פֿאָרט אַוועק. זײַנע אויגן זענען געווען טרויעריק.

# כא

ווען דוד איז אַרויסגעלאָפֿן פֿון די קרינקער איז אים אַנטקעגנגעקומען אַ הייסער מדבר־ווינט, וואָס האָט אים ווי אײַנגעהאַלטן, אָבער ער האָט מיט אימפּעט אַ שפּאַן געטאָן ווײַטער. ער איז אַנטלאָפֿן פֿון רעסטאָראַן וואָס איז ביז איצט געווען זײַן פּאַקטישע היים. ערשט אויף דעם פֿרײַען, נישט פֿאַרבויטן און נישט באַאַרבעטן שטח איז ער שטיין געבליבן. ער האָט געקוקט אין דער געדיכטער פֿינצטערניש אַרײַן ווי ער זאָל זי װעלן דורכדרינגען. די הייסע ווינטן אַרום אים האָבן געוויַיעט, ווי זיי זאָלן אים אַרומהילן. ער איז געשטאַנען און געפּרײַכט. לסוף האָט ער צו זיך אַ זאָג געטאָן: „יאָ". זײַן קול איז פֿאַרפֿאַלן געוואָרן אין דער הייסער פֿינצטערניש און ער האָט ווידער גענומען גיין, פּאַוואָליע, מיט געמאָסטענע טריט. ער האָט געשפּאַנט איבער די פֿעלדער, אַרײַנגעאָטעמט אין זיך די צעגליטע פֿינצטערניש און זיך צוגעהערט צום אָפּהילך פֿון זײַנע טריט, צום שאָרך פֿון די גרעזער וואָס ער האָט געטרעטן און צום זשומען פֿון די אינזעקטן, וואָס האָבן געשוועבט אין דער לופֿט.

ווען ער האָט דערהערט טריט פֿון ווײַטנס האָט ער אַ רוף־געטאָן:

— בענצי, דאָס בין איך!

בענצי האָט דערקענט זײַן קול און אים געעפֿנט דעם טויער.

— גוט וואָס דו ביסט געקומען, איך וועל האָבן מיט וועמען צו רעדן. די נאַכט איז אַ פֿינצטערע, די היץ פֿון מדבר איז אַזוי געדיכט, אַז עס פֿאַרדעקט די לבנה — האָט בענצי זיך אויסגערעדט פֿאַר אים.

— בענצי, כ׳בין געקומען מיט דיר זיך געזעגענען, איך פֿאַרלאָז די אַרבעט — האָט דוד אים צו וויסן געטאָן.

— פֿאַר וואָס? אַ גוטע אַרבעט! געהערט, אַז מען וועט דיר דערלייגן — האָט בענצי געפּרוּווט אויף אים משפּיע זײַן.

— איך מוז איבעררײַסן די אַרבעט. כ׳מוז זיך באַרויִקן. אויב איך וועל ממשיך זײַן, וועל איך אונטערגיין — האָט דוד געוואָלט אים איבערצײַגן.

— קענסט דאָ אַרבעטן ווי לאַנג דו וועסט וועלן. אויב ס׳וועט דיר זײַן שווער, וועל איך דיר העלפֿן — האָט בענצי אײַנגעטענהט מיט אים.

דוד האָט נישט געענטפֿערט. ער האָט פֿאַרשטאַנען, אַז בענצי באַגרײַפֿט נישט

וואָס ער איז אויסן. ער האָט נישט געוואָלט מיט אים איינטענהן מער. ער האָט בלויז געזאָגט:

— בענצי, ווערסט איבערגעבן דבן, איך האָב געמוזט איבערלאָזן די אַרבעט, אַז איך בעט אַנטשולדיקונג פון אים פאַר וואָס איך האָב זיך מיט אים נישט געזעגנט. — אַ ווײַלע שפּעטער האָט ער צוגעגעבן — דעם לוין פאַרן הײַנטיקן אַרבעטס־טאָג זאָל ער דיר געבן.

הינטער די שנעל אַרויסגעזאָגטע ווערטער האָט זיך באַהאַלטן די מורא, בענצי זאָל זיך נישט באַליידיקן. ער האָט נישט געוואָלט בענצי זאָל אים ווידער נעמען צורעדן. די פינצטערניש האָט איינגעשלונגען זײַנע ווערטער. ער האָט אַרומגענומען בענצין, אים צוגעדריקט צו זיך, געזאָגט: „אַ גוטע נאַכט" און איז אַוועק.

בענצי, דער נידעריקער, ברייטפּלייציקער ייד איז שטיין געבליבן אין דער פינצטער ווי אַן אויסגעשפּאַנט פערד. ערשט שפּעטער האָט ער אַ מורמל געטאָן:

— אַ שאָד... אַ גוטער אַרבעטס־פּלאַץ.

צומאָרגנס האָט דוד זיך איבערגעוועקט שפּעט. ער איז ליגן געבליבן אויף דעם מעברה־געלעגער מיט אויפגעריסענע אויגן. עס האָט געדויערט ביז ער האָט צונויפגענומען די חושים זײַנע און באַגריפן ווו ער געפינט זיך. די טאָג־העלקייט אין געצעלט איז געווען אַ גרויע און פײַכטע. די שטילקייט האָט געוועקט עפּעס אומקלאָרע, נאָר אומרויִקע רעיונות. פון אַלץ אַרום האָט געוויט מיט לאַנגווייל, פאַרסמענדיק די נשמה מיט אַן אָנמעכטיקן פאַרלאַנג ערגעצווו אַוועקצוגיין. ער האָט דערפילט זײַנע גלידער און ער איז אַראָפּגעשפּרונגען פון בעט, גענומען זיך אָנטאָן, געבליבן זיצן אַן איבערגעבויגענער איבער די הויזן וואָס ער האָט אַרויפגעצויגן אויף זיך. ער האָט זיך דערשראָקן פאַר דעם וואָס ער האָט געטאָן און וואָס ער גייט טאָן.

ער האָט דערפילט אַ נויטווענדיקייט אַראָפּצורעדן זיך פון האַרצן, אָבער נישט געהאַט פאַר וועמען. זײַנע שכנים אין געצעלט, די צוויי ברידער און שאול, זענען געווען אין שטאָט ביי דער אַרבעט. זיי זענען געקומען בײַנאַכט שלאָפן. זיי זענען געקומען צוזאַמען, אָבער אין געצעלט אַרײַן האָט יעדער זיך אַרײַנגעשלײַכט באַזונדער. זיי האָבן נישט געוואָלט אַז אין דער מעברה זאָל מען וויסן, אַז זיי אַרבעטן.

דוד פלעגט קומען שלאָפן שפּעטער פון אַלע. טעג האָט ער געבלאָנקעט איבער די דערפער אין דער סביבה. ער איז געווען דעצידירט צו פאַרלאָזן די מעברה און אַוועקגיין אין דאָרף אַרײַן, האָט געזוכט אַ קליין דאָרף, ווו מען קען אים בכלל נישט, איז געגאַנגען מיט די זײַטיקע וועגן, נישט געוואָלט טרעפן קיין באַקאַנטן, יעדן טאָג געגאַנגען אין אַ צווייט דאָרף. דאָס דאָרף זכריה איז ער אַרומגעגאַנגען עטלעכע מאָל, צום סוף איז ער שטיין געבליבן אויף די פעלדער, געוואָלט זען דאָס דאָרף פון דרויסן. ער איז געשטאַנען און באַטראַכט די איינציקע גענוג ברייטע גאַס אין דאָרף. אַ געפּרעסטער נישט־געפּלאַסטערטער וועג האָט געפירט אין דאָרף אַרײַן. פון ביידע זײַטן גאַס זענען געוואַקסן ברייטע אייקאַליפּטוסן. הינטער די

בײמער זענען געשטאַנען װײסע, אײנשטאָקיקע הײזער מיט שיפּע רױטע דעכער און מיט גערטנער פון פאָרנט. הינטער די הײזער זענען געװען די פעלדער.

— שלום — האָט אַ דיקע שטימע אים באַגריסט.

— אױ, װער קען מיך דאָ? — האָט דוד געװאָלט אַ ברום טאָן, אָבער ער האָט געענטפערט: „שלום וברכה״. אין דער זײט איז געשטאַנען אַ נידעריקער ברײטבײניקער ייִד. זײנע אַרבל זענען געװען פאַרשאַרצט, די נאַגאַװיצעס פאַרבױגן, מיט אַ „טעמבעל״־קאַפּעליוש אויפן קאָפּ. דער ייִד האָט אים שװײגנדיק באַטראַכט, האָט געװאָלט זען װער עס איז דער פאַרשױן, װאָס קוקט אַרײַן אין די הײזער.

דוד, אַ באַרויִקטער דערפון װאָס דער ייִד קען אים נישט, האָט געזאָגט:

— געמײנט, אַז אין דאָרף זענען נישטאָ קײן ייִדן...

— אין זכריה בטלט מען נישט... אַלע אַרבעטן.

— אַ פרעמדער קאָן אויך דאָ קריגן אַרבעט? — האָט דוד נענטער זיך צוגע־רוקט צו אים — קען מען דאָ קריגן אַ דירה?

— װער זײט איר? — האָט דער ייִד אַרויפגערוקט דעם טעמבעל העכער איבערן קאָפּ, געװאָלט בעסער זען דעם פאַרשױן.

— אַ פּליט פון דער מעברה — איז דוד געװאָרן דרײסטער.

דעם ייִד איז װײזט אויס, געפעלן דודס ענטפער, ער האָט נאָך שטאַרקער איצט געקוקט אויף אים מיט מער צוטרוי, אָבער געװאָלט אים אויספרװון:

— ערד־אַרבעט איז נישט קײן לײכטע זאַך.

— איך האָב שױן געטאָן אַלע אַרבעטן, אַפילו געהאַקט בלאָקן, האָט זיך פון דודס שטים געהערט אַנטשלאָסנקײט.

— איך בין נחמיה זעירה און װי הײסט איר? — האָט ער געפרעגט דודן.

— דוד גײער — האָט ער שטיל געזאָגט און אַראָפּגעלאָזט די אויגן.

— אַרבעטן װעט איר בײ מיר, װױנען װעט איר בײ עציונען, קומט! — האָט זעירה געזאָגט און גענומען גײן פאָרויס. דוד איז אים נאָכגעגאַנגען.

װען עמנואל איז אין אַ פאַרנאַכט געקומען צו דודן כדי זיך מיט אים אַדורכ־רעדן, פאָרשלאָגן אים די אַרבעט בײ יואלן, איז דוד געװען שױן עטלעכע חדשים אַ תושב אין זכריה, האָט געװױנט אין אַ בעטאָנענעם שפּײכלער, װאָס האָט געהאַט אַ שיפּן דאַך אין הויף אַרײַן. דער שפּײכלער איז געשטאַנען בײם פּלויט װאָס איז געװען פון שטעכל־דראָט, האָט געהאַט אײן טיר און דרײ קלײנע פענצטערלעך אין דער הויך. די רעשט װענט זענען געװען טויבע. דער שפּײכלער איז געװען איבער־געטײלט מיט גרוי־געקאַלכטע אַזבעסט־װענטלעך, געװען אַ צימער מיט אַ קיכל און שמאָלע באַקװעמלעכקײטן.

אין צימער אײז געשטאַנען אַ בעט, אויף װעלכן עס איז געלעגן אַ קישן און איז געװען איבערגעדעקט מיט אַ גרויען קאָץ. אונטערן בעט זענען געשטאַנען זײנע צװײ װאַליזעס, אין דער זײט אַ הילצערן טישל און אַ קלײן טאַבורעטל. יעדן פרי־מאָרגן האָט דוד אַרויפגעשטעלט אויף אַ קלײן פײערל פון אַן אויװן־לאָמפּ אַ טאָפּ

צו קאָכן. פאַרנאַכט, ווען ער האָט זיך אומגעקערט פון דער אַרבעט, האָט ער געהאַט אַ פּאַרטיק מיטאָג.

די ערשטע צייט האָט ער געאַרבעט ביי זעירהן. ער האָט אים געוויזן וואָס און ווי אַזוי צו טאָן. דוד האָט שנעל תּופס געווען און געאַרבעט פּינקטלעך און איבערגעגעבן. ער האָט יעדן הויפן צונויפגענומען און פאַרקערט, געמאַכט די אַרבעט ווי פאַר זיך. ער איז שנעל געוואָרן בקי אין אַלע אַרבעטן. די מתיישבים אין זכריה זענען געקומען אים פרעגן, וועלכע טעג זענען ביי אים פריי און געוואַרט, ער זאָל צו זיי קומען אַרבעטן. ער האָט געאַרבעט מיט חשק, ווייל אין די שעהען האָט ער נישט געמוזט טראַכטן וועגן זיין גורל און זיך געפילט באַפרייט פון זיין פּיין און עלנט. ער האָט איצט שוין כמעט נישט געטרונקען.

נאָך דער אַרבעט אָבער, ווען ער איז געבליבן מיט זיך אין צימער, איז ער לאַנג געלעגן אויפן בעט און געקוקט אויף דער סטעליע, דערנאָך געזוכט זיך צו פאַרגעסן. דערפאַר האָט ער אַרום זיין וווינונג געפלעגט עטלעכע בייטן. אויף יעדער בייט האָט ער געציכטעט אַן אַנדערע פלאַנץ, זשעראַניום, אַספּאַראַגוס, בלויע און געלע לאַנטאַנע, וואָס וואַקסט אויף די קברים אין לאַנד. אויך די בייטן האָבן אויסגעזען ווי קברים. ער האָט געקרישלט ברויט און צעשיט, געוואַרט, אַז פייגל זאָלן אַנפליִען. ער האָט געקוקט ווי די פייגל עסן און די געדאַנקען זענען געשוווּמען אין מוח ווי אין אַ רויכיקן נעפּל, עס האָט זיך אים אויסגעדאַכט, אַז די פייגל קוקן אויף אים און אַז דאָס זענען נשמות פון די יונג־פאַרשניטענע לעבנס. נאָך וועלכע ער טרויערט, דעמאָלט פלעגט ער אַוועקלויפן, שפּאַנען שעהען איבער די פעלדער ביז ער האָט זיך באַרויִקט.

אַלע אין דאָרף, קינד און קייט, האָבן געקענט דודן. ער האָט נישט געהאַט קיין משפּחה און נישט קיין ערד, אָבער ער איז געווען אַ תּושב אין זכריה. יעדער אין דאָרף ביז דעם קלענסטן האָט געוווּסט ווי ער הייסט, אָבער גערופן האָט מען אים „דער פּוילישער" אָדער „דער פּליט".

ער האָט נישט גערעדט און נישט געקוקט די מענטשן אין די אויגן, נאָר צו די בעלי חיים איז ער געווען צוגעלאָזן. אַ קו, וואָס האָט אים נאָכגעקוקט תּמימות־דיק, אַ פערד וואָס האָט אים באַשמעקט אָדער אַן אייזל, וואָס האָט געגענעצט, האָבן דערוועקט אין אים נאָענטקייט, צוטרוי. ער האָט נישט מורא געהאַט, אַז זיי וועלן צו אים רעדן. אויך אין פעלד האָט ער זיך געפילט פריי. ער האָט געאַרבעט און געאָטעמט אין זיך די ריחות פון די געוויקסן. פון מאָל צו מאָל האָט ער אויסגעגליכן דעם רוקן און מיטן אויג אַרומגענומען די פּראַכט פון דער סביבה. אויך ווען ער האָט געהאַלטן שמירה אין דאָרף, האָט ער געשוויגן, אָבער זיין פּנים איז געווען מילד. ער איז שטענדיק געקומען אַן אָפּראַזירטער, די האַקי־בגדים אויסגעפּרעסט און די שיך אויסגעגלאַנצט. די ביקס האָט ער געטראָגן מיט דער לופע אַראָפּ ווי אַ יעגער. ער איז געווען אַ פּוילישער אָפיציר. די נעכט ווען ער האָט געהיטן דאָס דאָרף, האָט ער געשפּאַנט מיט טריט פון אַ זעלנער. יעדן פאַרבייגייער האָט ער געזאָגט „שלום" און געקוקט אים מילד אין די אויגן. די מענטשן אין דאָרף האָבן

געשטױנט, אָבער ער האָט זיך פֿאַר קײנעם נישט פֿאַרטרױט. אין די נעכט איז ער װידער געװען דער בכבודיקער בירגער װאָס אונטערליגט דעם געזעץ, דעם כבוד, פֿון װעלכן מען האָט אים באַרױבט.

נאָך יעדער נאַכט היטן, איז דער מאָרגן װאָס האָט אַרײַנגעשײַנט צו אים דורך די פֿענצטערלעך געװען העל. אױך װען ער איז פֿאַרבײַגעגאַנגען די שול און האָט דערהערט װי אַ לערער לערנט די תּלמידים, אָדער װי זײ זינגען, האָט די הױט אױף זײַנע באַקן זיך צעקנײטשט. דאָס האָט ער צו זיך געשמײכלט: „פֿאַראַן יידישע קינדער". ער האָט זיך באַמיט, ער זאָל װאָס װײניקער בלײַבן מיט זיך צװישן װענט, אָבער נישט אַלע מאָל איז עס אים געלונגען. אָפֿט, אַז ער האָט זיך אָפּגע־פֿאַרטיקט מיט זײַן שטוב־אַרבעט איז אים װידער באַפֿאַלן אַ שװערע אומעט. ער האָט זיך אַ מידער אַװעקגעזעצט אױפֿן בענקל מיט די הענט אױף די קני̇ען, די אױגן האָבן זיך אים פֿאַרמאַכט און װידער האָבן פֿאַר אים גענומען שװעבן די סצענעס פֿון זײַן פֿאַרגאַנגען לעבן.

אין אײנעם אַזאַ אָװנט, װען דער גרענעצלאָזער טרױער האָט גענומען אים שטיקן, איז ער אױפֿגעשפּרונגען און אַ רעװע געטאָן: אַההה! זײַן פֿאַרנעפּלטער בליק האָט זיך אָנגעשטױסן אױף זײַנע בגדים װאָס זענען געהאַנגען אױף דער װאַנט. אונטער די בגדים איז שױן געזעסן אַ שאָטן, װאָס האָט זיך, װי עס האָט זיך אים געדאַכט, באַװעגט. ער האָט פֿאַרבײַלט די פֿױסטן, װי ער זאָל זיך װעלן אױף אים װאַרפֿן. ער איז צוגעפֿאַלן צו די בגדים, זײ אַראָפּגעריסן פֿון האָקן און אַ װאָרף געטאָן אױפֿן פֿאָל.

# כב

דער נאָכמיטאָג איז געװען אַ פֿײַכטער, כאָטש בערג־װינטן האָבן געטריקנט די לופֿט. אַ דינער געדיכטער רעגן איז געפֿאַלן אַ גאַנצע נאַכט. די װענט און דעכער זענען געװאָרן אױסגעװאַשן, די ערד פּולכנע. יואל, אין אַ דיקן שפּענצער, די הױזן אַרײַנגעלאָזט אין די גומי־שטיװל און מיט אַ קאַשקעט איבער די אױערן האָט מיט אַ גראַבלע צונױפֿגעשאַרט די, אָנגעטראָגענע אין הױף אַרײַן, בלעטער און שטרױ. ער האָט געטאָן די אַרבעט און יעדע װײַלע זיך אומגעקוקט, געװאַרט.

אָבער װען דוד איז אַרײַן אין הױף האָט ער אים נישט באַמערקט, ער האָט אַפֿילו נישט געהערט זײַנע טריט. ערשט װען דוד האָט אים שטיל געזאָגט „שלום", האָט ער אױפֿגעהױבן די אױגן און איז שטײן געבליבן אָן אָנגעלענטער אױף דער גראַבלע, אײליק אים געענטפֿערט „שלום" און עטװאָס צעטומלט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, װי ער זאָל זיך אים האָבן אַ טרײסל געטאָן פֿון איבערראַשונג. זײַנע ליפּן זענען געבליבן אָפֿן, אָבער אין דער רגע האָט ער אַ פֿינטל געטאָן מיט די אױגן װי זײ זאָלן אים װײ טאָן און ער האָט זיך אַ װענד געטאָן צו דודן:

— ביסט אַ וואָרטסמאַן. געקומען גענוי צו דער צייט, ווי מיר האָבן אָפּגערעדט.

— אויך דאָס נישט? וואָס נאָך איז פון מיר געבליבן? — האָט דוד שעמעוודיק געשמייכלט.

— דו בלייבסט ביי אונדז אַרבעטן.

יואל האָט אָויפגעשטעלט די גראַבלע און זיך געלאָזט גיין. דוד מיט אים. וואָס ווייטער און נענטער צו דער שטוב זענען יואלס פּלייצעס געוואָרן אַלץ מער געבוקט און זיינע טריט אַלץ פּאַמעלעכער. ער האָט געעפנט די טיר און אַדורכגעלאָזט דודן דעם ערשטן.

ביידע פרויען זענען געזעסן ביים טיש. חנה האָט אין אַ שיסל איבערגעקליבן באָבעלעך. רינה האָט געענדיקט טרינקען אַ שאָל קאַווע. ביידע האָבן אים געענטפערט אויף זיין באַגריסונג. אין רינהס אויגן האָט זיך געמאָלט שטוינונג. זי האָט געזאָגט:

— מיר קענען זיך דאָך.

איר פּנים האָט זיך פאַרקרימט ווי זי זאָל וועלן שמייכלען, אָבער די אויגןלעפּלעך אירע האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט און איר פּנים איז שוין געווען אַ מאַסקע. אַ ווײַלע האָט זי געשוויגן פאַרטראַכט. ווען זי האָט ווידער אויפגעהויבן די אויגן, האָט מען פון זיי געקענט לייענען, אַז זי פאַרטרייבט פון זיך זלידנע געדאַנקען. זי האָט גלייכגילטיק געפרעגט:

— וואָס הערט זיך אין דער מעברה?

— איך האָב זי שוין לאַנג פאַרלאָזט — האָט ער איר געענטפערט.

יואל איז געווען צופרידן וואָס ער דאַרף נישט דודן פאַרשטעלן פאַר איר.

— וווּ וווינט איר און וואָס טוט איר? — איז זי געוואָרן בייגעריק.

— איך בין אַן ערד־אַרבעטער, וווין אין זכריה.

— וואָס האָט אייך געבראַנגט צו מיר? זי האָט געמיינט, אַז ער איז געקומען צו איר וועגן עפּעס אַן ענין.

דוד האָט איר נישט געענטפערט. פון פאַרלעגנהייט האָט ער נאָר פאַרצויגן די ליפּן, ווי ער זאָל וועלן אַ פּייף־טון.

ער וועט מיט אונדז אַרבעטן — האָט דער פאָטער געשטאַמלט, ווי ער זאָל קייען די ווערטער.

— ניין! — האָט זי היסטעריש אויסגערופן און אויפגעשפּרונגען פון בענקל. זי האָט געאָטעמט שנעל מיט אַן אָפן מויל און איר בליק איז געווען שפּיזיק. זי האָט דערפילט אַ רויש אין קאָפּ און האָט מיט די הענט זיך אָנגעלענט אויפן בענקלאָנלען. איר פּנים איז איצט געווען רוי, ווי אָנגעשוואָלן. אירע בלאָנדע האָר זענען געווען צעשויבערט.

דער מוטערס הענט זענען ליגן געבליבן אין דער שיסל מיט באָבעלעך. יואל האָט מיט ביידע הענט נערוועז געריבן די באַקן.

דוד האָט באַטראַכט אַלע און געשאָקלט מיטן קאָפּ, באַדויערט זיך און זיי. עס זענען אַריינגעקומען די קינדער. חנה האָט געהאַלטן אין האַנט אַן אויטאָ־

שפּילצייג, רפי האָט געהאַלטן אַ שטריקל אין האַנט. ביידע ייִנגלעך האָבן דער־שטוינט אָנגעקוקט דודן.

— פאַר וואָס האָט די מאַמע אויף דיר געשריגן? — האָט רפי געפרעגט.

— ווייל איך בין אַ שלעכטער מענטש — האָט דוד געענטפערט.

— יאָ, מאַמע? — האָט חגי געפרעגט פאַרוווּנדערט.

זי האָט נישט געענטפערט, איבער איר פּנים זענען געלאָפן ציטערן.

חגי האָט נישט פאַרשטאַנען וואָס עס קומט פאַר, דערפאַר האָט ער זיך אַ ווענד געטאָן צו יואלן דעם ציידן.

— נאָך וואָס איז געקומען דער מענטש?

ער וועט מיט אונדז אַרבעטן — האָט יואל אים געענטפערט און אַ קוק געטאָן אויף דער טאַכטער.

חגי האָט זיך צוגערוקט צו דודן, רפי נאָך אים. ביידע ייִנגלעך האָבן אים אָנגעקוקט.

— אַ ש־ט־אַ־ר־קער! — האָט חגי אַ זאָג געטאָן. אויך רינה האָט איצט אַ קוק געטאָן אויף דודן פון דער זייט און באַלד צוריק אַראָפּגעלאָזט די אויגן. דוד האָט געטראָגן שווערע שיך, בלויע הויזן, וואָס זענען געווען אַריינגעלאָזט אין די סקאַרפּעטן און אַ גרויע קורטקע. ער איז געווען אָן אַ היטל. זיינע בלאָנדע האָר האָבן געגלאַנצט, ווי זיי זאָלן זיין אויסגעשמירט.

— זאָלסט מיך לאָזן רייטן אויפן קינג — האָט חגי אים אָנגעקוקט מיט זיינע שוואַרצע, קינדישע אויגן.

דוד האָט געוואָלט אים ענטפערן, אָבער נישט געוואַגט. ער האָט נאָר מיט ביידע הענט אַ גלעט געטאָן די צוויי ייִנגלעך איבער די קעפּ. די מוסקולן אין זיין פּנים האָבן אַ ציטער געטאָן.

חגי האָט אָנגענומען דודן ביי דער האַנט ווי ער זאָל וואַרטן, אַז דוד זאָל מיט אים גיין.

— אוי! — האָט רינה שטיל אַ קרעכץ געטאָן און זי איז אַרויסגעלאָפן פון צימער.

חגי האָט אָפּגעלאָזט דודן און נאָכגעלאָפן דער מוטער. רפי נאָך אים.

די שטילקייט אין צימער איז געוואָרן אָנגעדראָלן. דער גאַנג פונעם זייגער אויף דער וואַנט איז געוואָרן איבערדריסיק. די דריי מענטשן אין צימער האָבן געפילט דאָס בלוט ריזלען אין זייערע אָדערן. יואל האָט אויסגעשטרעקט די האַנט ווי זי זאָל זיין פאַרשטייפט. ער האָט גענומען דודן אונטערן אָרעם און אים געזאָגט:

— קום, איך וועל דיר ווייזן די שטאַל.

ערשט איצט האָט חנה אויפגעהויבן דעם קאָפּ. גרויסע טרערן זענען געראָנען איבער אירע באַקן.

# כג

די רעגנס האָבן זיך איינגעשטעלט און מיט זיי די ווינטן. אַ לייכטער דורכצוג, ווי אַ פלאַטער, האָט געלופטערט דעם אָרום און געטריקנט די פייכטקייט. דער הימל איז פון טאָג צו טאָג געוואָרן לויטערער און העכער. דער האָריזאָנט האָט זיך כסדר דערווייטערט. דער אָרום איז געוואָרן גרויער. די געוויקסן האָבן אָנגעהויבן שפּראָצן. אין דער לופט האָט זיך געפילט פרישקייט פון אויפגאַנג.

אויך ביי די רחביהס האָט זיך דורך יעדער שפּאַרע געפילט די פרישקייט פון אָנקומענדן פרילינג. דער אָרום איז געווען אָנגעפילט מיטן ריח פון שפּראָצן אַפילו ווען אין אים האָט זיך פאַרמישט די יויערנדיקע זויערקייט פון דער מיסט־גרוב אין הויף. יעדער ביי די רחביהס האָט דערוואַרט דעם פרילינג. דודס פלייס איז געווען קענטיק אין יעדן ווינקל פון דערווירטשאַפט. על פּי רוב איז ער געקומען אין שטוב נאָר שלאָפן. אַ גאַנצן טאָג האָט ער זיך געפונען אין הויף. דער עול פון דער ווירטשאַפט איז געווען אויף זיין אחריות. ער האָט געטאָן די אַרבעט. יואל האָט אים נישט באַדאַרפט זאָגן, אָבער האָט אים צוגעהאָלפן, האָט ווידער ווי פריִער געהאָלפן מעלקן, געוואַשן די מילך־קאַנען, אַוועקגעפירט די מילך, געגאַנגען זיך אָפּרעכענען אָדער איינקויפן און אַכטונג געגעבן דער הויף זאָל זיין ריין, אַ ברעטל זאָל נישט אָפּשטיין און אַ נאָגל זאָל נישט אַרויסשטאַרן. זיין פּנים איז געווען ערנסט, אָבער רויִק. זיינע גוטמוטיקע, גרויע אויגן האָבן יעדעס מאָל אַ קוק געטאָן שיף, געוואָלט זען אַלץ וואָס טוט זיך אין שטוב.

דוד האָט געאַרבעט פון גרויען באַגין ביז דער פינצטער. ער האָט נישט געוואָלט האָבן קיין פרייע צייט. די מידקייט איז פאַר אים געווען נוצלעך, געלאָשן דעם אומרו פון דער נשמה. ער האָט גערייניקט די שטאַל און געלייגט אַכט, אַז די מיסט־גרוב זאָל נישט איבערגיין, געפיטערט און גערייניקט די קי, זיי געמאָלקן און געהיילט יעדע קלענסטע וווּנד ביי זיי. די פעל פון די קי האָט געגלאַנצט. נישט איין מאָל האָט אַ קו, וואָס ער איז צוגעגאַנגען צו איר, אויסגעשטרעקט איר קאָפּ און מיט איר לאַנגער צונג געלעקט זיינע הענט. גענוג געווען, אַז אַ קו זאָל אַ מרוקע טאָן אין דער צייט, ווען ער האָט געמאָלקן אַן אַנדערע, האָט ער זי אויס־געמאָלקן אויסער דער ריי, זי באַפרייט פון דער מילך־לאַסט. ווי נאָר ער איז אַריין אין שטאַל, האָבן די קי גענומען ציקן מיט די אויערן און וואַרפן מיט די ווידלען, אויסגעדרייט די קעפּ און תמימותדיק אים אָנגעקוקט.

ער האָט אויסגעמיטן מענטשן, ער זאָל נישט דאַרפן מיט זיי רעדן, אָבער די בעלי־חיים, וואָס האָבן נישט גערעדט, האָט ער באַדינט גערן. באַזונדערס האָט ער זיך צוגעבונדן צו קינגן. אַן אייזל איז געווען פאַר אים אַ פרעמד באַשעפעניש, וואָס ער האָט נישט געזען ביז ער איז געקומען אין לאַנד. יעדעס מאָל ווען ער האָט געהאַט אַ ביסל צייט איז ער אַריין צו קינגן, האָט אים אַ קלאַפּ געטאָן אין פּאַשלאַדעק און אים אַ רוף געטאָן „נאַרישער קעניג!” אים אַ צי געטאָן ביי די

אויערן און אים געקוקט אין די אויגן, ווי ער זאָל וואַרטן דאָס אייזל זאָל אים עפּעס זאָגן. דאָס אייזל האָט אויסגעשטרעקט דעם קאָפּ, פֿאַרשאַרצט די ליפּן און די נאָזלעכער און געשטשערעט צו אים זיינע גרויסע ציין. „אייזל" — האָט ער אים אַ זאָג געטאָן און איז אַוועק.

ער האָט נישט געוואָלט קיינעם ליב האָבן. קיינער האָט אים נישט ליב געהאַט. ער האָט געאַרבעט. די אַרבעט האָט אויסגעפּילט זיין צייט. ער האָט אין איר אויך געפֿונען באַפֿרידיקונג. ער, וואָס האָט ס׳גאַנצע לעבן נישט געאַרבעט פיזיש, האָט איצט געהאַט דאָס געפֿיל פֿון שאַפֿן. ער האָט איצט אויך געזען זאַכן וואָס זענען פֿריִער געווען פֿאַר אים פֿאַרבאָרגן. ער האָט דערזען ווי אַ שטענגל גלייכט זיך אויס, ווי אַ בלעטל אָדער גרעזל הייבט זיך אויף און ווי אַ קנאָספּ הייבט אָן שפּראָצן. אויך די סביבה איז אים געווען נאָענט. כאָטש ער האָט זיך נישט דערנענטערט צו גאָרנישט, אָבער נישט איין מאָל ווען ער איז געפֿאָרן אין פֿעלד אַריין ברענגען גרינס פֿאַר די בעלי חיים, האָט ער פֿון ווייטנס געקוקט, צי ער זעט נאָך דעם גרויען קאָרמיטענעם דאַך פֿון דער שטאַל אָדער דעם רויטן קאָרמיטענעם דאַך פֿון הויז.

דוד האָט געאַרבעט און געשוויגן. יואל האָט אים נישט געשטערט שווייגן. ער האָט געזען דודס נומער אויף דער האַנט, אָבער ער האָט נישט באַגריפֿן און זיך נישט פֿאַרגעשטעלט וואָס דוד האָט מיטגעמאַכט, דאָך האָט ער אויך געהאַט די כוונה, אַז דוד זאָל זיך איינזעצן ביי אים, באַרויִקן זיין צעווייטיקט געמיט, צוריקקערן זיך צום לעבן.

די קנייטשן אויף יואלס שטערן זענען איצט געוואָרן נאָך טיפֿער. יעדער ציטער פֿון זיין טאַכטערס האַרץ האָט זיך אָפּגערופֿן אויך אין אים. זינט דוד איז געקומען צו אים אין שטוב אַריין האָט ער געטראַכט מער ווי פֿריִער וועגן דער אלמנה, וועגן די יתומים. יעדעס מאָל ווען ער האָט אַ טראַכט געטאָן וועגן זיי, איז אים אויך געקומען אויפֿן געדאַנק: „דוד איז אַ פּליט, אַ געליטענער מענטש". נישט זעלטן איז ער שטיין געבליבן אין הויף אַ פֿאַרטראַכטער. ווען ער האָט זיך געכאַפּט וועגן וואָס ער טראַכט, האָט זיך פֿון אים אַרויסגעריסן אַ טיפֿער זיפֿץ, ווי ער וואָלט זיך פֿאַר עפּעס געשראָקן און באַגערט אין דער זעלבער צייט.

מיט דודן האָט ער ווייניק גערעדט. ווען ער האָט פֿון דער זייט אָבסערווירט זיין אַרבעט, איז אין אים אויפֿגעגאַנגען אַ פֿרייד.

אַנומלט איז ער שטיין געבליבן אין דער טיר און זיך צוגעקוקט ווי דוד נעמט אַראָפּ דאָס יִחוס-בלעכל פֿונעם אויער פֿון דער „שחורה" און פֿאַריאָדינירט די וווּנד פֿון דער נידעריקער, ברייטער, שוואַרצער קו. יואל איז געבליבן מיט אַן אָפֿן מויל פֿון אַנטציקונג. זיין אונטערשטע ליפּ איז געבליבן הענגען. אַ ווײַלע שפּעטער האָט ער אַ זאָג געטאָן:

— דוד, נישט אַנדערש נאָר דו שטאַמסט פֿון אַ גוט.

דוד האָט אויפֿגעהויבן די אויגן און בלויז געשאָקלט מיטן קאָפּ.

יואל האָט נישט געוווסט וואָס זיין קאָפּ־שאָקל באַדייט. ער האָט נאָר פאַר־שטאַנען, אַז דוד וויל אים נאָך אַלץ נישט מגלה זיין ווער ער איז.

דוד האָט פאַרזשמורענדיק די אויגן געזאָגט:

— ווען איר זאָלט וויסן ווער איך בין, וואָלט איר מיך פאַרטריבן.

יואל האָט אים נאָר אַ זאָג געטאָן: „גו, גו!" — און איז אַוועק.

אויך רינה, וואָס האָט איצט ווידער זיך געפּאָרעט ביי די הינער, האָט געזען ווי דוד אַרבעט. זי האָט אים שוין שטיל געדולדעט. עס האָט איר שוין נישט געאַרט וואָס אַ פרעמדער געפינט זיך ביי זיי. זי האָט געזען די באַציִונג צווישן פאָטער און דודן און האָט זיך געהאַלטן ווייט פון זיי, געוואָלט, אַז דוד זאָל זיין פאַר איר דער פרעמדער וואָס אַרבעט ביי זיי אַפילו אָן איר הסכמה. ווען זי איז אים פאַרבייגעגאַנגען, האָט זי אָפּגעווענדעט דעם בליק, זי זאָל אים נישט זען.

ווען זי איז אַ מאָל אַרויס פון דער הינערשטייג און ער, אין דער גופיה, האָט אַראָפּגעלאָזט פון זיך אַ גרויסן פולן זאַק, איז זי אַ ווילע שטיין געבליבן, באַטראַכט זיינע מוסקולירטע הענט און אַקסלען און זיין בלאָנדע, צעשויבערטע טשופּרינע. באַלד האָט זי זיך געכאַפּט פאַר וואָס זי שטייט און האָט זיך איילִיק אַ לאָז געטאָן גיין, ווי זי זאָל אַנטלויפן און זיך אומגעקוקט, צי קיינער האָט נישט געזען.

נאָך בולטער איז געווען איר אָנשטרענגונג אין שטוב. אין הויף האָט די אַרבעט פאַרנומען אַלע אירע מחשבות. די קי און די עופות, מיט וועלכע זיי האָבן זיך מטפל געווען, האָבן נישט גערעדט. אין שטוב, ווען זיי זענען זיך צונויפ־געקומען, האָבן זיי געמוזט רעדן. יעדער באַזונדער האָט זיך די מי געגעבן, ער זאָל נאָר זאָגן דאָס נויטיקסטע און אויך דאָס האָט מען געזאָגט מיט אָפּגעהאַקטע זאַצן. צו אַן אַלגעמיין געשפּרעך איז נישט דערגאַנגען. קיינער האָט נישט געוואָלט אויסגעבן זיינע געפילן. יעדער באַזונדער האָט געוואַרט אויפן מאָרגן, דעם קומענדיקן. ווער עס איז נאָר אַריין אין שטוב האָט אָנגעשטעלט זיין געהער, געוואָלט הערן. אונטער איין דאַך האָבן געלעבט די משפּחה רחביה און דוד, דער פרעמדער, וואָס נאָר די אַרבעט האָט זיי פאַרבונדן.

די מענטשן אין דאָרף, ווען עס איז זיי אויסגעקומען פאַרבייצוגיין די רחביהס, האָבן געכאַפּט אַ קוק אין זייערע פענצטער, געוואָלט זען וואָס עס קומט פאָר ביי זיי, געזען אין הויף דודן אַרבעטן, געזאָגט „שלום", כאָטש קיינער האָט מיט אים נאָך נישט געהאַט גערעדט. דוד איז נישט געווען זיכער צי דאָס מיינט מען אים, האָט ער יעדן אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און וויטער געטאָן זיין אַרבעט.

אין די נעכט, ווען פינצטערניש אין דאָרף איז געוואָרן געדיכטער, די פענצטער פון די הייזקעס פאַרלאָשן, איז דוד אַרויס פון שטוב און זיך געשלייכט איבערן דאָרף, איינגעאָטעמט אין זיך די רו און די שטילקייט, געווען מיט זיך. עס האָט אים באַהערשט אַן אומקלאָר געפיל פון באַוווּנדערונג פאַר דער אַרומיקער רחבות. זיינע אויגן האָבן דורכגעבויערט די ווייטקייט, ווי ער וואָלט דאָרט געזוכט די באַפרייאונג פון זיינע טרויעריקע זכרונות. דער ווינט טראָגט אַוועק דעם עכאָ פון אַזוי פיל עוולות אין דער לופטן, אָבער די עוולות האָבן גאָר קיין שיעור נישט.

די מענטשן אין דאָרף האָבן אים נאָכגעקוקט. זיי זענען געווען נייגעריק צו וויסן ווי ער פירט זיך אויף, וואָס ער טוט און וווּ ער גייט. כמעט קיינער פון די דאָרפס־מענטשן האָט נישט געוווּסט, אַז יואל האָט געקריגן אַ גוטן אַרבעטער. יואל האָט בעתן טרעפן זיך מיט וועמען פון דאָרף בכוונה נישט דערמאָנט דודס נאָמען, ווי ער זאָל נישט עקזיסטירן. ער האָט מיט קיינעם פון זיי נישט פאַרפירט קיין שמועס, ער זאָל מוזן דערמאָנען דודן, האָט זיך געהיטן ער זאָל נישט מוזן פאַר זיי מגלה זיין דאָס וואָס ער פאַרשטעלט פאַר אַלע.

חנה האָט גייענדיק אין דער צרכניה אַריין איינקויפן אויסגעמיטן באַקאַנטע, נישט געוואָלט מיט קיינעם פאַרפירן אַ שמועס. די פרויען פון זייער זייט האָבן זי נישט באַלעסטיקט, געשוויגט, ווייל אַלע אין דאָרף האָבן געוווּסט, אַז רינה איז געווען קעגן צונעמען אַן אַרבעטער.

רינה האָט אפילו זיך נישט באַוויזן אין דאָרף. פון מאָל צו מאָל איז זי מיט אַ הינטערוועג אַוועק שפּאַצירן איבער די פעלדער, געשלייכט זיך איבער די שטעגן אַ פאַרטראַכטע. אַלע אין דאָרף האָבן געוווּסט, אַז ביי די רחביהס אין הויז איז די לאַגע אַן אָנגעשטרענגטע, אָבער מען האָט אויסגעמיטן צו רעדן וועגן דעם.

די לופט איז מיט יעדן טאָג געוואָרן לויטערער, די טעג העלער, אָבער אין די צימערן ביי די רחביהס איז געווען גרוי. עס האָט זיך געדאַכט, אַז אין די ווינקלען לויערן שאָטנס און אָט, אָט וועלן זיי זיך פונאַנדערקריכן איבער די צימערן. חנה האָט זיך געעלטערט. אירע האָר זענען נאָך גרויער געוואָרן, איר אויבערשטע ליפּ איינגעשרומפּן, איר פּלייצע קיילעכיק, אָבער געאַרבעט האָט זי נאָך שנעלער ווי פריִער און געשוויגן. אָפט האָט זי אַ קרעכץ געטאָן, ווי פון ווייטאָג: „אוי!" שטיין געבליבן אין מיטן דער אַרבעט, אויסגערענגט די פינגער און דערביי זיך געשאָקלט, ווי זי זאָל דאַוונען. פון מאָל צו מאָל האָט זי זיך אַ כאַפּ געטאָן ביי די אויגן. זיי האָבן איר געברענט. זי האָט זיי אויסגעווישט, ווייל זיי זענען געווען פול מיט טרערן.

אין אַ בין־השמשות איז זי צוגעגאַנגען צום פענצטער און זי האָט דערזען ווי רינה מיט אַ קיישל אייער און דוד מיט צוויי מילך־קאַנען אין די הענט מיידן זיך אויס מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן, ווי זיי זאָלן זיך נישט זען. זי האָט אַראָפּגעלאָזט די הענט און ווי געפרעגט זיך: „אַזוי זינדיק בין איך, אַז איך מוז דאָס אַלץ צוזען?".

אין צימער איז אַריין יואל. זיינע באַוועגונגען זענען געווען רויִקע. ער האָט געקוקט אויף חנהן און אַלץ אַרויסגעלייענט פון איר פּנים. ער איז צוגעגאַנגען צו איר, צוגעדריקט זי צום האַרצן.

— מ'טאָר נישט, חנה, פאַרלירן דעם מוט — האָט ער געזאָגט — אין לעבן קומט אויס דורכצומאַכן שווערע נסיונות.

זיין קול האָט געקלונגען וואַרעם און עס האָבן אין אים געציטערט רחמנות און האָפענונג.

ער האָט אַ טרייסל געטאָן מיטן קאָפּ ווי ער וואָלט זיך אַליין דערשראָקן פאַר

די רייד זיינע, אים איז געוואָרן שווער צו געפינען זיין גלייכגעוויכט, האָט ער אַ פינטל געטאָן מיט די אויגן און אַ זאָג־געטאָן:

— איך גיי מעלקן — און ער איז אַרויס פון שטוב.

אויפן הויף איז ער געבליבן שטיין באַדעקט מיט שוויס און צעחושט. אויפן קול האָט ער אַ זאָג געטאָן אין חלל אַריין:

— דוד, איך קום שוין — ווי ער זאָל אים האָבן געזען פון ווייטנס, כאָטש ער איז נישט געווען אויפן הויף. ער האָט איצט געמוזט הערן זיין אייגן קול און געוואָלט איבעררייסן זיינע געדאַנקען, באַפרייען זיך פון דעם מאָדנעם געפיל, וואָס האָט אים באַהערשט און איז געווען אין סתירה מיט זיין כאַראַקטער. ער האָט איצט געמוזט עפּעס טון און איז אַוועק אין שטאַל אַריין.

אַ פרעמדער, וואָס איז אַריין צו די רחביהס, האָט באַקומען דעם איינדרוק, אַז דאָס לעבן ביי זיי פירט זיך אידיליש און שלווהדיק. אינעם הויף און אין די שטובן זייערע איז געווען שטיל, נאָר אַ קריי פון אַ האָן אָדער אַ מרוק פון אַ קו האָט זי פונאַנדערגעריסן. פון מאָל צו מאָל האָט אויך דאָס אייזל געלאָזט זיך הערן מיט אַ פאַרעקשנטן יאָמער. דאָס איז אָבער געווען נאָר למראית עין, אַ שלייער, הינטער וועלכן עס שפּילן זיך אָפּ שווערע ראַנגלענישן.

דוד האָט זיך באַמיט, ער זאָל וואָס ווייניקער דאַרפן זיין אין שטוב מיט די מענטשן, וואָס זענען אים פרעמד. פון דער אַנדערער זייט האָט אים געצויגן אין שטוב אַריין. ער האָט געוואָלט זיצן ביים טיש, פילן אונטער זיך דאָס בענקל סתם אַזוי פאַר הנאה וועגן. ער האָט געוואָלט זען ווי חנה פּאָרעט זיך, ווי יואל נעמט אָן אַ פולן לעפל אין טעלער און גיט אַ זופּ פון אים. ער האָט געוואָלט הערן רינהס טריט און די קולות פון די יינגלעך, ווען זיי האָבן זיך געשפּילט. אַ מאָל, אַ מאָל איז ער יאָ זיצן געבליבן ביים טיש, אָנגעלענט אויף די עלנבויגנס. ער האָט געהאַט דאָס געפיל, אַז ער געפינט זיך אין זיין אַמאָליקער היים אין פּוילן, אָבער באַלד זענען אויפגעשוווּמען פאַר אים די בילדער, וואָס ער האָט געטראָגן טיף אין האַרצן און ער איז אויפגעשפּרונגען, אַרויסגעלאָפן אויפן הויף. די שטוביקע האָבן דערשטוינט אים נאָכגעקוקט און געשוויגן.

דודס אָנוועזנהייט אין שטוב האָט מען געפילט אַפילו ווען ער איז געווען אין שטאַל אָדער אין פעלד. ביי די רחביהס האָט קיינער עס נישט אַרויסגעזאָגט, אָבער יעדנס אויפפירונג האָט געזאָגט: „פאַראַן אַ פרעמדער מענטש אין שטוב".

רינה איז אַרומגעגאַנגען אַ דענערווירטע, געענוג געווען זי זאָל דערזען דודן פון ווייטן און אירע הענט האָבן זיך אַ טרייסל געטאָן. עס האָט געדויערט ביז זי האָט זיך באַהערשט און געקאָנט אַרבעטן ווייטער. נישט איין מאָל איז זי שטיין געבליבן אין מיטן דער אַרבעט און זיך אומגעקוקט, געזוכט דודן. איר האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז ער געפינט זיך נאָענט נעבן איר. אַ מאָל האָט זי אַפילו איבער־געלאָזט די אַרבעט און געגאַנגען זען וואָס ער טוט, געוואָלט מיט אים רעדן, אָבער אַז זי האָט אים דערזען, האָט איר פאַרפעלט דרייסטקייט און זי איז צוריק אַוועק, ווי זי זאָל אים נישט האָבן באַמערקט. זי האָט זיך געוווּרט, נישט געוואָלט זיך

דערנענטערן צו אים, געגעבן אים באַפעלן מיט אַ טרוקענער שטימע: „לייג צונויף די שטרוי" אָדער „שטעל צונויף די קאַנען". זי האָט אים נישט גערופן ביים נאָמען, האָט געוואָלט זיך אַליין איבערצייגן, אַז זי באַפעלט אים.

ער האָט קיינמאָל נישט געענטפערט. ער האָט זי נאָר אָנגעקוקט מיט זיינע גרויע ווי שטאָל אויגן און געגאַנגען טאָן וואָס זי האָט פאַרלאַנגט.

זי איז יעדעס מאָל אַוועקגעגאַנגען מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן, ווי אַ מיידעלע וואָס האָט זיך פאַרזינדיקט. פון אָנהויב אָן האָט זי געפרוווט זיך איינרעדן, אַז ער איז ביי זיי נאָר אַ צייטווייליקער אַרבעטער, אָבער ווען ער איז אַוועקגעפאָרן אין פעלד אַריין, איז זי מיט לייכטע טריט, אַז קיינער אין שטוב זאָל נישט הערן, אַריין צו אים אין צימער, נישט פאַרמאַכט הינטער זיך די טיר, מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם באַטראַכט ווי אַזוי ער וווינט, ווי אַזוי ער פאַרבעט דאָס בעט, ווי אַזוי עס הענגען זיינע מלבושים אויף דער וואַנט. זי האָט יעדעס מאָל אַ קוק געטאָן צי זיינע וואַליזעס שטייען אונטערן בעט. זי האָט זיך אויך איבערגעבויגן אויף איין פוס און אַ קוק געטאָן וויפל ער האָט אָפּגעטרונקען פונעם פלעשל קאָניאַק, וואָס ער האָט געהאַלטן אין ווינקל אונטערן בעט. אַ מאָל האָט זי אַפילו אָנגעצויגן דעם קאָץ אויף זיין בעט, עס זאָל זיין גלייך פאַרבעט. זי האָט צום וויפלסטן מאָל שוין אייליק איבערגעבלעטערט די „וועלט־וואָכע" און די „דזשערוזאַלעם פּאָסט", ווידער אַמאָל אַ קוק געטאָן אויף די צוויי ביכער „תעודה ויעוד" פון מאַרטין בובער און „גאַלילעי אין געפאַנגענשאַפט" פון מאַקס בראָד. זי האָט געוווּסט, אַז דאָס ערשטע בוך איז אין עברית, דאָס צווייטע אין דייטש. זי האָט יעדעס מאָל אַ ווײַלע געהאָרכט, צי עס גייט נישט ווער. לסוף פאַרמאַכט די טיר און אייליק אַוועק.

יעדעס מאָל ווען זי האָט אים געזען ביי דער אַרבעט אַ פאַרשוויצטן אין אַ צעכראַסטעטע העמד, איז זי שטיין געבליבן און פון וויטנס באַטראַכט זיינע ברייטע, פולע אַקסלען, זיינע שטאַרקע הענט. יעדעס מאָל האָט זי זיך אומגעקוקט, צי קיינער האָט זי נישט געזען און איז אייליק אַוועק. אויך ווען זיי האָבן זיך געטראָפן ביים טיש, האָט זי פון דער זייט באַטראַכט יעדע זיינע באַוועגונג און דערביי געזען זיין הויכן האַלדז, זיינע שטאַרקע קינבאַקן און זיין בלאָנדע טשופּרינע. זי איז כסדר זיצן געבליבן מיט אָפענע ליפּן, ווי אַ קינד וואָס וויל וויינען.

אין אַ נאָכמיטאָג, ווען דורך די אָפענע פענצטער פון עס־צימער איז אַריין דער ריח פון דער זאַפטיקער פרישקייט אין די פעלדער, איז רינה געשטאַנען אונטערן זייגער מיט אַ טישטעך אין האַנט ווי צום צונויפלייגן און באַטראַכט דודן ווי ער זיצט און טרינקט זיין קאַווע. „אויך אַ בלאָנדער" — האָבן אירע ליפּן אַ פלויש געטאָן נישט הערבאַר, אָבער איר מוח האָט גלייך באַגריפן דעם זין פון די ווערטער און זי האָט שטיל אַ קרעכץ געטאָן, „אוי!". זי האָט אַ קוק געטאָן צי ער האָט געהערט, אַ וואָרף געטאָן דאָס טישטעך אויף אַ בענקל און איז אַרויסגעלאָפן פון צימער.

דוד האָט אַ קוק געטאָן וווהין זי גייט און געטרונקען ווייטער די קאַווע.

זי איז אַריין צו זיך אין שלאָף־צימער, אַ קוק געטאָן אויף איר בריית, ליידיק

בעט און איז גלייך צוריק אַרויס, אַוועק צו די קינדער, וואָס האָבן זיך געשפּילט אין אויפנעם־צימער. איר אָטעם איז געוועזן אַ שנעלער, ווי זי זאָל זיך האָבן אָנגע־אַרבעט. זי האָט אַנידערגעקניט און מיט ביידע הענט אַרומגענומען ביידע ייִנגלעך. זי האָט אָנגעלענט איר קאָפּ אויף זיי. אירע אויגן האָבן געקוקט ווייט. די ייִנגלעך האָבן געשמייכלט און זיך ווייטער געשפּילט.

ווען זי האָט זיך באַרויִקט האָט זי געזאָגט:

— קינדער, כ'וועל מיט אייך בויען דאָס הויז.

זיי האָבן זיך פונאַנדערגערוקט, געמאַכט איר אַ פּלאַץ, זי זאָל זיך אַריינזעצן צווישן זיי און איר צוגערוקט די קלעצלעך, מיט וועלכע זיי האָבן געבויט.

אין די פרייע שעהן, אין די אָוונטן האָבן זיך אַלע דאָך צונויפגעטראָפן אין עס־צימער. דאָס זייך צוזאַמען איז געווען אויפגעצווונגען פון דער צייט און פון די אומשטענדן אין שטוב. איבערהויפּט האָבן דוד און רינה זיך באַשרענקט. איינער האָט געפילט דעם אַנדערנס אָנוועזנהייט. פון יעדן האָט געשפּאָרט אָנגעזאַמלטער און דערדריקטער כוח, וואָס האָט אין יעדן פון זיי געברויזט. איינער האָט מיט כוח זיך דערוויטערט פון אַנדערן, אָבער ביידע האָבן געהאַט אַ בשותפותדיקן גורל, ביידע האָבן געטרויערט.

זי האָט איר טרויער געטראָגן אין זיך, אָבער האָט געהאַט נעבן זיך אירע עלטערן און זין. ער איז געווען עלנט, נישט געהאַט ווער עס זאָל אים טרייסטן. ער איז כמעט יעדע נאַכט געלעגן אויף זיין געלעגער וואַך ביז אין די שפּעטע שעהן, די הענט אונטערגעלייגט אונטערן קאָפּ און מיט אָפענע אויגן געקוקט אין דער פינצטערניש, ווו ער האָט געזען זיין אַמאָל און זיין חורבן. ער האָט יעדע נאַכט פונסניי איבערגעלעבט זיין אונטערגאַנג.

# כד

אַ לאַנגע צייט האָט קיינער אין שטוב נישט געוווּסט, אַז דוד רעדט און וויינט פון שלאָף, ביז איין מאָל אין אַ נאַכט, ווען רינה איז לאַנג געלעגן אין בעט מיט אָפענע אויגן, אַן אומרויִקע, געהערט ווי איר בלוט־פּולס האַמערט. מיט אַ מאָל האָט זי אויפגעציטערט. איר האָט זיך געדאַכט, אַז זי הערט באַרוועסע טריט. אַ ווײַלע שפּעטער, אַז שרצים לויפן, אָבער אַז זי האָט זיך צוגעהערט האָט זי באַגריפן, אַז דאָס ברעדעט אַ מענטש און עס קומט פון דודס צימער. אַ צייט האָט זי זיך איינגעהערט. ווען עס איז שטיל געוואָרן, האָבן די אויגן אירע זיך גענומען קלעפּן און זי איז איינגעשלאָפן.

פון דעמאָלט אָן איז איר שלאָף געוואָרן נאָך אומרויִקער. נאַכט נאָך נאַכט האָט זי זיך איבערגעוועקט און מיט פיבערדיק־געשפּאַנטע אויערן געלעגן און זיך איינגעהאָרכט. ביים קלענסטן רויש האָט זי זיך אויפגעזעצט. ווי נאָר עס האָט

זיך איר אויסגעדאַכט, אַז זי הערט קולות, איז זי אַראָפּ פון בעט, געגאַנגען זען, געוואָלט זיין זיכער.

מיט דער צייט איז איר קלאָר געוואָרן, אַז דוד רעדט און וויינט פון שלאָף. זי האָט זיך איינגעהערט אין די אָפּגעהאַקטע ווערטער, וועלכע זי האָט געוואָלט פאַרשטיין, אָבער ער האָט גערעדט ווי ער זאָל יענטשען און צום סוף זיך צעוויינט פון ווייטאָג. נישט איין מאָל איז זי אין מיטן נאַכט געשטאַנען ביי זיך אין צימער, אַ באָרוועסע, אין דער פּיזשאַמע, געוואָלט הערן וואָס ער רעדט און וואָס מיט אים קומט פאָר. ערשט ווען ער איז שטיל געוואָרן איז זי צוריק אַריין אין בעט.

איר צימער איז געווען דער לעצטער אין דער רעכטער זייט פון קאָרידאָר. זיין צימער האָט זיך געפונען ביים סוף פון קאָרידאָר אין שכנות מיט איר. דאָס איז געווען אַ קליין צימערל מיט אַ שמאָל פענצטער אין דער הויך. פריער איז עס געווען אַ צימער פאַר געסט.

אין איינער פון די נעכט, וואָס איז געווען פאַרנע, ווי עס טרעפט אין זומער, האָט דוד זיך צעשריגן אויפן קול: „ניין! ניין!״.

רינה אַן איבערגעוועקטע און דערשראָקענע איז אַראָפּ פון בעט און אַרויס אויפן קאָרידאָר. זי האָט זיך געשאַרט ביי דער וואַנט מיט אויסגעשטרעקטע הענט. נאָענט פון זיין טיר איז זי שטיין געבליבן, אַ צוגעדריקטע צו דער וואַנט און געהערט ווי ער שרייט היסטעריש: „דאָרט נישט, דאָרט ברענט מען״... באַלד האָט ער זיך יאָמערלעך צעוויינט. ווען ער איז שטיל געוואָרן האָט זי פאַרמאַכט די אויגן און געאָטעמט מיט אַן אָפן מויל, דורכגענומען פונעם קאָשמאַר וואָס זי האָט איבערגעלעבט.

— רינה, גיי שלאָפן!

די געדיכטע פינצטערניש האָט ווי אַ קלאַפּ געטאָן איר אין מוח. זי האָט דערקענט דעם פאָטערס קול.

ער איז געשטאַנען הינטער איר. ער האָט צוזאַמען מיט איר געהערט דודס געשרייען און איז אַרויס אויפן קאָרידאָר, ווו ער האָט דערהערט רינהס באָרוועסע טריט.

נישט זאָגנדיק קיין וואָרט, איז זי אַוועק צו זיך אין צימער. דער פאָטער איז אַריין צו זיך. אויף צו מאָרגנס גאַנץ פרי, ווען יואל האָט זיך געטראָפן מיט רינהן אין הויף, האָט איינער דעם אַנדערן שנעל אַ זאָג געטאָן „גוט מאָרגן״, און נישט רעדנדיק מער קיין וואָרט געגאַנגען יעדער צו זיין אַרבעט.

שוואַרצע רעמלעך, ווי האַלבע לבנהס, זענען געזעסן אונטער רינהס אויגן. זי איז די פאַרגאַנגענע נאַכט נישט געשלאָפן. דודן האָבן זיי ביידע נישט געזאָגט קיין וואָרט ווי זיי זאָלן גאַרנישט האָבן געהערט, אָבער פון יענער נאַכט אָן האָבן זיי געקוקט אויף דודן מיט אַ געמיש פון נייגער, פאַרווונדערונג און מיטלייד.

דוד האָט געפילט ווי רינה און יואל קוקן אויף אים בגניבה. ער האָט נישט געוווּסט פאַר וואָס, אָבער ער האָט זיך משער געווען.

יעדעס מאָל ווי נאָר ער האָט זיך איבערגעוועקט און זיין מוח איז וואַך געוואָרן,

האָט ער דאָס ערשטע אַ קלער געטאָן: „איך האָב געחלומט, געשריגן, די שטוביקע האָבן געהערט?". דאָס האָט אויף אים געווירקט ווי אַ צוגאָב צו זיינעליידן, ער איז געוואָרן דערשלאָגן, האָט זיך געשעמט. ווי נאָר ער האָט אָפּגעגעסן איז ער אויפגעשטאַנען פון טיש און אַריין צו זיך אין צימער.

ער האָט זיך אַרויפגעוואָרפן אויפן בעט און געלעגן מיט פאַרמאַכטע אויגן, ווי אונטער אַ באַרג, נישט געוואָלט טראַכטן, אָבער עס האָט זיך אים נישט איינגעגעבן און ער איז בגניבה, די שטוביקע זאָלן נישט באַמערקן, אַרויס פון שטוב, ווידער געשפּרייזט איבער די פעלד־שטעגן.

דער האָריזאָנט איז געווען שוין גרוי און נידעריק, ווען ער איז שטיין געבליבן אין פעלד און זיך געפּרעגט שטיל, ווי ער זאָל קרישלען די עטלעכע ווערטער: „איבערלאָזן די אַרבעט?" ער האָט באַלד זיך געענטפערט, ווי ער זאָל אַדורכשטופּן די ווערטער דורך די ציין: „אַ שאָד די בהמות". ער האָט זיך געשעמט פאַר זיך. ער האָט געוווּסט, אַז ער זאָגט זיך אַליין ליגן.

ער, וואָס זינט ער איז געקומען אין לאַנד, האָט אַלץ געטאָן זיך נישט צו דער'נענטערן צו מענטשן, איז איצט אַרומגעגאַנגען מיט אַ געפיל, ווי אַלע זעען אים אַ נאַקעטן. ער האָט זיך געמאַטערט, נישט געקאָנט באַרויִקן זיין געמיט. ער האָט געוואָלט ווייטער בלייבן נאָר מיט זיך אַליין, אָבער עס איז אים שוין נישט געלונגען. די משפחה, ביי וועלכער ער האָט זיך געפונען, מיט זיי געאַרבעט, געוווינט, געלעבט צוזאַמען, האָט אים געגעבן דאָס געפיל פון זיין אַמאָל. באַזונדערס נאָענט געוואָרן זענען אים די צוויי יינגלעך. ביי יעדער באַגעגעניש האָט זיך אים געדאַכט, אַז זיי קוקן אויף אים מיט פאַרווּנדערונג און געבעט. ער האָט געשוויגן, נישט געוואָגט זיי זאָגן אַ וואָרט, אָבער ביי יעדער געלעגנהייט איז ער שטיין געבליבן און פון דער זייט צוגעקוקט ווי די באָבע און די מאַמע פאַרנעמען זיך מיט זיי. דער קלאַנג פון זייער יעדן אַרויסגעזאָגטן וואָרט האָט אין אים צוריק דערוועקט זיין פאָטערלעכקייט, וואָס איז אַזוי גרויזאַם איבערגעריסן געוואָרן.

די קינדער האָבן געמילדערט זיין פּיין. ער האָט געוואָלט זיי דערפאַר אָפּדינען און אויך זיי העלפן, זיי פאַרגרינגערן זייער פאַריתומטע קינדהייט. נישט זאָגנדיק קיין וואָרט און נישט פרעגנדיק ביי קיינעם האָט ער אין הויף הינטער דער וועראַנדע אוועקגעשטעלט אַ פּירעקיקן פּלויט, צונויפגעקלאַפּט פון לייסטן. אין דעם אָפּגעצוימטן שטח האָט ער אַריינגעלאָזט פינף יונגע קאַטשקעס, צוויי יונגע גענדז און אַ יונגע פאַווע. די אַלע עופות האָט ער געקויפט אין די אַרומיקע דערפער פאַר זיין אייגן געלט. דאָס האָט ער פאַרלייגט אַ שטייג פאַר די קינדער, זיי זאָלן האָבן מיט וואָס זיך צו פאַרנעמען.

ער פלעגט שטיין אין אַ זייט און צוקוקן זיך ווי די יינגלעך גיבן די עופות וואַסער און קערנער. ער האָט געהערט ווי ביידע יינגלעך שרייען זיך איבער: „גיב נאָך, זיי זענען הונגעריק!" צוזאַמען מיט די יינגלעך האָט ער אָנגעקוואָלן ווי די פאַווע האָט פונאַנדערגעעפנט איר ווידעל ווי אַ פעכער. ער האָט זיי אויפגעבויט, פון אַ קאַסטן מיט רעדלעך און אַ שטריק, אַ וואָגן אין וועלכן זיי זענען זיך אַרומ־

געפּאָרן איבערן הויף. אַ מאָל, אין אַ נאָכמיטאָג, ווען אים האָט זיך געדאַכט, אַז די דערוואַקסענע שלאָפן און זיי וועלן נישט זען, האָט ער איינגעשפּאַנט דאָס אייזל אין וואָגן און אַרומגעפּאָרן מיט די ייִנגלעך איבערן הויף. די ייִנגלעך האָבן געהאַלטן די לייצעס. ער איז געגאַנגען און געפירט דאָס אייזל ביי דער מאָרדע. צו דער פרייד פון די ייִנגלעך איז נישט געווען קיין גרענעץ. אים האָט די זאַך הנאה געטאָן.

דוד איז פאַר די ייִנגלעך געווען דער מענטש וואָס אַרבעט צוזאַם מיטן זיידן, אָבער פאַר זיי איז ער שוין געווען די מאָסגעבנדיקע אויטאָריטעט. צו אים האָבן זיי זיך געוואָנדן מיט יעדע בקשה און פאַרלאַנג: „דוד, דאָס אייזל שרייט, ער איז הונגעריק", אָדער „דוד, דאָס רעדל פון אונדזער וואָגן איז אַראָפּגעפאַלן", צי „דוד, די גרויע גאַנדז לאָמט". ער האָט יעדעס מאָל זיי אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, אַז ער האָט געהערט און איז געגאַנגען בודק זיין די זאַך. ער איז אויך געוואָרן די קינדערס בעל־סוד, ווייל ער איז געווען דער שטאַרקער מאַן אין שטוב, אויף וועמען זיי האָבן זיך געקאָנט פאַרלאָזן.

ווען די אַרבעט האָט נישט אונטערגעיאָגט האָט דוד זיך געפּאָרעט אויפן הויף. ער איז געגאַנגען פון איין אָרט צום אַנדערן: האָט אויסגעאיילט אַ זאַוויאַסע, די טיר זאָל נישט סקריפּען, אַריינגעקלאַפּט אַ נאָגל, אַז דאָס קאָמער־ברעט זאָל נישט אָפּשטיין. חגי האָט נישט איין מאָל אויסגענוצט די געלעגנהייט. ער האָט אַ נעם געטאָן רפין ביי דער האַנט און מיט אים צוגעגאַנגען צו דודן און אים אַ בעט געטאָן: „דערצייל אונדז אַ מעשה".

דוד האָט זיך אומגעקוקט, צי קיינער זעט נישט און האָט אַ נעם געטאָן די ייִנגלעך ביי די הענט און מיט זיי אַוועק אונטערן שטרוי־שייער, אַוועקגעזעצט אויפן שטרוי און יעדעס מאָל זיי דערציילט אַן אַנדערע אויסגעטראַכטע מעשה וועגן הונ־געריקע חיות וואָס קומען אין די דערפער אַריין זוכן עסן, וועגן אַ שטוביקן הונט וואָס האָט אָפּגעהיטן די קינדער פון אַלעם שלעכטן, האָט זי אויך דערציילט, וועגן פאַרשנייטע וועלדער, וועגן אַ באָבע מיט אַ זיידן וואָס קומען פון ווייט און ברענגען מתנות פאַר די אייניקלעך. ער האָט זיך באַמיט זיי דערציילן מעשיות, וואָס האָבן באַלערנט און דערצויגן, אָבער קיין איין מאָל האָט ער נישט דערציילט קיין מעשה וועגן אַ טאַטן. בשעת ער האָט זיי דערציילט איז זיין קול געווען ווייך. די ייִנגלעכס אויגן האָבן געגלאַנצט פון אַנטציקונג. זיי האָבן אים אויסגעהערט מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם אַפילו ווען רפי האָט קוים פאַרשטאַנען דעם אינהאַלט. דודס גרויע אויגן האָבן געגלאַנצט, די הויט אין זייערע ווינקלען איז געווען געגרינצלט. דאָס האָט ער אַזוי געשמייכלט.

די קינדער האָבן זיך צו אים צוגעבונדן אָבער יעדעס מאָל, ווען חגי האָט זיך צו אים געוואָנדן, האָט ער זיך אומגעקוקט, צי די מאַמע זעט. ער האָט געוווּסט, אַז דער מאַמען פאַרדריסט ווען ער טוט דאָס, כאָטש ער האָט נישט פאַרשטאַנען פאַר וואָס.

אין אַ נאָכמיטאָג איז דוד געזעסן מיט אויסגעשטרעקטע פיס אונטערן מיל־גרוים־בוים.ביידע יינגלעך זענען שטיין געבליבן אים אַנטקעגן.

— ביסט מיד? האָסט נישט קיין כוח — האָט חגי אים געפרעגט מיט מיטלייד.

— איך האָב כוח, איך רו — האָט דוד אים געענטפערט.

— דוד איז נישט קראַנק, דוד איז שטאַרק! — האָט אויך רפי אויפגעקלערט דעם ברודער און ער האָט אויפגעהויבן אַ פּאָר פאַרביילטע פויסטן, געוויזן חגין ווי שטאַרק דוד איז.

חגי האָט זיך אָנגעלענט אין דודן. רפי האָט אים נאָכגעטאָן און זיך אָנגעלענט אין דודן פון דער צווייטער זייט.

דודס שפּיץ נאָז איז ווייס געוואָרן. ער האָט אָפּגעאָטעמט און זיך פאַרכלינעט ווי ער זאָל זיך קרעקן.

מיט אַ מאָל האָט חגי אים אַ בעט געטאָן:

— קום מיט אונדז שפּאַצירן.

דודס אויגן זענען געוואָרן פאַרגלייזט, ווי זיי זאָלן זיין פון אַ געשליפענעם מעטאַל. ער האָט פאַרביסן די ציין. זיינע קינבאַקן זענען געוואָרן בולט. ער האָט אונטערגעצויגן די פיס און איז אויפגעשפּרונגען. ער האָט אָנגענומען די יינגלעך ביי די הענט און געזאָגט:

— עס איז הייס, די זון ברית, איצט דאַרף מען רוען — און זיי געפירט אין שטוב אַריין.

אין דעם מאָמענט האָט רינה זיי אַ רוף געטאָן:

— חגי, רפי, קומט אַ היים!

זי איז שטיין געבליבן אין דער אָפענער טיר. אירע באַקן האָבן אַ פלאַם געטאָן און באַלד בלייך געוואָרן זעענדיק ווי דוד פירט די קינדער ביי די הענט.

די קינדער האָבן זיך אַ ריס געטאָן. זיי האָבן איבערגעלאָזט דודן און זיך אַ לאָז געטאָן לויפן צו דער מוטער.

דוד איז שטיין געבליבן ווי רינה זאָל אים האָבן געכאַפּט ביי אַן עבירה. אויך די יינגלעך זענען אַדורכגעלאָפן איר אונטער די הענט אין שטוב אַריין. זיי האָבן געוווּסט, אַז די מאַמע איז בייז. ערשט איצט האָט רינה קוים מערקבאַר אים אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ. זי איז אַריין אין שטוב און פאַרמאַכט הינטער זיך די טיר. דוד איז צוריק אַוועק און ווידער ווי פריִער זיך אַוועקגעזעצט אונטערן מילגרוים־בוים.

— שלעכטע יינגלעך — האָט די מוטער געזאָגט, אָבער דער אויסדרוק פון איר פּנים איז געווען אַ מילדער.

די קינדער האָבן נישט געוואָגט איר צו ענטפערן. זי האָט זיי אָנגענומען ביי די הענט און זיי אַריינגעפירט אין זייער צימער, זיי אַוועקגעזעצט און אַראָפּ־גענומען די סאַנדאַלן פון די פיס. זיי האָבן אַראָפּגעצויגן פון זיך די העמדער און זענען אַרויפגעשפּרונגען אויף די בעטן. זי איז אַוועק צו זיך אין צימער.

זי האָט אויסגעטאָן די לאַטשן, אַראָפּגענומען די אויבערשטע מלבושים און

זיך אַוועקגעלייגט אויפֿן פֿאַרבעטן בעט. פֿון דער רגע אָן האָט זי געהאַט דאָס געפֿיל, אַז נעבן איר ליגט יהודה. זי איז געלעגן אויף אַ זייט מיטן פּנים צו אים און אין די געדאַנקען אים דערציילט און געפֿרעגט וועגן אַלץ וואָס איר איז געווען אויפֿן האַרצן, וועגן וואָס זי האָט געטראַכט: וועגן דודן, די קינדער, דער שטוב און די עלטערן. מיט אַ מאָל האָט זי אַ געשריי געטאָן פֿאַרשטיקט, איז אַראָפּגעשפּרונגען פֿון בעט און זיך אַרומגעקוקט. איר בליק איז געווען וואַנזיניק.

אין צימער איז געווען שטיל און טונקל. די פֿענצטער־לאָדנס זענען געווען פֿאַרמאַכט. זי האָט אַריינגעשטעלט די פֿיס אין די לאַטשן און איז אַרויס פֿון צימער, ווי זי זאָל אַנטלויפֿן. דורך דער אָפֿענער טיר האָט זי אַ קוק געטאָן צו די קינדער. זיי זענען געשלאָפֿן. זי איז אַוועק אין עס־צימער.

— מאַמע, איך וויל טרינקען — האָט זי אַ זאָג געטאָן צו חנהן און זיך אָפּגעטרייסלט פֿון קעלט, כאָטש אין שטוב איז געווען הייס. דער אויסדרוק פֿון איר פּנים איז געווען האַרב און איר קוק שפּיזיק.

— פֿאַראַן קאַווע אין אייזשאַנק — האָט די מוטער געענטפֿערט קוקנדיק אויף איר פֿון דער זייט. — כ'גיי זיך צולייגן.

די מוטער איז אַרויס פֿון צימער.

טאַטע־מאַמע האָבן געשוויגן, אָבער זיי האָבן אַלץ געזען. דאָס שווייגן האָט זיי געשטיקט. זיי האָבן געטאָן די אַרבעט, אָבער יעדן פֿון זיי איז געווען שווער דער אייגענער קערפּער. זיי אַליין איז שווער געווען זיך אָפּפּאַרטיקן מיט דער אַרבעט. ווי נאָר זיי האָבן געזען די ייִנגלעך, אַפֿילו פֿון ווייטנס געהערט זייערע קולות, האָבן זיי שוין געזען יהודהן, זייער טאַטן. אָבער די טאָג־טעגלעכקייט, די ווירקלעכקייט איז געווען דער הויכער, ברייטפּלייציקער, בלאָנדער מאַן וואָס האָט זיך אַרומגעדרייט אין שטוב.

דעם זעלבן אָוונט, אַ פּאָר שעה שפּעטער ווי רינה איז אַריין אָן אויפֿגעטרייסלטע צו דער מוטער און געבעטן טרינקען, האָט חנה נישט געוואַרט אויף יואלן, איז אַריין אַליין אין שלאָף־צימער, אַנגעצונדן דאָס לעמפּל אויף איר נאַכט־שענקל און זיך אַוועקגעזעצט. זי האָט אַ קוק געטאָן אין דעם שאַנק־שפּיגל איר אַנטקעגן און די הענט אירע זענען אַראָפּגעפֿאַלן אָנמעכטיק.

יואל האָט איבערקאָנטראָלירט אַלע טירן אין הויף, צי זיי זענען פֿאַרשלאָסן און איז אַריין אין שטוב. עס איז געווען שטיל. יואל האָט געמיינט, אַז אַלע שלאָפֿן שוין. ער האָט שטיל געעפֿנט די טיר פֿון שלאָפֿצימער און איז געבליבן איבערראַשט:

— וואָס איז געשען?

חנה האָט אַ טרייסל געטאָן מיטן קאָפּ אַן איבערראַשטע און זיך אָפּגעווישט די טרערן.

— איך בין שוין אַלט, דאָס אַלץ איז שוין נישט פֿאַר מײַנע כּוחות — האָט זי זיך באַקלאָגט פֿאַר אים.

— וואָס איז געשען? — האָט ער נאָך אַ מאָל געפרעגט ווי ער זאָל שלינגען די ווערטער.

אַ ווײַלע האָבן בײדע געשוויגן. אײנער האָט געוואַרט דער צווײטער זאָל רעדן. מיט אַ מאָל האָט ער אַ זאָג געטאָן:

— אונדזער בעכער איז שוין פֿול.

חנה האָט נישט געענטפֿערט. איר בליק איז געווען שטאַר. יואל האָט איצט ווײַטער גערעדט, אָפּגעהאַקט, פּאַמעלעך, ווי פֿון ווײטאָג:

— אַ שטילער מענטש, אַ גוטער אַרבעטער...

אין דער רגע האָבן בײדע זיך אָנגעקוקט. זײערע אויגן זענען געווען טרויעריק. זײ האָבן זיך מגלה געווען דאָס, וואָס זײ האָבן די גאַנצע צײַט פֿאַרשוויגן.

דוד האָט געאַרבעט מיט אימפּעט, אָבער ווי פֿון כעס, אָן ווילן. ער האָט איצט נישט געגלעט אַ בהמה ווען זי האָט אים תמימותדיק אָנגעקוקט. די ייִנגלעך האָט ער אויסגעמיטן, כאָטש זײ זענען געשטאַנען און געוואַרט, ער זאָל צו זײ רעדן. זײ האָבן נישט פֿאַרשטאַנען פֿאַר וואָס דוד איז מיט זײ ברוגז.

זײַן בליק איז געווען אַ פֿאַרטראָגענער. ער איז געווען קאָנצענטרירט אין זיך, געטראַכט. געווען טעג, ווען ער האָט נישט געביטן זײַנע מלבושים און זיך נישט ראַזירט. ער האָט געפּרוּווט זיך דערווײַטערן פֿון די מענטשן, מיט וועלכע ער האָט געלעבט צוזאַם. אפֿילו בײַ דער אַרבעט האָט ער געמאַכט דעם אָנשטעל, אַז ער הערט נישט ווען יואל האָט אים געפֿרעגט: „אפֿשר בײַטן מיר זיך, און איך מעלק דײַנע קי?" ער האָט געוואָלט איבערברעכן זײַן שווײַגן.

ווען דוד איז געזעסן בײַם טיש האָט ער נישט געזען ווי חנה האָט אים אונטערגעשטעלט אַ טעלער געקעכטס. ער האָט זיך געבונטעוועט קעגן רינהן. ער האָט נישט געוואָלט, זי זאָל אים נאָכקוקן. אים האָט געאַרט פֿאַר וואָס זי אינטערעסירט זיך מיט אים. ער האָט נאָך אַלץ געטראַכט, אַז ער איז דער אײנציק געבליבענער פֿון זײַן פֿאַרניכטעטער משפּחה, וועגן וועלכער ער איז מחויב טרויערן, זײ באַוויינען. נישט אײן מאָל איז ער שטײן געבליבן אַ פֿאַרטראַכטער און דערנאָך אַ זאָג געטאָן זיך אויפֿן קול: „איך נעם די וואַליזע און גײ ווו די אויגן וועלן מיך פֿירן".

ער איז שוין אָבער דערצו נישט מסוגל געווען. אים האָט צוריקגעהאַלטן דאָס אומבאַוווּסטע, ווהין וועט ער גײן?

אָבער פּאַקטיש האָט ער נישט געוואָלט אַוועק פֿון די רחביהס, פֿון די מענטשן, וואָס האָבן אים אומגעקערט זײַן ווירדע. אָבער ווען ער האָט אַ טראַכט געטאָן וועגן רינהן, האָט ער גענומען גײן שנעל אַפֿילו ווען ער איז געווען אין מיטן אַן אַרבעט. זײַן געמיט איז געווען אויפֿגעבראָזט. ער האָט געפֿילט דעם פּולס אין זײַנע שלײפֿן, די בלוט־צירקולאַציע אין די שפּיץ פֿינגער. געווען נעכט, אין וועלכע ער איז נישט אײַנגעשלאָפֿן. ער איז געלעגן מיט אָפֿענע אויגן ביז דער מאָרגן האָט אָנגעהויבן גרויען.

אין די נעכט, אין וועלכע ער האָט געחלומט, האָט ער איצט נאָר גערעדט פֿון שלאָף. ער האָט שוין נישט געשריגן. אין חלום האָט ער אויך שוין צונויפֿגעמישט

זײַן איצטיקן דאָ מיט זײַן אַ מאָל דאָרט. ער האָט גערעדט אָפּגעהאַקטע ווערטער: „באָדן... פֿאַרזאָרגט.. אָפּעסן... פֿאָרן אין פֿעלד...". אין די נעכט, ווען ער האָט נאָך יאָ אַ שרײַ געטאָן „קום! גיי! אַנטלויף!" איז ער אויפֿגעקומען. ער האָט זיך אויפֿגעזעצט און געהאָרכט. ווען ער איז געווען זיכער, אַז אַלע שלאָפֿן איז ער אַראָפּ פֿון בעט, אײַליק זיך אָנגעטאָן און שטיל, אויף די שפּיץ פֿינגער, אַרויס פֿון שטוב. ווען ער האָט אַ סקריפּ געטאָן מיט אַ טיר, האָט רינה זיך אויפֿגעוועקט. זי האָט געהערט זײַנע טריט וואָס האָבן זיך דערווײַטערט.

ער האָט געשפּאַנט איבער די פֿעלדשטעגן, דאָס העמד צעכראַסטעט, מיט אַן אָפֿן מויל און געפֿרײַכט. ער האָט געשפּרײַזט אַ פֿאַרזונקענער אין די מחשבות און אַפֿילו נישט געהערט דעם אָפּהילך פֿון אַ שאָס אין דער ווײַט, דעם קוויטש פֿון אַ פֿאַרבײַגעפֿלויגענעם איבערגעשראָקענעם פֿויגל. ער האָט אויך נישט געזען די האָזן און מײַז, וואָס זענען פֿאַרבײַגעלאָפֿן. ער איז געווען פֿאַרטאָן מיט זיך, געוואָלט געפֿינען אַ תשובה אויף די פֿראַגן, וואָס האָבן אים געמאַטערט. יעדעס מאָל, ווען ער האָט געטראַכט וועגן זײַן לאַגע איצט, זענען אים געקומען אויפֿן געדאַנק ווערטער, וועלכע זײַנע ליפּן האָבן נישט אַרויסגערעדט. „זיי ליגן אין דער ערד, איך לעב".

די פֿאַרגאַנגענע נאַכט האָט אַ קנאַק פֿון אַ טיר איבערגעוועקט רינהן. דאָס האָט דוד אומפֿאָרזיכטיק געעפֿנט זײַן טיר. זי איז אַראָפּ פֿון בעט אַ דערשראָקענע און אַ באָרוועסע אַרויס אויפֿן קאָרידאָר. דוד איז שטיין געבליבן איר אַנטקעגן. די פֿינצטערניש האָט זיי אָפּגעשיידט. ער האָט געזען איר געשטאַלט. זי האָט געהאַט אויף זיך אַ בלויע, געבלומטע פּיזשאַמע. איר לינקע ברוסט איז געווען אָפּגעדעקט. זײַנע נאָז־לעפֿלעך האָבן אַ פֿלאַטער געטאָן. ער האָט געפֿילט איר קערפּער. זי האָט אים געזען. ער איז געווען מעכטיק. זײַן שאָטן האָט אים גרויס געמאַכט. „גיי שלאָפֿן" — האָבן אירע ליפּן אַ פֿלויש געטאָן. אַ צײַט לאַנג איז געווען שטיל. ביידע האָבן געשוויגן. אַ ווײַלע שפּעטער איז ער צוריק אַרײַן אין שטוב און פֿאַרמאַכט די טיר הינטער זיך. ער האָט זיך אונטערגעגעבן איר פֿאַרלאַנג.

רינה איז אַרײַנגעלאָפֿן צו זיך אין צימער און זיך אַרויפֿגעוואָרפֿן אויפֿן געלעגער. איר קערפּער האָט געגליט. איר אָטעם איז געווען הייס און קורץ. זי איז געלעגן ווי אַ קראַנקע, אויך נישט געטראַכט. זי האָט נישט געקאָנט צונויפֿנעמען אירע געדאַנקען. די פֿינצטערניש איז געלעגן אויף איר. ווען זי האָט זיך באַרויִקט האָט זי זיך אויפֿגעזעצט און פֿאַררוקט אירע הענט צווישן די קני. שטיל. זי אַליין האָט נישט געהערט אירע רייד נאָר אירע ליפּן האָבן אַ פֿלויש געטאָן: „פֿאַר וואָס האָב איך אים אויפֿגעפֿאָדערט ווי אַ ייִנגל?" אַ סך פּשוטער האָט זי זיך געפֿרעגט: „וואָס אינטערעסירט ער מיך?", „וואָס איז מיר?" פֿון איין פֿראַגע ביז דער אַנדערער האָט אויך געדויערט. אַ פּחד איז זי באַפֿאַלן. זי האָט זיך דערשראָקן פֿאַר זיך און פֿאַר אירע רייד. זי האָט זיך צוריק אַרײַנגעוואָרפֿן אין בעט.

די פֿינצטערניש איז געווען געדיכט ווי אַ לאַבירינט, וועלכן זי האָט נישט געקאָנט אַדורכקוקן. זי האָט געוואָלט שלאָפֿן און נישט געקאָנט. זי האָט אַרונטער־

געלייגט זיך דאָס קישן אונטערן קאָפּ און באַלד עס צוריק אָפּירגענומען. זי האָט פּאַרקנעפּלט אויף זיך די פּיזשאַמע און צוריק זי אויפגעקנעפּלט. זי האָט זיך איבערגעלייגט פון איין זייט אויף דער אַנדערער און נישט געקאָנט איינשלאָפן.

דער טאָג האָט קוים אָנגעהויבן גרויען. זי האָט קוים אונטערשיידט די קאָנטורן פון איר בעט. זי איז אַראָפּגעשפּרונגען פון געלעגער און גענומען זיך אָנטאָן. אַן אָנגעטוענע איז זי שטיל אַרויס פון שטוב, קיינער זאָל נישט הערן. אין דרויסן האָט זי אָפּגעאָטעמט. דער קילער מאָרגן האָט זי אָפּגעפרישט און זי באַפרייט פון איר נאַכט־קאָשמאַר. זי איז געגאַנגען פּאַמעלעך, ווי זי זאָל שפּאַצירן. פאַרבייגייענדיק דעם בלומען־קלאָמב האָט זי אָפּגעריסן דריי רויטע גערבערעס און איז אַרויס אויף דער גאַס.

זי האָט זיך כסדר אומגעקוקט, צי עס זעט נישט ווער וווהין זי גייט. זי איז געגאַנגען מיט די פעלד־שטעגן, וואָס זענען איר באַקאַנט געווען און זיך געזעטיקט מיט דער מאָרגן־פרישקייט. ווען זי איז צוגעקומען צום בית־עלמין, האָט זי זיך נישט פאַרהאַלטן. זי האָט זיך נאָר אומגעקוקט, צי זי איז אַליין און ווייטער געגאַנ־גען. ביים קבר איז זי שטיין געבליבן אַ געבוקטע מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ ווי אַן אונטערגעבראָכן ביימל. שפּעטער האָט זי די בלומען אויסגעלייגט איבערן קבר.

זי האָט אויפגעהויבן די אויגן. זיי זענען געווען פייכט און זי האָט ווי דורך אַ פאַרצויגן הייטל געלייענט דעם אויסגעקריצטן אויף דער מצבה נאָמען: יהודה בן שרגא. אירע אויגן־לעפּלעך האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט. זי האָט זיך אָפּגעגרענעצט פון דער אַרומיקייט, געוואָלט זיך דערמאָנען, זען די געשטאַלט, וואָס האָט אַזוי געהייסן און איז געווען איר מאַן.

זי האָט זיך אָוועקגעזעצט אויפן ראַנד פון קבר, געשוויגן און געציפּט די בלעטלעך פון די געוויקסן־שטענגלעך, וואָס זענען געוואַקסן ביים קבר. די געשע־ענישן פון זייער אַמאָליק בשותפותדיק לעבן זענען אויפגעשוווּמען אין איר זכרון און זיך פונאַנדערגעוויקלט פאַר איר.

מיט אַ מאָל איז זי אויפגעשפּרונגען. אירע אויגן זענען געוואָרן בולט ווי זיי זאָלן אַרויסקריכן פון די לעכער. זי האָט דערזען דודן אַזוי ווי זי האָט אים געזען ביינאַכט אין דער פינצטער.

אַן איבערגעשראָקענע פון איבערראַשונג האָט זי זיך אַרומגעקוקט ווי זי זאָל זוכן אַן אויסוועג, אַ רעטונג. זי האָט געזען די לויטערע טוי־טראָפּנס, וואָס האָבן אין משך פון דער נאַכט זיך אָנגעזעצט אויף יעדן בלעטל און דערהערט דאָס פויגל־געזאַנג, וואָס איז געקומען פון די צווייגן.

זי האָט גענומען גיין צוריק. אירע באַקן זענען געווען נאַס, זי האָט אָבער נישט געפילט, אַז טרערן רינען איר פון די אויגן.

# כה

דער הימלבלוי איז פון טאָג צו טאָג געוואָרן טונקעלער און פאַרדעקט די זון. פון מאָל צו מאָל האָט אַן אָנגעיאָגטער ווינט פון ים פונאַנדערגעטראָגן אַ קילקייט. די טעג זענען כסדר גרויער געוואָרן, די לופט געדיכטער.

היינט זענען די ווינטן געווען אַ סך שטאַרקער ווי ביז איצט. דוד איז עטלעכע מאָל אַרויס אויפן הויף, איין מאָל מיט אַ גאָפּל, דאָס צווייטע מאָל מיט אַ שטריק, דערנאָך איז ער געקומען מיט אַן עמער, איז אַרויס אין הויף ווי צו אַן אַרבעט, אָבער יעדעס מאָל האָט ער זיך נאָר אומגעקוקט, ווי ער זאָל עפּעס זוכן און באַלד צוריק אַריין אין שטאָל.

רינה האָט זיך געפּאָרעט ביי די הינער און איז כסדר צוגעגאַנגען צו אַ פענצטער און דורכן באַשטויבטן שייבעלע אַ קוק געטאָן אין הויף אַריין. זי האָט איר אַרבעט געהאַט שוין אָפּגעטאָן. אַ דעמפּיקער תבואה־ריח האָט אויסגעפּילט דעם חלל פון דער שטייג. די הינער זענען געשטאַנען מיט אויסגעצויגענע העלדזער. פון מאָל צו מאָל האָט אַ הון אַ פּיק געטאָן אַ קערנדל און איילִיק עס אַראָפּגע־שלונגען. אַ דורשטיקע הון האָט איינגעטונקען דעם שנאָבל אין טעלער מיט וואַסער און יעדעס מאָל אַ צי געטאָן דעם קאָפּ צוריק, ווי זי זאָל האָבן אַרויסגע־כאַפּט פון טעלער דעם טראָפּן וואַסער. די זאַטע הינער האָבן געצויגן זייער ניגון און ווען איינע פון די הינער איז מיד געוואָרן, איז זי שטיין געבליבן אויף איין פוס און מיט פאַרמאַכטע אויגן.

ביי דער טיר אין דער זייט איז געשטאַנען אַ קויש מיט אייער אָבער זי האָט אים נישט אַוועקגעטראָגן. זי האָט געוואַרט. איר האַרץ האָט געטיאַכקעט, איר אָטעם איז געווען אַ שנעלער. יעדעס מאָל ווען דוד איז אַרויס פון שטאָל האָט זי אים געזען. זי האָט מיט אירע חושים געפילט, אַז ער זוכט זי, האָט געוואָלט צו אים אַרויסגיין, אָבער נישט געהאַט קיין מוט.

מיט אַ מאָל האָט זי אויפגעפּראַלט די טיר און ווען זי האָט איבערגעשפּרייזט די שוועל, האָט זי דערזען, אַז דוד איז ווידער אַרויס פון שטאָל. זי איז אים נאָכגעגאַנגען.

— שלום! — האָט ער זיך אָנגערופן און אַרויפגעלייגט זיין אויסגעאַרבעטע האַנט אויף איר.

— אָה! — איז אין איר קרעכץ געווען אי ווייטאָג און אי אַ פאַרוווּנדערונג פון זיין דרייסטקייט און נחת־רוח גלייכצייטיק.

אַ ווײַלע זענען זיי געשטאַנען זיך אַנטקעגן. ער האָט געקוקט אויף איר ווי ער זאָל וועלן איר עפּעס זאָגן און געשוויגן. זיינע גרויע אויגן האָבן געגלימערט ווי געשליפענער שטאָל. זי האָט געפילט איבער זיך זיין הייסן אָטעם און געקוקט אַראָפּ. זי האָט זיך אַראָפּגעבויגן און אַפּירגענומען איר אַקסל פון אונטער זיין האַנט. אַ ווײַלע איז זיין האַנט געבליבן אין דער לופט.

זי האָט געוואָלט אַוועקגיין, אָבער געפילט, אַז ער וויל איר עפּעס זאָגן. זי האָט געוואָלט ער זאָל רעדן, זיך אויסרעדן פאַר איר און זי האָט געוואַרט. זיי האָבן זיך געפונען נעבן שטרוי־שייער. די פּעק שטרוי זענען געווען אָנגעשטאָפּלט ווי שטיגן, וואָס האָבן געפירט אַרויף. זי האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ פּאַק שטרוי און האָט געוואָלט, ער זאָל זיך צו איר צוזעצן.

ער האָט זיך אָנגעלענט מיטן רוקן אין אַ הילצערנעם סטאָלב, ווי ער זאָל אים אונטערשפּאַרן. זיין בליק איז געוואָרן אַ משונהדיקער. ער האָט געגליט ווי אַ טליִענדיקער פונק. ער האָט אַ קריץ געטאָן מיט די ציין, ווי ער זאָל קרישלען אַ שטיין און ער האָט אַ זאָג געטאָן:

— געדאַרפט פאַרשטיין און נישט קומען אַהער.

זי האָט אים אָנגעקוקט מיט גרויסע אויגן פול פּחד און געשאָקלט מיטן קאָפּ אויף ניין.

ער האָט נישט פאַרשטאַנען וואָס איר ניין באַדייט.

ער האָט געזאָגט:

— איר דאַרפט אויף מיר נישט זיין בייז. דער מענטש זוכט נאָענטקייט און מיינט, אַז ער געפינט... ווען מ׳האָט עמעצן ליב, איז דאָס גליק אַזוי גרויס, אַז עס פילט אויס דאָס גאַנצע לעבן. גייט עס אַוועק, פאַרלירט מען אַלץ, אַפילו דעם זין ליב צו האָבן...

עס האָט אים אויסגעפעלט אָטעם און ער האָט געעפנט דאָס מויל ווי אַ פיש אויף דער יבשה און שטיל גערעדט:

— נישט אויסגעהאַלטן... וואָס האָב איך געמאַכט פון מיין לעבן ?... עס ווילט זיך האָבן עפּעס אייגנס, עס זאָל כדאי זיין צו לעבן, עס זאָל האָבן אַ זין...

רינהן האָט זיך אויסגעוויזן, אַז זי הערט אין זיינע שטילע רייד דעם פאַר־צווייפלטן געשריי פון אַ מענטש, וואָס איז געבליבן איינזאַם אויף אַ ווייטן, פּוסטן שטח. אין זיינע אויגן איז געווען טרויער, געבעט.

זי איז געזעסן אַ צונויפגעקאָרטשעטע און מיט פאַרביסענע ליפּן. יעדעס מאָל ווען ער האָט אַ רעד געטאָן האָט זי געהערט מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם. זי האָט געוואָלט יעדעס מאָל אים ענטפערן. זי האָט נישט געוואָגט. זיינע רייד האָבן זי אַרויסגעפירט פון די כלים. אַלץ אין איר האָט געוויינט אָן טרערן.

איר אויסזען האָט אים גערירט. ער האָט נישט געקאָנט איבערטראָגן איר צער, האָט געוואַרט, געוואָלט זי זאָל רעדן. איר שווייגן האָט געזויגן דאָס בלוט פון זיין האַרצן.

אָן אָנגעטראָגן ווינטל האָטביידן אַ שמיץ געטאָן אין די פּנימער און אויף אַ ווייַלע אָפּגעפרישט די טוכלעקייט פונעם אָפּגעלעגענעם שטרוי. זי האָט אויפגע־הויבן די אויגן, אים אָנגעקוקט. ער איז געשטאַנען געבויגן, ווי ער זאָל אויף זיך האָבן אַ משא. זיין בלאָנדע טשופּרינע איז געווען צעשויבערט, זיין העמד צע־כראַסטעט און דאַך האָט פון אים געשפּאַרט מענערישע קראַפט. זי האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן אַ פאַרשעמטע. זי האָט זיך געשעמט פאַר זיך אַליין פאַר וואָס זי זעט

אים אין דעם מצב. איר האָט אויך פאַרדראָסן פאַר וואָס זי הערשט נישט איבער זיך. זי איז אויפגעשטאַנען, געוואָלט גיין. זי איז אָבער צוגעגאַנגען צו אים, אים אָנגענומען ביי דער האַנט, געוואָלט ער זאָל גיין מיט איר.

— דער מענטש דאַרף האָפן — האָט זי געזאָגט. אירע אויגן זענען געווען פול רחמנות — צו דער פינצטערסטער נאַכט נעמט אויך אַ סוף.

זיין בלוט איז איצט געפלאָסן אין ברייטע, רויִקע שטראָמען, די חושים זענען געווען קלאָרע, אָבער דאָס לשון איז ווי אָפּגענומען. ער האָט געזוכט די ווערטער, וואָס זאָלן אויסדריקן אַלדאָס אָנגעזאַמלטע אויף זיין נשמה. ער האָט געפילט אַ שטאַרקע באַדערפעניש צו רעדן:

— אַן איינציקער זון פון אַ וואַלד־סוחר, אַן אַדוואָקאַט, וואָס איז מצליח. אַ מאַן און טאַטע פון אַ ליב און האַרציק ווייב, אַ זון און אַ טאָכטער. געקומען די מלחמה, אַלע אַוועקגענומען אין די לאַגערן און זיי אומגעבראַכט, געבליבן עלנט. דערנאָך אַליין געשפרונגען פון וואַגאָן, געבלאָנדזשעט איבער פעלדער. פּויערים האָבן מיך געכאַפּט און איבערגעגעבן דער פּאָליציי. אין לאַגער האָב איך פאַרשריבן וויפל יידן מען האָט יעדעס מאָל געבראַכט...

ער האָט אַ העשע געטאָן, אָבער זיך גלייך באַהערשט, פאַרשטיקט אין זיך דאָס געוויין. ער האָט נישט געקאָנט ברענגען איבער זיינע ליפּן די לעצטע ווערטער „צום פאַרברענען״. אַ צייט שפּעטער האָט ער אָנגעקוקט רינהן, זיין בליק איז געווען וואַנזיניק. ער האָט געוואָלט זיך איבערצייגן צי זי האָט אים געהערט.

זי האָט געהערט יעדעס וואָרט זיינס. זי האָט געוואָלט וויינען, שרייען, צולויפן, אים אַרומנעמען, אָבער זי האָט זיך נישט געקאָנט רירן פון אָרט, האָט אים נישט געקענט ענטפערן אויף זיין פרעגנדיקן בליק, צי זי הערט אויס זיינע ווערטער, וואָס ער האָט אַרויסגעריסן פון די נשמה־פאַרבאָרגענישן. ער האָט זיך אויסגע־דרייט און אַוועקגעגאַנגען, מיט וואַקלדיקע טריט, ווי ער זאָל טראָגן אויף זיך אַ שווערע משא.

זי איז זיצן געבליבן מיט אויסגעגלאָצטע אויגן. אין האַלדז האָט איר געשטיקט און זי האָט זיך קוים אויפגעשטעלט, אים נאָכגעגאַנגען. אירע טריט זענען געווען דראָבנע און פאַמעלעכע און אין גאַנצן איז זי געווען צונויפגעקאָרטשעט, ווי עס זאָל איר קאַלט זיין.



רינה איז געלעגן אין בעט מיט אָפענע אויגן. זי האָט געוואָלט איינדרימלען, אָבער די אויגן האָבן זיך איר נישט פאַרמאַכט. זי האָט געפילט איר יעדן אבר. אירע שלייפן האָבן געהאַמערט. זי האָט זיך איינגעהאָרכט, געוואָלט וויסן אונטער וועלכן פענצטער מיאַוקעט די קאַץ. זי איז געלעגן אויפן רוקן ווי צוגעשמידט צום בעט און מיט אָפענע אויגן געקוקט אין דער פינצטערניש.

זי האָט אויפגעציטערט דערהערנדיק אַ לייכטן גערויש און אירע חושים זענען

מיט אַ מאָל וואַך געוואָרן. אַ טיר האָט אַ סקריפּע געטון און זי האָט דערהערט באָרוועסע טריט. די שאָרכן זענען געקומען אַלץ נענטער. זי האָט געהערט איר אָטעם און איר אייגן פּולסירנדיק האַרץ. זי איז אַראָפּגעשפּרונגען פון בעט און מיט אימפּעט אַרויס אויפן קאָרידאָר. אירע אויגן האָבן זיך איינגעקוקט אין דער פינצ־טער. זי האָט דערזען דודן. אַ רגע האָט איינער אָנגעקוקט דעם אַנדערן, ווי זיי זאָלן זיך רופן און געמומען גיין איינער צום אַנדערן: זי מיט קליינע טריט און אויסגעשטרעקטע הענט, ער מיט פאַרביילטע פויסטן. זייערע פּנימער זענען געווען אַזוי נאָענט, אַז זייערע אָטעמס האָבן זיך אַרומגעזוכט און זיך נישט געקאָנט געפינען אין דעם פינצטער.

זיי זענען שטיין געבליבן זיך אַנטקעגן, אָבער נאָר אויף אַ רגע. ער האָט אויסגעשטרעקט די אָרעמס, זיי האָבן זיך שווייגנדיק, אָן איין וואָרט אַרומגענומען און מיט כּוח צוגעדריקט צו זיך.



